עמיל זאלא

# צווייפיסיקע חיה

יידיש: מ. זאמעטקין

---

ארויסגעגעבן:
פארלאג „קולטור-ליגע" — פארלאג „די וועלט"
ווארשע

דאָס בוך ווערט געדרוקט פון פאַרטיקע
מאַטריצן, באַקומענע פון אַמעריקע. דער־
מיט דערקלערט זיך די אַלטע אָרטאָגראַ־
פיע, ווי אויך די „אַמעריקאַניזמען“ אין
דער שפּראַך פון בוך.

Printed in Poland

Em. Zola. Człowiek zwierzę

Wyd. Kultur-Liga i „Di Welt“

Warszawa 1927

Drukarnia Di Welt Nowolipie 7

## .I

ארייננקומענדיג אין שטוב אריין, האָט רובאָ אוועקגעלעגט אויפ'ן טיש דאָס פונט ברויט, א קוכען און אוועקגעשטעלט א פלאַש ווייסען וויין. אָבער אין דער פריה נאָך האָט די מומע וויקטאָריאַ, איידער זי איז אוועק צו איהר פּאָסטען, אונטערגע־וואָרפען, קענטיג, אזוי פיעל קוילען אין אויווען אריין, אז ס'איז געווען אַ אונערטרעגליך שטיקענדע היץ. און דער ארויסהעלפער פון דעם סטאַנציאָן־מייסטער האָט געעפענט דאָס פענסטער און האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף די עלענבויגענס.

דאָס איז געווען אויף דעם סקווער אמסטערדאם, אין דעם לעצטען הויז, רעכטס, אין דעם הויכען הויז, וואו די וועסט־אייזענבאַהן קאָמפּאַניע האָט געהאט צימערען פאר איינינגע פון איהרע אָנגעשטעלטע. דאָס פענסטער אין דעם פינפטען שטאָק, אין ווינקעל, אונטער דעם פוקלען מאַנסאַרד־דאַך, האָט ארויס־געקוקט אויף די געביידע פון באַהנ־האָף — דיעזע ברייטע גרוב, וואָס שניידט דורך דעם קווארטאל „איראָפּ“ און עפענט אויף פאר'ן אויג אַ ווייטען האָריזאָנט, וועלכער האָט אין יענעם טאָג אין פעברואר אויסגעזעהען נאָך גרעסער איבער דעם גרויסען הימעל, וואָרים און פייכט, בעגאָסען מיט זונען־שטראהלען.

אַנקעגען, פון יענער זייט סקווער, האָבען זיך אין די זונען־שטויב קוים ארויסגעזעהען די דונקעלע צומישטע געשטאַלטען פון די הייזער אויף דער גאַס דע־ראָם. לינקס, האָבען זיך אונטער די פאָרהאַנגען פון די מיט גלאָז בעדעקטע פּאַקהייזער געלאָזט זעהען די ריעזען גרויסע האַלב־זאַלען מיט זייערע פאררויכערטע גלעזערנע ווענט; און מעהר פון אַלץ האָט זיך אין די אויגען געוואָרפען דאָס אונגעהייער גרויסע פּאַקהויז פון די גרויסע אייזענ־באַהנען, וואָס די פּאָסט־הויז און די הייצונג־געביידעס האָבען כמעט אָבגעזונדערט פון די אַנדערע קלענערע פּאַק־הייזער פון ארזשאַנטייל, ווערסייל און די אָרטיגע „גארטעל“ באַהן; רעכטס

וויעדער געפינט זיך דער בריק דע ל׳איראָפּ; ווי אַן אייזערנער שטערן שניידט ער איבער די לאַנגע גרוב, וועלכע בעוויזט זיך ערשט עטוואָס ווייטער און פארציהט זיך ווייט־ווייט אוועק ביז׳ן טונעל פון באַטיניאָל. אונטען, כמעט שוין גאָר אונטער׳ן פענסטער, פארנעמענדיג דעם גאַנצען גרויסען פּלאַץ, ציהען זיך דריי דאָפּעל־וועגען, וועלכע קומען ארויס פון אונטער דעם בריק און טיילען זיך פאַנאַנדער און צושיידען זיך ווי א פאָכער, וואָס זיינע אונצעהלבארע מעטאַלישע פינגער ציהען זיך אריין אין די וואָקזאַלען. די דריי טהורמס פון די רעלסען־קירעוועער, נעבען די אַרקעס, האָבען אַרום זיך זייערע קליינינקע, יעצט הוילע, גערטענדלעך. אין דער מישעניגע פון וואַגאָנען און לאָקאָמאָטיווען, וואָס האָבען פארנומען די ליניען, האָט אין דעם בלאַסען שיין פון טאָג געגלינצערט אַ גרויסער רויטער סיגנאַל־טאַץ.

געגען אַ מינוט איז רובאָ געווען פעראינטערעסירט אין דעם גאַנצען בילד, פערגלייכענדיג עס, אין געדאנקען, מיט זיין באַהן־הויף אין האַוור. יעדען מאָל, וואָס ער פלעגט אזוי קומען קיין פּאַריז אויף איין טאָג, און איינשטעהן ביי דער מומע וויקטאָריאַ, פלעגט איהם זיין ליעבע צו זיין פּראָפעסיאָן ניט לאָזען בלייבען ניט פעראינטערעסירט.

אין דעם הויף פון די הויפּט־וועגען האָט דער אָנגעקומענער צוג פון מאַנט אויפגערודערט דעם פּאַסאַזשיר צוגאַנג. רובאָ האָט מיט די אויגען נאָכגעקוקט די מאַנעוורעס פון די קליינינקע בעדינענדע דאַמפּף־מאַשין, אויף דריי ניהדרגע דאָפּעל־רעדער, ווי זי צונעמט אויף שטיקלאך דעם צוג און, בלאָזענדיג און פייפענדיג און שטאַרק בעשעפטיגט, פיהרט זי פונאַנדער די וואַגאָנעס און צושטעלט זיי אויף די זייטיגע רעלסען. אַ צווייטע דאַמפּף־מאַשין, זעהר אַ גרויסע, דער לאָקאָמאָטיוו פון שנעל־צוג, מיט צוויי מעכטיגע רעדער, איז זיך געשטאַנען איינער אַליין, ארויסדוכענדיג פון קוימען אַ גרויסען שוואַרצען רויך, וואָס האָט זיך פּאַמעלאַך און גלייך געהויבען אין דער שטילער לופט. אָבער רובאָ׳ס גאַנצע אויפמערקזאמקייט איז געווען געווענדעט בלויז אויף דעם צוג, וואָס געהט אָב דריי א זייגער מיט פינף־און־צוואַנ־

ציג מינוט קיין קאָנן; דער צוג איז שוין געווען פול מיט פאַ־סאַזשירען און האָט געווארט אויף איין לאָקאָמאָטיוו, וועלכען מ'האָט אָבער ניט געקענט זעהען, ווייל ער איז געשטאַנען פון יענער זייט בריק דע ל'איראָפּ; רובאָ האָט בלויז געהערט, ווי דער לאָקאָמאָטיוו פאָדערט מען זאָל איהם לאָזען דעם וועג פריי, פייפענדיג אָפּט און ניט שטארק, ווי אַ מענש וואָס פערליערט דעם געדולד. מ'האָט צו איהם אַ געשריי געטהון, דער לאָקאָמאָ־טיוו האָט מיט אַ קורצען פייף געענטפערט, אַז ער האָט פער־שטאַנען דעם סיגנאַל. איידער ער האָט זיך אַ ריהר געטהון, איז מיט אמאָל געוואָרען שטיל, און דערנאָך האָט ער געעפענט זיינע קלאַפּאַנעס, און דער דאַמפּף האָט זיך מיט אַ פאַרהילכענדע פייפעריי אַ לאָז געטהון ביי דער ערד. רובאָ האָט בעמערקט, ווי דיעזער פאַנאַנדער־קריכענדער ווייסער דאַמפּף, ווי עפּעס שטי־קער שנעע, האָט איינגעוויקעלט דעם בריק און איז אוועקגעפלויגען דורך די אייזערנע שטאַנגען. אַ גאַנצער ווינקעל פון סקווער איז פון איהם ווייס געוואָרען, און די צווייטע דאַמפּף־מאַשין האָט מיט איהר אַלץ גרעסער ווערענדען רויך אַלץ פאַרצויגען ווי מיט אַ צודעק. פון הינטען האָט זיך געהערט אַ פאַרהילכענדע, לאַנגע פייפעריי, די געשרייען פון די בעפעהלע און דאָס שטויסען פון די דרעה־צירקלען. אַז ס'איז געוואָרען עטוואָס קלאָרער, האָט רובאָ, אין דער ווייטענס, דערזעהן איין צוג פון ווערסייל און אַ צווייטען פון אָטייל; זיי זיינען געגאַנגען איינער צו דעם אַנדערען, און האָבען זיך איבערגעשניטען דעם וועג, איינער גע־הענדיג אַרונטער און דער צווייטער אַרויף.

רובאָ האָט שוין געוואָלט אוועק געהן פון פענסטער, ווען אימיצען'ס אַ שטימע האָט איהם אַ רוף געטהאָן ביים נאָמען. ער האָט זיך אַרויסגעבויגען פון פענסטער. ער האָט דערקענט אונ־טען אויפ'ן באַלקאָן פון פירטען שטאָק אַ יונגען מאַן פון אַ יאָהר דרייסיג, דעם אויבער־קאָנדוקטאָר, האַנרי דאָווערן, וועלכער האָט דאָ געוואָהנט צוזאמען מיט זיין פאָטער, אַן ארויסהעלפער פון דעם סטאַנציאָן־מייסטער פון די הויפּט־ליניען, מיט זיינע צוויי שוועסטער, קלארא און סאָפיע, צוויי שעהנע בלאָנדינען, אַכטצעהן

און צוואנציג יאהר אלט. די צוויי שוועסטער האבען אין מיטען זייער אפטע פרעהליכקייט געפיהרט זייער באלעבאטישקייט אויף די זעקס טויזענד פראנק, וואס דער טאטע מיט'ן ברודער האבען פערדיענט. ס'האט זיך געהערט ווי די עלטערע לאכט, די אינגערע זינגט און די טראפישע פויגעלאך, פארשפארט אין זייער שטייגעלע, האבען קאנקורירט מיט זייער געזאנג.

— א, מוסיע רובא, איהר אין פאריז?... גאר פארגעסען, איהר האט דאך עפעס א קריעג מיט'ן סוב־פרעפעקט...

און ווידער אנשפארענדיג זיך מיט זיינע עלענבויגענס אויפ'ן פענסטער, האט דער ארויסהעלפער פון דעם סטאנציאן־מייסטער דערצעהלט דעם יונגען מאן, אז ער איז היינט אין דער פריה, זעקס א זייגער און פערציג מינוט, ארויסגעפאהרען פון האוור מיט דעם שנעל־צוג. איהם האט ארויסגעפאדערט קיין פאריז דער בעפעהל פון דעם הויפט־פערוואלטער, און מ'האט איהם דא נישט קשה'דיג אנגעריבען די זייטען. — אבי, צום גליק, פון דער שטעלע ניט אבגעזאגט.

— און אייער פרוי? — האט האנרי געפרעגט.

די פרוי האט אויך געוואלט קומען צופאהרען עפעס איינקויפען. דער מאן האט אויף איהר געווארט אין דעם צימער, און דעם שליסעל פלעגט איהם די מומע וויקטאריא דערלאנגען יעדעס מאל, ווען ער פלעגט קומען. דא פלעגען זיי ליעב האבען צו עסען פרישטאק צוזאמען אונגעשטערט, און די פיינע מומע פלעגט בלייבען אונטען אויף איהר פאסטען, אין דעם טואלעט־זאל פיר דאמען. היינט האבען די מאן־און־פרוי בלויז עפיס איבערגעכאפט אין מאנט, ווייל זיי האבען בעשלאסען פריהער צו ענדיגען וואס זיי האבען בעדארפט. דער זייגער האט שוין אבער געקלונגען דריי און רובא איז געוועזן טויט־הונגעריג.

אוים העפליכקייט האט האנרי געפרעגט נאך עפיס.

—איהר בלייבט נעכטיגען אין פאריז

ניין, ניין! זיי פאהרען נאך היינט צוריק קיין האוור מיט דעם שנעל־צוג, וואס געהט אב זעקס אוהר דרייסיג. אויס־רוהען זיך? אודאי! מ'הייסט דיר קומען דורך א בעפעהל

בלויז דיר צו מאכען וויסט און פינסטער און געה ווידער צוריק צו דער ארבייט.

געגען א מינוט זיינעןביידע בעאמטע געשטאנען און זיך אנגעקוקט, צושאקלענדיג מיט די קעפּ. אבער געהערט האבען זיי שוין מעהר גארניט, וויל א פּארטע־פּיאנא איז געווארען ווילד און האט זיך צוגעוואלדעוועט. ס'איז געווען קענטיג, אזביידע שוועסטער האבען געהאקט צוזאמען, לאכענדיג אויפ'ן קול און רייצענדיג די אויסלענדישע פויגעלאך. און דער יונגער מאן, וועמען עס איז אויך געווארען פרעהליך, האט זיך פארנייגט און איז אוועק צו זיך אויף די קווארטיר; דער ארויסהעלפער פון דעם סטאנציאן־מייסטער איז נאך געשטאנען א ווילע און גע־קוקט אויף דעם באלקאן, פון וואנען עס האט זיך געהערט דיעזע גאנצער יונגער טאראראם.

אויפהויבענדיג די אויגען, האט ער בעמערקט, אז דער לאקאמאטיוו האט פארמאכט זיינע קלאפּאנעס און אז דער רעל־סען־קירעווער האט איהם דערלאנגט דעם וועג קיין קאנן. די לעצטע שטיקער ווייסען דאמפּ זיינען זיך צוגאנגען אין די וואל־קענס שווארצען רויך, וואס האט פערפינסטערט דעם הימעל. רובא איז אויך אוועק פון פענסטער אין שטוב אריין.

דערזעהענדיג אז דער זייגער מיט'ן קו־קו איז שוין צוואנ־ציג מינוט נאך דריי, איז רובא געווארען אונגעדולדיג.

דער טייוועל זאל עס נעמען, איבער וואס האט סעווערינע זיך אזוי געקאנט פארשפּעטיגען אז זי פאלט נור אריין אין א מאגאזין עפּיס קויפען, קאן זי זיך שוין פון דארט ניט ארויס־רייסען.

אביסעל שטילער צו מאכען דעם הונגער, וואס האט איהם געצופּט אין מאגען, האט רובא זיך גענומען גרייטען צום טיש. דאס גרויסע צימער מיט די צוויי פענסטער איז איהם געווען גוט בעקאנט: די מעבעל פון נוס־האלץ און דאס בעט מיט'ן פּארהאנג פון ביליגע רויטע באנוועלע מאטעריע, דער בופעט מיט די פּאליצעס פאר געשיער, דער קיילעכדיגער טיש און די נאר־מאנדער קליידער שאפע, — דאס אלעס האט פון דעם געמאכט

אַ צימער צום קאָכען און עסען און שלאָפען. רובאַ האָט ארויס־גענומען פון דעם בופעט סערוועטקעס, טעלער, גאָפעל, מעסער און צוויי גלעזער. און פון די אלע זאכען האָט די זויבערקייט אַזש געגלינצערט, און איהם האָט דאָס באַלעבאַטעווען אַמוזירט, גלייך ווי ער וואָלט זיך געשפּיעלט אין מאַכען מיטאָג, אָנקוועלענדיג פון די ווייסקייט פון דעם טישטוך און סערוועטעס; שטאַרק פערליעבט אין זיין פרוי, האָט ער געשמייכעלט בלויז פון דעם געדאַנק, ווי זי וועט זיך דאָס צולאַכען, עפּענענדיג די טיהר. אָבער אַז ער האָט שוין אַוועקגעלעגט דעם קוכען אויף אַ טעלער, און דאַביי אַוועקגעשטעלט די פלאַש וויין, איז ער מיט אַמאָל געוואָרען אונרוהיג און האָט עפּיס גענומען זוכען מיט די אויגען. דערנאָך האָט ער האַסטיג ארויסגענומען פון קעשענע צוויי פארגעסענע פּעקעלאַך, אַ קליין שאַכטעל סאַרדינס און גראָען קעז.

דער זייגער האָט געקלונגען האַלב־פיער. רובאָ האָט גע־שפּאַנט איבער'ן צימער, צוהערענדיג זיך צו יעדען שאָרך אויף די טרעפּ. אַזוי וואַרטענדיג און גאָרניט טהוענדיג, איז ער פאַרביי געגאַנגען דעם שפּיעגעל; ער האָט זיך אָבגעשטעלט און זיך בעקוקט. ער איז גאָרניט עלטער געוואָרען: אָט־אָט ווערט ער שוין אַ פיערציגער, אָבער דער העלל־רויטער קאָליר פון זיינע געקרייזעלטע האָאָר ווערט גאָרניט פאַרלאָשען. זיין באָרד, — רובאָ האָט זיך קיין מאָל ניט ראַזירט, — איז נאָך אַלץ געוועזן אַזוי געדיכט און אַלץ נאָך מיט דעם גאָלדענעם קאָליר. רובאָ איז געוועזן פון מיטלען וואוקס, אָבער זעהר שטאַרק געבויט, און איהם אַליין איז געפעלען זיין פיגור, זיין קאָפּ, עטוואָס צוגע־פלאַטשיגטער, זיין קלייגער שטערן, זיין דיקער נאַקען, זיין לע־בעדיגער פּנים, אין וועלכען עס האָבען געלויכטען צוויי גרויסע לעבעדיגע אויגען. זיינע צונויפגעוואַקסענע ברעמען זיינען גע־ווען, ווי ביי אַלע אייפערזיכטיגע, ווי איין שראַם אויף זיין שטערן; ער איז געוועזן פערהייראַט מיט אַ פרוי, מיט פופצעהן יאָהר איי־גער פון איהם, און זיינע אָפטע בליקען צום שפּיגעל האָבען איהם בערוהיגט.

ס'האבען זיך דערהערט טריט אויף די טרעפ; רובא האט זיך א ווארף געטהון צו דער טיהר און זי אויפגעעפענט. דאס אבער איז בלויז געווען די ציטונגס־הענדלערקע, וועלכע איז געקומען פון באהן־הויף אהיים, — איהר קווארטיר איז געווען דא נעבען. ער האט צוריק פערמאכט די טיהר; ער האט איצט בעמערקט אויפ'ן בופעט א שאכטעל, פארפוצט מיט ים־שיסעלאך. רובא האט דאס שאכטעל גוט געקענט; דאס איז געווען א געשאנק פון סעווערינע איהר מומען וויקטאריא, איהר אם. ס'איז איהם נענוג געווען א בליק צו טהון אויף דעם שאכטעל, אז ער זאל פאר זיך דערזעהען די גאנצע געשיכטע פון זיין הייראטה. אט ווערט באלד דריי יאהר. רובא אליין איז א געבארענער פון פלאססאן, אין דרום־זייט, פון א טאטען אן ערד־ארבייטער; ער האט געדיענט און זיך דערדיענט צו די שניערלאך פון א סערזשאנט־מאיאר, האט א שטיק צייט געארבייט ביים באגאזש אויף דעם באהן־הויף אין מאנט, און דערנאך איז ער געווארען אויבער־באגאזש־מאן אין באראנטען; דא האט ער זיך בעקענט מיט זיין טהייערע פרוי; זי פלעגט אהער קומען פון דואנוויל נעמען דעם צוג צוזאמען מיט מאדמאזעל בערטהא, די טאכטער פון הויפט־ריכטער, גראנמארען. סעווערין אברי איז געווען די אינגערע טאכטער פון דעם גערטנער, וועלכער איז געשטארבען דינענדיג ביי די גראנמארענס; אבער דער הויפט־ריכטער, איהר טויף־פאטער און אפעקון, האט פאר איהר זעהר פיעל געטהון; ער האט זי גענומען פיר א קאמפאניאנקע פיר זיין טאכטער, און ביידע מיידלאך געשיקט אין דעם זעלבען פאנסיאן אין רוען, — און זי אליין, ענדליך, האט אין זיך געהאט אזא נאטירליכע שעהנקייט, אז רובא האט זיך א לאנגע צייט בעגניעגט בלויז דער־מיט, וואס ער האט זי בענערט פון ווייטענס מיט די ליידענ־שאפט פון א פשוט'ען ארבייטער צו א שעהנעם אנטיקעל, וואס איז פיר איהם צו טהייער. דאס איז געווען די איינציגע ליעבע אין זיין לעבען. רובא וואלט חתונה געהאט מיט סעווערינען אפילו אהן איין פרוטה געלד, אבי זי נור צו האבען, און אז ער האט ענדליך זיך אנגענומען מיט מוטה צו בעטען איהר האנד,

האָט די ווירקליכקייט איבערשטייגט זיין טרוימען: ער האָט ניט בלויז געקראָגען סעווערינען און צעהן טויזענד פראַנק נדן, זאָנדערן דער הויפּט־ריכטער — יעצט שוין ניט מעהר, אָבער אין יענער צייט נאָך אַלץ אַ מיטגליעדער פון דעם פערוואַלטונגס־ראַטה פון די מזרח־אייזענבאהן ליניען, האָט איהם נאָך גענומען אונטער זיין ספּעציעלע בעשיצונג. באַלד אויף מאָרגען, נאָך דער חתונה, האָט רובאָ בעקומען די שטעלע פון אַרויסהעלפער פון סטאַנציאָן־מייסטער אין האווער. אמת, ער האָט זיך אַליין טאַקי ערוואָרבען אַ נאָמען אלס גוטער אָנגעשטעלטער, — פּינקטליך, געוויסענהאַפט און אַ טהוער, אַפילו אביסעל ניט זעהר קלוג, אָבער עהרליך. און אָט די אַלע טהייערע מעלות, מיט וועלכע עס לאָזט זיך גוט ערקלעהרען זיין שנעלער שטייגען צו דער העכער שטילע און די ערפילונג פון זיין וואונש. אָבער רובאָ האָט בעסער דאָס געוואָלט אַלץ פאררעכענען אויף זיין ווייב׳ס חשבון: — ער האָט זי פארגעטערט.

אז ער האָט אויפגעעפענט די שאַכטעל סאַרדינס, האָט ער ענדליך פארלאָרען דאָס געדולד. מיט דער פרוי האָט ער אָבגערעדט אויף דריי אַ זייגער. טאָ וואו קאָן זי זיין? זי וועט דאָך איהם ניט געהען איינרעדען, אַז אויף אַ פּאָאָר שיך קויפען מיט אַ זעקס העמדער האָט זי בעדאַרפט אַ גאַנצען טאָג. אז רובאָ האָט זיך ווידער אמאָל, פארבייגעהענדיג, אָבגעשטעלט פאַר׳ן שפּיגעל, האָט ער ביי זיך דערזעהען זיינע אָנגעשטעלטע ברעמען און אַ גרויסען טיעפען קנייטש אויפ׳ן שטערן. אין האווער איז ער דאָס ווייב קיין מאָל ניט חושד געווען. אָבער אין פּאַריז האָט ער זיך פאָרגעשטעלט אַלערליי געפאַהרען, בעטרוג און שלעכטקייט. דאָס בלוט האָט איהם אַ זעץ געטהון אין געזיכט, און די פויסטען פון דעם געוועזענעם באַגאַזש־טרעגער האָבען זיך צוזאַמענגעדריקט, ווי ווען ער פלעגט איבעררוקען די וואַגאָנעס. ער איז געוואָרען ווי אַן אונזיניגע, קרעפטיגע חיה: ער וואָלט דאָס ווייב פערניכטעט אין אַזאַ אָנפאַל פון בלינדע רציחה.

סעווערינע האָט געעפענט די טיהר און איז שטעהען געבליבען אויפ׳ן שוועל, אַ פרישע, אַ ליכטיגע.

— אָט בין איך. און דו האָסט אודאי איבערגעטראכט, אַז איך בין געהרג'עט געוואָרען?

אין דעם גאנצען גלאַנץ פון איהרע פינף־און־צוואנציג יאָהר איז זי געווען אַ הויכע, דינע, בויגיגע, שמאָל־ביינערדיגע און דערצו ניט קיין מאָגערע. פון ערשטען בליק האָט סעווערינע ניט אויסגעזעהען שעהן מיט איהר לאנגען פּנים, גרויסען מויל און בלענדענד ווייסע צייהנער; אָבער אַז מען האָט זיך אין איהר מעהר איינגעקוקט, האָט זי בעצויבערט עפּיס מיט אַ מין בע־זונדערע שעהנקייט, און מיט דעם מאָדנעם צויבער פון גרויסע בלויע אויגען, מיט געדיכטע שווארצע האָאָר.

דער מאַן האָט איהר אָבער ניט געענטפערט און אויף איהר געקוקט מיט זיין וואנדערענדען, ניט טרויעריגען בליק, וועלכען זי האָט אזוי גוט געקענט; און די יונגע פרוי האָט ערקלעהרט:

— אָה, ווי איך בין עס געלאָפען!... שטעל זיך פאָר, ס'איז אין אָמניבוס פּשוט געווען אונמעגליך צו געפינען אַ פּלאַץ. איך האָב אָבער ניט געוואָלט זיך אויסברייננגען אויף אַ דראָזשקע, בין איך געגאנגען צו פוס... זעה, ווי ס'איז מיר היים.

— הער נור, — האָט רובאָ געזאָגט מיט אַ שארפען טאָן, — דו וועסט דאָך מיר ניט וועלען איינרעדען, אַז דו קומסט דאָס ערשט פון דעם מאגאזין באָן־מארשע.

אָבער זי האָט זיך זאָפאָרט, ווי אַ קליין קינד, אַ וואָרף גע־טהאָן איהר מאַן אויפ'ן האלז און פארמאכענדיג איהם דאָס מויל מיט איהר שעהנינקער פולער האנד, האָט זי אויסגעשריען:

— דו שלעכטער, שלעכטער, שווייג!.... דו ווייסט דאָך, אַז איך ליעב דיך!

און אין איהר האָט זיך געפיהלט אזא אָפענהערציגקייט, אזא צנועה'שע ריינקייט, גאָר אָהן שום קונצען, אַז רובאָ האָט זי ליידענשאפטליך געדריקט אין זיינע אָרעמס.

זיינע חשד'ען פלעגען זיך שטענדיג אזוי אויסלאָזען. סעווע־רינע פלעגט מיט פרייד זיך אָבגעבען צו איהר מאַן'ס ליעבשאפט, וייל זי האָט זעהר ליעב געהאַט, מען זאָל זי לאַסטשען. דער מאַן האָט זי בעדעקט מיט זיינע קושען, זי איהם האָט אָבער ניט

געקושט, און דערפון נעמט זיך אין איהם עפּיס א ניט דייטליכע מורא. זי, דערווייל ערשט בלויז א דערוואקסענע פּאסיווע מיידעלע, האָט איהם געליעבט ווי א טאַכטער: די ליעבע פון דער פרוי האָט זי נאָך ניט געשפּיערט.

— הייסט עס, אז דו האָסט פּשוט ארומגעצופּט דעם גאַנצען מאַגאַזין באַן־מארשע?

— ווי דען? אָט וואַרט וועל איך דיר דערצעהלען.... אָבער לאָמיר פריהער אָבעסען. אַך, בין איך דאָס הונגעריג!... הערסט, גאָר פארגעסען.... כ׳האָב דאָך פאר דיר א פּרעזענטעלע. בעט: „גיעב מיר מיין פּרעזענטעלע“.

סעווערינע האָט איהם אריינגעלאַכט אין פּנים אריין. זי האָט אריינגעלעגט די רעכטע האנד זיך אין קעשענע, וואו עס איז געווען עפּיס א זאַך, וועלכע זי האָט אָבער ניט ארויסגענומען.

— זאָג זשע גיכער: „גיעב מיר אָפּ מיין פּרעזענטעלע“.

רובאָ האָט אויך גוטמוטהיג געלאַכט. ענדליך האָט ער זיך בעשלאָסען:

—גיב מיר אָפּ מיין פּרעזענטעלע!

סעווערינע האָט דעם מאַן געקויפט א מעסערל פאר דעם, וואָס ער האָט פערלוירען און וואָס ער בעקלאָגט שוין א וואָך צוויי. רובאָ איז געווען ענטציקט. דאָס נייע מעסערל, מיט די הענטעל פון עלפאַנט־בוין און מיט דעם בליסטשענדען גרויסען קלינגעל, האָט איהם אויסגעזעהען פּשוט א פּראַכט. און ער האָט עס טאַקי שוין בענוצט. סעווערינע איז געווען ענטציקט פון זיין פערגעניגען און האָט אויך שפּאַס געצוואונגען דעם מאַן, ער זאָל איהר בעצאָהלען א סו, כדי זייער פריינדשאַפט זאָל חלילה ניט איבערגעהאַקט ווערען.

— קום עסען, קום עסען, — האָט זי ווידערהאָלט, — ניין, זעה, פארמאַך נאָך ניט דאָס פענסטער, כ׳בעט דיך, ס׳איז מיר אזוי הייס!

סעווערינע איז צו איהם צוגעגאַנגען צום פענסטער און האָט זיך אָבגעשטעלט אויף איינינע סעקונדען, זיך אָנגעשפּאַרט אויפ׳ן מאַנ׳ס אקסעל און האָט ארויסגעקוקט אויף דעם גרויסען סקווער

פון באהנהויף. איצט איז זיך דער רויך שוין צוגאנגען, און דער מעש־רויטער טאץ פון דער זונן האָט זיך ארונטער געלאָזט אין דעם טומאן הינטער די הייזער אויף דער גאס רע־ראָם. און אונ־טען האָט די מאנעווירענדע דאמפף־מאשינע שוין אין גאנצען אויסגעשטעלט דעם צוג קיין נאנט, וועלכער האָט געדארפט אָבגעהן פיער אוהר פינף־און־צוואנציג מינוט. די דאמפף־מא־שינע האָט דעם צוג אוועק געשטעלט אין וואָקזאל, אונטער'ן שירם־דאך, ביי דער פלאטפאָרמע פיר די פאסאזשירען, וואו זיי געהען זיך אויפזועצען, און האָט זיך פון צוג אָבגעטשעפעט. אָבער אין דער טיעף פון דעם הויף פון די „גארטעל“ באהן, וואו די וואגא־נעס שטעהען, האָט זיך געלאָזט הערען יענער סאָרט קלאפעריי, פון וועלכען עס פערשטעהט זיך, אז מען טשעפעט צו נאָך וואַ־גאָנעס, כדי גרעסער צו מאכען דעם צוג. אויף די שיענעס איז געשטאנען שטיל א שווערער לאָקאָמאָטיוו פון אן ערשט־אָנגעקו־מענעם פאסאזשיר־צוג. דער מאשיניסט און דער הייצער זיינען געווען שווארץ און פארשטויבט פון דעם וועג און דעם רויך. דער לאָקאָמאָטיוו אליין האָט אויך אויסגעזעהען עפּיס ווי מיעד, און האָט זיך געשטיקט, און האָט בלויז פון איין קלאפאן ארויס־געלאָזט א דינענקען שנירעלע דאמפף. ער האָט בלויז געווארט דער וועג זאָל פריי ווערען, אז ער זאָל קענען זיך אומקעהרען צוריק צו זיין סטאנציאָן באטיניאל. דער רויטער סיגנאל האָט א קנאק געטהון און איז פערשוואונדען; דער לאָקאָמאָטיוו איז אוועק.

— ווי פרעהליך זיי זיינען עס, די קליינינקע דאָווערנס! — האָט רובאָ געזאָגט, אוועקגעהענדיג פון דעם פענסטער. — הערסט ווי זיי צימבלען עס אויפ'ן פיאנאָ?... כ'האָב ערשט וואָס גערעדט מיט האנרי'ן; ער גריעסט דיר.

—צום טיש! צום טיש!— האָט סעווערינע געשריען. זי האָט זיך הונגעריג א כאפּ געטהון צו די סארדינען. אָה, וואָס זי האָט איבערגעביסען אין מאנט, האָט זי שוין לאנג פערגעסען! איצט איז זי אין פאריז, און סעווערינע ווערט ווי בעזויפען; זי ציטערט אַזש פון דעם פערגניגען ארומצושפאצירען אין די גאסען; און

זי איז נאָך אין איין פיבער פון איהר איינקויפען אין דעם מאגאזין באָן־מארשע. יעדען פריהלינג פלעגט זי דאָרט אוועקלעגען יעדע פרוטה, וואָס זי האָט אנגעזאמעלט אין ווינטער; דאָ איז איהר ליעבער געווען דער איינקויפען, און זי איז זיכער, אז דאָ שלאָגט זי זיך אזוי אוים די הוצאות פון קומען קיין פאריז. און די יונגע פרוי האָט אין מיטען עסען ניט אויפגעהערט רעדען. א ביסעלע פארשעהמט און רויט ווערענדיג האָט זי, ענדליך, אויס־געזאָגט וויפיעל זי האָט אויסגעגעבען — מעהר פון דריי הונ־דערט פראנק.

— צום טייוועל! — האָט אויסגעשריען דער איבערראשטער רובאָ, — ניט שלעכט: פאר דער פרוי פון אן ארויסהעלפער פון א סטאנציאָן־מייסטער פאסט זיך דאָס טאקי — אודאי!... דו ביזט דאָך געגאנגען קויפען בלויז א פּאָאר שיך און א האלב טוץ העמדער?

— אָך, מיין ליעבער, ס׳זיינען געווען אלץ אזוינע זאָנדער־בארע מציאות!... א מחיה׳דיג שטיקעלע זיידענס מיט פּאסיק־לאָך! און א הוט! — א וואונדער, א פאנטאזיע און שוין! היינט קליידלאך.... מיט אויסגענעהטע פאלדעלאך.... און האלב־אומזיסט. אין האוור וואָלט איך פאר יעדעס פיצעלע בעדארפט בעצאָהלען צוויי מאָל אזוי פיעל... ווארט, מ׳וועט מיר נור צו־שיקען די זאכען, וועסטו זעהן!

רובאָ האָט זיך ענדליך דאָך צולאכט: געה, אז סעווערינע איז אזוי גליקליך און אזוי חנ׳עוודיג מיט איהר שעמעוודיגען ענטשולדיגען־זיך. און דערצו איז זייער, אויף שנעל געמאכטער קאלטער מיטאָג, אזוי געשמאק, און זיי זיינען אליין אין צימער; דאָ האָבען זיי זיך געפיהלט פיעל בעסער ווי אין רעסטאָראן. סעווערינע, וועלכע פלעגט תמיד טרינקען נור וואסער, האָט זיך איצט פארגעסען און, אליין ניט בעמערקענדיג, האָט זי געטרונ־קען דעם ווייסען וויין. דאָס שאכטעל סארדינם האָט זיך אויסגע־ליידיגט, און די יונגע מענשען האָבען זיך גענומען צום קוכען מיט דעם נייעם מעססער. און ס׳איז געווען אן אמת׳ער תענוג, אזוי גוט האָט דער מעססער געשניטען!

— נו, און דו ? וואָס הערט זיך ביי דיר ? — האָט סעווע־רינע געפרעגט. דו מאכסט מיך צום פלוידערען די גאנצע צייט און אליין דערצעהלסטו מיר אפילו א ווארט ניט וואָס מיט דיר איז געווען ביים סוב־פרעפעקט.

דאָ האָט זיך רובאָ גענומען דערצעהלען מיט אלע איינ־צעלהייטען, ווי דער הויפט־פערוואלטער האָט איהם אויפגענומען. אָה, בלויז א פאָרמאלען פאָרוואורף ! ער האָט זיך גוט פאר־טהיידיגט, דערצעהלט דעם גאנצען אמת, ווי דער אויסגעפוצטער פראנט, דער סובפרעפעקט האָט אלענפאלס געוואָלט זיך זעצען אין וואגאָן ערשטע קלאסע דוקא מיט זיין הונט, ניט קוקענדיג וואָס פאר די יעגער מיט זייערע הינט איז אָבגעגעבען געווען א וואגאָן צווייטער קלאס און ווי דערפון איז עס געקומען פון א ווארט צו א וואָרט, און וואָס זיי האָבען זיך געגענזייטיג גערו־פען. סוף כל סוף האָבען אלע העכערע בעאמטע אנערקענט, אז גערעכט איז ער, וואָס ער האָט געצוואונגען דעם סוב־פרעפעקט זיך בעגעהן לויט דעם געגעבענעם בעפעהל ; די גאנצע שלעכטיג־קייט איז דאָ געווען בלויז אין זיינע ווערטער : — „איהר וועט דאָ ניט אלע מאָל באלאבאטעווען", — ווי ער האָט זיי יעצט אליין איבערגעזאָגט. און מ'איז איהם באלד חושד געווען, אז ער איז א רעפובליקאנער. די דעבאטען, וואָס זיינען מיט א מאָל פאָרגעקומען שוין ביי די ערשטע זיצונגען אין יאָהר 1869, צו־זאמען מיט עפיס אַן אונקלאָהרען מורא פאר די קומענדע וואהלען, האָבען שטארק בעאונרוהיגט די רעגירונג, און מען וואָלט איהם געוויס פערשיקט אויף אַן ערגערען פּאָסטען, ווען דער הויפט־ריכטער גראַנמאָרען נעמט זיך פאר איהם ניט אָן. און אפילו אזוי שוין האָט ער ערשט געדארפט אונטערשרייבען אַן ענטשולדיגונגס־בריעף, וואָס דער הויפט־ריכטער אליין האָט פארפאסט און איהם געהייסען אונטערשרייבען.

סעווערינע האָט איהם איבערגעשלאָגען די רייד, אויסשריי־ענדיג :

— נו, וואָס ? בין איך אפשר ניט געווען גערעכט, וואָס איך האָב צו איהם געשריבען און האָב איהם היינט אין דער פריה

מיט דיר צוזאמען אָבגעשטאַטעט א וויזיט, איידער דו ביסט אוועק קריגען דאָס דייניגע פון דעם הויפּט־פּערוואַלטער ? כ'האָב געוואוסט, אז ער וועט אונז העלפען זיך ארויסדרעהען.

—יא, ער האָט דיך זעהר ליעב, — האָט רובאַ זיך אָבגעריסען, — און ער האָט א גרויסען איינפלוס אין דער פּערוואַלטונג... אָבער בעטראַכט נור, וואָס האָט מען דערפון, וואָס מען איז א גוטער בעאַמטער. לויבען דיך, — אָה, דערצו זיינען זיי צו קאַרג ! אפשר, האָב איך טאַקי ניט גענוג קיין אייגענע פּלענער און איינפּעלע, אָבער מיין אויפפיהרונג, מיין ארבייט, מיין עהרליכקייט, — און אזוי אין אלעמען ! — נו ; איז אָט וואָס, מיין טהייערע, וואָלסטו ניט געוועז מיין פרוי, און גראַנמאָרען אים פריינדשאַפט צו דיר וואָלט זיך פאַר מיר ניט אָנגענומען, וואָלט מען מיך ארויסגעשליידערט און מען וואָלט מיך פארשטופּט ערגיץ אויף א פיצעקע סטאַנציאָן.

סעווערינע האָט זיך פארקוקט, פארטראַכט און האָט ארויסגעשעפּטשעט שטיל, ווי רעדענדיג צו זיך :

— אָה, געווים ; ער האָט א מאַכט, דער גראַנמאָרען !

זיי זיינען ביידע אנשוויגען געוואָרען ; די יונגע פרוי איז געזעסען פארטראַכט, מיט אויסגעשטארטשעטע אויגען, און ניט נעהמענדיג א ביסען אין מויל אריין. זי האָט זיך, מסתמא, איצט דערמאָנט אָן איהר קינדהייט אין דעם שלאָס דואַנוויל, פיער ליעגעס פון רואַן. סעווערינע האָט איהר מאַמען ניט געדענקט. אז איהר פאָטער, דער גערטנער אברי, איז געשטאָרבען, איז זי געגאַנגען אויפ'ן דרייצעהנטען יאָהר ; און דער הויפּט־ריכטער, שוין אן אלמן צו יענער צייט, האָט זיך גענומען זי צו ערציהען צוזאמען מיט זיין אייגענע טאָכטער בערטהאַ, אונטער דעם אויפזיכט פון זיין שוועסטער, מאַדאַם באָנעהאָן, די אלמנה פון אן פאַבריקאַנט ; דער שלאָס איז דאַן געוועז איהרער. בערטהאַ איז געוועז עלטער פון איהר מיט צוויי יאָהר און חתונה געהאַט האָט זי ערשט זעקס מאָנאַט נאָך איהר פאַר דעם שטאַאַטסראַטה לאַשענע אין רואַן, — א דאַרער, געלער מענשעל און ניט פון גרויסען וואוקס. פאַר א יאָהרען נאָך איז גראַנמאָרען נאָך גע־

ווען בראש פון דעם אָרטיגען געריכט, אָבער דערנאָך איז ער ארויסגעטראָטען, האָבענדיג געהאט א גלענצענדע קאריערע. געבאָרען איז ער אין יאָהר 1804, און באלד נאָך דעם יאָהר 1830 האָט ער בעקומען די שטעלע פון אסיסטענט שטאאטס אַנוואלט פריהער אין דין, דערנאָך אין פאָנטענבלאָ און נאָך שפּעטער אין פּאריז; ענדליך איז ער אליין געוואָרען שטאאטס אַנוואלט אין טראָא, אַנוואלד אין יוסטיץ־קאמער אין רענן און ענדליך עלטער ריכטער ביים געריכט אין רואן. ער האָט געהאט א פארמעגען פון עטליכע מילליאָן פראנק און איז געווען א מיטגליעד פון גענעראל ראטה אין 1855, און אין דעם טאָג ווען ער איז ארויס, האָט ער געקראָגען דעם אָרדען פון דעם עהרען־לעגיאָן. פון דעם טאָג אָן, וואָס סעווערינע געדענקט איהם, האָט ער איהר אויסגעזעהען תמיד דער זעלביגער גראַנמאָרען, ווי ער איז איצט: א ברייטער און קרעפטיגער, איז ער אָבער געוואָרען גרוי צו פריה, מיט די גאָלד־קאָליר פון א גרוי־געוואָרענעם בלאָנדין, מיט די זעלביגע האָאר ווי א בארשט, און געשאָרענע בערדעל, אָהן וואָנצעס, דער זעלביגער פיער־עקיגער פּנים, וואָס האָט אויסגעזעהען שטרענג איבער זיין גרויסען נאָז און איבער דעם הארטען בליק פון זיינע בלויע אויגען. אין זיין בענעמען זיך מיט מענשען איז ער געוועזן, ווי אימער שטרענג — אלע האָבען פאר איהם געציטערט.

רובאָ האָט געמוזט א זאָג טהון העכער און האָט צוויי מאָל ווידערהאָלט:

— נו, וואָס האָסטו זיך אזוי פארטראכט.

סעווערינע האָט זיך א וואָרף געטהון ווי דערשראָקען אָדער פערוואונדערט.

— אזוי זיך, פון גאָרנישט.

— וואָס עסטו שוין ניט. — ביסט שוין זאט?

— דאָס גראָדע ניט!... וועסט באלד זעהען!

און סעווערינע האָט אויסגעטרונקען איהר גלאָז ווייסען וויין, און האָט זיך גענומען דערענדיגען דאָס שטיקעל קוכען, וואָס איז געווען ביי איהר אין טעלער. און פּלוצים ווערט א טאראראם:

דאָס פּאָאר פֿאָלק חאָט אויפגעגעסען דעם גאַנצען פונטעל ברויט, און קיין שטיקעלע איז ניט געבליבען צום קעז; און ענדליך האָבען זיי געהאַט פון וואָס צו לאַכען און געיואַלדעווען, און זיי האָבען אַלעם איבערגעזוכט און האָבען ענדליך ביי די מוהמע וויקטאָריא אין בופעט געפונען אַ שטיקעל אַלטגעבאַקענע ברויט. ניט קוקענדיג אויף דעם אָפּענעם פענסטער, איז אין שטוב געווען היים, און די יונגע פרוי, וועלכע איז געזעסען מיט די פּלייצע צום אויוועז, האָט זיך אַ קאַפּעטשקע אויך ניט אָבגעקיהלט און האָט אויסגעזעהען נאָך מעהר ראָזאָווע און אויפגערעגט פון דעם אונערוואַרטעטען פרעהליכען צובייסען אין דעם צימער. פון דער מוהמע וויקטאָריא איז דער געשפּרעך ווידער אַרויף אויף גראַנמאָרענ׳ען; זי, וויקטאָריא, האָט אויך פּאַר וואָס איהם צו זיין דאַנקבאַר, האָט זיך רובאָ דערמאָנט; אַ פאַרפיהרטע מיידעל, איהר אייגען קינד געשטאָרבען, ווערט זי די אַם פון סעווערינע, וועלכע חאָט איהר מוטער געקאָסט דאָס לעבען, און דערנאָך די פרוי פון אַ הייצער אויף אַ דאַמפּף־מאַשין, דערנעהרט זי זיך איצט קוים מיט איהר גענעה אין פּאַריז, ווייל איהר מאַן פאַרשאַלאַטאַבעוועט וואָס ער פאַרדינט; פּלוצלונג בעגעגענט זי זיך מיט איהר זוינ־טאָכטער און די פריהערדיגע קענטשאַפט לעבט ווידער אויף און זי בענוצט זיך אויך מיט די שטיצע און בעשיצונג פון גראַנמאָרענ׳ען. אַ דאַנק איהם האָט זי איצט די שטעלע אויפצופּאַסען די טואַלעט־צימערן פיר די פרויען־פּאַסאַזשירען, און קיין בעסערס דאַרף מען גאָרניט. איהר געהאַלט איז טאַקי בלויז הונדערט פראַנק אַ יאָהר; אָבער פון די דאַמעס האָט זי איהרע טויזענד פראַנק און מעהר אַ יאָהר, אַ חוץ פרייע קוואַרטיר, — דאָס צימער, — און זאָגאַר הייצונג אויך. און די לאַגע איהרע אַליין איז אויך אַן אַנגענעהמע! און רובאָ האָט גענומען אויסרעכענען, אז ווען פּעקע, איהר מאַן, וואָלט אַריינגעבראַכט זיינע צוויי־טויזענד אַכט הונדערט פראַנק געהאַלט אַ יאָהר אַלס הייצער און אויך דאָס וואָס ער קריגט אַ מאָל עקסטרא, אַנשטאַט דאָס צו פאַרשאַרלאַטאַנעווען אויףביידע עקען פון דער באַהן־ליניע, וואָלט די פאַמיליע געהאַט מעהר ווי פיער טויזענד פראַנק אַ יאָהר, ד. ה.

צוויי מאָל אזוי פיעל ווי דער געהאלט פון דעם ארויסהעלפער פון דעם סטאַנציאָן־מייסטער אין האוור.

— אמת, — האָט ער געזאָגט צום סוף רעדען, — אז ניט יעדע פרוי וואָלט געוואָלט בעדיענען אין די טואַלעט־צימערען פון די דאַמען, אָבער קיין ארבייט איז קיין ערנידערונג ניט.

דערהוויל האָבען זיך דאָס פּאָאַר פאָלק געשטילט זייער הונ־גער, און האָבען שוין איצט געגעסען פּאַמעלאַך, אָבשניידענדיג גאַנץ דיננינקע שטיקעלאַך קעז, כדי זייער מאָלצייט זאָל לענגער געדויערען. זייער געשפּרעך האָט אויך גענומען ווערען לאַנג־זאַמער.

— און אָט וואָס, — האָט אויסגעשריען רובאָ. — כ'האָב דיך גאָר פאַרגעסען צו פרעגען... פאַר וואָס האָסטו עפּיס ניט געוואָלט אָננעהמען די איינלאַדונג צו קומען אויף א צוויי דריי טעג אין דואַנוויל ?

אין דיעזע מינוטען פון רוהיגען פערדייהען פון'ם עססען האָט ער זיך דערמאָנט אָן זייער וויזיט אין דער פריה אין דעם האָטעל אויף דער גאַס דע ראָשע, נעבען דעם באַהן־הויף. רובאָ האָט ווידער דערזעהען דעם גרויסען שטרענגען קאַבינעט ; ער האָט נאָך געהערט ווי דער הויפּט־ריכטער האָט זיי ערקלעהרט, אז מאָרגען פאָהרט ער קיין דואַנוויל. און דערנאָך — גלייך ווי דאָס וואָלט פּלוצים אזא געדאַנק אין קאָפּ אריין — האָט ער זיי פאָרגעשלאָגען ארויסצופאָהרען מיט איהם צוזאַמען נאָך היינט פאַרנאַכט, זעקס אוהר דרייסיג מיט'ן שנעל־צוג און דערנאָך וועט ער אָבפיהרען זיין טויך־טאָכטער צו איהר שוועסטער, וועלכע רופט זיי שוין פון לאַנג. אָבער די יונגע סעווערינע האָט איהם דערצעהלט אלערליי תירוצים, פאַר וואָס זי קאָן כלומר'שט ניט פאָהרען.

— ווייסטו גאָר וואָס, — האָט רובאָ פאָרטגעזעצט דעם גע־שפּרעך, — איך האָב דאָך גאָרניט געגען אזא קורצע רייזע. דו וואָלסט דיר דאָרט געמעגט זיין ביז דאָנערשטאַג, און איך וואָלט שוין ווי עס איז אויסגעקומען... אין אונזע לאַגע דאַרפען מיר אזוינע וויכטיגע מענשען, — ניין, אפשר ? דו האָסט זיך ניט

בעדארפט ענטזאגען פון אזא פריינדליכקייט, — און נאך מעהר דערפאר, וואס דאס האט איהם קענטיג געקרענקט... כ'האב דאך די גאנצע צייט געמאכט צו דיר דו זאלסט איינשטימען, — גיסט דו מיר גאר א ציה פאר'ן ארבעל... האב איך שוין גערעדט פאר דיין צד, אבער כ'האב דאך עפים ניט פארשטאנען... נו, טאקי, פאר וואס האסטו זיך ענטזאגט.

די אויגען האבען ביי סעווערינע'ן גענומען ארומלויפען פון אנגסט, און זי האט אונגעדולדיג זיך א קעהר געטהון.

— ווי קאן איך עס דיך איבערלאזען אליין ?

— דאס איז ניט קיין גרויסער רעזאן... זייט מיר זיינען פארהייראטה, ביסטו אין די דריי יאהר בלויז צוויי מאל ארויסגע־פאהרען קיין דואנוויל אויף א וואך. קיין זאך שטערט איצט ניט דאס צו טהון א דריטען מאל

די שעמעוודיג אונרוהיגקייט פון די יונגע פרוי איז גרעסער געווארען ; זי האט גענומען קוקען אן א זייט.

— און אז מיר ווילט זיך אבער פארט ניט. דו וועסט דאך מיך ניט צווינגען איך זאל טהון וואס מיר איז אונאנגענעהם.

רובא האט צושפרייט די הענט, ווי איינער זאגט, אז צוויי־גען צווינגט ער זי גארניט, און האט אבער אט וואס געזאגט :

— הער אויס... דו פארבארגסט עפים פון מיר... אפשר האט דיך מאדאם באנעהאן שלעכט אויפגענומען, ווען דו ביסט דארט געווען מיט א וויזיט ?

אך, ניין ! מאדאם באנעהאן גאר... זי נעהמט אימער זעהר גוט אויף. זי איז אזא וואוילע, — א הויכע, א דיקליכע, מיט וואונדערליכע בלאנדע האאר און נאך א שעהנע, ניט קוקענדיג אויף איהרע פינף־און־פינפציג יאהר ! מען זאגט, אז זייט זי איז געווארען אן אלמנה — און זאגאר ווען דער מאן האט נאך געלעבט אויך — איז איהר הארץ תמיד געווען פארנומען. אין דואנוויל האט מען זי פארגעטערט ; פון דעם שלאס האט זי גע־מאכט א וואונדערבארען ווינקעלע ; די גאנצע געזעלשאפט פון רואן פלעגט זיין ביי איהר, און ספעציעל די געריכטס־בעאמטע,

עבען, טאַקי אין דער מאַגיסטראַטור האָט מאַדאַם באָנעהאָן גע־האַט אַ סך פריינד.

— ווי באַלד אַזוי, זאָג זשע מיר דעם אמת, האָבען די לאַ־שענעס דיך אויפגענומען קאַלט.

געוויס, בערטהאַ זייט איהר הייראַטה מיט לאַשענע'ן, איז צו איהר שוין ניט געווען דאָס וואָס אַ מאָל. גוטהערציגער איז זי חלילה ניט געוואָרען, די מיזעראַבעלע, ניבטסווירדיגע בערטהאַ מיט'ן רויטען נאָז. אין רואן האָבען די דאַמעס שוין צופיעל גע־ליבט איהר פיינעם שטעלל — דערצו האָט טאַקי אַזאַ מאַן ווי איהרער, — אַ מיאוסער, גראָביאַנסקער, און אַ קאַרגער, — זי נור געקאָנט ערנידעריגען און ערגער מאַכען, אָבער צו איהר פריהעריגער פריינדין איז בערטהאַ געווען פאָלקאָמען אנשטענדיג; סעווערינע האָט אויף איהר ניט וואָס ברוגז צו זיין.

— קומסט אויס, אַז דיר געפעלט ניט דער הויפט־ריכטער אַליין?

סעווערינע, וועלכע האָט די גאַנצע צייט געענטפערט מיט אַ רוהיגע, געלאַסענע שטימע, האָט איצט פלוצים אונגעדולדיג אויס־געשריען.

— גאָר... וואָס דיר קומט אין קאָפּ אריין!...

און זי האָט ווייטער דערצעהלט מיט אַ מין נערוועזע, גע־האַקטע שטימע.

דער הויפט־ריכטער איז כמעט קיין מאָל אין דער היים ניטאָ. ער איז זיך תמיד אין פאַרק, אין פּאַווילאָן, מיט אַ טיהר אין אַ שמאָל, פוסטע געסעל אריין. און קיינער ווייס ניט, ווען ער געהט אַוועק און ווען ער קומט צוריק, צו דעם אַלעמען, ווייסט נאָך זיין שוועסטער קיין מאָל ניט אויף קלאָהר דעם טאָג ווען ער קומט צו פאָהרען. ער נעהמט אַן עקיפּאַזש אין באַראַנטען, קומט אָן ביי נאַכט אין דואַנוויל, און פאַרבלייבט טעג'ווייז אין זיין פּאַווילאָן, מיט קיינעם ניט אויסרעדענדיג אַ וואָרט. אָה, ער — ער שטערט שוין דאָרט קיינעם ניט.

— איך זאָג דאָס נור דערפאַר, — האָט רובאָ געזאָגט, — וואָס דו אַליין האָסט מיר שוין אַ מאָל צוואַנציג דערצעהלט, אַז

ווען דו ביסט געווען א קינד, פלעגסטו אונטערטעניגליך שטארק מורא האבען פאר איהם.

— אונטערטעניגליך שטארק מורא האבען... אה, דו האסט תמיד ליעב צו מאכען גרעסער ווי דאס איז... דער אמת איז טאקי, אז ער פלעגט כמעט קיין מאל ניט לאכען און פלעגט תמיד קוקען מיט זיינע גרויסע אויגען אזוי שטרענג, אז א יעדער פלעגט ניט זועלענדיג אראפלאזען דעם קאפ פאר איהם. איך האב אליין ביי־געוואהנט, ווי מענשען האבען פאר איהם געציטערט און ניט גע־קאנט אויסרעדען א ווארט, — אזוי שטארק האט עס אויף זיי גע־ווירקט דאס וואס מען דערצעהלט ווי שטרענג און קלוג ער איז... אבער מיר האט ער קיין מאל ניט קיין שלעכט ווארט ניט גע־זאגט ; איך האב אימער עפיס געשפיערט, אז ער פיהלט עפיס צו מיר...

סעווערינע האט ווידער גערעדט לאנגזאמער ; איהרע אויגען האבען פארטראכט געבליקט ערגיץ אין דער ווייטען.

— כ'געדענק, אז איך בין נאך געווען א קליין מיידעלע און האב זיך מיט מיינע חבר'טעס געשפיעלט אין די אלעען פון פארק, פלעגען זיך אלע צולויפען, אז מ'האט איהם נור דערזעהען, — זאגאר בערטהא אליין, זיין טאכטער, אויך ; זי האט שטענדיג מורא געהאט, ער זאל זיך אויף איהר ניט בייזערען. און איך בין זיך תמיד געבליבען שטעהען אויף'ן ארט גאנץ רוהיג. ער פלעגט פארבייגעהען, און זעהענדיג מיך ווי איך שטעה עס מיט א פאררוסענע צורה'קעלע, פלעגט ער מיר לייכט קלאפען איבער'ן באק... און דערנאך, אז איך בין געווארען א יאהר זעכצעהן, פלעגט בערטהא, ווען זי האט נור עפיס געוואלט פועל'ן ביים טא־טען, מיך בעטען איך זאל עס איהם איבערגעבען. איך פלעג רע־דען מיט איהם, ניט אראפלאזענדיג דעם קאפ, און פיהלענדיג, ווי זיינע אויגען נעהמען מיך דורך און דורך. אבער געשראקען האט עס מיר א האאר אויך ניט. איך בין געווען זיכער, אז ער וועט טהון אלעס וואס איך וויל!.. אה, איך געדענק, כ'געדענק אלעס!.. אין גאנצען פארק דארטען איז ניטא אי איין ביימעלע, און ניט אי־

איין קאָרידאָר אָדער צימער אין שלאָס, וואָס איך זאָל זיי ניט קאָנען זעהען מיט פארמאכטע אויגען.

סעווערינע איז אנשוויגען געוואָרען; זי האָט פארמאכט די אויגען; און איבער איהר אויפגערעגטען פארפלאָמטען פנים איז אריבער אַ ציטער פון דיעזע עראינערונגען און פון דעם, וואָס זי האָט ארויסגעזאָגט אין דער הויך. געגען אַ מינוט איז זי געבליבען זיצען אָהן שום בעוועגונג, — בלויז איהרע ליפען האָבען עטוואָס געציטערט, גלייך ווי ניט ווילענדיג האָט איהר אַ קאָנוואולסיע געצויגען פאר די מויל־ווינקלען.

— דער אלטער איז אָהן אַ ספק געווען גוט צו דיר... — האָט רובאָ געזאָגט, פאררייכערענדיג זיין ליולקע. — ער האָט דיך ניט נור ערצויגען ווי אַ פריילין, נור ער האָט נאָך גוט השגחה געגעבען אויף דיינע אָרימע פּאָאָר גראָשען, און אַז מיר האָבען חתונה געהאַט, האָט ער די סומע נאָך שעהן אויסגעפילט. איך רייד שוין ניט דערפון, אַז ער לאָזט דיר נאָך עפּיס איבער אין זיין צוואָה — ער האָט'ס מיר אליין דערצעהלט.

— יאָ, — האָט סעווערינע ארויסגערעדט ווי אונטער די ציינער, — דאָס הויז אין קרואַ־דע־מאָפרא און דאָס לאַנד דערצו, — דאָרט געהט דער אייזענבאהן. מיר זיינען אַהין אַ מאָל ארויסגעפאָהרען אויף אַ וואָך... אָבער איך רעכען גאָרניט אויף דעם! די לאַשענעם בעמיהען זיך שוין, מסתמא, מיט אַלע כחות, אַז ער זאָל מיר גאָרניט איבערלאָזען. און איך וויל זאָגאר בעסער, אַז ער זאָל מיר גאָרניט איבערלאָזען, גאָר ניט!

די לעצטע ווערטער האָט סעווערינע ארויסגערעדט מיט אַזאַ האסטיגקייט, אַז רובאָ האָט זיך פארוואונדערט, האָט ארויסגענומען די ליולקע פון מויל און האָט די פרוי אָנגעקוקט מיט אויסגעשטאַרטשעטע אויגען.

— ס'אַ מאָדנע דו ביסט. מ'זאָגט, אַז דער הופּט־ריכטער פארמאָגט מיליאָנען. און וואָס וואָלט טאַקי דאָ געווען אַזאַ חטא, ווען ער וואָלט אין זיין צוואָה יאָ דערמאָנט זיין טויף־טאָכטער? קיינעם וואָלט דאָס ניט פארוואונדערט, און אונז וואָלט דאָס זעהר צונוץ געקומען.

פלוצים קומט איהם אין קאפ אריין א געדאנק, וואס מאכט איהם צום לאכען.

— צי האסטו אפשר גאר מורא, מ'זאל ניט מיינען, אז דו ביסט זיין טאכטער ?.. ווייסט דאך, פון דעם אלטען דערציעהלט מען זיך אן שעהנע מעשים, — קוק ניט וואס ער זעהט אויס אזוי קאלט ווי אייז. מ'זאגט, אז ווען זיין ווייב האט נאך געלעבט, האט ער אויך ניט דורכגעלאזט אי זיין גובערנאנטין אין הויז, און אפילו איצט האט דער אלטער חברה'מאן אויך ניט פיינט א יאג צו טהון זיך נאך פרויען... טא, גאטוניו מיינער, איז וואס, אז דו זאלסט שוין מאקי זיין זיינע א טאכטער !

סעווערינע האט זיך אויפגעהויבען מיט כעס, מיט א פלאמענדען פנים, מיט איהרע דערשראקענע בלויע אויגען בליסטשענד אונטער די שווערע מאסע פון איהרע שווארצע האאר.

— זיין טאכטער ! זיין טאכטער !... כ'וויל ניט, אז דו זאלסט זיך דערמיט מאכען שפאס, — דו הערסט ! קאן איך דען זיין זיין טאכטער ? בין איך דען געראטען אין איהם ?... אבער — זאל שוין זיין גענוג ; לאמיר רעדען פון עפּיס אנדערש. איך וויל אין דואנוויל ניט פאהרען דערפאר... ווייל איך וויל בעסער פאהרען מיט דיר צוריק אין האוור.

רובא האט א נייג געטהון מיט'ן קאפ, און בערוהיגט די פרוי. נו גוט, גוט, אבי זי זאל זיך אזוי ניט ערגערען... ער האט זיך אונטערגעשמייכעלט, ער האט נאך קיין מאל ניט געזעהען סעווערינע'ן אזוי נערוועז. מסתמא האט דאס אויף איהר אזוי געווירקט דער ווייסער וויין. אז זי זאל איהם אבער מוחל זיין, האט ער ווידער גענומען אין האנד דאס נייע מעסער און דאס בעטראכט מיט פערגעניגען, זארגפעלטיג דאס ווישענדיג, אום צו ווייזען, אז ס'איז שארף ווי א חלף, האט רובא זיך גענומען שניידען די נעגעל.

— ס'איז שוין א פיערטעל אויף פינף... — האט סעווערינע געזאגט, אבשטעלענדיג זיך פאר'ן זייגער מיט'ן קוקוק. — און איך האב נאך עפּיס צו בעזארגען... מ'דארף אויך א טראכט טהון פון אונזער צוג.

אָבער, ווי זי וואָלט עפּיס געוואָלט פריהער אין גאנצען זיך בערוהיגען איידער זי נעהמט זיך אביסעל אויפראַמען אין שטוב, איז די יונגע פרוי צו צום פענסטער און האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט די עללענבויגענס. דאָ האָט רובאָ אַוועקגעלעגט דאָס מעסער, אַוועקגעלעגט די ליולקע, און האָט זיך אויך אויפגעהויבען פון'ם טיש און איז צו צו זיין ווייב און זי שטיל ארומגענומען. ער האָט זי אַרומגענומען פון הינטען מיטביידע הענד, האָט זיין באָרד אָנגעשפּאַרט אויף איהר אַקסעל און צוגעלעגט זיין קאָפּ צו איהרען, זיי האָבען זיך ניט געריהרט און האָבען ביידע געקוקט אין פענס־טער.

הינטען האָבען די קליינע מאַנעווירענדע דאמפף־מאַשינען געהאַלטען אין איין דרעהען זיך הין און צוריק; זיי האָבען זיך געטהון זייער אַרבייט אָהן רעש, ווי גוטע, פלינקע בעל הבית'טעס, איינשטילענדיג דעם רויש פון די רעדער און בלויז ווען ניט ווען לייכט אונטערפייפענדיג; איינע פון זיי האָט זיך א לאָז געטהון, איז ארונטער אונטער דעם בריק דע ל'אייראָפּ, און האָט געבראַכט צופיהרען אויף די פרייע רעלסען די אָבגעטשעפּעטע וואַגאָנעס פון דעם טראוווילער צוג. און דאָרט פון יענער זייט בריק איז זי זיך פונאַנדערגעגאנגען מיט אַ לאָקאָמאָטיוו, וועלכער איז אָקאָרשט גע־קומען פון דיפּאָ, מיט גלאַנצענדע מעשענע און שטאָהלענע אברים, ווי עפּיס אַן איינזאַמער רייזענדער, אַ פרישער און אַ פרעהליכער, וואָס לאָזט זיך אַוועק אין ווייטען וועג אריין. דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך אָבגעשטעלט און האָט ביי דעם רעלסען־קירעווער, צוויי קורצע פייף טהוענדיג, געפאָדערט פרייען דורכגאנג, און יענער האָט איהם גלייך איבערגעביטען די רעלסען צו אַ פאָלקאָמען פאַר־טיגען צוג, וואָס איז געשטאַנען אין דער סטאַנציאָן פון די הויפּט באַהן־ליניען. דאָס איז געווען דער צוג קיין דיעפּ, וואָס געהט אָפּ פינף־און־צוואַנציג מינוט אויף פינף. די מענגע פּאַסאַזשירען האָבען זיך געאיילט; ס'האָט זיך געהערט דאָס רוישען פון די רעדלעך פון די הענד־וועגעלאַך צופיהרענדיג דעם באַגאַזש; די אַרבייטער האָבען איינע נאָך די אַנדערע געשטופּט די פייער־פאַ־גען אין די וואַגאָנעס. דער לאָקאָמאָטיוו מיט זיין קויל־וואַגען

האָט זיך מיט אַ פאַרשטיקטע קלאַפּעריי אָבגעשטעלט פאַר דעם צוג, און דער אויפפאַסער אויף די אַרבייטער האָט אַליין פאַרדרעהט די שרויפען פון די קלאַמערס, וואָס האַלטען די וואַגאָנעס צוזאַמען. צו באַטיניאָל צו איז דער הימעל פאַרצויגען געוואָרען מיט וואָלקענס, גלייך ווי אַ גרויער רויך, וואָס פאַרשטעלט די הייזער, וואָלט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די באַהן־ליניעס, וואָס ציהען זיך ווי די שטעקעלאַך אין אַ פאָכער און אין דערווייטענס. אין דיזער בין־השמשות'דיגע דונקעלהייט האַלטען זיך אין איין ארומדרעהען די פערשיעדענע צוגען, וואָס געהען צו דעם אומגעגענד אויף די אָרטיגע ליניעס. און איבער די פינסטערע דעכער פון די גרויסע געדעקטע וואָגזאַלען, איבער דעם פינסטער געוואָרענעם פּאַריז, האָבען זיך צולאָזט די שטיקער רויט־געללען רויך.

— ניין־זשע, ניין, לאָז מיך געמאַך! — האָט סעווערינע געמורמעלט.

אָבער ניט ענטפערענדיג איהר אַ וואָרט, האָט רובאָ זי נאָך שטאַרקער געדריקט צו זיך; איהם האָט אויפגערעגט די וואַרעמקייט פון דעם יונגען קערפּער, וואָס ער האָט געהאַלטען ארומגענומען אין זיינע אָרמס. סעווערינע האָט איהם ווי פאַרשכור'ט, און ער איז שוין גענצליך געוואָרען אויסער זיך, ווען זי האָט זיך אויסגעבויגען כדי פון איהם זיך אויסצודרעהען. ער האָט זי אוועקגעריסען פון דעם פענסטער, און מיט'ן עללענבויגען דאָס פאַרמאַכט, זיינע ליפּען האָבען זיך געיאָגט נאָך סעווערינע'ס ליפּען, און ענדליך זיך אין זיי לייזענשאַפטליך איינגעזאַפּט. רובאָ האָט זי געצויגען צום בעט.

— ניין, ניין, מיר זיינען דאָך ניט אין דער היים, — האָט זיך סעווערינע ביי איהם געבעטען, — זעה, כ'בעט דיך, ניט דאָ, ניט אין ד ע ר שטוב!

זי איז אַליין אויך געווען ווי אַ פאַרשכור'טע, צו־וואַרמט פון דעם עסען און דעם וועג און אויך זאַגאַר פון איהר פיבערהאַפטע יאָגעניש איבער די גאַסען אין פּאַריז. די שטוב, צו פיעל אָנגעהייצט, דער טיש, אויף וועלכען עס האָבען זיך נאָך געוואַלגערט שטיקלאַך פון זייער פרישטיק, די אונערוואַרטעטע שטיינל

רייזע, פון וועלכע ס'האָט זיך געמאַכט א פּרעהליכע לוסט רייזע, — דאָס אַלעס האָט איהר צוהיצט די בלוטען, האָט זי אריינגעוואָרפען אין א פיבער. און דאָך האָט זי ענטזאגט, האָט זיך געראַנגעלט, אַנכאַפּענדיג זיך מיט די הענט פאַר'ן ווענטעל פון בעט, — געראַנגעלט זיך מיט שרעק, אליין ניט זייענדיג בעוואוסט פאַר וואָס דאָס איז אזוי.

— ניין, ניין, — איך וויל ניט!

רובאָ, ברענענדיג ווי א פייער, האָט ניט אָפּגעלאָזט זיינע גרויסע, גראָביאַנסקע הענט; ער האָט געציטערט; ער איז בערייט געווען זי צו צערייסען.

— נאַרעלע דו, ווער וועט וויסען! מיר וועלען דערנאָך צוריק פאַרבעטען ווי געווען.

ווען ער פלעגט אין דער היים אין האוור זיין דעזשורנע, ביי נאַכט, פלעגט זי איהם געוועהנליך צוליעב טהון, נאָך מיטטאג. איהר אליין האָט דאָס געשענקט א קנאַפּען פערגעניגען, זי פלעגט אָבער בערייט זיין איהם צוליעב צוטהון, איהם פריינדליך נאָכגעבען, אַבי עס זאָל איהם זיין אנגענעהם. אָבער היינט, דאָ, איז רובאָ עפּיס גאָר בעזאָנדערס געווען אויסער זיך, שפּירענדיג אז סעווערינע אליין איז אויך אין איין פיעבער, אין גאנצען געפאַנגען פון א פיזישע ליידענשאפט, וואָס ער האָט קיין מאָל אין איהר פריהער ניט געמערקט. איהרע אויגען פון דעם קאָליר פון דער קאָרנבלום האָבען אויסגעזעהען טונקעלער איבער דעם שווארצען שאטען פון איהרע האָאר; און איהרע פולע ליפּען האָבען געברענט אויף איהר אנגענעהם רונדען געזיכט; פאַר איהם איז איצט געווען א פרוי, וואָס ער האָט נאָך גאָר ניט געקאָנט. פאַר וואָס־זשע ענטזאַגט זי זיך?

— אָבער, זאָג, פאַר וואָס ניט? מיר האָבען דאָך נאָך גענוג צייט...

און דאַן אין א מין אנגסטליכקייט און אין דעם שטרייט, וועלכער איז איהר אליין ניט געוועזן קלאָהר, גלייך ווי זי אליין וואָלט זיך ביז איצט ניט געקענט, האָט סעווערינע אזוי שמערצליך א געשריי געטהון, אז רובאָ איז געקומען צו זיך.

— ניין, ניין... לאָז מיך צורוה, איך בעט דיך !... איך ווייס אליין ניט — וואָרום, אָבער נור דער געדאַנק דערפון אליין ברענגט איצט אויף מיר אַרויף אַ מורא... ס'איז ניט רעכט אַזוי...

זיי זיינען ביידע אַנידערגעפאַלען אויפ'ן עק בעט. רובאָ האָט אַ פּיהר געטהון מיט'ן האַנט איבער'ן פּנים, גלייך ווי ער וואָלט געוואָלט איינשטילען דעם פערצעהרענדען פייער אין איהם, זעהענדיג, אַז ער איז געוואָרען פערנינפטיג, האָט די יונגע פרוי זיך צערטליך אַנגעבויגען און האָט איהם אַ שטאַרקען קוש געגע־בען אין דער באַק, אום איהם צו צייגען, אַז זי ליעבט איהם פּאָרט. געגען אַ מינוט זיינען זיי אַזוי געזעסען, שווייגענדיג, וועלענדיג זיך בערוהיגען. רובאָ האָט אַנגענומען דער פרוי'ס לינקע האַנט און זיך געשפּיעלט מיט דעם אַלטען פינגערעל, — אַ גאָלדענע שלענגעל מיט אַ רובינענע קעפּעל, וועלכען סעווערינע האָט געטראָגען אויף דעם זעלבען פינגער ווי דאָס חופּה רינגעל. ער האָט שטענדיג געזעהען דאָס פינגערעל ביי איהר.

— מיין שלענגעל... — האָט סעווערינע אַ זאָג געטהון, אונ־בעוואוסטערהייט, ווי פון שלאָף, דענקענדיג, אַז איהר מאַן בע־טראַכט דאָס פינגערעל, און פיהלענדיג אַ געוואַלדיגע נויטהיג־קייט צו רעדען. — ער האָט עס מיר געשענקט אין קרואַ־דע־מאָפראַ, ווען איך בין אַלט געוואָרען זעכצעהן יאָהר.

רובאָ האָט מיט פערוואונדערונג אַ הויב געטהון דעם קאָפּ.
— ווער ?... דער הויפּט־ריכטער ?...

ווען דער מאַן האָט אויף איהר אויפמערקזאַם אַ קוק געטהון, האָט זיך סעווערינע ווי אויפגעכאַפּט. זי האָט דערפיהלט, ווי איהרע באַקען האָט עס געגעבען אַ נעהם ווי מיט אַ קעלט ; זי האָט געוואָלט ענטפערען, אָבער זי האָט קיין ווערטער ניט גע־פונען ; זי איז געוואָרען ווי פערשטאַרצט.

— דו האָסט דאָך מיר שטענדיג געזאָגט, — האָט פאָרט־געזעצט דער מאַן : — אַז דאָס פינגערעל האָסטו פון דיין מוטער.

דאָ וואָלט נאָך סעווערינע געקאָנט פערריכטען די איבריגע פּאָר ווערטער, וואָס האָבען זיך ביי איהר אַרויסגעכאַפּט. עס

וואָלט איהר געווען גענוג זיך צו צולאַכען, מאַכען א מינע, אז זי איז געווען צוטראָגען: אָבער זי האָט זיך פער'עקשן'ט, ניט בעהערשענדיג זיך, און ניט פערשטעהענדיג גאָרנישט.

— ניין, מיין פריינד, איך האָב דיר קיין מאָל ניט געזאָגט, אז דאָס פינגערעל האָב איך פון מיין מוטער.

פלוצלונג האָט רובאָ איהר א קוק געטהון אין געזיכט און איז אויך בלאַס געוואָרען.

— וואָס! דו האָסט מיר קיין מאָל ניט געזאָגט? דו האָסט עס מיר צוואנציג מאָל געזאָגט... איך זעה אויך קיין שלעכטס ניט אין דעם, וואָס דער הויפט־ריכטער האָט דיר געשענקט דאָס פינגערעל, — ער האָט דיר דאָך פיעל אנדערע זאכען אויך געשענקט... אָבער ווארום האָסטו עס פערבאָרגען פון מיר? ווארום האָסטו מיר געזאָגט א ליעגען, דערצעהלענדיג פון דיין מוטער?

— איך האָב ניט געזאָגט פון מיין מוטער, מיין ליעבער... דו האָסט א טעות...

אזא מין איינגעשפארטקייט האָט קיין זין ניט געהאט. סעווערינע האָט פערשטאנען, אז זי בעגראָבט זיך, אז איהר מאן לעזט קלאָהר אין איהר זעעלע, זי האָט געוואָלט פארריכטען איהר פעהלער, צוריק כאפען די ווערטער, אָבער פארפאלען: די יונגע פרוי האָט געפיהלט, אז איהר פנים מסר'ט זי, און אז זי איז זיך מודה געגען איהרע אייגענעם ווילען. א קעלט איז איהר אריין אין פנים; נערוועזע קאָנוואולסיעס האָבען גע־צופט איהרע ליפען. און איהר מאן, א דערשראָקענער, איז מיט א מאָל געוואָרען פלאם־רויט, גלייך ווי דאָס בלוט האָט איהם געזאָלט ארויסשפריצען פון די אָדערען; ער האָט סעווערינע'ן אָנגעכאפט פאר די הענט און אויף איהר אָנגעשטעלט די אויגען כדי אין איהר בלאָנדזשענדען בליק צו דערזעהען דאָס, וואָס זי האָט ניט געוואָלט ארויסזאָגען מיט'ן מויל.

— גאָט, מיין גאָט! — האָט ער קוים געמורמעלט, — מיין גאָט, מיין גאָט!

סעווערינע האָט זיך דערשראָקען און האָט אָנגעבויגען דעם

קאָפּ, זיך צו פאַרשטעלען דאָס פּנים אויס מורא פאַר א קלאַפּ. א קליינינקער, ניט וניהדיגער, אונבעדייטענדער פאקט, איין פער־געסענער ליעגען וועגען דעם פינגערעל האָט איהם אַרויסגעזאָגט דעם גאַנצען אמת אין קורצע ווערטער. איין איינציגע מינוט איז געוועזן גענוג דערצו. רובאַ האָט זיין יונגע פרוי א שליידער געטהון אויף'ן בעט און זי גענומען קלאַפּען מיט די פויסטען ווי נור ער האָט געקאָנט, אין די דריי יאָהר האָט ער זי מיט א פינ־גער ניט אָנגעריהרט, און איצט האָט ער זי געשלאָגען, גע'ממית'ט ווי פארשכורט, ווילד, ווי א משוגענע בעסטיע מיט געזונטע הענט, וואָס האָט א מאָל איבערגערוקט גאַנצע וואַגאָנעס.

— אַך, גאָטוניו, מיין גאָט! אַך, דו צולאָזענע! דו האָסט מיט איהם געלעבט!... געלעבט!...

און מיט יעדען וואָרט וואָס ער האָט אויסגעשפּראָכען, איז ער געוואָרען נאָך מעהר ווילד אין כעס, און, מיט יעדען וואָרט, האָט ער זי געשלאָגען נאָך שטאַרקער גלייך ווי ער וואָלט די ווער־טער געוואָלט אריינשלאָגען אין איהר.

— וואָס דער אַלטער האָט איבערגעלאָזט!... אַך, מיין גאָט, מיין גאָט!... אַך, דו צולאָזענע!.. האָסט געלעבט מיט איהם!... געלעבט מיט איהם...

רובאַ'ן האָט געשטיקט דער כעס; עס איז איהם טרוקען געוואָרען אין האלדז און ער האָט קיין וואָרט שוין מעהר ניט געקאָנט אויסרעדען. ערשט איצט האָט ער דערהערט, אז סע־וועריגע, אָהן כחות פון זיינע קלעפּ, זאָגט „נ י ט“. זי האָט ניט געפונען קיין אנדער מיטעל ווי זיך צו ראַטעווען, און זי האָט געלייקענט נור כדי ער זאָל זי ניט דער'הרג'ענען. און איהר געוויין און איהר ליגנערישע עקשנות, — דאָס האָט ביי רובאַ'ן גאָר אוועקגערויבט דעם לעצטען טראָפּען פארשטאַנד.

— זיי זיך מודה, דו האָסט מיט איהם געלעבט...

— ניין, ניין!

ער האָט זי גענומען אין זיינע אַרמס. האָט זי אויפגעהויבען און געהאַלטען, אז זי זאָל ניט קאָנען פארגראַבען אין בעט דאָס

פּנים, אוים מורא פאַר איהם. ער האָט זי געצוואונגען איהם קוקען אין די אויגען.

— זיי זיך מודה, האָסט מיט איהם געלעבט.

אָבער סעווערינע האָט זיך ארויסגעגליטשט פון זיינע הענט, האָט זיך א ריס געטהון און געוואָלט לויפען צו דער טיהר. מיט איין שפּרינג איז רובאָ געווען לעבען איהר מיט אויפגעהויבענע פויסטען; מיט א זעץ ווי פון א צו־ווילדעטען האָט ער זי אני־דערגעוואָרפען אויף דר'ערד, ביים טיש, איז צו צו איהר און זי אָנגעכאפּט פאַר די האָאר, זי זאָל שוין ניט קאָנען לויפען, געגען א מינוט זיינען זיי אזוי געלעגען אויף דער ערד, א פּנים צו א פּנים, און זיך ניט גערירט פון אָרט. ס'איז געוואָרען א שרעק־ליכע שטילקייט, און דאָ האָבען זיך דערהערט דאָס זינגען און לאַכען פון די פריילינס דאָווערן, און זייער פּיאַנאָ האָט צום גליק אזוי געקלאַפּט, אז מ'האָט ניט געקאָנט דערהערען דעם גע־שלעג ביי די רובאָ'ס. קלאַרא האָט געזונגען קינדערשע ליעדע־לאך, און סאָפיע האָט איהר אקקאָמפּאנירט מיט אלע כחות אויפ'ן פּיאַנאָ.

— זיי זיך מודה, האָסט מיט איהם געלעבט...

סעווערינע האָט שוין מעהר ניט געוואגט צו לייקענען, — האָט זי גאָר געשוויגען.

— אין גאַנצען נאָמען, זיי זיך מודה, אז דו האָסט געלעבט מיט איהם, אָדער איך שטעך דיר אריין א מעסער.

רובאָ וואָלט זי דער'הרג'עט אויף טויט, — סעווערינע האָט האָט דאָס קלאָהר געמערקט אין זיינע אויגען. פריהער, בשעת'ן פאַלען, האָט זי אויפ'ן טיש בעמערקט דאָס אָפענע מעסער; און זי האָט איצט אויך ווי געזעהן די בליסטשענדע שאַרף און איהר האָט זיך געדוכט, אז דער מאַן שטרעקט צו דעם אוים די האַנד. און זי האָט זיך מיט א מאָל דערפיהלט אזוי מאַט, די כחות זיינען איהר אויסגעגאַנגען און זי האָט געפיהלט, אז עס מוז נעמען א סוף אונבעדינגט.

— לאָז מיך אָפּ!... ס'איז אמת... יאַ...

און דאָ איז געשעהען עפּים אזוינס, אבשטויסענדעס. איהר

מודה' זיין זיך, וואָס רובאַ האָט אַליין פון איהר אַרויסגעריסען מיט געוואַלד, האָט איהם געטראָפען ווי עפּיס אַ שרעק, עפּיס אונמעגליכעס. ס'האָט אויסגעזעהען, ווי ער וואָלט זיך גאַר קיין מאָל אַזאַ ניעדערינקייט ניט געקאָנט פאָרשטעלען, ער האָט אָנגעכאַפּט סעווערינען פאַר'ן קאָפּ, און האָט מיט איהר קאָפּ גענומען האַקען אין פּיסעל פון טיש. זי האָט זיך געוואָלט אַרויסרייסען פון זיינע הענט, האָט ער זי אָנגעכאַפּט פאַר די האָאָר און זי געשלעפּט איבער'ן שטוב, אומוואָרפענדיג איינינגע בענקלאַך. און יעדעס מאָל וואָס די פרוי האָט זיך געוואָלט אויפהויבען, האָט ער זי מיט'ן פויסט צוריק געשליידערט. רובאַ האָט שוין כמעט ניט געקאָנט אָטהמען, ער האָט פאַרקלעמט די ציינער, און ס'האָט איהם אָנגענומען עפּיס אַ מין ווילדע, זינלאָזע רציחה. דער טיש האָט זיך אָבגערוקט און דער אייזערנער אויווען האָט זיך שיער ניט איבערגעקעהרט. צום שפּיץ פון בופעט האָבען זיך צוגעקלעפּט אין בלוט איינגעריכטע האָאָר.

אַז זיי זיינען ענדליך געקומען צו זיך, צוהיווילדעטע און געשטיקטע פון דעם שרעק, און אויסגעמאַטערטע פון די קלעפּ, די געגעבענען און די צוגענומענע, — האָבען זיי זיך ווידער צוגעשלעפּט ביז צום בעט. סעווערינע האָט זיך אַלץ געוואַלגערט אויף דר'ערד, רובאַ, זיצענדיג אויף אַלע פיער און האַלטענדיג זי ביי די אָרמס. מאַן און ווייב האָבען קוים געאָטהעמט. אונטען האָט זיך נאָך אַלץ געהערט די מוזיק און ס'האָט נאָך אַלץ געהילכט דער יונגער קלינגענדער געלעכטער.

---

רובאַ האָט גראָב אויפגעהויבען סעווערינע'ן און האָט זי אַ וואָרף געטהון אויפ'ן בעט, און זי צוקוועטשענדיג צום ווענטעל, שטעהענדיג אויף די קניע און צוהאַלטענדיג דאָס ווייב מיט דער האַנד, האָט ער ענדליך געקענט נעמען רעדען. ער האָט זי שוין ניט געשלאָגען, ער האָט זי געמאַטערט מיט פראַגען, האָבענדיג אַ געוואַלדיגע דורשט געוואָהר צו ווערען דעם אמת.

— אַלזאָ, האָסטו געלעבט מיט איהם, דו אויסגעלאַסענע !...

זאָג עס מיר, זאָג עס מיר, דו האָסט געלעבט מיט דעם אַלטען...

און ווי אַלט ביסטו דאַן געווען ?... זאָג... זאָג... ביזט נאָך געווען אַ קליין מיידעל, נאָך גאָר אַ קליין מיידעל, נאָר גאָר אַ קליין מיידעלע, ניט אמת ?

מיט אַ מאָל האָט סעווערינע ארויסגעפּלאַצט מיט אַ געוויין; די טרערען האָבען איהר געשטערט צו רעדען.

— גאָט, מיין גאָט ! האָט איהר אָבגענומען דער לשון ?... נו ? זאָג, נאָך אפילו קיין צעהן יאָהר ניט אַלט געווען, ווען דו האָסט אָנגעהויבען צו אונטערהאַלטען דעם אַלטען ?... אָט צוליעב וואָס האָט ער דיך אויפגעהאָדעוועט, — צוליעב זיין ניעדערטרעכטיגקייט ! נו, רעד שוין אַ מאָל... אָדער איך נעהם זיך ווידער אַמאָל צו דיר !

סעווערינע האָט געוויינט און האָט ניט געקענט ארויסרעדען קיין וואָרט; רובאָ האָט אויפגעהויבען די האַנד און האָט זי פאַרטומעלט מיט פרישע קלעפּ. ניט קריגענדיג קיין ענטפער האָט ער איהר דריי מאָל אָבגעלאָזען קלעפּ, אַלץ ווידערהאָלענדיג זיין פראַגע.

— ווי אַלט ביסטו געווען ? זאָג, דו אויסגעלאַסענע ! זאָג שוין !...

— צו וואָס זיך ראַנגלען ? סעווערינע האָט געפיהלט, אַז איהר נשמה געהט שוין ארויס פון איהר. ער וואָלט פון איהר געקאָנט ארויסרייסען איהר האַרץ מיט זיינע גראָבע הענט פון אַ געוועזענעם וואָקזאַל ארבייטער.

דער פערהער האָט זיך געצויגען, זי האָט זיך אין אַלעמען מודה געווען, זי איז געווען אויף אַזוי פיעל דערשלאָגען פון שאַנדע און שרעק, אַז איהרע ווערטער, וואָס זי האָט געשעפּטשעט האָבען זיך קוים געהערט, און רובאָ, אַ געפּייניגטער פון דער אייפערזוכט איז אַזוי ווי בעזויפען געוואָרען פון זיינע ליידען, וועלכע זיינען אין איהם ארויסגערופען געוואָרען דורך דעם, וואָס זי האָט איהם דערצעהלט. ער האָט זיך ניט געקענט אָנזעטיגען, ער האָט זי געצוואונגען זיך אומצוקעהרען צו די איינצעלהייטען, און פּינקטליך בעשרייבען די פּאַסירונגען. צובויגענדיג דעם אויער צו דער אונגליקליכער'ס ליפּען און ווערענדיג אַן אויסגע־

מאטערטער פון דעם, אין וואס זי האט זיך מודה געווען, איז רובא געשטאנען איבער איהר מיט אן אויפגעהויבענעם פויסט, א פארטיגער זי אויפס־ניי צו שלאגען, אויב זי זאל נאר ניט וועלען רעדען.

פאר איהר האט ווידער דורכגעשוועבט איהר פערגאנגענ־הייט אין דואנוויל, איהר קינדהייט, איהר יוגענד. איז דאס אלעס פארגעקומען אונטער די ביימער פון'ם גרויסען פארק, אדער אין די טונקעלע ווינקלען פון א קארידאר אין שלאס? הייסט עס, אז דער הויפט־ריכטער האט שוין געטראכט פון איהר נאך דאן, ווען נאכ'ן גערטנער'ס טויט האט ער זי גענו־מען צו זיך און זי ערצויגען צוזאמען מיט זיין טאכטער? עס האט זיך געווים אנגעפאנגען נאך דאן, ווען די אנדערע מיידעלאך פלעגען זיך צולויפען, ווען ער פלעגט אנקומען, און זי פלעגט בלייבען און מיט א שמייכעלע, אויפהייבענדיג איהר מארדעלע, האט זי געווארט, ער זאל איהר א קלאפ טהון אין בעקעלע, און שפעטער, ווען נור זי אליין האט געוואגט צו רעדען צו איהם, ווען זי האט אלעס געקאנט ביי איהם פועלען, איז דאס אפשר טאקי געווען, נור דערפאר, ווייל זי איז געווען זיין ליעבהאבערין, און ער האט זי אבגעקויפט מיט די זעלבע ליעבליכקייטען, מיט וועלכע מען פערגוואלטיגט דיענסטמיידלאך. — ער, דער זעלבער וואס איז געווען אזוי בייז און שטרענג צו אלע אנדערע? אך, די לומפעריי! דער אלטער תרח האט זי געצוואונגען איהם צו קושען ווי א זיידען, און האט בעאבאכטעט ווי עס וואקסט אונטער דאס מיידעלע, פלעגט זיך אן איהר אנריהרען, האט זיך יעדעס מאל אביסעל בעגוצט מיט איהר, ניט האבענדיג קיין געדולד צו ווארטען ביז זי וועט צייטיג ווערען.

רובא'ן האט עס געשטיקט.

— נו, ווי אלט ביסטו דאן געווען, ענדליך? זאג, ווי אלט?

— זעכצעהן און א האלב יאהר...

— ס'א ליעגען!

זאגען ליעגען... מיין גאט!... צו וואס? סעווערינע האט

א קוועטש געטהון מיט די אקסלען, אונמעכטיג פון מיעדקייט און שוואכקייט.

— און צום ערשטען מאָל, וואו איז דאָס פאָרגעקומען ?

— אין קרוא־דע־מאָפרא.

געגען א מינוט האָט רובאַ זיך געוואַקעלט, זיינע ליפּען האָבען געציטערט און פון זיינע אויגען האָבען געשפּריצט געלע פונקען.

— איך פאָדער, אז דו זאָלסט מיר דערצעהלען, וואָס ער האָט זיך מיט דיר דאַן ערלויבט ?

סעווערינע האָט געשוויעגען : דער מאַן האָט אויפגעהויבען דעם פויסט.

— דו וועסט מיר ניט גלויבען...

—דאָך, רעד.. ער האָט דיר קיין שלעכטס ניט געקאָנט טהון ?

יא ?

זי האָט א שאָקעל געטהון מיט'ן קאָפּ, אז ער האָט געטראָפען. דאָס איז שוין גוט. דאַן האָט ער זיך אָנגעכאַפּט פאר דער סצענע, ער האָט זי אין גאַנצען געוואָלט וויסען, פון אָנפאַנג ביז'ן סוף; און ער איז אָנגעגאַנגען מיט די אונמעגליכסטע פראַגען, מיט דעם שמוציגסטען פערהער; סעווערינע האָט מעהר ניט געעפענט איהרע ליפּען: זי האָט געלייקענט אָדער ניט געלייקענט נור מיט א שאָקעל פון קאָפּ. פיליכט וועט זיי ביידען לייכטער ווערען ווען זי וועט זיך אין אַלעם מודה זיין. אָבער רובאַ האָט נאָך מעהר געליטען פון די איינצעלהייטען, אין וועלכע סעווערינע האָט געזעהען פערלייכטענדע אומשטענדען פיר איהר שולד. נאָרמאַלע, ריכטיגע פערהעלטניסע וואָלטען איהם ווייניגער געפּייניגט. אָבער דיזע אויסגעלאַסענהייט האָט אין איהם אַלץ אויפגעגליהעט, האָט אין זיין קערפּער אריינגעשטאָכען און דאַן געקירעוועט די פערגיפטעטע פייל פון אייפערזוכט. איצט קען ער שוין געווים מעהר ניט לעבען, — פאר זיינע אויגען וועט אימער שוועבען דאָס העסליכע בילד.

פון זיין ברוסט האָט זיך ארויסגעריסען א געוויין.

— אָ, גאָט, מיין גאָט! אָ, גאָט מיין גאָט!... דאָס קען ניט בלייבען אַזוי, ניין, ניין! דאָס איז שוין צו פיעל!... דאָס קען אַזוי ניט פערבלייבען!

פלוצלינג האָט ער אָנגעכאַפּט סעווערינע'ן און האָט זי אַ שטאַרקען טרעסעל געטהון.

— וואָרום זשע האָסטו, אויסגעלאַסענע, מיט מיר חתונה געהאַט? ווייסטו רען ניט, אַז עס איז געמיין מיך אַזוי אָבּ־צונאַרען? אין די געפענגניסע איז דאָ געגוג גנב'טעס, ביי וועמען דער געוויסען איז פיעל רייגער... הייסט עס, אַז דו האָסט מיך פעראַכטעט, האָסט מיך ניט געליעבט?... וואָרום זשע האָסטו מיט מיר געהייראַט?

סעווערינע האָט געמאַכט אַן אונבעשטימטע בעוועגונג. האָט זי דאָס דען איצט ריכטיג געוואוסט? זי איז געוועזען גליקליך, בעת זי האָט מיט איהם געהייראַט, רענקענדיג צו מאַכען אַן ענדע צו דעם פערגאַנגענעם. אָפט קומט אויס צו טהון דאָס וואָס מען וואָלט ניט געוואָלט טהון, ווייל דאָס איז נאָך פאָרט דער בעסטער אויסגאַנג. ניין, געליעבט האָט זי איהם ניט; זי האָט ניט געוואָלט זאָגען דעם מאַן, אַז ווען ניט די געשיכטע וואָלט זי בשום אופן ניט געוואָרען זיין פרוי.

— דאָס האָט ער דיך געוואָלט פערזאָרגען, — ניט וואהר? ער האָט געפונען אַ פּאַסענדע בהמה... ער האָט דיך געוואָלט פערזאָרגען אום דאָס זאָל קענען פאָרטגעזעצט ווערען, ניט וואהר? און איהר האָט פאָרטגעזעצט אין צייט פון דיינעביידע וויזיטען אַהין, ניט וואהר? צו ליעב דעם האָט ער דיך אַהין גענומען?

סעווערינע האָט וויעדער אונטערשטיצט מיט אַ שאָקעל פון קאָפּ.

— און אויך צוליעב דעם האָט ער דיך איצט איינגעלאַדען? דיעזע געמיינהייטען וואָלטען אָנגעהאַלטען אָהן אַן ענדע! און אַז איך וועל דיך איצט ניט דערשטיקען, וועלען זיי ערשט אָנהאַלטען!

זיינע צונויפגעקרעמפּטע הענט זיינען שוין געוועזען פאַר־

טיג אַנצוכאַפּען סעוועריגע'ן ביים האַלז, אָבער דאָס מאָל איז זי עמפּערט געוואָרען.

— ניט אמת, דו ביסט אונגערעכט. איך אַליין האָב זיך דאָך ענטזאָגט צו פאָהרען. דערמאָן זיך, אז דו האָסט מיר אַזוי לאַנג אָנגערעדט, אַז איך בין אַזש בייז געוואָרען... דו זעהסט, איך האָב ניט געוואָלט — איך וואָלט שוין געווים קיין מאָל, קיין מאָל ניט בעשטאַנען דאַרויף!

רובאָ האָט געפיהלט, אַז די יונגע פרוי זאָגט דעם אמת, אָבער דאָס האָט איהם קיין פערלייכטערונג ניט געבראַכט. ער האָט געפיהלט אַן אונפערטרעגליכען וועהטאָג גראַדע ווי פון אַ מעסער, וואָס וואָלט שטעקען אין זיין ברוסט, ווייל מען האָט שוין ניט געקאָנט אומקעהרען דאָס, וואָס איז פאָרגעקומען צווישען איהר און דיעזען מאַן. ער האָט אונדענקבאַר געליטען פון זיין אונמעכטיגקייט צו מאַכען, אַז דאָס זאָל ווערען אַנדערש. נאָך ניט ארויסלאָזענדיג פון זיינע הענד סעוועריגע'ן, האָט רובאָ צוגעבויגען זיין געזיכט צו איהר און, ווי אַ פער'כישופ'טער, האָט ער זיך אין איהר איינגעקוקט, גלייך ווי ער וואָלט אין דעם בלוט פון איהרע בלויע אָדערלעך געוואָלט געפונען דאָס, וואָס זי האָט איהם אויפגעדעקט. און אויסער זיך, ווי פון שלאָף, האָט ער געשעפּטשעט:

— אין קורא־דע־מאָפּרא, אין רויטען צימער... איך קען דאָס צימער: דאָס פענסטער געהט ארויס אויף די רעלסען, אַ בעט שטעהט דאָרט אנטגעגען פענסטער. הייסט עס, דאָרט... אין דיעזען צימער... איך פערשטעה, וואָרום ער וויל אויף דיר אָבשרייבען דאָס הויז: דו האָסט עס פערדיענט. ער האָט גע־מעגט זאָרגען פאַר דיינע גראָשענס און דאָן דיר געבען נדן, — דו האָסט זיך עס גאַנץ גוט פערדיענט... אַ, ריכטער, אַ בעזיצער פון מיליאָנען, אַזא געאַכטעטער, געבילדעטער, גרויסער מאַן! אויף מיין וואָרט, ס'איז משוגע צו ווערען.... נו, זאָג מיר, און וואָס ווייס איך, אַז ער איז גאָר דיין טאַטע?

סעוועריגע האָט זיך מיט שוועריגקייט אויפגעהויבען פון פּלאַץ. זי האָט דעם מאַן אָבגעשטופּט מיט אַ קראַפט, וואָס זיין

געווען אונגעהייער פיר איהר שוואכען, פערפינסטערטען, בעזיעגטען וועזען, און האָט גענומען ליידענשאפטליך פּראָטעסטירען:

— ניין, ניין, נאָר ניט דאָס! אַלעס איבעריגעס, ווי דו ווילסט... שלאָג מיך, הרג'ע מיך, אָבער דאָס זאָלסטו ניט זאָגען! דו זאָגסט אַ ליגען!

רובאָ האָט אין זיין האַנד איינגעהאַלטען סעווערינע'ס האַנד.

— דו ווייסט דען עפּיס? דו ביזט אַזוי עמפּערט, ווייל דו אַליין ביסט אין צווייפעל, צו איז ער ניט דיין טאַטע.

די יונגע פרוי האָט זיך גענומען אַרויסרייסען די האַנד, און רובאָ האָט פּלוצלונג בעמערקט דאָס פערגעסענע פינגערל אויף איהר פינגער, — דאָס גאָלדענע שלענגעל מיט אַ רובינענע קעפּעל. ער האָט עס אַראָבגעריסען פון איהר פינגער און אין אַ נייעם אָנפאַל פון כעס האָט ער עס מיט'ן אָבצאַס צוטראָטען אויפ'ן פּאָדלאָגע, און האָט גענומען שפּאַנען איבער'ן צימער אַ שוויינענדער, אַ דערשלאָגענער. סעווערינע האָט זיך אַנידערגעזעצט אויפ'ן עק בעט און גענומען אויפמערקזאַם קוקען אויפ'ן מאַן מיט ברייט־געעפענטע אויגען. עס האָט געהערשט אַ שרעקליכע שטילקייט.

רובאָ'ס כעס איז ניט איבערגעגאַנגען. אויף אַ מינוט איז זיין צאָרן קלענער געוואָרען, אָבער ווידער האָט ער איהם אָנגעכאַפּט, ווי אַ מין שכרות, פערטרינקענדיג איהם מיט זיינע שרעקליכע וועלען, ביז דער קאָפּ האָט זיך איהם גענומען דרעהען. רובאָ האָט אויפגעהערט זיך צו בעהערשען, האָט זיך געוואָרפען ווי אַ ווילדער, און זיך אין גאַנצען איבערגעגעבען צו דעם צו־יושעטען שטורם, וואָס איז אויף איהם אָנגעקומען, און האָט זיך אונטערגעגעבען דער איינציגער בעדירפניס צו בעפרידיגען די בעסטיע, וואָס האָט געיושעט אין איהם. דאָס איז געווען אַ ריין פיזישע, געוואַלדיגע בעדירפניס, אַ מין דורשט נאָך ראַכע; ס'האָט געפייניגט זיין קערפּער, און וועט איהם ניט געבען קיין רוהע ביז ער וועט ניט שטילען די בעדירפניס.

ניט אָבשטעלענדיג זיך, האָט רובאָ מיט ביידע פויסטען זיך

גנעהאַקט אין קאָפּ אריין און מיט א געבראָכען הארץ האָט ער געיאָמערט:

— וואָס טהוט מען?...

אויב ער האָט שוין דיעזע פרוי ביז איצט ניט געטויטעט, וועט ער זי שוין ניט טויטען. זיין שוואכער כאַראַקטער, וועלכער האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם, וואָס ער האָט זי ניט דער׳הרג׳עט גלייך אויפ׳ן אָרט, האָט נאָך פערגרעסערט זיין כעס, ווייל דאָס איז דאָך טאקי געווען א שוואכהייט פון כאַראַקטער — ווייל עס הייסט דאָך, אַז איהם איז נאָך געווען טהייער דאָס פנים׳על פון דיעזער אויסגעלאסענער, וואָס ער האָט זי ניט דערוואָרגען. אָבער פערבלייבען מיט איהר קען ער דאָך אויך ניט. הייסט עס אַז ער מוז זי ארויסטרייבען, ארויסוואַרפען אויף דער גאס, אַז ער זאָל זי שוין קיין מאָל ניט אָנקוקען, און אַ נייער שטראָם פון שמערצען האָבען א כאַפּ געטהון רובאָ׳ן, ער האָט דערפיהלט אַן אונערטרעגליכע קלעמעניש פון דעם געדאנק, אַז ער איז ניט פעהיג זאָגאַר אויף אַזא זאך אויך. איז וואָס? קומט, הייסט עס, אויס זיך נאָך צופרידען צו שטעלען מיט אַזאַ געמיינהייט, מיט נעהמען זי מיט זיך קיין האַוור און ווייטער מיט איהר לעבען אין פריעדען, גלייך ווי ס׳האָט גאָרניט פּאסירט? ניין, ניין, בעסער דער טויט, א טויט אויף ביידע, דאָ, באַלד!

עס האָט איהם אָנגעכאַפּט אַזא שרעק, אַז ער האָט אַזש אויסגעשריען אויפ׳ן קול:

— וואָס זאָל איך טהון!...

זיצענדיג אויפ׳ן בעט, האָט סעווערינע אַלץ נאָכגעקוקט דעם מאַן מיט גרויסע צושראָקענע אויגען. אין איהר רוהיגע פריינדשאפט צו איהר מאַן ווי צו איהרען אַ חבר, האָט זי שוין דערשפּיערט אַ רחמנות אויף דעם מענשען, צוזעהענדיג זיינע ענדלאָזע יסורים. זי וואָלט איהם מוחל געווען, וואָס ער האָט זי געזידעלט און געשלאָגען, אָבער זי איז געווען צו צוטומעלט פון זיין משוגענעם צאָרן; זי איז נאָך אַלץ צו זיך ניט געקומען פון איבערראַשונג. זי, די שטילינקע, ווייך־הערציגע, וועל־

בע האט נאך אין דער יוגענד זיך אונטערגעגעבען צו דעם אל־טען, און האט דערנאך געהייראט בלויז דערצו אבי ס'זאל נעה־מען א סוף ווי ס'ניט איז, — זי האט ניט געקענט בעגרייפען אזא מין ווילדען אנפאל פון אייפערזוכט פאר חטאים פון אמאל, אויף וועלכע זי האט שוין לאנג חרטה געהאט. אין אמת'ן ניט זייענדיג דעמאראליזירט, ניט וויסענדיג נאך פון קיין ליידענ־שאפטען, אין איהר האלב־בעוואוסטזייניגען צושטאנד פון א גוט מיידעל און א צנועה, ניט קוקענדיג אויף אלע איהרע זינד, האט זי בעטראכט איהר מאן, ווי ער ווארפט זיך איבער'ן שטוב אין זיין ווילדע רציחה, ווי זי וואלט פאר זיך געזעהען א וואלף, א חיה פון אן אנדער וועלט. וואס איז איהם אזוינס? דאס איז דאך ניט נור כעס. און מעהר פון אלעם האט זיך סעווערינע געשראקען דערפאר, וואס זי האט אין איהם מיט אמאל דערזעהען א חיה; דריי יאהר צייט האט זי דאס בלויז געשפיערט אין איהם, פון זיין האלב־פערשטיקטען רעווען צייטענווייז, און איצט איז די חיה ארויס פון דער קעט, א צווווילדעטע און וויל זי צורייסען. וואס קען זי איהם זאגען צו פערהיטען אן אונגליק?

יעדעס מאל, שפאנענדיג הין און צוריק, איז ראבא פאר־בייגעגאנגען נאהענט צום בעט, פארביי סעווערינען. זי האט ווי געווארט, און ענדליך האט זי זיך דערוואגט צו זאגען:

— הער מיך אויס, מיין פריינד....

אבער ער האט גארניט געהערט. ער האט זיך א ווארף גע־טהון צום אנדערען עק שטוב, ווי א שטרוי, וואס דער שטורם טראגט.

— וואס זאל איך טהון? וואס זאל איך טהון?

ענדליך האט סעווערינע איהם אנגעכאפט פאר דער האנד און איהם אבגעשטעלט אויף א רגע.

— הער מיך אויס, מיין פריינד. איך האב זיך דאך אליין ענטזאגט צו פאהרען אהין.... און איך וועל דאך אהין מעהר קיין מאל ניט פאהרען, קיין מאל ניט, קיין מאל ניט! איך ליעב דיך.

און די יונגע פרוי האט גענומען האלזען דעם מאן, זי האט

איהם אומגעארמט, אויסגעשטרעקט איהרע ליפען צו איהם פיר א קוש. אבער רובא האט זי פון זיך אבגעשטויסען מיט עקעל און איז אנידער געפאלען צום בעט.

— אה, דו אויסגעלאסענע !... איצט מאכט דיר שוין ניט אויס.... און נאר וואס האסטו מיר ענטזאגט, האסט מיך ניט געוואלט קענען. און איצט... אדרבא... ווילסט מיך וויעדער אריינגנארען אין דיינע הענד, א ? אז דערמיט קאן מען צובינדען א מאנספערזאן, איז ער ריכטיג צוגעבונדען.... אבער מיך וואלט איצט געברענט א לעבעדיגען, ווען איך זאל דיך אנריהרען, — אה, איך פיהל אז ווי א סם וואלט מיר דאס גע׳שרפט׳עט מיין בלוט.

רובא האט געציטערט. דער געדאנק צו זיין מיט זיין פרוי, זייערע ביידענ׳ס קערפערס אויסגעצויגען אויפ׳ן בעט, האט איהם מיט אמאל א ברען געטהון ווי מיט א פלאם-פייער. און דא, אין די ביטערע פינסטערקייט פון זיין נשמה, אין די טיעפעניש פון זיין בעשמוצט ליידענשאפט, וואס טהוט איהם אן אזוינע שמערצען, איז פלוצים, ווי אן אפענע וואונד, אויסגעבויערט געווארען דער געדאנק פון טויט.

— פארשטעהסטו, — האט ער צו איהר געזאגט, — כדי איך זאל ניט קראפירען ווען איך זאל לעבען מיט דיר, איז בויטיג אז פריהער זאל אנלעגען מיט׳ן קאפ יענער, דער אנדערער דיינער.... איך מוז איהם פארניכטען.... איך מוז איהם פארניכטען !...

רובא׳ס שטימע איז געווארען העכער ; איבערזאגענדיג די ווערטער, איז ער ווי אויסגעוואקסען. ער האט זיך אויסגעגלייכט, גלייך אין דעם איז פאר איהם געווען דער בעשלוס, וואס האט איהם בערוהיגט. ער האט מעהר ניט גערעדט. ער איז לאנגזאם צו צום טיש און האט א קוק געטהון אויף דעם מעסער ; דאס ברייטע אפענע קלינגעל האט געבליטשעט. רובא האט, ווי מעכאניש, צוגעמאכט דאס מעסער און זיך עס אריינגעלייגט אין קעשענע, און, אבלאזענדיג די הענד, איז ער געבליבען שטעהן אויפ׳ן ארט פארטראכט און קוקענדיג מיט די אויגען

ערגיץ אוועק ווייט. זיינע געדאנקען האבען איהם געלעגט צוויי טיעפע קנייטשען אויפ'ן שטערן. כדי צו קענען צו עפּיס זיך דערטראכטען, האט רובא געעפענט דאס פענסטער און ארויס־געשטרעקט דעם קאפּ אין דער פרישער לופט פון אבענד. און סעווערינע, א דערשראָקענע, האט זיך אויך אויפגעהויבען. זי האט ניט געוואגט פרעגען א וואָרט, און האט געטראכט וועגען דעם, וואס עס טהוט זיך דאָרט, אין זיין פאר'עקשנ'טען קאפּ, און זי האט געווארט, אויך שטעהענדיג פאר דעם אָפענעם ברייטען הימעל.

ס'האט גענומען ווערען פארנאכט. די הייזער האבען זיך אין דער ווייטען אויסגעשטעלט ווי טונקעל שאטענס ; דער גרויסער סקווער ביים באהן־הויף איז געוואָרען פול מיט וויאָ־לעטאָווען רויך. ספּעציעל ביי דער זייט פון באטיניאָל האט די לאנגע גרוב אויסגעזעהען ווי פערשאָטען מיט אש, אין וועלכע עס האבען ווי גענומען ארייַנזינקען די שטאנגען פון דעם בריק דע ל'איראָפּ. פון דער זייט פון פּאריז האבען די לעצטע שטראה־לען פון דעם פארגעהענדען טאג אבגעשיינט אין די שויבען פון דעם גרויסען געדעקטען וואָקזאל. אָבער אונטען איז די פינ־סטערקייט געוואָרען אלץ מעהר און מעהר געדיכט. וואו ניט וואו האבען זיך גענומען ווייזען פונקען ליכט, און אויף די פאַ־סאַזשיר־פּלאַטפאָרמען האט מען אָנגעצונדען די גאז־רערלאך. און פון דעם פונקט האט געשיינט א העלע, ווייסע ליכט, — דאס איז געוועזען דער לאמפּ ביי דעם לאָקאָמאָטיוו פון'ם צוג, וואס געהט קיין דיעפּ. די טירען זיינען שוין געווען פערמאכט, די וואַגאָנען פול מיט פּאסאַזשירען, און מ'האט נור געווארט אויף דעם בעפעהל פון דעם דעזשורנעם ארויסהעלפער פון דעם סטאַציאָן־מייסטער איהם צו ריהרען אין וועג אריין. ס'איז געוואָ־רען א טומעל : דער רויטער סיגנאל פון דעם רעלסען־קירעווער האט פערמאכט דעם וועג, און א קליינע דאמפּף־מאשין איז צוגעקומען אוועקשלעפּען די וואַגאָנען, וואס זיינען דא על פּי טעות אוועקגעשטעלט געוואָרען. אין די פינסטערניש, וואס איז געוואָרען אלץ געדיכטער, זיינען אויף די געפּלאָנטערטע פעדים־

אייזענבאהן הין און צוריק געגאנגען די דאמפף־מאשינען און זיך געדרעהט צווישען די שטיל־שטעהענדע וואגאָנעם אויף די זייטיגע רעלסען. איין צוג איז געגאנגען אין ארזשאנטייל, און א צווייטער — קיין סאַן־זשערמעין; און זעהר א גרויסער צוג איז אָנגעקומען פון שערבורג. סיגנאלען האבען זיך געוויזען עפטער, מ'האָט גענומען פייפען פון די לאָקאָמאָטיווען און פון די סיגנאל טרומייטלאך; פון אלע זייטען האָבען זיך יעדע ווײלע בעוויזען פייערלאך, — רויטע, גרינע, געלע, ווייסע. פון אלעם איז געוואָרען איין צומישענעם אין די טונקעלהייט פון דעם פארגעהענדען טאָג; ס'האָט זיך אָבגעדוכט אז אָט אָט וועט ווערען א צוזאמענשטויס; אָבער די צוגען זיינען זיך פארביי־געגאנגען, פאנאנדערגעגאנגען און אוועקגעגאנגען מיט שטילע, וויכע בעוועגונגען, פארשווינדענדיג ערגיץ אין דער פינסטער. אָט געהט אָבער מיט אמאָל אויס דאָס רויטע ליכט ביים דרעה־צירקעל, עס דערהערט זיך דער פייף פון דעם צוג קיין דיעפּ, און ער גיט זיך א ריהר.

פון דעם בלאסען הימעל האָבען גענומען פאלען פיצינקע קאפעלאך רעגען. די נאכט וועט אודאי זיין זעהר א פייכטע.

אז רובאָ האָט זיך אומגעקעהרט, האָט זיין פּנים אויסגעזעהען פינסטער און פאר'עקשנ'ט, גלייך ווי אויף איהם וואלט ארויפ־געפאלען דער שאטען פון דער קומענדער נאכט. ער האָט שוין געהאט זיין פּלאן, ער האָט שוין געוואוסט וואָס צו טהון. ביי דעם אויסגעהענדען שיין פון טאָג, האָט ער א קוק געטהון אויפ'ן זייגער און געזאָגט אין דער הויך.

— פינף אוהר צוואנציג....

רובאָ האָט זיך פערוואונדערט: בלויז איין שעה — קיין גאנצע שעה ניט — און וואָס דאָ האָט זיך אָבגעטהון! איהם האָט זיך אָבגעדוכט, אז זיי עסען זיך אזוי איינער דעם אנדערען שוין וואָכען לאנג.

— זעקס אוהר צוואנציג, — מיר האָבען נאָך צייט.

סעווערינע, ניט וואגענדיג ארויס צו רעדען א וואָרט, האָט ווייטער נאָכגעקוקט יעדע בעוועגונג פון איהר מאן מיט איהויע

אונרוהיגע אויגען. זי האָט געזעהען, אַז ער זוכט עפּעס אין שאַפע, און האָט געפונען פּאַפּיער, אַ פלעשעלע טינט, אַ פעדער.

— זעץ זיך; שרייב....

— צו וועמען?

— צו איהם.... זעץ זיך.

די יונגע פרוי האָט אינסטינקטיוו זיך אָבגערוקט פון בענקעל, נאָך ניט וויסענדיג וואָס אייגענטליך דער מאַן וויל פון איהר; אָבער ער האָט זי אָנגעכאַפּט און זי מיט געוואַלד אַ זעץ געטהון צום טיש מיט אַזאַ כח, אַז זי איז געבליבען ווי מיט צוועקעס צוגעשלאָגען.

— שרייב... „פאָהרט היינט אָבענד ארויס מיט'ן שנעלל־צוג זעקס אוהר דרייסיג און ווייזט זיך פאַר קיינעם ניט ביז רואַן".

סעווערינע האָט געהאַלטען דעם פעדער, אָבער די האַנד האָט איהר געציטערט; און ס'איז איהר געוואָרען נאָך שרעקליכער פון דעם אונפערשטענדליכען מיין, וואָס די צוויי אייגּ־פּאַכע שורות האָבען געהאַט. זי האָט זיך דערוואַגט אויפצוהויבען דעם קאָפּ און האָט מיט אַ געבעט ארויסגעשעפּטשעט:

— מיין פריינד, וואָס ווילסטו טהון?... ערקלעהר מיר, איך בעט דיך...

רובאָ האָט איבערגעזאָגט אויף אַ קול און בעפעהלענד:

— שרייב, שרייב!

און קוקענדיג איהר גלייך אין די אויגען, אָהן כעס, אָהן זיעדעל ווערטער, אָבער מיט אַזאַ האַרטען ווילען, אַז עס האָט זי געדריקט, פערניכטעט, — האָט ער צוגעזעצט:

— דו וועסט באַלד זעהען, וואָס איך וויל טהון.... און הער, כ'וויל דו זאָלסט טהון דאָס זעלבע וואָס איך.... אויף אַזאַ'ן אופן וועלען מיר ביידע האָבען איין ציעל, און צווישען אונז וועט זיין עפּיס סאָלידעס.

רובאָ האָט זי געשראָקען; און זי האָט זיך נאָך געפּרופט זיין פעסט.

— ניין, ניין! איך וויל וויסען. איך וועל ניט שרייבען ביז איך וועל ניט וויסען.

ניט רעדענדיג, האָט רובאַ אָנגעכאַפּט סעווערינע'ס האַנד, איהר צערטליכע, קינדערשע האַנד, און זי פאַרקלעמט אין זיין אייזערנעם פויסט, ווי אין אַ שרויפּשטיק, כּמעט צוריייבענדיג די פינגער. ער האָט געוואָלט, אַז צוזאַמען מיט דעם וועהטאָג זאָל איהר אין קערפּער אריין זיין ווילען אויך. סעווערינע האָט אַ געשריי געטהון אויפ'ן קול, און זי איז געוואָרען אונטערטהעניג, געבויגען. אין איהר בערייטקייט פון דעם אַלץ־נאָכגעבענדען כאַראַקטער, האָט זי, ווי פריהער גאַרניט וויסענדיג, בלויז גע־קאָנט איהם פאָלגען ווי אַ געצייג אין זיין האַנד — אַ געצייג פון ליעבע און — פון טויט.

— שרייב, שרייב!

און סעווערינע האָט מיט איהר צוועהטאָגטער האַנד קוים אָנגעשריבען.

— גוט; ביסט אַ וואוילינקע... — האָט רובאַ געזאָגט, איבערלעזענדיג דאָס צעטעלע, — און איצט ראַם צוריק אויף אין שטוב, מאַך זיך פערטיג.... איך וועל נאָך אריינקומען נאָך דיר.

ער איז געווען פאָלקאָמען רוהיג. ער האָט זיך פאַרריכט דאָס האַלז־טיכעל פאַר'ן שפּיגעל, אָנגעטהון דעם הוט און איז ארויסגעגאַנגען. סעווערינע האָט געהערט, אַז ער האָט פער־שלאָסען די טיהר און דעם שליסעל גענומען מיט זיך.

ס'איז געוואָרען אַלץ מעהר און מעהר נאַכט. געגען אַ מינוט איז די יונגע פרוי געזעסען אָהן שום בעוועגונג, אָנגעשטרענגט צוהערענדיג זיך צו יעדען שאָרך, וואָס האָט זיך געהערט פון יענער זייט טיהר. ביי דער שכנה, די צייטונגס־הענדלערקע, האָט זיך געהערט אַ פערשטיקטער, אונאויפהערענדער קוויטש: מסתמא האָט מען דאָרט פאַרשלאָסען אַ הינטעל. אונטען, ביי די דאָווערן'ס האָט דער פּאָרטעפּיאַן געשוויגען; איצט האָט זיך בלויז געהערט אַ פרעהליך קלינגעריי פון טעפּ און טעלער, — ביידע באַלעבאָסטעס האָבען זיך מתעסק געווען אין קיך: קלאַראַ האָט געקאָכט „ראַגו" — אַ מין ראָסעל־פלייש מיט שאַרפע געווירץ, — און סאָפיע האָט אָנגעגרייט סאַלאַט. און די אוים־

געמאטערטע, צו־וועהטאגטע סעווערינע, אין די אנגסט און שרעק פון דער קומענדער פינסטערער נאכט, האט זיך צוגעהערט צו זייער געלעכטער.

זעקס אוהר פונפצעהן מינוט איז דער לאקאמאטיוו פיר דעם האוור־צוג ארויסגעקראכען פון אונטער דעם בריק דע ל׳איירא‏ָפ, איז צוגעגאנגען צו די וואגאנעס, און מען האט איהם צוגעטשעפעט. ווייל די רעלסען זיינען געווען פערנומען מיט וואגאנעס, האט מען דעם צוג ניט געקענט צופיהרען צו די פלאטפארמע פון די הויפט־אייזענבאהן־ליניעס. ער האט געווארט אונטער דעם אפענעם הימעל, ביים ענד פון פאסאזשיר׳ס בריק, וועלכער האט זיך אין דער פינסטער פון דעם טינט־שווארצען הימעל אויסגעלאזט מיט א שמאלינקע לאנגע ערד־באנק, וואו א דייהע פון גאז־רערלאך אויפ׳ן טראטואר האט זיך ארויסגעוויזען ווי פונקען אין א טומאן. דער רעגען האט אויפגעהערט, אבער איבער דעם גרויסען, אפענעם פלאץ האט זיך געטראגען א קאל־טער, נאסער ווינט, וועלכען דער טומאן האט צוריק געיאגט אזש ביז די בלייכע פייערלאך אין די הייזער אויף די גאס דע ראם. די גרויסע שטרעקע, פארגאסען פון נאסקייט, האט אויסגעזעהען טרויעריג און אונענדליך; בלויז דא און דארט האבען זיך גע־זעהען בלוט־רויטע פייערלאך און אנגעשטעלטע גרויסע פינסטערע מאסעס, — די לאקאמאטיוען, וואגאנעס, איינציגווייז און עט־ליכע צוזאמען, וואס שטעהען שלעפעריג אויף די זייטיגע רעל־סען, און פון די טיפעניש פון דעם אקעאן פון פינסטערקייט האט זיך געהערט א רעש, דער געהאקטער, פיבערשער אטהמען פון די ריעזען, דאס פייפען, וואס הילכט ווי די דורכדרינגענדע קולות פון פרויען, וואס ווערען אטאקירט, און דאס אונגעהייערע פילדערן פון די וויטע סיגנאל־טרומייטלאך אין די ארומיגע גאסען. עס האט זיך דערהערט א בעפעהלענדער געשריי מ׳זאל צוטשעפען נאך א וואגאן. דער שטיל־שטעהענדער לאקאמאטיוו פון דעם שנעל־צוג האט דורך א קלאפאן ארויסגעלאזט א גרויסען שנור דאמפף, וועלכער האט זיך געצויגען ארויף אין דער פינ־סטער און איז זיך צוגאנגען אין גרויסע שטיקער, בענעצענדיג

ווי מיט ווייסע טרערען, דעם ענדלאָזען טרויער־וואואל איבער'ן גאַנצען הימעל.

זעקס אוהר צוואַנציג מינוט זיינען אָנגעקומען רובאָ און סעווערינע. זי האָט נאָר וואָס אָבגעגעבען דעם שליסעל דער מומע וויקטאָריע, פארבייגעהענדיג די טואַלעט קאבינעטען פיר דאמען. רובאָ האָט זי ביסלעכווייז אונטערגעטריבען, ווי א מאַן, וואָס איילט זיך ווען די ווייב זאמט זיך; דעם הוט האָט ער זיך פאררוקט ארונטער צום נאַקען, און איז געווען אונגעדולדיג און בייזלאך; זי האָט זיך זעהר גוט ארומגעוויקעלט דאָס פּנים מיט איהר וואואל און האָט אויסגעזעהען זעהר מיעד און אונזיכער. די פיעלע פּאַסאַזשירען האָבען זיך געשטופּט אויף דער פּלאַטפאָרמע; רובאָ מיט דער פרוי האָבען זיך פארמישט אין דער מאַסע און זיינען געגאַנגען פון וואַגאָן צו וואַגאָן, זוכענדיג מיט די אויגען אַ ניט־פארנומענעם קופּע ערשטען קלאַס. אויף דער פּלאַטפאָרמע איז דערווייל געוואָרען לעבעדיגער; די טרעגער האָבען צוגעשטופּט צום ערשטען וואַגאָן די אַנגעפּאַקטע באַגאַזש־וועגעלאך; דער קאָנדוקטאָר האָט זיך בעמיהט צו געפינען פּלאַץ פאר א פאמיליע מיט אַ סך קינדערלאך, דער דעזשורנער ארויסהעלפער פון דעם סטאַנציאָן־מייסטער האָט איבערגעקוקט צו די וואַגאָנען זיינען גוט צוזאמען געקעטעלט, צוליכטענדיג זיך מיט זיין סיגנאַל־לאַנטערן, כדי בעסער צו זעהן, צו אַלעס איז ריכטיג און געזיכערט. רובאָ האָט ענדליך געפונען א פרייע קופּע, און האָט שוין געוואָלט הייסען סעווערינע'ן אריינגעהן אין וואַגאָן; ער האָט אָבער פּלוצים דערזעהען דעם אויפזעהער פון דער סטאַנציאָן, וואַנדאָרפין, שפּאַצירענדיג מיט זיין ארויסהעלפער דאָווערן.ביידע האָבען זיי זיך פארלעגט די הענד צוריק, און האָבען נאָכגעקוקט ווי מען קעטעלט צו א וואַגאָן. ער האָט זיך מיט זיי געגריסט; מ'מוז זיך אָבשטעלען און כאָטש זאָגען א וואָרט.

פריהער פון אַלעמען, האָט מען גערעדט א פּאָר ווערטער וועגען דער געשיכטע מיט דעם סוב־פּרעפעקט, און ווי דאָס האָט זיך געענדיגט צופרידענשטעלענד פאר אַלעמען. דערנאָך האָט

מען זיך צורעדט דערפון, וואס האט זיך דעם אין־דער־פריה געטראפען אין האוור, ווי דער טעלעגראף האט דאס געמעלדעט: אויף דעם לאקאמאטיוו „ליזא“, וואס פיהרט שבת און דאנערשטאג דעם זעקס־דרייסיג שנעל־צוג, האט זיך צובראכען דער טרייב־אייזען פונקט ביים אנקומען אין דער סטאנציע. דאס פאררוכטען האט אויף צוויי טעג פערהאלטען אין האוור דעם מאשיניסט, זשאק לאנטיע, רובא'ס א לאנדסמאן, מיט זיין הייצער פעקע, מומע וויקטאריא'ס מאן. שטעהענדיג ביים טיערעל פון די קופע, האט סעווערינע זיך צוגעהערט, ניט אריינגעהענדיג אין וואגאן, און איהר מאן, וועלענדיג אויסזעהען גאנץ מונטער, האט גערעדט הויך און געלאכט. ס'האט זיך דערהערט א שטארקער רוק; דער צוג איז אבגעשטופט געווארען אויף עטליכע מעטר: דאס האט די דאמפף־מאשינע אונטערגערוקט די פריהערדיגע וואגאנעם צו דעם צוגעגעבענעם נומער 293, כדי ס'זאל זיין א בעזונדערע קופע. דער יונגער דאווערן — האנרי, וועלכער איז געגאנגען מיט'ן צוג אלס דער אויבערקאנדוקטאר, האט דערקענט סעווערינע'ן אונטער'ן וואואל, און האט זי פארהיט פון א קלאפ מיט'ן אפענעם טיערעל פון וואגאן דערמיט, וואס ער האט זי האסטיג אבגעשטופט אן א זייט: מיט א שמייכעל האט ער זיך דערנאך ענטשולדיגט פריינדליך, דערצעהלענדיג איהר, אז די קופע איז ספעציעל פיר איינעם פון דער אדמיניסטראציע פון דער אייזענבאהן קאמפאניע, וועלכער האט זיך געהייסען צו־קעמלען די קופע ערשט א האלב שטונדע פאר'ן אוועקגעהן פון'ם צוג. סעווערינע האט זיך גאר אהן א פארוואס א לאך געטהון, — א נערוועזער, קורצער לאכען, און דער ענטציקטער האנרי איז אוועק צו זיין פאסטען; ער האט ניט איין מאל זיך געטראכט, אז מיט סעווערינע'ן וואלט מען געקאנט פיין פיהרען א ליבקע ליעבע.

ס'איז געווען זיעבען און צוואנציג מינוט אויף זיעבען. ביז זעקס־דרייסיג איז געבליבען נאך דריי מינוט. פלוצים איז רובא, וועלכער האט פון דער וויטענס קיין אויג ניט אראבגעלאזט פון די טיהר פון דעם ווארט־זאאל, ניט אויפהערענדיג העדען מיט

רעם סטאַנציאָן־מייסטער, פון איהם אָבגעטראָטען און איז צו צו סעווערינע'ן. אָבער דער וואַגאָן האָט זיך אָבגערוקט, און זיי זיינען אָבגעגאַנגען איינינע טריט צו דעם פרייען קו־ע; מיט דער פּלייצע צו די איבעריגע פּאַסאַזשירען האָט רובאָ געאיילט דאָס ווייב און האָט זי מיט געוואַלד אריינגעזעצט אין וואַגאָן. און זי, אויפגערעגט אָבער פאָלגענדיג, האָט בלויז אינסטינקטיוו זיך אומגעקוקט צוריק צו זעהן, וואָס דאָ איז אַזוינס. עס האָט זיך בעוויזען אַ פאַרשפּעטיגטער פּאַסאַזשיר, וועלכער האָט אויפ'ן האַנד געהאַט בלויז אַ פּלעד־שאַל; דער הויכער קאָלנער פון זיין לאַנגען בלויען אויבערראָק איז געווען אויפגעשטעלט, און די קאַנטען פון זיין הוט אַזוי אַראָבגערוקט איבער די אויגען, אַז קיין פּנים האָט מען ניט געקאָנט זעהן, און ביי די טריפענדע שיין פון די גאַז־ברענער האָט זיך נור געוויזען אַ שטיקעל גרויע באָרד. און דאָך זיינען וואַנדאָרפ און דאָווערן צוגעגאַנגען, ניט קוקענדיג דאַרויף, וואָס דער רייזענדער האָט קענטיג געוואָלט בלייבען אונבעמערקט. זיי זיינען איהם נאָכגעגאַנגען. ערשט פאַרבייגעהענדיג נאָך דריי וואַגאָנעס, האָט דער פּאַסאַזשיר זיך צו זיי פאַרנייגט לעבען דעם פיר איהם ספּעציעל אָנגעגרייטען קופּע, אין וועלכען ער איז האַסטיג אריין. דאָס איז געווען ער. סעווערינע איז אין איין ציטערניש אַנידערגעפאַלען אויף דער קאַנאַפּע. דער מאַן האָט איהר שמערצליך צוגעדריקט די האַנד, גלייך ווי דערמיט ווייזענדיג איהר זיין מאַכט און פרעהענדיג זיך אין דער זיכערהייט, אַז זיין פּלאַן וועט זיך איהם איינגעבען.

אין אַ מינוט ארום וועט דער זייגער קלינגען האַלב זיעבען. דער צייטונגס־מאַן איז צו יעדען צוגעשטאַנען מיט זיינע צייטונגען, די פּאַסאַזשירען האָבען ארומגעשפּאַצירט אויף דער פּלאַטפאָרמע, דערדרויכענענדיג זייערע פּאַפּיראָסען. ענדליך האָבען אַלע פערנומען זייערע פּלעצער; ס'האָט זיך פוןביידע עקען צוג געהערט ווי קאָנדוקטאָרס מאַכען צו די טיהרלעך פון די וואַגאָנעס. רובאָ האָט מיט פאַרדרוס בעמערקט אין זיין קופּע, וועלכען ער האָט גערעכענט פון קיינעם ניט בעזעצט, עפּיס אַ טונקעלע פיגור אין ווינקעל פון וואַגאָן, — קענטיג אַ פרוי אין

טרויער, א שוויינענדע און אהן בעוועגונג, און ער האט זיך שוין ניט געקענט איינהאלטען פון א בייזען אויסגעשריי, ווען די טירעל האט זיך ווידער געעפענט און דער קאנדוקטאר האט אריינגעשטופט אין קופע א פאארעל, — דער מאן א דיקער און די פרוי א דיקע, — וועלכע האבען זיך צוגעמאסטשעט, שווער אטהר מענדיג. דער צוג האט געזאלט גלייך נעהמען געהן, ס'האט ווידער גענומען קאפען א דריבנער רעגען, און די גרויסע פינ־סטערע שטרעקע איז ווידער פערצויגען געווארען ווי מיט א טול, און יעדע ווילע זיינען אלץ געגאנגען די צוגען און האבען אין די פינסטערניש געוויזען בלויז זייערע לייכטענדע שויבען, ווי א רייהע לויפענדע פענסטער. גרינגע פייערלאך האבען זיך בעוויזען, איינינגע לאנטערנעס האבען צוגעפינטעלט אויף דר'ערד, און אוי־סער דעם, שוין מעהר גארניט — בלויז איין ענדלאזע פינסטערניש, אין וועלכע עס האבען זיך געמערקט די שירם־דעכער פון דעם באהן־הויף אין דעם שוואכען אבשיין פון די גאז־ברענערס. אלעס איז געווארען פינסטער; אפילו דער גערויש האט אויפגעהערט, — א חוץ דעם געפילדער פון די דאמפף־מא־שין, וועלכע האט געעפענט די קלאפאנס און האט ארויסגעלאזט געדרעהטע וואלקענס פון ווייסע פארע, און א גאנצער וואלקען האט זיך אויפגעהויבען און האט זיך צושפרייט ווי א פאנטאס־טישער לייליך, אויף וועלכען עס האבען זיך מיט אמאל בעווי־זען, גאט ווייס פון וואנען, גרויסע פלעקען פון שווארצען רויך. און דער הימעל איז געווארען נאך פינסטערער; פאררויכערטע וואלקענס האבען זיך געטראגען איבער פאריז, וועלכער איז געווען בעלויכטען ווי אין א שרפה.

דער דעזשורנער ארויסהעלפער פון דעם סטאנציאן־מייסטער האט אויפגעהויבען זיין לאנטערן, אז דער מאשיניסט זאל זיך הייסען עפענען דעם וועג. און עס האבען זיך דערהערט צוויי פייפען, און אין דער ווייטענס, ביי דעם רעלסען־קירעוועך אויפ'ן פאסטען, איז דאס רויטע פייערל מיט אמאל אויסגעגאנגען און ס'האט זיך בעוויזען א ווייסע ליכט. שטעהענדיג אין דער טיהר פון דעם באגאזש־וואגאן, האט דער אויבערקאנדוקטאר געווארט

אויפ'ן סיגנאל דער צוג זאָל זיך ריהרען, און ער האָט טאקי באלד דעם סיגנאל איבערגעגעבען. און ס'האָט זיך דערהערט נאָך א געצויגענער פייף פון דעם מעכאניק, וועלכער האָט געעפענט דעם רעגולאטאָר אום צו לאָזען געהן דעם לאָקאָמאָטיוו. דער צוג האָט זיך גערירהרט. פון אָנהויב איז ער געגאנגען קוים־קוים צו מערקען, און דערנאָך שנעלער; דער צוג איז ארונטער אונטער דעם בריק דע ל'איראָפּ און איז אריין אין באטיניאלער טונעל. איצט האָט מען בלויז געזעהען דריי ליכט, ווי דריי אָפענע וואונדען, וואָס הענגען ווי א דרייעק אויף דעם לעצטען וואגאָן. נאָך איניגע סעקונדען האָט מען זיי געקענט נאָכקוקען אין די ציטערענדע פינסטערקייט פון דער נאכט. אָבער דער צוג איז אוועק און אוועק, און קיינער האָט שוין איהם מעהר ניט געקענט אָבשטעלען, ווי ער פליהט עס מיט אלע כחות. דער צוג איז פערשוואונדען.

2.

אין קרוא־דע־מאפרא, אין גאָרטען, איבערגעשניטען פון די אייזענבאהן ליניע, איז געשטאנען א הויז, א ביסעל אין א זייט, און אזוי נאָהענט צו די רעלסען, אז עס פלעגט ציטערען פון יעדען פארבייגעהענדען צוג. עס איז גענוג איין מאָל דאָ פארבייצופאָהרען, אז דאָס הויז זאָל זיך איינקריצען אין זכרון, און אלע פארבייפאָהרער קענען דאָס הויז, אָבער ווייסען וועגען דעם ווייסען זיי גאָרניט; ס'איז תמיד פארשלאָסען, ווי פון אלעמען פערלאָזען, מיט פערמאכטע גרויסע לאָדענס, וואָס זיינען פון מעריב רעגען אזש גרין געוואָרען. דאָס איז אן אמת'ע וויסטעניש, און דערפון ווערט נאָך אומעטיגער דער פארוואָהפענער ווינקעל; אויף א מייל ארום און ארום איז דאָ קיין וואָהנונג ניטאָ.

דאָ שטעהט נאָך בלויז די שטוב פון וועכטער ביים שלאַגבוים, ביים וועג, וואָס שניידט דורך די רעלסען און געהט קיין דואנוויל, וואָס איז פון דאנען פינף קילאָמעטר ווייט.*) די שטוב

*) נעגע. א פיער ווערסט און צוויי־דריטעל.—דער איבערזעצער.

איז א נידריגע, מיט שפּאַלטען אין די ווענט, מיט א דאַך פון ציגעל, וואָס זיינען שוין בעדעקט מיט מאָך; די שטוב זעהט אויס פאַרלאָזען, רחמנות'דיג; ארום איז א גערטענדעל פון מיש־גרינס, און איז ארומגערינגעלט מיט א פּלויט פון נידעריגע קוסטעס; אין גאָרטענדעל שטעהט א גרויסער ברונען, וועלכער איז כמעט אזוי הויך ווי די שטוב אליין. דער וועג שניידט איבער די ליניע צווישען די סטאַנציעס מאַלאַנעי און באראנטען, פּונקט אין מיטען, צו פיער קילאָמעטער פון ביידע.*) דער וועג אבער ווערט זעהר זעלטען בענוצט, און דער אלטער, האַלב־צופוילטער שלאַגבוים ווערט געעפענט בלויז פיר די שווערע וועגען, וואָס פיהרען שטיינער פון די בעקורער שטיין־גראָבענס, אין וואַלד געגען א האַלבע ליגע**) פון דאַנען. מען קען זיך גאָר ניט פאָרשטעלען קיין פאַרוואָרפענערען, קיין ווייטערען ווינקעלע פון דער לעבעדיגער וועלט, ווי דאָ, ווייל פון דאַנען ביז מאַלאַנע געהט א טונעל כמעט איבער דער גאַנצע שטרעקע, און קיין באראנטען פאָהרט מען מיט א שמאָלענקע, שלעכט־אויפגעפאַסטע, סטעזשקע ביי דער זייט פון דער באַהן־ליניע. בעזוכער קומען אהער זעלטען.

אין דעם טאָג, שוין געגען פאַרנאַכט, אין א שטילען, כמוה־נעם וועטער, איז א רייזענדער פון באראנטען, וואו ער איז אראָפּ פון באַהן, שנעל געגאַנגען צו פוס אויף דעם שמאָלען וועג צו קרוא־דע־מאָפּרא. די געגענד איז דאָ איין רייהע פון בערגלאַך און טהאָלכלאַך, און דער אייזענבאַהן שניידט די ניט גראַדע געגענד מיט ארויסגעגראָבענע אָדער אָנגעשאָטענע ערטער. און אויף ביידע זייטען פון דער ליניע איז דער וועג דערפאַר נאָך ערגער, ווייל ער ציהט זיך יעדע ווייל'ע באַרג־אַראָפּ און באַרג ארויף. און דער איינדרוק פון וויסטקייט ווערט נאָך שטאַרקער; די מאָגערע, ווייסליכע ערד איז ניט בעאַרבייט; די בוימער זיינען ווי קליינינקע וועלדעלאַך אויף די בערגלאַך; אין די

*) כמעט דריי און דריי־פיערטעל ווערסט.—דער איבערזעצער.

**) א ליגע איז פיער ווערסט, 84 סאַזשען.—דער איבערזעצער.

שמאָלע טאָלכלאַך פליעסען טייכעלאַך, אונטער דעם שאטען פון ווידע־בוימער. די קרייד־בערגלאַך בלייבען אָבער אין גאנצען נאַקעט, און די פרוכטלאָזע זייטען פון די בערגלאַך ציהען זיך איינע נאָך די אנדערע, ווייסטע, הוילע, טויטע.

דער יונגער קרעפטיגער רייזענדער האָט זיך געאיילט, גלייך ווי ער האָט געוואָלט ווי שנעלער זיך אָבטראָגען פון דעם שטילען, טרויעריגען פארנאכט אין דער בייזער ווייסטעניש.

אין דעם גאָרטען פון דעם וועכטער פון שלאגבוים האָט א מיידעל געצויגען וואסער פון ברונען. זי איז געוועזן א הויכע, שטארקע אכטצעהן־יעהריגע מיידעל, מיט בלאָנדע האָאר, פולע ליפען און מיט גרויסע גרינלאַך־אויסזעהענדע אויגען, מיט א נידעריגען שטערן אונטער א געדיכטען קאָפ האָר. זי איז ווייט ניט געווען קיין שעהנע מיט איהרע געזונטע ריפען און געזונטע הענד ווי ביי א יונג, א פויער. אז זי האָט דערזעהן דעם מאַן, געהענדיג מיט דעם שמאָלען וועג, האָט זי גלייך אוועקגעשטעלט דעם עמער און איז אוועק צום טויער פון פלויט.

— וואַרט, זשאַק! — האָט דאָס מיידעל אויסגעשריען.

ער האָט אויפגעהויבען דעם קאָפ. ער איז געווען א מאַן פון א יאָהר זעקס־און־צוואַנציג. אויך, ווי זי, פון הויכען וואוקס, א ברונעט און א שעהנער יונג, מיט א קיילעכדיגען, ריכטיג־געטאָקטען פנים, וואָס נור די באַק־ביינער האָבען פארדאָרבען. ער האָט געהאט האַרטע געקרייזעלטע האָר און געדיכטע שווארצע וואָנצעס, וואָס האָבען נאָך פארשטארקט די בלייכקייט פון זיין פנים. לויט זיין פיינע הויט, ריין ראַזירט אויף די באקען, וואָלט מען געקענט מיינען, אז ער איז פון די פריצים, ווען ניט די איינגעקריצטע צייכענס פון דעם בעל־מלאכה — די געלע פלעקען אויף זיינע הענד פון א מאשיניסט, — הענד, וועלכע זיינען אָבער ביי אלעם דעם געווען קליין און ווייך.

— גוט אבענד, פלאָרא, — האָט ער בלויז געזאָגט.

אָבער זיינע גרויסע שווארצע אויגען, וועלכע זיינען אין די שווארצאפלען געווען ווי בעשפרינקעלט מיט גילדערנע פינטעלאַך, זיינען ווי פארלאָשען און פארצויגען געוואָרען. דער יונגערמאַן

האָט ארונטערגעלאָזען די אויגען און האָט זיך ווי פאַרשעמט אָבגעקערט מיט אַן אויפרעגונג, וועלכע איז כמעט געווען אַ שמערץ. זיין גאַנצער קערפּער זאָגאַר האָט זיך אינסטינקטיוו צוריקגעהאַלטען.

דאָס מיידעל איז געשטאַנען, ניט ריהרענדיג זיך, מיט איהרע אויגען אָנגעשטעלט דירעקט אויף איהם; זי האָט בעמערקט זיין ניט־ווילענדיגען ציטער, וועלכען ער האָט פון איהר געוועלט פערבאָרגען, און וועלכער פלעגט איהם שטענדיג אָנכאַפּען, ווען נור ער האָט דערזעהען אַ פרויענצימער. אויגענשיינליך האָט דאָס זי געקרענקט, און זי האָט זיך פאַרטראַכט. צו פאַרבאָרגען זיין אונרוהיגקייט, האָט זי זשאַק געפרעגט צו איהר מוטער איז אין דער היים, אָבוואָהל ער האָט אַליין גוט געוואוסט, אַז די אַלטע איז קראַנק און קען ניט ארויסגעהן פון שטוב. די מיידעל האָט געענטפערט בלויז מיט אַ שאָקעל פון קאָפּ, האָט זיך אָבגערוקט אַ טריט, אַז ער זאָל קענען דורכגעהן, ניט אָנריהרענדיג זיך אין איהר און, מיט שטאָלץ אויפהויבענדיג דעם קאָפּ און ניט זאָגענדיג אַ וואָרט מעהר, האָט זי זיך צוריקגעקעהרט צום ברונען.

זשאַק איז איילענדיג איבערגעגאַנגען דעם גאָרטענדעל און איז צו צו די הייזעל. אין מיטען שטוב, — אַ גרויסע, גראָמע קיך, וואו מ'האָט געגעסען און מען איז געשלאָפען, איז געזעסען ביים טיש, אויף אַ שטרויענעם שטוהל, די מומע פאַזיע, ווי ער האָט זי גערופען פון קינדהייט אָן; אַן אַלטער שאַל האָט איהר צוגעדעקט די פיס. זי איז געווען זיין טאַטענ'ס אַ שוועסטערקינד, פון דער פאַמיליע לאַנטיע, און זיין טויף־מוטער; זי האָט איהם ביי זיך געהאַט זייט ער איז נאָך געווען אַ זעקס־יעהריגער אינגעל, ווען זיין טאַטע און מאַמע זיינען אַמאָל אָוועקגעפאָהרען קיין פּאַריז און זיינען שוין צוריק ניט געקומען. און ער איז געבליבען אין פּלאַססאַן, וואו ער איז דערנאָך אַריין אין די דאָרטיגע „שולע פון קונסט און האַנדווערק". זשאַק האָט צו זיין מומען געפיהלט אַ וואַרימע דאַנקבאַרקייט און פלעגט זאָגען, אַז ער דאַרף איהר דאַנקען וואָס ער איז געוואָרען אַ מענש. אַז

ער איז געוואָרען אַן ערשטע קלאַסע מאַשיניסט ביי דער מזרח אייזענבאַהן קאָמפּאַניע, נאָך דעם ווי ער האָט אָבגעדינט צוויי יאָהר אויף דער אָרלעאַנער ליניע, האָט ער זיך מיט אַמאָל דער־וואוסט, אַז זיין טויף־מוטער האָט געהייראַט אַ צווייטען מאָל, פאַר דעם וועכטער פון דעם שלאַגבוים, מיט'ן נאָמען מיזאַר, און איז מיט איהרע צוויי טעכטער פאַריאָגט געוואָרען אַהער אין די וויסטעניש פון קרוא־דע־מאַפּרא. אָבוואָהל מומע פאַזיע איז געוועזן ניט עלטער ווי פינף־און־פערציג יאָהר, האָט זי — די געוועזענע שעהנהייט, הויך און גראַד — אויסגעזעהען ווי אַ זעכציג־יעהריגע זקנה, מאָגער, געל און תמיד ציטערענדיג פון קעלט.

— ווי! דו זשאַק? — האָט זי אויסגעשריען מיט פרייד, — אַך, מיין ליעבער זונעלע; ס'אַן אַנגענעהמע איבערראַשונג.

דער יונגערמאַן האָט איהר אַ קוש געטהאָן אין באַק, און האָט ערקלערט, אַז ער האָט מיט אַמאָל געקריגען צוויי ניט פער־לאַנגטע פרייע טעג; אין זיין דאַמפּף־מאַשין „ליזאַ" האָט גע־פּלאַצט דער טרייב־שטאַנג, און אַזוי ווי דאָס פערריכטען וועט מר־זען נעהמען ניט וועניגער ווי אַ גאַנצען טאָג, וועט ער ערשט קאָ־נען פיהרען דעם שנעל־צוג מאָרגען פאַרנאַכט זעקס אוהר פיערציג. און ס'האָט זיך איהם פערוואָלט קומען צו־גאַסט צו זיין טויף־מא־מע; ער וועט דאָ איבערנעכטיגען און וועט אַרויספאָהרען פון באַראַנטען מיט'ן צוג ערשט זיעבען אוהר זעקס־און־צוואַנציג אין דער־פריה. זשאַק האָט אין זיינע הענט געהאַלטען די בלאַסע, אויסגעמאָגערטע הענט פון זיין מומע און האָט דערצעהלט, ווי איהר לעצטער בריעף האָט איהם בעאונרוהיגט.

— אָה, אמת, מיין אינגעלע!... ס'איז שלעכט, זעהר שלעכט, זעהר שלעכט!... ווי פיין דאָס איז פון דיר, וואָס די האָסט באַלד פערשטאַנען, אַז איך וויל דיך זעהען. איך ווייס דאָך אָבער ווי שטאַרק דו ביזט צוגעבונדען, האָב איך אַלץ ניט געוואַגט דיך צו בעטען קומען צו פאָהרען. נור דו ביזט שוין דאָ, און מיר איז אַזוי פרעהליך אויפ'ן האַרצען... אַזוי פרעהליך!

די קראַנקע איז אַנשוויגען געוואָרען און האָט אַ צושראָ־קענעם בליק געטהון אין פענסטער. אין דעם אָנפאַלענדען פאַר־נאַכט האָט מען געקאָנט זעהען מיזאַר׳ן, איהר מאַן, שטעהן איבער׳ן וועג פאַר דער באַהן ליניע אויף זיין פּאָסטען אין זייַ־נעם פון יענע גוט־בעקאַנטע קליינינקע הילצערנע שטיבעלאַך, וועלכע מ׳שטעלט אוים אויף יעדע פיער־פינף קילאָמעטער ביי דער ליניע און וועלכע מען פעראייניגט דורך טעלעגראַף אפּאַ־ראַטען, כדי מ׳זאָל בעסער קאָנען פיהרען די צוגען. זיין ווייב, און שפּעטער־צו פלאָרא אויך, האָבען געוואַכט ביים שלאַג־בוים, און מיזאַר איז געוואָרען אַ וועג־סיגנאַליסט.

ווי אוים מורא, אַז דער מאַן זאָל דערהערען, האָט די קראַנקע גענומען רעדען שטילער און האָט מיט אַ ציטער גע־זאָגט:

— איך בין זיכער, אַז ער גיט מיר סם...

זשאַק איז איבעראַשט געוואָרען פון איהרע ווערטער; זיינע אויגען האָבען אויך אַ בליק געטהון צום פענסטער און זיינען ווידער פערצויגען געוואָרען מיט דעם מאָדנעם וואָלקענדעל, וואָס פערדונקעלט זייער גלאַנץ און די גילדערנע פונקען פון די שוואַרצאַפּעל.

— אָה, מומע פאַדיע, וואָס רעדט איהר... — האָט ער גע־מורמעלט, — מיזאַר זעהט דאָך אוים אַזאַ שוואַכער און אַזאַ שטילער מענש...

אַ צוג קיין האַוור האָט געזאָלט באַלד פאַרבייגעהן, און מיזאַר איז אַרוים פון זיין שטיבעלע, כדי דערנאָך צו פאַר־מאַכען דעם וועג. ער האָט איבערגערוקט דעם רעלסען־שטאַנג און עס האָט זיך ווידער בעוויזען דער רויטער סיגנאַל; דער־וויַיל האָט איהם זשאַק בעטראַכט. דאָס איז געווען אַ קורצינקער מענשעל, אַ דאַרינקער, מיט שיטערע האָאר אויפ׳ן קאָפּ און אין באָרד, עפּעס אָהן אַ קאָליר, מיט אַ מיזעראַבלען, אויסגע־מאַטערטען פּנים. דערצו נאָך איז ער געווען אַ שווייגענדער, אַ רוהיגער, ווי אַ שאָטען, און לאַקייסקי אונטערלעקענדיג צו די עלטסטע. מיזאַר איז אָבער באַלד צוריק אַריין אין שטיבעלע

אום ביי זיך אין בוך צו פערשרייבען די צייט, ווען דער צוג איז פארביי געגאנגען, און א דריק צו טהון צוויי עלעקטרישע קנעפּלאך: — איין קנעפּעל צו לאָזען וויסען דעם סיגנאל־שטיבעלע נאָך איהם, אז א צוג קומט אָן, און דאָס צווייטע קנעפּעל — צו לאָזען וויסען דאָס סיגנאל־שטיבעלע הינטער איהם, אז דער וועג איז ווידער פריי.

— אך, דו קענסט איהם ניט, — האָט די מומע פאזיע געענטפערט. — איך זאָג דיר, אז ער גיט מיר איין עפּעס א צרה... איך, וואָס איך בין געווען אזוי קרעפטיג, וואָס וואָלט איהם געקאָנט אויפעסען א לעבעדיגען, — און איצט גריזשעט ער מיך, דערגעהט ער מיר די יאָהר, דער גאָר־ניט, דער טויגעניכטס!

— ס'האָט זי ווי אָנגעכאפּט א פיעבער פון פערשטיקטע שנאה און כעס, און זי האָט אויסגעגאָסען איהר ביטער האַרץ, און זיך געפרעהט, וואָס ענדליך האָט זי אימעצען, וואָס הערט זי אויס. וואו איז געווען איהר פערשטאנד, אז זי איז געגאנגען און האָט חתונה געהאט מיט אזא שטיק שטימעניש, אָהן א פּרוטה, א קארגער, און זי איז עלטער פון איהם מיט פינף יאָהר, און האָט צוויי טעכטערלאך, איינע זעקס יאָהר און די אנדערע אכט יאָהר אלט? צעהן יאָהר שוין זייט זי האָט עס בעוויזען אזא גרויסע חכמה, און איין שעה איז ניט פערלאָפען פון דער צייט. אך, זי דארף קיין חרטה ניט האָבען; א לעבען אין ליידען, פארשיקט אהער אין דעם אייז־ווינקעל פון צפון, וואו מ'ווערט דערפראָרען, און ס'איז אומעטיג כאָטש שטארב אוועק, אָהן א לעבעדיגען מענשען מיט וועמען צו רעדען א וואָרט, אפילו א שכנה ניט אויף א רפואה. מיזאר איז פריהער געווען אן ארבייטער ביי לעגען רעלסען, און איצט קריגט ער צוועלף הונדערט פראנק אלס וועג־סיגנאליסט; זי אליין האָט פון אָנהויב גענומען פינפציג פראנק פאר אויפפּאסען דעם שלאג־בוים; איצט איז פלאָרע אויף דעם פּאסטען. און דאָס איז דיר דיין גאנצע געגענוואַרט און די צוקונפט, אָהן א שום שטיקעל האָפענונג. און דאָ וועסט זיכער לעבען און קראפּירען אין

דער גרוב, טויזענד מייל פון א לעבעדיגען נפש. אָבער וואָס די מומע פאַזיע האָט איהם דערצעהלט, איז געווען בלויז דאָס, וואָס זי האָט נאָך געהאַט א שעהן ביסעל טרייסט, איידער זי איז קראַנק געוואָרען; דאָס פלעגט אויסקומען דאַן, ווען דער מאַן איז געווען אויף דער אַרבייט ערגעץ אויף די ליניע און זי איז געבליבען אין דער היים מיט איהרע טעכטער אַכטונג צו געבען אויף דעם שלאַגבוים. זי האָט נאָך דאַן געהאַט אויף דער גאַנצער ליניע צווישען רואַן און האַוור א נאָמען פון אַזאַ שעהנהייט, אַז די אויפפּאַסער פון דעם וועג פלעגען זי אימער בעזוכען, פאַרבייפאָהרענדיג. מ'האָט זיך זאָגאַר איבער איהר געקריגט. און זאָגאַר אויפפּאַסער פון אַן אַנדער ליניע פלעגען שוין אויך אָפט קומען, כדי צו פערדאָפּלען די וואַך. דער מאַן האָט איהר קיין מאָל ניט געשטערט; ער האָט פאַר יעדען צו־גלייך געהאַט דרך־ארץ, און פלעגט זיך שטילערהייט געהן דורך די טיהר, אַריין און אַרויס, קומען און געהן, און קיינער האָט איהם גאָר ניט בעמערקט. אָבער יענע גוטע צייט איז שוין לאַנג אַוועק, און איצט זיצט זי דאָ, גאַנצע וואָכען, מאָ־נאַטען, אויף דעם שטוהל, איינע אַליין, פיהלענדיג, אַז די כחות געהען איהר אויס פון שעה צו שעה.

— איך זאָג דאָך דיר, — האָט זי צום סוף ווידער אַמאָל געזאָגט, — ער האָט זיך גענומען צו מיינע יאָהרען, און ער וועט מיך פערמאַטערן, — קוק ניט, וואָס ער איז אַזאַ קליי־נינקער.

א שאַרפער קלאַנג פון א גלאָק האָט זי פּלוצים ווידער געצוואונגען אַרויסצוקוקען אין דרויסען מיט איהר אונרוהיגען בליק. דאָס איז געווען א סיגנאַל צו איהם, אַז א צוג געהט קיין פאַריז, און דער וועכטער פון דעם סיגנאַל־אַפּאַראַט, וואָס איז געשטאַנען פאַר'ן פענסטער, האָט זיך אויך א רוק געטהאָן אין דער זעלבער ריכטונג. מיזאַר האָט אָבגעשטעלט דעם גלאָק, איז אַרויס פון שטיבעלע צו וואָהרענען וועגען דעם קומענדען צוג מיט צוויי מאָל פייפען פון זיין טרומייטעל. אין דער אייגענער מינוט האָט פלאָרע גענומען אַרונטערלאָזען דעם שלאַג־בוים, און

איז געבליבען שטעהן האַלטענדיג אין דער הויך דעם פלאַג אין זיין לעדערנעם ציבעל. מ'האָט געהערט, ווי דער צוג, א קוריערסקער, קומט אָן מיט אַ שטורם, וואָס ווערט אַלץ גרע־סער; דערוויילט האָט מען דעם צוג ניט געזעהען, ווייל דער וועג פערדרעהט זיך דאָ; דער צוג איז פאַרבייגעפלויגען ווי אַ דונ־נער, מיט אַ שטורם, גלייך ווי אָט רייסט ער אַרונטער די שטוב. פלאָרע האָט זיך ווידער גענומען צו איהר טיש־גריגס, און מי־זאר האָט פריהער פערמאַכט דעם וועג הינטער'ן צוג און האָט זיך גענומען עפענען דעם וועג אַרויף; ער האָט געוואָלט אי־בערדרעהען דעם דרעה־צירקעל, כדי צו בעהאַלטען דעם רויטען סיגנאַל; ווייל אַן אַנדער קלינגעריי, צוזאַמען מיט אַ נייער אָנווייזונג פון דעם רעלסען־אַפּאַראַט האָט איהם צו־וויסען געגעבען, אַז ביי דעם פאָרערשטען פּאָסטען איז מיט פינף מי־נוט פריהער פאַרביי געגאַנגען אַן אַנדער צוג. מיזאר איז צוריק אריין אין סיגנאַל־שטיבעלע געבען די סיגנאַלען צו ביידע פּאָס־טען, און צו פערשרייבען די צייט פון דעם פאַרבייגעגאַנגענעם צוג; און דערנאָך האָט ער ווייטער געוואַרט. און אַזוי איז זיך געגאַנגען די אַרבייט, אימער און שטענדיג די זעלביגע, גאַנצע צוועלף שטונדען; דאָ האָט ער געלעבט, דאָ האָט ער געגעסען, קיין צייט ניט האָבענדיג איבערצולעזען דריי געדרוקטע שורות; אפילו קיין איינציגער געדאַנק האָט, דאַכט זיך, ניט פער־בלאָנדזשעט אין זיין ווי אַ הויכער צוקער שפּיציגען קאָפּ.

זשאַק, וועלכער פלעגט אָפט מאַכען שפּאַס מיט זיין טויפ־מוטער, וואָס זי פלעגט אָנמאַכען אַזאַ פאַרוויסטונג צווישען די וועג־אויפפּאַסער פון די ליניע, האָט זיך איצט ניט געקאָנט איינ־האַלטען פון אַ שמייכעל, ווען ער האָט איהר געענטפערט:

— ס'קאָן אודאי זיין, אַז ער איז אייפערזיכטיג.

אָבער פאַזיע האָט מיט פעראַכטונג אַ ציה געטהון מיט דעם אַקסעל, און אַ שמייכעל האָט געגען איהר ווילען אַ פונקעל געטהון אין איהרע בלאַסע אָבגעשוואַכטע אויגען.

— אַך, מיין זונעלע... וואָס רעדסטו דאָרט? אייפערזיכ־

פיג גאָר? ער? איהם האָט דאָס קיין מאָל ניט געאַרט, כל זמן ס'האָט זיין בייטעל ניט אָנגעריהרט.

א ווײַלע אַרום האָט די קעלט זי ווידער א כאַפּ געטהון, און זי האָט ווייטער געזאָגט:

— ניין, ניין; דאָס האָט איהם ניט געקימערט. איהם אַרט נור געלט. וואָס ביי אונז האָט אָנגעמאכט די שנאה, פערשטעהסטו מיך, איז גאָר עפּעס אנדערש: איך האָב איהם ניט געוואָלט געבען די טויזענד פראַנק, וואָס איך האָב פאַר־אַ־יאָהרען בעקומען פון טאַטען ירושה. און ער האָט זיך געגומען אויף מיין קאָפּ, און ס'איז מיר ניט וואויל בעקומען, און איך בין טאַקי קראַנק געוואָרען... און איך בין שוין פון יעמאָלט אָן צו זיך קיין מאָל ניט געקומען, — טאַקי, פון יעמאָלט אָן.

דער יונגער מאַן האָט פערשטאַנען; און אז ער האָט א טראַכט געטהון פון דער ליידענדער פרוי'ס פינסטערע געדאַנ־קען, האָט ער זיך נאָך אמאָל געפּרופט זי דערפון אָבצורעדען און זי בערוהיגען. אָבער זי האָט בלויז געענטפערט מיט א שאָקעל פון'ם קאָפּ, ווי א מענש וואָס מען קען שוין ניט איבעררעדען. און זשאַק האָט צום סוף געזאָגט:

— נו, אויב איהר ווילט מאַכען א סוף צו אייערע לייד־דען, איז דאָך עס גאַנץ לייכט: גיט איהם אוועק די טויזענד פראַנק.

זי איז אַזש אויפגעשפּרונגען פון אויפרעגונג ביי די דיעזע ווערטער, און קומענדיג אַביסעל צו זיך, האָט זי אויסגעשריען מיט כעס:

— מיינע טויזענד פראַנק!... ניעמאַלס! בעסער קראַפּי־רען... אַה, כ'האָב עס גוט בעהאַלטען, דאָס געלט; גוט בע־האַלטען! די שטוב מעג מען איבערקעהרען, אָבער דאָס געלט געפינען — ניעמאַלס!... ער, דער לומפּ, האָט שוין געגוג איבער־געקעהרט די שטוב! איך הער ביי נאַכט, ווי ער קלאַפּט אויס די ווענט, צי האָב איך עס וואו בעהאַלטען. זוך, זוך! קיין זאַך גיט מיר ניט אַזוי די כחות צו ליידען, ווי דער פערגניגען צו זעהן זיין אראָבגעלאָזטע מאָרדע... מיר וועלען זעהן, ווער ווע־

מען: ער מיך, צי איך איהם. איך היט זיך; איך פארזוך איצט קיין זאך ניט, צו וואָס ער האָט זיך צוגעריהרט. און אזוי וועל איך מסתמא די כפרה ווערען, — אָבער מיינע טויזענד פראנק וועט ער פּאָרט ניט האָבען! זאָלען זיי בעסעה ליעגען אין דר'ערד!

זי איז צוריקגעפאלען צום שטוהל, אָן אויסגעמאטערטע און דערשראָקענע פון א פרישען פייף פון דעם טרומייטעל. מיזאר, שטעהענדיג אויפ'ן שוועל פונ'ם סיגנאל־שטיבעלע, האָט איצט געוואָרענט וועגען א צוג, וואָס געהט קיין האוור. ניט קוקענדיג אויף איהר עקשנות, מיט וועלכע זי האָט זיך בעשלאָסען דעם מאַן ניט אָבצוגעבען איהר ביסעל ירושה, האָט זי פאר איהר מורא געהאָט — די פערבאָרגענע מורא איז דאָס געווען וואָס דער ריעז האָט פאר א פליגעלע וואָס עסט איהם אויף, — אַן אימער שטייגענדע מורא.

דער צוג איז געגאנגען פון פאריז. פון וואנען ער איז ארויסגעגאנגען צוועלף אוהר פינף־און־פיערציג, און איז אונ־טערגעקומען פון דערווייטענס מיט א געשטיקטען רויש. ס'האָט זיך געהערט ווי ער קומט ארויס פון דעם טונגעל, און דוכעט נאָך שווערער אויפ'ן פרייען פעלד. און אָט דונערט ער מיט זיינע רעדער, און פליהט פארביי מיט זיינע וואגאָנעס, ווי א מעכטיגער שטורם־ווינד.

זשאק האָט געקוקט אין פענסטער און ער האָט געזעהען ווי עס לויפען פארביי איינע נאָך די אנדערע די פיער־עקיגע שויבען, אין וועלכע עס זעהען זיך די געזיכטער פון די פאַ־סאזשירען. וועלענדיג אביסעל צושטערען די פינסטערע געדאנקען פון זיין טויף־מוטער, האָט ער געזאָגט אויף שפּאָס:

— מומע, איהר בעקלאָגט זיך, אז איהר זעהט דאָ קיין לעבעדיגען הונט אויך ניט אין דער וויסטעניש... און אָט: — א גאנצע וועלט מיט מענשען!

פון אָנהויב האָט זי ניט פערשטאנען און האָט זיך פער־וואונדערט:

— א וועלט מיט מענשען, — וואו? אך, דו מיינסט די־

פארביירייזענדע, וואס קומט מיר ארויס, מ'קען זיי ניט, מ'ווייס זיי ניט!

ער האט ווייטער געשפאסט.

— מיך קענט איהר דאך און זעהט מיך דאך אפט, ווען איך פאהר דא דורך.

— דיך — אמת: דיך קען איך. און איך ווייס די מינוט, ווען דיין צוג געהט דא פארביי, און איך קוק שוין אויף דיר ארויס מיט דיין לאקאמאטיוו. אבער ס'א פליה דו גיסט! — ס'א מין פליהען! נעכטען האסטו צו אונז א מאך געטהון מיט דער האנט, — אזוי; און איך האב דיר אפילו ניט געקאנט ענטפערען. ניין, ניין, — דאס הייסט ניט זעהען זיך מיט מענשען.

און דאך האט זי זיך אביסעל פערטראכט פון דעם געדאנק פון די טויזענדער מענשען, וואס די צוגען פיהרען דא טאג־טעגליך פארביי פאר איהרע אויגען אהין און צוריק, אין דער גרויסער שטילקייט פון איהר איינזאמקייט; און זי האט אויפגעהויבען איהרע אויגען צו דעם אייזענבאהן־וועג, איבער וועלכען די נאכט האט זיך שוין גענומען פארשפרייטען.

אז זי איז נאך געוועזן געזונט, און פלעגט קענען פריי ארומגעהן, און פלעגט שטעהן ביים שלאג־בוים, מיט'ן פלאג אין דער האנט, פלעגט זי קיין מאל פון אזוינע זאכען ניט טראכטען, אבער זינט זי איז געווארען קראנק און זיצט גאנצע טעג אויפ'ן בענקעל, און האט פון קיין שום זאך ניט צו טראכטען, אחוץ איהר פארשטיקטען קאמפף מיט איהר מאן, קומען איהר אין קאפ אריין אלץ אזוינע צומישטע געדאנקען, זאגאר קוים פארשטענדליכע. און מעהר פון אלץ איז איהר דאס אויסגעקרעמען עפעס אזוי מאדנע צו לעבען א פערוואָרפענע אין די טיעפעניש פון דיעזער וויסטעניש, און קיין אייגצעלנע נשמה איז ניטא מיט וועמען זיך אויסצורעדען דאס הארץ — און דאך פליהען דא פארביי, טאג און נאכט, אהן אן עק, טויזענדער מענער און פרויען, געטראגען מיט דעם שטורם־ווינד פון די צוגען, וואס צוטרייסלען די שטוב. און זי איז געוועזן זיכער, אז די

גאַנצע וועלט פאָהרט דאָ פאַרביי, ניט נור פון פראַנקרייך, זאָנ־דערן פון אויסלאַנד אויך: מענשען קומען דאָ פון די ווייטעס־טע מדינות, ווייל קיינער קאָן היינט ניט איינזיצען אין דער־היים, און באַלד וועט פון אַלע נאַציאָנען, ווי מ'זאָגט, ווערען איין נאציאָן. דאָס הייסט פּראָגרעס, און אַלע מענשען וועלען זיין ברידער און וועלען זיך צוזאַמען קייקלען אהין, אין דעם לאַנד פון מילך און האָניג. זי האָט זיך געפּרופט זיי איבערצו־צעהלען, די מענשען, אונגעפעהר, לויט די צאָהל וואַגאָנעס; זי האָט אָבער ניט געקאָנט, ס'איז געווען זעהר פיעל וואַגאָנעס. אָפט מאָל פלעגט זיך איהר אָבדוכטען, אז זי דערקענט פּנים'ער, — איינער מיט א בלאָנדע באָרד, — געוויס, אן ענגלענדער; יעדע וואָך פאָהרט ער קיין פּאַריז; — און א קליינינקע ברו־נעטקע, וועלכע פאָהרט דאָ פאַרביי רעגעלמעסיג, מיטוואָך און שבת. אָבער עס טראָגט זיי אַוועק ווי א שטורם־ווינד, און ווער קאָן עס זיין זיכער, אז דאָס זיינען טאַקי די ריכטיגע פּנים'ער: אַלע געזיכטער ווערען דאָ ווי צוגאַנגען, צומישט, און זעהען אויס אַלע ווי איינער, און ווערען פערשוואונדען איינער אין דעם צווייטען. דער שטורם רייסט זיך פאַרביי, און בלייבט פון איהם גאָרנישט. און דאָס טרויעריגסטע פון אַלעם איז דער געדאַנק, אז פון די אַלע פּאַסאַזשירען, וואָס פאָהרען דאָ פאַרביי אימער און שטענדיג, פון דעם גאַנצען וואוילטאָג און פון די גאַנצע אויגענשיינליכע פאַרמעגליכקייט זייערע, ווייס קיינער ניט פון דיעזער גאַנצער איילענדיגער מאַסע, וואָס דאָ טהוט זיך אָפּ, אין דעם פערוואָרפענעם גרוב, וואו דער מאָרד יאָגט זיך נאָך דער אָרימער קראַנקער, — און זאָל איהר דער מאַן אין איין שעהנע נאַכט מאַכען א סוף, וועלען די צו־גען זיך ווייטער פאַרביילויפען כמעט נעבען איהר טויטען קער־פּער, און קיינער וועט אפילו קיין חשד ניט האָבען וועגען דעם פערברעכען, וואָס איז אָ״״טהון געוואָרען אין די איינזאַמע שטוב.

פאַזיע איז געזעסען, קוקענדיג אין פענסטער, פאַרטראַכט, און זי האָט ווידער גענומען רעדען פון דעם, וואָס זי האָט אַליין

ערשט געפיהלט צו אונדייטליך, אז זי זאָל דאָס קאָנען ריכטיג אויסדריקען.

— אודאי, א פיינע ערפינדונג, — וואָס איז צו טענה'ן! מ'פאָהרט שנעלער, מ'וויסט מעהר... אָבער די ווילדע חיות בלייבען ווילדע חיות, און טראַכט אייך אוים נאָך בעסערע מאַשינעס, אָבער מיט זיי, ווי אָהן זיי, וועלען נאָך תמיד זיין, ווי געוועזן, די ווילדע חיות.

זשאַק האָט ווידער צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, אז ער איז מיט איהר איינפערשטאַנען. ער האָט געגען א מינוט שוין זיך פארקוקט אין פענסטער אויף פלאָרע'ן, ווי זי האָט אויפגעהויבען דעם שלאַג־בוים דורכצולאָזען א וואָגען, אָנגעלאָדען מיט צוויי אונגעהויער גרויסע שווערע שטיינער. דער וועג איז געוועזן בענוצט כמעט נור פון דעם שטיין־האַקער פון בעקור, אזוי אז די גאַנצע נאַכט פלעגט דער שלאַג־בוים זאָגאר זיין פארשלאָסען, און זעהר זעלטען פלעגט זיך טרעפען, אז דאָס יונגע מיידעל פלעגט מוזען אויפשטעהן עפענען ביי נאַכט. בעמערקענדיג ווי זי רעדט אזוי מיט דעם פוהרמאַן, א קליין־וויקסיגען יונגען ברונעט, ווי מיט א גוטען בעקאַנטען, האָט ער אויסגעשריען:

— זעהט נור! קאַביש איז מסתמא קראַנק, וואָס זיין שוועסטערקינד לואי פיהרט זיין וואָגען?... אָרימער קאַביש, — זעהט איהר איהם אָפּט, טויף־מוטער.

זי האָט אויפגעהויבען די הענט, ניט רעדענדיג א וואָרט, און האָט שווער אָבגעזיפצט. אן אמת'ע טראַגעדיע האָט זיך דאָ אָבגעשפיעלט דעם לעצטען הערבסט, און ס'האָט איהר געקאָסט א שעהן ביסעל געזונט. איהר טאָכטער לואיזעטע, די אינגערע, וועלכע האָט געדיענט ביי מאַדאַם באָנעהאָן, אין לואַנוויל, איז איין מאָל אין דער נאַכט געקומען צולויפען א דערשראָקענע, כמעט פון זינען, צו איהר טהייערען פריינד קאַביש, אין זיין שטיבעלע, וואָס שטעהט אין מיטען געדיכטען וואַלד, דאָרט איבערצוקומען איהרע לעצטע מינוטען: ס'האָבען זיך געטראָגען קלאַנגען, אז שולדיג איז דער הויפּט ריכטער גראַנמאָרען;

אָבער קיינער האָט דאָס ניט געוואַגט צו זאָגען אין דער הויף. די מוטער אַליין זאָגאַר, וואָס זי האָט שוין גאָר גוט געוואוסט, וואָס ס'איז פאָרגעקומען, האָט אויך ניט ליעב געהאַט צו רעדען דערפון. אָבער צום סוף האָט זי פאָרט געזאָגט:

— ניין, קאַביש ווייזט זיך מעהר ניט; ער איז געוואָרען ווי אַן אמת'ער וואָלף אין וואַלד... אָרימע לואיזעטע; אַזאַ גוט־טינקע, אַזאַ ווייסינקע, שעהנינקע. זי האָט מיך אמת ליעב געהאַט; זי וואָלט מיך ריכטיג איצט אָבגעהיט, — ניט ווי פלאָרע... מיין גאָט, איך בעקלאָג זיך ניט, אָבער ביי איהר פעהלט עפּעס אין קאָפּ, — האַלט שטענדיג אין איין טראַכטען, ווערט פערפאַלען שטונדען לאַנג; דערצו איז זי נאָך שטאָלץ און אַ בעס'ניצע... ס'איז טרויעריג, זעהר טרויעריג.

צוהערענדיג זיך צו איהרע ווערטער, האָט זשאַק אין דער זעלבער צייט געקוקט, ווי דער שווערער וואָגען קריכט איצט אַרויף אויף די באַהן־ליניע. די רעדער האָבען זיך אָבער פערטשעפּעט אָן די רעלסען: און דער פוהרמאַן האָט געמוזט קנאַקען מיט דער בייטש און פלאָרע אַליין האָט געמוזט שרייען, אונטערטרייבענדיג די פערד.

— אַי־אַי־אַי, — האָט דער יונגער מאַן אויסגעשריען, — מעהר פעהלט ניט אַז איצט זאָל אָנקומען אַ צוג; ס'וואָלט דאָ געוואָרען אַ שעהנער קאָך.

— אָה, מעגסט זיך פערלאָזען, — האָט מומע פאַזיע געזאָגט. — פלאָרע איז זיך אפילו צייטענווייז אַזוי מאָדנע עפּעס, אָבער זי ווייס וואָס זי האָט צו טהון; זי געהט אַרום מיט אָפענע אויגען... דאַנקען גאָט, פינף יאָהר שוין, אַז ביי אונז האָט קיין אונגליק ניט פּאַסירט. אַמאָל איז מען דאָ איבערגעפאָהרען אַ מאַן, איהם צושניטען אויף צווייען. און ביי אונז איז בלויז אַ קוה געהרג'עט געוואָרען; דער צוג איז איבער איהר שיער ניט אַראָפּ פון די רעלסען. אָך, אַ רחמנות אויף די בהמה'לע... דעם קערפּער האָט מען געפונען דאָ, און דעם קאָפּ אַזש ביים טונעל. אָבער ווען פלאָרע איז דאָ, מעג מען רוהיג שלאָפען.

דער פוהרמאַן איז ענדליך אַריבער דעם וועג, און מ'האָט

געהערט ווי עס דערוויטערט זיך אַלץ דאָס קלאַפּען פון די רע־דער. און די קראַנקע האָט זיך ווידער אומגעקעהרט צו איהרע שטענדיגע געדאַנקען וועגען געזונט, — פון איהר אייגען געזונט און פון דעם געזונט פון אנדערע אויך.

— און דו? פיהלסטו זיך איצט שוין אין גאַנצען געזונט? געדענקסט דאָך, צווישען אונז גערעדט, וואָס דו פלעגסט ביי אונז ליידען און די דאָקטוירים האָבען ניט געקענט פערשטעהן דיין קרענק.

און אנגסטליכע אונרוהיגקייט האָט זיך בעוויזען ביי זשאק'ן אין די אויגען.

— איך פיהל זיך זעהר גוט, מומע.

— ווירקליך! אלצדינג דיר איבערגעגאנגען: האָסט שוין מעהר ניט דעם וועהטאָג, וואָס פלעגט דיר עגבערן דעם קאָפּ הינטער די אויערען? און קיין פיעבער מיט אַמאָל זאָל דיך אָנכאַפּען — שוין אויך ניט? און דיין מעלאַנכאָליע, וועלכע פלעגט דיך אָנכאַפּען? ווי דו פלעגסט עס לויפען פון מענשען, ווי אַ ווילדע חיה אין איהר נאָרע.

וואָס מעהר זי האָט גערעדט, אַלץ אונרוהיגער איז ער גע־וואָרען; און ענדליך האָט איהם אָנגעכאַפּט אזא אויפרעגונג, אז ער האָט איהר איבערגעשלאָגען מיט אַ שאַרפען געשריי.

— איך פערזיכער אייך, אז איך פיהל זיך זעהר גוט... ס'איז מיר שוין אַלעס איבערגעגאנגען — אַלעס.

— טאַקי בעסער אזוי, מיין זונעלע, טאַקי בעסער... מיר קאָן דאָך ניט בעסער ווערען דערפון, וואָס דיר זאָל ערגער ווערען. און אחוץ דעם, אין דיינע יאָהרען דאַרף מען זיין גע־זונט. אָך, דאָס געזונט! וואָס נאָך דאַרף דען דער מענש!... דו ביסט טאַקי אַ גוטינקער, וואָס דו ביסט צו מיר געקומען מיך זעהען; דו וואָלסט דאָך אין דער צייט געוועזן געקאָנט זיך אונ־טערהאַלטען ערגעץ וואו אנדערש. עסט היינט מיט אונז, אַ? בלייב נעכטיגען אויך: וועסט שלאָפען אויפ'ן בוידעם, אין אַ קעמעריל, נעבען פלאָרע'ס.

— און איצט האָט א סיגנאַל פון טרומייטעל איהר ווי־דער אמאָל איבערגעשלאָגען די רעד.

ס'איז געוואָרען נאכט; און אז זיי האָבען זיך ביידע אומ־געקערט צום פענסטער, האָבען זיי שוין קוים געקאָנט זעהן ווי מיזאר רעדט עפּעס מיט א מאַן. ס'האָט געקלונגען זעקס א זייגער. מיזאר האָט איבערגעגעבען דעם פּאָסטען דעם צווייטען וועג־סיגנאַליסט, וועלכער איז איהם געקומען איבערנעהמען די הענט. דאָס איז געווען דער נאכט־וואכמאַן. מיזאר ווערט ענד־ליך פריי; צוועלף שטונדען איז ער אָבגעשטאַנען אין דעם הילצערנעם שטיבעלע וואָס איז געווען מעבלירט בלויז מיט איין קליין טישעלע אונטער דער ברעט פון די אפּאַראַטען, א בענקעל און אן אויווען, וועלכער איז געווען אזוי אָנגעהייצט, אז מיזאר איז געצוואונגען געווען כמעט די גאַנצע צייט צו האַל־טען אָפען די טיהר.

— שוין! ער געהט שוין אהיים, — האָט די מומע פאַזיע געמורמעלט, וויעדער געפאַנגען פון איהר מורא.

דער געמעלדעטער צוג איז געקומען, — זעהר א שווערער, זעהר א לאַנגער און מיט א גערויש, וואָס איז געוואָרען אַלץ העכער און העכער. און דער יונגער מאַן האָט זיך געמוזט צור־בויגען צו דער קראַנקער, צו קאָנען הערען וואָס זי זאָגט; איהר מיזעראַבלע לאַגע פון שרעק האָט איהם גערירט און ער האָט זי געוואָלט טרויסטען.

— הערט מיך אויס, מומע; אויב ער האָט טאַקי בייזע געדאַנקען, וועט דאָס איהם אפשר אָבהאַלטען, אז ער וועט ווי־סען, אז איך בין דאָ אויך פערמישט... עס וואָלט ניט שלעכט געווען איהר זאָלט מיר פאַרטרויען די טויזענד פראַנק.

אָבער זי איז אויפגעשפּרונגען מיט א געשריי פון פּראָ־טעסט.

— מיינע טויזענד פראַנק! ניט דיר און ניט איהם!... איך זאָג דיר, איך וויל בעסער פריהער קראַפּירען.

אין דיעזער מינוט איז דער צוג פאַרביי ווי א שטורם־ווינט, פאַריאָגענדיג אַלעס וואָס איז איהם געשטאַנען אין וועג.

די שטוב האָט געציטערט, ווי אין שטורם. דיזער צוג וואָס איז געגאַנגען קיין חאַור, איז געווען פול מיט פּאַסאַזשירען, ווייל אויף מאָרגען, זונטאג, האָט דאָרט געדאַרפט זיין אַ יום־טוב, — ס׳האָט אראָבגעלאָזט אַ נייע שיף. ניט קוקענדיג אויף די שנעל־קייט, האָט מען דורך די בעלויכטענע שויבען פון די טיהרען געקאָנט זעהן די געפּאַקטע קופּעס אין די וואַגאָנעס, מיט רייהעס קעפּ, איינע לעבען די אַנדערע, און אַ יעדע בלויז אין פּראָפיל. די וואַגאָנעס זיינען געפלויגען איינע נאָך די אַנדערע, און זיינען פערשוואונדען. ס׳אַ וועלט! נאָך אַ מאַסע מענשען פליהט פאַרביי; נאָך אַ מאַסע, אָהן אַן ענד, אַוועק מיט דעם רויש פון די רעדער, מיט דעם פייפען פון די לאָקאָמאָטיוועז, און קלינגען פון די זויגערס און דעם טיק־טאַק פון דעם טעלעגראַף! ס׳האָט אויסגעזעהען, ווי עפּעס אַ גרויסער קערפּער, אַ ריעזיגעס וועזען, האָט זיך צולעגט איבער דער ערד, מיט׳ן קאָפּ אין פּאַריז, מיט דער פלייצע אויסגעצויגען איבער דער גאַנצער ליניע, און די הענד און די פיס זיינען אין האַור און אין אַנדערע גרויסע איינטריטס־שטעדט, און די אברים פון דער בריאה פערשפרייטען זיך אין אלע וויטערע צווייגען. און אַזוי געהט עס זיך, עס שטרעבט מעכאַניש, בעזיעגענד, אַהין און צוריק, מיט מאַטעמאַטישע פּינקטליכקייט, צו דער מיגוט, און עס וויל ניט וויסען, וואָס עס ווערט פון דעם מענשען, פון ביידע זייטען וועג, — מענשען, וואָס קיינער ווייס זיי ניט, אָבער זיי לעבען דאָך אין זייערע אייביגע ליידענשאַפטען, אין אייביגען פערברעכען.

אין שטוב אַריין איז די ערשטע געקומען פלאָרע. זי האָט אָנגעצונדען אַ לאָמפּ, אַ קליינינקען קעראָסין־לעמפּעל, אָהן אַן אַבאַזשור, און האָט׳ם צוגעטראָגען צום טיש. קיין וואָרט האָט קיינער ניט אַרויסגערעדט; זי האָט קוים אַ בליק געטהון צו זשאַק׳ן, וועלכער איז געשטאַנען ביים פענסטער. אויפ׳ן אויוועז האָט זיך געוואַרעמט אַ טעפּעל קרויט. דאָס יונגע מיידעל האָט דאָס דערלאַנגט צום טיש, ווען מיזאַר איז ענדליך געקומען.

מיזאַר האָט זיך גאָר ניט פערוואונדערט, ווען ער האָט

אין שטוב דערזעהען דעם יונגען מאַן. אפשר האָט ער איהם געזעהען אַנקומען; נייגעריג איז ער יעדענפאַלס ניט געווען, און ער איז צו זשאַק'ן ניט צו מיט קיינע פראַגעס: — אַ דרוק די האַנט, קורצע עטליכע ווערטער, און שוין. זשאַק האָט אליין אומגעפרעגט, געמוזט ווידער אַ מאָל דערצעהלען די גאַנצע געשיכטע פון דעם צובראָכענעם טרייב־אייזען, און זיין בנשלום צו קומען צו גאַסט צו דער מומען, און דאָ איבערנעכטיגען. מיזאר האָט שטילערהייט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, ווי איינער זאָגט, אז דאָס איז אַלעס פיין און גוט; און מ'האָט זיך געזעצט צום טיש, און מ'האָט געגעסען. שטיל, ניט געאיילט און ניט גערעדט. פאַזיע, וועלכע האָט פון ביי טאָג אָן ניט אַראָפּגעלאָזט אַן אויג פון טעפּעל, האָט זיך ניט ענטזאָגט פון אַ טעלער קרויט. אָבער אַז איהר מאַן האָט זיך אויפגעהויבען איהר צו דערלאַנגען איהר אייזען־וואַסער, וואָס פלאָרע האָט איהר פערגעסען צו געבען, — אַ גראַפין וואַסער פולל מיט צוועקעס, — האָט זי זיך צו דעם ניט געוואָלט צוריהרען. אָבער מיזאר, אַ מאָגערער און שרעקעדיגער, געפּלאָגט פון אַ שלעכטען הוסט, טרייסלענדיג זיך, האָט, דאַכט זיך, גאָרניט בעמערקט איהרע אנגסטליכע בליקען, מיט וועלכע זי האָט איהם נאָכגעקוקט די מינדעסטע בעוועגונג זיינע. אַז זי האָט זיך געהייסען דערלאַנגען אַ ביסעל זאַלץ, — וואָס איז אויך ניט דערלאַנגט געווען צום טיש, — האָט ער איהר בעמערקט, אַז זי וועט חרטה האָבען, וואָס זי געברויכט אַזוי פיעל זאַלץ, און אַז זאַלץ שאַדט איהר; ער האָט זיך אָבער אויפגעהויבען און איהר דערלאַנגט אין אַ לעפעלע אַ לעק זאַלץ, און זי האָט דאָס דוקא צוגענומען, ווייל זאַלץ, האָט זי געגלויבט, רייניגט פון אַלעס. דערנאָך האָט מען זיך צורעדט, וואָס ס'איז שוין עטליכע טעג אַזוי וואַרם און דערפון וואָס אין מאַראָם איז אַ צוג אַראָב פון די רעלסען. און זשאַק איז ענדליך געקומען צום שלום, אַז זיין מומע האָט זיך בלויז איינגערעדט שלעכטע חלומות, ער האָט קיין בייזעס ניט בעמערקט אין איהר מיזעראַבלען מאַן, מיט די בלאַנדזשענדע אויגען, וואָס האָט אַזוי דרך ארץ פאַר יעדען. מ'האָט פער־

בראכט מעהר ווי א שטונדע. אונטער דער צייט, איז פלארע צוויי מאל ארויסגעגאנגען אויף א מינוט, אז ס'האט זיך דער־הערט דער סיגנאל פון טרומייטעל. די באהן איז פארביי געלא־פען, און דערפון האבען זיך די גלעזער געטרייסעלט אויפ'ן טיש; אבער קיינער פון זיי האט דאס אפילו ניט בעמערקט.

עס האט זיך נאך א מאל דערהערט א בלאז פון דעם טרו־מייטעל, און פלארע, וועלכע האט שוין אבגעראמט די זאכען פון טיש, איז שוין דאס מאל צוריק ניט געקומען. זי האט אי־בערגעלאזען ביים טיש איהר מאמען מיט די צוויי מענער ביי א פלעשעל עפעל־בראנפען, און זיי זיינען אלע דריי געבליבען ביים טיש נאך א האלבע שעה. מיזאר האט עפעס געגען א מינוט אנגעשטעלט זיינע אויגען מיט א פארשענדען בליק אויף איין ווינקעל אין שטוב, און האט זיך באלד אויפגעהויבען, זיך אנ־געטהון דאס היטעל און מיט א פשוט'ען „גוטע נאכט" איז ער זיך ארויסגעגאנגען פון שטוב. ער האט ליעב געהאט צו געהן צו די קליינינקע טייכלאך, ניט ווייט פון דער היים, וואו עס זיינען געווען אויסגעצייכענטע אאל־פיש, און וואו ער האט פאר־ווארפען זיינע נעצען. פאר'ן שלאף פלעגט ער שטענדיג געהן געוואהר ווערען צו זיי.

אז ער איז נאר ארויס פון שטוב, האט פאזיע א בעדייר־טונגספאלען בליק געטהון צו איהר זשאק'ן.

— נו, וואס מיינסטו איצט? האסטו זיך געמערקט, ווי ער האט געזוכט מיט די אויגען אין יענעם ווינקעל? איהם איז אריינגעפאלען דער געדאנקען, אז איך האב דארטען בעהאלטען מיין אוצר, אונטער דעם טאפ פוטער... אה, איך קען איהם שוין! איך בין זיכער, אז היינט ביי נאכט וועט ער שוין אי־בערקעהרען דעם טאפ מיט'ן קאפ אראפ, זוכענדיג.

ס'האט איהר ארויסגעשלאגען א שוויס, און א פיבער האט געווארפען מיט איהרע גליעדער.

— נא, זעה אליין, — ס'הערט ניט אויף. ער האט מיך פאר'סמ'ט; ס'איז מיר ביטער אין מויל, גלייך ווי איך וואלט געקיים אלט קופער. און גאט איז מיין עדות, אז איך נעהם פון

זיין האָנט קיין שום זאַך ניט. פאַר אַ טרונק וואַסער דאַרף איך מורא האָבען... היינט פיהל איך זיך עפּעס זעהר שלעכט; איך וועל זיך בעסער געהן צולעגען. זיי מיר געזונט, זונעלע; דו דאַרפסט דאָך אָבפאָהרען זיעבען אוהר זעקס־און־צוואַנציג — פאַר מיר איז דאָס נאָך צו פריה. דו וועסט דאָך מסתמא קומען צו אונז נאָך אַמאָל, אַ יאָ? לאָמיך האָפען אַז דו וועסט מיך נאָך געפינען אַ לעבעדיגע.

זשאַק האָט איהר געמוזט העלפען אַריינגעהן אין איהר צימער, וואו זי האָט זיך געלעגט און, אַ פערמאַטערטע, אַנשלאָפען געוואָרען. אַז ער איז געבליבען איינער אַליין האָט ער זיך אַ וויילע געשלאָגען מיט דער דעה, צי זאָל ער אויך ניט בעסער אַרויפגעהן שלאָפען אויפ'ן בוידעם און זיך אויסציהען אויפ'ן זאַק שטרוי, וואָס וואַרט דאָרט אויף איהם. אָבער ס'איז נאָך אפילו קיין אַכט אַ זייגער ניט געווען, — צייט גענוג נאָך זיך אויסצושלאָפען; און ער איז אויך אַרויסגעגאַנגען פון שטוב, לאַזענדיג ברענען די קליינע קעראָסין לאָמפּ אין די ליידיגע, שלאָפענדע הויז, וואָס האָט זיך פון צייט צו צייט געטרייסעלט פון דעם פּלוצלונגען רויש פון אַ פאַרבייגעהענדען באַהן.

אין דרויסען איז זשאַק ערשטוינט געוואָרען, ווי וואַרם די לופט איז, ס'וועט געווים רעגענען. איבער גאַנצען הימעל האָט זיך געצויגען איין גרויסער, מילך־ווייסער וואָלקען און די פולע לבנה, — זעהען האָט מען זי ניט געקאָנט, — ווי דערטרונקען אין דעם וואָלקען, האָט געפאַרבט דעם הימעל מיט אַ רויטליכען אָבשיין. און אויף דער ערד האָט זשאַק דייטליך געמערקט דאָס פעלד, דער געגענד אַרום, די בערגלאַך, די בוימלאַך, וועלכע האָבען אויסגעזעהען ווי שוואַרצע פלעקען אין דעם רוהיגען, גראַדען ליכט פון דעם שטילען נאַכט־לייכטער. ער איז אַרומגעגאַנגען דאָס קליינע גערטענדיל. דערנאָך האָט ער זיך בעשלאָסען צו געהן מיט'ן וועג קיין דואַנוויל, וויל דער באַרג אַרויף איז דאָ ניט אַזוי שלעכט, אָבער אַז ער האָט דערזעהען דאָס איינזאַמע הויז אויף יענער זייט אייזענבאַהן־ליניע, שטעהענדיג מיט אַ זייט, האָט עס איהם אַ ציה געטהון צו געהן אַהין. דער שלאַנ־

בוים איז שוין געווען פארמאכט, און זשאק איז פון גערטענ־דיל ארויס דורך'ן טיהרעל אין פלויט, און איז אריבערגעגאנגען דעם באהן־וועג. דאס הויז האט ער גוט געקאנט. ער פלעגט עס אימער זעהן יעדען מאל, וואס ער פלעגט דא פארבייפליהען אין זיין טרויםלענדיגען און רוישענדען לאקאמאטיוו. דאס הויז האט איהם עפעס געצויגען צו זיך, ער אליין האט ניט געוואוסט פאר וואס, אבער מיט א געמישטען געפיהל, אז א שייכות מיט זיין לעבען איז דאך דא עפעס דא. יעדעס מאל האט זשאק געפיהלט צוערשט א מורא, אז ער וועט דאס הויז שוין מעהר ניט זעהן, און דערנאך א מין פערדרוס, אז דאס שטעהט נאך אלץ אויפ'ן ארט. קיין איין מאל האט ער ניט געזעהן, אז אין דעם הויז זאל מען עפענען א טיהר אדער א פענסטער, אלעס וואס מ'האט דערצעהלט פון דעם הויז איז געווען בלויז דאס, אז ס'איז דאס אייגענס פון דעם הויפט־ריכטער גראנמארען.

און היינט, ביי נאכט, האט איהם אנגעהאפט אן אונבע־קעמפפבארער וואונש צו צוגעהן נאהענטער, טאמער וועט ער עפעס געוואהר ווערען.

א לאנגע צייט איז זשאק געשטאנען אין מיטען וועג, מיט'ן פנים צו די גראטעס פון טויער. ער האט זיך געשטעלט אויף די שפיץ פינגער, אדער איז אבגעטראטען אויף איניגע שריט אבי בעסער צו זעהן. דער אייזענבאהן־וועג, דורכשניידענדיג דעם גאר־טען, האט ביים הויז אבגעטהיילט בלויז א שמאלען בלומען־גארטען, ארומגענומען מיט א וואנט; אבער פון הינטען איז געווען א גאנץ גרויסער שטיק פלאץ, אבגעצאמט בלויז מיט א פלויט פון בוימלאך. דאס הויז האט אויסגעזעהן פערלאזען און וויסט און פינסטער, אונטער דעם רויטליכען אבשיין פון דער פייכטער נאכט. און ער האט שוין געוואלט אוועקגעהן, פיהלענדיג ווי איהם געהט איבער א ציטער איבער'ן לייב, ווען ער האט פלו־צים בעמערקט א לאך אין פלויט, און ניט דורכקריעכען וואלט געווען א פשוטע פייגהייט. און דער געדאנק האט איהם גע־צוואונגען דורכצושטופען זיך. דאס הארץ האט איהם געקלאפט. ער איז ארומגעגאנגען ארום א קליינע האלב־צופאלענע בלומען־

הייזעל; מיט אמאל בעמערקט ער א שאטען שטעהט אין טיהר. ער האט זיך אבגעשטעלט.

— דו גאר? — האט ער אויסגעשריען, אז ער האט דער־קענט אז דאס איז פלארע. — וואס טהוסטו דא?

זי איז אויך געווען ניט וועניג ערשטוינט. אבער זי האט זיך בערוהיגט.

— זעהסט דאך, — האט זי איהם געענטפערט, — איך נעהם דא שטריק... א בארג שטריק האט מען דא איבערגעלאזט, און עס ווערט פון זיי א תל, און קיינער האט פון זיי קיין הנאה ניט. מיר וועלען זיי זעהר צונוץ קומען. איך דארף שטריק יעדען טאג. קום איך אמאל און נעהם.

און ווירקליך, זיצענדיג אויף דער ערד, מיט א גרויסע שער אין דער האנט, האט פלארע פונאנדער געקניפט די פערפלאנ־טערטע שטריק און, אז א קניפ האט זיך ניט געלאזט אויפבינדען, האט זי איהם צוהאקט מיט די שער.

— און דער אייגענטהימער? — האט דער יונגער מאן געפרעגט. — קומט ער דען קיין מאל ניט אהער?

זי האט זיך צולאכט.

— אה! נאך דעם סקאנדאל מיט לואיזען, מעגסטו שוין זיין זיכער, אז דער הויפט־ריכטער וועט דעם שפיץ נאז זיינעם ניט ווייזען אין קרוא־דע־מאפרא. נישט קשה, איך מעג מיר רוהיג נעהמען די שטריקלאך.

ער האט געשוויגען; איהם האט בעאונרוהיגט די טראגישע געשיכטע, וואס זי האט דערמאנט.

— און דו? גלויבסט עס אלצדינג, וואס לואיזעט האט דערצעהלט; דו גלויבסט טאקי אז ער האט זי געוואלט פער־גוואלטעווען, און אז זי האט זיך מיט איהם געראנגעלט און האט זיך אליין דאביי פערוואונדעט.

פלארע האט אויפגעהערט צו לאכען, איז מיט אמאל גע־ווארען בייז און האט אויסגעשריען:

— לואיזעט האט קיין מאל קיין ליגענס ניט געזאגט, און קאביש אויך ניט... קאביש איז מיין פריינד.

— דיין געליעבטער אפשר אויך?

— ער! אָה, ניין! איך וואָלט בעדאַרפט זיין א שעהן בי־סעל צולאָזען... ניין, ניין; ער איז מיין פריינד; איך האָב ניט קיין געליעבטע, און וויל ניט האָבען.

זי האָט אויפגעהויבען איהר קרעפטיגען קאָפּ: איהרע גע־דיכטע בלאָנדע האאר האָבען זיך געקרייזעלט גאנץ נידריג ביי איהר אויף׳ן שטערן; און פון איהר גאַנצען וועזען, שטארק און בעוועגליך, האָט זיך געלאָזט פיהלען א ווילדע ווילענס־ענערגיע. אין די ארומיגע געגענד האָט זיך שוין געלאָזט הערען פון איהר ווילדער קראַפט. מ׳דערצעהלט זיך אָן געגוג פון איהרע העל־דענטהאַטען: מיט איין שלעפּ האָט זי אראָבגעריסען א קארעטע פון וועג, ווען דער באַהן האָט געזאָלט אָנלויפען. פון באראנטען איז בארג אראָב געלאָפען אָן אָבגעקעטעלטער וואַגאָן, ווי א בייזע צו־ווילדעטע חיה, און גלייך אַנטקעגען א שנעל־צוג, און זי האָט דעם וואַגאָן אָבגעשטעלט. און די אַלע בעווייזע פון איהר קראַפט האָבען ערשטוינט א יעדען, און די מאַנספּערזאָנען האָבען זי זעהר שטארק געוואָלט, נאָך מעהר דערפאַר, וואָס מ׳האָט פון אָנהויב געמיינט, אַז מ׳האָט צו איהר געקאָנט לייכט צוקומען, ווייל זי איז תמיד ארומגעלאָפען אין די פעלדער, ווען זי האָט נאָר געהאַט א שטיקעל פרייע צייט, שטענדיג זיך אויס־געקליבען די פערוואָרפענסטע ווינקעלאַך, און זיך בעהאַלטען אין די גריבער, מיט די אויגען ארויף צום הימעל, אָהן א וואָרט, אָהן א בעוועגונג. אָבער די מאַנסבילען, וואָס האָבען זיך נור דערוואַגט צו וועלען זיין די ערשטע, האָבען שוין פערזאָגט א צווייטען מאָל. זי האָט ליעב געהאַט שטונדען לאַנג זיך צו באָדען אין די טייכלאַך אין דער אומגעגענד. א חברה אינגלאַך, מיט איהר אין איין עלטער, איז געפעלען דער פּלאַן זיך אונטערצור־גנב׳ענען קוקען, ווי זי באָדט זיך. זי האָט איינעם געפּאַקט, און אפילו ניט בעמיהענדיג זיך ארויפצוכאַפּען אויף זיך דאָס העמד, האָט זי איהם אזוי גוט דערלאַנגט, אַז פון יעמאָלט אָן האָט איהר קיינער שוין מעהר ניט נאָכגעקוקט. ענדליך, איז נאָך דאָ א קלאַנג וועגען עפּיס א פאַל וואָס זי האָט געהאַט מיט א רעלסען־

פירעוּוער פון די דיעפּ אבטיילונג, פון יענער זייט טונעל: איי־גער מיט'ן נאָמען אָזיל, א יונג פון א יאָהר דרייסיג, אַן עהרליכער מאַן, וועלכען זי האָט, דאכט זיך, זאָגאר געגעבען האָפנונג א שטיקעל צייט, האָט זיך אמאָל ערלויבט מיט איהר צופּיעל, מיינענדיג, אַז זי וויל זיך איהם איבערגעבען, — האָט זי איהם מט איין זעץ פון א שטיק האָלץ שיער ניט דער'הרג'עט אויף טויט. זי איז געווען ריין און א קריעגס־פרוי, און האָט פער־אכטעט א מאַנסביל — און דערפאר זיינען טאַקי אַלע געווען זיכער, אַז דער קאָפּ איז ביי איהר א צודרעהטער.

הערענדיג איהר ערקלעהרונג, אַז זי וויל ניט האָבען קיינע געליעבטע, האָט זשאַק זיך ווייטער געזאָגט אויף שפּאַס.

— הייסט עס, פון דיין פּארטיע מיט אָזיל איז געוואָרען גאָרניט? מ'האָט מיר דערצעהלט, אז יעדען טאָג לויפסטו זיך מיט איהם זעהן אויף יענער זייט טונעל.

זי האָט א ציה געטהון מיט דעם אַקסעל.

—נו, אודאי!.... א פּארטיע.... ניט אנדערש.... דער טונעל — ער איז איין פערגעניגען: — צוויי מיט א האַלבען קילאָמעטער פליהסטו אין דער פינסטערניש, און דו ווייסט אַז דו קאָנסט צושניטען ווערען פון'ם באַהן, אויב דו קוקסט ניט מיט אָפענע אויגען.... וואָלסט געדארפט הערען ס'א געוואַלד די צוגען מאַכען דאָרט אין טונעל.... אָבער אָזיל איז מיר שוין נמאס געוואָרען. און א חוץ דעם — איך וויל איהם ניט.

— ווילסטו, אַלזאַ, אַן אַנדערען.

— אָה, כ'ווייס ניט... אך, עהרען וואָרט, אַז ניט!

פלאָרע האָט זיך ווידער צולאַכט, און אום בעסער צו בעהאַלטען איהר שעהמעוודיגקייט, האָט זי זיך גענומען צו איהרע שטריק אויפפּלאָנטערען א קניפּ, אין וועלכען זי האָט אָבער ניט געקענט געפינען דעם עק. און דערנאָך, אַלץ ניט אויפהויבענדיג דעם קאָפּ, גלייך ווי זי וואָלט עס געווען שטאַרק פארטהון אין דער ארבייט, האָט זי געפרעגט:

— און דו, האָסטו איינע, א געליעבטע?

איצט איז שוין זשאַק געוואָרען ערנסט. זיינע אויגען האָ־

בען געגומען ארומבלאָנקען און ער האָט זיך אָבגעקעהרט און זיך פארטראכט, קוקענדיג ערגיץ ווייט אין דער פינסטערער נאכט. ער האָט געענטפערט קורץ:

— ניין.

— אזוי, — האָט זי פאַרטגעזעצט, — מ'האָט מיר טאַקי דערצעהלט, אז דו פארהאסט פרויען. און א חוץ דעם, איך קען דיך דאָך ניט ערשט פון נעכטען און כ'האָב פון דיר ניט געהערט קיין פריינדליך וואָרט.... זאָג, פארוואָס?

ער האָט געשוויגען. זי האָט אוועקגעלעגט דעם שטריק מיט'ן קניפּ און האָט איהם אָנגעקוקט.

—האָסטו טאַקי קיינעם ניט ליעב, א חוץ דיין מאשין? מ'לאַכט דאָך פון דיר, ווייסטו? מ'דערצעהלט, אז דו האַלסט זי אין רייניגען און רייבען, גלייך ווי דו ווילסט קיינעם א גלעט ניט טהון, א חוץ איהר, דיין מאשין.... איך זאָג עס דיר וויל איך בין דיר א פריינד.

און זשאַק האָט זי איצט ווידער אָנגעקוקט אין דעם בלאסען שיין פון דעם פארוואָלקענטען הימעל. און ער האָט זיך אָן איהר דערמאָנט, ווען זי איז נאָך געווען א קליינינקע, — נאָך יעמאָלט שוין, ווילד און פאר'עקשנ'ט, — ווי זי פלעגט זיך איהם כאַפּען האַלזען, ווי ער פלעגט נור קומען, אזוי ווילד איז געווען די ליידענשאַפט פון דער מיידעלע. און דערנאָך, אז ער פלעגט זי שוין ניט זעהען אָפט, פלעגט ער יעדעס מאָל, וואָס זיי פלעגען זיך בעגעגענען, בעמערקען, ווי זי וואקסט אונטער; אָבער זי פלעגט זיך איהם אַלץ ווארפען אויפ'ן האַלז, און דער פייער פון איהרע גרויסע קלאָהרע אויגען פלעגען אַלץ מעהר און מעהר איהם שטעלען אין פערלעגענהייט. יעצט איז פלאָרא שוין געווען א דערוואקסענע, — א פראַכט, און בעצויבערענד, — און, אָהן צווייפעל, ליעבט זי איהם. שוין פון לאַנג, נאָך פון איהר קינדהייט אָן. און דאָס האַרץ האָט איהם געגומען קלאַפּען, — פּלוצים האָט ער מיט אמאָל דערפיהלט, אז זי וואַרט נור אויף איהם, און דאָס בלוט פון זיינע אָדערן האָט איהם א האַק געטהון אין קאָפּ און ער האָט דערפיהלט גרויס אנגסט;

און אויף דער הייסער מינוט האָט ער געוואָלט אנטלויפען פון שרעק... אַך, שטענדיג ווערט ער אוים מענש דערפון... ער דער־פיהלט בלוט.

— וואָס שטעהסטו? — האָט זי געזאָגט; — זעץ זיך.

און ער האָט ווידער ניט געוואוסט, וואָס צו טהון. אָבער די פים האָבען זיך איהם מיט אמאָל אליין אונטערגעהאקט. און בעזיעגט פון זיין הארץ בענקעניש ווידער צו פרופען צו ליעבען, האָט ער זיך אראָפּגעלאָזט אויף א קופע שטריק לעבען איהר. ער האָט ניט ארויסגערעדט א וואָרט; ס'איז איהם טרוקען גע־וואָרען אין האלז. יעצט האָט זי, — די שטאָלצע, די שווייגענ־דע, — געפלאפּלט אָהן אָן אויפהער, מאכענדיג זיך פרעהליך און פערטומלענדיג זיך אליין.

— זעהסטו, די מאמע האָט נאריש געהאנדעלט, וואָס זי האָט חתונה געהאט מיט מיזאר'ן. גלאט וועט דאָס איהר ניט אָבלויפען... איך מיש זיך ניט; יעדער האָט זיך אייגענע צרות; ניין, אפשר? און אחוץ דעם, הייסט מיר די מאמע זיך געהען לעגען שלאָפען, ווען איך זאָג איהר נור א וואָרט. טאָ זאָל זי זיך אליין אויסדרעהען... איך לעב מיר אין דרויסען. אָבער איך טראכט מיר וואָס וועט שפּעטער זיין... אַך, ווייסטו, כ'האָב דיך דאָך געזעהען פארבייפליהען היינט אין דער פריה אויף דיין מאשין — אָן אין יענע קוסטעס בין איך געזעסען און ארויסגע־קוקט! אָבער דו קוקסט זיך קיין מאָל ניט אום... און אמאָל וועל איך דיר דערצעהלען פון וואָס איך טראכט, אָבער ניט איצט. — שפּעטער, ווען מיר וועלען שוין אויף דער אמת'ן זיין גוטע פריינד.

זי האָט ארויסגעלאָזט די שער פון די הענט, און זשאַק, נאָך אלץ ניט רעדענדיג א וואָרט, האָט זי גענומען פאר ביידע הענט. ענטציקט, האָט זי די הענט ניט צוגענומען. און דאָך, אז ער האָט זיי צוגעטראָגען צו זיינע פארברענטע ליפּען, האָט זיך אין איהר בעליידיגט איהר ריינליכקייט. ביים ערשטען ריהר פון דעם מאנסביל, האָט זיך אין איהר דערוועקט די קעמפּפעריג, א שטרענגע, אן אונבעזיעגטע.

— ניין, ניין! לאז מיך געמאך, לאז אפ... זיי רוהיג, לאָמיר רעדען... מענער זיינען אלע אזוי... אך, איך זאל דיר איבערדערצעהלען, וואס לואיזעט האט מיר דערצעהלט, דעם לעצטען טאג, ווען זי איז געשטארבען, ביי קאביש'ן אין דערהיים!... איך האב נאך פון פריהער גענוג געוואוסט פון דעם הויפט־ריכטער; איך פלעג אפט זעהען, ס'א געמיינהייטען דא פלעגען זיך אבטחון, ווען ער פלעגט אהער ברענגען זיינע יונגע מיידלאך... איינע, וועלכע קיינער איז גאר ניט חושד, האט ער חתונה געמאכט.

זשאק האט ניט געהערט און ניט געוואוסט וואס זי דערצעהלט איהם. ער האט זי מיט אמאל ארומגעכאפט מיט ווילדקייט און זי גענומען קוסען. ביי איהר האט זיך ארויסגעריסען א לייכטער געשריי, אדער בעסער געזאגט, א מין זיפץ, א שטילער, פון הארצען, אין וועלכען ס'האט זיך געהערט די אנערקענונג פון איהר ליעבע, אזוי לאנג פערבארגען. אבער זי האט זיך פארט געראנגעלט, — — אפילו געגען איהר אייגענעם געפיהל, — — פשוט אזוי, בלויז צוליעב איהר אינסטינקט צו קעמפפען. זי האט איהם בעגערט, אבער זי האט זיך דאך געראנגעלט געגען איהם, אוים דער בעדירפניס צו ווערען בעזיעגט. ניט אויסרעדענדיג א ווארט, שפארענדיג א ברוסט געגען א ברוסט, קוים כאפענדיג דעם אטהעם, האבען זיי זיך אנגעשטרענגט מיט אלע כחות איינער דעם אנדערן אומצוואווארפען. איין מינוט, דאכט זיך, איז פלארע געוועזן שטארקער פון איהם, און זי וואלט איהם טאקע אומגעווארפען: — אזוי האט ער עס זיך צוקאכט; ער האט זי אבער אנגעכאפט פאר'ן גארגעל. דער קארסאזש האט אויף איהר געפלאצט, און עס האבען זיך בעוויזען איהרע צוויי בריסט, שטייפע און אנגעשטרענגטע פון דעם ראנגלען זיך און מילך־ווייסע, זאגאר אין די האלב־טונקעלהייט פון דער נאכט. פלארע איז אנידערגעפאלען אויף דער פלייצע, א בעזיעגטע, א צופרידענע. אבער ער, קוים אפדוכענדיג, איז געבליבען שטעהן, קוקענדיג אויף איהר אנשטאט זי אנצוגרייפען. ס'האט איהם גאר אנגעכאפט א מין רציחה, א בלוטדורשטיג־

קייט, און ער האָט גענומען זוכען מיט די אויגען אַ געוועהר, אַ שטיין, אירגענד וואָס, אַבי עפּעס מיט וואָס זי צו דער'הרג'ענען. זיין בליק האָט בעגעגנט די שער, בליסטשענדיג אין די קופּע שטריק. ער האָט האַסטיג אַ כאַפּ געטהאָן די שער, און ער וואָלט זיי שער איהר אריין געשטאָכען אין איהר נאַקעטען האַלז, צווישען די צוויי ווייסע בריסט; אָבער מיט אַ מאָל איז איהם אריבער אַ סקרוך, און ער איז געקומען צו זיך; ער האָט אַ שליידער געטהון די שער און איז אַנטלאָפען אַ צוטומעלטער.

און ער איז געלאָפען אין דער טרויעריגער נאַכט. ער איז שנעל ארויפגעלאָפען אויף אַ בערגעל, און זיך באַלד אראָפּגעלאָזט אין טהאָלכעל. אונטער זיינע פיס האָבען זיך געקייקעלט די שטיינ־דעלאַך, און ער האָט זיך געשראָקען פאַר זיי; האָט ער זיך גע־נומען לינקס, צו די קוסטעס, און, אָנלענענדיג אַ שטיק וועג, איז ער ארויסגעקומען אויף אַ גלאַטען, הויכען וויסטען שטיק פּלאַץ אין דער רעכטער האַנט. פון דאַנען איז ער וויטער האַס־טיג ארונטער געלאָפען און איז אָנגעקומען צו דער אייזענבאַהן ליניע: אַ צוג איז אונטערגעקומען, סאָפּענדיג און רוישענדיג; אָבער דער צושראָקענער יונגער מאַן האָט גאָר ניט פערשטאַנען פון אָנפאַנג. הערסט! דאָס פאָהרען דאָך דאָ פאַרביי די אַלע מאַססען מענשען, אַן ענדלאָזער שטראָם מענשען — און ער איז איינער אליין, אָהן אַן אָטהעם.

און ער איז וויטער געלאָפען; געקלעטערט באַרג ארויף, געפלויגען באַרג אראָב, אָבער איצט איז פאַר זיינע אויגען די גאַנצע צייט געוועזן די אייזענבאַהן־ליניע אונטען, אין דער גע־שניטענער לאַנגער גרוב, וועלכער האָט זיך געצויגען דורך טהאָ־לען און אָנגעשטעלטע ערד־בענק, וואָס האָבען, ווי ריעזיגע באַ־ריקאַדען פערשטעלט דעם האָריזאָנט. די גאַנצע ווילדע געגענד, געלעכערט פון טהאָלען, האָט אויסגעזעהען ווי איין פלאָנטער פון פארמאַכטע וועגען אָהן אַן ארויסגאַנג, און זשאַק האָט זיך נעבאַך געוואָרפען אַהין און אַהער אין די פינסטערע אומעדיגקייט פון די וויסטעניש.

אַ צייט האָט ער שוין אַזוי ארומגעבלאָנדזשעט צווישען די

בערגלאך; פלוצים דערזעהט ער פאר זיך אן ערעפענונג, — דאס שווארצע גרויסע מויל פון דעם טונעל. א צוג איז אין איהם אריין אין דיעזער מינוט און איז איינגעשלונגען געווארען, ווי אין דער ערד אריין, און נאך איהם איז געבליבען בלויז א לאנגער ציטער, פון וועלכען די ערד האט זיך געטרייסעלט.

זשאק האט ניט געקענט איינשטעהן אויף די פיס: ער איז אנידערגעפאלען, מיט'ן פנים צו דער ערד, אין גראז, און ס'האט איהם אנגעכאפט א קאנוואולסיווער געוויין. אה, גאט! האט זיך טאקי צו איהם אומגעקעהרט זיין שרעקליכע חולאת, פון וועלכע ער האט זיך שוין אויסגעהיילט, ווי ער האט געהאפט? אט האט ער דאך נור וואס געוואלט דערשטעכען דאס מיידעל? הרג'ענען א פרוי! דיעזער וואונש האט איהם געבויערט דעם מח פון זיין יוגענד אן. און די ליידענשאפט איז געווארען אלץ שטארקער, הייסער... הרג'ענען א פרוי! וו אנדערע איינגלאך, ווען זיי קומען אין די יאהרען, בעגעהרען די פרוי, אזוי האט ער געהאט דעם בעגעהר צו הרג'ען א פרוי! זיך אליין קאן ער דאך ניט נארען: — די שער האט ער דאך א כאפ געטהאן טאקי נור מיט דעם צוועק זי אריינצושטעכען אין איהר לייב, אזוי ווי ער האט נור דאס לייב דערזעהען, — איהרע ווייסע, הייסע ברוסט. און ניט דערפאר האט ער זי געוואלט שטעכען, וואס זי האט זיך מיט איהם געראנגעלט, — אה, ניט דערפאר! — זאנדערן פשוט אזוי, פאר פארגעניגען, ווייל ס'האט איהם עפעס געצויגען דערצו, און געצויגען מיט אזא מאכט, אז ווען ער וואלט זיך נאך איצט ניט אנגעהאלטען מיטביידע הענט אן די גראז, וואלט ער זיך צו איהר אומגעקעהרט, דארט, אהין, האסטיג לויפענדיג זי צו דערווערגען. זי — די פלארע, — מיין גאט! — וועלכע איז אויסגעוואקסען געווארען פאר זיינע אויגען, — דאס ווילדע קינד, וועמענס טיעפע ליעבע צו איהם ער האט ערשט היינט דערשפיערט... זשאק'ס איינגעקרעמפטע פינגער האבען זיך איינגעגראבען אין דער ערד נאך שטארקער, און דאס הארץ האט איהם שיער ניט געפלאצט פון געוויין; א געוואלדיגע האפנונגסלאזיגקייט האט איהם געדריקט די ברוסט.

ער האט זיך בעמיהט זיך צו בערוהיגען, האט געוואלט זיך אבגעבען א חשבון. מיט וואס איז ער ניט ווי אלע מענשען צוגלייך? דיעזע פראגע האט ער זיך אפט געשטעלט נאך אין פלאססאן, ווען ער איז נאך געווען א אינגעל. אמת, זיין מאמע, זשערוועזע, איז נאך געווען זעהר יונג, ווען זי האט איהם גע־האט; זי איז אלט געווען בלויז פינפצעהן יאהר מיט א האלבען; איז ער אבער שוין געווען דער צווייטער; דעם ערשטען, קלאד'ן, האט זי געבארען צו פיערצעהן יאהר, און ניט איינער פון זייגע ברידער, ניט קלאד, און ניט עטיאען, וועלכער איז געבארען גע־ווארען שוין נאך איהם, האט אויגענשיינליך ניט געליטען דערפון, וואס זייער מוטער האט זיי געהאט אזוי יונג און זייער פאטער, לאנטיע, איז געווען פון איין עלטער מיט איהר, — נאך גאר א אינגעל, א שעהנער, איבער וועלכען די ארימע זשערוועזע האט, מסתמא, פערגאסען געגוג טרערען, — אזוי שלעכט איז ער געווען צו איהר. און אפשר האבען זיי ביידע אויך געליטען פון עפעס א חולאת, און האבען אבער קיינעם ניט אויסגעזאגט, ספעציעל דער עלטערער ברודער, וועלכער איז כמעט פערצעהרט געווארען פון אזא אונגעהייערען דורסט צו ווערען א מאהלער, אז מ'האט איהם געהאלטען כמעט פיר האלב משוגע, האלב זשעניע. און איבערהויפט איז זייער גאנצע פאמיליע עפעס גע־ווען ניט מיט אלעמען, — יעדען האט עפעס געפעהלט. און ער אליין האט אויך אין זיך אפט געמערקט אזא מין מום, וואס איהם איז געקומען בירושה: און אין געזונד איז ער גראד געווען גאנץ שטארק; — דאס וואס ער פלעגט אמאל זיין אזוי מאגער, איז דאך דאס געווען בלויז פאר בושה און אנגסט, טאמער כאפט איהם ווידער אן די קליפה. און מיט אמאל פלעגט ער דערפיהלען, ווי ער פערליערט זיך, האט איבער זיך קיין דעה ניט, און עפעס ווערט אין איהם ווי געשפאלטען, געעפענט; און זיין „איך" פערלאזט איהם עפעס ווי אין א מין טומאן, וואס האט איהם אלעס פערפינסטערט. און ער איז שוין ניט געווען ער; איבער איהם האבען שוין געוואלדעוועט זיינע אייגענע מוסקו־לען, — עפעס א מין צורייצטע חיה איז אין איהם דערוועקט

געוואָרען... טרינקען טרינקט ער ניט; ער האָט זיך אפילו גיט ערלויבט א גלעזעלע שנאַפּס, ווייל ער האָט בעמערקט, אז דער מינדעסטער טראָפּען אלקאָהאָל רויבט איהם זיין פערשטאַנד. און זשאַק איז געקומען צום שלום, אז דאָס צאָהלט ער פראַמדע שולדען, פאַר די שכרות פון זיינע עלטערן און עלטערנ׳ס על־טערן, פאַר גאַנצע דורות פון שכורים, פון וועלכע ער האָט בירושה די שלעכטע בלוט אין זיינע אָדערן, דעם סם אין זיין בלוט און די ווילדקייט, וועלכע ציהט איהם אין די גדיכטע וועל־דער, ווי די וועלף, וואָס פערצוקען פרויען.

זשאַק האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף׳ן עללענבויגען און גע־טראַכט און געקוקט אויף דעם שווארצען מויל פון טונעל, און פּלוצים האָט דער געוויין איהם ווידער א טרייסעל געטהאָן פון קאָפּ ביז׳ן די פיס; ער איז וויעדער געפאַלען צו דער ערד, קייקלענדיג זיך און שרייענדיג פאַר וועהטאָג. זי, פלאָרע׳ן, פלאָ־רע׳ן, האָט ער דאָס געוואָלט הרג׳ענען! דיעזער געדאַנק האָט איהם ניט אָבגעלאָזט, — דער אונערטרעגליכער, שטעכענדיגער געדאַנק, גלייך ווי ער וואָלט די שער אליין אריינגערוקט אין אייגענעם לייב. קיינע ערקלעהרונגען האָבען איהם ניט געהאָל־פען: ער האָט זי געוואָלט הרג׳ענען, און ער וואָלט זי נאָך איצט דער׳הרג׳עט, ווען ער זאָל זי נאָך אמאָל געפינען אויף דעם זעלבען פּלאַץ. דאָרט, מיט איהר צושפּיעלטע ליעף, מיט איהר נאַקעטע ברוסט...

זשאַק האָט גוט געדענקט, ווי אזוי די קראַנקהייט זיינע האָט איהם א כאַפּ געטהאָן דאָס ערשטע מאָל, ווען ער איז נאָך קיין זעכצעהן יאָהר ניט אלט געווען. איין מאָל, אין אָבענד, האָט ער זיך געשטיעפּט מיט זיינע א פריינטעל, א מיידעלע, אינגער פון איהם מיט א יאָהר צוויי; זי איז עפּעס אומגעפאַ־לען, האָט ער דערזעהען איהר נאַקעטען פוס און ער האָט זיך צו איהר א וואָרף געטהאָן. ער האָט אויך געדענקט, ווי מיט א יאָהר שפּעטער האָט ער אָבגעשאַרפט זיין מעסער, כדי דאָס אריינצושטעכען אין האלז פון אן אנדער מיידעלע, א בלאָנדינע, א קליינינקע, וועלכע פלעגט יעדען טאָג פאַרבייגעהן פאַר זיין

טיהר. דאס מיידעלע האט געהאט זעהר א פולען האלז, זעהר א ראזאווען, און זשאק האט זיך שוין אבגעקליבען דאס ארט, וואו זי שטעכען — א געבורט־פלעק אונטער'ן אויער. און נאך, און נאך אזוינע פינסטערע עראינערונגען, א גאנצע רייהע שרעקליכע חלומות! — און אלץ אזוינע פרויען, צו וועלכע ער האט זיך צוגעריהרט מיט זיין אונערווארטעטען בעגעהר זיי צו הרג'ענען, — פרויען, וועלכע ער האט בעגעגענט אין גאס, — פרויען, וועלכע זיינען צופעליג געווען זיינע שכנות, — ספעציעל איינע, ערשט פון דער חתונה, וועלכער ס'איז אויסגעקומען צו זיצען לעבען איהם אין טעאטער: — זי האט זעהר פיעל געלאכט, און זשאק האט געמוזט ענטלויפען פון טעאטער, אז ער זאל זי ניט דערשטעכען. און געקענט האט ער זיי קיינעם ניט, — טא ווי אזוי־זשע האבען זיי איהם געקאנט ארייינטרייבען אין אזא רציחה? און יעדעס מאל פלעגט דאס טאקי איהם אנכאפען פלוצלונג, מיט אמאל, אן אנפאל פון ווילדע רציחה, עפעס א מין בעגעהר זיך נוקם צו זיין אן אימעצען פאר אלטע, אמאליגע עולות, וועלכע ער האט שוין לאנג, לאנג פערגעסען... קאן דאס ווירקליך זיין, אז דאס קומט איהם בירושה פון לאנגע דורות צוריק, פאר דעם שלעכטס, וואס די פרוי האט אנגעטהון דעם מאן, — פון דעם כעס אויף איהר, וואס איז פון דור־דורות איבערגעגאנגען פון זכר צו זכר נאך פון דער צייט, ווען די נקבה האט איהם צום ערשטען מאל בעשווינדעלט נאך אין די טיעפעניש פון דער חויל? און ביי יעדען אנפאל פון זיין קרענק, האט ער דערצו נאך געפיהלט א בעדירפניס זיך צו ראנגלען מיט דער נקבה, כדי זי בייצוקומען און זי בעהערשען, — א מין אוננאטירליכע בעדירפניס א טויטע זי ארויפלעגען זיך אויף די פלייצעס, ווי דער יעגער, וואס האט עפעס געפאנגען און דערפאר בעלאנגט דאס צו איהם אויף אייביג. דער קאפ פלעגט זיך איהם שפאלטען פון די אלע פראגעס, אויף וועלכע ער האט קיין ענטפער ניט געקאנט געפינען — דערפאר ווייל ער איז אונוויסענד, האט ער געמיינט, דערפאר, וואס דער מח ארבייט ביי איהם ניט ווי געהעריג, און עס האט איהם געמאטערט פון די הארץ־קלעמע־

גש, וואס דער מענש פיהלט, ווען ער ווייס, אז ער איז ניט דער בעל הבית איבער זיינע אייגענע האנדלונגען, און די אורזאכע דערפון בעגרייפט ער ניט.

און ווידער איז פארבייגעפלויגען א צוג מיט זיינע בליסטשענדע פייערלאך, און האט זיך צולאזט מיט א געוויש פון א דונער און איז פערשוואונדען געווארען אין דער טיעפעניש פון טונעל.

זשאק איז אויפגעשפרונגען, ער האט זיך אנגעטהון א מיח אויסצוזעהען רוהיג, צו שטילען זיין געוויין, גלייך ווי איהם וואלט געקאנט דערהערען די פארבייפליהענדע, אונבעקאנטע, גלייכגילטיגע מאססע מענשען. ווי פיעל מאל פלעגט ער נאך אזא אנפאל פון זיין קרענק זיך שרעקען פון קלענסען שארך, ווי א פערברעכער! רוהיג און גליקליך האט זיך זשאק נור געפיהלט ביי זיין לאקאמאטיוו, איינער אליין אבגעטהיילט פון דער גאנצער וועלט. ווען די מאשין זיינע פלעגט איהם טראגען מיט א משוגענע שנעלקייט אין דעם גערויש פון דעם רודער, בשעת ער האט געהאלטען די האנט אויף דעם רעדעל, וואס ענדערט דעם גאנג פון צוג, מיט'ן קאפ און הארצען אריינגעטהון אין די סיגנאלען אויפ'ן וועג, האט ער פון קיין שום זאך ניט געטראכט און מיט די פולע לונגען אין זיך אריינגעאטהעמט די פרישע לופט, וואס שוועבט איהם ענטקעגען. אט פאר וואס זשאק האט אזוי ליעב געהאט זיין מאשין, — גלייך ווי זי וואלט געווען זיינע א שטילינקע געליעבטע, וואס שענקט איהר נור ריין גליק. אז ער האט געענדיגט די „שולע פון קונסט און האנדווערק", האט ער, ניט קוקענדיג אויף זיין בעדייטענדע ענטוויקלונג, זיך אויסגעקליבען די פראפעסיאן פון מאשיניסט אויפ'ן באהן, צוליעב די איינזאמקייט און די פארטומלענדע ארבייט, וואס ביי אזא'ן ארט לעבען פאדערט זיך, און ער האט דאביי קיין שום געפיהל פון עהרגייץ ניט געהאט ; אין די ערשטע פיער יאהר האט ער זיך ערווארבען דעם נאמען פון אן ערשטע־קלאסע מעכאניקער און האט שוין פארדיענט צוויי טויזענד אכט הונדערט פראנק א יאהר, און צוזאמען מיט דעם, וואס ער האט

אבגעשפּאָרט פון הייצונג און מאשין־פּעטס, פלעגט ער האָבען איבער פיער טויזענד פראנק א יאָהר און האָט גאָר קיין בעסערס ניט פערלאנגט. זשאק האָט געזעהען, ווי זיינע קאמעראדען צווישען די ארבייטער פון צווייטען און דריטען קלאס, וואָס די קאָמפּאניע פלעגט צונעהמע אלס לעהרנער, האָבען כמעט אלע חתונה געהאט מיט ארבייטערינען, ניט קיין בעדייטענדע פרויען. וועלכע פלעגען זיך בעווייזען בלויז פאר'ן אבפאָהרען מיט קאָשעקלאָך שפּייז אין די הענד ; זיינע מעהר עהרגייציגע חברים בעזאָנדערס די, וואָס האָבען געענדיגט די שול, האָבען שוין געוואָרט ביז זיי ווערען אליין סטאַציאָן־מייסטערס, און דאַן וועלען זיי חתונה האָבען, אבזוכענדיג זיך עפּעס א בורזשואזקע, א פרייליין אין א הוט. אָבער זשאַק'ן — וואָס ער ענטלויפט פון פרויען, — וואָס געהט דאָס איהם אָן? ער וועט קיין מאָל ניט חתונה האָבען ; דעם גאנצען לעבען וועט ער פארברייגען ביים לאָקאָמאָטיוו, און ער וועט פליהען און פליהען, איינער אליין, פליהען שטענדיג אָהן אָן אויפהער. זיינע עלטסטע האָבען איהם געהאלטען פאר א זעהר גוטען מאַשיניסט, וואָס טרינקט ניט און לויפט ניט נאָך די פרויען, און בלויז די קאמעראדען, וואָס האָבען ליעב א הוליאנקע, פלעגען אבלאַכען פון זיין אויפפיהרונג ; אנדערע פון זיינע בעקאנטע פלעגט ער עפּעס בעאונרוהיגען מיט זיין אָפטע מעלאַנכאָליע, ווי ער געהט אַרום, רעדט צו קיינעם ניט, די אויגען צו דער ערד, און דאָס פּנים שווארץ. זשאַק האָט אַ טראכט געטהאָן ווי פיעל שטונדען ער איז אָבגעזעסען אין זיין צימער אין דער גאַס דע־קארדינעי, פון וואַנען עס זעהט זיך ארויס די סטאנציע דעי־באַטיניאָל, וואָהין עס געהערט זיין לאָקאָמאָטיוו ! דאָרט פלעגט ער פארברענגען זיין פרייע צייט, אַ פארשפּארטער, ווי א מאָנאַך אין זיין צעללע, זוכענדיג דעם שלאָף, ליגענדיג מיט'ן פּנים אין קישען, אפשר וועט ער פערגעסען זיין חולאת.

מיט אַן אנשטרענגונג האָט זיך זשאַק געוואָלט אויפהויבען. ווי קומט ער אהער, דאָ אין גראָז אין דער ווארעמער, טומאנער ווינטער נאכט? די אומגעגענד איז געוועזן בערצויגען מיט אַ

פינסטערניש, בלויז אין הימעל האט זיך געמערקט א שיין; דער לייכטער טומאן האט אויסגעזעהען ווי א דאך פון ניט דורכזיכטיגע גלאז, וואס האט פון דער בעהאלטענער שיין פון דער לבנה אויסגעזעהען געלבלאך. דער שווארצער האריזאנט האט געדרעמעלט אין א טויטען שטילשטאנד. אבער, שוין צייט! ס'איז שוין, אודאי, ניין א זייגער. דאס בעסטע איז צו געהן אהיים און זיך לעגען שלאפען.

אבער פלוצים האט זיך זשאק'ן מיט אנגסט פארגעשטעלט, ווי ער קומט עס אהיים צו די מיזאר'ס, געהט ארויף אויף די טרעפ אויף'ן בוידעם, לעגט זיך אוועק אויף די שטרוי, לעבען פלארע'ס צימער, און פון איהר טהיילט איהם אפ בלויז א דינע הילצערנע ווענטעל. זי וועט דארט שלאפען; ער וועט הערען, ווי זי דוכעט. ער האט זאגאר געוואוסט, אז פלארע פארשליעסט קיין מאל ניט די טיהר; ער וועט צו איהר קאנען אריינגעהן. א גרויסע ציטערניש האט איהם אנגעכאפט פון דאס ניי, אז ער האט זיך פארגעשטעלט דאס מיידעל, אן אויסגעטהוענע, צוהיצט אין איהר שלאף, און מאט... און דער פירכטערליכער געוויין האט איהם ווידער געווארפען פון די פיס. ער האט זי געוואלט הרג'ענען!... גאט!... זשאק'ן האט עס געשטיקט פון'ם געדאנק, אז אט געהט ער באלד און הרג'עט פלארע'ן... אין איהר בעט, גלייך ווי ער קומט נור אהיים. ער איז שיער פון זינען אראפ. וואס מאכט דאס אויס וואס ער האט ביי זיך קיין געוועהר ניט? ס'איז נאך גאנץ ווייניג, וואס ער האט מורא פאר זיך אליין, און פארשטעלט זיך דעם קאפ מיטביידע הענט. דאס וועט איהם ניט העלפען! ער האט געפיהלט, אז ער אליין וועט דאס גאר ניט וועלען, אז דער דערוועקטער זכר־בעסטיע, וואס איז אין איהם, וועט עפענען די טיהר און וועט זי דערשטיקען, דאס מיידעל, פשוט ווייל אין איהם איז דא אזא הערשענדער אינסטינקט פון גוואלדטהאטען און ווייל ער מוז זיך נוקם זיין פאר אמאל....

ניין! ניין! בעסער די גאנצע נאכט ארומצובלאנקענען זיך

איבער די געגענד איידער צו קומען אהיים, אהין. און זשאַק איז אויפגעשפרונגען און איז ווייטער געלאָפען.

און ווידער איז ער געלאָפען אַ פולע האַלבע שעה איבער די פינסטערע פעלדער, גלייך ווי איהם וואָלטען נאָכגעיאָגט גאַנצע פּעק צורייצטע חיות. ער איז געקראָכען אויף די בערגלאַך; ער האָט זיך אַראָבגעלאָזט אין די שמאָלע טהאָלכלאַך. צוויי קלייניגקע טייכלאַך האָבען זיך איהם באַגעגענט, איינער נאָכ'ן אַנדערן. זשאַק איז אַריבער געגאַנגען די טייכלאַך, און האָט זיך פאַרנעצט ביז'ן גאַרטעל; איינגע געדיכטע בוימלאַך האָבען איהם פאַרשטעלט דעם וועג, און ער איז דערפון געווען אויסער זיך. ער האָט געהאַט נור איין איינציגען געדאַנק, — געהן וואָהין די אויגען וועלען איהם טראָגען, ווייט, ווייט, אַוועק, פון זיך אליין צו ענטלויפען, ענטלויפען פון דער ווילדער חיה רעה, וועלכע ער האָט אין זיך אליין געפיהלט. אָבער די חיה אין איהם קאָן ניט בעזיעגט ווערען, און לויפט אויך אַזוי שנעל. זיעבען מאָנאַט שוין ווי זשאַק האָט זיך געמיינט, אַז ער איז שוין פּטור געוואָרען דערפון, און האָט געלעבט ווי אַלע מענשען לעבען... און איצט פאַנג אָן נאָך אַמאָל, ווידער פון אָנהויב, ראַנגלען זיך געגען זיך אַליין, אַז דו זאָלסט ניט בעפאַלען די ערשטע פאַרבייגעהענדע פרוי, וואָס דו זעהסט.

אָבער די אַרום און אַרום הערשענדע טיעפע שטילקייט און די פאָלקאָמענע איינזאַמקייט פון דעם אָרט האָט איהם אַביסעל בערוהיגט. ער האָט זיך פערטראַכט אויך פון אַזאַ לעבען, אַזוי שטיל און אָבגעזונדערט, ווי די טרויעריגע געגענד, וואו ער בלאָנדזשעט אַזוי אַרום, ניט בעגעגענדיג ניט אי איין לעבעדיגען נפש. אליין דאָס ניט האָבענדיג בעמערקט, האָט ער מסתמא ערגעץ וואו פאַרקירעוועט, ווייל ער איז צוגעקומען צו די באַהנליניע פון די אַנדערע זייט; ער האָט געמוזט אַרומגעהן אין אַ ברייטען האַלב־צירקעל, פון אויבען איבער'ן טונעל, צווישען די בערג־זייטען, וואָס זיינען פערוואַקסען מיט קוסטעס. זשאַק האָט זיך אומגעקעהרט צוריק, פיהלענדיג אַן אומרוהיגען כעס אויף זיך אַליין, וואָס ער איז ווידער צוגעקומען אַזוי נאָהענט

צו מענשען. און ער האט געוואלט אין קורצען איבערשניידען דעם וועג צו יענער זייט בערגעל; ער האט פארבלאנדזשעט און איז אויסגעקומען פאר דעם אייזענבאהן־פלויט, פונקט ביים ארויס־גאנג פון דעם טונעל, ניט ווייט פון דעם שטיקעל פעלד, וואו ער איז ערשט געווען און האט געוויינט. אן אויסגעמאטערטער, האט זיך זשאק אבגעשטעלט. פלוצלונג דערהערט זיך דערווייל נאך א שוואכער, אבער מיט יעדער סעקונדע אלץ שטארקערער גערויש פון אן אנקומענדען צוג, וואס איילט זיך ארויס פון אונטער דער ערד. דאס האט איהם אבגעהאלטען. דאס איז געווען דער שנעל־צוג קיין האזור, וועלכער איז ארוים פון פאריז זעקס אוהר דרייסיג, און וועלכער געהט דא פארביי ניין אוהר פינף־און צוואנציג: דעם צוג פלעגט זשאק פיהרען יעדע צוויי טעג.

זשאק האט געזעהען, ווי דאס שווארצע מויל פון דעם טונעל איז מיט א מאל געווארען ליכטיג, ווי אין אן אויווען, וואו דאס האלץ צוברענט זיך. א מינוט שפעטער איז ארויסגעפלויגען דער לאקאמאטיוו, פארבלענדענדיג די אויגען מיט זיין גרויסען קיי־לעכדיגען אויג — דעם פאדערשטען לאנטערן, — וואס האט זיך אריינגעריסען אין דער אויסערליכער פינסטערניש און האט אנגעצונדען די רעלסען, ווי צוויי פייערדיגע ווירעם. אבער דער שד איז אוועק ווי א פייל פון'ם בויגען, און די וואגאנעם האבען גענומען זיך יאגען נאך איהם; אין די פיערעקיגע שויי־בען אין די טיהרען האבען זיך געזעהען די פערשיעדענע קור־פעם געפאקט מיט פאסאזשירען; אבער דאס אלעם האט א בליאסק געטהאן מיט אזא שנעלקייט, אז דאס אויג האט איי־גענטליך ניט געקענט מערקען וואס עס האט געזעהען.

און דא האט זשאק גאנץ דייטליך בעמערקט אין איין סע־קונדע דורך די ליכטיגע שויבען פון א קופע, ווי א מאן האט אנידערגעווארפען אן אנדערן אויף די קאנאפע און האט איהם אריינגעזעצט א מעסער אין האלז אריין, אין דער זעלבער צייט איז עפעס א שווארצע מאסע, אפשר א דריטע פערזאן און אפשר נור א שטיק באגאזש, געלעגען מיט די גאנצע געוויכט דעם געשטאכענעם אויף די פיס, וועלכע האבען זיך געווארפען

ווי אין קאָנוואולסיעס. דער צוג איז שוין אַוועק און איז פערשוואונדען ערגעץ לעבען קרוא־דע־מאַפּרא, גיט אַרויסוויזענדיג זיך אין דער פינסטער מיט מעהר גאָר ניט, ווי מיט דעם רויטען דרייעק, — די דריי רויטע פייערלאַך אויף'ן לעצטען וואַגאָן.

ווי אַ צוגעשמידטער צום פּלאַץ, האָט דער יונגערמאַן נאָכגעקוקט דעם צוג, דער רויש פון וועלכען איז ענדליך שטיל געווארען אין די טויטע שטילקייט פון די פעלדער. האָט ער ריכטיג געזעהען? איצט האָט זשאַק שוין אַליין געצווייפעלט; ער איז שוין ניט געוועזען זיכער, אַז דאָס איז ווירקליך געוועזען אַזוי, וואָס האָט איהם ווי אַ בליץ אַ בליאַסק געטהון אין די אויגען. ניט אי איין געזיכטסצוג פון די צוויי טהיילנעהמער אין דער דראַמע האָט זיך איהם ניט איינגעקריצט אין זכרון. די דונקעלע מאַססע איז וואהרשיינליך געוועזען אַ קאָלדרע פון אויבטערוועגנס, און זי איז אַרויפגעפאַלען אויף דעם קערפּער פון דעם גע'הרג'עטען. און דאָך האָט זיך זשאַק'ן געדוכט, אַז ער האָט געזעהען אונטער די געדיכטע האאר אַ פיינעם, בלאַסען זייט פון געזיכט. אָבער דאָס איז געוועזען ווי צומישט, און איז אַוועק ווי אַ חלום. בלויז איין מינוט איז דער זייט פּנים איהם ווי געשטאַנען פאַר די אויגען אין זיין זכרון און איז אָבער באַלד אין גאַנצען פערשוואונדען געוואָרען. וואהרשיינליך איז דאָס אַלעס געוועזען בלויז אַן אָנשטעל פון זיין אייגענעם מח. און דאָס בלוט איז אין איהם פערגליווערט געוואָרען. און דאָס איז איהם אויסגעקומען אַזוי אויסערגעוועהנליך, אַז ער האָט צום סוף בעשלאָסען, אַז דאָס איז בלויז אַ האַליוצינאַציאָן, וואָס איז איהם געקומען פון די יסורים פון דעם היינטיגען שרעקליכען אָנפאַל פון זיין קרענק.

כמעט נאָך אַ גאַנצע שטונדע האָט זיך זשאַק אַזוי אַרומגעשלעפּט, דער קאָפּ פול מיט אנגסטליכע געדאַנקען. ער איז געוועזען צובראָכען. די נערווען זיינען אָבגעשוואַכט און עס וואַרפט איהם אַ שטאַרקע אינערליכע קעלט אנשטאַט די פריהערדיגע היץ. גאָר ניט בעוואוסטזיניג האָט ער זיך אומגעקעהרט צוריק אין קרוא־דע־מאַפּרא. אַז ער איז צוגעקומען צו דער שטוב פון

דעם וועג־סיגנאַליסט, האָט ער בעשלאָסען ניט אַריינצוגעהן, זאָנדערן זיך צו לעגען שלאָפען אונטער אַ וועטער־דאַך ביי איינע פון די ווענט. אָבער פון אונטער דער טיהר האָבען זיך אַרויס־געריסען פאַסען שיין, און ער האָט אונבעטראַכט אַ שטופּ געטהון די טיהר. אַן אונערוואַרטעטע סצענע האָט איהם אָבגעשטעלט אויף דער שוועל.

אין ווינקעל איז געשטאַנען איבערגעקעהרט דאָס טעפּעל פּור־טער, און מיזאַר, שטעהענדיג מיט אַלע פיער אויף דער ערד, דער ברענענדיגער לאַנטערן לעבען איהם, האָט מיט'ן פויסט, פאַרשענד, לייכט געקלאַפּט אין וואַנט, עפּעס זוכענדיג. זשאַק'ס שטעהן בלייבען האָט איהם גאָר ניט צומישט, און ער האָט גאַנץ רוהיג ערקלעהרט אויף דעם געוועהנליכסטען אופן:

— די שוועבעלאַך האָבען זיך צושאָטען.

צוריקשטעלענדיג דאָס טעפּעל פּוטער אויפ'ן אָרט, האָט מיזאַר צוגעזעצט:

— איך בין געקומען נעמען דעם לאַנטערן, ווייל אויפ'ן וועג אַהיים, האָב איך דערזעהען אימיצען צולעגט אויף די רעל־סען... מיר האָט זיך אָבגעדוכט, אַז דער מאַן איז טויט.

זשאַק איז פון אָנפאַנג געווען ערשטוינט צו זעהען, ווי מיזאַר זוכט דעם אוצר פון מומע פאַזיע; דאָס האָט איהם זאָ־פאָרט געוויזען, אַז איהרע בעשולדיגונגען זיינען ריכטיג. אָבער די ידיעה וועגען דעם טויטען קערפּער אויף דער באַהן־ליניע האָט איהם אַזוי איבערראַשט, אַז ער האָט פערגעסען אָן די גאַנצע דראַמע, וואָס שפּיעלט זיך אָפּ אין דעם קליינינקען פערוואָרפע־נעם הייזעל. די סצענע אין קופּע, ווי איין מענש הרג'עט דעם אַנדערן — איז איהם ווידער מיט אַמאָל אַריבער אין געדאַנקען.

— אַ מאַן אויף די רעלסען... וואו איז ער? — האָט ער געפרעגט, ווערענדיג בלאַס.

מיזאַר האָט געוואָלט אָנהויבען דערצעהלען דערפון, ווי ער האָט געכאַפּט צוויי פיש און ווי ער האָט זיך מיט זיי געאיילט אַהיים, אָבער וואָס זאָל ער גאָר זיין אָפענהערציג מיט אַזאַ

יונגען שנעק! און ער האט בלויז אן אונבעשטימטען מאך געטהון און האט געענטפערט:

— דארט... געגען א פינף הונדערט מעטר פון דאנען... מ'דארף צוגעהן זעהן, כדי צו זיין זיכער.

אין דיעזען מאמענט האט זיך זשאק צוגעהערט: איבער זיין קאפ האט זיך דערהערט א פערשטיקטער רויש. ער איז געווען אזוי צורודערט, אז ער האט א ציטער געטהון.

— ס'איז גאר ניט, — האט געזאגט דער אלטער, — פלארע פארעט זיך דארטען.

אוןווירקליך, דער יונגערמאן האט דערקענט דאס טופען פון צוויי בארוויסע פיס איבער'ן פאדלאגע. עס ווייזט אויס, אז זי האט געווארט אויף איהם, און האט זיך צוגעהערט דורך דער האלב־אפענער טיהר.

— איך געה מיט אייך... האט ער געזאגט. — און איהר זייט זיכער, אז ער איז טויט?

— איך ווייס? עס האט זיך מיר אזוי אויסגעוויעזען. מיט'ן לאנטערן וועלען מיר שוין זעהען בעסער.

— אבער ווי דענקט איהר? ס'איז א צופאל, צי ניט וואהר?

— עס קען אודאי זיין עפעס א נאר וואס האט זיך געלאזט צושניידען, אדער גאר א פאסאזשיר, וואס איז ארויסגעשפרונגען פון א וואגאן.

זשאק האט א ציטער געטהון.

— קומט שנעל! קומט שנעל!

נאך קיין מאל האט ער ניט געפיהלט אזא מין דורשט צו זעהען און זיך איבערצייגען. בשעת זיין חבר איז זיך געגאנגען איבער'ן וועג, אהן שום אויפרעגונג, ווארפענדיג מיט'ן לאמפ, וועלכער האט בעלויכטען די רעלסען מיט א ווייכער ליכטיגקייט, איז זשאק, אונגעדולדיג פון דיעזער לאנגזאמקייט, געלאפען פאראויס. דאס איז געווען ווי א מין פיזישער דורשט, יענער אינערליכער פייער, וואס צווינגט די פארליעבטע זיך צו איילען קומען צו דער מינוט זיך זעהען מיט זייערע געליעבטע. ער האט

זיך מאַקי געשראָקען פאַר דעם, וואָס ערוואַרטעט איהם דאָר־טען, אָבער ס'האָט איהם געטראָגען אַהין מיט דער קראַפט פון אַלע זיינע מוסקולען. אַז ער איז ענדליך צוגעלאָפען און האָט זיך שיער ניט אָנגעשטויסען אָן די שוואַרצע מאַססע, אויסגע־צויגען איבער'ן אייזענבאַהן־וועג, איז ער געבליבען שטעהן, ווי אַ צוגעשמידטער, און ס'איז איהם אַריבער אַ ציטער פון קאָפּ ביז די פיס. אָבער ריכטיג זעהען האָט ער ניט געקאָנט, און זיין פערדרוס האָט ער אויסגעלאָזט צו מיזאַר'ן זידלענדיג איהם וואָס ער איז געבליבען הינטערווייַלעכץ אויף מעהר ווי אַ דרייסיג טריט.

— אָבער, אין גאָטעס נאָמען! ריהרט זיך! אויב ער זיפּעט נאָך, וועלען מיר איהם אפשר קאָנען העלפען.

מיזאַר איז זיך געגאַנגען ווי אַלע מאָל, גאַנץ רוהיג און קאַלטבלוטיג, אונטערשאָקלענדיג זיך אין גאַנג. אַז ער איז צוגע־קומען, האָט ער אויפגעהויבען די לאַנטערנע איבער דעם טויטען קערפּער, און געזאָגט:

— ווייס איך וואָס! שוין; אָבגעדראַוועט!

דער טויטער, וועלכער איז אַהן צווייפעל אַרויסגעפאַלען פון אַ וואַגאָן, איז געבליבען ליגען אויפ'ן בויך, מיט'ן פּנים צו דער ערד, ביי אַ פינפציג סענטימעטער פון די רעלסען; מ'האָט בלויז געקאָנט זעהן זיין קאָפּ געדיכטע האאר, ווי אַ גרויע היי־טעל. זיינע פיס זיינען געווען צושפּרייט: די לינקע האַנט האָט ער געהאַלטען אויף די ברוסט; די רעכטע איז געווען ווי צובראָכען. דער טויטער איז געווען זעהר גוט געקליידעט אין אַ פיינעם פּאַלטאָ פון בלויען שטאָף, עלעגאַנטע שיך, טהייערע וועש. אויף'ן קערפּער זיינען ניט געווען קיינע אַנדערע סימנים פון וואונדען אַ חוץ אַ שטראָם בלוט פון'ם האלז, וואָס האָט פאַר־גאָסען דעם קאָלנער פונ'ם העמד.

— אַ בורזשוא; מ'האָט איהם שוין אָבגעדיענט, — האָט מיזאַר רוהיג בעמערקט, נאָך דעם ווי ער האָט אייניגע סעקונדען זיך איינגעקוקט אין דעם מת.

און וווענדענדיג זיך צו זשאַק'ן, וועלכער איז געשטאַנען ווי אַ צומישטער, אַ דערשלאָגענער, האָט ער געזאָגט:

— מ'טאָר זיך ניט צוריהרען, — ס'איז פערבאָטען... איהר בלייבט דאָ, און לאָזט קיינעם ניט צו, און איך לויף קיין באַראַנטען צו וויסען געבען דעם סטאַנציאָן־מייסטער.

ער האָט אויפגעהויבען דעם לאַנטערן, און גענומען זוכען מיט די אויגען דעם נומער אויף דעם נאָהענטסטען מייל־צייכען.

— גוט; פונקט 153.

און אַנידערשטעלענדיג דעם לאַנטערן אויף דער ערד, לעבען דעם קערפער, איז ער זיך אַוועקגעגאַנגען מיט זיין ניט אייַלענדיגען גאַנג.

זשאַק איז געבליבען אליין; ער האָט זיך ניט געריהרט, קיין אויג ניט צוגענומען פון דעם צוצוקטען, טויטען קערפער, וועלכער איז קוים געווען בעלויכטען פון דעם אונדייטליכען שיין פון דעם ליכטעל ביי דער ערד. און ער?... די אויפרעגונג, וואָס האָט איהם אַהערצו געטריבען, דער שרעקליכער מאַגנעט, וואָס האָט איהם דאָ צוגעהאַלטען, — דאָס איז אַלעס געווען איינגעשלאָסען אין דעם איין וועהפולען געדאַנק, וואָס האָט איהם דורכגענומען זיין גאַנצען לייב און לעבען; — יענער, דער מאַן מיט'ן מעסער אין דער האַנט, — יענער האָט געוואַגט! ער האָט געוואַגט צו ערפילען זיין בעגעהר צו מאָרדען! אַך, נור ניט זיין קיין פייגלינג, נור ניט מורא האָבען, — און ער האָט זיך בעפרידיגט און אַריינגעשטאָכען דאָס מעסער! און ער? איהם מאַטערט דער וואונש שוין גאַנצע צעהן יאָהר....

אין זיין פיבערשען צושטאַנד, האָט זשאַק עפּעס געשפּירט אין זיך אַ געפיהל פון פעראַכטונג צו זיך און בעוואונדערונג פון יענעם, וואָס האָט געוואַגט; און מעהר פון אַלעמען, האָט ער געפיהלט דאָס בעדירפניס דאָס גוט צו זעהען, אַ דורשט אָנצוזעטיגען די אויגען מיט דעם בילד פון די געשאָכטענע פיגור, די צובראָכענע קוקלע אָדער אַ שטיק אונניצליכע שמאַטע, וואָס איין האַק פונ'ם מעסער האָט געמאַכט פון אַ מענשען. דאָס, פון וואָס ער, זשאַק, האָט בלויז געוואַגט צו טרוימען, דאָס האָט

אן אנדערער געוואגט צו טהון ; און דער פועל יוצא ליגט דא פאר זיינע אויגען. און אויב ער זאל הרג'ענען, וואלט אויך אזא קערפער געלעגען אויף דער ערד... דאס הארץ האט איהם גע־קלאפט, שיער ניט געפלאצט, און דער דורשט צו בעגעהן א מארד האט זיך ביי איהם צוהיצט ווי דער ליידענשאפטליכסטער בע־געהר, — אזוי האט אויף איהם געווירקט דאס בילד פון דעם טראגישען טויט. ער האט א שפאן געטהון נאהענטער צום טויטען אויף איין טריט, ווי א נערוועזע קינד לערנט זיך ניט מורא צו האבען.

יא, ער וועט וואגען ! ער וועט אויך וואגען, אז ס'וועט האלטען דערביי !

אבער א גערויש פון הינטער זייגע פלייצעס האט איהם געצוואונגען אבצושפרינגען אן א זייט. א צוג איז אנגעקומען : אין זיין טיעפע פארטראכטקייט האט זשאק פריהער גאר ניט געהערט. און עס וואלט איהם צוריבען אויף שטיקלאך, ווען ניט דער הייסער דאמפף און דאס געוואלדיגע קלאפען פון דעם לאקאמאטיוו, — דאס האט איהם געראטעוועט. דער צוג איז פארביי אין א שטורם פון רויש, פון רויך און פלאם. אויך דער צוג איז געווען געפאקט ; דער שטראם פאסאזשירען איז נאך אלץ גע־גאנגען קיין האוור, צוליעב דעם מארגענדיגען יום־טוב, און אין וואגאן האט זיך א קינד צוגעפלעטשט דאס נעזעל צום פענסטער ארויסקוקענדיג אויף די פינסטערע פעלדער ; מ'האט געקענט זעהען די זייטען־פנים'ער פון איניגע מאנספערזאנען : א יונגע פרוי האט אויפגעהויבען דאס פענסטער און ארויסגעווארפען א פאפיער פון פוטער און צוקער. דער צוג יום־טוב'דיג פא־סאזשירען איז זיך אוועק ווייט, אפילו קיין חשד ניט האבענדיג אז זייגע רעדער האבען כמעט אנגעריהרט א מת. און דער טויטער קערפער ליגט זיך אלץ אויפ'ן פנים, קוים־קוים בעלויכטען פון'ם לאנטערן, אין די טרויעריגע שטילקייט פון דער נאכט.

און דא פארגלוסט זיך זשאק'ן זיך איינצוקוקען אין דער וואונד, כל זמן קיינער איז נאך ניט געקומען. ער האט אבער אי־בערגעטראכט : אז ער זאל אנריהרען דעם קאפ פון דעם קער־

פער, ווען מען נאָך אפשר דערקענען. ער האָט אויסגערעכענט, אז מיזאר קאָן זיך ניט אומקעהרען צוזאמען מיט דעם סטאַנציאָן־מייסטער פריהער ווי דריי פערטעל שעה. די צייט איז זיך דערווייל ניט געשטאַנען, און זשאק האָט געטראַכט פון מיזאר׳ן דעם גנבאָך׳ל, — אזא שוואַכינקער, אזא רוהיגער, — און ער, מיזאר, האָט אויך געוואַגט, הרג׳ענענדיג אויף דעם שטילסטען אופן, — דורך סם. ס׳איז אלזאָ לייכט צו הרג׳ענען! א יעדער הרג׳עט!....

זשאק איז צו א טריט נאָהענטער צום טויטען. ער מוז זעהען די וואונד. און דאָס האָט איהם אזוי געברענט, גלייך ווי געגליהטע נאָדלען וואָלטען געווען אין זיין קערפּער, אבי צו זעהען ווי דאָס איז געטהון געוואָרען, וואָס רינט דאָרט ארויס; צו זעהען די רויטע וואונד! ווען ער זאָל פּאַמעליך צוריקלעגען דעם קאָפּ, וועט מען דאָך ניט דערקענען. ער האָט זיך אָבער געשראָקען נאָך פּאר אַן אנדער זאַך, וואָס ער האָט אליין ניט געוואוסט, און וואָס האָט איהם אלץ צוריקגעהאַלטען — די מורא צו זעהען בלוט! יעדעס מאָל און ביי יעדען פאַל האָט זיך ביי איהם דער בעגעהר געמישט מיט דער מורא. און דאָך, וואָלט ער געווען איינער אליין נאָך איין פיערטעל שעה, וואָלט ער זיך בעשלאָסען. אָבער א לייכטער רויש האָט איהם אויפגעוועקט.

דאָס איז געווען פלאָרע; זי איז געשטאַנען לעבען איהם און האָט אויך געקוקט. זי איז אויך געווען נייגעריג צו זעהען וואָס דאָ האָט פּאסירט; אז ס׳האָט זיך נור געהערט, אז מ׳איז איבערגעפאָהרען א בהמה אָדער א מענש איז צושניטען געוואָרען פון א צוג, איז זי באלד געלאָפען אהין. אז פלאָרע האָט דערהערט וועגען דעם אומגליק, האָט זי זיך אָנגעטהון און איז געקומען צולויפען: זי האָט געוואָלט זעהען דעם טויטען. און נאָך דעם ערשטען בליק, האָט זי זיך ניט צוריקגעהאַלטען, — ניט זי. אָנבויגענדיג זיך, האָט זי מיט איין האנט אויפגעהויבען דעם לאַנטערן, און מיט דער אנדערער האָט זי דעם טויטען אויפגעהויבען דעם קאָפּ.

— היעט זיך: — מ'טאָר ניט! — האָט זשאַק געמיר־
מעלט.

אָבער זי האָט נור פערצויגען מיט די אַקסעל, און ס'האָט זיך בעוויזען דער קאָפּ, — אין דעם געלען שיין פון דעם לאַנטערן, אַ קאָפּ פון אַן אַלטען מאַן, מיט אַ גרויסע נאָז, מיט בלויע אויגען פון אַ בלאָנדין, — די אויגען ברייט געעפענט. אונטער'ן באָרד איז געווען אַ שרעקליכע אָפענע וואונד, אַ טיעפער שניט, וואָס האָט איבערגעהאַקט דעם גאָרגעל, — אַ שניט מיט אַ ריס, ווי מ'וואָלט דאָס אַריינגעשטאָכענע מעסער אויסגעקירעוועט מיט דער וואונד. דאָס בלוט האָט פאַרנעצט די גאַנצע רעכטע זייט ברוסט. אין דער לינקער האַנט, אין אַ קנאָפּ־לעכעל פון דעם אויבערראָק, האָט געשטעקט אַ קאָמאַנדירסקע ראָזעטקע; דאָס האָט איצט אויסגעזעהען ווי אַ שטיק פאַרגליווערטע בלוט.

פלאָרע האָט אַ לייכטען געשריי געטהון פון פערוואונדע־
רונג.

— זעהט נור... ס'איז דאָך דער אַלטער!

זשאַק איז צוגעגאַנגען און האָט זיך אויך איבערגעבויגען איבער דעם קערפער כדי בעסער צו זעהען; זייערע קעפּ האָר האָבען זיך איינע אָן די אַנדערע אָנגעריהרט. דער יונגער מאַן האָט קוים געאָטהעמט; ער האָט זיך גאָר ניט געקאָנט אָנזע־
טיגען מיט דעם בילד און, אונבעוואוסטזיניג האָט ער גע־
חזר'ט:

— דער אַלטער... דער אַלטער...

—ס'איז ער, ער; דער אַלטער גראַנמאָרען, דער הויפּט־
ריכטער.

נאָך איין מינוט האָבען זיי בעקוקט דאָס בלאַסע פּנים, דאָס אויסגעקרימטע מויל, די גרויסע דערשראָקענע אויגען. דערנאָך האָט זי אָבגעלאָזט דעם קאָפּ, וועלכער האָט שוין אָנגעהויבען ווערען טויט־שטייף און קאַלט: דער קאָפּ איז צוריקגעפאַלען צו דער ערד, פערשטעלענדיג די וואונד.

— שוין! וועסט זיך שוין מעהר ניט שפּיעלען מיט מייד־
לאַך — האָט זי געזאָגט נאָך שטילער. — מסתמא האָט מען

זיך עס מיט איהם אָבגערעכענט פאר איינע פון זיי... אַך, מיין אָרימע לואיזעט! אָה, דער שווין! אַ מצוה אויף איהם!

און אַ שטיק צייט האָבען זיי ביידע געשוויגען. פלאָרע האָט צוריק אַנידערגעשטעלט דעם לאַנטערן און האָט געוואַרט, וואַרפענדיג אויף זשאַק'ן גע'גנב'עטע בליקען: און ער, שטעהענדיג פון דער אַנדערער זייט מת, האָט זיך ניט גערירהט, ווי אַ צומישטער, ווי אַ דערשלאָגענער דערפון וואָס ער האָט געזעהען. ס'האָט שוין געזאָלט זיין ארום עלף. אַ געוויסע שעמעוודיגקייט, נאָך דער סצענע פון דעם אויף־דער־נאַכט, האָט איהר ניט דערלאָזט אָנצוהויבען רעדען די ערשטע.

ס'האָט זיך דערהערט ווי מען רעדט; זי האָט זיך צוגעהערט; דאָס איז געוועזן איהר שטיעף־פאָטער, וועלכער האָט געבראַכט צורופען דעם סטאַנציאָן־מייסטער. ניט וועלענדיג, מ'זאָל זי זעהען דאָ, האָט זי זיך מיט אַמאָל בעשלאָסען:

— וועסט קומען נעכטיגען? —

ער האָט אַ ציטער געטהון; איין סעקונדע האָט ער זיך קעגטיג געשלאָגען מיט דער דעה, און ענדליך האָט ער זיך אָנגענומען מיט כח; אין גרויס אַנגסט האָט ער געענטפערט:

— ניין, ניין!

פלאָרע האָט זיך קיין ריהר ניט געטהון; זי האָט נור אַראָפּגעלאָזט איהרע שטאַרקע הענט — אָפּהענטיג ווי אין גרויסע יסורים. און ווי זי וואָלט זיך עפּעס געוואָלט ענטשולדיגען פאר איהר פריהעריגען ווידערשטאַנד, האָט זי איהם שטיל און מיט מילדקייט איבערגעפרעגט:

— דו וועסט, הייסט עס, ניט קומען? כ'וועל דיך שוין היינט מעהר ניט זעהען?

— ניין, ניין!

ס'האָט זיך געהערט, ווי די שטימעס קומען נעהענטער. און ניט דערלאַנגענדיג איהם די האַנד אַ דרוק צו טהון, ווייל ס'האָט אויסגעזעהען אז ער האָט זיך אומישנע אוועקגעשטעלט פון דער אַנדערער זייט פון דעם טויטען קערפּער, און זאָגאַר איהם ניט צו־וואַרפענדיג מיט'ן קאָפּ דעם אַלטען, גוט־ברידערליכען אַריע

פון זייערע קינדער־יאָהרען, איז זי זיך אוועקגעגאַנגען, און איז פערשוואונדען געוואָרען אין דער פינסטערניש, מיט גוואַלד איינ־האַלטענדיג דעם אָטהעם, גלייך ווי איינצוהאַלטען א געוויין.

גלייך נאָך דעם זיינען אָנגעקומען דער סטאַנציאָן־מייסטער, מיזאַר און צוויי ארבייטער. דער סטאַנציאָן־מייסטער האָט אויך דערקענט דעם טויטען: ווירקליך דער הויפּט־ריכטער גראַנמאָ־רען, וועלכען ער האָט געקענט, ווייל יענער פלעגט שטענדיג אראָפּקריכען אויף זיין סטאַנציאָן, ווען ער פלעגט נור פאָהרען צו דער שוועסטער, מאַדאַם באָנעהאָן אין דואַנוויל.

דער טויטער קערפּער האָט געדאַרפט בלייבען ליעגען, וואו ער איז געלעגען; מ'האָט איהם בלויז צוגעדעקט מיט א מאַנ־טעל, וואָס איינער פון די ארבייטער האָט מיטגענומען. אן אנדער אָנגעשטעלטער האָט געכאַפּט אין באַראַנטען דעם עלף־אַזייגער צוג, אום צו וויסען צו געבען דעם קעניגליכען פּראָקוראָר אין רואַן. אָבער ערוואַרטען דעם פּראָקוראָר האָט מען ניט געקאָנט פאַר פינף אָדער זעקס א זייגער אין דער פריה, ווייל מיט איהם דאַרפען נאָך קומען דער אונטערזוכונגס ריכטער מיט זיין סעקרע־טער, און א דאָקטאָר. דערווייל האָט דער סטאַנציאָן־מייסטער אוועקגעשטעלט א וואַך: א גאַנצע נאַכט איינער דעם אַנדערן איבערנעהמענדיג די הענט, זאָל מען שטעהן לעבען טויטען מיט א לאַנטערן.

זשאַק איז דאָ נאָך געבליבען א שטיק צייט, שטיל און דער־שלאָגען. ער האָט געדאַרפט געהן קיין באַראַנטען זוכען אויף דער סטאַנציע עפּיס א דעבעל, אונטער וועלכען זיך צו צושפּאַ־רען ביז זיעבען אוהר צוואַנציג אין דער פריה, ווען עס געהט אָב א צוג קיין האַווער. און דאָ האָט ער זיך דערמאָנט אָן דעם אונ־טערזוכונגס־ריכטער, און דאָס האָט איהם בעאונרוהיגט, גלייך ווי ער וואָלט זיך געהאַלטען פאַר א שותף אין דעם מאָרד. זאָל ער דערצעהלען וואָס ער האָט געזעהן, ווען דער שנעל־צוג איז פאַרביי געלאָפען? ער האָט פון אָנפאַנג בעשלאָסען טאַקי אַלעס צו דערצעהלען, ווייל ער האָט דאָך ניט וואָס מורא צו האָבען. און, א חוץ דעם, איז דאָך דאָס קלאָהר זיין פפליכט. אָבער דער־

נאָך האָט ער זיך איבערגעלעגט: צו וואָס דארף ער עס? קיין וויכטיגען פאקט וויים ער דאָך סאי ווי סאי ניט אויף קלאָהר, און וועגען דעם מערדער אליין וועט ער דאָך אויך ניט וואגען צו דערצעהלען אירגענד וועלכע איינצעלהייט, פאָזיטיוו און פינקטליך. ס'וועט דאָך פשוט זיין נאריש, זיך אריינצומישען אין דער געשיכטע, פארליערען צייט און זיך אויפרעגען און קיינעם דאָמיט קיין טובה ניט טהון. ניין, ניין! ער וועט ניט רעדען! און ער איז זיך ענדליך אוועקגעגאנגען; ער האָט זיך אָבער צוויי מאָל אומגעקעהרט א קוק טהון אויף די שווארצע מאסע, ווי דער טויטער האָט אויסגעזעהן אויף דער ערד, אין דעם צירקעל געלע שיין פון דעם לאנטערן. א שניידענדע קעלט האָט זיך מיט א מאָל אראָפגעלאָזט פון דעם פארדונקעלטען הימעל צו דיעזער פערלאָזענער ווילסטעניש און אויף די פרוכטלאָזע בערגלאָך. נאָך צוויי צוגען זייגען אוועקגעגאנגען, איינער איז אָנגעקומען פון פאריז, זעהר א לאנגער, און זיי האָבען זיך איינער דעם אנדערן אָבגעטראָטען דעם וועג, ווען, אין זייער געוואלדיגע מעכאנישע מאכט, זיינען זיי זיך פארביי געגאנגען, א יעדער צו זיין ווייטען ציעל, אין דער צוקונפט, און פארבייגעהענדיג האָבען זיי כמעט אָנגעריהרט דעם האלב אָבגעשניטענעם קאָפּ פון א מענשען, וואָס אן אנדער מענש האָט געקוילעט.

---

3.

אויף מאָרגען, זונטאג, פארטאָג, האָבען אלע שטאָדט־זייגערס אין האוור געשלאָגען פינף, ווען רובאָ איז געקומען אויף דער סטאנציע זיך שטעלען צו דער ארבייט, ס'איז נאָך געווען אמת נאכט; אָבער פון ים האָט דער ווינט גענומען בלאָזען שטארקער, און דאָס האָט צוטריעבען דעם טומאן, וואָס האָט איינגעוויקעלט די ארומיגע בערגלאָך, וואָס ציהען זיך פון סענט־אדרעס ביז די פעסטונג אין טורנוויל; אין מערב זייט, איבער'ן ים, איז שוין א פאָס הימעל געוואָרען ליכטיג, און די לעצטע שטערן האָבען דאָ צוגעפינטעלט.

אין וואָקזאָל האָבען נאָך אַלץ געברענט די גאז־רערלאָך,

וועלכע האָבען אויסגעזעהן בלאָס אין די נאַסקייט פון דעם קאַל־מען פריה־מאָרגען. דאָ איז געשטאַנען דער ערשטער צוג, וואָס איז געגאַנגען קיין מאָנטיווידעאָ : די ארבייטער האָבען זיך לע־בען איהם געפּאָרעט אונטער די אויפזיכט פון דעם דעזשורנעם ארויסהעלפער פון סטאַנציאָן־מייסטער. די וואַרט־זאַאַלען זיי־נען נאָך געוועזען פאַרמאַכט, די טיהרען צו, און אויף די פּלאַטפאָר־מעס זיינען נאָך קיין פּאַסאַזשירען ניט געווען ; די סטאַנציע האָט נאָך צוגעדרימעלט.

אַז רובאָ איז אַרויסגעגאַנגען פון זיין קוואַרטיר, אויף'ן אוי־בערשטען עטאַזש, איבער דעם פּאַסאַזשירסקען וואָקזאַל, האָט ער דערזעהן דעם קאַסיר'ס־ביוראָ, מאַדאַם לעבלע, אין מיטען צענטראַלנעם קאָרידאָר, אין וועלכען עס זיינען געווען די טיהרען צו די קוואַרטירען פון אַלע בעאַמטע. שוין זייט פיעלע וואָכען, ווי דיעזע מאַדאַם שטעהט עס אויף פאַרטאָג, ווייל זי וויל פּאַקען מאַדאַמואַזעל גישאָן, וואָס איז בעשעפטיגט אין קאָנטאָר ; זי איז זי חושד, אַז זי איז צו גוט מיט דעם סטאַנציאָן־מייסטער, דאַבאַדי. אָבער פּאַקען האָט זי אין דער גאַנצער צייט קיינעם ניט געפּאַקט : — אפילו ניט אַ שאָרך, אפילו ניט אַ שאָטען. און זאָגאַר היינט פאַרטאָג, איז זי האַסטיג צוריק אריין צו זיך אין שטוב ; אָבער איבערראַשט איז זי געוואָרען בלויז פון דעם וואָס זי האָט גאָר בעמערקט ביי די רובאָ'ס אין די דריי סעקונדען, וואָס ער האָט געעפענט און צוגעמאַכט די טיהר;—אין עס־צימער איז געשטאַנען סעווערינע, די שעהנינקע, — שוין אין די קליי־דער, אין די שיך, און פאַרקאַמט, — זי, סעווערינע, וואָס פלעגט זיך אימער וואַלגערען אין בעט ביז ניין אוהר ; און דערפאַר האָט מאַדאַם לעבלע געמוזט אויפוועקען מ'סיע לעבלע און איהם דערצעהלען די אויסערגעוועהנליכע שטיקעל נייעס. נעכטען, איז דאָס פּאָאַר פּאַלק געגאַנגען שלאָפען ביז ס'איז געקומען דער שנעלל־צוג פון פּאַריז, עלף אוהר פינף, ווייל זיי האָבען נעבאָך זעהר שטאַרק געוואָלט וויסען, מיט וואָס רובאָ'ס געשיכטע מיט'ן סוב־פּרעפעקט האָט זיך דאָרט געענדיגט, אָבער דערפון, ווי די רובאָ'ס האָבען זיך געהאַלטען, האָט מען זיך גאָר־ניט געקאָנט

אנשטויסען ; זייערע פנים׳ער זיינען געווען ווי תמיד ; און אומזיסט האבען מאדאם לעבלע און מ׳סיע לעבלע זיך שטארק צוגעהערט ; ביי די שכנים האט זיך ניט געהערט אפילו א שארך; קאנטיג, אז זיי זיינען באלד איינגעשלאפען זעהר שטארק: מ׳קאן זיך דענקען, אז מסתמא איז זיי זייער זיין אין פאריז ניט איבריג גוט אויסגעפאלען ; ווען ניט, צו וואס דארף סעווערינגע אויפשטעהען אזוי פריה. דער קאסיר האט געפרעגט, ווי דאס פנים איז געווען ביי סעווערינע׳ן, און מאדאם לעבלע איז געווא־רען א בעשרייבערקע : א זעהר שטרענג פנים, זעהר בלאס ; איהרע בלויע אויגען האבען שטארק געשיינט אונטער די שווארצ־קייט פון איהרע האאר ; געשטאנען שטיל, אהן א בעוועגונג — אט, א וואהרע נאכט־וואנדערין... מ׳וועט שוין אלעס געוואהר ווערען ביז פארנאכט.

ז אין יואקזאל האט רובא דערוויסט זיין קאלעגע מולען, וועלכער האט געדארפט ארבייטען ביי נאכט, און רובא האט איהם איבערגענומען די הענט ; אבער מולען האט זיך מיט איהם ארומגעדרעהט נאך אייניגע מינוטען, און מיט איהם גע־שמועסט, דערצעהלענדיג פערשיעדענע קלייניגקייטען, וואס הא־בען נעכטען פאסירט : — מ׳האט געכאפט א פאאר קליינע גנבים אין דער מינוט ווען זיי האבען שוין געזאלט אריינקריכען אין די ארבייטער צימער ; דריי ארבייטער האט מען גוט גע־געבען פאר ניט היטען די רעגעלען ; ביים צונויפשטעלען פון דעם צוג קיין מאנטעווויליע, איז ביים צוזאמען־קעטלען פון די וואגאנעס צובראכען געווארען דער קעטעל־אייזען. רובא, האט מיט א רוהיגען פנים, געלאסען אויסגעהערט : — ער איז בלויז געווען אביסעל בלייך, — מסתמא פון מיעדקייט, און דאס האט זיך אויך געמערקט אין דעם, וואס ס׳איז איהם געווען בלוי אונ־טער די אויגען. מולען האט שוין געענדיגט דערצעהלען, און רובא האט איהם נאך אלץ אנגעקוקט מיט א פראגע אין די אויגען, גלייך ווי ער האט געוואלט הערען פון עפיס נאך. אבער קיין נייעס איז שוין מעהר ניט געווען. רובא האט אראפגעלאזט דעם קאפ און געקוקט צו דער ערד.

אזוי געהענדיג איבער די פלאטפארמע, זיינען זיי ביידע צו ביז׳ן ענדע וואקזאל, — ביז צו דעם ארט, הייסט עס, וואו עס געפינט זיך אין דער רעכטער האנט דער שטאל פיר די וואגאנעס, וואס זייען אנגעקומען נעכטען, און וועלען ווידער ארויסגעהן ערשט מיט א טאג שפעטער. רובא האט אויפגעהויבען דעם קאפ, און זיינע אויגען האבען מיט א מאל דערזעהן דעם וואגאן ערשטע קלאס, נומער 293, וועלכער האט געהאט א בעזונדערע קופע, בעלויכטען מיט דעם ציטערנדען ליכט פון א גאז־דערעל. מולען האט מיט א מאל אויסגעשריען:

— אך, כ׳האב גאר פארגעסען!

רובא׳ס בלאסער פנים איז מיט א מאל געווארען רויט, און ער האט ניט געקאנט איינהאלטען אין זיך א לייכטער ציטער.

— כ׳האב פארגעסען, — האט מולען ווידערהאלט. — ד ע ם וואגאן, זעהט איהר, טארט איהר ניט ארויסשיקען, — שטעלט איהם היינט ניט אריין אין דעם שנעל צוג פון זעקס אוהר פיערציג.

נאך א קורצבען שווייגען, האט רובא ענדליך געפרעגט מיט א גאנץ נאטירליכען טאן:

— אזוי? וואס איז עפיס?

— ס׳איז אריין א בעשטעלונג פיר א קופע אויף היינט אבענד. און ווער קאן וויסען, אפשר וועלען מיר קיין אנדערע פרייע קופע ניט האבען, איז געבליבען, אז מיר זאלען דערווייל פארהאלטען די וואס מיר האבען.

— נו, נאטירליך, — האט רובא געענטפערט, ניט אראפלאזענדיג זיין פארשענדען בליק פון דעם וואגאן, איהם איז אין קאפ פלוצלינג אריין אן אנדער געדאנק, און ער איז מיט א מאל געווארען בייז:

— ווי געפעלט דאס אייך! זעהט, כ׳בעט אייך, ווי די פוילאקעס רייניגען עם אביסעל! אויף דעם וואגאן איז דא שטויב דאכט זיך פון א גאנצע וואך.

— אה, אן אלטע געשיכטע! — אז א צוג קומט אן נאך עלף ביי נאכט, קאנט איהר זיין זיכער, אז די וואגאנעס בלייבען

שוין אַזוי, — האָט מולען בעמערקט. — אַ דאַנק גאָך, אַז מ'קוקט זיי כאָטש דורך. דאָ ניט לאַנג האָט מען אין אַ וואַגאָן איבערגעלאָזט אַ פּאַסאַזשיר, וועלכער איז אַנשלאָפען געוואָרען אויף אַ באַנק, און ערשט, אַז ס'איז געוואָרען טאָג, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט.

ענדליך האָט מולען, קוים איינהאַלטענדיג אַ געניץ, געזאָגט, אַז ער געהט שלאָפען. אָבער פּלוצים איז ער געוואָרען אַזוי נייגעריג, אַז ער האָט זיך אומגעקעהרט.

— גאָר פאַרגעסען! — דער עסק מיט'ן סוב־פּראָפעקט האָט זיך דאָך שוין געענדיגט, אַ?

— אָה, יאָ; ניט אומזיסט געפאָרען; כ'בין צופריעדען.

— בעסער אַזוי; אודאי... געדענקט־זשע: — נומער 293 בלייבט דאָ.

און רובאָ איז געבליעבען איינער אַליין; ער איז לאַנגזאַם צוגעגאַנגען צו דעם וואַרטענדען צוג קיין מאָנטעוויל.

די וואַרט־זאַלען קיינען שוין געווען אָפען; ס'האָבען זיך בעוויזען עטליכע פּאַסאַזשירען, איינציגע יעגער מיט זייערע הינט, אַ צוויי־דריי קרעמער מיט די פאַמיליעס, וועלכע האָבען געוואָלט זיך בענוצען דערמיט, וואָס ס'איז זונטאָג, — אָבער, אין אַלגעמיין, איז געווען אַ קליינער עולם. אַז דער ערשטער צוג פון טאָג איז ארויסגעפאָהרען, האָט שוין רובאָ ניט געטאָרט פאַרליערען קיין צייט; ער האָט גלייך געמוזט צוזאַמענשטעלען דעם פּאַססאַזשיר צוג, וואָס געהט אַרויס פינף אוהר פיערציג קיין רואַן אין פּאַריז. און אַזוי ווי אַזוי פריה פאַר טאָג, איז נאָך במעט קיינער ניט געקומען צו דער אַרבייט, האָט ער, אַלס דער ארויסהעלפער פון דעם סטאַציאָן־מייסטער, אויף זיך גענאָמען זעהר פיעל וואָס צו בעזאָרגען, רובאָ האָט געענדיגט איבעררוקען די וואַגאָנעם; מ'האָט זיי שוין אַרויסגעפיהרט פון די שטאַלען, און מ'האָט זיי שוין אויסגעשטעלט אויף די רעלסען ביי דער פּאַסאַזשיר פּלאַטפאָרמע. און דאָ האָט רובאָ געדאַרפט אַוועק אין זאַל השגחה געבען אויף די בילעטען און אויף דעם צוגעמען פון'ם באַגאַזש ביי די פּאַסאַזשירען. איינער, אַן אַנגע־

שטעלטער, האָט עפּיס זיך געשפּאַרט מיט אייניגע סאָלדאַטען, און רובאָ האָט זיך געמוזט אַריינמישען. און איהם איז אויס־געקומען כאָטש זיך צורייסען אויף שטיקער אין דעם געפילדער, אין דעם טונקעלען וואָקזאַל, אין דער צוג־לופט, צווישען אַן עולם פּאַסאַזשירען, וואָס האָבען געציטערט פון קעלט און זיינען ערשט פון שלאָף. און ער איז ניט געווען אין אַ גוטע שטימונג, און האָט קיין מינוט צייט ניט געהאַט אַ טראַכט צו טהון. אָבער דער פּאַסאַזשיר צוג איז ענדליך אַרויסגעגאַנגען, און דער וואָק־זאַל איז געוואָרען לעדיג. רובאָ איז האַסטיג אַוועק צום דרעה־צירקעל פון דעם וועג־סיגנאַליסט, זיך אָנצופרעגען צו אַלעם איז מיט חסד, וואָרים ס'האָט געזאָלט אָנקומען אַ צוג דירעקט פון פּאַריז, און דער צוג האָט זיך אַביסעל פאַרשפּעטיגט. דער־נאָך איז ער געווען דאַביי, ווי די פּאַסאַזשירען זיינען אַרונטער־געקראָכען, האָט אָבגעוואַרט ביז די אָנגעקומענע פּאַסאַזשירען זיינען זיך צופאָהרען אין די קאַרעטעס פון די האָטעלען, וועל־כע האָבען דאָ געוואַרט אויפ'ן וואָקזאַל לעבען דער ליניע בלויז פון יענער זייט וואַנט מיט גראַטעס, און ערשט איצט האָט רובאָ זיך געקאָנט אָברוהען אַ מינוט, — דער וואָקזאַל איז געוואָרען שטיל און לעדיג.

ס'האָט געקלונגען זעקס.

רובאָ איז זיך לאַנגזאַם אַראָפּגעגאַנגען פון דער פּאַסאַזשיר פּלאַטפאָרמע אונטער דעם גלעזערנעם דאַך; אַז ער איז אַרויס־געקומען אונטער דעם פרייען הימעל, האָט ער אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האָט זיך אָבגעזיפצט פון פערלייכטערונג; ער האָט בעמערקט, אַז עס נעמט שוין טאָגען. דער ווינט פון'ם ים האָט שוין געגעליך צוטריבען דעם טומאַן; ס'איז געוואָרען דער קלאָהרער פריהמאָרגען פון אַ זונענדיגען טאָג. רובאָ האָט גע־קוקט אין צפון זייט, צום ענגואווילער באַרג, צו די בוימער אויף דעם בעערדונגס פעלד, וועלכע האָבען בעקומען עפּיס אַ וויאָלעט קאָליר געגען דעם אויסגעבלאַסטען הימעל; אומקעהרענדיג זיך מיט'ן פּנים קיין דרום און מעריב זייט, האָט ער נאָך בעמערקט איבער'ן ים אייניגע שטיקלאַך אָבגעריסענע ווייסע וואָלקענס,

וועלכע זיינען די לעצטע נאך געשוואומען אין הימעל; און אין מזרח זייט איז דער גרויסער מויל פון דעם סענע־טייך געווען אנ־געצונדען מיט דעם ניי־געבארענעם פארטאג. מיט אן אונבע־וואוסטע בעוועגונג האט רובא אראבגענומען דאס היטעל פון קאפ, ווי ער וואלט זיך געוואלט קוויקען מיט די פרישע ריינע לופט. דאס בילד איז איהם אזוי גוט בעקאנט; די גרויסע שטרעקע מיט דער מאסע וואקזאל־געביידעס; לינקס, די פלאט־פארם פאר די פאסאזשירען, דער דעפא פיר די לאקאמאטיווען, און רעכטס, די גאנצע עקספעדיציאן, די שטאדט אליין, — דאס אלעס האט איהם, דאכט זיך, בערוהיגט, איהם צוריקגעקעהרט צו זיינע טאג־טעגליכע בעשעפטיגונגען, תמיד און בעשטענדיג די זעלביגע. און איבער דער גאס שארל־לאפיט, פון יענער זייט, האבען זיך געדרויכערט די גרויסע קוימענעס פון די פאבריקען; און גרויסע בערג קוילען האבען זיך געזעהן אין די קוילען־קראַ־מען ארום דעם פארבוימען ברעג באבאן. פון דארט האט זיך שוין געהערט א גערויש. און דאס פייפעריי פון די וואגאנעס מיט סחורות, און דאס אויפוואכען און גערוך פון דעם ים, וואס דער ווינט ברענגט, — דאס אלעס האט רובא׳ן דערמאנט, אז היינט איז א יום־טוב, ווייל מ׳לאזט אראפ א שיף, און מאסען מענשען וועלען זיך דא שטופען דאס צו זעהן.

אז ער איז צוריק אריינגעקומען אין וואקזאל, האט ער דערזעהן ווי די ארבייטער שטעלען צונויף דעם שנעל־צוג אויף זעקס אוהר פיערציג; איהם האט זיך דאביי אבגעדוכט, אז די לייטע האבען אהער אריינגענומען דעם וואגאן 293 אויך; און פון זיין גוטען מוטה, וואס דער פרישער מארגען האט איהם פערשאפט, איז מיט א מאל געווארען אן אונערווארטעטער כעס.

— ריהרט מיר ניט אן דעם וואגאן 293, דער רוח זאל אייך נעמען! זאל ער שטעהן וואו ער שטעהט! ערשט ביי נאכט געהט ער היינט אוועק.

דער עלטערער ארבייטער, וועלכער האט געדארפט זעהן, אז דער צוג זאל גוט צוזאמען געשטעלט ווערען, האט איהם ער־קלעהרט, אז דעם וואגאן רוקט מען בלויז איבער כדי צו צוקר־

מען צום צווייטען וואגאָן, וואָס שטעהט הינטער דעם. אָבער רובאַ האָט זיך ניט געלאָזט רעדען; ער איז געווען צוקאָכט גאָר אָהן א פאַרוואָס.

— אַך, איהר בהמות! איך זאָג דאָך אייך! — ריהרט ניט!

אז ער האָט אָבער ענדליך יאָ פערשטאַנען, וואָס דאָ קומט אייגענטליך פאָר, האָט ער זיך נאָך מעהר צוקאָכט, שילטענדיג דעם ענגען וואָקזאַל, וואו מען קאָן אפילו א וואַגאָן ניט אויס־קירעווען. ווירקליך, דער וואָקזאַל איז טאַקי געווען צו קליין און צו ענג פיר האוור; דאָס איז געווען איינער פון די ערשטע וואָקזאַלען, וואָס די באַהן האָט געבויעט, און ער האָט זיך שוין אויסגעדיענט מיט זיינע אַלטע שטאַלען פון אַלטע קלעצער, מיט דעם שלעכט בעלויכטענעם הענג־דאַך פון האָלץ און צינק, מיט אַלע זיינע אַלטע, פינסטערע געביידעס מיט אָבגעפאַלענע קאַלך פון די ווענט.

— ס'אַ שאַנדע! כ'פערשטעה גאָר ניט ווי די קאָמפּאַניע האָט די גאַנצע חורבה נאָך ניט אַרונטערגעריסען!

די אַרבייטער האָבען מיט פאַרוואונדערונג זיך צוגעהערט צו די רעד פון דיעזען מאַן, וועלכער איז שטענדיג געווען אַזאַ שטרענ־גער אָבהיטער פון די דיסציפּלין. רובאַ האָט דאָס בעמערקט, און איז מיט א מאָל אַנשוויגען געוואָרען; און א שווייגענדער, אַן איינגעהאַלטענער, האָט ער ווייטער געקוקט ווי מ'רוקט אי־בער די וואַגאָנעס. אויף זיין שטערן האָט זיך בעוויזען א בייזער קנייטש, און זיין קיילעכדיגער, רויטער פּנים מיט'ן האַרטען רויטען בערדעל האָט גענומען אויסזעהען ווי ביי איינעם מיט א שטאַרקע ווילענס־קראַפט.

איצט איז שוין רובאַ ווידער געוואָרען פאָלקאָמען קאַלט־בלוטיג. ער האָט זיך גענומען בעזאָרגען דעם שנעל־צוג זעהר פּינקטליך, אליין דורכקוקענדיג יעדעס פּיצעלע. דאָס צוזאַמען־קעטלען פון די וואַגאָנעס איז איהם ניט געפעלען, און ער האָט געהייסען זיי בעפעסטיגען פאַר זיינע אויגען. א דאַמע מיט צוויי טעכטער, זיין פרוי'ס א בעקאַנטע, האָט געבעטען מ'זאָל

זי אַריינפיהרען אין דעם פּרויען־אבטהיילונג. און איידער רובאַ האָט דערלאַנגט דעם סיגנאַל זיך צו ריהרען, האָט ער נאָך אמאָל גוט איבערגעקוקט, צו אַלצדינג איז אין אָרדנונג, און אז דער צוג האָט שוין גענומען געהען, האָט ער איהם אַ שעהן ביסעל נאָכגעקוקט מיט דעם בליק פון אַ מאַן, וואָס איין מינוט נור ווען ער איז פאַרטראַכט, קאָן דאָס מענשען קאָסטען זייערע לעבענס.

אָבער ער האָט באַלד נאָך דעם שוין געמוזט אריבערגעהן אויף יענער זייט באַהן־ליניע, כדי אויפצונעהמען דעם צוג פון רואַן, וועלכער איז אין דער צייט אַריינגעקומען אין וואַקזאַל. אין דעם צוג איז אויך געווען דער פּאָסט־בעאַמטער, מיט וועלכען ער פלעגט זיך יעדען טאָג דורכרעדען וועגען די לעצטע נייעס. אין רובאָ'ס שווערען טאָג אַרבייט איז דאָס געווען דער איינצעלנער פרייער מאָמענט זיך אָבצורוהען אַ פיערטעל שטונדע ; ער האָט געקאָנט פריי איבערכאַפּען דעם אָטהעם, ווייל קיין ארבייט איז איהם באַלד ניט געלעגען אויפ'ן קאַרג. און אויך היינט, ווי אַלע מאָל, האָט ער פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס און זיך פרעהליך געשמועסט מיט זיין פריינד.

דערווייל איז שוין געוואָרען אמת טאָג. די גאַז־ררערלאַך האָט מען פאַרלאָשען אונטער דעם גלעזערנעם הענג־דאַך, וועלכער האָט אָבער דורכגעלאָזט אזוי ווייניג ליכט, אז אין וואַקזאַל איז נאָך אַלץ געווען טונקעל ; אָבער דער גרויסער שטיק הימעל איבערן דאַך האָט שוין געברענט מיט דעם פלאַם פון פריהמאָרגען ; דער גאַנצער האָריזאָנט איז געוואָרען ראָזאָווע, און אַלעס האָט זיך אַרויסגעזעהן זעהר קלאָהר אין די לויטערע לופט פון דעם שעהנעם ווינטער אין־דער־פריה.

געוועהנליך, פלעגט דער סטאַנציאָן־מייסטער דאַבאַדי קומען אַכט אַ זייגער אין דער פריה, און זיין אַרויסהעלפער פלעגט איהם קומען ענטקעגען מיט זיין ראַפּאָרט. דאַבאַדי איז געווען אַ שעהנער, פיין געקליידעטער ברונעט ; ער פלעגט זיך בענעמען ווי אַ רייכער קאָממערסיאַנט, וואָס איז פאַרטהון אין זיינע געשעפטען. און ווירקליך, ער פלעגט זיין גאַנץ צופריעדען, אז אַנדערע זאָלען זיך אָבגעבען מיט די פּאַסאַזשיר־צוגען, און ער

אליין פלעגט זיין צייט, הויפטזעכליך, פארברענגען ביי די שר־פען און וואגאנעס מיט די סחורות, האבענדיג שטענדיג פאר־בינדונגען מיט די גרויסע קאממערסאנטען פון האוור און פון דער גאנצער וועלט, היינט האט ער זיך אביסעל פארשפעטיגט; רובא האט שוין צוויי מאל געעפענט די טיהר פון די קאנטאר, און האט איהם אבער ניט געטראפען. אויף'ן טיש איז אפילו די אנצייגע פון טאג נאך ניט אויפגעעפענט געווען. רובא'ס אויג האט בעמערקט א דעפעשע צווישען די בריעף. ער איז גע־בליעבען שטעהן ווי א פאר'כישוף'טער; ער האט זיך ניט גע־קאנט אברייסען פון דער טיהר, ניט ווילענדיג ווארפענדיג אויף דעם טיש האסטיגע בליקען.

ענדליך, צעהן מינוט שפעטער איז געקומען מ'סיע דאבאדי. רובא האט זיך צוגעזעצט, ניט רעדענדיג א ווארט; ער האט געווארט יענער זאל עפענען די דעפעשע. אבער דער סטאציאן־מייסטער האט זיך גארניט געאיילט; ער האט געוואלט ארויס־ווייזען זיין אויפמערקזאמקייט צו זיין העלפער, ווייל ער האט פון איהם געהאלטען.

— און, געוויס, איז עס אייך אין פאריז צוגעגאנגען ווי געוואונשען?

—יא, מ'סיע, איך דאנק אייך.

דאבאדי האט ענדליך געעפענט די דעפעשע; אבער געלעזען האט ער זי נאך ניט; ער האט בלויז געשמייכעלט צו זיין ארויסהעלפער; רובא'ס שטימע האט געקלונגען ווי פאר־שטיקט, ווייל ער האט זיך איינגעשטרענגט איינצוהאלטען דאס שרוועזע ציטערען פון זיין אונטערסטע ליפ.

— עס פרעהט אונז זעהר אייך דא ווידער צו זעהן.

— און איך, מ'סיע, בין זעהר צופריעדען מיט אייך ווייטער צו זיין.

און אז מ'סיע דאבאדי האט זיך ענדליך גענומען צו דער דעפעשע, האט רובא איהם נאכגעקוקט; א לייבטער שוויס האט איהם ארויסגעשלאגען אויפ'ן פנים; ער האט געשוויגען, ער האט ביי דאבאדי'ן אבער ניט בעמערקט די ערוואַרטעטע

אויפרעגונג ; יענער האט גאנץ רוהיג איבערגעקוקט די דעפּעשע, און זי א ווארף געטהון צווישען אנדערע פּאפּירען : — מסתמא, בלויז א געוועהנליכע ראפּארט פון דער באהן־ליניע. דערנאך האט ער זיך גענומען צו זיינע אנצייגע פון טאג, און רובא, ווי געוועהנליך, האט גענומען איהם דערצעהלען וועגען אלעס, וואס האט פּאסירט ביי נאכט און פאר טאג. אבער היינט האט רובא זיך ניט געקאנט דערמאנען, וואס דער נאכט־ארויסהעלפער האט איהם דערצעהלט פון די גנבים, וואס מ׳האט געכאפּט אין די ארבייטער צימערען. דער סטאנציאן־מייסטער האט מיט איהם גערעדט נאך א פּאאר ווערטער, און האט איהם ענדליך, מיט א מאך מיט׳ן האנט אבגעלאזט, ווייל אין דער מינוט זיינען אריינגעקומען צוויי אנדערע ארויסהעלפער, וואס שטעהען ביים פראכט אין די שיפען און וואגאנעם. זיי זיינען אויך געקומען אבגעבען א ראפּארט, זיי האבען אויך געבראכט א נייע דעפּעשע, וואס איינער פון די אנגעשטעלטע ביי די פראכט־שיפען האט זיי איבערגעגעבען.

— איהר קאנט זיך געהען, — האט דאבאדי געזאגט, אז ער האט דערזעהן, אז רובא איז געבליבען שטעהן ביי דער טיהר.

אבער רובא האט אלץ געווארט קוקענדיג אויף דאבאדי מיט זיינע פאנאנדערגעעפענטע אויגען. ער איז אוועקגעגאנגען ערשט ווען די צווייטע דעפּעשע איז אויך אראפּגעווארפען געווארען אויפ׳ן טיש מיט דערזעלבער גלייכגילטיגער האנד. געגען א מינוט איז רובא ארומגעגאנגען אונטערן הענג־דאך אונעגט־שלאסען, פארטראכט. ס׳איז שוין געווען פינף־און־דרייסיג מינוט אויף ניין : איצט קומט שוין קיין צוג ניט ביז דעם פּאסאזשיר צוג פון ניין אוהר פופציג. געוועהנליך פלעגט ער בענוצען די שעה ארומצוקוקען דעם וואקזאל. און רובא האט זיך געשלעפּט אייניגע מינוט, אליין ניט וויסענדיג וואוהין די פיס טראגען איהם. ער האט ענדליך אויפגעהויבען דעם קאפּ. פאר איהם איז געווען דער וואגאן נומ. 293 ; און ער האט זיך מיט א מאל א קירעווע געטהון און איז אוועק אין דעפּא פון די לאקאמאטיוון, אבוואהל ער האט דארט ניט געהאט וואס צו טהון.

די זון האָט זיך שוין אויפגעהויבען הויך איבער'ן האָריזאָנט, און א שטויב ווי פון גין־גאָלד האָט געשוועבט אין ד'ער בלאָ־סער לופט. אָבער רובאָ האָט אפילו ניט בעמערקט דעם שעהנעם פריהמאָרגען; ער האָט זיך געאיילט ווי איינער וואָס איז זעהר בעשעפטיגט; ער האָט אין זיך געוואָלט שטילען די אנגסטען פון וואַרטען און וואַרטען.

פלוצים דערהערט ער אימיצענס א קול:

— גוט מאָרגען, מ'סיע רובאָ! האָט איהר געזעהען מיין פרוי?

דאָס איז געווען פעקע, דער הייצער ביי וושאק'ן אויף'ן לאָ־קאָמאָטיוו, א מאַן פון א יאָהר דריי־און־פיערציג, א געזונטער; א פרעהליכער, א מאָגערער, גוט געבוים, מיט א פנים, וואָס איז געווען פאַררויכערט פון רויך און פלאַם. זיינע גרויע אויגען אונטער דעם קליינעם שטערן און זיין גרויסער מויל מיט די שפּי־ציגע באַק־ביינער האָבען געהאַלטען אין איין שמייכלען, ווי ביי איינעם, וואָס האָט ליעב א לעב צו טהון.

— ווי? איהר גאָר? — האָט רובאָ איבערגעפרעגט, פאַר־וואונדערט, און האָט זיך אָבגעשטעלט. — אָך, יא; מיט אייער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך עטוואָס געטראָפען, — גאָר פאַרגעסען... און איהר פאָהרט אַרום ערשט היינט אויף דער נאַכט... גע־רוהט א גאַנצען טאָג... גוט, אה?

— אודאי, גוט, — האָט פעקע געענטפערט; ער האָט זיך נאָך ניט אויסגעניכטערט פון די נעכטיגע הוליאנקע.

געבאָרען אין א דערפעל ניט ווייט פון רואן, איז פעקע נאָך אַלס א יונגעל אוועק אין דיענסט צו די אייזענבאהן קאָמפּאניע, אָנקומענדיג אין די אבטהיילונג, וואו מ'שטעלט צונויף די מאַ־שינען. שפּעטער, ווען ער איז אַלט געוואָרען דרייסיג יאָהר, איז איהם זיין ארבייט נמאס געוואָרען און ער האָט געוואָלט ווע־רען א הייצער, כדי שפּעטער צו קאָנען ווערען א מאשיניסט; אין דער זעלבער צייט האָט ער אויך חתונה געהאט מיט וויק־טאָריע; זי איז מיט איהם געווען פון איין דאָרף. אָבער די יאָהרען זיינען זיך געגאַנגען, און פעקע איז אַלץ געווען דער זעל־

בער הייצער, און ס'איז איהם קיין מאָל ניט בעשערט געוועזן צו ווערען אַ מאַשיניסט; ער האָט זיך ניט גוט אויפגעפיהרט, איז געוועזן צולאָזען, האָט געטרונקען און זיך געיאָגט נאָך פרויען. צוואנציג מאָל וואָלט מען איהם שוין געוועזן געגעבען דעם וועג, ווען ניט די בעשיצונג פון הויפּט־ריכטער גראַנמאָרען, און מען וואָלט זיך אויך דערוויילע ניט צוגעוואָהנט צו זיינע גרויסע עבירות, דערפאַר וואָס ער איז געוועזן זעהר גוטמוטהיג און זעהר אַ געניטער אַלטער אַרבייטער. ער פלעגט ווערען אמת ווילד, נור ווען ער איז געוועזן שיכור, ווייל שיכור'ערהייט פלעגט ער ווערען אַ וואַהרע חיה רעה, פון וועלכען מ'האָט געמעגט ערוואַר־טען אַל־דאָס־בייז.

— און מיין ווייבעל האָט איהר געזעהן? — האָט ער ווידער אַמאָל געפרעגט, מיט אַ ברייטען שמייכעל, וואָס האָט איהם צוריסען דאָס מויל.

— ווי דען? געווים, האָבען מיר זי געזעהן, — האָט גע־ענטפערט דער אַרויסהעלפער פון סטאַנציאָן־מייסטער. — מיר האָבען זאָגאַר געגעסען פרישטיק אויף אייער קוואַרטיר... ב'לע־בען, פעקע, איהר האָט אַ פיינע פרוי! און איהר טהוט אַ גרויסע נאַרישקייט, וואָס איהר זיינט איהר ניט טריי.

פעקע האָט זיך נאָך מעהר פאַנאַנדערגעלאַכט.

— נו, וואָס דען? אָבער זי וויל דאָך אַליין, אַז איך זאָל זיך אונטערהאַלטען.

דאָס איז געוועזן וואָהר. וויקטאָריאַ איז געוועזן עלטער פון איהם מיט צוויי יאָהר. זי איז געוואָרען זעהר דיק און אַ שווער מענש, און פלעגט איהם אַליין אָפט מאָל שטופּען אין קעשענע אַ הונדערט סו, אַז ער זאָל זיך געהן זוכען פאַרגעניגען אַנדערש־וואו. זיין אונטערטייהייט צו איהר האָט זי קיין מאָל ניט גע־אַרט צו שטאַרק, ווייל ער האָט פון דער נאַטור ליעב געהאַט אַ שטיק צו טהון. און יעצט האָט זיך זייער לעבען ריכטיג איינ־געשטעלט.

— פעקע האָט געהאַט צוויי פרויען, צו איין פרוי ביי די צוויי וואָקזאַלען, וואו ער פלעגט אָנקומען און אַרויספאָהרען;

איין פרוי אין פאריז, ווען ער פלעגט דארפען נעכטיגען, און איין פרוי אין האוור צו פארווייל_ען די צייט, וואס ער פלעגט דארט מוזען זיין ביז'ן צווייטען צוג. מוהמע וויקטאריא האט געלעבט זעהר בערעכענט, איז זאגאר געווען א קארגע פאר זיך; אבער צו פעקע'ן האט זי זיך געהאלטען ווי א מאמע; זי האט אלצ־דינג געוואוסט, און פלעגט אפט מאל זאגען, אז זי וויל ניט, אז ער זאל זיך מיט איהר דארפען שעהמען פאר דער אנדערער, אין האוור, און זי פלעגט פאר יעדען אוועקפאהרען איהם גוט איבער־קוקען די וועש, ווייל זי וואלט עס ווירקליך זעהר געקרענקט, ווען די צווייטע וואלט געמיינט, אז זי גיט ניט גוט אכטונג אויף זייער מאן.

— דאס איז קיין תירוץ ניט, — האט רובא געענטפערט. — ס'איז ניט פיין פון אייך. מיין פרוי, ווייסט איהר, פערגעטערט איהר אם, און זי וועט אייך דערפאר גוט אנלערנען.

אבער ער איז מיט א מאל אנשוויגען געווארען, און ער האט דערזעהן ארויסגעהן פון דער טיהר, לעבען וועלכע זיי זיינען גע־שטאנען, א הויכע, דארע פרוי. דאס איז געווען פילאמענע סא־וואניא, די שוועסטער פון דעם סטאנציאן־מייסטער, — פעקע'ס קעבס־ווייב אין האוור שוין באלד א יאהר. ער מיט'ן ווייב זיי־נען דא, קענטיג, געשטאנען הינטערן טיהר און גערעדט, ווען פעקע האט זיך פון איהר אבגעטהיילט א רוף צו טהון דעם ארויסהעלפער. זי האט נאך אויסגעזעהן גאנץ יונג, ניט קוקענ־דיג אויף איהרע צוויי־און־דרייסיג יאהר, הויך, ביינערדיג, מיט א פלאכע ברוסט, א דארע און אויסגעצערט פון איהר בעשטענדיגע לוסט; זי האט געהאט א לאנגען קאפ, מיט פארפלאמטע אוי־גען — דעם קאפ פון א מאגערע, הירזשענדע קליאטשע. מ'האט אויף איהר געזאגט, אז זי טרינקט. אלע אנגעשטעלטע פון דעם וואקזאל זיינען מיט איהר געווען אין די קליינע הייזקע, וואו איהר ברודער האט געוואהנט נעבען דעם דעפא פון די לאקאמא־טיווען; זי האט דאס הויז געהאלטען זעהר ניט ריין. איהר ברודער, אליין פון די אווערן פראווינץ, אן עקשן, און א שטרענ־גער אבהיטער פון די דיסציפלין, זעהר געשעצט פון זיינע על_טס־

טע, האט ניט איין מאל דערפאר געהאט צרות פון זיין שוועס־טער, ער האט זאגאר שיעור זיין שטעלע ניט פארלוירען. און יעצט דולדעט מען זי שוין אויך צוליעב איהם; און ער דול־דעט פון איהר צוליעב פאמיליען פפליכטע, — דאך א שוועס־טער; אָבער דאס שטערט איהם ניט, אז ער כאפט זי מיט אי־מיצען, איהר גוט אָנצוברעכען די ביינער, און אזוי ברוטאל, אז זי בלייבט אָפט ליגען, כמעט טויט. פילאָמענע און פעקע האָ־בען זיך זעהר גוט געפּאסט; זי האָט, ענדליך, זיך געפיהלט צו־פריעדען מיט די ליעבשאפט פון דעם ווילדען טרינקער; ער, ווידער, וואס האט געהאט אזא פעט ווייב, איז געוועזן זעהר צופריעדען, וואס זי איז אזוי דאר, ערקלערענדיג מיט א געלעכ־טער, אז איצט דארף ער שוין מעהר ניט זוכען; און בלויז סע־ווערינע, וועלכע האט דאס גערעכענט פאר איהר פפליכט צו די מוהמע וויקטאריא, האט זיך צוקריגט מיט פילאָמענע'ן, וועלכע זי האט, אוים איהר נאטירליכע גדלות, געוואלט אויסמיידען און ניט געוואלט גריסען.

— אלזא, פעקע, זיי געזונד! — האט פילאָמענע ארויס־גערעדעט מיט חוצפה, — איך געה מיר אוועק, ווייל מ'סיע רובא וויל דיר זאגען מוסר פון זיין ווייב'ס וועגען.

דער גוטמוטהיגער פעקע האט נאך אלץ געלאכט.

— וואס לויפסטו? ער שפאסט דאך.

— ניין, ניין! איך דארף אָבטראָגען צוויי אייער פון מיינע היהנער; כ'האב זיי צוגעזאגט מאדאם לעבלע.

פילאָמענע האט אומישנע דערמאנט דעם נאמען, ווייל זי האט געוואוסט פון די שטילע קאָנקורענץ צווישען דער פרוי פון דעם קאסיר און די פרוי פון דעם סטאנציאָן־העלפער, און זי האט זיך געמאכט כלומר'שט חבר מיט איינער בדי צו קרענקען די צווייטע, אָבער זי איז נאך אלץ ניט אוועקגעגאנגען, ווייל זי איז מיט א מאל פאראינטערעסירט געווארען, דערהערענדיג ווי דער הייצער פרעגט וואס ס'הערט זיך מיט'ן סוב־פרעפעקט.

— שוין געענדיגט? איהר זיינט צופריעדען, מ'סיע רובא? ניין?

— זעהר צופריעדען.

פעקע האָט אַ ביטרען וואונק געטהון.

— אָה, איהר דאַרפט ניט זיין אונרוהיג, וואָרים, פאַר־שטעהט איהר, אז מ'האָט אזא גרויסען צד... אָה איהר ווייסט דאָך וואָס איך מיין. מיין פרוי האָט ער אויך שוין געטהון בּיט איין טובה.

דער סטאנציאָנס־העלפער האָט איהם איבערגעשלאָגען זיין אַנצוהערעניש אויף דעם הויפּט־ריכטער גראַנמאָרען, איבער־פרעגענדיג מיט אַ מאָל:

— איהר פאָהרט, אלזאָ, ערשט היינט אבענד?

יאָ; „ליזע'ן" וועט מען פאַרריכטען; דער טרייב־שטאַנג וועט פערטיג ווערען... און איך וואַרט נור אויף מיין מאַשיניסט; ער איז זיך דורכגעגאַנגען, איהר קענט איהם, — זשאַק לאַנטיע? ער איז מיט אייך פון איין פּראָווינץ.

איין מאָמענט איז רובאָ געשטאַנען, ניט ענטפערענדיג אַ וואָרט, פאַרטראַכט.

— זשאַק'ן לאַנטיע? צי איך קען איהם? ווי זאָל איך אייך זאָגען? אזוי זיך: — גוט מאָרגען, גוט יאָהר, בעקאַנט האָבען מיר זיך אייגענטליך ערשט דאָ; ער איז דאָך יונגער פון מיר, און אין דערהיים, אין פּלאַססאַן, האָב איך איהם קוים וועגן געזעהען, פאַר אַ יאָהרען חערבסט האָט ער מיין פרוי עפּיס געטהון אַ געפעליגקייט, ביי די שוועסטער קינדער, אין דיעפּ... אַ פעהיגער יונג, ווי איך הער.

ער האָט גערעדט האַסטיג, ניט איבערלעגט. פּלוצים נעמט ער געהען.

— אַ גוטען טאָג, פעקע... איך מוז נאָך אַ קוק טהון וואָס דאָרט טהוט זיך.

און פּילאָמענע איז זיך באַלד אויך אוועקגעגאַנגען מיט איה־רע לאַנגע שפּאַן ווי אַ קליאַטשע; אָבער פעקע איז געבליבען שטעהן, מיט די הענד אין די קעשענעס, און אַנקוועלענדיג פון דעם ליכטיגען פריה־מאָרגען, ווען ער מעג זיך ארומגעהען לייי־דיג; ער האָט זיך בלויז פאַרוואונדערט, וואָס דער סטאַנציאָר־

אַרויסהעלפער האָט זיך בעגנוגענט בלויז מיט אַ קוק אין דעם וואַגאָן־שטאַל און איילט זיך שוין צוריק. ער פּטר'ט דאָס היינט אָפּ צו שנעל! וואָס זוכט ער דאָרט?

ס'האָט געקלונגען פונקט ניין, ווען רובאָ איז ווידער אַריין אין דעם וואָקזאַל. ער איז צוגעגאַנגען ביז'ן סוף, ביז דעם פּאָסט־הויף, האָט אַ זוך געטהון, און, קענטיג, ניט געפינען, וואָס ער האָט געזוכט, און זיך ווידער האַסטיג אומגעקעהרט. און ער איז אַריין אין די פאַרשיעדענע קאַנטאָרען, איינע נאָך די אַנדערע. אין דער צייט, איז די סטאַנציאָן געווען שטיל און פּוסט; בלויז איין רובאָ האָט זיך דאָ געדרעהט, ווערענדיג אַלץ מעהר און מעהר נערוועז, ווי איינער, וואָס ווייסט, אַז אַן אונגליק מוז איהם טרעפען, און ער וויל, אַז ס'זאָל איהם שוין ענדליך טרעפען ווי אַם שנעלסטען, ווייל ער האָט שוין פאַרלאָרען די געדולד. און רובאָ קאָן ניט איינשטעהען אויף אַן אָרט, און די אויגען קאָן ער איצט שוין ניט אָברייסען פון דעם זייגער... פונקט ניין... פינף מינוט אויף צעהן... געוועהנליך פלעגט ער אַרויף געהען צו זיך אָבעסען פרישטאַג ניט פריהער ווי צעהן אַ זייגער, נאָך דעם ווי דער צוג פון ניין אוהר פינפציג פלעגט אָבגעהען. און פּלוצים האָט ער געגומען געהען צו זיך אויף די קוואַרטיר; ער האָט זיך דערמאָנט אָן סעווערינע'ן; זי, איינע אַליין אין שטוב, וואַרט דאָך, מסתמא, אויך.

פונקט אין דער מינוט האָט מאַדאַם לעבלע געעפענט פּי־לאַמענע'ן די טיהר; זי איז געקומען צו איהר, אַזוי, אָהן אַ הוט, מיט צוויי אייער אין די הענד. זיי זיינען זיך געשטאַנען אין הויפּט־קאָרידאָר, און רובאָ האָט געמוזט אַריינגעהען אין שטוב אונטער דעם פייער פון זייערע בליקען. דעם שליסעל האָט ער געהאַט ביי זיך, ווען ער האָט זיך געאיילט צו עפענען די טיהר; אָבער די צוויי פרויען־האָבען דאָך דערזעהען ווי סעווערינע זיצט אין עסס־צימער אויף אַ שטוהל, מיט די הענד אויף די קניע און דאָס פּנים בלאַס און ווי פאַרשטיינערט. מאַדאַם לעבלע האָט אַריינגעפיהרט פּילאַמענען צו זיך, און זיך מיט איהר פאַרמאַכט אין שטוב און איהר דערצעהלט, אַז זי האָט שוין אייגענטליך גע־

זעהען דאָס זעלבע נאָך אין־דער־פריה: — הייסט עס, אז די מעשה מיט'ן סוב־פּרעפעקט איז ניט גלאַט. הויבט זיך גאָר־ניט אָן. און פילאָמענע, דערצעהלט איהר, אז זי איז דאָך געקומען בלויז דערפאַר, וואָס זי האָט געבראַכט אינטערעסאַנטע נייעס; און זי האָט איבערדערצעהלט, וואָס זי האָט געהערט פון מ'סיע רובאַ. האָבען זיי ביידע איצט שוין ניט געוואוסט וואָס זיך צו טראַכטען. און אזוי איז זיך קיין סוף ניט געווען צו זייערע רעדערייען, יעדעס מאָל, וואָס זיי זיינען זיך צונויפגעקומען.

— מ'האָט איהם דאָרט אָבגעצוואָגען פון קאָפּ ביז די פיס.

— ווי איהר זעהט מיך לעבען, מיין ליעבינקע... זיי וועלען זיך קוים איינהאַלטען אויף דער שטעלע.

— אך, מאַדאַם, אז מיר זאָלען נור פון זיי קאָנען פּטור ווערען.

די פיינדשאַפט צווישען די לעבלעס און די רובאַ'ס איז ארויסגעקומען איבער די קוואַרטיר, און איז געוואָרען וואָס א טאָג אַלץ ביטערער. דער גאַנצער צווייטער עטאַזש, איבער די וואָרט־זאַאַלען פיר די פּאַסאַזשירען, איז געווען צוטהיילט אויף דירות פיר די בעאַמטע, און דער צענטראַלנער קאָרידאָר — ווי א וואַהרער קאָרידאָר אין א האָטעל, — געל געפאַרבט און בעלויכטען פון אויבען, — האָט צוטהיילט דעם עטאַזש אויף צוויי רייהען דירות, מיט טיהרען אין די רעכטע און אין די לינקע האַנד. די פענסטער פון די דירות אין די רעכטע האַנד זיינען געווען אין הויף אריין, אין וועלכען עס זיינען געווען עטליכע אַלטע בוימער, און פון דאָרטען האָט זיך געצויגען א וואונדער־שעהנעס בילד ביז צו דעם ענגוואַווילער בארג; אָבער די פענסטער — קליינע, האַלב־קייַלעכדיגע — פון די דירות אין דער לינקער האַנד, זיי־נען געווען גלייך אויף דעם שירם־דאַך פון וואָקזאַל, און מיט זיינע פּערשטויבטע שויבען און זייטען פון צינק האָט ער נור פאַרשטעלט דעם האָריזאָנט. קיין פרעהליכערע צימערען, ווי אין די ערשטע דירות, דאַרף מען גאָרניט: דער הויף איז שטענדיג לעבעדיג, די בוימער גרין, און חיינט די פּראַכטפאָלע פעלדער

אין די אנדערע דירות האט מען טאקי געקאנט אויסגעהען פון אומעט, אין די שטענדיגע האלב פינסטקרייט, מיט'ן פארשטעל־טען הימעל ווי אין א געפענגניס. אין די גוטע דירות האבען גע־וואהנט דער סטאנציאן־מייסטער, זיין ארויסהעלפער מולען, און די לעבלעס; און אין די פינסטערע האבען געוואהנט די רובא'ס, און אויך די מאדמואזעל גישאן, וואס האט געארבייט אין קאנ־טאר; א חוץ דעם זיינען דא נאך געווען דריי צימערען, וואס ס'האט געהאלטען פיר די קאנטראלערען פון באהן. ס'איז אבער צו בעמערקען, אז ס'האט זיך תמיד אזוי געפיהרט, אז די צוויי ארויסהעלפער האבען געהאט זייערע קווארטירעס איינע לעבען די אנדערע. ווי־זשע קומען די לעבלעס אהין? פאר רובא'ן האט דא געדינט אן אלמן, אהן קינדער, און ער האט געוואלט צוליעב טהון מאדאם לעבלע און האט איהר אבגעטראטען זיין קווארטיר. אבער פאר וואס זאל איצט די קווארטיר צוריק ניט זיין רובא'ס דעם סטאנציאן־ארויסהעלפער'ס? איז דאס גערעכט, אז ער זאל וואהנען אין די פינסטערע דירה, ווען ער האט א רעכט צו דער ליכטיגערע? כל זמןביידע פאמיליעס האבען צווישען זיך געלעבט אין פריעדען, האט סעווערינע נאכגעגעבען דער שכנה, וועלכע איז עלטער פון איהר מיט א יאהר צוואנציג, ניט קיין געזונטע דערצו און א פעטע, וואס פלעגט קוים קאנען איבער־כאפען דעם אטהעם. און די ריכטיגע מלחמה האט זיך טאקי ניט אנגעפאנגען ביז פילאמענע האט ניט אנגעפיהרט א מיאוסע רכילות צווישען די צוויי ווייבער.

— מיינט איהר אפשר, — האט פילאמענע געזאגט צו מאדאם לעבלע, — אז זיי האבען אייך אין פאריז ניט אונטער־געשטעלט א פיסעל און געפאדערט, מ'זאל אייך ארויסווארפען פון די קווארטיר — זיינען זיי יא די ריכטיגע מענשען צו טהון אזא זאך... כ'האב אליין געהערט, אז זיי האבען געשריעבען א לאנגען בריעף צום דירעקטאר, פאדערענדיג זייערע רעכטע.

מאדאם לעבלע האט קוים געקאנט ארויסרעדען א ווארט פון כעס:

— די לומפען... איך בין זיכער אז זיי ווילען נאך איבער־

רעדען די קאַנטאַרטשיצע זי זאָל האַלטען מיט זיי ; צוויי וואָכען שוין, אז זי דערקענט מיך ניט כמעט.... אויך מיר א פּריץ'טע... ניט־קשה, איך וועל זי שוין פּאקען.

און מאדאם לעבלע האָט גענומען רעדען שטיל, דערציהענדיג דעם סוד, אז מאדמאוזעל גישאָן געהט יעדע נאַכט צו דעם סטאַנציאָן־מייסטער. זייערעביידע טיהרען זיינען פּונקט איינע קעגען די אנדערע. מ'סיע דאבאדי איז אן אלמן, האָט אן ערוואקסענע טאָכטער, וועלכע איז תמיד אין פּאַנסיאָן, און ער האָט עס דאָ בעזעצט די דרייסיג־יעהריגע בלאָנדינקע, וועלכע האָט שוין פערלאָרען איהר פרישקייט, א שווייגענדע און א דארע, און א בויגיגע ווי א שלאַנג. זי איז, דאכט זיך, אמאָל געוועזן א לעהרערין. און פּאקען זי איז אונמעגליך, — זי גליטשט זיך אזוי שטיל אריין דורך די קלענסטע שפּארינעלאך. זי אליין איז — אויך מיר א פארשוין! אָבער אז זי איז צו א גוטע שוועסטער מיט דעם סטאַנציאָן־מייסטער, איז זי שוין א גרויסע פּערזענליכקייט, און אז מען זאָל זי פּאקען מיט איהר סעקרעט, קאָן מען זי האָבען אין די הענד.

— אָה, סוף כל סוף, וועל איך אויסגעפינען! — האָט מאדאם לעבעלע פאָרטגעזעצט, — איך וועל קיינעם ניט לאָזען מיך אויפּעסען א לעבעדיגע.... דאָ זיינען מיר, און דאָ בלייבען מיר. עהרליכע מענשען האַלטען מיט אונז ; ניין אפשר, מיין ליעבענקע ?

דער אמת איז אז די גאנצע סטאַנציאָן האָט זיך געקאָכט איבער דער מלחמה צווישען די צוויי קוואַרטירעס. און מעהר ווי ערגיץ וואו האָט מען זיך געקאָכט אין דעם קאָר־דאָר. און בלויז דער אנדערער ארויסהעלפער, מולען, איז זיך געוועזן גלייכגילטיג ; ער איז געוועזן צופרידען צו וואָהנען אין א ליכטיגע דירה, מיט זיין קליין ווייבעלע, — א שטילע און שוואכע פרוי, וואָס מ'האָט אין ערגיץ ניט געזעהען און וועלכע פלעגט איהם יעדע צוואַנציג חדשים שענקען א קינדעלע.

— און אין בעסטען פאל, — האָט פילאָמענע ערקלעהרט, — זיי האַלטען זיך נאָך אפילו יא ווי איינער ביים שארף פון א

מעסער, זיינען זיי דאָך אַלץ ניט אויפ'ן פערד. אָבער היט זיך: זיי האָבען ווער ס'זאָל זיך פאר זיי אָננעהמען.

זי האָט נאָך אַלץ געהאַלטען די צוויי אייער, און זי האָט זיי איהר, ענדליך, דערלאַנגט: פרישע אייער; ערשט היינט אין דער פריה געלעגט. און די אַלטע לעבלע האָט איהר ניט געקאָנט גענוג אָנדאַנקען.

— ס'אַ גוטינקע איהר זיינט! איהר מאַכט דאָך מיך פאר אַ נאַשערין.... קומט אריין עפטער, זיך דורכשמועסען. איהר ווייסט דאָך: מיינער איז שטענדיג ביי דער קאססע. און מיר איז דאָ אַזוי אומעטיג, ווי אַ פאַרשלאָסענע, מחמת די פיס טהוען מיר וועה! וואָס וועט פון מיר ווערען ווען די לומפען זאָלען מיך אַוועק רזיבען די דירה אויך.

אַז זי איז מיט פילאָמענע'ן ענדליך ארויס פון שטוב, האָט זי זיך צוגעשטעלט אַ פינגער צו די ליפען.

— שאַט! לאָמיר זיך צו הערען!

און זיי זיינען ביידע געבליבען שטעהן אין קאָרידאָר. פינף לאַנגע מינוט זיינען זיי אַזוי געשטאַנען, זיך ניט ריהרענדיג און איינהאַלטענדיג דעם אָטהעם. זיי האָבען אָנגעבויגען די קעפ און אָנגעשטעלט די אויער'ען אויפ'ן עסס־צימער פון די רובאָס. אָבער קיין איינציגער שאָרך האָט זיך פון דאָרט ניט געהערט; ס'איז געוועזן שטיל ווי אין קבר. און ענדליך, מורא האָבענדיג, אַז מען זאָל זיי דאָ ניט דערזעהען, האָבען זיי זיך געזעגענט מיט אַ נייג פון קאָפּ, אָבער ניט רעדענדיג אַ וואָרט. פילאָמענע איז זיך אַוועק אויף די שפּיץ פינגער, און מאַדאַם לעבלע האָט שטיל צוגעמאַכט די טיהר, אַז מ'האָט אפילו ניט געקאָנט הערען ווי דער שלאָס האָט זיך פאַרהאַקט.

ביין אוהר צוואַנציג איז שוין רובאָ ווידער אַמאָל ארונטער־געקומען אין וואָקזאַל. ער האָט אַכטונג געבען, ווי מען שטעלט צונויף דעם צוג פיר ניין אוהר פונפציג; אָבער, ניט קוקענדיג אויף די אָנשטרענגונג פון זיין ווילענס־קראַפט, האָט ער געמאַכט מיט די הענד מעהר ווי אַלע מאָל, געטופּעט מיט די פיס, און אַלע ווייל אויסגעדרעהט דעם קאָפּ אַ בליק צו טהון פון איין

עק פלאטפאָרמע ביז'ן אַנדערען. אָבער ניטאָ קיין נייעס.... די הענד האָבען ביי איהם געציטערט.

און פלוצים, ווי ער קוקט זיך אום וואַרפענדיג זיינע בליקען צוריק אויף דער פלאטפאָרמע, דערהערט ער לעבען זיך דאָס קול פון איינעם פון די טעלעגראַפיסטען, ווי ער זאָגט, קוים אָבדוכענ־דיג:

— מ'סיע רובאָ, ווייסט איהר ניט וואו ס'איז דער מ'סיע סטאַנציאָן־מייסטער און דער מ'סיע וואַך־קאָמיסאַר? כ'האָב פאַר זיי דעפּעשען, און איך לויף שוין ארום צעהן מינוט....

און רובאָ האָט זיך אומגעדרעהט, אָבער מיט אַזאַ מורא'דיגע אָנשטרענגונג פון זיין גאַנצען וועזען, אַז ס'האָט זיך ביי איהם אויפ'ן פּנים אפילו אַ איין מוסקול ניט אַ ריהר געטהון. זיינע אויגען האָט ער אָנגעשטעלט אויף די צוויי דעפּעשען ביים טעלע־גראַפיסט אין די האַנד, און דאָס מאָל האָט רובאָ פערשטאַנען, לויט ווי יענער איז געווען צוקאָכט, אַז ענדליך איז געקומען דער מאָמענט.

— מ'סיע דאַבאַדי איז דאָ נור וואָס געווען, — האָט עוי רוהיג אויסגערעדט, און ער האָט, דאַכט זיך, קיין מאָל זיך ניט געפיהלט אַזוי קאַלטבלוטיג און מיט אַזאַ קלאָהרען פערשטאַנד, ווי יעצט, אין זיין יעצטיגע אָנשטרענגונג זיך צו ראַטעווען. איצט ווייסט ער, אַז ער קאָן זיך אויף זיך פערלאָזען!

— זעהט נור, — האָט ער בעמערקט, — אָן געהט ער דאָך, מ'סיע דאַבאַדי.

און ווירקליך, דער סטאַנציאָן־מייסטער איז געקומען פון דעם פּראַכט וואָקזאַל. אַז ער האָט נור אַ קוק געטהון אויף די דעפּעשע, האָט ער אויסגעשריען:

— מ'האָט דער'הרג'עט אַ מענשען אויף די באַהן... דאָס טעלעגראַפירט מיר דער קאָנטראָלער פון רואַן.

— ס'הייסט? — האָט רובאָ איבערגעפרעגט: — גע'הרג'עט איינעם פון די אָנגעשטעלטע?

— ניין! ניין! אַ רייזענדער, אין אַ קופּע.... דעם קערפּער האָט מען געפונען כמעט ביים מויל פון דעם טונעל ביי מאַלאָנעי,

ביים מייל־צייכען 153.... און דער אונגליקליכער איז איינער פון די אדמיניסטראציאָן, דער הויפּט־ריכטער גראַנמאָרען.

און רובאָ האָט זיך פערוואונדערט.

— דער הויפּט־ריכטער! אך! אָרימע פרוי מיינע! ווי זי וועט דאָס נעבאך טרויערען!

זיין געשריי האָט געקלונגען אזוי נאַטירליך און אזוי רחמנות'דיג, אז דאבאדי האָט זיך אויף א רגע אָבגעשטעלט.

— אך, ווירקליך, איהר האָט דאָך איהם געקענט. פיינער מאַן, ניין?

און א קוק טהוענדיג אויף די צווייטע דעפּעשע צום וואָך־קאָמיסאַר, האָט ער געזאָגט:

— דאָס טעלעגראַפירט אַודאי דער אונטערזוכונגס־ריכטער.

— מסתמא מכח איניגע פאָרמאליטעטען... און ס'איז ערשט ניין אוהר פינף־און־צוואַנציג, און, נאַטירליך, איז מ'סיע קאַש נאָך ניטאָ.... זאָל מען שנעל אוועקלויפען אין די קאַפע די־קאָמערס, אויף דעם בולוואר „נאַפּאָלעאָן“, דאָרט טרעפט מען איהם זיכער.

אין פינף מינוט אַרום איז געקומען מ'סיע קאַש צוזאמען מיט'ן ארבייטער, וועלכען מ'האָט נאָך איהם געשיקט. מ'סיע קאַש איז געווען אַן אויסגעדיענטער אָפיציר; אויף זיין פּאָסטען דאָ, אויף דער סטאַנציאָן, האָט ער געקוקט בלויז ווי א מין אָברוה, — פלעגט ער קיין מאָל ניט קומען פאר צעהן א זייגער, א קוק טהון און צוריק אין קאַפע. די מורא'דיגע געשיכטע האָט מען איהם געבראכט צווישען צוויי פּארטיען פּיקעט, און ער איז געוואָרען איבעראשט, ווייל די אונטערזוכונגען, וואָס זיינען איהם אריינגעפאלען אין די הענד, זיינען געוועהנליך געווען פון קנאפּע ערנסטקייט. אָבער די יעצטיגע דעפּעשע קומט טאַקי פון דעם אונטערזוכונגס־ריכטער פון רואַן; אמת, די דעפּעשע קריגט ער ערשט צוועלף שטונדען נאָך דעם, ווי מ'האָט געפונען דעם טויטען קערפּער; בעווייזט דאָס נור, אז דער אונטערזוכונגס־ריכטער פון רואַן האָט צו אלעם ערשטען טעלעגראַפירט קיין פּאריז אָנצו־פרעגען ביים דאָרטיגען סטאַנציאָן־מייסטער, אין וואָסער צו־שטאַנד דער אונגליקליכער איז ארויסגעפאָהרען פון פּאריז. און

ערשט דערנאָך, אַז ער האָט שוין אויסגעפונען דעם נומער פון דעם וואַגאָן, האָט ער טעלעגראַפירט אַהער צום וואַך־קאָמיסאַר, ער זאָל דאָ גוט אונטערזוכען די קופּע פון דעם וואַגאָן נומער 293, אויב דער וואַגאָן געפינט זיך נאָך אין האַוור. און באַלד איז מ'סיע קאַש, וועלכער איז צוערשט געוואָרען בייז וואָס מ'האָט איהם אומזיסט געשטערט, געוואָרען שטאַרק ערנסט מיט אַמאָל — ווי דאָס האָט זיך טאַקי ריכטיג געפּאַסט צו די אויסערגעוועהנליכע וויכטיגקייט פון דעם פאַל.

— אָבער, — האָט ער אויסגעשריען, וועהרענדיג פּלוצים שטאַרק אונרוהיג, טאָמער וועט חלילה אַזאַ וויכטיגע אונטערזוכונג איהם אַרויספאַלען פון די הענד, — דער וואַגאָן דאַרף דאָך דאָ שוין איצט ניט זיין; מ'האָט איהם געזאָלט אַרויסשיקען נאָך היינט אין דער פריה.

און בערוהיגט האָט איהם קיין אַנדערער ווי רובאַ אַליין, מיט זיין רוהיגען טאָן.

— ניין, ניין; איהר האָט אַ טעות.... מ'האָט בעשטעלט אַ קופּע אויף היינט אַבענד, און דער וואַגאָן איז נאָך דאָ, אין שטאַל.

און ער האָט זיך געלאָזט געהן פאַראויס; און דער סטאַנציאָן־מייסטער און וואַך־קאָמיסאַר נאָך איהם. דערווייל האָט זיך פאַרשפּרייט די נייעס, און די סטאַנציאָן־אַרבייטער האָבען שטילערהייט איבערגעלאָזט די אַרבייט און זיינען זיי נאָכגעגאַנגען, און אין די טיהרען פון די פערשיעדענע קאָנטאָרען האָבען זיך בעוויזען פיעלע אַנגעשטעלטע און זיינען אויך צוגעקומען איינער נאָכ'ן אַנדערען. און ס'איז באַלד געוואָרען אַ שעהנער עולם.

אַז מען איז צוגעקומען צום וואַגאָן, האָט מ'סיע דאַבאַדי אַרויסגעזאָגט אין דער הויך זיין געדאַנק:

— מ'האָט דאָך נעכטען ביי נאַכט איבערגעקוקט דעם וואַגאָן. ווען ס'וואָלטען נאָך געווען סימנים, וואָלט מען עס מיר דאָך דערלאַנגט אין רעפּאָרט.

— מיר וועלען באַלד זעהן, — האָט געענטפערט מ'סיע קאַש.

ער האָט געעפענט דאָס טירעל, און איז אריין אין קופּע, און אין דעם זעלביגען מאָמענט, האָט ער, זיך פארגעסענדיג, אויסגע־שאָסען מיט א זידלעריי:

— אַך, צו'ן אלע די רוחות! מ'וואָלט געמעגט שווערען, אז מ'האָט דאָ געקוילעט א חזיר!

ווי א הויך פון ווינד איז אויף אלעמען ארויף א פּחד; אלע האָבען געוואָלט זעהען און האָבען אויסגעשטרעקט די העלזער; און מ'סיע דאבאדי, וועלכער איז געשטאַנען פאָראויס, האָט זיך ארויפגעשטעלט אויפ'ן ערשטען טרעפּעל: רובאָ איז גע־שטאַנען הינטער איהם; ניט צו זיין אנדערש ווי די אנדערע, האָט ער זיך אויך אויסגעצויגען צו קאָנען בעסער זעהן.

אין קופּע האָט זיך ניט געמערקט קיינע אונאָרדנונג. די פענסטער זיינען געווען פערמאַכט; אלעס איז געווען אויפ'ן אָרט. בלויז א שרעקליכער גערוך האָט זיך געפיהלט פון דער אָפענער טיהר; און אויף איין קישען, אין מיטען, איז געווען א שטיק שווארצע פארגליווערטע בלוט, אזוי גרויס און דיק, אז דערפון האָט, ווי פון א קוואַל, ארויסגערונען א שטראָם בלוט, און האָט זיך צוגאָסען איבער'ן טעפּיך. אויף די געוואַנט פון די געבעטע באַנק איז געווען פארטריקענטע בלוט, און ווייטער גאָרניט, — גאָרניט, א חוץ דעם שווערען גערוך און דעם בלוט.

מ'סיע דאבאדי איז געוואָרען מלא רציחה.

— ווער האָט דאָס נעכטען געדארפט בעקוקען דעם וואַגאָן, אה? ברענגט זיי מיר אהער!

די בעדינער זיינען געווען דאָ, צווישען די נייגיעריגע; זיי זיינען געווען פול מיט אלערליי תירוצים: ס'איז געווען ביי נאַכט, — האָט מען דען געקאָנט ריכטיג זעהען? זיי האָבען אלצדינג איבערגעטאַפּט מיט די הענד, און זיי האָבען זיך גע־שוואָרען, אז קיין גערוך האָבען זיי אויך נעכטען ניט געפיהלט.

דערוויל האָט מ'סיע קאָש, שטעהענדיג אין וואַגאָן, זיך עפּיס פארצייכענט מיט א בליישטיפט אין זיין נאָטיץ־ביכעל, כדי צו קענען דערנאָך מאַכען דעם רעפּאָרט. ער האָט צוריק גערופען רובאָ'ן. ער איז מיט איהם געווען גוט־פריינד, און

פלענט אָפט מיט איהם רויכערען א פּאפּיראָס, שפּאַצירענדיג איבער דער פּלאַטפאָרמע, אין די פרייע צייט.

— מ'סיע רובאָ, קומט דאָך אַהער; איהר קאָנט מיר העלפען.

רובאָ האָט פאַרזיכטיג אריבערגעשפּאַנט איבער די בלוט אויף דעם טעפּיך, כדי ניט אריינצוטרעטען מיט די פיס.

— טהוט א קוק אונטער דעם אַנדערן קישען, — האָט קאָש געזאָגט, — זעהט צו איז עפּיס ניטאָ.

רובאָ האָט אויפגעהויבען דעם קישען, געזוכט, פאַרזיכטיג טאַפּענדיג מיט די הענד און מיט'ן בליק פון איינעם, וואָס איז ניט מעהר ווי נייגעריג.

— ניטאָ גאָרניט!

בלויז איין פלעק אויף דעם טוך פון דער פּלייצע פון די געבעטע באַנק האָט איהם אָבגעשטעלט; און ער האָט דאָס אָנגעוויזען דעם וואַך־קאָמיסאַר. דער פלעק זעהט דאָך אויס ווי דער צייכען פון א פינגער? ניין, זיי זיינעןביידע איינפערשטאַנדען, אַז דאָס איז בלויז א שפּריטץ בלוט.

דערווייל איז זיך אָנגעלאָפען א גאַנצער עולם; אַלע האָבען געוואָלט זיין ביי די אונטערזוכונג, פיהלענדיג, אַז דאָ איז עפּעס געשעהן א פערברעכען. מ'האָט זיך געשטופּט הינטער די פּלייצעס פון דעם סטאַנציאָן־מייסטער, וועלכער איז געשטאַנען אויפ'ן טרעפּעל, ווייל ס'האָט איהם, ווי א דעליקאַטען מענשען, געעקעלט.

פּלוצים זאָגט ער אין דער הויך:

— זאָגט נור, מ'סיע רובאָ, איהר זייט דאָך געווען אין דעם העלבען צוג.... ניין? זייט איהר דען ניט אָנגעקומען מיט'ן שנעל־צוג נעכטען אויף דער נאַכט? אפשר קאָנט איהר עפּעס עדות זאָגען, האַ?

— טאַקי! איהר האָט רעכט! — האָט אויסגעשריען דער קאָמיסאַר, — האָט איהר זיך עפּיס געמערקט.

נעגען א דריי, און אפשר פיער סעקונדען האָט רובאָ געשוויגען. אין דער מינוט האָט ער זיך אָנגעבויגען, בעקוקענדיג דעם

טעפּיך. אָבער ער האָט זיך גלייך אויפגעהויבען און געענטפערט מיט זיין געוועהנליכע, עטוואָס גראָבע, שטימע:

— אודאי, אודאי! לאָמיך אייך דערצעהלען.... מיין פרוי איז געפאָהרען מיט מיר. אויב מיינע ווערטער דארפען פערשריבען ווערען אין פּראָטאָקאָל, וויל איך בעסער אז מען זאָל אראָפּרופען מיין פרוי, אז טאָמער געדענק איך עפּיס ניט אזוי ריכטיג, זאָל זי מיך דערמאָנען.

מ'סיע קאָש האָט אויך געזאָגט, אז דאָס איז ריכטיג אזוי, און פּעקע איז צוגעלאָפען צו זיי בעטען מ'זאָל איהם שיקען אָבזוכען מאדאם רובאָ. ער איז אוועק מיט גרויס שטאָלץ; איצט איז ער געוואָרען א וויכטיגע פּערזאָן. פילאָמענע, וועלכע איז צוגעקומען צוזאמען מיט פּעקע'ן, האָט איהם נאָכגעקוקט מיט די אויגען, אין כעס, וואָס ער האָט זיך דאָס אונטערגענומען. אָבער דאָ האָט זיך דערזעהען מאדאם לעבע, וועלכע האָט זיך געאיילט מיט אלע כחות, ווי איהרע געשוואָלענע קראנקע פיס האָבען זי נור געקענט טראָגען, און זי האָט זיך א לאָז געטהון צו איהר, איהר העלפען; אוןביידע פרויען האָבען אויפגעהויבען זייערע הענד צום הימעל און גענומען אך'ען און אך'ען, ווערענדיג אויסער זיך פון אזא שוידערליכען פערברעכען. געוואוסט האָט מען נאָך דערווייל גאָרניט, אָבער עס זיינען שוין ארויס אלערליי קלאנגען, וועלכע מען האָט אויפגענומען מיט צושראָקענע פּנים'ער און קולות. און איבערשרייענדיג אלעמען, האָט פילאָמענע דערצעהלט — וואָס קיינער האָט איהר ניט דערצעהלט — אז זי ווייסט זיכער, אויף איהר עהרען־וואָרט, אז מאדאם רובאָ האָט אליין געזעהען דעם מערדער.

פּעקע האָט געבראכט צופיהרען מאדאם רובאָ, און ס'איז מיט אמאָל געוואָרען שטיל.

— אָט געהט זי! — האָט א מורמעל געטהון מאדאם לעבלע, — אויסגעפּוצט ווי א פּרינצעסין, — גאָרניט ווי דאָס ווייב פון א סטאנציאָן־ארויסהעלפער. נאָך פאַרטאָג איז זי שוין געווען צוגעקאַמט און איינגעשנורעוועט אין קאָרסעט — כאָטש נעהם און געה צו גאַסט.

סעווערינע איז געגאנגען מיט רוהיגע, קורצע טריט. זי האט געדארפט געהן ביז די ענדע פון די פלאטפארמע, אונטער די נייגעריגע בליקען פון די אנוועזענדע; און זי האט ניט פארלארען דעם מוטה; זי האט בלויז געהאלטען איהר טיכעלע ביי די אויגען פון גרוים טרויער, ווייל זי האט שוין געהערט, ווער דער ערמארדעטער איז געווען. אנגעטהון אין א קלייד פון שווארצע וואל, און זעהר עלעגאנט, האט זי, דאכט זיך, שוין געטראגען טרויער נאך איהר וואהלטהעטער. איהרע געדיכטע שווארצע האאר האבען געגליעצערט אין דער זון, ווייל זי האט זיך אפילו די צייט ניט גענומען זיך אנצוהיעלען דעם קאפ, ניט קוקענדיג אויף די קעלט. איהרע בלויע אויגען, — אזוינע שטילע, טרויעריגע און בענעצט מיט טרערען, — האבען ביי יעדען ארויסגערופען מיטלייד צו איהר.

— זי מעג אודאי וויינען, — האט פעלאמענע געזאגט מיט א האלב מויל, — יעצט וועט מען זיי שוין ארויסרוקען, ווען זייער גוטער גאט איז אבגעשטארבען.

אז סעווערינע איז צוגעקומען צו דער אפענער טיהר פון די קופע, — און דער גאנצער עולם דערוייל ניט אראפלאזענדיג קיין אויג פון איהר, — זיינען מ׳סיע קאש און רובא ארויסגעגאנגען פון דעם וואגאן; און רובא האט באלד גענומען דערצעהלען, וואס ער ווייסט.

— ניין אפשר, מיין טייערע, נעכטען אין דער פריה, גלייך ווי מיר זיינען נור אנגעקומען אין פאריז, זיינען מיר אוועק גע־גאנגען צו מ׳סיע גראנמארען.... ס׳האט שוין געמוזט זיין א פערטעל אויף צוועלף, ניין?

זי האט פון איהם קיין אויג ניט אראפגעלאזען, און האט נאכגעזאגט מיט א שטילע שטימע:

— יא, א פערטעל אויף צוועלף.

און פלוצים האבען איהרע אויגען דערזעהען דעם שווארצען פארבלוטיגטען קישען, און ס׳האט זי אנגעכאפט א מין ספאזמע, און א טיעפער געוויין האט זיך ארויסגעריסען פון איהר האלז.

און דער סטאנציאָן־מייסטער, אויפגערעגט און גערירט, האָט זיך אריינגעמישט.

— מאדאם, אויב אייך איז שווער דאָס צוצוזעהען.... מיר פערשטעהען אייך, אין אייער טרויער....

— אָה, בלויז צוויי ווערטער, — האָט דער קאָמיסאר אונ־טערגעכאַפּט, — און מיר וועלען פרוי רובאָ לאָזען געהן אהיים.

רובאָ האָט זיך געאיילט ווייטער צו דערצעהלען.

— נון, אלזאָ, ווי מיר האָבען גערעדט פון פערשיעדענע זאכען, האָט אונז מ'סיע גראנמאָרען געזאָגט, אז ער דאַרף זיין אין דואנוויל, ביי זיין שוועסטער, און פאָהרט ארוים מיט א טאָג שפּעטער.... ער שטעהט מיר ווי פאר די אויגען, נעבען זיין שרייב־טיש. איך זיץ, א שטייגער דאָ, און דאָ זיצט מיין פרוי.... נייז אפשר, מיין טייערע, האָט ער ניט געזאָגט, אז ער פאָהרט ארוים מאָרגען אין דער פריה?

— יא, מאָרגען אין דער פריה.

מ'סיע קאָש, וועלכער האָט געהאלטען אין פערצייכענען מיט זיין בליישטיפט, האָט מיט אמאָל אויפגעהויבען דעם קאָפּ.

— ווי, א טאָג שפּעטער אין דער פריה? ער איז דאָך גאָה ארויסגעפאָהרען דעם זעלבען טאָג, פארנאכט!

— אָט לאָמיך אייך דערצעהלען! — האָט געענטפערט רובאָ. — אז ער האָט אָבער דערהערט, אז מיר פאָהרען צוריק דעם זעלבען טאָג, פארנאכט, האָט ער פּלוצים איבערגעטראכט און געזאָגט, אז ער וועט אייך פאָהרען מיט דעם זעלבען שנעל־צוג, וואָס מיר, אויב מיין פרוי זאָל מיט איהם וועלען פאָהרען ווייטער ביז דואוויל, וואו זי קאָן בלייבען צו גאסט אויף עטליכע טעג ביי זיין שוועסטער, וועלכע איז שוין געקומען אהיים. אָבער מיין פרוי האָט אזוי אויך געהאט געגוג וואָס צו בעזאָרגען, און האָט זיך ענטזאגט.... האָסט דאָך ענטזאגט, סעווערינע?

— יא, כ'האָב איהם ענטזאגט.

— זעהט איהר, ער איז געווען זעהר פריינדליך צו אונז.... דערנאָך האָט ער זיך פעראינטערעסירט מיט מיר; ער האָט

אונז בעגלייט אזש ביז דער טיהר פון זיין קאבינעט.... ניין, אפשר מהייערע? —

— יא, ביז דער טיהר.

— און מיר זיינען טאקי ארויסגעפאָהרען דעם זעלבען פארנאכט.... איידער מיר האָבען זיך געפונען א פלאץ אין אונזער קופע, האָב איך דערווייל געריעדט מיט מ'סיע וואנדראָפ, דעם סטאַנציאָן־מייסטער. און איך האָב זיך גאָר ניט געמערקט. מיך האָט בלויז געערגערט, וואָס איך האָב געמיינט, אז מיר זיינען אליין אין דער קופע, — און אין ווינקעל, זעה איך, זיצט גאָר א פרעמדע דאמע, וואָס איך האָב פריהער ניט בעמערקט, און דערצו נאָך, שוין פאר'ן ארויספאָהרען, קומען אריין נאָך צוויי פערזאָן, עפּיס א פּאָר פּאָלק. ביז רואן האָב איך מעהר שוין גאָר ניט געזעהען בעזאָנדערס.... אָבער אין רואן גופא, ווען מיר זיינען ארויסגעגאנגען אויף די פלאטפאָרמע זיך אביסעל אויסצוגלייכען די גליעדער — וועמען דערזעהען מיר? — מ'סיע גראנמאָרען, בלויז דריי אָדער פיער וואגאָנעס פון אונזערען. ער שטעהט אין טיהר פון זיין קופע, מיר זיינען ערשטוינט געוואָרען. „סטימטש, שייך! ווי קומט איהר אהער, מ'סיע הויפט־ריכטער? גאָרגיט ערווארטעט!.... אונז האָט זיך אפילו ניט גע'חלום'ט אז מיר פאָהרען מיט דעם זעלבען צוג“..... ערקלעהרט ער אונז, אז ער האָט בעקומען א דעפּעשע.... און דאָ א פייף, און מיר איילען זיך שנעל אריין אין קופע, וואו, לאָמיר אייך זאָגען, איז שוין קיינער ניט געווען, ווייל די אנדערע פּאסאזשירען זיינען אראָפּגעקראָכען אין רואן, — און געבענקט האָבען מיר נאָך זיי אוודאי ניט.... און דאָס איז אלעס; מעהר איז, דאכט זיך, גאָר ניט געשעהן; — אה, מיין טייערע, מעהר גאָרניט?

— ניין, מעהר גאָרניט.

זיינע ווערטער, וואָס ער האָט דערצעהלט, האָבען געמאכט א שטארקען איינדרוק אויף די אנוועזענדע, אבוואָהל דאָס איז אלעס געווען אזוי איינפאך. אלע האָבען געוואָלט ריכטיג פערשטעהן, און אלע האָבען געהערט מיט אפענע מיילער. דער

קאמיסאר האט אויפגעהערט צו שרייבען, און האט אויסגעדריקט די אלגעמיינע פערוואונדערונג, פרעגענדיג:

— איהר זייט זיכער, אז קיינער איז ניט געווען אין די קופע מיט מ׳סיע גראנמארען.

— אה, דאס איז שוין אבסאלוט זיכער!

און דעם עולם האט אנגעכאפט א ציטער. פון דעם סעקרעט, וואס זיי האבען דא געהערט, האט אויף יעדען א בלאז געטהון מיט אזא פחד, אז יעדען איז אריבער א סקרוך איבער׳ן לייב. אויב דער הויפט־ריכטער איז געווען איינער אליין, טא ווער־זשע האט איהם געקענט ערמארדען און דאן ארויסווארפען פון קופע, דריי ליעגעס ווייטער, איידער דער צוג האט זיך ערגיץ וואו ווידער אבגעשטעלט?

אלע האבען געשוויגען. בלויז פילאמענע׳ס בייזע צונג האט געזאגט:

— ווי געשיקט זיך דאס?

רובא האט דערפיהלט אז אלע קוקען אויף איהם; און ער האט אויפגעהויבען דעם קאפ, פארריסען די בארד ארויף, און האט אויף איהר אויך א קוק געטהון, ווי איינער זאגט: „טאקי, ווי געשיקט זיך דאס?“ לעבען פילאמענע׳ן האט ער בעמערקט פעקע׳ן און מאדאם לעבלע, און זיי האבען אויך פארריסען די קעפ. אלע אויגען האבען זיך אנגעשטעלט אויף איהם; מ׳האט געוואַרט אויף נאך עפּיס; מ׳האט אויף איהם געקוקט, גלייך ווי אויף זיין פערזאן וואלט מען געקאנט בעמערקען עפּיס אן איינצעלהייט, וואס ער האט פארגעסען און וואס וואלט אבער געקאנט ערקלערען די גאנצע געהיימנים. אין די בליקען פון דעם עולם איז ניט געווען קיין זכר פון איהם צו בעשולדיגען, בלויז אונגעהייערע נייגיעריגקייט; אבער איהם האט זיך אבגעדוכט, אז ער מערקט אין זייערע אויגען עפּיס א שטיקעלע חשד, א צווייפעל, וואס קען נאך ווערען א זיכערהייט איבער די מינדעסטע קלייניגקייט.

— אויסערגעוועהנליך! — האט געמורמעלט מ׳סיע קאש.

— אָבער טאקי גאָר אויסערגעוועהנליך! — האָט מיט איהם איינגעשטימט מ׳סיע דאבאדי.

און דאָ האָט זיך רובאָ בעשלאָסען.

— און איך בין אויך זיכער, אז דער שנעל־צוג, וועלכער שטעלט זיך אין ערגיץ ניט אָפּ צווישען רואן און באראנטען, איז אויך געגאנגען מיט זיין געוועהנליכע שנעלקייט, און איך האָב קיין שום בעזאָנדערע זאַך ניט בעמערקט!.... איך זאָג עס, ווייל אזוי ווי איך האָב נור דערזעהען, אז מיר זיינען אליין און אז קיינער איז מיט אונז ניטאָ אין קופּע, האָב איך געעפענט דאָס פענסטער און פאררויכערט אַ פּאַפּיראָס, און איך האָב גוט גע־זעהען, ווי דער צוג לויפט, כ׳האָב גוט געהערט יעדען רויש וויי־געם... און אז מיר זיינען אָנגעקומען קיין באראנטען, האָב איך אויף דעם פּאסאזשיר פּלאטפאָרמע דערזעהען מ׳סיע בעסיער, דעם סטאנציאָן־מייסטער, וואָס האָט פון מיר איבערגענומען מיין שטעלע, און איך האָב איהם אַ רוף געטהון און מיר האָבען גערעדט אַ פּאָר ווערטער, און ער האָט זיך ארויפגעשטעלט אויף דעם טרעפּעל פון וואגאָן און מיר געדריקט די האנד... אַ יאַ, מיין טהייערע? מ׳קאָן רופען מ׳סיע בעסיער און איהם פרעגען, ער וועט דאָס אויך זאָגען.

סעווערינע, נאָך אַלץ בלייך און ווי פארשטיינערט, איהר דעליקאטער פּנים איינגעהוילט אין טרויער, — האָט אויך דאָס מאָל אונטערשטיצט די ווערטער פון איהר מאַן.

— יאַ, ער וועט דאָס אויך זאָגען.

און פון איצט אָן קאָן שוין קיין בעשולדיגונג קיין זינן ניט האָבען, כל זמן די רובאָס האָבען זיך ווידער ארויפגעזעצט אין רואן, אין זייער קופּע, און אין באראנטען האָט זיך מיט זיי געגריסט אַ פריינד. דער אָנבליק פון אַ חשד, וואָס רובאָ האָט געמיינט, אז ער זעהט ביי אלעמען אין די אויגען, איז מיט אמאָל אוועק; דערפאַר איז זייער פערוואונדערונג געוואָרען נאָך גרע־סער, די געשיכטע האָט גענומען ווערען אַלץ אַ גרעסערע און גרעסערע געהיימניס.

— הערט, — האָט זיך אָבגערופען דער קאָמיסאַר, — זייט

איהר זיכער, אַז אויף דער סטאַנציע אין רואַן האָט קיינער ניט געקאָנט אריין אין מ׳סיע גראַנמאָרען׳ס קופע, נאָך דעם ווי איהר זיינט אַוועק צו זיך אין וואַגאָן.

ס׳איז קענטיג געווען, אַז אַזאַ פראַגע האָט רובאַ ניט פאָר־אויסגעזעהען, און דאָס ערשטע מאָל אין דער גאַנצער צייט איז ער געוואָרען צומישט; קיין אָנגעגרייטען ענטפער האָט ער ניט געהאַט. ער האָט אַ בליק געטהון אויפ׳ן ווייב אונענטשלאָסען.

— אָה, איך דענק עס ניט.... מ׳האָט צוגעמאַכט די טיהרען, אַ פייף געטהון, און מיר האָבען קוים, קוים צייט געהאַט אריינ־צוכאַפּען זיך אין אונזען וואַגאָן.... און אַ חוץ דעם איז דאָס געווען אַ פּריוואַט קופע, האָט דאָך קיינער ניט געקאָנט אריינגעהן, — אַזוי דוכט זיך מיר....

זיין פרוי׳ס בלויע אויגען זיינען מיט אַמאָל אַזוי גרויס געוואָרען און האָבען זיך אַזוי אויסגעסטאַרטשעט, אַז ער האָט זיך דערשראָקען פאַר זיינע אייגענע רעד.

— און אפשר, — זיכער בין איך ניט, — האָט ער גע־וואָלט דרעהען צוריק, — אפשר האָט אימיצער דאָך געקאָנט אריין אַהין.... ס׳איז געווען אַזאַ שטופעניש.

און וואָס ווייטער ער האָט דערצעהלט, אַלץ דייטליכער איז איהם אין קאָפּ געוואָרען דער נייער תירוץ, און זיין שטימע איז געוואָרען קלאָהרער.

— איהר ווייסט דאָך אין האַוור האָט געזאָלט זיין דער גרוי־סער פעסט, און דער עולם איז געפאָהרען מאַסענווייז... מיר האָבען זיך פשוט געמוזט אַרומרייסען מיט פּאַסאַזשירען פון צווייטען און זאָגאַר פון דריטען קלאַס, זיי זאָלען זיך ניט אריינ־רייסען אין אונזער קופע.... און דערצו איז נאָך די סטאַנציע קנאַפּ וואָס בעלויכטען; מ׳האָט גאָרניט געקאָנט זעהען; מ׳האָט זיך געשטופט, מ׳האָט געשריען, און ס׳איז געווען אַ קאָך ביים אַרויספאָהרען.... און אויף מיין וואָרט, ווייסט איהר, ס׳קען דאָך אודאי זיין, אַז ניט געפינענדיג אַ פּלאַץ פאַר זיך אָדער זאָגאַר בע־נוצענדיג זיך מיט די שטופעניש, האָט זיך אימיצער אריינגעכאַפּט אין די קופע אין דער לעצטער מינוט.

און זיך וואונדערנדיג צו זיין פרוי האָט ער געזאָגט.

— ניין, אפשר, מיין טהייערע? ס'האָט דאָך אזוי גע־קאָנט זיין.

סעוועריגע, א צובראָכענע, האַלטענדיג דאָס טיכעל ביי די אויגען, האָט ווידערהאָלט:

— געוויס, ס'האָט אזוי געקאָנט זיין.

דאָס איז שוין געווען עפּיס א שטיקעלע אָנווייזונג. אָבער ניט דער קאָמיסאַר און ניט דער סטאַנציאָן־מייסטער האָבען ניט אַרויסגעזאָגט זייער געדאַנק. זיי האָבען זיך בלויז אָנגעקוקט מיט א בעדייטענדען בליק. צווישען עולם האָט זיך אויך דער־פיהלט עפּיס א ריהר; מ'האָט פאַרשטאַנען אז דערמיט איז די אונטערזוכונג דערוויילל געענדיגט; און יעדען האָט זיך גע־וועלט אַרויסזאָגען א מיינונג; און יעדער האָט געהאַט זיין ער־קלעהרונג, און פאַרשיעדענע מיינונגען האָבען גענומען אַרומגעהן אין עולם. אויף א שטיקעל צייט האָט מען, דאַכט זיך, גאָר פערגעסען אָן דער סטאַנציע, אַלע אָנגעשטעלטע זיינען געווען ביים וואַגאָן, פאַרטהון אין דער דראַמע. און אַלע זיינען געווען ערשטוינט, ווען אין וואָקזאַל האָט זיך אריינגערוקט דער צוג פון ניין אוהר אַכט־און־דרייסיג. מ'האָט גענומען לויפען, עפענען די וואַגאָנעס; און ס'איז ארויס א שטראָם פּאַסאַזשירען. די נייגעריגע זיינען, פון דעסטוועגען, געבליבען שטעהען אַרום דעם קאָמיסאַר, וועלכער, אַלס א מאַן, וואָס האָט ליעב גרויס פּינקט־ליכקייט, איז נאָך אמאָל אריין אין קופּע בעקוקען די פאַרבלי־בענע קישען.

פּעקע, וועלכער האָט געמאַכט מיט די הענד, רעדענדיג צו פילאָמענע און מאַדאַם לעבלע, האָט דערזעהען זיין מאַשיניסט, זשאַק לאַנטיע, וועלכער איז אַראָפּגעקראָכען פון דעם צוג און איז געבליבען שטעהן, בעטראַכטענדיג די פאַרזאַמעלטע. פּעקע האָט צו איהם געמאַכט מיט די הינד. אָבער יענער האָט זיך ניט גע־ריהרט. ענדליך האָט זשאַק זיך בעשלאָסען און איז צוגעגאַנגען.

— וואָס איז? — האָט ער געפרעגט זיין הייצער.

ער האָט ביי קיינעם ניט בעדאַרפט פרעגען, און ס'איז איהם

אין קאפ ניט געקראכען די אלע מעשיות וועגען דעם מארד און וואס מ'איז זיך דאביי משער. איהם האט גאר איבערראשט און שטארק אויפגערעגט, וואס ער איז דא אריינגעפאלען גלייך צו דער אונטערזוכונג און האט זיך ווידער אנגעשטויסען אויף די קופע, וואס האט איהם א שווינדעל געטהון פאר די אויגען, פארבייפליהענדיג אין די פינסטערניש. ער האט אויסגעשטרעקט דעם קאפ און א קוק געטהון אויף דעם שטיק צוגעקלעפטע בלוט אויפ'ן קישען; און ווידער האט ער פאר זיינע אויגען געזעהען די סצענע פון מארד און, ספעציעל, דערנאך, ביים טונעל, דעם מת, צולעגט לעבען די אייזענבאהן־ליניע, מיט דעם צושניטענעם האלז...

ער האט זיך אבגעקעהרט, און ער האט דערזעהען רובא'ן מיט דער פרוי. פעקע האט דערווייל ניט אויפגעהערט איהם צו דערצעהלען וואס דא האט זיך אבגעטהון, און מיט וואס די רובא'ס זיינען פארמישט אין דער געשיכטע, זייער ארויספאהרען פון פאריז אין דעם זעלבען צוג מיט דעם ערמארדעטען, און ווי דער אונגליקליכער האט מיט דעם פאר פאלק גערעדט א פאר ווערטער אין רואן. רובא'ן האט זשאק געקענט, און זינט ער פיהרט דעם האוור צוג, דריקען זיי זיך אפט די הענד. די פרוי האט ער געקענט פון וויטענס, און ווי אלע אנדערע פרויען, פלעגט ער זי אויך אויסמיידען איבער די שרעקליכע קליפה אין איהם. אבער איצט האט זי איהם גערירט מיט איהר געוויין און בלאסקייט, מיט די שטילע צושראקענהייט פון איהרע בלויע אויגען אונטער די מאססע שווארצע האר. ער האט פון איהר קיין אויג ניט אראפגעלאזט און האט זיך פארטראכט און איבער־ראשט האט ער זיך געפרעגט, ווי קומט זי אהער, ער און די רובאס, און ווי אזוי האבען די פאסירונגען זיי דא צונויפגע־פיהרט פאר די פארבלוטיגטע קופע, — זיי קומענדיג ערשט געב־טען פון פאריז, ער אקארשט אנקומענדיג אהער פון בארענטען.

— אה, כ'וויים, כ'וויים! — האט ער ארויסגעזאגט אין דער הויך, איבערשלאגענדיג דעם הייצער. — איך בין דאך דארט אליין געוועז, ביים טונעל, נעכטען ביי נאכט, און איך האב

דאכט זיך, עפּיס בעמערקט ווען דער צוג איז פאַרבייגעלאָפען.

ס׳איז געוואָרען אַ קאָך. מ׳האָט איהם אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטען. און ער אַליין איז דער ערשטער געוואָרען איבער־ראַשט און דערשראָקען פון זיינע אייגענע ווערטער. ער האָט געציטערט. ווער האָט איהם געשלעפּט פאַר׳ן צונג? ער אַליין האָט דאָך ביי זיך אָבגעמאַכט צו שווייגען. ער האָט אַזוי פיעל גוטע גרינדע ניט צו ריידען! און דאָך זיינען די ווערטער, גאָר אָהן זיין וויסען, איהם אַרויס פון מויל, ווען זיינע אויגען האָבען זיך פאַרקוקט אויף דער פרוי. זי האָט האַסטיג צוגענומען דאָס טיכעל פון איהרע פערווייינטע אויגען כדי זיי אָנצושטעלען אויף איהם. די אויגען זיינען ביי איהר געוואָרען נאָך גרעסער.

דער קאָמיסאַר האָט זיך האַסטיג צוגערוקט.

— וואָס? וואָס האָט איהר געזעהען?

און זשאַק, אונטער סעווערינע׳ס אָנגעשטרענגטען בליק, האָט דערצעהלט, וואָס ער האָט געזעהען: — דעם פאַרמאַכטען קופּע, בעלויכטען און פליהענד מיט די פולע שנעלקייט אין דער נאַכט, און דעם אָנבליק פון די געזיכטער פון די צוויי מענער, איינער אומגעוואָרפען און דער צווייטער מיט אַ מעסער אין דער האַנד.

שטעהענדיג לעבען ווייב האָט רובאָ זיך איינגעהערט, קוקענדיג אויף זשאַק׳ן מיט זיינע גרויסע, טאַנצענדיגע אויגען.

— קאָנט איהר, הייסט עס, דערקענען דעם מערדער? — האָט דער קאָמיסאַר געפרעגט.

— אָה, ניין; דאָס גלויב איך ניט.

— איז ער געגאַנגען אין אַ פּאַלטאָ אָדער אַ בלוזע?

— ווי קאָן איך עס אייך זאָגען? בערעכענט נור: אַ צוג געהט מיט די שנעלקייט פון אפשר אכציג קילאָמעטער!*) געה זעה!...

סעווערינע האָט, געגען איהר אייגענעם ווילען, אַ קוק געטהון צו רובאָ׳ן: און ער האָט נאָך געהאַט די גבורה צו זאָגען:

*) ביי אַ 75 ווערסט אַ שעה. — דער איבערזעצער.

— און ווירקליך, ווער האט עס גאר אזא שארף אויג ?

— ס'מאכט ניט, — האט מ'סיע קאש בעמערקט, — מיר האבען דא סאי ווי סאי וויכטיגע פאקטען. דער אונטערזוכונגס־ריכטער וועט אייך שוין העלפען קלאהרער ווערען אין דעם גאנצען פלאנטער.... מ'סיע לאנטיע און מ'סיע רובא, זאגט מיר ריכטיג ווי אייערע נעמען לייגען זיך אויס, מ'זאל אייך קאנען פינקטליך רופען אין געריכט אריין.

שוין, געענדיגט. דער נייגעריגער עולם איז זיך ביסלעכווייז צוגאנגען, און די געוועהנליכע ארבייט אויף דער סטאנציע איז זיך אוועק איהר גאנג. רובא האט זיך דער ערשטער גענומען צואיילען צום צוג, וועלכער געהט אפ ניין אוהר פונפציג ; אייניגע פאסאזשירען האבען שוין פארנומען זייערע פלעצער. ער האט זשאק'ן א שטארקען דרוק געטהון די האנד, — שטארקער ווי אלע מאל. זשאק'ן איז אויסגעקומען צו געהן מיט סעווערינע'ן ; פאר איהם זיינען געגאנגען מאדאם לעבלע, פילאמענע און פעקע, און האבען געהאלטען אין איין שושקען איינע צו די אנדערע ; זשאק האט גערעכענט, אז ער מוז אונטערפיהרען די יונגע פרוי איבער די גאנצע לענג פון די פלאטפארמע ביז די טרעפ פיר די אנגעשטעלטע ; וואס מיט איהר צו ריידען האט ער ניט געהאט ; ס'האט איהם אבער עפּיס געצויגען צו איהר, גלייך ווי צווישען זיי וואלט שוין געווען עפּיס א פערבינדונג.

דערווייל איז דער טאג געווארען אלץ פרעהליכער ; די העלע זון איז בייגעקומען דעם טומאן פון אין־דער־פריה און דער בלויער הימעל איז געווען קלאהר. און דער ווינט פון'ם ים, וועלכער האט זיך פארשטארקט זייט דעם צופלוס, האט אריינגעהויכט מיט א פרישקייט פון זאלץ.

ביים געזעגענען זיך מיט איהר, האט זשאק ווידער בעמערקט דעם בליק פון איהרע אויגען, — א שטילער, צושראקענער, בעטענדער בליק ; און ס'האט איהם גענומען טיעף פאר'ן הארצען.

ס'האט זיך דערהערט א לייכטער פייף ; רובא האט עס געגעבען דעם צוג דעם סיגנאל. דער לאקאמאטיוו האט געענטפערט מיט א געצויגענעם פייף, און דער צוג פון ניין אוהר

פונפציג האָט זיך אַ ריהר געטהון און איז אַוועק שנעלער און שנעלער און איז פערשוואונדען אין דער וויטענס, בליסטשענד אין די גילדערנע שטויב־שטראהלען פון דער זון.

.4

אויף דער צווייטער וואָך אין מאָנאַט מערץ האָט מ׳סיע דער־ציזעי, דער אונטערזוכונגס־ריכטער, ווידער צו זיך ארויסגערופען איניגע וויכטיגע עדות אין דעם מאָחד פון גראַנמאָרענ׳ען, זיי זאָלען קומען צו איהם אין קאַבינעט אין דער יוסטיץ־קאַמער פון רואַן.

דריי וואָכען שוין, זינט די גראַנמאָרען טראַגעדיע האָט אָנ־געמאַכט אַ שרעקליכען גערודער. ס׳האָט אויפגעריהרט רואַן, אויפגערייצט פּאַריז, און די אָפּאָזיציאָנס־צייטונגען, וועלכע האָ־בען אָנגעפיהרט אַ שטאַרקען וואַהל־קאַמפּף געגען די אימפּערסקע רעגיערונג, האָבען זיך דערמיט בענוצט ווי מיט אַ גוט שטיקעל געוועהר. די אַלגעמיינע וואהלען זיינען שוין געווען נאָהענט, און די גאַנצע פּאָליטיק איז געווען פול מיט זיי, און דאָס האָט דעם קאַמפּף געמאַכט נאָך היציגער. אין דעפּוטירטען קאמער זיינען פאָרגעקומען זעהר שטורמישע זיצונגען; ביי איינע האָט מען שטאַרק דעבאַטירט וועגען די רעכטע און פול־מאַכט פון די צוויי דעפּוטירטע צו די פּערזאָן פון קייזער אַליין; און ביי אַן אַנדער זיצונג האָט מען אַטאַקירט ביטערליך די פינאַנץ־פּער־וואַלטונג פון דעם פּרעפעקט פון סעין און געפּאָדערט די ער־וועהלונג פון אַ מוניציפּאַל־ראַטה. און דאָ נעהמט גאָט און שיקט זיי צו די גראַנמאָרען טראַגעדיע; די אַגיטאַציע איז שטאַרקער געוואָרען; קלאַנגען זיינען ארומגעגאַנגען די אויסערגעוועהנליכ־סטע; און די צייטונגען זיינען יעדען טאָג ארוים מיט נייע סברות, אָבער אַלע שעדליכע פיר די רעגיערונג. פון איין זייט האָט זיך געהערט, אַז דער ערמאָרדעטער, אַן אָפטער אריינגעהער אין די טיולעריע,*) אַן אַלטער מאַגיסטראַט־ריכטער, קאָמאַנדיר

*) דער פּאַלאַץ פון די פראַנצויזישע קעניגע אין דער מאַנאַרכישער פראַנקרייך. — דער איבערזעצער.

פון עהרען־לעגיאָן, און בעזיצער פון א פארמעגען, וואס האט די ווערטה מיליאָנען, איז גאר אין אמת'ן געווען א שמוציגער שאר־לאטאן; און פון דער אנדערער זייט האט מען בעהויפטעט, אז אזוי ווי די פאָרשונג האט דערוויל נאך צו גאָרניט געפיהרט, איז אין דעם קיינער ניט שולדיג ווי נור די פאָליציי אליין, צו־זאמען מיט די מאגיסטראטור־ריכטער. און מ'האט איינפאך חזק געמאכט פון דעם געהיימניספולען מערדער, וואס מען קאן גאָרניט אויפזוכען. אין די אלע אטאקעס איז טאקי געווען א שטיקעל אמת,— און דאס איז דער רעגיערונג געקראָכען טיעף אין דער ביינער.

און מ'סיע דעניזעי האט שוין גאר געפיהלט די שווערע פעראנטוואָרטליכקייט, וואס איז געלעגען אויף זיינע פלייצעס, און ער האט זיך נאך מעהר פארקאָכט דערפאר, וואס ער אליין איז געווען א מאן מיט אן אמביציאָן, און האט שוין לאנג גע־ווארט אויף אזא וויכטיגע פאָרשונג, אז ער זאָל קענען פאר דער וועלט ארויסווייזען דעם פולען גלאנץ פון זיין טיעפזיניגקייט און ענערגיע, וואס ער אליין זאגט, אז ער פארמאָגט. דער זוהן פון א נאָרמאנדישען בהמה־הענדלער, האט ער געענדיגט אלס יוריסט אין קאאן, און האט ערשט אין א צייט ארום בעקומען זיין פאסטען אין די מאגיסטראטור, און האט זיך מיט גרויס שווערינקייט ארויפגעארבייט, ווייל ער קומט ארויס פון דאָרף און ווייל זיין טאטע איז דערצו נאך אָרים געוואָרען. ער האט צוערשט גע־דיענט אין בערניי, דיעפ און האוור, און ערשט אין צעהן יאָהר האט ער זיך דערדיענט צום פאסטען פון קייזערליכען פראָקוראָר אין פאָן־אָדעמער. נאָך דעם איז ער אנגעקומען אין רואן אלס אסיסטענט־פראָקוראָר; אין פערלויף פון גאנצע אכטצעהן יאָהר איז ער געווען דער אונטערזוכונגס־ריכטער. און ער איז שוין אלט געוואָרען פונפציג יאָהר. ניט האָבענדיג קיין אייגענע פאר־מעגען, און מיט א חשק, וואס זיינע אָרימע פארדיענסטען האבען ניט געקענט בעפרידיגען, האט ער זיך אזוי פארבראכט די יאָהרען אין דער מאגיסטראטור מיט זיינע קליינע שבירות, — א קלאָגע־דיגע לאגע, מיט וועלכע עס קאָנען צופרידען בלייבען נור די אונ־

פעהיגע; די פעהיגע אָבער פער־שעלטען זיך די יאָהרען און ווארטען בלויז אויף די געלעגענהייט זיך צו פארקויפען. און ער האָט געהאט א שכל, און געקאָנט פערשטעהן, און איז געווען זאָגאר עהרליך, און האָט ליעב געהאט זיין פּראָפעסיאָן, און האָט אָנגעקוואָלען פון זיין פול־מאכט, וועלכע האָט איהם אין זיין געריכטס־קאמער געלאָזט געוועלטיגען איבער יענעמ'ס פרייהייט. בלויז זיינע אייגענע אינטערעסען האָבען איהם איינגעצוימט זיין ליידענשאפט; ער האָט אזוי שטארק געגארט צו בעקומען אַן אָרדען און אַ פּאָסטען אין פאריז, אז ער האָט זיך בלויז די ערשטע צייט ער־לויבט דעם פערגעניגען צו זוכען דעם הוילען אמת אין דיעזער מאָרד־געשיכטע; אָבער ער האָט שנעל דערפיהלט, אז ער קאָן דאָ אָנכאפּען אזא העכט, אז אין די גרויסע פענסטער וועט מען איהם דערפאר אפשר שוין קיין מאָל ניט לאָזען אויפהויבען דעם קאָפּ.

דער אמת איז, אז מ'סיע דעניזעי האָט בעצייטענס געקראָגען א וואונק פון דער הויך; נאָר גאָר ביים אָנהויב פון די אונ־טערזוכונג האָט איהם זיינער א פריינד געגעבען די עצה, ער זאָל זיך בעסער, איידען וואָס וועז, ווענדען אין פאריז צום יוסטיץ־מיניסטער. און אין פאריז האָט ער געהאט א לאַנגען געשפרעך מיט דעם גענעראל־סעקרעטער, מ'סיע קאמיע־לאַמאָט, — א וויכ־טיגע פערזענליכקייט, ביי וועמען אין די הענד עס ליעגען אלע גוטע און חויבע שטעלעס, און וועלכער שטעהט זאָגאר ניט ווייט פון דעם קייזערליכען האָף אין די טױלערי.

דער גענעראל סעקרעטאר איז געווען א שעהנער מענש; ער האָט אויך אָנגעפאנגען פון דער שטעלע פון אַן אסיסטענט פּראָ־קוראָר; אָבער זיין שעהנע פאמיליע און זיין ווייב האָבען זיך פאר איהם מטריח געווען און פאר איהם אויסגעבעטען דעם טיטול פון גרויס־בעאמטען פון עהרען־לעגיאָן און קייזערליכען דעפּוטאט. די מאָרד געשיכטע איז אליין פון זיך איהם געקומען צו די הענד. דער קייזערליכער פּראָקוראָר פון רואן האָט עפּיס דער־שמעקט, אז דאָ קען עפּיס שטעקען אין דעם מאָרד־פּראָצעס, וואו דער ערמאָרדעטער איז געווען אַן אַלטער ריכטער פון דער מאַגיסט־ראטור, און ער האָט זיך בעסער פריהער גוט אָנגעפרעגט ביים

מיניסטער אין פּאריז, און דער מיניסטער האָט דאָס נאַטירליך איבערגעגעבען זיין גענעראַל־סעקרעטער. און דאָ לאָזט זיך אויס אַזאַ מעשה: דאַרף מ'סיע קאַמיע־לאַמאַט זיין מיט דעם ער־מאָרדעטען גראַנמאָרען שול־חברים, אָבוואָהל דער הויפּט־ריכטער איז געווען עלטער פון איהם מיט עטליכע יאָהר, און זיי זיינען עד־היום געבליבען אַזוי נאָהענט בעפריינדעט, אַז דער גענעראַל־סעקרעטער האָט איהם זעהר גוט געקענט, — זאָגאר מיט אַלע זיינע חטאים. און ער האָט פון דעם טראַגישען טויט פון זיין פריינד געוואָרען מיט אַ טיעפע בעדויערונג, און ער האָט שטאַרק פיר מ'סיע דעניזעי אַרויסגעוויזען אַ הייסען וואונש אַז דער שול־דיגער זאָל געפּאַקט ווערען. אָבער ער האָט פון איהם אויך ניט געוואָלט פאַרבאָרגען דעם פאַקט, אַז אין די מיולעריע פיהלט מען זיך געקרענקט פון די צו ווילדע קלאַנגען, און ער וואָלט איהם געראַטען צו האָבען אַ ביסעלע טאַקט.

בקצור, דער אונטערזוכונגס־ריכטער דעניזעי האָט פער־שטאַנען, אַז איילען דאַרף מען זיך ניט, און אַז ס'איז אַ סך גלייכער גאָרניט אָנצוהויבען אָהן די צושטימונג פון אויבען. ער איז זאָגאר צוריק געקומען קיין רואן מיט דער זיכערהייט, אַז דער גענעראַל סעקרעטאַר האָט פון זיין זייט אויך אַרויסגעשיקט אייגענע אַגענטען זיי זאָלען פאַר איהם אויספאָרשען די זאַך. מ'האָט געוואָלט אויסגעפינען דעם ריכטיגען אמת, כדי איהם בעסער צו קאָנען פאַרבעהאַלטען, אויב ס'וועט זיין נויטיג.

דערווייל איז אַוועק אַ טאָג נאָך אַ טאָג, און מ'סיע דעניזעי, ניט קוקענדיג אויף זיין וואונש צו האָבען געדולד, איז געוואָרען אַלץ מעהר און מעהר געקרענקט פון די שטעך־ווערטלאַך פון די פּרעסע. אַ חוץ דעם האָט זיך אין איהם אויפגעכאַפּט דער שפּיאָנסקער אינסטינקט, וואָס שמעקט אַרום מיט דער נאָז, ווי אַ גוטער הונט. אין איהם האָט זיך צוברענט דער וואונש צו געפינען דעם ריכטיגען וועג, צו ערווערבען זיך דעם נאָמען, אַז ער איז געווען דער ערשטער דאָס צו דערשמעקען, און דערנאָך, אויב מען זאָל איהם אַזוי בעפעהלען פון אויבען, צו מאַכען אַ שוויג. און נאָך אַלץ וואַרטענדיג אויף אַ בריעף פון דעם מיניסטער,

אָדער אַ ראטה, אָדער בלויז אזוי עפּיס אַ צייכען, — און יענער האָט זיך אָבער ניט געאיילט צו שרייבען, — האָט ער זיך ערנסט גענומען צו דער אויספאָרשונג. צוויי, אָדער דריי ארעסטען האָט ער זאָגאר געהייסען מאכען, אָבער אויף גאנץ שוואכע בעווייזע און פּלוצלונג, לעזענדיג די צוואה פון הויפּט־ריכטער גראַנמאָרען, געפינט ער אַ בעשטעטיגונג פון אַ חשד, וואָס ער האָט געהאַט פון אָנהויב אָן: — די רובאָס קאָנען אודאי זיין שולדיג. אין דער צוואה זיינען געוועזן פערשיעדענע אונטערוואַרטעטע פּונקטען, און איינער אזא פּונקט איז געוועזן, אַז סעוועריגנע׳ן לאָזט ער איי־בער דאָס הויז און די לאַנד, וואָס רופט זיך קרוא־דע־מאָפּרא. מ׳סיע דעניזעי האָט שוין פון לאַנג געוואָלט דערגעהן דעם צוועק פון דעם מאָרד, און דאָ איז אַלעס מיט אמאָל געוואָרען קלאָהר: — די רובאָ׳ס האָבען געוואוסט פון דער צוואה און האָבען דער־הרג׳עט זייער וואָהלטהעטער, כדי איהם שנעלער צו קאָנען ירש׳ענען. און דאָס האָט זיך איהם געלעגט אויפ׳ן שכל נאָך מעהר דערפאר, וואָס מ׳סיע קאמיע־לאמאט האָט איהם דער־צעהלט עפּיס מאָדנע זאכען פון די מאדאם רובאָ, וועלכע ער האָט נאָך געקאָנט ווען זי האָט מיידעלווייז געוואָהנט ביים הויפּט־ריכטער גראַנמאָרען אין הויז. אָבער, דעם ריכטיגען אמת גע־זאָגט, ווי אונמעגליך דאָס קומט אָבער אויס פון אַ מאָראַלען און מאַטעריאַלען שטאַנדפּונקט! און וואָס מעהר ער האָט ווייטער געזוכט אין דעם זינען, אַלץ מעהר און מעהר האָט ער זיך אָנגע־שטויסען אויף פאַקטען, וועלכע האָבען איהם אין גאַנצען צוקלאַפּט זיין האָפנונג אויף אַ קלאַסיש־פיין־דורכגעפיהרטע געריכטס־אונ־טערזוכונג. און ווידער איז אַלץ טונקעל, — דאָס הויפּט צענטר ליכט, דער צוועק פון דעם מאָרד, וואָס זאָל אַלעס ערקלעהרען — דאָס פעהלט.

און מ׳סיע דעניזעי האָט געהאַט נאָך אַן אָנווייזונג, וועלכע ער האָט אויך פון זינען ניט ארויסגעלאָזט, — דאָס איז געוועזן רובאָ׳ס אייגענע בעמערקונג וועגען דעם מאַן, וועלכער האָט אין די שטופּעניש פאר׳ן ארויספאָהרען זיך געקאָנט אריינכאַפּען אין דער קופּע. דאָס מיינט מען דעם בעריהמטען לעגענדארי־

שען מערדער, וואָס קיינער קאָן ניט געפינען, און פון וואָס די אַלע אָפּאָזיציאָנס־צייטונגען מאַכען אַזוי פיעל שפּאַס. פריהער פאַר אַלעמען האָט דער אונטערזוכונגס־ריכטער געוואָלט אויסגע־פינען, ווי ער זעהט אויס, דער געהיימניספולער מאַן, וואָס האָט זיך אויפגעזעצט אין רואַן און האָט געמוזט ארונטערקריכען אין באַראַנטען. אָבער קיין געגויעס האָט ער ניט אויסגעפונען: איינינע עדות האָבען גאָר אין גאַנצען געלייקענט די מעגליכקייט, אַז אימיצער האָט זיך געקאָנט אריינגרייסען אין קופּע מיט געוואַלד; אַנדערע, ווידער, האָבען זיך איינע דעם אַנדערן ווי־דערשפּראָכען. און די אָנווייזונג וואָלט צו קיין גוטען ניט געפיהרט, ווען דער וועג־סיגנאַליסט, מיזאַר, וואָלט אַלס עדות ביי דער אונטערזוכונג זיך ניט אויסגערעדט וועגען די טראַגישע פּאַסירונג פון קאַביש און לואיזעט, — דאָס אונשולדיג קינד, וואָס דער הויפּט־ריכטער האָט פאַרגוואַלדעוועט, און וועלכע איז דערנאָך געקומען שטאַרבען צו איהר גוטען פריינד קאַביש. פאַר דעם אונטערזוכונגס־ריכטער איז דאָס געווען ווי אַ בליץ פון הימעל: אין אַ מאָמענט האָט ער ביי זיך אין געדאַנקען שוין געזעהען דעם קלאַסיש־אויסגעאַרבייטען בעשולדיגונגס־אַקט. אַלעס איז געווען ווי צוגעמאָסטען: — דער ביטערער כעס געגען דעם ערמאָרדעטען, וואָס דער שטיין־ברעכער האָט אויף איהם געהאַט, און אויך דאָס, וואָס קאַביש איז שוין איין מאָל געווען בעשולדיגט אין מאָרד, און זיין איצטיגער תירוץ, אַז ער האָט גאָר אויפ'ן באַהן ניט געקענט זיין אין יענער צייט, און דאָס ריכטיג צו בעווייזען האָט ער קיין מעגליכקייט ניט. און זייענדיג ספּעציעל ענערגיש, האָט דער אונטערזוכונגס־ריכטער געהייסען ארעסטירען קאַביש'ן, ביי נאַכט, אין דער שטיל, אין זיין שטיבעלע אין וואַלד, — אַ מין בעהעלטעניש פון אַ ווילדע חיה, — וואו מ'האָט טאַקי געפונען אַ פּאָאָר הויזען פאַרפלעקטע אין בלוט. און מ'סיע דעניזעי האָט שטאָלצירט און זיך געפרעהט, וואָס ער און ניט קיין אַנדערער האָט געהאַט די פיינע נאָז צו דערשמעקען, ווער ס'איז דער ריכטיגער מערדער. ער האָט זיך דאַביי אָבער ניט געלאָזט לייכט פערפיהרען פון זיין געדאַנק וועגען דעם שטיין־

ברעכער, און ער האָט נאָך אַלץ די רובאָ'ס ניט אויסגעלאָזט פון אויג. ער האָט געוואָלט זיין זיכער. און דערפאר האָט ער אין אַ געוויסען טאָג געלאָזט רופען צו זיך אין קאבינעט אייניגע עדות, וועלכע זיינען שוין פריהער אויסגעפרעגט געוואָרען, באַלד אויף מאָרגען נאָכ'ן מאָרד.

דער קאבינעט פון דעם אונטערזוכונגס־ריכטער איז געווען אין אַן אַלט, פאַרלאָזען הויז, אין דער גאס „זשאַן־ד'אַרק", וואָס איז מיט איין וואַנט צוגעשטאַנען צו דעם אַלטען פּאַלאַץ פון די אַמאָליגע נאָרמאַנדישע הערצאָגען, און וואו עס איז איצט געווען דער געריכטס־קאמער, וואָס האָט אַזוי מיאוס אויסגעזעהען איבער דער אַלטער חורבה לעבען זייט. דער קאבינעט איז געווען אַ גרויס צימער, אויפ'ן ערשטען עטאַזש, און די זונן האָט אַהין געקאָנט צו־קומען אַזוי ווענינ, אז אין ווינטער האָט מען שוין דריי אַ זייגער ביי טאָג געדארפט אָנצינדען אַ לאָמפּ. די ווענט זיינען געווען בעצויגען מיט אַלטע אָבגעקראָכענע, גרינע שפּאַליער; דאָס מע־בעל איז אין גאנצען בעשטאַנען בלויז פון צוויי געבעטע שטוה־לען, פיער ביינקלאָך, אַ קאָנטאָרקע פיר דעם אונטערזוכונגס־ריכטער, אַ טישעל פיר זיין סעקרעטאר; אַ זייגער פון שווארצען מאַרמעל־שטיין איז געשטאַנען אויפ'ן קאַמין צווישען צוויי בראָנ־זענע וואזעס. הינטער דער קאָנטאָרקע איז געווען אַ טיהר צו אַן אַנדער צימער, וואו דער ריכטער פלעגט אָפט בעהאַלטען די יעניגע פּערזאָנען, וועלכע ער האָט געוואָלט האָבען צו דער האנד ביים פערהער. און ביים הויפּט־אריינגאנג איז געווען אַ טיהר גלייך אין אַ גרויסען קאָרידאָר אריין, וואו עס זיינען געשטאַנען בענק און וואו עס האָבען געוואַרט די גערופענע עדות.

האַלב צוויי זיינען שוין דאָ געווען די רובאָס, אָבוואָהל גערופען האָט מען זיי בלויז אויף צוויי אַ זייגער. זיי זיינען גע־קומען צופאָהרען פון האווּר, און האָבען קוים זיך גענומען די צייט אָבצועסען ערגיץ אין אַ קליינעם רעסטאָראַן אין גראַנד־ריע. זיי זיינען ביידע געווען געקליידט אין שווארצען; ער אין אַ לאַנגען ראָק, זי אין אַ זיידען קלייד, ווי אַן אמת'ע דאמע; זיי האָבען אויסגעזעהען מיעד, ערנסט און טרויעריג, גלייך ווי ביי

זיי וואָלטען געשטאָרבען זייערע עלטערן. זי איז געזעסען אויף אַ באַנק און געשוויגען, און זיך ניט גערירט; און ער, פאַרלעגט די הענד פון הינטען, האָט זיך געהאַלטען אויף די פיס, לאַנגזאַם שפּאַנענדיג הין און צוריק פאַר איהרע אויגען. אַלע ווייל האָבען זיך זייערע בליקען בעגעגענט, און זייער פאַרבאָרגענע אַנגסט האָט ווי אַ שאָטען בעדעקט זייערע שווייגענדע געזיכטער. גראַנמאָרען'ס צוואה האָט זיי טאָקי דערפרעהט, און זיי אויך איבערגעשראָקען אין דער זעלבער צייט. דעם ערמאָרדעטען'ס יורשים — און ספּעציעל זיין טאָכטער — זיינען געוועזען אויפגעבראַכט, וואָס לויט דער צוואה איז כמעט אַ העלפט פון זיין גרויסען פערמעגען אָבגעזאָגט געוואָרען אויף פיעלע זייטיגע זאַכען, און זיי האָבען ברעה געהאַט פאָרצונעהמען די צוואה געריכטליך; און מאַדאַם דע־לאַשענע, געריייצט פון איהר מאַן, איז געוועזען ספּעציעל געגען איהר אַמאָליגע פריינדין, סעווערינע, אויף וועלכע זי האָט געהאַט זעהר געפעהרליכע חשד'ען. און דערצו איז נאָך רובאַ'ן אַרויף אויפ'ן געדאַנק אַ זאַך, וועלכע ער האָט פריהער גאָר אין זינען ניט געהאַט: דעם בריעף, וואָס ער האָט געצוואונגען זיין פרוי צו שרייבען צו גראַנמאָרענ'ען, אַז ער זאָל אַרויספאָהרען יענעם אָבענד, — דעם בריעף קאָן מען דאָך נאָך געפינען צווישען זיינע פּאַפּירען, אויב ער האָט איהם ניט פערברענט, און מ'קען נאָך דערקענען סעווערינע'ס האַנדשריפט. גליקליכערווייזע, איז אַוועק אַ טאָג און אַ טאָג, און פון קיין בריעף איז קיין שפּור ניטאָ, — מסתמא שוין אויף דער וועלט ניטאָ. אָבער ביי יעדען נייעם וויזיט צום אונטערזוכונגס־ריכטער, פלעגט עס זיי אַריינוואַרפען אין אַ קאַלטען שווייס, אָבוואָהל האַלטען האָבען זיי זיך געהאַלטען ריכטיג, ווי אמת'ע יורשים און עדות.

דער זייגער האָט געקלונגען צוויי, און זשאַק איז שוין אויף אָנגעקומען. ער איז געקומען פון פּאַריז, און רובאַ איז גלייך צו צו איהם און דערלאַנגט די האַנד זעהר פריינדליך.

— אָה, איהר אויך? איך שלעפּט מען אויך?... ס'אַ פערדרוס דאָס איז! און די גאַנצע טרויעריגע געשיכטע איז נאָך אָהן אַ' ענד'!

דערזעהענדיג סעווערינע'ן, וועלכע איז נאך אלץ געזעסען ווי א פארשטיינערטע, איז זשאק געבליבען שטעהן אויפ'ן ארט. צוויי וואכען שוין ווי רובא בעגעגענט איהם מיט אלערליי פריינדליכקייטען, ווען ער קומט נור אין האוור אלע צוויי טאג. איין מאל האט ער איהם איינגעלאדען צו זיך עסען פרישטאג, און זשאק האט געפיהלט, אז איהם כאפט אן א ציטער אין די אנוועזענהייט פון די יונגע פרוי, און ער האט זיך געשראקען. וועט ער דען אויך זי בעגערען? און דאס הארץ האט איהם געקלאפט, און ס'האט איהם געבריהט אין די הענד בלויז פון איין קוק אויף איין פאסעקעל ווייסע לייב, וואס האט זיך געזעהען ביי איהר האלז איבער'ן אויסגעשניטענעם קאלנער פון איהר קלייד. און ער האט ביי זיך פעסט בעשלאסען צו ווייכען פון איהר.

— און וואס רעדט מען עפיס וועגען דעם אין פאריז? — האט רובא געפרעגט; — קיין נייעס ניט, מין הסתם. ניין, ווי דען? אז מען ווייסט גארניט און מ'וועט גארניט וויסען.... אט איז מיין פרוי, גיט איהר אב איהר גאט־העלף.

ער האט איהם א ציה געטהון, און זשאק האט געמוזט צוגעהן צו סעווערינע'ן און זי בעגריסען; זי האט אויף איהם געקוקט מיט איהר שעמעוודיגען שמייכעל פון א דערשראקען קינד. זשאק האט זיך בעמיהט מיט איהר צו רעדען פון זייטיגע זאכען און דער מאן און די פרוי האבען פון איהם קיין אויג ניט אראפגענומען, גלייך ווי זיי וואלטען זיך בעמיהט איבערצולעזען זיינע פארבארגענע געדאנקען, זיינע אונדייטליכסטע חשד'ען, פאר וועלכע ער האט אליין זיך געשראקען. פאר וואס איז ער צו זיי אזוי קאלט? פאר וואס וויל ער, דאכט זיך, גאר ווייכען פון זיי? האט ער זיך אפשר דערמאנט, וואס ער האט דאן געזעהען? האט מען זיי היינט אפשר גאר גערופען צום אונטערזוכונגס־ריכטער, וויל מען זיי צונויפברענגען מיט זשאק'ן אויג אויף אויג? ער איז דער איינציגער עדות, פאר וועמען זיי שרעקען זיך; און זיי וואלטען איהם עפיס געוואלט אריבערציהען אויף זייער זייט, איהם צובינדען צו זיך מיט אזא נאהענטע

ברײנדשאַפט, אַז ער זאָל גאָר קײן מוטה ניט האָבען עדות צו־זאָגען געגען זײ.

רובאַ, אַ געפּלאַגטער, האָט זיך ניט געקענט אײנהאַלטען און ער האָט װיעדער פאַרפיהרט אַ געשפּרעך, און אַלץ דערפון.

— אפשר װײסט איהר פּאָרט, צו װאָס מען האָט אונז הײנט גערופען? אפשר איז פּאָרט דאָ עפּיס נײעס?

זשאַק האָט גלײכגילטיג אַ מאַך געטהון מיט דער האַנד.

— ס'איז עפּיס אַרומגעגאַנגען אַ קלאַנג אויף דער סטאַנציע, זוען איך בין אָנגעקומען. מ'רעדט פון אַן ארעסט.

די רובאַ'ס זײנען געװאָרען ערשטױנט, אױפגערעגט, דער־שראָקען. װי הײסט, אַן ארעסט? זײ האָבען פון קײנעם קײן אײנציגען װאָרט ניט געהערט. שוין אימיצען ארעסטירט, צי מ'װעט ערשט אימיצען ארעסטירען? זײ האָבען איהם באַ־װאָרפען מיט פראַגען, אָבער ענטפערן האָט ער זײ קנאַפּ געהאַט װאָס.

אין דיעזער מינוט האָט זיך אין קאָרידאָר דערהערט, אַז מען געהט. סעװערינע האָט זיך אומגעקוקט.

— אָט איז ברעטהאַ מיט איהר מאַן, — האָט זי ארויסגע־מורמעלט.

און װירקליך, דאָס זײנען טאַקי געװען די לאַשענע'ס. זײ זײנען זיך מיט גרויסקײט פאַרבײ געגאַנגען פאַר די רובאַ'ס; מאַדאַם לאַשענע האָט אפילו אַ קוק ניט געװאָלט טהון אויף איהר געװעזענע חבר'טע.

און אַ דינער האָט זײ בײדען גלײך אַרײנגעפיהרט צום אונ־טערזוכונגס־ריכטער אין קאַבינעט.

— אַך, װאָס מאַכט דאָס אויס? — האָט רובאַ געזאָגט, — מיר מוזען האָבען געדולד. מיר װאַרטען שוין גוטע צװײ שעה... זעצט זיך דאָך!

און ער האָט זיך אַלײן אַנידערגעזעצט נעבען סעװערינע'ן, בײ דער לינקער זײט, און מיט אַ צײכען פון דער האַנד האָט ער זשאַק'ן אײנגעלאַדען זיך זעצען נעבען איהר אויף דער רעכ־טער זײט. אָבער זשאַק איז געבליבען אַ סעקונדע נאָך אַלץ געשטאַ־

נען. אָבער אַז ער האָט בעמערקט אויף זיך איהר שטילען, שרעק־קעדיגען בליק, האָט ער זיך צוגעזעצט אויף דער באַנק. צווישען די צוויי מענער האָט זי אויסגעזעהען אַזוי שוואַך! אויף זשאַק'ן האָט זי געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ געהאַרכזאַמע צערטליכע פרוי, און איהר שטילע וואָרימקייט האָט איהם אין דער צייט פון זייער לאַנגען וואַרטען פּאַמעלאַך אין גאַנצען איינגעהילט.

ביי מ'סיע דעניזעי אין קאַבינעט האָט מען זיך שוין גע־קאָנט נעמען צו די אונטערזוכונג.

דערהוויַיל האָט זיך שוין אָנגעזאַמעלט אַ מאַסע מאַטעריאַל, פאַרשריבען אויף עטליכע בינטעלאַך פּאַפּיער, וואָס זיינען געווען צונויפגעבונדען מיט בלויע בענדער. מ'האָט אַלץ געוואָלט נאָכ־שפּירען דעם ערמאָרדעטען פון דער מינוט אָן, ווען ער איז ארויס־געפאָהרען פון פּאַריז. מ'סיע וואַנדאָרף, דער סטאַנציאָן־מייס־טער, האָט אַלעם ריכטיג דערצעהלט, ווי דער שנעל־צוג איז ארויס־געפאָהרען זעקס אוהר דרייסיג, ווי מ'האָט אין דער לעצטער מי־נוט ערשט צוגעקעטעלט דעם וואַגאָן מיט'ן נומער 293, ווי ער האָט מיט רובאָ'ן גערעדט אַ פּאָר ווערטער, און רובאָ איז אריין צו זיך אין וואַגאָן אביסעל פריהער ווי דער הויפּט־ריכטער איז אָנגעקומען, און ענדליך, ווי גראַנמאָרען איז אריין צו זיך אין קופּע, איינער אליין; — קיינער איז דאָרט פּאָזיטיוו ניט געווען. נאָך איהם האָט מען אויסגעהערט דעם קאָנדוקטאָר, האַנרי דאַ־ווערן, צי ער ווייסט עפּעס דערפון, וואָס האָט פּאַסירט אין די צעהן מינוט, וואָס דער צוג שטעהט אין רואַן. האָט ער אָבער געענטפערט, אַז ער ווייסט גאָרניט פּאָזיטיוו. ער האָט געזעהען ווי רובאָ האָט גערעדט מיט דער פרוי, נעבען זייער קופּע; ער געדענקט אויך גאַנץ גוט, אַז זיי זיינען אריין צוריק צו זיך אין וואַגאָן, און דער אויפּפּאַסער האָט זאָגאַר צוגעמאַכט דאָס טירעל; אָבער זיכער איז ער ניט, ווייל אויף דער סטאַנציע איז געווען אַזאַ שטופּעניש און אַזוי פינסטער! און אַז מ'האָט איהם געפרעגט, צי עס איז מעגליך געווען, אַז אין דעם מאָמענט, ווען דער צוג האָט שוין גענומען געהן, זאָל אַ מאַן, — דער בעריהמטער גע־היימניספולער מערדער, — זיך קאָנען אריינכאַפּען אין קופּע,

האָט ער ערקלעהרט, אז מעגליך איז אפשר יא, אָבער ניט וואהר־שיינליך; דאָך האָט שוין אזוינס פּאסירט אויף דער סטאנציע צוויי מאָל, ווי ער געדענקט. די אנדערע בעשעפטיגטע אויף דער סטאנציע אין רואן, האָבען אויף די פראגעס וועגען די זעלבע פונקטען געגעבען אזוינע צומישטע ענטפערס, וואָס איינער האָט ווידערשפּראָכען דעם אנדערען, און אנשטאָט אריינצוברענגען מעהר ליכט, האָבען זיי דעם פּלאָנטער נאָך מעהר פארדרעהט. בלויז איין פּונקט איז דאָ דערוויזען געוואָרען גאנץ קלאָר, און נעמליך, דער פאקט, אז רובאָ, זייענדיג אין וואגאָן, האָט געדריקט די האנד פון דעם באראנטענער סטאנציאָן־מייסטער, וועלכער איז געשטאנען אויפ'ן טרעפּעל; און דער סטאנציאָן־מייסטער, מ'סיע בעסיער, האָט אויפ'ן פארהער אליין געזאָגט, אז ס'איז טאַקי אזוי געווען, און ער האָט נאָך צוגעלעגט, אז זיין קאָלעגע איז געווען איינער אליין מיט זיין פרוי, און זי איז געזעסען אויף די געבעטע באנק פון וואגאָן האלב־ליגענדיג, ווי א מענש וואָס כאפּט א דרעמעל.

א חוץ דעם האָט מען אויפגעזוכט זאָגאר די פּאסאזשירען, וועלכע זיינען ארויסגעפאָהרען פון פאריז אין דעם זעלבען וואגאָן מיט די רובאָס. די דיקע דאמע און דיקער הערר זיינען אָנגע־קומען צו שפּעט, אין דעה לעצטער מינוט; זיי זיינען בעל־הבתים פון פּטי־קוראָן, און האָבען ערקלעהרט, אז זיי זיינען גלייך אנשלאָפען געוואָרען און וויסען גאָרניט; די דאמע, ווי־דער, אין שווארצען, וועלכע איז זיך געזעסען אין איהר ווינקעל ווי א שטומע, איז עפּיס ווי א שאָטען צונישט געוואָרען, און מ'האָט זי בשום אופן ניט געקאָנט אָבזוכען. אויסער זיי, האָט מען גערופען נאָך עדות, — שוין דאָס קליינוואָרג, — וועלכע האָבען בלויז געהאָלפען ריכטיג אויסגעפינען די פּאסאזשירען, וואָס זיינען אראָבגעקראָכען אין באראנטען, ווייל דער אונבע־קאנטער האָט דאָך געמוזט אראָפּקריכען אויף דער סטאנציע; מ'האָט נאָכגעצעהלט אלע בילעטען, אָבגעזוכט און אויסגערע־בענט אלע פּאסאזשירען, א חוץ איינעם, א הויכען חברה־מאן, דער קאָפּ ארומגעבונדען מיט א בלויע טיכעל; איניגע האָבען

געזאָגט אַז ער איז געווען אָנגעטהון אין אַ פּאַלטאָ, און איניגע, — אַז נור אין אַ בלוזע; וועגען דעם איין מאַן, וואָס איז אוועק ווי אַ חלום, זיינען אָבגעגעבען געוואָרען דריי הונדערט מיט צעהן ערקלעהרונגען, וועלכע האָבען זיך אַזוי ווידערשפּראָכען, אַז זיי האָבען זיך איינע די אַנדערע גאָר אין גאַנצען מבטל געווען.

אַ חוץ דעם איז דאָ געווען נאָך אַ פּלאָנטער מיט די געריכטילכע פּאַפּירען. ערשטענס, דער פּראָטאָקאָל, וואָס איז אָנגעשריבען געוואָרען פון דעם סעקרעטער, וואָס דער קעניגליכער פּראָקוראָר און דער אונטערזוכונגס־ריכטער האָבען מיט זיך געבראַכט צום אָרט פון דעם פאַרברעכען; אין דעם פּראָטאָקאָל זיינען מיט איינצעלהייטען געווען בעשריבען די אייזענבאהן־לעניע, וואו מען האָט געפונען דעם קערפּער, ווי אַזוי דער גע־הרג'עטער איז דאָרט געלעגען, און ווי ער איז געווען אָנגעטהון, און וואָס מען האָט ביי איהם געפונען אין די קעשענעס, און ווי אַזוי מ'האָט דערפון פערשטאַנען ווער ער איז; און צווייטענס, קומט דער פּראָטאָקאָל פון דעם דאָקטאָר, וועלכען מ'האָט אויך אַהין געבראַכט; דאָ ווערט מיט ווישענשאַפטליכע ווערטער בעשריבען מיט אַלע איינצעלהייטען די וואונד אין האַלז, די איינציגע וואונד, — אַ מורא'דיגער שניט וואָס איז געמאַכט געוואָרען מיט אַ שאַרפען אינסטרומענט, — אַ מעסער, אָהן צווייפעל; און דריטענס זיינען געווען נאָך אַנדערע פּראָטאָקאָלען און נאָך אַנדערע דאָקומענטען, ווי מ'האָט דעם טויטען קערפּער געבראַכט צופיהרען קיין רואַן אין אַ שפּיטאָל, און ווי לאַנג ער איז דאָרט געלעגען, ביז ער האָט אָנגעהויבען צו פוילען מערקווירדיג שנעל, און מען האָט איהם געמוזט אָבגעבען זיינע קרובים. און אין דעם גאַנצען באַרג פּאַפּירען און שרייבאַכץ איז געווען בלויז אַ פּאָר ריכטיגע פּונקטען. ערשטענס, האָט מען ביי דעם ערמאָרדעטען אין די קעשענעס ניט געפונען זיין זייגערעל און ניט זיין קליינעם פּאָרטפעל, אין וועלכען עס זיינען געווען צעהן־באַנקבילעטען צו טויזענד פראַנק יעדער, — וואָס דער הויפּט־ריכטער גראַנמאָרען איז שולדיג געווען זיין שוועסטער, מאַדאַם באָנעהאָז, וועלכע האָט געוואָרט אויף די סומע געלד. ס'האָט זאָגאר אויס־

געזעהען, אז דער מארד איז בעגאנגען געווארען צוליעב רויב; איז אבער ביים טויטען אויפ'ן פינגער געווען א רינגעלע מיט א גרויסען בריליאנט, און דאס האט מען ניט געריהרט. און דערפון האט מען זיך גענומען ווייטער מאכען א גאנצען ים סברות. צום אונגליק, האט מען די נומערען פון די באנק־בילעטען ניט געוואוסט; אבער דיין זייגערעל האט מען גוט געקאנט; דאס איז געווען זעהר א גרויסער זייגער, מיט א רעמאנטואר, מיט דעם הויפט־דיכטער'ס איניציאלען אויסגעקריצט ווי א מאנאגראם אויפ'ן דעקעל, מיט'ן נומער פון דער פאבריק אויפ'ן ווערק, — נומער 2516. און ענדליך דאס געוועהר, וואס דער מערדער האט בענוצט, דאס מעסער, האט מען אין ערגעץ ניט געפונען, אבוואהל געזוכט האט מען אין דער ברייט און אין דער לענג, אויף דער באהן־ליניע, צווישען די קוסטעס, ארום און ארום, אין די פעלדער און אומעטום, וואו דער מערדער האט דאס נור געקאנט אוועקווארפען; דער מערדער האט דאס מעסער, געוויס, געמוזט פארבעהאלטען ערגיץ אין א לאך צוזאמען מיט'ן זייגערעל און מיט די באנק־בילעטען. מ'האט בלויז געפונען, א הונדערט מעטער פאר דער בארענטענער סטאנציע, דעם רייזע־שאל פון דעם גע'הרג'עטען, וואס דער מערדער האט אוועקגעווארפען, ווייל דאס וואלט שוין געווען צו א געפעהרליכער סימן; דער רייזע־שאל איז געווען פארשריבען אלס איינער פון די דערוויזענדע זאכען.

אז מ'סיע לאשענע מיט דער פרוי זיינען אריינגעקומען, איז מ'סיע דעניזעי געשטאנען ביי זיין קאנטארקע און האט איבערגעקוקט די ערשטע ערקלעהרונגען פון דעם עדות, וואס זיין סעקרעטער האט פאר איהם אקערשט אויפגעזוכט אין די פאפירען. דער אונטערזוכונגס־ריכטער איז געווען א קליין מענשעל און א דיקינקער, אין גאנצען ראזירט און שוין אביסעל גרוי. זיינע גראבע באקען זיינע געווען בלאס, און האבען קיין מינע קיין מאל ניט געוויזען, און אויך אזוי זיינען געווען זיינע שווערע אויגען־הייטלאך, וועלכע האבען שטענדיג האלב־פארמאכט זיינע גרויסע, ליכטיגע אויגען. אבער זיין גאנצע פלינקייט און פארשטענדליכ־

קייט, וואָס ער אַליין האָט געגלויבט אַז ער פאַרמאָגט, האָט זיך ספּעציעל דייטליך ארויסגעוויזען בלויז אין זיינע ליפּען, — די ליפּען פון אַן אַקטיאָר, וואָס קאָנען אויסדריקען די געפיהלע, וואָס מען בעשטעלט, — אונגעהייער בעוועגליכע ליפּען, וועלכע פלעגען זיך צוזאַמען ציהען, ווען דער מאַן פלעגט דערשמעקען עפּיס בעזאָנדערעס. מ׳סיע דעניזעי איז אָבער צו זיין אונגליק געווען צו איבערגעשפּיצט, און דאָס פלעגט איהם אָפט בעגראָבען; ער פלעגט שטענדיג וועלען אריינגאַרען דעם געזונטען פערשטאַנד אין דעם פּשוט׳ען אמת, און זיין אידעאַל איז געווען צו מאַכען פון זיין מלאכה אַ מין אַנאַטאָמיע פון דער נשמה, אַ מין ווייטען בליק ווי ביי אַ נביא, וואָס קען דאָס הארץ. און דאָך קיין נאַר איז ער ניט געווען.

מ׳סיע דעניזעי האָט ארויסגעוויזען אַ סך העפליכקייט צו מאַדאַם לאַשענע, ווייל ער איז אויך געווען דער וועלט־מענש פון דער מאַגיסטראַטור, וועלכער פלעגט זיין אַן אָפטער אריינגעהער אין די געזעלשאַפט פון רואַן און אומגעגענד.

— מאַדאַם, ביטע, זעצט זיך!

און ער האָט איהר אַליין צוגערוקט אַ שטוהל. זי איז געווען אַ יונגע פרוי, אַ בלאָנדינקע, אַ דאַרע, ניט קיין סימפּאַטישע און ניט קיין שעהנע; זי איז געגאַנגען אין טרויער. אָבער מיט דעם מ׳סיע דע־לאַשענע איז ער געווען בלויז העפליך, זאָגאַר קאַלט; דע־לאַשענע איז אויך אַ בלאָנדין; ער איז אַ קרענקליכער און אַ נידעריגער. צו זעקס און דרייסיג יאָהר, איז ער שוין געווען אַ מיטגליעד פון געריכטס־ראַטה און האָט שוין געהאַט אַן אָרדען; אָבער געקומען איז דאָס איהם נור צוליעב דעם איינפלוס פון זיין שווער און די פערדיענסטען פון זיין טאַטען, וועלכער איז אויך געווען אַ מאַגיסטראַט און איז דער רעגיערונג צוניץ געקומען אין פערשיעדענע זאַכען; און דערפאַר איז ביי דעם אונטערזוך־ונגס־ריכטער דעניזעי אין די אויגען דע־לאַשענע געווען בלויז אַ ביישפּיעל פון די בעאַמטע, אָהן אייגענע פעהיגקייט און שטאַרק בלויז מיט די גרויסע רעקאָמענדאַציעס אָדער זייער עשירות, — אונפעהיגע חברה, וועלכע רוקען זיך אַרויס בלויז צוליעב זייערע

מאטעם און זייער פארמעגען. אבער ער, פון ארימען שטאנד, אהן פראטעקציע, האט נעבאך אימער און שטענדיג געמוזט בויגען דעם רוקען, ווי איינער וואס קייקעלט א שטיין בארג־ארויף. און דעניזעי האט שוין גאר געוואלט ווייזען דעם מ'סיע דע־לאשענע זיין גוואלדיגע מאכט ביי זיך אין קאבינעט, זיין פולע דעה, וואס ער האט איבער יענעמס פרייהייט, זאגאר אויף אזוי פיעל, אז איין ווארט זיינער איז גענוג צו פערוואנדלען אן עדות אין א בעשולדיגטען און איהם הייסען ארעסטירען, אויב איהם, דעניזעי'ן, זאל נור אנקומען אזא פאנטאזיע.

— ענטשולדיגט מיר, מאדאם, — האט דער אונטערזוכונגס־ריכטער פארטגעזעצט, — איהר וועט מיר ענטשולדיגען וואס איך דארף אייך נאך ווייטער פלאגען מיט דיעזער טרויעריגער פאַ־סירונג. איך בין זיכער, אז איהר זיינט אויך אזוי גערן, ווי מיר, קלאהר צו מאכען די גאנצע טראגעדיע, אז דער שולדיגער זאל בעצאהלען פאר זיין פערברעכען.

ער האט א וואונק געטהון צו זיין סעקרעטאר, א הויכען יונגען מאן, א דארען און א געלען, און די אונטערזוכונג האט זיך אנגעפאנגען.

אבער פון די ערשטע פאר פראגען, וואס מ'האט געשטעלט זיין פרוי, האט מ'סיע דע־לאשענע זיך געוואלט אריינמישען. ער האט געוואָרט מען זאל איהם דערלאנגען א שטוהל, און האט געמוזט זיך עס אליין נעמען. ער האט אויסדערצעהלט זיין ביטער הארץ געגען זיין שווער'ס צוואה. קאן מען דאס בעגרייפען? גענומען און אבגעשריבען אויף אלערליי זאכען כמעט א העלפט פון זיין פארמעגען, — א פערמעגען פון דריי מיליאן זיעבען־הונדערט טויזענד פראנק! און פיר וועמען? פיר פערזאנען וואס קיינער קאן אפילו ניט, און פיר אלערליי פרויען! זאגאר עפיס א בלומען־הענדלערקע, וואס פארקויפט פיאלקעס אונטער א טויער אין דער גאס דע ראשער — זי האט ער אויך ניט פארגעסען אין זיין צוואה! דאס געהט ניט! ער, מ'סיע דע־לאשענע, ווארט נור, אז די קרימינאל אונטערזוכונג זאל זיך ענדיגען, און

דאן וועט ער שוין געפינען א מיטעל ווי צו קאסירען אזא אונ־מאראלישע צואה!

און ער האט דאס אלעס ארויסגערעדט מיט צונויפגעפרעס־טע צייהנער, ארויסווייזענדיג ס'א גרויסער נאר ער איז, און א פראווינציאל, און א לייזענשאפטליכער עקשן, און א קארגער. און מ'סיע דעניזעי האט האלב־פארמאכט זיינע קלאהרע אויגען, און האט איהם בעטראכט, דעם נפש, און זיינע ליפען האבען אויסגעדריקט פעראכטונג און קנאה צו דיזען טויגעניכטס, וואס צוויי מיליאן קאנען ניט בעפרידיגען, און וועלכער וועט אמאל נאך טראגען די פורפורנע ריכטער קליידער, אלץ צוליעב זיין געלד.

— מיר שיינט, מיין הערר, — האט ער ענדליך געזאגט, — אז איהר האט א טעות. די צואה קאן מען ניט ערקלעהרען ניט גילטיג, סיידען ווען מעהר ווי א העלפט פון דעם פארמעגען איז אזוי צוטהיילט געווארען. אבער דאס איז דא ניט דער פאל.

און ווענדענדיג זיך צו זיין סעקרעטער, האט ער געפרעגט:

— זאגט נור, לאראן, איהר האט די אלע רעדעריי ניט פארשריבען, האף איך.

לאראן האט דערויף א לייכטען שמייכעל געטהון, ווי איי־נער וואס פארשטעהט אן עסק.

— אבער, איך האף דאך, — האט מ'סיע דע־לאשענע גע־ענטפערט מיט ביטערקייט, — אז קיינעם וועט דאך עס, ענדליך, ניט קומען אויפ'ן זינען, אז איך וועל די רובא'ס לאזען האבען קרוא־דע־מאפרא. אזא פרעזענט צו דער טאכטער פון א משרת! פאר ווען? פאר וואס? און ווען עס זאל זיך דערצו נאך ארויס־ווייזען, אז זיי האבען זיך בעטהייליגט אין דעם פארברעכען....

מ'סיע דעניזעי האט זיך ווידער גענומען צו דער אונטער־זוכונג.

— ווירקליך? איז דאס אייער מיינונג?

— ווי דען? אויב זיי האבען נור געוואוסט פון דער צואה, זיינען זיי דאך געווען פאראינטערעסירט אין דעם טויט פון'ם שווער, נעבאך.... מערקט אויף, צווישען אונז גערעדט, אז זיי

זיינען געוועזן די לעצטע פערזאָנען, וואָס האָבען מיט איהם גע־רעדט.... און יעדענפאַלס וועט דאָס עפּיס אויס גאָר ניט גלאַט.

דאָס האָט אַביסעל צוקלאַפּט דעם אונטערזוכונגס־ריכטער'ס נייע היפּאָטהעזע, און אונגעדולדיג, האָט ער זיך געווענדעט צו בערטהאַ'ן.

— און איהר, מאדאם, האַלט איהר אייער אַמאָליגע פריינ־דין פעהיג צו בעגעהן אזאַ פערברעכען?

איידער איהם צו ענטפערען, האָט זי פריהער אַ קוק געטהון אויפ'ן מאַן. אין די עטליכע מאָנאַט פון זייער פארהייראטען לעבען האָבען זיי זיך געגענזייטיג איבערגעגעבען זייער שלעכט־קייט פון באַראַקטער און האַרט־הערציגקייט, און זיי זיינען נאָך געוואָרען ערגער. איינער דעם אַנדערען האָט נאָך מעהר פאַר־דאָרבען; און דער מאַן האָט בערטהאַ'ן אַזוי אָנגערייצט אויף סעווערינע'ן, אז זי וואָלט זי בדאי באַלד געהייסען איינזעצען, אבי נור צוריק צו קריגען דאָס הויז.

— מיין גאָט, מיין הערר, — האָט זי ענדליך געזאָגט, — פון וועמען רעדט איהר דאָ? זי איז שוין געוועזן אַ שלעכטע, ווען זי איז נאָך געוועזן אַ קינד.

— אַזוי גאָר? איהר בעשולדיגט זי, אַלזאָ, אז זי האָט זיך שלעכט אויפגעפיהרט נאָך אין דואַנוויל?

— אָה, ניין, מיין הערר! מיין פאַטער וואָלט דאָס ניט געדולדעט.

און אין איהר אויסגעשריי האָט זיך דערפיהלט דער פּראָ־טעסט פון די ציערליך־מאַניערליכע צדקניות, פון דער פרומער בורזשואַזקע, וועלכע האָט קיין מאָל ניט געזינדיגט, און שטאָל־צירט דערמיט, וואָס זי איז איינע פון די ערשטע צנועות אין רואַן און ווערט איבעראַל אויפגענומען און רעספּעקטירט.

— אָבער, — האָט זי ווייטער געזאָגט, — ווען מ'האָט די געוואָהנהייטען פון לייכטזיניגקייט און צולאָזענהייט.... און ענד־ליך, מיין הערר, פיעלע זאַכען האָב איך אַמאָל געהאַלטען פאַר אונמעגליך, און היינט צו טאָג קומען זיי ביי מיר אויס גאַנץ מעגליך....

און מ׳סיע דעניזעי האָט ווידער אַמאָל ארויסגעוויזען אַ מינע פון אונגעדולדיגקייט. איצט איז איהם אין זינען ניט געלעגען נאָכצופאָרשען די רובאָ׳ס, און יעדער איינער וואָס האָט איהם געוואָלט פיהרען אויף דעם וועג, איז דערמיט אליין געווען זיין געגנער, וואָס צווייפעלט אין זיין גרויסע טיעפזיניגקייט.

— מען מוז דאָך דאָס אָבער קאָנען בערעכענען, — האָט ער אויסגעשריען. — מענשען ווי רובאָ הרג׳ענען ניט אזא מאָן ווי אייער פאָטער, כדי גיכער ארויסצוקריגען די ירושה.... וואָלטען מיר כאָטש געהאַט עפּיס אַן אָנווייזונג, אַז ער האָט זיך געאיילט, וואָלט איך שוין געפונען גענוג שפּורען פון זייער דורשט צו באזיצען און בענוצען דאָס אייגענטהום. ניין, דער מאָטיוו איז ניט געניגענד... דאָ מוז מען האָבען עפּיס אַן אנדער צוועק צו בעגעהן דעם מאָרד, — און מיר זעהען איהם ניט, און איהר אליין קאָנט דאָס אונז אויך ניט אָנווייזען. און ענדליך, בעטראַכט נור די פאַקטען; זעהט איהר דען אליין ניט די מאַטעריעלע אונמעגליכקייט דערפון?.... קיינער האָט רובאָ׳ן ניט געזעהען ארייגעהן אין קופּע; איינער פון די אָנגעשטעלטע פערזיכערט אונז זאָגאר, אַז די רובאָ׳ס זיינען אריין צוריק אין זייער וואַגאָן. און אין באַראַנטען זיינען זיי אין זייער אייגענע קופּע זיכער געווען, — מוזען מיר, הייסט עס, דענקען, אַז זיי זיינען אריבערגעגאנגען פון זייער וואַגאָן אין דעם וואַגאָן פון דעם הויפּטריכטער, וואָס איז געווען פון זיי דריי וואַגאָנעם ווייט, בלויז אין די עטליכע מינוט צווישען די סטאַנציעס, און דער צוג איז געפלויגען מיט דער גרעסטער שנעלקייט. לעגט זיך אייך דאָס אויפ׳ן שכל? איך האָב אויסגעפרעגט די מאַשיניסטען, די קאָנדוקטאָרען, און אלע ביז איינעם האָבען מיר ערקלעהרט, אַז נור אַ געניטער מענש וואָלט אזא זאַך געקאָנט טהון, אי דאָס ווען ער איז זעהר ענערגיש און זעהר קאַלטבלוטיג.... די פרוי רובאָ, אלזאָ, האָט דאָס פּאָזיטיוו ניט געקאָנט בעווייזען. מצא האָט דער מאָן געמוזט ריזיקירען איינער אליין.... און צו וואָס? צו הרג׳ענען זייער וואָהלטהעטער, וועלכער האָט זיי נאָר וואָס ארויסגעשלעפּט פון אַ צרה?.... ניין, ניין; בשום אופן ניט!

אייער היפּאָטהעזע האַלט ניט אויס די מינדעסטע פּראָבע: מען מוז זוכען עפּיס אַנדערש... זעהט איהר: — ווען א מאַן וואָלט זיך אַרויסגעזעצט אין רואַן און וואָלט אַראָבגעקראָכען ביי דער ערשטער סטאַנציע, — א מאַן, וואָס האָט ערשט ניט לאַנג פאַר דעם געשוואָרען צו הרג'ענען....

און מ'סיע דעניזעי האָט זיך צולאַזט... ער האָט זיך ווידער אָנגעכאַפּט אָן זיין נייע מיינונג, און וואָלט אפשר אָנגערעדט מעהר ווי מען דאַרף..... האָט זיך אָבער פּלוצים געעפענט די טיהר און דער דיענער האָט אריינגעשטעקט דעם קאָפּ. אָבער מעלדען האָט ער נאָך קיינעם ניט געקאָנט, ווייל אין דער זעלבער מינוט האָט זיך בעוויזען א האַנד, איינגעצויגען אין א הענדשקע, און די טיהר האָט זיך מיט אמאָל אָן עפען געטהון. אין צימער איז אריין א דאַמע, א בלאָנדינקע, אין זעהר עלעגאַנטע טרויער־קליידער, נאָך א שעהנע, ניט קוקענדיג אויף איהרע פונפציג און מעהר יאָהר, א הויכע און פולע, אקוראַט ווי א געטין, וואָס עלטערט זיך.

— דאָס בין איך, מיין טייערער הערר ריכטער, — האָט זי געזאָגט, — כ'האָב זיך אביסעל פארזאמט, אָבער איהר וועט דאָך מיר ענטשולדיגען, ניט וואהר? דער וועג איז איינפאַך אונמעגליך. די דריי ליעגעס פון דואַנוויל ביז רואַן זיינען היינט ווי אָן אנדער מאָל זעקס!

מ'סיע דעניזעי האָט זיך אויפגעהויבען פון אָרט, ווי אַן אמת'ער קאַוואַליער.

— ווי פיהלט איהר זיך, מאַדאַם, די גאַנצע וואָך?

— אָה, זעהר גוט.... און איהר אליין, מיין טייערער הערר ריכטער? האָט איהר זיך שוין בערוהיגט פון דעם שרעק, וואָס מיין קוטשער האָט אייך פארשאַפט? ער האָט זיך מיר אליין מודה געווען, אז ער האָט אייך שיער ניט איבערגעקעהרט בלויז א צוויי קילאָמעטער פון'ם שלאָסס?

— אָה, ס'איז געווען ניט מעהר ווי א קלייניגקייט, און כ'האָב עס גלייך פארגעסען.... זעצט זיך, בימע! איך מוז ווידער־האָלען וואָס איך האָב עבען געזאָגט מאַדאַם דע־לאַשענע: —

כ׳בעט ענטשולדיגונג, וואס איך מוז ווידער אמאל אויפריהרען אייער טרויער פון דיעזען שענדליכען פערברעכען.

— גוטער גאט! אויב מען מוז, מוז מען!... גאט־העלף, בערטהא; גאט־העלף לאשענע!

דאס איז געווען מאדאם באנעהאן, די שוועסטער פון דעם ערמארדעטען. זי האט דער פלימעניצע א קוש געטהון, און א דרוק געטהון די האנד איהר מאן.

צו דרייסיג יאהר איז זי געווארען אן אלמנה פון א פאבריקאנט, וועלכער האט איהר בירושה איבערגעלאזען א גרויס פערמעגען: און אליין האט זי אויך געהאט איהר אייגענס די לאנד און הייזער אין דואנוויל, נאך דעם ווי זי האט זיך צוטיילט מיט איהר ברודער. און זי האט געפיהרט זעהר א רייך און פרעהליכען לעבען, וואס איז געווען פארפילט, ווי מען דערצעהלט, מיט הערצליכע פאסירונגען; אבער דעם אנבליק האט דאס געמאכט פון אזא אפען און קארעקטען ארט לעבען, אז זי איז געשטאנען בראש פון דער גאנצער רואנער העכערער געזעלשאפט. איבער א צופאל און אויס סימפאטי טאקי אויך, האט זי זיך מעהר ווי מיט אלעם פעראינטערעסירט מיט די מאגיסטראטור בעאמטע; און פינף־און־צוואנציג יאהר שוין ווי מאדאם באנעהאן נעמט אויף אין איהר שלאסס א גאנצען עולם יוריסטען, — די אלע הררען פון דעם געריכט אין פאריז, וואס איהרע קארעטעס פלעגען פיהרען און אבפיהרען פון רואן אין דעם שטענדיגען פרעהליכען טומעל פון איהרע אונטערהאלטונגען. און ביז הייניגען טאג איז זי נאך אלץ דיזעלבע, און מען דערצעהלט אויף איהר, אז זי פיהלט א מוטער־ליעבע צו א יונגען בעאמטען, דעם זוהן פון א מיטגליעד פון געריכטס־קאמער, מיט׳ן נאמען שאמעט: מאדאם באנעהאן האט זיך מטריח געווען, אז דער זוהן זאל קריגען א העכערע שטעלע, און דעם טאטען האט זי געהאלטען אין איינלאדען און איז צו איהם געווען זעהר פריינדליך. א חוץ דעם, האט זי נאך געהאט אן אלטען בעקאנטען, אויך פון געריכטס דעפארטאמענט, און ניט קיין פארהייראטען, מיט׳ן נאמען דעבאזייל, דער ליטעראט און פאעט פון דעם רואנער

געריכט: זיינע שעהנע סאָנעטען האָט מען זאָגאר ניט זעלטען ציטירט. אין פערלויף פון א גאנצע רייהע יאָהרען, איז פאר איהם שטענדיג גרייט זיין צימער אין דואנוויל. איצט איז ער שוין העכער זעכציג יאָהר אַלט, און ער פאָהרט נאָך אַלץ אין דואנוויל אַלס אַן אַלטער בעקאַנטער, וואָס זיין רעוומאַטיזם ערלויבט איהם ניט מעהר ווי בלויז ערינערונגען. און אָט אזוי, איז מאַדאַם באַנעהאַן, א דאַנק איהר פריינדליכקייט, נאָך אַלץ די הערשערין, אָבוואָהל די עלטער קלאַפּט שוין אין טיהר; און אַלע זיינען געווען צופרידען; און בלויז ערשט פאר־אַ־יאָהרען ווינטער האָט זיך בעוויזען א קאָנקורענטין צו איהר, — מאַדאַם לעבוק, דעם ראטה־געבער'ס פרוי, א הויכע ברונעטקע, פון א יאָהר פיער־און־דרייסיג, וועלכע איז טאַקי געווען זעהר א שעהנע; אַלע געריכטס־בעאַמטע זיינען געווען איהרע אָפּטע געסט. און אין די געוועהנליכע פרעהליכקייט פון מאַדאַם באַנעהאָן'ס לעבען איז דאָס געווען דער טרויעריגער שטיקעל וואָלקען.

— אַלזאָ, מאַדאַם, — האָט מ'סיע דעניזעי געזאָגט, — אויב איהר וועט מיר ערלויבען, וועל איך אייך שטעלען אייניגע פראגען.

דער פערהער פון די דע־לאשענע'ס האָט זיך געענדיגט, אָבער חער אונטערזוכונגס־ריכטער האָט זיי נאָך ניט געוואָלט אָבלאָזען; זיין קאבינעט, — דער קאַלטער און פינסטערער — איז מיט אַמאָל געוואָרען דאָס עמפּפאנגס־צימער פון געסט. דער פלעגמאטישער סעקרעטאר האָט זיך ווידער גענומען פאר דער פעדער.

— איינער פון די עדות האָט אונז געזאָגט, פארבייגעהענדיג, אז אייער ברודער האָט בעקומען א דעפּעשע, אז ער זאָל תכף־ומיד ארויספאָהרען קיין דואנוויל.... אָבער מיר האָבען אזא דעפּעשע אין זיינע פאַפּירען ניט געפונען. האָט איהה דאָס אפשר איהם טעלעגראַפירט, מאַדאַם?

מאַדאַם באַנעהאַן איז געווען גאַנץ רוהיג און האָט זיך אונטערגעשמייכעלט; געענטפערט האָט זי אויף די פראגען מיט דעם טאָן פון א פריינדליכען געשפּרעך.

— איך האָב צו מיין ברידער ניט געשריבען; — כ'האָב

איהם ערוואַרט, האָב געוואוסט, אַז קומען דאַרף ער, אָבער ווען אייגענטליך, דעם ריכטיגען טאָג, האָט ער מיר ניט צו־וויסען געגעבען. געוועהנליך פלעגט ער קומען גאָר אונטערוואַרטעטער־הייט און במעט אַלע מאָל מיט דעם אבענד צוג. ער האָט זיך געהאַט אַ צימער פאַר זיך, אין פּאַוויליאָן, אין גאָרטען, און אָבגע־זונדערט, מיט אַ טיהר און אַ פענסטער הינטער־געסעל; און מיר האָבען אפילו זעלטען ווען געוואוסט, אַז ער איז דאָ. ער פלעגט געוועהנליך זיך דינגען אַ קאַרעטע אין באַראַנטען, און פלעגט זיך צו אונז בעווייזען ערשט אין דער פריה, ווי אַ שכן, אַ שטייגער, וואָס וואָהנט שוין דאָ פון לאַנג און איז בלויז גע־קומען מיט אַ וויזיט.... אָבער יענעם מאָל האָב איך אויף איהם געוואַרט, ווייל ער האָט מיר געדאַרפט ברענגען צו־פיהרען די סומע פון צעהן טויזענד פראַנק אויסצוגלייכען אונזערע חשבונות. מיין ברודער האָט ביי זיך געוויס געהאַט די צעהן־טויזענד פראַנק. און דערפאַר רעכען איך טאַקי, אַז מ'האָט איהם ערמאָרדעט פשוט מיט'ן צוועק איהם צו בערויבען.

געגען איניגע מינוט האָט דער אונטערזוכונגס־ריכטער ניט אונטערבראָכען דאָס שווייגען; אָבער, ענדליך, קוקענדיג מאַדאַם באַנעהאָן גלייך אין די אויגען, האָט ער זי געפרעגט:

— וואָס איז אייער מיינונג פון מאַדאַם רובאָ און איהר מאַן?

ניט ווילענדיג האָט זי אַ מאַך געטהון מיט דער האַנד ווי צו פּראָטעסטירען.

— אָה, ניין, מיין טייערער מ'סיע דעניזעי! כ'בעט אייך, געפעליגסט, לאָזט זיך ניט פאַרפיהרען; זיי זיינען עהרענהאַפ־טע מענשען.... סעווערינע איז תמיד געווען אַ ליעבליך מיידעלע, — זעהר אַ גוטע, זעהר אַ געהאָרכזאַמע, און דערצו נאָך טאַקי זעהר אַ שעהנינקע, — וואָס דאָס שאַדט קיין מאָל קיינעם ניט. מיין מיינונג איז — אויב איהר ווילט איך זאָל אייך זאָגען, וואָס איך דענק — אַז ניט סעווערינע און ניט איהר מאַן זיינען פעהיג צו טהון אַזאַ זאַך.

דער אונטערזוכונגס־ריכטער האָט צוגעשטימט צו איהרע ווערטער מיט אַ שאָקעל פון קאָפּ; ער האָט געוואָרפען בליקען

צו מאדאם דע־לאשענע, ווי איינער, וואס איז ארוים דער זיעגער. און זי האט דאס אבער פארדראסען און זי האט זיך אריינ־געמישט מיט די רעד:

— אך, מומע, איך דענק, אז איהר זיינט צו וויכהערציג!

און דא האט מאדאם באנעהאן גענומען דערצעהלען מיט איהר געוועהנליכע אפענהערציגקייט.

— לאז געמאך, בערטהא; וויים דאך, אויף דעם פונקט וועלען מיר זיך קיין מאל ניט אויסגלייכען.... זי איז געוועזן א פרעהליכע, און האט ליעב געהאט א לאך צו טהון, און ס'איז טאקי גוט אזוי.... איך וויים שוין גאנץ גוט, וואס דו מיט דיין מאן טראכטען זיך פון איהר. אבער — זייט מיר מוחל — אייער אייגען־נוץ האט אייך פארדרעהט דעם קאפ, און איהר זיינט אזוי איבערראשט, וואס קרוא־דע־מאפרא געהט איבער צו דער גוטער סעווערינע, לויט דער צואה פון דיין פאטער.... ער האט זי ערצויגען, האט איהר געגעבען נדן, האט ער זי אויך, נאטיר־ליך, דערמאנט אין זיין צואה. זי איז דאך ביי איהם געוועזן פאר־רעכענט ווי אן אייגענע טאכטער כמעט... אך, מיין טהייערע, געלד שפיעלט דאך אזא קנאפע ראלע אין דעם מענשען'ס גליק!

ווירקליך, זייענדיג אימער רייך, איז מאדאם באנעהאן געוועזן גאנץ אונאייגעננוציג. און מיט די עדעלקייט פון א פערגעטערטער פארשוין האט זי געהאנדעלט אזוי, ווי גלייך דער איינציגער צוועק פון לעבען וואלט ביי איהר געוועזן שעהנקייט און ליעבע.

— רובא האט דאס גערעדט פון דער דעפעשע, — האט טרוקען בעמערקט מ'סיע דע־לאשענע. ער זאל ניט געוועזן האבען די דעפעשע, וואלט דער הויפט־ריכטער דאך ניט געקענט זאגען, אז ער האט זי יא געקריגען. אבער צו וואס האט רובא געזאגט א ליגען?

— אבער, — האט מ'סיע דעניזעי היציג א געשריי געטהון,

— דער הויפט־ריכטער אליין האט גאנץ מעגליך געקאנט אויס־טראכטען דיעזע דעפעשע אום צו ערקלעהרען זיין פלוצליכע רייזע פאר די רובא'ס. לויט נאך זייערע אייגענע עדות־זאגען, האט ער געזאלט ארויספאהרען ערשט אויפ'ן צווייטען טאג; און אזוי

ווי ער האָט זיך געפונען אין דעם זעלבען צוג מיט זיי, האָט ער דאָך געמוזט האָבען עפּיס אַן אויסרעד, אויב ער האָט זיי ניט געוואָלט זאָגען די אמת'ע אורזאַכע, וועלכע איז אונז אַלע אונ־בעקאַנט; דאָך.... ס'איז ניט וויכטיג; ס'קאָן צו גאָרניט פיהרען.

עס איז ווידער געוואָרען שטיל. ווען דער ריכטער האָט פאָרטגעזעצט, איז ער געווען זעהר רוהיג און פאָרזיכטיג.

— איצט, מאדאם, געה איך איבער צו א זעהר דעליקאַטען פּונקט, און איך בעט אייך מיר צו ענטשולדיגען פאר דעם סאָרט פראגען. קיינער רעספּעקטירט ניט דעם אנדענקען פון אייער ברודער מעהר ווי איך.... מען זאָגט, אז ער האָט געהאט ליובאָוו־ניצעס?

מאדאם באָנעהאָן האָט גענומען ווידער שמייכלען, מיט איהר אונענדליכער גוטמוטהיגקייט

— אך! מיין הערר, אין זיינע יאָהרען!... מיין ברודער איז גאַנץ יונג געוואָרען אַן אלמן. איך האָב זיך קיין מאָל ניט ער־לויבט צו האַלטען פאר שלעכט, וואָס ער האָט געהאַלטען פאַר גוט. ער האָט זיך געלעבט, ווי ער האָט געוואָלט, און איך האָב זיך ניט געמישט אין זיינע געשעפטען. איך ווייס נור, אז ער האָט אימער אָבגעהיט זיין שטאַנד, און ביז זיין ענדע איז ער געבליבען א מאַן פון דער בעסטער געזעלשאַפט.

בערטהא איז געווען ענטריסטעט, וואָס מען האָט אין איהר אַנוועזענהייט גערעדט פון ליובאָוונעצעס פון איהר פאָטער, און האָט אראָבגעלאָזען די אויגען; און איהר מאַן, אויך אזוי פער־שעהמט ווי זי, איז צוגעגאנגען צום פענסטער און האָט זיך אויסגעדרעהט מיט דער פּלייצע.

— פערצייהעט מיר, אויב איך שטעל זיך אויף דערויף, — האָט געזאָגט מ'סיע דעניזעי, — האָט ער ניט געהאַט קיין גע־שיכטעלע מיט אייער יונגענקע דיענסט מיידעל?

— אך, יאָ, מיט לואיזעטע'ן.... אָבער מיין טייערער הערר ריכטער, דאָס איז געווען א פערדאָרבענע מיידעל, וועלכע האָט זיי פיערצעהן יאָהר שוין געהאַט פערהעלטניסע מיט א מער־

ברעכער, וואס איז שוין אבגעזעסען זיין שטראפע. נאך איהר טויט האט מען געוואלט עקספלואטירען מיין ברודער. דאס איז א געמיינהייט, איך וועל עס אייך דערצעהלען.

מאדאם באנעהאן איז, אהנע צווייפעל, געווען ערנסט. אבוואהל איהר איז גאנץ גוט בעקאנט געווען דעם הויפט־ריכטער'ס מאראל און זיין טראגישער טויט האט זי גאר ניט פערוואונדערט. דאך האט זי געפיהלט די נויטיגקייט צו פערטהיידיגען דעם הויכען שטאנד פון דער פאמיליע. אין דיעזער אונגליקליכער געשיכטע מיט לואיזעטע'ן האט זי געהאלטען איהר ברודער פעהיג צו געלוסטען נאך דער יונגינקער מיידעל, דאך איז זי אבער אויך געווען איבערצייגט אין דער פריהצייטיגער אויסגעלאסענקייט פון דער מיידעל.

— שטעלט אייך פאר א מיידעלע, א! אזא קליינינקע, אזא צארטע, א בלאנדע אגן ראזעווע ווי א מלאך'ל און א גוטענקע ווי א הייליגע, אז נור דער הימעל וואלט געווען א פאסענדער פלאץ פאר איהר... אלזא, זי איז נאך קיין פיערצעהן יאהר ניט אלט געווען, איז זי שוין געווען א גוטע שוועסטער מיט א מין בעסטיע, א שטיין־ברעכער מיט'ן נאמען קאביש, וועלכער איז געזעסען פינף יאהר אין געפענגניס פאר הרג'ענען א מענשען אין א שענק. דיעזער חברה־מאן האט געלעבט אין א ווילדען צושטאנד, אויפ'ן ברעג פון דעם בעקור וואלד, וואו זיין פאטער, וועלכער איז געשטארבען פון יסורים, האט איהם איבערגעלאזען א שטיבעלע פון קלעצער און ערד. ער האט אויסגעניצט פאר זיך די פארלאזענע שטיין גריבער, וועלכע האבען אמאל, גלויב איך געליפערט א האלב פון די שטיינער פאר'ן אויפבויען די שטאדט רואן. אט אין דיעזער הייל איז עס די מיידעל געלאפען צו איהר ווילדען מענשען, פאר וועמען אלע ארום און ארום האבען אזוי געציטערט, אז ער האט געמוזט וואהנען גאנץ אליין, ווי א פערפעסטעטער. אפט פלעגט מען זיי בעגעגענען צוזאמען, ארומבלאנדזשענדיג אין וואלד, זיך האלטענדיג ביי די הענד, זי, אזא קליינינקע, און ער אזא גרויסער און ווילדער. אין קורצען, אן אונגעהערטע אויסגעלאסענהייט... איך האב זיך דאס ערשט שפעטער דערוואוסט.

איך האב לואיזעטע'ן צו זיך גענומען כמעט אויס רחמנות, אום צו טהון א גוטע זאך. איהר פאמיליע, די מיזארס, וועמען איך האב געקענט אלס ארימע לייט, האבען זיך געחיט מיר צו דער־צעהלען, אז זיי האבען געמוזט שלאגען דאס מיידעל, אז זי זאל ניט לויפען צו איהר קאביש'ן, אזוי שנעל ווי מ'האט נור גע־עפענט די טיהר.... און דאן טאקי האט זיך געטראפען די גע־שיכטע. מיין ברודער, אין דואנוויל, האט ניט געהאט קיין בע־דיענער. לואיזעטע און נאך א פרוי פלעגען אויפראמען זיין דערווייטערטען פאוויליאן. איין מארגען, ווען זי איז אהין אוועק אליין, איז זי פערשוואונדען געווארען. מיין מיינונג איז, אז זי האט שוין פון לאנג געטראכט צו אנטלויפען, פיעלייכט האט זי איהר ליעבהאבער אבגעווארט און האט זי אוועקגעפיהרט צו זיך.... אבער דאס שרעקליכסטע איז געווען דאס, וואס אין א פינף טעג ארום, איז ארויס א קלאנג איבער לואיזעטע'ס טויט, מיט איינצעלהייטען פון מיין ברודער'ס פערזוך זי צו פערגוואל־דיגען אונטער אזעלכע שרעקליכע צושטענדע, אז דאס קינד, א צומישטע, איז אנטלאפען צו קאביש'ן, און איז געשטארבען פון געהירן־ענטציגדונג. וואס האט פאסירט? עס זיינען ארויס אזוי פיעל קלאנגען, אז מען האט ניט געקאנט דערגעהן דעם אמת. איך, פון מיין זייט, גלויב, אז לואיזעט, וועלכע איז טאקי גע־שטארבען פון אן ענטציגדונג, ווייל א דאקטאר האט דאס בע־שטעטיגט, איז געשטארבען אן אפפער פון עפיס אן אונפאר־זיכטיגקייט, אן אפפער פון די נעכט אונטער'ן פרייען הימעל, פון דעם ארומשלעפען זיך אין די זומפען.... איהר וועט ניט גלויבען, מיין ליעבער הערר ריכטער, אז מיין ברודער זאל זיין פעהיג צו מאטערען דיעזע מיידעל, ניט וואהר? דאס וואלט הייסען אונגע־הייער, שרעקליך!

מ'סיע דעניזעי האט אויפמערקזאם אויסגעהערט דיעזע ער־צעהלונג, זייענדיג ניט דאפיר און ניט דאגעגען. מאדאם באנעהאן איז אביסעל ווי צומישט געווארען, אבער זי האט באלד דרייסטיג געזאגט:

— מיין גאט! איך וויל דא ניט זאגען, אז מיין ברודער

האט ניט געמאכט קיין פערזוך מיט איהר שפאס צו האבען....
ער האט געליעבט יוגענד, ער איז אליין אויך געווען זעהר פרעהליך, ניט קוקענדיג אויף זיין שטרענגען אויסזעהען. לאמיר צוגעבען, אז ער האט זי אפילו ארומגענומען.

ביי דיעזע ווערטער איז ביי דעם פאר־פאלק דע־לאשענע עמפערט געווארען זייער געפיהל פון פרומע מאנירליכקייט.

— א טאנטע, טאנטע!

אבער זי האט נור א ציה געטהון מיט די אקסלען: צו וואס זאל מען זאגען ליגען פאר'ן געזעץ?

— ער האט זי א קוש געטהון, פיעלייכט א קיצעל געטהון,

— דאס איז נאך קיין פערברעכען ניט... און וואס מאכט מיך דענקען אזוי, איז דאס, וואס די קלאנגען קומען ניט פון דעם שמיין־ברעכער. לואיזעט, ווייזט אויס, איז געווען א פערברעכערישע ליגנערין, און זי האט עס אזוי צובלאזען דיעזע געשיכטע, נור צוליעב דעם, קען זיין, אז זי זאל פערבלייבען ביי איהר ליעבהאבער. זי האט זי אזוי צובלאזען, אז די בעסטיע האט ווירקליך געגלויבט, אז מען האט זיין ליובאווניצע געטויטעט....
ער איז איינפאך פון זינען אראפ פון כעס און האט ערקלעהרט אין אלע שענקען, אז ווי באלד דער הויפט־ריכטער קומט איהם נור צו די הענד וועט ער איהם קוילען ווי א חזיר....

דער ריכטער, וועלכער האט ביז איצט געשוויגען, האט זי שנעל אונטערבראכען:

— הא ער דאס געזאגט? קענען דאס עדות אונטערשטיצען?

— א! ליעבער הערר, איהר וועט געפינען עדות ווי פיעל איהר וועט וועלען.... אלענפאלס, איז דאס זעהר א טרויעריגע געשיכטע, מיר האבען געהאט גענוג יסורים. צום גליק האט מיין ברודער'ס לאגע אין דער געזעלשאפט איהם געשטעלט העכער פון אלע חשד'ן.

מאראם באנעהאן האט ענדליך פערשטאנען וואסער שפור מ'סיע דעניזעי האט געזוכט; זי איז אונרוהיג געווארען, און האט בעשלאסען צו זיין מעהר איינגעהאלטען מיט איהרע רעד,

און האָט גענומען איהם אויסצופרעגען. ער איז אויפגעשטאַנען, זאָגענדיג, אז ער וויל שוין מעהר ניט מיסברויכען די טרויעריגע גוטסקייט פון דער פאַמיליע. אויף זיין בעפעהל האָט דער סעקרעטאר פאַרגעלעזען די אויסזאגונגען פון די עדות, איידער זיי האָבען זיך גע'חתמ'עט. דיעזער פערהער איז געווען אזוי זויבער פערפאַסט און אזוי גוט אָבגערייניגט פון אונניצליכע און קאָמפּראָמעטירענדע ווערטער, אז מאדאם באַנעהאַן, מיט דער פען אין דער האנד, האָט א וואָרף געטהון א גנעדיגען בליק אויף דיעזען לאַראַן, דעם מאַגערען, דעם ביינערדיגען, אויף וועלכען זי וואָלט אַן אַנדערס מאָל קיין קוק ניט געטהון.

דערנאָך, ווען דער אונטערזוכונגס־ריכטער האָט זי, איהר פּלעמעניצע און פּלעמעניק באַגלייט צו דער טיהר, האָט זי איהם געדריקט די האַנד.

— צום שנעלען ווידערזעהן, ניט וואהר? איהר ווייסט דאָך, אז איהר ווערט אימער זיין א געווינשטער גאַסט אין דואַנוויל.... איך דאַנק אייך זעהר, איהר זייט איינער פון מיינע בעסטע טרייע פריינדע.

איהר שמייכעלע האָט געטראָגען א שלייער פון טרויער, אָבער איהר פּלעמעניצע איז קאַלט ארויס געגאַנגען פריהער און האָט נור א לייכטען שאָקעל געטהון מיט'ן קאָפּ.

ווען מ'סיע דעניזעי איז געבליבען איינער אליין, האָט ער א מינוט זיך אָבגערוהט. ער איז געשטאַנען און האָט נאָכגע־דענקט. די געשיכטע האָט איהם אַנגעהויבען ווערען קלאָהר. אָרימער מ'סיע דעניזעי!... ס'איז קיין פראגע ניט, אז גראַנמאָרען איז דאָ בעגאַנגען א גוואַלד־טהאט: — דער אלטער, ווי אלע ווייסען, איז געווען פעהיג אויף אזא זאַך. און דערפאר איז די אונטערזוכונג געוואָרען זעהר אַן איידעלע זאַך, און ער האָט זיך אליין פערשפּראָכען צו פערדאָפּלען זיין פאָרזיכטיגקייט, ביז עס וועלען ניט אַנקומען די ערוואַרטע אינסטרוקציאָנען פון דעם מיניסטער־אבטיילונג. דאָך האָט ער שוין טריאומפירט. ענדליך האָט ער דעם פערברעכער שוין געפּאַקט.

אַנידער זעצענדיג זיך אויף זיין פּלאַץ, נעבען זיין קאָנ־טאָרקע, האָט ער אַ קלונג געטהון צום טיהר־וועכטער.

— פיהרט אריין הערר זשאַק לאַנטיע.

די רובאָ'ס זיינען געזעסען אויף דער באַנק אין קאָרידאָר. זייערע געזיכטער זיינען געווען שטייף און ווי פארשלעפערט פון געדולדיגען ווארטען; אָבער אַ נערוועזער ציטער איז אָפּט אי־בערגעפלויגען איבער זיי. די שטימע פון דעם דיענער, וואָס האָט אויסגערופען זשאַק'ס נאָמען, האָט זיי ווי אויפגעוועקט און זיי האָבען אַ לייכטען ציטער געטהון. זיי האָבען איהם בעגלייט מיט זייערע ברייט־געעפענטע אויגען, ביז ער איז פערשוואונדען אונטער דעם ריכטער'ס טיהר. און ווידער האָבען זיי געווארט, בלאַסע און שווייגענדע.

דיעזע גאַנצע געשיכטע האָט שוין זייט דריי וואָכען, גע־מאַכט זשאַקען עפּיס אונרוהיג, גלייך ווי עס וואָלט גאָר געווען אַ מעגליכקייט, אז עס זאָל איהם עפּיס קומען דערפאר. דאָס איז געווען נאריש, ווייל ער האָט זיך ניט געפיהלט שולדיג אין קיין זאַך, אפילו ניט אין שווייגען; דאָך פלעגט ער אימער אריינקומען צום ריכטער עפּיס מיט דעם לייכטען ציטער פון'ם פערברעכער, וואָס שרעקט זיך טאָמיר איז זיין פערברעכען שוין אויפגעדעקט; און ער האָט זיך פערטיידיגט געגען די פראַגען; האָט גוט אויפגעפּאַסט אויף זיך, אום ער זאָל ניט אָנרעדען קיין איבריגעס. ער האָט דאָך אויך געקענט הרג'ענען: האָט מען דען דאָס ניט געקאָנט זעהען אין זיינע אויגען? דיעזע אויפ־פאָדערונגען פון דעם געריכט זיינען איהם געווען זעהר אונאַנגע־נעהם, זיי האָבען איהם אויפגערעגט, און ער האָט זיך שוין גע־וואונשען, ווי ער פלעגט זאָגען, אז מען זאָל איהם אויפהערען מאַ־טערען מיט דער גאַנצער געשיכטע, וואָס האָט מיט איהם גאָר ניט וואָס צו טהון.

דאָך, היינט האָט מ'סיע דעניזעי בלויז געפאָדערט די בע־שרייבונג ווי דער מערדער זעהט אויס. זשאַק איז געווען דער איינציגער עדות, וואָס האָט געזעהען דעם מערדער, און בלויז ער אליין האָט געקאָנט געבען גענויע סימנים. אָבער ער האָט

ניט אָבגעווייכט פון זיינע ערשטע ווערטער ; ער האָט ווידער אַמאָל ערקלעהרט, אז די סצענע פון דעם מאָרד האָט ביי איהם אין מח איבערגעלאָזט א בילד קוים אויף איין מאָמענט, בלויז אזא שנעלע פאָרשטעלונג, אז ביי איהם אין זכרון איז דאָס גע־בליעבען ווי עפּיס אָהן א פאָרמע און בלויז אבסטראקט : — א מאַן קוילעט אַן אנדערען, — און דאָס איז אלעס. אין פער־לויף פון א האַלבע שעה האָט דער אונטערזוכונגס־ריכטער זיך שטארק פאַר־עקשן'ט און איהם געפּלאָגט אלץ מיט דער זעלבער פראַגע אין פערשיעדענע פאָרמען : — איז דער מערדער א הויכער אָדער א ניעדריגער ? מיט א באָרד צי אָהן א באָרד ? לאנגע האָאר אָדער קורצע ? ווי איז ער געווען אָנגעטהון ? פון וואָסער קלאסע מענשען האָט ער אויסגעזעהען ? און זשאק, א בעאונרוהיגטער, האָט געגעבען אלץ ניט קיין בעשטימטע ענט־פערס.

— און, ענדליך, — האָט מ'סיע דעניזעי פּלוצלינג געפרעגט, קוקענדיג איהם גלייך אין די אויגען, — אז מ'זאָל אייך ווייזען דעם מערדער, וואָלט איהר איהם דערקענט ?

זשאק האָט ניט ווילענדיג אראָפּגעלאָזט די אויגען ; איהם איז געוואָרען ניט פרעהליך פון דעם ריכטער'ס בליק, וואָס האָט איהם, דאכט זיך, געלעכערט דעם שארבען, און זיין געוויסען האָט אין דער הויך איבערגעפרעגט :

— דערקענט ?... יא... אפשר.

אָבער זיין מאָדנע מורא פאר א מין אונבעוואוסט־זיננינע מיטווירקונג אין דעם פארברעכען האָט איהם זאָפאָרט געצוואונ־גען זיך צו האַלטען פאר זיין סיסטעם פון אונדייטליכע ענטפערס.

— און דאָך... אפשר ניט ; איך גלויב ניט, אז איך וואָלט ווען עס איז געוואגט צו בעהויפּטען מיט זיכערהייט. בעדענקט אייך נור ! אכציג קילאָמעטער א שעה — אזא שנעלקייט !

און מיט אן האַפנונגסלאָזען מאַך מיט'ן האנד האָט דער אונטערזוכונגס־ריכטער איהם געהייסען אריינפיהרען אין א צוויי־טען צימער און אויסווארטען, טאָמיר וועט ער איהם דארפען. פּלוצלינג האָט ער אָבער איבערגעטראכט.

— זעצט זיך ; רוהט זיך אָפּ.
און ער האָט ווידער אָנגעקלונגען און געהייסען דעם דיענער:
— רופט אריין דעם הערען און מאדאם רובאָ.

ווען זיי זיינען נאָך געווען אויף דער שוועל האָבען זיי שוין בעמערקט זשאק'ן, און זייערע אויגען זיינען געוואָרען פול מיט אנגסט. האָט ער אויסגעזאָגט ? האָט מען זיי אריינגערופען אום זיי צו שטעלען מיט איהם אויג אויף אויג ? זייער גאנצע זיכערהייט האָט זיי פארלאָזען, ווען זיי האָבען איהם דערזעהען. און זייערע שטימעס האָבען זאָגאר געקלונגען עטוואָס דיקלאך, ווען זיי האָבען געענטפערט אויף די ערשטע פראגעס. צום גליק האָט זיי מ'סיע דעניזעי בלויז איבערגעפרעגט, וואָס זיי האָבען שוין געזאָגט ביי דעם ערשטען פערהער, און זיי האָבען בלויז בעדארפט ווידערהאָלען די זעלבע ענטפערס, כמעט וואָרט פאר וואָרט, און ער האָט זיי אויסגעהערט, ניט אויפהויבענדיג דעם קאָפּ און ניט קוקענדיג אויף זיי.

און פלוצים קעהרט ער זיך מיט אמאָל אום צו סעווערינע'ן, מיט די ווערטער :

— מאדאם, איהר האָט אין דעם ערשטען פארהער געזאָגט דעם וואך־קאָמיסאר, וועלכער האָט מיר צוגעשיקט זיין פראָטאָקאָל, אז לויט אייער מיינונג, איז אין רואן א מאן אריין אין קפּוע אין דעם מאָמענט, ווען דער צוג האָט זיך געריהרט.

דאָס האָט איהר ווי דערלאנגט איבער'ן קאָפּ, צו וואָס רעדט ער דאָס איבער ? וויל ער זי דאמיט ארייננארען ? וויל ער מיט איהרע אלטע ערקלעהרונגען איהר שטעכען די אויגען און זי אליין בעשולדיגען ? און זי האָט א האסטיגען פראגענדען בליק גע־טהון אויף איהר מאן, וועלכער האָט זיך פאָרזיכטיג אריינגע־כיישט.

— איך גלויב ניט, מיין הערר, אז מיין פרוי האָט זיך אויס־געדריקט מיט אזא זיכערהייט.

— ענטשולדיגט... ווען איהר האָט בלויז אָנגעצייגט אויף די מעגליכקייט פון אזא פאַל, האָט די מאדאם געזאָגט : —

„זיכער איז ער געקומען“... נון, מאדאם, ווייל איך וויסען, צו האָט איהר געהאט ספּעציעלע גרינדע דאָס צו זאָגען.

סעווערינע איז געוואָרען נאָך מעהר אונרוהיג. זי האָט גע־פיהלט, אַז אויב זי וועט זיך ניט היטען מיט איהרע רייד, וועט ער זי, אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, צווינגען זיך מודה צו זיין. און שווייגען האָט זי אויך ניט געטאָרט.

— אָה, ניין, מיין הערר, קיינע גרינדע... איך האָב דאָס געזאָגט בלויז אויף דעם גרונד פון איינפאַכען שכל, ווייל אין אמת'ן קאָן מען זיך דאָס אַנדערש ניט ערקלעהרען.

— האָט איהר, הייסט עס, דעם מאַן ניט געזעהען, — קאָנט איהר אונז וועגען איהם גאָרניט דערצעהלען?

— גאָרניט, מיין הערר, גאָרניט!

מ'סיע דעניזעי איז, דאַכט זיך, אָבגעטראָטען פון דיעזע פּונקט פון דעם פאַרהער; אָבער, אַז ער האָט זיך גענומען צו רובאָ, האָט ער זיך דערצו אומגעקעהרט.

— און איהר? — ווי האָט איהר עס געקאָנט ניט זעהען דעם מאַן, אויב ער האָט זיך ווירקליך אַריינגעכאַפּט אין די קופּע אַז לויט נאָך אייערע אייגענע ווערטער ביי'ם ערשטען פאַרהער האָט איהר דאָך נאָך גערעדט מיט דעם ערמאָרדעטען, ווען דער באַהן האָט שוין אַ פייף געטהון פאַר'ן געהען?

און דער סטאַנציאָנס ארויסהעלפער איז סוף כל סוף גע־וואָרען אַ דערציטערטער פון דיעזע איינגעשפּאַרטקייט פון דעם פרעגענדען, און ער האָט זיך אַנגסטליך געשלאָגען מיט דער דעה צו זאָל ער לייקענען, אַז ער האָט דעם מאַן געזעהען, צו זאָל ער פאַרקעהרט, זיך האַלטען ביי דאָס פריהעריגע. אויב עס זיינען שוין דאָ בעווייזע געגען איהם, קאָן די בעהויפּטונג מיט דעם אונבעקאַנטען מעהר קיין קיום ניט האָבען; און ס'קאָן איהם נאָך ערגער זיין. און ער האָט אַליין ניט געוואוסט, ווי זיך צו האַלטען, און ער האָט לאַנג געטראַכט און צום סוף דאָך געגעבען אונקלאָהרע ענטפערס.

— ס'איז ווירקליך אַ שאַדע, — האָט מ'סיע דעניזעי בע־מערקט, — וואָס אייערע ערינערונגען זיינען אַזוי ניט דייטליך

אלא ניט וואלט איהר אונז געקאָנט העלפען צו מאכען אן ענד צו געוויסע חשד'ען, וואס מיר האבען אויף איניגע פערזאָנען.

און דאס האט זיך רובא'ן אויסגעוויזען פאר אזא דירעקטע אָנצוהערעניש, אז ער האט מיט א מאָל דערפיהלט א געוואלדיגען בעגעהר פון זיך אראָפּצו־ווארפען יעדען חשד. איהם דוכט זיך שוין, אז אָט־אָט פאקט מען איהם, און ער האט גלייך אויף'ן אָרט בעשלאָסען וואס צו טהון.

— ס'איז דאָך געוויסענס־פראגע! און איהר פערשטעהט דאָך, אז עס איז גאנץ נאטירליך ניט צו וועלען רעדען צו איבער־איילט. און אז איך זאָל אייך זאָגען, אז איך האב ווירקליך גע־זעהען דעם מאן...

ביים אונטערזוכונגס־ריכטער האט זיך ניט ווילענדיג ארויס־געריסען א צייכען פון פרייד מיט נצחון, ווייל ער האט ביי זיך בעשלאָסען, אז דאס האט זיין פלינקייט רובא'ן געעפענט דאס מויל. ער פלעגט זאָגען, אז ער ווייסט פון ערפאהרונג, ווי שווער דאס איז פיר איניגע עדות צו דערצעהלען וואס זיי ווייסען; און ער האט ביי זיך בעשלאָסען, אז די רובאס מוזען איהם דער־צעהלען דעם אמת.

— זאָגט, אלזא: — ווי זעהט ער אויס? קליין, גרויס? אזוי הויך ווי איהר, אפשר?

— אָה, ניין, ניין, פיעל העכער... אם וועניגסטען, אזא געפיהל האב איך, ווייל ס'איז דאָך מאקי ניט מעהר ווי אזא מין געפיהל... איך בין כמעט זיכער אז כ'האב דעם מאן אָנגע־ריהרט מיט'ן אקסעל, איילענדיג זיך צוריק צו מיין וואגאָן.

— ציהט אויף, — האט מ'סיע דעניזעי געזאָגט.

און אומקעהרענדיג זיך צו זשאק'ן, האט ער ביי איהם גע־פרעגט: —

— דער מאן, וועלכען איהר האט געזעהען מיט'ן מעסער אין דער האנד, — איז ער געווען העכער פון מ'סיע רובא.

דער מאשיניסט האט שוין אָנגעהויבען צו ווערען אונגע־דולדיג, ווייל ער האט מורא געהאט, אז ער וועט פארשפעטיגען דעם צוג אויף פינף א זייגער; ער האט אויפגעריכען דעם

קאָפּ און בעטראַכט רובאַ'ן ; איהם האָט זיך גאָר אָבגעדוכט, אַז ער האָט רובאַ נאָך קיין מאָל פריהער ניט געזעהען, און ס'האָט איהם פאַרוואונדערט, וואָס רובאַ איז גאָר אַ נידריגער, אַ קרעפּ־טיגער, מיט אַ מאָדנע זייט פּנים, וואָס ער האָט ערגיץ עפּיס יאָ געזעהען — אפשר גאָר אין חלום.

— ניין, — האָט ער געמורמעלט, — ניט העכער ; כמעט פון דעם זעלבען וואוקס...

אָבער גענען דעם האָט רובאַ מיט אמאָל העפטיג פּראָטעס־טירט.

— אָה, אַ סך העכער פון מיר, — מיט אַ גאַנצען קאָפּ, אַם ווענינגסטען.

זשאַק איז געבליבען שטעהען, קוקענדיג אויף איהם מיט אויסגעסטאַרטשטע אויגען, און זיך וואונדערענדיג מעהר און מעהר. און רובאַ איז אונטער זיין בליק געוואָרען אַלץ אונרוהיגער און אונרוהיגער, גלייך ווי ער וואָלט עפּיס געוואָלט זיין עהנליך צו זיך אַליין. און זי, די פרוי, שיעור ניט אַ פאַרגליווערטע פון שרעק, האָט אויך קיין אויג ניט אַראָפּגעלאָזט פון דעם יונגען מאַן'ס פּנים, וואו עס האָט זיך אָבגעשפּיעגעלט די שטילע אַר־בייט פון זיין זכרון. ס'איז געווען קענטיג, אַז זשאַק האָט זיך פון דער ערשטער רגע פערוואונדערט וואָס רובאַ און דער מער־דער האָבען אין געוויסע פונקטען דעם זעלבען אָנבליק ; און דערנאָך, האָט ער פּלוצים מיט אמאָל דערקאָנט, אַז רובאַ איז עם טאַקי דער מערדער, ווי ס'איז שוין ארויס אַ קלאַנג; און ער איז אין דער זעלבער מינוט געוואָרען ווי צוטומעלט פון דיעזע ענט־דעקונג ; ער איז געשטאַנען מיט אַן אָפען מויל, און מ'האָט ניט געקאָנט וויסען, וואָס ער וועט דאָ טהון, און ער אַליין האָט אויך ניט געוואוסט. איין וואָרט ווען ער רעדט נור ארויס, זיינען די מאַן און ווייב פאַרלאָרען. רובאַ'ס אויגען האָבען זיך בעגעגענט מיט זיינע, און איינער דעם אַנדערען האָט, דאַכט זיך, ארייננע־קוקט אין דער נשמה. מ'האָט ניט גערעדט קיין וואָרט.

— הייסט עס, איהר קאָנט זיך ניט אויסגלייכען, — האָט מ'סיע דעניזעי זיך אָבגערופען — אויב ביי אייך קומט ער אוי־

פיעל ניעדריגער, איז דאס געווים דערפאר, וואס ער האט זיך אנ־געבויגען, ראנגלענדיג זיך מיט זיין אפפער.

און ער האט אויך געקוקט אויף דיביידע מענער. איהם איז גאר אויף'ן געדאנק ניט געקומען אויסצונוצען, וואס די צוויי מענער שטעהען דא פאר איהם פנים לפנים; און בלויז מיט דעם אינסטינקט פון זיין מלאכה האט ער עפּיס דערשמעקט, אין דער מינוט, אז דא פיהלט זיך ערגיץ דער אמת. זאגאר זיין זי־בערהייט וועגען קאביש'ן האט זיך געוואקעלט. האבען די לאשע־נעס פארט געהאט רעכט? און די שולדיגע זיינען דאך געגען אלע וואהרשיינליכקייטען, קיין אנדערע ווי נור דער עהרליכער בעאמטער און זיין יונגע פרוי, די שטילענקע!

— דער מאן האט זיך ניט געראזירט, ווי איהר? — האט ער געפרעגט רובא'ן.

און רובא האט עס געהאט די גבורה צו ענטפערען, און זיין שטימע האט דאביי אפילו א ציטער ניט געטהון:

— ניט געראזירט? ניין, ניין! ער האט גאר קיין בארד ניט געהאט, גלויב איך.

זשאק האט פארשטאנען, אז אט וועט מען איהם אויך פרע־גען די זעלבע פראגע. וואס זאל ער זאגען? ער האט געמעגט שווערען, אז דער מערדער האט געהאט א בארד. און אין דער אמת'ן, וואס פאר אן אינטערעס האט ער אין די לייטע? פאר וואס זאל ער ניט אויסזאגען דעם גאנצען אמת? אבער, אז ער האט אוועקגענומען די אויגען פון דעם מאן, האט ער בעגעגענט דעם בליק פון דער פרוי, און ער האט אין דעם בליק איהרען דער־זעהען אזא הייסען געבעט, אזא בערייטקייט איהם צו בלייבען טריי ביז'ן טויט אריין, אז ס'האט איהם ווי פערמישט די גע־דאנקען. און איהם האט אנגעכאפּט דער אייביגער ציטער זיינער:

— ליעבט ער זי דען? איז זי דען די פרוי, וואס ער וועט קאנען ליעבע, ווי אלע ליעבען, אהן דעם שוידערליכען וואונש זיך צו קיהלען אין איהר בלוט? און, אין דעם מאמענט, האט איהם עפּיס אזא מין זאנדערבארער געגען־אנגריף פון זיינע אלטע יסורים צומישט די רעיונות, און איהם האט זיך אבגעדוכט, אז זיין זכרון

ווערט פארטונקעלט און ער דערקענט שוין ניט דעם מערדער אין רובאַ. דאָס בילד פון מאָרד איז איהם געוואָרען אונקלאָהר, און ס'האָט איהם געגומען אַ צווייפעל און זאָגאר ביז אזא גראַד, אז ס'האָט איהם שמערצליך באנג געטהון וואָס ער האָט ניט גע־שוויגען.

מ'סיע דעניזעי האָט איהם געשטעלט די פראַגע:

— האָט דער מאַן געטראָגען אַ באָרד, ווי מ'סיע רובאַ?

און ער האָט איהם עהרליך געענטפערט:

— מיין הערר, דעם אמת געררעדט, קאָן איך אייך ניט זאָגען, איך זאָג דאָך אייך, ס'איז דורכגעפלויגען אזוי שנעל. איך ווייס ניט; איך וויל גאָרניט זאָגען פּאָזיטיוו.

אָבער מ'סיע דעניזעי האָט זיך איינגעע'עקשנ'ט; ער האָט געוואָלט מאַכען אַן ענד צו דעם חשד געגען רובאַ'ן. ער האָט פאר־וואָרפען מיט פראַגעס דעם מאַשיניסט און רובאַ'ן, און האָט פון דעם סטאַנציאָן־ארויסהעלפער ארויסגעקראָגען אַ פּאָלקאָמענע בע־שרייבונג פון דעם מערדער, — אַ הויכער, אַ געזונטער, אָהן אַ באָרד, אין אַ בלוזע — פּונקט דער געגענזאַץ פון רובאַ'ן אליין; פון זשאַק'ן האָט ער אָבער ניט מעהר געקאָנט ארויסדריקען ווי איינצעלנע ווערטער, אונבעשטימטע ענטפערס, וואָס האָבען בלויז געלאָזט רובאַ'ס בעשרייבונג אין פולער קראַפט. און דער ריכטער איז סוף כל סוף געקומען צוריק צו זיין ערשטער מיינונג: יעצט איז ער אויף דעם ריכטיגען וועג; די בעשרייבונג, וואָס דער עדות מאַכט פון דעם מערדער, איז אזוי פּינקטליך, אז יעדע נייע איינצעלהייט, האָט נאָך פארשטאַרקט די זיכערהייט. און דאָס פּאָאָר פּאָלק, ווען מ'האָט אזוי אומזיסט בעשולדיגט, וועט מיט זייערע שלאַגענדע אויסזאָגונגען העלפען אָפּהאַקען דעם קאָפּ פון דעם שולדיגען.

— געהט אריין אהער, — האָט ער געזאָגט צו די רובאַס און זשאַק'ן, אָנווייזענדיג זיי אויף דעם צווייטען צימער, ווען זיי האָ־בען זיך אונטערגעשריעבען אויף זייער אויסזאָגונגען; — וואַרט ביז איך וועל אייך רופען.

און ער האָט גלייך געהייסען אריינפיהרען דעם ארעסטירטען.

און מ׳סיע דעניזעי איז געווען אזוי גליקליך, אז דער גוטער מוטה זיינער האָט איהם אונטערשטופּט צו זאָגען צו זיין סעקרעטאר:
— לאָראַן, מיר האָבען איהם!

די מיהר האָט זיך געעפענט, און צוויי זשאנדארען האָבען אריינגעפיהרט א געזונטען יונג פון א פינף־און־צוואנציג ביז דרייסיג יאָהר אלט. א צייכען פון ריכטער — און די צוויי זשאנדארען האָבען זיך צוריקגעצויגען, און קאביש איז געבליבען שטעהן איינער אליין אין מיטער צימער, א צומישטער, א צו־ווילדעטער, ווי א פאַריאָגטער הירש. ער איז געווען א יונג, מיט א געזונטען קארק, מיט גרויסע קולאקעס, א בלאָנדער, מיט זעהר א העלע הויט, מיט א שיטער בערדעל, — קוים עטליכע געלע, געקרייזעלטע, זיידענע פּעדעמלאך האָאָר. זיין שטארק געזיכט און זיין נידריגער שטערן האָבען אָנגעוויזען אויף די ווילדקייט פון אן אונענטוויקעלטען נפש וואָס מאכט ניט קיין לאנגע שהיות; אָבער אין זיין גרויס מויל און אין זיין ברייטער נאָז, ווי ביי א גוטען הונט, האָט זיך געמערקט אי צערטליכקייט, אי איבערגעבענהייט. געפאנגען האָט מען איהם אין דער פריה אין זיין שטיבעלע. אָבגעריסען פון זיין הוים אין מיטען וואלד, א צורייצטער פון די בעשולדיגונגען, וועלכע ער האָט ניט פארשטאנען, און א דערשראָקענער, מיט זיין צוריסענע בלוזע, האָט ער אויף זיך שוין געטראָגען דעם שטעמפּעל פון א פערדעכטיגען ארעסטאנט און בייזען באנדיט, וואָס די געפענגנים לעגט ארויף אפילו אויף די עהרליכסטע מענשען. ס׳האָט שוין גענומען ווערען נאכט, אין צימער איז געווען פינסטער, און דער ארעסטאנט האָט זיך געהאלטען אין שאטען; מיט א מאָל ברענגט דער דיענער אריין א גרויסען לאָמפּ, אָהן אן אבאזשור, און א העלע שיין האָט בעגאָסען דאָס פּנים פון דעם יונג. ער איז שטעהען געבליבען, אָהן בעוועגונג.

און מ׳סיע דעניזעי האָט אויף איהם גלייך אָנגעשטעלט זיינע קלאָהרע אויגען, מיט די אראָפּגעלאָזטע אויגען־הייטלאך. גערעדט האָט ער צו איהם ניט; דאָס איז געווען דער ערשטער אנגריף, אָהן ווערטער, פריהער צו פּרופען זיין מאכט, פאר דער

מלחמה, — א ווילדע, חיטרע מלחמה, פול מיט הינטערווייל־אכץ און שפיצלאף און מאראלע פייניגונג. דיזער יונג איז דער שול־דיגער, און מיט איהם מעג מען אלעס טהון; ער האט קיין רעכטע מעהר, בלויז דאס רעכט זיך מודה צו זיין.

דער פערהער האט זיך אנגעפאנגען זעהר לאנגזאם.

— ווייסט איהר אין וואס פיר א פארברעכען מען בעשולדיגט אייך?

קאביש'ן האט כמעט געווארגען זיין מאכטלאזער כעס, און ער האט ווי ארויסגעקרעכצט.

— געזאגט האט מען מיר ניט. אבער קיין צווייפעל האב איך אויך ניט; — מ'האט דערפון גענוג געפלאפעלט.

— האט איהר געקענט דעם מ'סיע גראנמארען?

— יא, יא, — כ'האב איהם שוין גראד געקענט, גוט גע־קענט!

— א מיידעל, מיט'ן נאמען לואיזעט, אייערע א ליובאוו־ניצע, האט זיך פארדונגען פאר א דיענסט ביי מאדאם מאנעהאן?

דער שטיין־ברעכער איז געווארען אויסער זיך פון רציחה. פון כעס האבען זיך ביי איהם די אויגען אזש אנגעצונדען.

— צום טייפעל! די וואס זאגען עס, זיינען געמיינע ליג־נער, לואיזעט איז מיר ניט געוועזן קיין ליובאוויצע.

דער אונטערזוכונגס־ריכטער האט איהם בעטראכט מיט ניי־געריגקייט, ווי ער ווערט דאס בייז, און עטוואס אבווייכענדיג פון דירעקטע פראגען, האט ער צו איהם געזאגט:

— איהר זייט א גרויסער כעס'ניק; איה זיינט שוין איין מאל פאר'משפט געווארען צו פינף יאהר זיצען פאר חרג'ענען א מענשען, אז איהר האט זיך מיט איהם צוקריעגט.

קאביש האט אראפגעלאזט דעם קאפ. דאס איז געוועזן זיין בזיון, — דאס זיצען אין געפענגניס. און ער האט געמורמעלט:

— דער מאן האט דער ערשטער אויפגעהויבען די האנד... און געזעסען בין איך נור פיער יאהר; איין יאהר האט מען מיר געשענקט.

— אַלזאָ, איהר בעהויפּטעט, אז דאָס מיידעל לואיזעט איז ניט געווען אייער ליובאָווניצע ?

און קאביש האָט ווידער א מאָל פאַרקלעמט זיינע קולאַקעס, אָבער עטוואָס שפּעטער האָט ער גענומען רעדען אין א שטילע, גע־בראָכענע שטימע :

— פאַרשטעהט דאָך, אַז זי איז דאַן נאָך געווען ניט מעהר ווי א קינד, נאָך קיין פיערצעהן יאָהר ניט, ווען איך בין ארויס פון געפענגניס... דאַן האָבען פון מיר אַלע געווייכט, מיט שטיי־נער וואָלט מען מיך פאַרוואָרפען. און זי, — אין וואַלד פלעג איך זי שטענדיג בעגעגענען ; זי פלעגט פון מיר ניט לויפען ; זי פלעגט צו מיר רעדען א וואָרט, און איז צו מיר געווען אזוי גוט, — אָה, אזוי גוט!... און מיט דער צייט זיינען מיר זיך אזוי געוואָרען בעפריינדעט. מיר פלעגען זיך האַלטען פאַר די הענד, און מיר פלעגען אזוי שפּאַצירען. ס'איז אונז געווען גוט, אזוי גוט, — יעמאָלט... אודאי האָב איך פון איהר געטראַכט, — אז זי וועט אונטערוואַקסען... ווער זאָגט אייך דען, אז ניט ? איך בין ארומגעגאַנגען ווי צו מישט, — אזוי האָב איך זי גע־ליעבט. און זי מיך אויך. און דער סוף דערפון וואָלט אודאי געווען, ווי איהר זאָגט אליין ; האָט מען זי אָבער פון מיר צוגע־נומען ; זי איז אוועק דיענען אין דואַנוויל, ביי יענער דאַמע... און א מאָל, אויף דער נאַכט קום איך אהיים פון דער שטיין־גרוב : זי זיצט פאַר דער טיהר, ווי האַלב פאַררייקט, און אזוי צו'הרג'עט, אַז זי האָט אַזש געברענט פון היץ־פיעבער. צו איהרע עלטערען האָט זי ניט געוואָגט זיך אומצוקעהרען ; איז זי געקומען צו מיר שטאַרבען... אָה, דער טייפעל ! דער חזיר'ינע, — כ'האָב איהם בעדאַרפט באַלד געהן דערשטעכען !

דער אונטערזוכונגס־ריכטער האָט צונויפגעצויגען זיינע דיי־נינקע ליפּען : — איהם האָט איבערראַשט די אויפריכטיגע ערנסט־קייט פון דעם מאַן. פּאָזיטיוו, מיט אזא חברה מאַן דאַרף מען זיין פאָרזיכטיג : דער בחור איז א פיעל מעהר געפעהרליכער געגנער, ווי מ'האָט געקענט ערוואַרטען.

— אָה, מיר איז בעקאַנט די גאַנצע שרעקליכע געשיכטע,

וואס איהר און די מיידעל האבען אויסגעטראכט. מערקט אייך אבער, אז דער גאנצער לעבען פון מ'סיע גראנמארען בעווייזט, אז ער שטעהט העכער פון אייערע בעשולדיגונגען.

א צומישטער, מיט אויסגעסטארטשעטע אויגען, מיט ציטער־רענדע הענד, האט דעה שטיין־ברעכער קוים ארויסגעזאגט:

— וואס? אה? וואס זאגט איהר האבען מיר אויסגע־טראכט?... יענע דערצעהלען ליגענס און אונז בעשולדיגט מען, אז מיר זאגען ליגענס!

— אה, וואס מיינט איהר זיך אזוי תם'עוואטע? איך האב שוין גענומען אויפ'ן פערהער מיזאר'ן, — דער וואס האט חתונה געהאט מיט דער מוטער פון אייער ליובאוויצע. איך וועל איהם אייך ברענגען אהער, אויב נויטיג, וועט איהר זעהן, וואס ער טראכט פון אייערע מעשות.... און נעהמט אייך גוט אין אכט, וואס איהר רעדט דא... מיר האבען עדות, מיר ווייסען אלעס, — זאגט בעסער אויס דעם אמת, — וועט פאר אייך זיין בעסער.

דאס איז געווען דעם אונטערזוכונגס־ריכטער'ס געוועהנליכע טאקטיק — אנצולאזען א שרעק, אפילו ווען ער האט אין אמת'ן גארניט געוואוסט און האט קיין עדות אויך ניט געהאט.

— וועט איהר מיר געהן אבלייקענען, אז איהר אליין האט פאר מענשען געשריען, אז איהר וועט דערשטעכען מ'סיע גראנ־מארען?

— אה, דאס יא. דאס האב איך געזאגט, און איך האב עס טאקי געמיינט אויך. די האנד האט זיך ביי מיר אויף דעם אליין געהויבען.

און מ'סיע דעגיזעי האט זיך ווידער פערוואונדערט; ער איז אזש אנשוויגען געווארען. ער האט ערווארטעט, אז דער בע־שולדיגטער וועט אלעם לייקענען. און דא געהט! יענער איז זיך גאר אליין מודה. וואס פאר א מין שפיצעל שטעקט דא? און ער האט מורא געהאט, צו איילט ער זיך דא ניט צופיעל, און ער האט זיך גענעבן א מינוט פארטראכט און דערנאך מיט אמאל א פרעג געטהון:

— וואס האט איהר געטהון אין דער נאכט פון דעם 14טען אויף דעם 15טען פעברואר?

— כ'האב זיך געלייגט שלאפען ארום זעקס אזייגער... איך בין עפעס ניט געווען מיט אלעמען, און מיין קוזען, לואי, האט מיר זאגאר געטהון די טובה און האט פיר מיר אבגעפיהרט א וואגען שטיינער קיין דואנוויל.

— ריכטיג; אייער קוזען האט מען טאקי געזעהען מיט'ן וואגען איבער פאהרענדיג די באהן־ליניע, ביים שלאג־בוים. אבער אז מיר האבען אייער קוזען גענומען אויפ'ן פארהער, האט ער אונז בלויז דערצעהלט איינס: — אז איהר האט זיך מיט איהם געשיידט ארום מיטאג צייט, און אז נאך דעם האט ער אייך מעהר שוין ניט געזעהען.... בעווייזט־זשע מיר, אז איהר זיינט געווען אין בעט זעקס א זייגער.

— איהר רעדט דאך עפעס גאר נארישע רעד: — דאס קאן איך אייך ניט דערווייזען. איך וואהן אין א הויז איינער אליין, אין וואלד. איך בין געווען אין דער היים, ווי איך דערצעהל אייך, און מעהר ווייס איך ניט.

און דא האט מ'סיע דעניזעי זיך בעשלאסען צו דערלאנגען דעם קנאק הגדול — דאס הייסט, רעדען גלייך, ווי אלעס ווייסט ער שוין. דאס פנים זיינס האט זיך מיט אמאל צונויפגעצויגען, ווי מיט פעסטע ענטשלאסענהייט, און די ליפען האבען געשפיעלט די ראלע:

— טא לאמיך זשע אייך דערצעהלען, וואס איהר האט געטהון דעם 14טען פעברואר אויף־דער־נאכט... דריי א זייגער האט איהר זיך אין באראנטען ארויפגעזעצט אויפ'ן באהן צו פאהרען קיין רואן, — צו וואס פיר א צוועק, האט די אונטערזוכונג דערוויל נאך ניט ענטדעקט. אייער פלאן איז געווען צוריק צו פאהרען מיט דעם פאריזער צוג, וואס קומט אן אין רואן דריי מינוט אויף צעהן; איהר זיינט דאן געווען צווישען דעם עולם פאסאזשירען אויף דער פלאטפארמע, און פלוצים האט איהר דערזעהען מ'סיע גראנמארען אין זיין קופע. מערקט אייך, אז איך גיב נערן צו, אז קיין פאראויסגעזעצטען פלאן האט איהר ניט געהאט,

אז דער גערדאנק פון מארד האט איך דאן אנגעכאפט גאר פלוצים... און איהר האט זיך אין די שטופעניש אריינגעכאפט אין זיין קופע; איהר האט אבגעוואַרט ביז דער צוג איז אריין אין טונעל ביי מאלאנע; אבער איהר האט שלעכט אויסגעמער־קירט די צייט, און דער צוג איז שוין ארויס פון טונעל, ווען איהר האט דערלאנגט דעם שטאך מיט'ן מעסער.... דערנאך האט איהר ארויסגעווארפען דעם טויטען קערפער, זיינט אראבגע־קראכען אין באראנטען, ארויסוואַרפענדיג פאר דעם די רייזע קאלדרע.... — אט וואס איהר האט געטהון יענע נאכט.

די גאנצע צייט האט ער אן אויג ניט אראבגעלאזט פון קאביש'ן און האט גוט נאכגעשפיערט דעם מינדעסטען שאטען אויף זיין יונגען ראזעווען פנים; און ער איז געווארען שטארק ברוגז ווען, דער בעשולדיגטער, וואס האט איהם פון אנהויב אויס־געהערט זעהר אויפמערקזאם, האט זיך צום סוף גוט צולאכט.

— וואס דרעהט איהר א מח?.... אז איך וואלט איהם גע־שטאכען, וואלט איך אייך געזאגט.

און קאביש האט נאך צוגעזעצט, שוין אביסעל רוהיגער:

— געטהון האב איך עס ניט; כ'האב עס בעדארפט טהון... און, מיין גאט! דאס טהוט מיר נאך באנג ביז היינטיגען טאג.

און מ'סיע דעניזעי האט פון איהם מעהר גארניט געקאנט ארויסרייסען. אומזיסט האט ער איהם דערלאנגט די פראגען און זיך צוואנציג מאל ווידער און ווידער אומגעקעהרט צו די זעלבע פונקטען, אויף אלערליי אופנים. ניין! און ניין! ניט ער, ניט קאביש! קאביש האט נור געצווייגען מיט די פלייצעס און געזאגט, אז דאס איז אלץ נארישע רעד. ביים ארעסט האט מען איבערגעקעהרט זיין שטיבעלע, אבער געפונען האט מען גארניט, ניט קיין וואפע, ניט די באנק־בילעטען און ניט דאס זייגערל; מ'האט אבער יא געפונען א פאאר הויזען בערפלעקט מיט שטיקלאך פערגליווערטע בלוט — א פערניכטענדער בעווייז! און קאביש האט זיך ווידער צולאכט: — נאך איין שעהן מעשה'לע, — גאר: — ער האט געכאפט א וועווערקע אין נעץ, זי געקוילעט און דערפון זיינען ביי איהם פארשמירט די הויזען!

און דאָ האָט שוין דער אונטערזוכונגס־ריכטער פערלאָרען דעם קאָפּ, — אין די יאָגעניש נאָך דעם פּארבּרעכער זיינען די אַלע פּארדרעהטע אויבער־שפּיצלאַך פון זיין פּראָפעסיאָן געפאלען אויף די קניע פאר דעם פשוט'ן אמת. דער אונענטוויקעלטער קאביש, וואָס האָט גאָר ניט געקענט אָנפיהרען אַ מלחמה מיט הינטערפיסלאַך און וועלכער האָט זיך מיט אַן אונבעזיעגבארע קראפט געהאַלטען פאר זיין „ניין" און אָבער „ניין", — דער קאביש האָט איהם געמאכט אויסער זיך, ווייל דער מ'סיע דעניזעי איז געווען זיכער, אז דאָס איז ער, דער שולדיגער, און דערפאר איז ער געוואָרען מעהר און מעהר אין כעס פון יעדען „ניין" וואָס קאביש האָט געזאָגט בלויז אויס ווילדע עקשנות און פאלשקייט. אָבער ער מוז איהם צווינגען זיך מודה זיין.

— אַלזאָ, לייקענט איהר?

— גאַנץ געווים, אז דאָס איז פאַרט ניט געווען איך... וואָלט איך דאָס געטהון, — אַ וואָלט איך מיט דעם שטאָלצירט און איך וואָלט ניט געלייקענט.

מיט אַן אונערוואַרטעטע שנעלע בעוועגונג האָט זיך מ'סיע דעניזעי אויפגעהויבען, איז צו צו דער טיהר פון דעם צווייטען קליינעם צימער און זי אָליין געעפענט, און האָט אריינגערופען זשאַק'ן.

— דערקענט איהר דיעזען מאַן?

— איך קען איהם, — האָט דער מאשיניסט געענטפערט פערוואונדערט, — כ'האָב איהם אַמאָל געזעהען ביי די מיזארס.

— ניין ניט דאָס... צו דערקענט איהר ניט אין איהם יענעם מאַן אין די קופּע... דעם מערדער?

און מאָמענטאַן איז זשאַק געוואָרען פאַרזיכטיג. און אַ חוץ דעם האָט ער אין איהם טאַקי ניט דערקענט דעם מערדער. יע־נער האָט איהם אויסגעזעהען קירצער, טונקעלער. ער האָט דאָס שוין געוואָלט זאָגען, האָט ער זיך אָבער צוריקגעהאַלטען, ניט וועלענדיג געהן צו ווייט, און ער האָט געענטפערט אונדייטליך:

— כ'ווייס ניט איך קאָן איך ניט זאָגען... גלויבט מיר, מ'סיע, איך ווייס ניט.

און מ'סיע דעניזעי ניט לאנג ווארטענדיג, האט גלייך גע־הייסען אריינרופען די רובאס. און ער האט זיי געשטעלט די־פראגע :

— דערקענט איהר דיעזען מאן ?

קאביש האט די גאנצע צייט געשמייכעלט. ער האט זיך ניט פערוואונדערט, ווען ער האט זאגאר מיט א לייכטען נייג פון קאפ געגריסט סעווערינע'ן, וועלכע ער האט נאך געקענט, ווען זי איז געווען א קליין מיידעלע און האט געוואהנט אין קרוא־דע־מאפרא. אבער זי און איהר מאן האבען שיער ניט געקריגען הארצקלאפעניש, ווען זיי האבען איהם דערזעהען. זיי האבען מאמענטאן פארשטאנען : דאס איז געווען דער ארעטירטער, פון וועלכען זשאק האט זיי דערצעהלט, — דער בעשולדיגטער, צוליעב וועלכען מ'פיהרט עם דעם יעצטיגען פארהער. און רובא'ן האט שיער א שלאג ניט געטראפען, ווען ער האט דערקענט ווי עהנליך דער יונג איז צו דעם אויסגעטראכטען מערדער, לויט רובא'ס בעשרייבונג, — דעם היפך צו זיך אליין. דא איז, נא־טירליך, געווען ניט מעהר ווי א צופאל, אבער רובא'ן האט דאס אזוי בעאונרוהיגט, אז ער האט אזש ניט געוואוסט וואס צו זאגען.

— נו, אלזא, דערקענט איהר איהם ?

— מיין גאט, הערר ריכטער, איך זאג אייך נאך אמאל : — דאס איז בלויז געווען אזא געפיהל ביי מיר... דער מאן האט זיך אן מיר בלויז אנגעריהרט... קיין צווייפעל ניט, ער איז אזוי הויך ווי יענער, און ער איז א בלאנדין, און טראגט ניט קיין בארד...

— דערקענט איהר איהם, אלזא ?

דער ארויסהעלפער פון דעם סטאנציאן־מייסטער האט זיך געפיהלט געדריקט ; ער האט געציטערט פון א שטילען אינערלי־כען קאמפף. אבער דער אינסטינקט פון זעלבסט־בעהיטונג האט איבערגעוואגען.

— זיכער קאן איך אייך ניט זאגען. אבער ער איז אודאי עהנליך, זעהר עהנליך : געוויס.

און דא האט קאביש גענומען שילטען ; וואס מאכען זיי א איהם משוגע מיט זייערע מעשות ! און אזוי ווי ער איז דאך

גיט דער מערדער, ווייל ער זיך געהן אהיים. דאָס בלוט האָט איהם אַ האַק געטהון אין קאָפּ; ער האָט גענומען קלאַפּען מיט די פויסטען, און איז געוואָרען אַזוי שרעקליך, אַז די אריינגערו־פענע זשאַנדאַרען האָבען איהם געמוזט אַרויספיהרען. אָבער מ׳סיע דעניזעי, זעהענדיג דעם צאָרן און דאָס וואַרפען זיך פון די אַטאַקירטע חיה, וואָס שפּרינגט אין דער לופטען, האָט זיך געפרעהט מיט זיין נצחון. יעצט איז ער שוין איבערצייגט; יעצט מעג ער דאָס שוין אַרויסווייזען.

— האָט איהר בעמערקט זיינע אויגען? איך, זעהט איהר, דערקען זיי אין די אויגען... אָה, ער איז שוין אַ פאַרטיגער; מיר האָבען איהם שוין !

די רובאָס האָבען זיך ניט גערוהרט, נור זיך איבערגעבליקט. נו, איז וואָס? אבי זיי זיינען נצול געוואָרען, שוין אַן ענד, כל זמן דאָס געזעץ האָט שוין געפונען דעם שולדיגען. זיי זיינען טאַקי געווען אַביסעל דערשלאָגען, דאָס געוויסען האָט זיי טאַקי געביסען פאַר דער ראָלע, וואָס די פאַקטען צווינגען זיי דאָ צו שפּיעלען. אָבער זייער פרייד האָט געשטילט זייערע געוויסענס־ביסע, און האָט זיי פאַרטומעלט די נשמה, און זיי האָבען גע־שמייכעלט צו זשאַק׳ן, און האָבען מיט פערלייכטערונג געוואַרט מ׳זאָל זיי שוין אַרויסלאָזען אויף דער פרייער לופט, אַז דער אונטערזוכונגס־ריכטער זאָל זיי שוין הייסען געהן, אַלע דריי צוזאַמען.

קומט אַריין דער דיענער און דערלאַנגט מ׳סיע דעניזעי אַ בריעף.

מ׳סיע דעניזעי איז האַסטיג צו צו זיין קאָנטאָרקע און זיך גענומען לעזען מיט אויפמערקזאַמקייט, גאָר פאַרגעסענדיג אָן די דריי עדות. דאָס איז געווען אַ בריעף פון דעם מיניסטער, דאַטהענדיג איהם, ער זאָל האָבען געדולד צו וואַרטען, איידער ער געהט ווייטער אָן מיט דער אונטערזוכונג. און ס׳איז געווען קענטיג, אַז וואָס אין בריעף איז געשטאַנען, האָט איהם פער־שטערט זיין פרייד, ווייל דאָס פנים איז איהם ביסלעכווייז גע־וואָרען קאַלטער און ס׳איז ווידער געוואָרען פינסטערלעך און

פארשטיינערט. איינמאָל האָט ער אויפגעהויבען דעם קאָפּ און א קוק געטהון אויף רובאָ'ן, גלייך ווי דאָס, וואָס ער האָט געזעהן, האָט איהם אָן זיי דערמאָנט. און די רובאָס האָבען גלייך אָנגע־וואָרען זייער קורצע פרייד, און זיי זיינען ווידער געוואָרען אונ־רוהיג. פאר וואָס האָט ער עפּיס אויף זיי א קוק געטהון? האָט מען אפשר אין פאריז דאָך געפונען די דריי שורות, וואָס זי האָט דאָן געשריבען — די דריי פינסטערע שורות, וועלכע לאָזען זיי ניט לעבען? סעווערינע האָט גוט געקענט מ'סיע קאַמיע־לאַמאָט, ווייל זי פלעגט איהם אָפט זעהען ביים הויפט־ריכטער גראַנמאָרען, און זי האָט אויך געוואוסט, אז איהם האָט מען איבערגעגעבען צו ברענגען אין אָרדנונג דעם ערמאָרדעטען'ס פּאַפּירען. און רובאָ'ן האָט עס ביטערליך באַנג געטהון, וואָס ער האָט ביז אהער נאָך ניט געשיקט דאָס ווייב קיין פּאריז צו מאכען איינינע ניצליכע וויזיטען, און יעדענפאלס זיך אויסגעבעטען ביי דעם גענעראל סעקרעטער א שטיקעל פּראָטעקציע, טאָמער זאָגט איהם די קאָמפּאַניע אָפּ פון דער שטעלע צוליעב די שלעכטע קלאַנגען, וואָס געהען איצט וועגען איהם אַרום. און זיי האָבען ביידע איצט קיין אויג ניט אַראָפּגעלאָזט פון דעם אונטערזוכונגס־ריכטער, פּיהלענדיג, ווי זייער אַנגסט ווערט אַלץ גרעסער, וואָס ערנסטער עס ווערט דעם ריכטער'ס פּנים; איהם האָט דער בריעף, קענטיג, געערגערט, ווייל דער גאַנצער טאָג ארבייט זיינער איז דורך דעם געוואָרען צו נישט.

ענדליך האָט מ'סיע דעניזעי אוועקגעלעגט דעם בריעף; געגען א מינוט איז ער געווען פערטראַכט, קוקענדיג אויף די רובאָ'ס און אויף זשאַק'ן. און, אונטערגעבענדיג זיך צו זיין שלים מזל, האָט ער זיך אליין געזאָגט אין דער הויך:

— זאָל זיין! מיר וועלען נאָך זעהן; מיר וועלען דאָס נאָך אונטערזוכען.... איהר מעגט זיך געהן.

אָבער אז די דריי פּערזאָנען זיינען שוין געווען ביים ארויס־גאַנג, האָט ער זיך פאַרט ניט געקאָנט איינהאַלטען פון דעם וואונש אויסצוגעפינען און קלאָהרער צו מאכען דעם וויכטיגען פּונקט, וואָס האָט איהם געשטערט זיין גאנצע נייע השערה:

ניט קוקענדיג דארויף, וואס מען ראטה איהם פון אויבען דערוויילּ גאָרניט צו טהון אליין, איידער ער פרעגט זיך פריהער אָן.

— ניין, איהר ציהט נאָך אויף א ווײלע, — האָט ער גע־זאָגט צו זשאק'ן; — איך דארף אייך נאָך עפּיס פרעגען.

די רובאָס זיינען געבליבען שטעהן אין קאָרידאָר. די טיהר איז געווען אָפען, אָבער זיי האָבען זיך ניט געקאָנט ריהרען פון אָרט; עפּעס האָט זיי דאָרט פערצאַמט דעם וועג — דאָס איז געווען די מורא פאר דעם, וואס עס קומט איצט פאָר ביים אונ־טערזוכונס־ריכטער אין קאבינעט, די איינפאכע פּיזישע אונמעג־ליכקייט אוועק צו געהן, ניט וויסענדיג וואס מ'האָט דאָ ווידער געפרעגט ביי זשאק'ן. זיי האָבען זיך געדרעהט אהין און צוריק, און געשטאנען אויפ'ן איין אָרט, פּיהלענדיג, אז די פיס זיינען ביי זיי ווי אונטערגעהאקט. און זיי האָבען זיך ווידער אראָב־געלאָזט אויף דער באנק, וואו זיי זיינען שוין פריהער אָבגעזעסען און געוואָרט שטונדען לאנג; זיי זיינען געזעסען ווי דערשלאָ־גענע און האָבען געשוויגען.

אז דער מאַשיניסט איז ארויס פון דעם קאבינעט, האָט רובאָ זיך קוים געקאָנט אויפהויבען.

— מיר האָבען אויף אייך געוואַרט: מיר ווילען צוזאמען געהן צו דער סטאנציע.... נו, וואס וויל ער?

אָבער זשאק האָט אוועקגעדרעהט דעם קאָפּ, א צומישטער, גלייך ווי ער האָט געוואָלט אויסמיידען דעם בליק, וואס סעווע־רינע האָט געוואָרפען אויף איהם.

— אָה, ער ווייסט קנאפּ וואס; ער פּלאָנטערט זיך, — האָט ער ענדליך געזאָגט. — איצט האָט ער מיך גאָר געפרעגט, צו איז דער מאָרד ניט בעגאנגען געוואָרען פון צוויי צוזאמען. אין האַוור האָב איך זיי דערצעהלט, אז איך האָב עפּיס געזעהען א שווארצע מאַסע ליעגען אויף די פיס פון דעם אלטען; האָט ער מיך איצט וועגען דעם אויסגעפרעגט... ער מיינט, דאכט זיך, אז דאָס איז בלויז געווען די רייזע־קאָלדרע... און ער האָט געהייסען אריינברענגען די קאָלדרע און האָט נור געוואָלט, איך זאָל איהם זאָגען, צו איך דערקען עפּיס... מיין גאָט! יא, ס'איז אפשר גע־

וועז נור א קאלדערע.

די רובא׳ס האבען געציטערט. מ׳האט שוין דערשמעקט !
איין ווארט פון דעם יונגען מאן, און זיי זיינען פארלארען... און
ער ווייסט זיכער. ער וועט ענדליך, אויסזאגען.

און אלע דריי, — די פרוי צווישען די צוויי מענער, — האָ־
בען, ניט רעדענדיג, פארלאזט די יוסטיץ־קאמער ; אז זיי זיינען
שוין ארויס אין גאס, האט רובא געזאגט :

— אט וואס, קאלעגע : — מיין פרוי וועט די טעג דאָרפען
זיין אין פאריז עפיס צו פארזארגען. כ׳לעבען, ס׳וואלט געווען
זעהר פיין פון אייך איהר צו העלפען ווען זי וועט עפיס דארפען.

5.

עלף אוהר פופצעהן, פונקט צו דער מינוט, האט דער סיגנאל־
פאסט אויף דעם בריק „דע־לא־איירא״ דערלאנגט צוויי פייף, אז
דאס הייסט, אז דער שנעל־צוג פון האוור איז שוין ארויס פון
דעם באטיניאלער טונעל ; און באלד האבען זיך די סיגנאל־צירק־
לען א דרעה געטהון און דער צוג איז אריין אין דער סטאנציע,
פייפענדיג יעדע סעקונדע, קרעכצענדיג און קריצענדיג מיט די
צייהנער פון זיינע צוים־קעטען ; ס׳האט פון איהם געקאפעט
פון נעץ פון דער שלאגס־רעגען, וואס האט ניט אויפגעהערט צו־
געהען פון רואן אן.

די קאנדוקטארס פון דעם צוג האבען נאך קיין צייט ניט גע־
האט צו עפענען די טהירלאך פון די וואגאנעס, ווען איינער פון
די וואגאנעס האט זיך געעפענט, און סעווערינע איז האסטיג
אראפגעשפרינגען אויף דער פלאטפארמע נאך איידער דער צוג
האט זיך אבגעשטעלט. איהר וואגאן איז געווען דער לעצטער, און
זי האט זיך געאיילט צוצוקומען צו דעם לאקאמאטיוו, שטופענדיג
זיך צווישען די פאסאזשירען, וועלכע זיינען אין דער צייט שוין
אויך ארויס פון די וואגאנעס, מיט זייערע קינדערלאך און באגאזש.
זשאק איז געשטאנען ביי דער מאשין, אויף׳ן טרעפעל, ווארטענ־
דיג אויף א פרייען וועג אין דעפא ; און פעקע האט דערווייל מיט
א שמאטקע געווישט די מעש ביי דער מאשין.

— אלזאָ, בלייבט עס אזוי, — האָט זי געזאָגט, שטעלענדיג זיך אויף די שפּיץ פינגער. — פּונקט דריי אוהר וועל איך זיין אויף דער גאַס קאַרדינע, און איהר וועט אזוי פריינדליך זיין און מיך פּאָרשטעלען אייער שעף, איך זאָל איהם קאָנען פּערזענליך דאַנ־קען.

רובאָ האָט עס אויסגעטראכט דעם אויסרעד, אז זי דארף דאַנקען דעם דעפּאָ־מייסטער פון באטיניאָל פאר א עפּיס א שטי־קעל טובה פון א מאָל, און אויף דעם אופן האָט זי געדארפט אָנקו־מען צו די פריינדליכקייט פון דעם מאַשיניסט, ווערען מיט איהם נאָהענטער בעקאַנט און ווירקען אויף איהם.

אָבער זשאַק, פּארשווארצט פון די קוילען, פארנעצט פון דעם רעגען, אָן אויסגעמאַטערטער פון רעגען און פון ווינד, האָט אויף איהר א שטייפען בליק געטהון, און איהר ניט געענטפערט. דעם מאַן איהרע האָט ער ניט געקאָנט ענטפערען בשעת'ן ארויספאָהרען פון האוור; און דער געדאנק, אז ער וועט דארפען זיין מיט איהר אליין האָט איהם ניעדערגעשלאָגען, ווייל יעצט האָט ער שוין געוואוסט, אז ער וועט דורשטען נאָך איהר.

— אַלזאָ, בלייבט עס אזוי? — האָט זי ווידערהאָלט, שמייכ־לענדיג מיט איהר שטילען לאַסטשענדען בליק, ניט קוקענדיג אויף איהר פערוואונדערונג, וואָס ער איז אזוי שמוציג, אז זי האָט זיך אַזש געמיאוסט און האָט איהם קוים געקאָנט דערקאָנען.

— ווי זאָגט איהר? מעג איך זיך אויף אייך פארלאָזען?

און אזוי ווי זי איז נאָך אַלץ געשטאַנען אויף די פינגער, האָט זי זיך געוואָלט מיט דער האנד, פארצוויגען אין א הענדשקע, אָנהאַלטען פאר די אייזערנע הענטעל; פּעקע האָט זי פריינד־ליך געוואָרענט.

— היט זיך, איהר וועט זיך אויסשמירען.

און דאָ האָט זשאַק שוין געמוזט ענטפערען. און ער האָט געענטפערט מיט א ברוגז'ען טאָן: —

— גוט; אין דער גאַס גאַרדינע... דער פארפלוכטער רע־גען זאָל מיך כאָטש ניט צונעצען ביז גאָר. ס'א חזיר'שער וועטער! סעווערינע'ן האָט געריהרט זיין מיזעראַבלער אויסזעהען, און

זי האָט געזאָגט, גלייך ווי געליטען האָט ער נור פון איהרעטוועגען.

— אַך, ווי איהר האָט זיך אַנגעמאַטערט און מיר איז געווען אזוי גוט !... ווייסט איהר, כ'האָב דאָך פון אייך געטראַכט, ווען כ'בין געווען אויסער זיך אויף דעם רעגען... און איך בין דאָך געווען אזוי צופריעדען פון דעם געדאנק, אז איהר פיהרט מיך אָפּ אין דער פריה, און אויף־דער־נאַכט וועט איהר מיך צוריק אָב־פיהרען, מיט'ן שנעל־צוג !

אָבער איהר ליעבליכע גוט־ברידערשאַפט, אזא צערטליכע, האָט איהם גאָר נאָך מעהר בעאונרוהיגט. און איהם איז מיט אַ מאָל געוואָרען גרינגער, ווען אימיצער האָט געגעבען דעם בע־פעהל : — „צוריק !" ער האָט האַסטיג אַ ציה געטהון דאָס הענ־טעל פון דעם פייפער און דער הייצער האָט האַסטיג אָבגעשטופּט די יונגע פרוי.

— דריי אַ זייגער !

— יאַ, דריי אַ זייגער !

און דער לאָקאָמאָטיוו האָט גענומען געהען ; סעווערינא האָט די לעצטע פאַרלאָזען די פּאַסאַזשיר פּלאַטפאָרמע.

אין דרויסען, אין גאַס ד'אַמסטערדאַם, האָט זי געוואָלט פונ־אנדערעפענען איהר רעגען־שירם ; האָט זי אָבער מיט פערגעניגען בעמערקט, אז עס רעגענט שוין ניט. זי איז צוגעגאנגען ביז צו דעם סקווער די האוור, האָט זיך ווי איבערלייגט געגען אַ מינוט און בעשלאָסען גלייכער באַלד אריינגעהן עפּעס אָבעסען. ס'איז געווען פינף־און־צוואנציג מינוט אויף צוועלף, און זי איז אריינ־געגאַנגען אין אַ רעסטאָראַן אין עק קוואַרטאַל פון דער גאַס סען־לאַזאַר, און האָט זיך געהייסען דערלאנגען אַ פיינקוכען און אַ קאָטלעט. געגעסען האָט זי פּאַמעלאַך ; זי האָט זיך ווידער פאַרטראַכט דערפון וואָס מאַטערט זי שוין צייט אייניגע וואָכען ; איהר פנים איז געוואָרען בלאַס און אנגסטליך ; און האָט פאַר־לאָרען דעם שטילען, חן'עוודיגען שמייכעל איהרען.

אַ טאָג פאַר דעם און צוויי טעג נאָך דעם פאַרהער אין רואַן האָט רובאָ בעשלאָסען, אז עס ווערט שוין גאָר געפעהרליך ווייט־טער צו וואַרטען און ער האָט דאָס ווייב אוועקגעשיקט קיין פּאַריז

אויף א וויזיט צו מ'סיע קאמי־לאמאט, אבער ניט אין דעם האף פון מיניסטעריום, זאנדערן צו איהם א היים, אין גאס דע ראשע, וואו ער האט געוואהנט איינער אליין אין די צווייטע הויז צו גראנמארען'ס. זי האט געוואוסט, אז זי וועט איהם טרעפען אין דער היים איינס א זייגער, און זי האט זיך ניט געדראהפט איילען; זי וועט בעסער זיך אנגרייטען, וואס איהם צו זאגען, בעמיהענדיג זיך צו טרעפען, וואס ער וועט איהר פרעגען, כדי זי זאל דערפון דערנאך ניט ווערען ביי זיך צומישט. מיט א טאג פריהער האט נאך עפיס אזוינס פאסירט, וואס האט זי אונטערגעאיילט צו פאהרען קיין פאריז: זיי האבער דערהערט פון די רעדערייען, וואס זיינען אנגעגאנגען אויף די סטאנציאן, אז מאדאם לעבלע און פילאמענע דערצעהלען אומעטום, אז די קאמפאניע וועט רובא'ן אבזאגען פון דער שטעלע, ווייל ער האט זיך דא מיאוס פארדרעהט; און דאס ערגסטע איז, אז מ'האט וועגען דעם א פרעג געטהון ביים סטאנציאן־מייסטער מ'סיע דאבאדי, האט ער ניט געזאגט, אז ניט, — וואס דאס האט דעם קלאנג צוגעגעבען נאך מעהר וויכטיגקייט. ס'איז, אלזא געווארען נויטיג, זי זאל וואס שנעלער זיין אין פאריז זיך צו פארטהיידיגען און צו בעטען די פראטעקציאן פון אזא מעכטיגע פערזענליכקייט, ווי ס'איז פיר זיי אמאל געוועזן דער הויפט־ריכטער. אבער הינטער דער בקשה, וועלכע איז געווען א גוטער תירוץ צו קומען מיט א וויזיט, איז געווען בעהאלטען א וויכטיגערע אורזאכע, די ברענענדע, טיעפע דורשט געוואהר צו ווערען, — א דורשט, וועלכע שטופט אפט דעם פארברעכער זיך בעסער אליין צו מסר'ן, איידער צו בלייבען אין צווייפעל, דאס האט זי גאר ארפגענומען דעם קאפ, ספעציעל איצט, אז זיי האבען דערשפירט, פון זשאק'ס רעד, אז ס'איז געוועזן נאך א צווייטער מערדער. זיי האבען זיך געמאטערט פון צווייפעל, צו האט מען געפונען איהר צעטעלע, צי ווייסט מען די פאקטען; פון מינוט צו מינוט האבען זיי ערוואַרטעט, אז אט זוכט מען זיי, אט כאפט מען זיי. און זייער מאטערניש איז זיי געווארען אזוי אונערטרעגליך, אז דער מינדעסטער פאקט וועגען זיי איז געוועזן אזוי מורא'דיג גרוים אין די אויגען, אז זיי האבען

שוין בעסער געוואַלט זעהען א סוף דערפון, איידער אזא אונענד־ליכע ציטערניש... זאָל שוין זיין וואָס עס וויל זיך, אבי וויסען, אבי ניט ליידען אזוי.

סעווערינע האָט אָבגעגעסען, זייענדיג אזוי צוטראָגען, אז זי האָט זיך ווי אויפגעכאפּט פון שלאָף, אז זי איז גאָר אין א רעס־טאָראַן. א יעדער ביסען איז געווען ביטער און האָט זיך איהר געשטעלט אין האלז ; און די קאָפּע האָט זי ניט געקאָנט טרינ־קען. און אָבוואָהל געגעסען האָט זי זעהר לאַנגזאַם, איז ערשט געווען קוים א פיערטעל איין אינס, ווען זי איז ארויס פון׳ם רעס־טאָראַן. נאָך גאַנצע דריי־פיערטעל שעה צו וואַרטען ! און זי, וואָס האָט אזוי געליעבט פּאַריז און האָט אזא פערגניגען געהאַט פריי ארומצוגעהען אויף די טראָטואַרען, יעדעס מאָל וואָס זי פלעגט האָבען די זעלטענע געלעגענהייט צו קומען אין שטאָדט, — זי האָט זיך איצט געפיהלט א צושראָקענע, א פערלאָרענע און אונגעדולדיג שוין צו מאכען א סוף און צו אנטלויפען. די טראָ־טואַרען האָבען זיך שוין אויסגעטריקענט ; א וואַרעמער ווינד האָט שוין צוטריבען די וואָלקענס.

זי האָט זיך גענומען מיט דער גאַס טראָנשע, און איז צוגע־קומען ביז צום בלומען־מארק דע־לא־מאדעלין, — דאָס איז געווען איינער פון יענע מארק־טעג אין מאָנאט מערץ, ווען די בלאַסע טעג פון דעם געענדיגטען ווינטער ווערען ווי בעדעקט מיט די אלערליי געבראכטע בלומען. א האלבע שעה האָט זי זיך ארומגע־דרעהט אין דעם דאָזיגען פריהלינג פאר דער צייט, א צוטראָגענע פון איהרע אונקלאָהרע געדאנקען, טראכטענדיג פון זשאק׳ן, ווי פון א שונא. מיט וועלכען מען מוז זיך איבערבעטען. זי האָט זיך צופּאַנטאזירט, אז זי איז שוין געווען אין דער גאַס דע ראָשע, ביי מ׳סיע קאמי־לאַמאָט, און האָט שוין דאָ אַלעס געפּועלט, און איצט דאַרף זי זיך נור פאַרזיכערען, אז דער זשאק זאָל שווייגען. און דאָס איז געווען א שווערע זאַך, און זי האָט זיך געדרעהט דעם קאָפּ, און איהר האָבען זיך פאַרגעשטעלט אלץ אזוינע ראָ־מאַנטישע פּלענער. אָבער דער טראַכטען האָט זי קיין מיה ניט געקאָסט, און זי ניט געשראָקען, זאָנדערן זי זאָגאר ווי פאַמעלאַך

בערוהיגט... פלוצים האט זי דערזעהן א זייגער אויף א קלייט אין מארק: — ס'איז שוין געווען צעהן מינוט אויף צוויי. און דעם וויזיט האט זי נאך ניט געמאכט; די וואהרע ווירקליכקייט האט איהר א קלעם געטהון, און זי איז מיט האסטיגע טריט אוועק אין די גאס דע־ראשע.

די וואהנונג פון מ'סיע קאמי־לאמאט איז געווען אויף'ן עק פון די גאס דע־ראשע און פון די גאס דע־נאפל. סעווערינע האט געמוזט פארבייגעהען פאר די וואהנונג פון גראנמארען'ען, וועלכע איז געווען וויסט, שטיל, מיט פארמאכטע לאדען. זי האט אויפגעהויבען די אויגען, און גענומען געהען שנעלער. זי האט זיך דערמאנט, ווי זי איז דא געווען צום לעצטען מאל. דאס הויז איז איהר געשטאנען פאר די אויגען — גרויס, שרעקליך. זי איז אבגעגאנגען אייניגע טריט ווייטער; אינסטינקטיוו האט זי זיך אומגעקוקט צוריק, ווי איינער וואס איהם יאגט זיך נאך א גאנצער עולם. און זי האט דערזעהן, איבער'ן וועג, דעם אונטערזוכונגס־ריכטער פון רואן, מ'סיע דעניזעי, קומענדיג מיט איהר אין דער זעלבער ריכטונג. זי האט זיך דערשראקען. האט ער, דער ריכטער, אפשר בעמערקט, ווי זי האט א בליק געטהון אויף דעם הויז? אבער ער געהט זיך גאנץ געלאסען. סעווערינע האט גענומען געהען נאך לאנגזאמער און, אז ער האט זי איבערגעיאגט, איז זי איהם נאכגעגאנגען אין גרויס אנגסט. און ס'האט איהר א האק געטהון אין הארצען, ווען זי האט דערזעהען, אז ער איז צו צום עק־הויז פון דער גאס דע נאפל און האט אנגעקלינגען ביי מ'סיע קאמי־לאמאט.

און א פחד האט איהר גענומען פאר'ן הארצען. איצט, ווי וועט זי דאס זיך דערוועגען אויף ארייגצוגעהען אהין;

און זי האט זיך אומגעקעהרט און איז אוועק מיט דער גאס ד'עדינבורג, ביז זי איז צוגעקומען צום בריק דע ל'איראפ, דא האט סעווערינע זיך ערשט אביסעל בערוהיגט. און ניט וויסענדיג, וואס איצט צו טהון און וואוהין צו געהן, א צומישטע, האט זי זיך אנגעשפארט אן איינע פון די פארענצעס און האט ארונטער געקוקט, צווישען די אייזערנע שטאנגען, בעטראכטענדיג די

גרויסע שטרעקע פון דער סטאנציע, וואו עס האבען געהאלטען אין איין ארומדרעהען זיך פיעלע צוגען. און זי האט נאכגעקוקט מיט איהרע צושראקענע אויגען די לויפענדע וואגאנעס, און דער געדאנק איז איהר דערווייל ניט ארויס פון קאפּ, אז דער ריכטער איז געווים געקומען צו פאהרען וועגען דעם מארד, און די צוויי מענער זיצען איצט און רעדען פון איהר, און איהר שיקזאל ווערט בעשלאסען פיעלייכט אין דיעזער מינוט. און יעדע פיצעלע האפנונג איז אוועק פון איהר, און ס׳האט זי אנגעכאפּט דער שרעקליכער וואונש זיך בעסער אנידער צו ווארפען אונטער די רעדער פון א לויפענדען צוג איידער זיך אומצוקהערען אין די גאס דערהאשע. און אט קומט טאקי ארויס א צוג פון אונטער דעם הענגדאך פון איינעם פון די הויפּט־וואקזאלען, און דער צוג רוקט זיך צו איהר און געהט ווייטער אונטער דער בריק, וואו זי שטעהט, און רויכט איהר אריין אין פּנים א ווארימען וואלקען פון ווייסען דאמפּף. און דא האט זי פּלוצים דערזעהן, אז איהר גאנצער קומען קיין פּאריז איז ארויסגעווארפען, און זי האט זיך פארגעשעטלט די שרעקליכע אנגסט, וואס זי וועט מיט זיך פון דאנען ארויספיהרען, אויב זי וועט ביי זיך ניט האבען די גבורה זיכער עפּיס געוואהר צו ווערען, אז ס׳האט איהר גענומען פולע פינף מינוט איידער זי האט ווידער געפונען איהר פריהעריגען מוטה, די לאקאמאטיוועו האבען געפייפט; און זי האט נאכגעקוקט איין קליינע וואקזאל־מאשין, וועלכע האט געהאלטען אין פונאנדערנעמען אן ארטיגען צוג. און אביסעל ווייטער, ארויף ליגקס, האט זי דערזעהן, ווען זי האט אויפגעהויבען די אויגען, דער מומע וויקטאריא׳ס פענסטער, איבער די פאסט־געביידע, אין דעם אויבערשטען עטאזש, — דאס פענסטער, וואו זי איז דאן געשטאנען מיט איהר מאן, פאר דער שעלהאפטער סצענע, פון וועלכע ס׳איז ארויסגעקומען זייער גאנצער אונגליק. און זי האט זיך דערמאנט אן איהר גרויסע סכנה, און ס׳האט זי אנגעכאפּט אזא שארפער וועהטאג, אז זי האט מיט אמאל דערפיהלט, אז זי איז בערייט אויף אלעס, אבי אן עק זאל עס נעהמען...

א קלאנג פון די סיגנאל־רעהרלאך און אן אונגעהייערער רויש

האָט זי פערטריבט, און אַ געדיכטער רויך האָט פאַרשטעלט דעם האָריזאָנט, איינהילענדיג דעם גרויסען העלען הימעל פון פאַריז. און זי האָט זיך ווידער אומגעקעהרט צו דער גאַס די ראָשע, געהענדיג אַהין, ווי צו איהר זעלבסט־מאָרד; פּלוצלינג האָט זי גענומען געהען שנעלער, זיי זאָלען זיך דערווייל חלילה פון דאָרט ניט צוגעהען, און זי וועט קיינעם ניט טרעפען.

אַז סעווערינע האָט ענדליך אָנגעריהרט דאָס קנעפּעל פון דעם גלאָק, האָט זי ווידער אָנגעכאַפּט די מורא. אָבער דאָ האָט דער דיענער זי שוין אַריינגעפיהרט אין וואַרטונגס־זאַאַל און איהר געפרעגט איהר נאָמען; דורך די האַלב־אָפענע טיהר, האָט זי גאַנץ דייטליך געהערט דעם לעבהאַפטען געשפּרעך פון צוויי מענער: און באַלד איז געוואָרען שטיל, מיט אַ מאָל, ווי אין אַ קבר. און זי האָט שוין מעהר ניט געהערט, בלויז, ווי עס האַקט איהר אין די שלייפען; און זי האָט זיך געטראַכט, אַז דער אונטערזוכונגס־ריכטער איז נאָך מסתמא דאָרטען, און אַז מען וועט זי דאָ לאָזען וואַרטען אַ שעהן ביסעל און אַז דאָס וואַרטען נעמט איהר אַרויס די נשמה. פּלוצים, גאָר מיט אַמאָל, אַן איבערראַשונג: — דער דיענער האָט זי אַ רוף געטהון און זי אַריינגעפיהרט אין קאַבינעט. געוויס, איז דער ריכטער נאָך דאָ; ער מוז דאָ זיין ערגיץ הינטער דער פּאָרטיערע.

דאָס צימער איז געווען אַ גרויסער אַרבייטס־קאַבינעט, מיט אַ דיקען דעק אונטער די פיס און מיט שווערע פּאָרטיערעס, און אַזאַ פאַרמאַכטער און שטרענגער, אַז קיין פּיפּס האָט זיך פון דרויסען ניט געהערט. און דאָך זיינען דאָ געווען בלומען, — בלאַסע רויזען, און אַ בראָנזענעם קאָשיקעל. און אין דעם האָט זיך אַרויסגעוויזען דעם מאַן'ס גוסט פיר דאָס ליעבליכע — אַ מעלה, וואָס ער האָט געוואָלט פאַרבאָרגען הינטער זיין שטרענגקייט. דער בעל־הבית אַליין איז געשטאַנען אין מיטען צימער, זעהר קאָרעקט איינגעשנורעוועט אין זיין ראָק; זיין מאָגערער פּנים, מיט עטוואָס גרויע באַקענבאַרדען, האָט אויך אויסגעזעהן שטרענג אָבער נאָך אַלץ שעהן, און דער גאַנצער פּאַרשוין האָט אויסגעזעהן ווי אַ פיינער מאַן פון דער הויכער געזעלשאַפט, אָב־

וואָהל ער האָט זיך געהאַלטען מיט דעם גאַנצען אָפיציעלען שטאָלץ פון א בעאַמטען, אין דער האַלב דונקעלקייט פון דעם קאַבינעט האָט ער אויסגעזעהן גאַנץ גרויסווירדיג.

אַז זי איז אַריין אין קאַבינעט, האָט זי באַלד דערפיהלט די וואַרעמע לופט אָנגעפילט מיט פּערפומען; זי האָט קיינעם פאַר זיך ניט געזעהן אחוץ מ'סיע קאָמי־לאַמאַט, וועלכער האָט אויף איהר געקוקט. ער האָט זי ניט געלאַדען זיך זעצען, און האָט בכיון געשוויגען, וואַרטענדיג, אַז זי זאָל אומגעפרעגט ערקלערען צו וואָס זי איז געקומען, די פויזע איז דערפון געוואָרען נאָך לענגער; און אין איהר שרעקליכען געפאַהר, האָט זי, פאַרקעהרט דורך א געוואַלדיגע ענטקעגענווירקונג, זיך גענצליך בעהערשט, ווערענדיג רוהיג און זעהר קאַלטבלוטיג.

— מ'סיע, — האָט זי געזאָגט, — איהר וועט מיר ענטשולדיגען, וואָס איך נעהם מיר די פריהייט זיך צו פאַרלאָזען אויף אייער גוטסקייט. אייך איז אונבעקאַנט דעם שרעקליכען פאַרלוסט, וואָס איך האָב געליטען, און אין מיין יעצטיגע שלעכטע לאַגע האָב איך געוואַגט צו דענקען, אַז איהר וועט אונז ניט פאַרלאָזען און איהר וועט אונז אויך שענקען אביסעל פּראָטעקציע, ווי דאָס פלעגט טהון אייער פריינד און אונזער בעשיצער, וועלכען מיר האָבען פאַרלאָרען.

זי האָט דאָס אַלעס אַרויסגערעדט מיט א פאָלקאָמען ריכטיגע שטימע, לויט איהר איינגעבאָרענעם קונסט פון ווייבליכע צבוע'אַטסטוואָ, ניט איבערטרייבענדיג ניט איהר טרויער און ניט איהר געבעט. און מ'סיע קאָמי־לאַמאַט האָט שוין געמוזט זי איינלאַדען זיך זעצען — מיט א מאַך פון זיין האַנד; רעדען האָט ער צו איהר נאָך אַלץ ניט גערעדט; ער האָט זיך אַליין אויך געזעצט און האָט ווייטער געוואַרט. און זי האָט ווייטער גערעדט אַנזעהענדיג, אַז זי מוז עס בעסער ערקלערען.

— איך נעהם מיר די ערלויבניש אויפצופרישען אייער זכרון, דערמאָנענדיג אייך, אַז איך האָב געהאַט די עהרע אייך צו זעהען אין דואַנוויל. אַך, ס'אַ גליקליכע צייטען דאָס זיינען דאַן געווען פיר מיר!... יעצט זיינען געקומען די שלעכטע צייטען, און א

חוץ אייך, מ׳סיע, האָב איך קיינעם ניט, און איך בעט אייך אין נאָמען פון איהם, — וואָס מיר האָבען פאַרלאָרען. איהר, וואָס איהר האָט איהם אַזוי געליעבט, זעצט פאָרט זיין גוטסקייט, און זייט צו מיר, וואָס ער איז מיר געווען.

ער האָט זי אויסגעהערט ; ער האָט זי בעטראַכט ; און אַלע זיינע חשד׳ען זייגען אָבגעשוואַכט געוואָרען, — אַזוי נאַטירליך איז זי געווען, אַזוי בעצויבערענד אין איהר טרויער און איהר געבעט. דאָס צעטעלע, וואָס ער האָט געפינען צווישען גראַנמאָרען׳ס פּאַפּירען, — די צוויי שורות אָהן אַן אונטערשריפט, — איז ער געווען זיכער, האָט געמוזט זיין פון איהר און ניט פון קיין אַנדערען : ער האָט עפּיס געוואוסט פון איהרע פערהעלטניסע צום הויפּט־ריכטער. און איהר יעצטיגער וויזיט האָט איהם נאָך מעהר איבערצייגט. און ער האָט אונטערבראָכען זיין געשפּרעך מיט דעם אונטערזוכונגס־ריכטער, בלויז נור צו בעשטעטיגען זיין זיכערהייט. אָבער ווי קאָן מען עס זי האַלטען פאַר שולדיג, אַז מ׳זעהט, ווי זי איז אַזוי שטיל און אַזוי רוהיג ?

און קאַמי־לאַמאַט האָט זיך געוואָלט די זאַך קלאָהר מאַכען. מיט זיין שטרענגען בליק אויף איהר, האָט ער זי געפרעגט.

— רעדט דייטליכער, מאַדאַם... איך גערענק אייך שוין זעהר גוט, און איך פאַרלאַנג גאָר קיין בעסערס ניט ווי צו קאָנען זיין ניצליך פיר אייך, אויב קיין אָבהאַלט וועט דאָ ניט זיין.

און סעווערינע האָט איהם זעהר קלאָהר איבערגעגעבען אַלע אייגצעלהייטען, פאַר וואָס איהר מאַן קאָן נאָך פאַרליערען די שטעלע. ערשטענס איז מען איהם שטאַרק מקנא, וואָס ער האָט זיך אַזוי שעהן דערדיענט און האָט ביז דאָ ניט לאַנג געהאַט אַזאַ מהייערע פּראָטעקציע. אָבער איצט, אַז קיין בעשיצער האָט ער שוין ניט. האָבען זיינע שונאים זיך אָנגענומען מיט נייעם מוטה און בעמיהען זיך נאָך מעהר. קיין נעמען וועט זי, פון דעסטוועגען, ניט דערמאָנען ; און וועט איינהאַלטען איהר שפּראַך אין געוויסע גרענצען, אָבוואָהל דאָס געפאַהר איז גרויס ; אָבער אַז ס׳איז שוין געקומען אַזוי ווייט, אַז זי האָט געמוזט פאָהרען קיין פּאַריז, איז דאָס נור אויס פאָלקאָמענער איבערציעגונג, אַז אָבלע־

נען אויף שפעטער טאָר מען שוין ניט. ווער ווייס וואָס: מאָר־נען קאָן שוין אויך זיין צו שפעט. שטיצע און טרייסט בעט זי זאָפאָרט. און די אלע איהרע רייד האָט זי אונטערשטיצט מיט אזוי פיעל לאָגישע פאַקטען און ריכטיגע אורזאכען, אז ס'האָט ווירקליך אויסגעזעהען, אז מיט איהר קומען האָט זי קיין אנדער צוועק גאָר ניט געקאָנט האָבען.

מ'סיע קאמי־לאמאָט האָט בעטראכט איהר פּנים ביז דעם מינדעסטען קוים בעמערקזאמען ציטער פון איהרע ליפּען. פּלוצים דערלאַנגט ער איהר דעם ערשטען זעץ איבער'ן מח.

— אָבער פאר וואָס זאָל גאָר די באהן־קאָמפּאַניע וועלען אבזאָגען אייער מאן? וואָס קאָן זי פּאַרט האָבען עפּיס וויכטי־געס געגען איהם?

זי האָט פון איהם אויך קיין אויג ניט אראָפּגעלאָזט, בעמער־קענדיג די מינדעסטע קנייטשעלע פון זיין פּנים, און אלץ טראכ־טענדיג, צי ער האָט געפינען דאָס צעטעלע; און ניט קוקענדיג אויף די אונשולדיגקייט פון אזא פראגע, איז אין איהר מיט א מאָל אריין די איבערצייגונג, אז דאָס צעטעלע געפינט זיך ערגיץ דאָ. אין דעם צימער; און ער ווייסט אלעס, און וויל איהר בלויז אונטערשטעלען א פּאַסטקע, ווייל איהם ווילט זיך זי אויספּרו־בירען, צי וועט זי האָבען דעם מוטה, זיך מודה צו זיין אין דער אמת'ער אורזאכע פאר וואָס איהר מאן זאָל פערליערען די שטע־לע. און דערצו נאָך האָט ער צו שטארק בעטאָנט זיינע ווערטער, און זי האָט דערפיהלט, אז זיינע בלאסע מיעדע אויגען קוקען איהר אריין אין דער טיעפעניש פון איהר נשמה.

אָבער מוטהיג געהט זי ענטקעגען דעם געפאהר.

— אך, מיין גאָט, מ'סיע, — ס'איז דאָך עטוואָס שרעקלי־כעס: — אונז בעשולדיגט מען, אז מיר האָבען ערמאָרדעט אונזער וואָהלטהעטער! — צו ליעב די מיזעראבלע ירושה. ס'איז אונז ניט שווער געווען צו בעווייזען אונזער אונשולד. אָבער, עס בלייבט דאָך שטענדיג איבער עפּיס א חשד פון אזוינע בעשולדי־גונגען, און די קאָמפּאַניע האָט, אָהן צווייפעל, מורא פאר א סקאנ־דאַל.

און ער איז ווידער א מאָל איבערראַשט געוואָרען, און צו־רישט געוואָרען פון אזא אָפענהערציגקייט, און נאָך מעהר פון דעם טאָן, ווי זי רעדט עס ווי פון האַרצען. דערצו נאָך האָט איהם סעווערינע, וועלכע איז איהם פון ערשטען בליק אויסגעקומען א גאנץ געוועהנליכע פארשוין, יעצט אויסגעזעהען גאָר צוציהענד, מיט די ליעבליכע ווייבליכקייט פון איהרע בלויע אויגען אונטער די שעהנע שווארצע האָאַר איהרע. און ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיין פריינד גראנמאַרען, ווי אן אייפערזיכטיגער אין זיין בע־וואונדערען די יונגע פרוי: ווי קומט ער, צום טייוועל, אזא'ן אַלטער, שטענדיג צו האָבען אזויפע ווייבעלאך, ביז'ן טויט אריין, אין דער צייט וואָס ער, יונגער פון איהם מיט צעהן יאָהר, מוז זיך שוין אָבזאָגען פון אזוינע שפיעלכלאך, כדי אין גאנצען נים צו פארשווענדען זיין ביסעל כח? זי איז דאָך ווירקליך זעהר בע־צויבערענד, זעהר פיין; און ער האָט ביי זיך ניט געקאָנט איינ־האַלטען זיין שמייכעל פון דעם ליעבהאָבער פון דער קונסט, אָב־וואָהל היינט צו טאָג איז ער שוין אליין אין דעם ניט פאראינטע־רעסירט, — ער, דער שטרענגער בעאמטער, מיט זיין קאַלטען גרויס־ווירדיגען אויסזעהען, בעלעסטיגט פון אזא'ן אונאנגענעהמע געשיכטע.

אָבער סעווערינע, מיט די געוואַנטקייט פון דער פרוי, וואָס פיהלט איהר קראפט, האָט אונפאַרזיכטיג בעמערקט: —

— אזוינע מענשען ווי מיר, הרג'ענען ניט צוליעב געלד. א פיעל וויכטיגער אורזאכע וואָלט דאָ בעדארפט זיין, און ס'איז אָבער ניט געוועז.

ער האָט זי אָנגעקוקט; ער האָט בעמערקט א ציטער אין די ווינקלען פון איהר מויל. יא, ש' איז דאָס! איצט ווייס ער שוין, זיכער, און בעמערקענדיג, אז ער האָט אויפגעהערט צו שמייכלען, און האָט נערוועז צוזאמענגעדריקט די ליפען, האָט סעווערינע באַלד פערשטאַנען, אז זי האָט זיך פערראַטהען. זי האָט דערפיהלט אזא מין שוואכקייט, ווי אלע איהרע קרעפטען וואָלטען זי פערלאָזען. פון דעסטוועגען איז זי געבליבען זיצען אויפ'ן שטוהל גלייך ווי פריהער, זי האָט געהערט, אז דער טאָן

פון איהר שטימע איז גראדע אזוי רוהיג, ווי פריהער, און אז זי רעדט גראדע דאס, וואס געהעריג איז. דער געשפרעך האט אנגעהאלטען, אבער איינער פון דעם צווייטען האט שוין גאר ניט געקאנט געוואהר ווערען; וואס די ווערטער זאלען ניט געוועזען זיין, אבער גערעדט האבען זיי נור דערפון, וואס זיי האבען ניט ארויסגעזאגט. ער האט איהר בריעף, זי האט איהם געשריבען, דאס האט מען געקאנט ארויסזעהען אפילו פון זייער שווייגען.

— מאדאם, — האט ער ענדליך געזאגט, — איך ענטזאג זיך ניט פאר אייך זיך צו בעמיהען פאר די קאמפאניע, אויב איהר פערדיענט זיך ווירקליך מען זאל זיך מיט אייך אינטערעסירען. גראדע היינט אבענד ערוואַרט איך דעם הויפט פון דער קאמ־פאניע.... צוליעב אן אנדער געשעפט.... אבער איך דארף האבען איינינע אויסקינפטע. אט ווארט! שרייבט מיר אן דעם נאמען, די יאהרען און די שטעלע פון אייער מאן, — און ענדליך אלץ, וואס קען מיך בעקאנט מאכען מיט אייער לאגע.

און ער האט צו סעווערינע'ן צוגערוקט א קליין טישעל, און האט אויפגעהערט אויף איהר צו קוקען, אום ער זאל זי ניט צופיעל איבערשרעקען. זי האט א ציטער געטהון: ער האט געוואלט א מוסטער פון איהר האנדשריפט, אום עס צו פערגלייכען מיט דעם צעטעלע. נעגען א מינוט האט זי פערצווייפעלט געזוכט אן אויסרעדע, אום זיך דערפון צו ענטזאגען, אבער זי האט זיך באלד בערעכענט: צו וואס? ער ווייסט דאך שוין אלץ אייגס. און מען קען דאך אימער קריגען איהרע איינינע גע־שריבענע צייליען.... אהן א שום אויסערע אויפרעגונג, גאנץ אייג־פאך, האט זי אנגעשריבען, וואס מען האט פון איהר געפאדערט. שטעהענדיג הינטער איהר האט קאמי־לאמאט באלד דערקענט איהר האנדשריפט, וועלכע איז געוועזען אביסעל מעהר לענגליך, ניט אזוי א צוטרעסעלטע ווי אין דעם צעטעל. ער האט זיך ניט געקענט אפוואונדערען אויף די אונערשראקענהייט פון דיעזער קליינע־קער פרוי; איצט, ווען זי האט אויף איהם שוין ניט געקוקט, האט ער אויף זיינע ליפען ווידער געהאט דעם שמייכעל פון א מאן, אויף וועלכען שעהנהייט האט נאך עפיס א ווירקונג, אבער

וועלכער איז פון ערפאהרונג גלייכגילטיג צו יעדע זאך. אין דער ווירקליכקייט לוינט זיך גאר ניט די מיה צו זיין וואהרהאפט. ער האט נור געזוכט אבצוהיטען די גועלשאפטליכע אָרדנונג, צו וועלכע ער האט געדיענט.

— אלזא! מאדאם, גיט דאס מיר איבער, איך וועל אנ־קלייבען אויסקינפטע, און וועל זיך בעמיהען צו טהון אלעס, וואס פון מיר הענגט אב.

— איך בין איך זעהר דאנקבאר, גנעדיגער הערר! אלזא, איהר וועט שוין העלפען מיין מאן, מעג איך עס שוין בעטראכ־טען ווי בעשלאסען?

— אך, ניין! איך פערשפרעך גאר ניט... איך מוז נאך זעהען, בעדענקען...

און ווירקליך, ער האט זיך נאך געקווייקעלט, ער האט נאך ניט געוואוסט ווי זיך צו בעגעהן מיט דעם פאר פאלק.

סעווערינע'ן האט פארקלעמט ביים הארצען ביים געדאנק, אז זי איז אין זיין מאכט, און אז ער קען זי רעטען אדער פערניכטען. זי האט ניט געוואוסט די רעזאנען, וועלכע קענען ווירקען אויף דעם ערשטען אדער דעם צווייטען בעשלוס.

— אך! מיין הערר, בערעכענט נור אונזער מאטעריעל... איהר וועט דאך מיך ניט לאזען אוועקפאהרען, ניט געבענדיג מיר עפיס א פערזיכערונג.

— צום בעדויערען, מאדאם! איך קען גאר ניט טהון. ווארט אויס.

ער האט זי לייכט געדרוקט צו דער טיהר. סעווערינע האט זיך געלאזט געהן, א פערצווייפעלטע, אן אויפגערעגטע, פארטיג אלעס צו דערצעהלען. זי האט געפיהלט א שטארקע נויטיגקייט איהם צו צווינגען קלאהר ארויס צו זאגען, ווי ער דענקט מיט זיי צו האנדלען. אום נאך צו פערבלייבען א מינוט, און האפענ־דיג אויסצוגעפינען ווי זיך אויסצודרעהען, האט זי א געשריי געטהון:

— איך האב גאר פערגעסען, איך האב געוואלט איך פרעג־

גען אַן עצה וועגען דער אונגליקליכער צואה.... דענקט איהר אַז מיר וואָלטען זיך געדאַרפט אָבזאָגען פון דעם געשאַנק?

— דער געזעץ איז מיט אייך, — האָט ער פּאָרזיכטיג געענטפערט. — דאָס ווענדט זיך שוין ווי מען קוקט אויף דער זאַך און ווי די אומשטענדען זיינען.

זי איז שוין געשטאַנען אויף דער שוועל, אָבער זי האָט נאָך געמאַכט די לעצטע בעמיהונג:

— מיין הערר, איך בעט אייך, לאָזט מיך אַזוי ניט אוועקגעהן, זאָגט מיר צו מעג איך האָבען אַ האָפנונג.

אליין ניט וויסענדיג, האָט זי אָנגעכאַפּט זיין האַנד. ער האָט די האַנד אַוועקגענומען. אָבער זי האָט אויף איהם געקוקט מיט איהרע שעהנע אויגען, וועלכע זיינען געווען פול מיט הייסען געבעט, און ער איז ווייכער געוואָרען.

— נו! קומט אריין ארום פינף אַ זייגער, פיעלייכט וועל איך אייך האָבען עפּיס צו זאָגען.

זי איז אַוועקגעגאַנגען; זי האָט פערלאָזען דאָס הויז נאָך מעהר בעאונרוהיגט ווי ווען זי איז געקומען. די לאַגע איז קלאָהרער געוואָרען, און איהר שיקזאַל איז נאָך געווען אונבעשטימט; — פיעלייכט וועט מען זיי באַלד ארעסטירען, ווי אַזוי דערלעבט מען ביז פינף אַ זייגער? פּלוצלונג האָט זי זיך דערמאָנט אָן זשאַק'ן, אָן וועמען זי האָט גאָר געהאַט פערגעסען: נאָך איינער, וואָס קען זי פערניכטען, ווען מען זאָל זי ארעסטירען! און אָבוואָהל עס איז ערשט געווען האַלב דריי, האָט זי זיך דאָך געאיילט און איז געגאַנגען איבער ראָשע גאַס צו דער גאַס קארדינע.

ווען קאַמי־לאַמאָט איז איבערגעבליבען אליין, איז ער צוגעגאַנגען צו זיין קאָנטאָרעל. זייענדיג אַ נאָהענטער צו טיולערי, וואוהין זיין בעשעפטיגונג אלס גענעראַל־סעקרעטאַר פון דעם יוסטיץ־מיניסטעריום פלעגט איהם כמעט יעדען טאָג ברענגען, און זייענדיג כמעט אַזוי מעכטיג ווי דער מיניסטער אליין, ווייל ער פלעגט דורכפיהרען די געהיימניסטע בעפעהלען, האָט ער גוט געוואוסט אויף ווי פיעל דיעזע גראַנמאָרען געשיכטע האָט גע־

שטאָכען די העכערע ספערען. די אָפּאָזיציאָנס פרעסע האָט געהאלטען אין איין ליארעמען; אייניגע האָבען בעשולדיגט די פּאָליציי, אז זי איז אזוי בעשעפטיגט מיט פּאָליטישען שפּיאָנירען, אז זי האָט קיין צייט ניט צו געפינען די מערדער. אנדערע האָבען געהאלטען אין איין נאָכזוכען אין דעם לעבען פון דעם הויפּט־ריכטער, געבענדיג אָנצוהערען, אז ער האָט געהערט צום הויף, וואו עס האָט געהערשט די נידריגסטע אויסגעלאסענהייט. דיעזער ליארם האָטווירקליך אָנגעהויבען צו ווערען געפעהרליך, וואָס נעהענטער עס איז געקומען צו די וואהלען. דארום האָט מען דעם גענעראל־סעקרעטער אויסגעדריקט אַ פאָרמעלען וואונש, אז ער זאָל ווי עס איז און ווי אם שנעלסטען מאכען אַן ענדע צו דיעזער געשיכטע. דער מיניסטער האָט אויף איהם ארויפגעלעגט די דעליקאטע אויפגאבע, און אָט פון איהם אליין האָט איצט אָבגעהאַנגען אויף זיין אייגענער פעראַנטוואָרטליכקייט אָנצונעמען איינעם אָדער אַן אנדערען בעשלוס. דאָס האָט מען געדארפט גוט בעקלעהרען, ווייל קאמי־לאמאָט איז געווען זיכער, אז אין פאל פון אַ דורכפאל, וועט ער דער איינציגער דאָס דערפיהלען אויף זיינע בייגער.

נאָך אַלץ טראַכטענדיג, האָט ער געעפענט די טיהר צום צווייטען צימער, וואו דעניזעי האָט געוואַרט, און האָט זיך פון דאָרט געהאט צוגעהערט צום געשפרעך, און האָט אויסגעשריען:

— איך האָב אייך געזאָגט. אז אומזיסט בעשולדיגט מען דיעזע לייטע.... דיעזע פרוי טראכט בלויז פון דעם, אז מען זאָל איהר מאן ניט אָבזאָגען. זי האָט ניט ארויסגעלאָזען קיין איין פערדעכטיגעס וואָרט.

דער גענעראל־סעקרעטער האָט ניט באלד געענטפערט. פארטראָגען, אָנבליקענדיג דעם אונטערזוכונגס־ריכטער, דאָס גראָבע געזיכט און די דיקע ליפּען, פון וועלכען עס האָבען איהם איבעררּאשט, האָט ער יעצט זיך פארטראכט פון דער מאגיסטראטור, פון וועלכע ער איז אין דער שטיל און אין דער אמת'ן געווען דער הויפּט, און ער האָט זיך אליין געוואונדערט, וואָס זי איז נאָך [illegible]דיג אין איהר ארמוטה און זאָגאר אזוי

גוט ענטוויקעלט אונטער דעם פּראָפּעסיאָנעלען יאָך. אָבער דער דעניזעי, מיט זייגע שווערע הויט־ברעמען און מיט זיין גרויסע מיינונג פון זיך, איז אַזוי שרעקליך פאַר׳עקשנ׳ט, ווען איהם דוכט זיך נאָר אויס, אַז ער האָט עם דערטאַפּט דעם אמת ביי די פּיס....

— איהר בעשטעהט, אַלזאָ, אויף אייערען, — האָט מ׳סיע קאמי־לאַמאַט געזאָגט: — דער שולדיגער איז ביי אייך אַלץ דער קאַביש.

מ׳סיע דעניזעי האָט זיך פערחוואונדערט.

— נו, געוויס... אַלעס איז געגען איהם. איך האָב דאָ פאַר אייך שוין אויסגערעכענט אַלע בעווייזע— קלאַסישע בעווייזע, לאָמיך אייך מעלדען, — און ס׳פעהלט אי איינע ניט.... איך האָט גוט נאָכגעזוכט, צו האָט ער ניט געהאַט קיין ארויסהעלפערין אין דעם מאָרד, — עפּעס אַ פרוי אין די קופּע, ווי איהר האָט מיר געגעבען אָנצוהערען. אַזוי האָט דאָס געזאָלט אויסקומען, — לויט די ערקלעהרונג פון אַ מאַשיניסט, — אַ מאַן וואָס האָט געזעהען די סצענע פון מאָרד; אָבער, אַז איך האָב דעם מאַן גוט אויסגעפרעגט, האָט ער בלויז זיך געהאַלטען ביי זיינע ערשטע ווערטער, און ער האָט זאָגאר דערקענט די רייזעקאָלדרע, אלס די שווארצע מאַסע, וואָס ער האָט דערמאָנט.... נו, יאָ, זיכער: — קאַביש איז דער שולדיגער, און נאָך מעהר: — אויב ניט ער, קאָן שוין אויף קיינעם קיין חשד גאָר ניט זיין.

ביז אהער האָט דער גענעראַל־סעקרעטער זיך אָבגעהאַלטען פון צו ווייזען איהם דעם געשריבענעם בעוויין, וואָס ער האָט ביי זיך געהאַט. און איצט, אַז דער אונטערזוכונגס־ריכטער איז געוואָרען אַזוי זיכער, האָט ער זיך נאָך וועניגער געאיילט איהם אויפצו־ווייזען דעם אמת, צו וואָס פיר אַ צוועק נעמען און צער־שטערען דעם פאַלשען שפּור ביי דער אונטערזוכונג, אַז דער ריכ־טיגער שפּור קאָן נאָך פיהרען צו פיעל אונאַנגענעהמערע זאַכען? דאָס דאַרף מען זיך ערשט נאָך גוט איבערלעגען.

— מיין גאָט, — האָט ער געענטפערט מיט זיין שמייכעל פון איינעם, וואָס איז מיעד, — איך בין בערייט צוצוגעבען, אַז

איהר האָט דערשמעקט דעם אמת... איך האָב אייך אהער בלויז איינגעלאַדען אום מיט אייך צוזאַמען קלאָרער צו מאַכען איינינע וויכטיגע פונקטען. מיר האָבען דאָ אַן אויסערגעוועהנליכען פאַל, וועלכער האָט שוין בעקומען אַ פּאָליטישע בעדייטונג, ווי איהר אַליין פערשטעהט עס דאָך, — ניין מיר ווערען דאָ, וואַרשיינליך, מוזען האַנדלען אַלס פאַרשטעהער פון דער רעגיערונג.... לאָמיר זיך נור ניט נאַרען, אָבער דעם אמת: — לויט אייערע אונטערזוכונגען איז די מיידעל, קאַבישים ליובאַוויציע, דאָך גע-וועזען פערגוואַלטיגט, אַה?...

דער אונטערזוכונגס-ריכטער האָט געמאַכט אַ מינע פון גרויס טיעפזיניגקייט, און די אויגען זיינע האָט ער האַלב פאַרדוקט אונטער די הויט-ברעמען.

— נו, ס'פראגע! איך זאָל מיר דענקען, אז דער הויפּט-ריכטער האָט דאָ אָבגעטהון ניט קיין שעהנע זאַכען, און ביים געריכט וואָלט זיך דאָס ארויסגעוויזען.... דערצו דאַרף מען ניט פערגעסען, אז די פערטהיידיגונג זאָל אריינקומען אין די הענד פון אַן אַדוואָקאַט פון דער אָפּאָזיציע, קאָן מען ערוואַרטען אַ גאַנץ סקאַנדאַליעזע געשיכטעלעך — זיי פעהלען ביי אונז ניט, אַזוינע געשיכטעלאַך!

דער מ'סיע דעניזעי איז גאָר ניט געווען אַזאַ נאַר, ווען ער פלעגט נאָר ארויסקריכען פון די רוטינען פון זיין פּראָפעסיאָן און פלעגט פערגעסען אויף אַ מינוט ס'אַ מאַכט און אַ געוואַלדיגען וויטען בליק ער האָט. און ער האָט פערשטאַנען, צו וואָס מ'האָט איהם גערופען ניט דירעקט אין יוסטיץ-מיניסטעריום, זאָנדערן אַהער, אין פּריוואַט וואָהנונג פון דעם גענעראַל-סעקרעטאַר.

— און, ענדליך, — האָט ער ווייטער געזאָגט, זעהענדיג אז יענער עפענט ניט דאָס מויל, — ס'וועט דאָך מוזען אויסקומען אַ גאַנץ אומפּאַסענדע געשיכטע.

מ'סיע קאַמי-לאַמאָט האָט בלויז אַ נייג געטהון מיט'ן קאָפּ; ער האָט געהאַלטען אין איבערלעגען ביי זיך און געדאַנקען די מעגליכע רעזולטאַטען, ווען משפּט'ען זאָל מען דאַרפען די רובאָם.

זיכער, ווי דער טאָג, אַז ווען רובאַ וועט פאָרקומען פאר'ן געריכט, וועט ער אַלעם דערצעהלען, ווי זיין פרוי איז דעמאָראַליזירט געוואָרען, ווען זי איז נאָך געווען אַ קינד, און אויך די שפּעטערע פערהעלטניסע זייערע, און ווי זיין אייפערזוכט און רציחה האָט איהם געטריבען צו בעגעהן דעם מאָרד; און דאָ האַנדעלט זיך שוין ניט בלויז פון עפּיס אַ דיענסט־מיידעל און פון אַ געוועזענעם אַרעסטאַנט, זאָנדערן רובאַ, דער אָנגעשטעלטער אויף די אייזענבאהן־ליניע, און זיין שעהנע פרוי, וועלען דאָ אריינשלעפּען אַ היבש ביסעל מענשען פון די העכערע בורזשואזיע און פון די אייזענבאהן־קאָמפּאַניע, און, נאָך אַלעמען, ווער קאָן עס וויסען, ווי טיעף מ'קאָן נאָך אריינקריכען מיט אַזאַ חברה־מאַן ווי דער הויפּט־ריכטער!... ווער ווייס, אין וואָס פיר אַן אונערוואַרטעטען זומפּ מ'קאָן נאָך דאָ אריינפאַלען. אַך, ניין, ניין! די געשיכטע מיט די רובאַס, די ריכטיגע מערדער, איז נאָך פיעל שמוציגער. ניין; ער טאָר דאָס ניט דערלאָזען, — ער מוז עס פארשטיקען. אויב שוין יאָ אַ געריכט, טאָ זאָל מען שוין בעסער אָנהאַלטען די אונטערזוכונג פון דער אונשולדיגען קאַביש.

— איך נייג זיך אויך צו אייער מיינונג, — האָט ער ענדליך געזאָגט צו מ'סיע דעניזעי; — דעם אמת געזאָגט, זיינען ווירקליך דאָ גענוג סברות געגען דעם שטיין־ברעכער, אָננעמענדיג אַז ער האָט געהאַט גוטע אורזאַכען צו זוכען ראַכע.... אָבער, אַך, ווי טרויעריג דאָס איז, מיין גאָט! און ס'אַ זומפּ מיר וועלען עס דאַרפען אויפריהרען!... געוויס, געוויס, דאַרף דער געריכט זיין גלייכגילטיג צו די מעגליכע רעזולטאַטען און שטעהען העכער פון די אינטערעסען....

געענדיגט האָט ער ניט: ער האָט נור אַ מאַך געטהון מיט דער האַנד; און דער אונטערזוכונגס־ריכטער, ניט רעדענדיג אַ וואָרט, האָט געוואַרט אויף די בעפעהלע, וואָס ער האָט דערשמעקט פון ווייטענס. כל זמן מ'האָט נור אָנגענומען זיין אידעע און אַנערקענט זיין טיעף־זיניגקייט, איז ער שוין געווען בערייט אויפצואָפּפערען די פאָדערונגען פון גערעכטיגקייט אויף דעם מזבח פון רעגיערונגס־נויטווענדיגקייט. אָבער דער גענעראַל־

סעקרעטאר, וועלכער האט געוועהנליך גאנץ פלינק אבגעארבייט אזוינע מינים זאכען, האט זיך יעצט אונטערגעאיילט און האט אויף איין דער גיך אבגעכאפט, ווי ער גיט עפּעס א בעפעהל.

— אין קורצען, עס ווערט פערלאנגט א „ניטא קיין בעווייזע"... זעהט, אז ס'זאל אלעס ארויסקומען גלאט.

— פארדאן, מיין הערר, — האט מ'סיע דעניזעי געענטפערט, — די געשיכטע איז שוין ניט מעהר ביי מיר אין די הענד, — דא האנדעלט זיך וועגען מיין געוויסען.

און באלד אויפ'ן ארט האט מ'סיע קאמי-לאמאט א שמייכעל געטהון מיט זיין ליעבליכען, העפליכען און קארעקטען שמייכעלע, מיט וועלכען ער האט זיך אויסגעלאכט, דאכט זיך, פון דער גאנצער וועלט.

— נו, געוויס, און דערפאר ווענדע איך זיך טאקי נור צו אייער געוויסען. איהר וועט זיך געוויס אויסקלייבען דעם וועג, וואס אייער געוויסען וועט אייך אנווייזען, און איך בין זיכער, אז איהר וועט גענוי אבוועגען אלעס געגען דעם און פאר דעם. אז געווינען זאל די עפענטליכע מאראל און די ריכטיגע אידעען... איהר ווייסט אליין, און נאך בעסער פון מיר, אז אמאל איז בעסער איינצונעהמען דאס שלעכטע כדי אויסצומיידען דאס ערגערע... און ענדליך ווענדען מיר זיך צו אייך נור ווי צו א גוטען בירגער, ווי צו אן עהרען-מאן. און קיינער וויל אייך גאר ניט שטערען אייער זעלבסטשטענדיגקייט, און דערפאר זאג איך טאקי, אז איהר זיינט דער גאנצער בעל-הבית איבער דער גאנצער אונטערזוכונג, ווי דאס געזעץ פאדערט עס אויך.

זייענדיג זעהר גייציג נאך זיין אונבעגרענצטע מאכט, ספּעציעל ווען ער האט דיעזע מאכט געוואלט מיסברויכען, האט דער אונטערזוכונגס-ריכטער געשלונגען יעדע פראזע, צופרידען צושאקלענדיג מיט'ן קאפּ.

— און א חוץ דעם, — האט דער גענעראל-סעקרעטאר פארטגעזעצט, רעדענדיג מיט נאך מעהר געטאקטע פיינקייט, אזוי אז ס'האט אזש געשמעקט מיט איראניע, — ווייסען מיר דאך צו וועמען מיר ווענדען זיך. שוין ניט פון היינט אן האלטען

מיר אייער טהעטיגקייט אין אויג, און איך מעג זיך ערלויבען אייך צו מעלדען, אז ס'זאל זיך נור מאכען א וואקאנסיע אין פאריז, שיקען מיר גלייך נאך אייך.

מ'סיע רעניזעי האט ניט ווילענדיג א ציטער געטהון. ווי! אז ער זאל זאגאר טהון וואס מען פערלאנגט פון איהם, הייסט עס, ווערט זיין זיסע האפנונג, זיין טרוים צו וואהנען אין פאריז נאך אלץ ניט ערפילט? אבער מ'סיע קאמי־לאמאט האט גלייך פערשטאנען און צוגעזעצט:

— אייער פאסטען אין פאריז איז שוין געזיכערט... ס'איז בלויז א פראגע פון צייט... און אט וואס, אז איך האב שוין יא אנגעהויבען צו דערצעהלען פון חדר, לאמיך שוין אויך האבען דעם פערגעניגען אייך צו לאזען וויסען, אז דעם קומענדען פונפצעהנטען אויגוסט ווערט איהר פרעזענטירט מיט אן ארדען.

און דער אונטערזוכונגס־ריכטער האט זיך פארטראכט געגען א מינוט. ער וואלט בעסער געוואלט א העכערע שטעלע, וואלט דאס איהם אריינגעבראכט, האט ער אויסגערעכענט, ארום הונדערט און זעכציג פראנק א מאנאט מעהר געהאלט, — וואס דאס וואלט איהם זעהר צונוץ געקומען אין זיין אנשטענדיגען ארימען שטאנד, ווי ער לעבט, און ער וואלט זיך געקאנט בעסער אויסקליידען און זיין גוטע מעלאניע וואלט זיך אביסעלע אונטערגעפאשעט, וואלט זי זיך וועניגער געקריעגט. אבער אן ארדען איז דערוויילע אויך ניט שלעכט, דערצו האט ער דאך נאך א פערשפרעכען. און ער, וואס ער וואלט זיך ניט פארקויפט, וואס איז ערצויגען געווארען אין די עהרליכע טראדיציאנען פון דעם מיטעלמעסיגען ריכטער־קלאס, — ער האט זיך גלייך געלאזט פארפיהרען בלויז פון א האפנונג, בלויז פון עפיס אן אונקלאהרען פארשפרעכען, אז די רעגיערונג וועט איהם א טובה טהון. די ריכטערשע פראפעסיאן איז פונקט אזא מלאכה, ווי יעדע אנדערע, און דער ארימער דעניזעי האט געפיהרט א געמאטערטען לעבען, ווארטענדיג אויף א העכערע שטעלע, ווי א הונגעריגער בעטלער, וואס איז שטענדיג בערייט צו בויגען דעם רוקען פאר די, וואס האבען די מאכט.

— איך בין זעהר גערירט, — האט ער געמורמעלט, — בעמיהט זיך דאס צו מעלדען דעם הערר'ען מיניסטער.

און ער האט זיך אויפגעהויבען, פיהלענדיג אז איצט וועלען אלע ווייטערע רעד זיי ביידען נור מאכען אונבעקוועם. די אויגען זייכען ביי איהם ווי פארלאשען געווארען, דאס פנים ווי פארשטיינערט געווארען, און ער האט, צום שלום, געזאגט:

— הייסט עס, איך וועל אבשליסען די אונטערזוכונג, ניט אויסלאזענדיג פון זינען די אלע אייערע שוועריגקייטען. נאטיר־ליך, אויב מיר וועלען דאביי ניט אויסגעפינען קיינע אבסאלוט זיכערע בעווייזע געגען קאביש'ן, איז אודאי גלייכער גאר אין גאנצען ניט צו ריזיקירען מיט דעם אונניצליכען סקאנדאל פון א פראצעס אין געריכט... דערהוויל איז גלייכער איהם ארויס צו לאזען, און איהם ווייטער גוט נאכשפירען.

און שוין ביים ארויסגעהן, אויפ'ן שוועל, האט דער גענעראל־סעקרעטאר צוגעלעגט נאך א שטיקעלע פיינקייט:

— מ'סיע דעניזעי, מיר פערלאזען זיך פאלקאמען אויף אייער גרויסען טאקט און אייער הויכע עהרליכקייט.

און אז ער איז געבליבען אייכער אליין ביי זיך אין קאבינעט, האט זיך איהם שטארק פערוואלט, — וואס איצט איז דאס שוין געווען גאר נוצלאז, — פארגלייכען די האנדשריפט אויפ'ן בלע־טעל, וואס סעווערינע האט דא פאר זיינע אויגען אויפגעשריבען, מיט דעם צעטעלע אהן אן אונטערשריפט, וואס ער האט געפונען צווישען די פאפירען פון דעם הויפט־ריכטער גראנמארען. די האנדשריפט איז געווען פאלקאמען דיזעלבע, און דאס זארגעפעל־טיג צוריק פארשלאסען, ווייל ער האט דאך דעם אונטערזוכונגס־ריכטער דערפון קיין איינציג ווארט ניט דערמאנט, מאקי דער־פאר, וואס דאס קאן נאך אמאל ווערען א גוט שטיקעל געווער, און פאר איהם איז ווידער אויפגעשטאנען די פיגור פון דער קליינינקער ווייבעלע, — אזא דעליקאטע און דאך אזא שטארקע אין איהר נערוועזען אבליקענען, — און ער האט מיט גוטמוטהיגע איראניע א ציטער געטאהן מיט די פלייצעס: — אך, די פרויען, — זיי קאנען אלעס...

צוואנציג מינוט פאר דריי איז סעווערינע אריינגעקומען צו פריה אין די גאס קארדינע, זיך צו טרעפען מיט זשאק'ען אויף דעם בעשטימטען פלאץ. ער האט דא געוואהנט אין א קליין, שמאל צימערעל אויף א העכערען עטאזש אין א גרויסע הויז, וואו ער פלעגט בלויז קומען איבערנעכטיגען; און צוויי מאל א וואך פלעגט ער שלאפען אין האווער צווישען דעם שנעל־צוג פון ביי־נאכט און דעם שנעל־צוג אין דער־פריה. דאס מאל איז ער אבער געווען אזוי צובראכען פון מידקייט און אזוי פארנעצט פון רעגען, אז ער איז ארויף צו זיך אין שטוב און זיך צוגעלעגט אויפ'ן בעטעל. אויף אזא'ן אופן, וואלט סעווערינע אויף איהם געקאנט ווארטען און ווארטען; האבען זיך אבער צום גליק צושלאגען א פאר פאלק, און ס'איז געווארען א געפילדער ביי די שכנים, — א מאן האט געשלאגען זיין ווייב, — און זשאק האט זיך אויפגעכאפט. ער האט זיך ארומגעוואשען און איבערגעטהון, אין זעהר א שלעכטען מוטה; ער האט זי דערקענט, ווי זי שטעהט אנטקעגען אויפ'ן טראטואר און קוקט ארויף צו זיין פענ־סטער אונטער'ן דאך.

— ענדליך, זיך דערוואַרט! — האט זי אויסגעשריען, אז זי האט איהם דערזעהען פאר'ן טויער פון הויז. — איך האב שוין געמיינט, אז איך האב איך ניט ריכטיג פערשטאנען.... איהר האט דאך מיר דייטליך געזאגט, — עק פון די גאס סאריך...

און ניט ווארטענדיג אויף זיין ענטפער, האט זי אויפגעהויבען די אויגען צו דעם הויז:

— דא וואהנט איהר, אלזא?

ער האט אייגענטליך בכיון איהר געהייסען קומען אהער, כמעט צו זיין טיהר, ווייל די דעפא, וואו זי האט מיט איהם בעדארפט געהן, איז געווען כמעט איבער'ן וועג. אבער פון איהר פראגע איז איהם געווארען ניט אנגענעהם, מאמער וויל זי איהר גוט־ברודערשאפט טרייבען אזוי ווייט, אז זי קאן איהם נאך בעטען איהר ווייזען זיין צימער, וואס איז געווען אזוי ארים מעבלירט און אזוי ניט אין ארדנונג, אז ער האט זיך אַפּש גע־שעהמט.

— אָה, איך וואָהן דאָ ניט, — האָט ער געזאָגט, — איך קום נור אמאָל אריין. אָבער לאָמיר זיך צואיילען, ווייל דער שעף קען נאָך אוועקגעהן.

און ווירקליך, אז זיי זיינען צוגעקומען צו דעם קליינעם הייזעל, וואו דער שעף האָט געוואָהנט, הינטער דעם דעפּאָ אויף דער סטאַנציע, האָבען זיי איהם שוין דאָרט ניט געטראָפען; און אומזיסט האָבען זיי איהם געזוכט, געהענדיג פון איין באַהן־שטאָל צום אַנדערען; אומעטום האָט מען זיי געזאָגט זיי זאָלען קומען האלב פינף אין שאָפּ, וואו מען פאַרריכט די מאַשינען, וועלען זיי איהם געוויס טרעפען.

— גוט. מיר וועלען קומען, — האָט סעווערינע ערקלערט.

זיי זיינען ארויסגעגאַנגען און זי איז ווידער געווען איינע אַליין מיט זשאַק'ן אין גאַס.

— אויב איהר זיינט ניט פאַרנומען, — האָט די יונגע פרוי צו איהם געזאָגט, — וועט איך ניט אַרען מיר זאָלען אויס־וואַרטעןביידע צוזאַמען?

ער האָט איהר ניט געקאָנט אָבזאָגען; ניט קוקענדיג אויף די פאַרשטיקטע אונרוהיגקייט, וואָס זי האָט איהם פאַרשאַפט, האָט זי אָבער אויך געהאַט פאַר איהם אַזאַ שטאַרקען צויבער און אַזאַ צוציהענדען, אז זיין גאַנצער געמאַכטער רוגז, הינטער וועלכען ער האָט זיך געוואָלט בעהאַלטען, איז זיך צוגאַנגען אונטער איהרע ליעבליכע בליקען. זי, מיט איהר אויסגעצויגענע פיגור, אַ שרעקעדיגע, האָט געקאָנט ליעבען מיט די טרייהייט פון אַ הונט, וועלכען מ'האָט קיין האַרץ אפּילו ניט אַ זעץ צו טהון.

— געוויס, אַליין וועל איך אייך דאָ ניט אָבלאָזען, — האָט ער געענטפערט שוין מיט אַזאַ אַנגע'ברוגז'טען טאָן. — מיר דאַר־פען דאָך פאַרווייזען בלויז איין שטונדע.... ווילט איהר אריינ־געהן אין אַ קאַפע?

זי האָט צו איהם אַ שמייכעל געטהון, צופרידען, וואָס ער רעדט ענדליך פריינדליך צו איהר, און זי האָט פרעהליך אויס־געשריען:

— אָה, ניין, ניין! איך וויל זיך ניט פאַרשפּאַרען אין

שטוב.... לאָמיר בעסער מיט אייך שפּאַצירען, גנאַרמט, אין גאַס, וואו איהר ווילט נור.

און זי האָט איהם אַליין גענומען געאַרמט, גאַנץ ליעבליך.

און איצט, אַז ער איז שוין מעהר ניט געווען פאַרשמיערט פון׳ם וועג, האָט ער איהר אויסגעזעהען זעהר אנשטענדיג. זיין אויסזעהען פון אַ וואָהלהאַבענדען בעאַמטען, זיין שטאָלצע פריי־הייט אין די קערפּערליכע בעוועגונגען, וואָס קומט געוועהנליך פון דער געוואָהנהייט צו דער פרישער לופט, און פון דעם טעגלי־כען קאַמפּף מיט געפאַהרען, האָבען איהם צוגעגעבען אַ בורזשוי־אַזען אויסזעהען. זי האָט גאָר פריהער ניט בעמערקט, אַז ער איז אַזאַ שעהנער יונג; אַ רונדע געזיכט, מיט רעגעלמעסיגע געזיכטס־ציענע, טונקעלע וואָנצען אויף דער ווייסער הויט. נור זיינע לויפענדע אויגען, אָנגעשאָטען מיט גאָלדענע פינטעלאַך, און וועלכע האָבען זיך אַלץ אַוועק געקעהרט פון איהר, האָבען זי בעאונרוהיגט. אויב ער מיידעט אויס איהר צו קוקען גלייך אין געזיכט, קאָן הייסען, אַז ער וויל זיך ניט פערבינדען, אום ער זאָל קענען האַנדלען ווי איהם געלוסט זיך, אפילו געגען איהר? און סעווערינע, וועלכע איז געווען געפייניגט דורך דער אונזיכערהייט, אין וועלכער זי האָט זיך איצט געפונען, און וועלכע עס האָט אָנגעכאַפּט אַ ציטער יעדעס מאָל ווען זי האָט אַ טראַכט געטהון פון די ראָשע גאַס, וואו איהר לעבען איז געשטאַנען אין קאָן, האָט פון איצט אָן געהאַט איין ציעל: — דער מאַן, אויף וועמעס אָרעם זי האָט זיך איצט אָנגעשפּאַרט, זאָל געהערען צו איהר, צו איהר אַליין, און אַז ווען זי וועט אויפהויבען דעם קאָפּ, זאָלען זיינע אויגען אריינקוקען טיעף אין איהרע אייגענע, דאַן וועט זי איהם בעהערשען. זי האָט איהם גאָר ניט געליעבט, זי האָט אפילו ניט געדענקט דערפון. זי האָט זיך איינפאַך בעמיהט, אַז ער זאָל ווערען איהרע אַ זאַך, אום זי זאָל פאַר איהם ניט מורא האָבען.

איינינע מינוטען זיינען זיי געגאַנגען שווייגענדיג צווישען דעם שטענדיגען שטראָם פון דורכגעהער, וועלכער פילט אָן די־זען בעפעלקערטען קוואַרטאַל. איינינע מאָל האָבען זיי געמוזט

פּארלאַזען דעם טראָטואר און דורכגעהן די גאס צווישען די וואַגאָנעס. דאן זיינען זיי צוגעקומען צום באטינאָל סקווער, וועלכער איז כמעט א לעדיגער אין דיעזע צייט פון יאָהר. אָבער דער הימעל, וועלכער איז אָבגעוואשען געוואָרען פון דעם פריה־מאָרגענדיגען רעגען, איז געווען פון א זעהר אנגענעהמע בלוי־קייט; און פון די ווארימקייט פון דער מערץ זון האָבען די קנאָפּסען פון בוימלאך געגומען ארויסשפּראָצען.

— אפשר וואָלטען מיר אריינגעגאנגען? — האָט סעווערינע געפרעגט. — דער קאָפּ דרעהט מיר פון די פיעלע מענשען.

זשאַק אליין האָט אויך געוואָלט אהין אריינגעהן, דערוויילע נאָך אונבעוואוסט פון דעם וואונש צו זיין נעהענטער צו איהר און ווייט פון די מענגע מענשען.

— אהין, אָדער ערגיץ אַנדערש, — האָט ער געענטפערט, — קומט אריין.

לאנגזאם האָבען זיי שפּאצירט איבער די לאָנקעס צווישען די נאקעטע בוימער. אייניגע פרויען האָבען געשפּאצירט מיט איינגעוויקעלטע קינדער, און דורכגעהער האָבען איילענדיג דורכ־געשניטען דעם גאָרטען אום צו מאכען דעם וועג קורצער. זיי זיינען אריבער געגאנגען דעם טייכעל און האָבען זיך אויפגעהויבען בען צווישען די פעלזען; זיי זיינען צוריק ארונטער און האָבען זיך ארומגעדרעהט צווישען די געדיכטעניששען פון די סאָסנעס, וועמעס נאָדלען האָבען אין דעם גלאנץ פון דער זון געהאט א טונקעלע גרינקייט. און אין דיעזען איינזאמען ווינקעל איז גע־שטאַנען א באַנק, דערוויטערט פון די בליקען; זיי האָבען זיך אנידער געזעצט,ביידע אויף איין מאָל, גלייך ווי זיי האָבען זיך פריהער צוזאמען גערעדט.

— עס איז פאָרט א שעהנער טאָג, — האָט זי געזאָגט נאָך א קליינער פּויזע.

— יא, — האָט געענטפערט זשאַק, — די זון איז שוין ווידער דאָ.

אָבער זייערע געדאנקען זיינען ניט געווען ביי דעם. זשאַק, וועלכער פלעגט אנטלויפען פאר פרויען, האָט געטראכט פון די

אומשטענדען, וואָס האָבען איהם צוזאמען געפיהרט מיט דיעזער. אָט זיצט זי, זי ריהרט זיך אָן אין איהם, וועט פיעלייכט פאר־כאפען זיין גאנץ לעבען, און ער האָט ניט אויפגעהערט זיך צו וואונדערן. זייט דעם לעצטען פערהער אין רואן, האָט זשאק ניט געצווייפעלט, אז דיעזע פרוי איז געוועזען א מיטשולדיגע אין דעם מאָרד פון קרוא־דע־מאָפּרא. ווי אזוי? צוליעב וועלכע אומשטענדען? א לייִדענשאַפט אָדער עפּיס אַן אינטערעס האָט זי געטריבען דאצו? — זשאק האָט זיך געשטעלט דיעזע פראגען, אָבער ער האָט זיי ניט געקענט פערענטפערען צופרידענשטעלענד. דאָך, האָט ער אין זיין קאָפּ פאָרט אויפגעבויט א געביידע: א גייציגער, גרויזאמער מאַן, וואָס וויל ווי אַם שנעלסטען קריגען די ירושה; די מורא אז די צואה זאָל ניט געענדערט ווערען זיי צו שאדען; און עס קאָן גאָר זיין, אז ער האָט געוואָלט צו־בינדען צו זיך זיין פרוי מיט א בלוטיגען טהאַט. און ער האָט זיך ניט געקאָנט אָבריסען פון דער טראגעדיע, יעדער טונקעלער ווינקעל פון וועלכער עס האָט איהם אינטערעסירט און געצויגען צו זיך, אָבוואָהל דעם קלאָרען אמת האָט ער ניט געזוכט. איהם האָט אויך ניט געלאָזט רוהען דער געדאנק, אז ס'איז זיין פליכט צו דערצעהלען פאר'ן געריכט אַלעס וואָס ער ווייסט. און איצט, דאָ אויף דער באנק, אזוי נאָהענט צו איהר, אז ער האָט אויף זיך געפיהלט די ווארימקייט פון איהר קערפּער, האָט איהם דער דאָזיגער געדאנק ניט געלאָזט רוהען.

— ס'איז נור צו בעוואונדערען, — האָט ער געזאָגט, — ווי מען קאָן עס אין מאַנאַט מערץ זיצען דרויסען, ווי זומער.

— אָה, — האָט זי געזאָגט, — ווען די זון שיינט, דער־פיהלט מען עס גלייך.

און זי, פון איהר זייט, האָט זיך געטראַכט, אז דער יונג פון זיין ניט אנדערש, ווי א פּשוט'ע בהמה, אז ער זאָל זיך ניט אָנשטויסען, אז זיי זיינען עס די שולדיגע. זיי האָבען זיך צופיעל אָנגעשלאָגען אָן זיין פריינדשאַפט; זאָגאר איצט, דאָ אויף דער באנק, דריקט זי זיך צו איהם צו שטארק. און זיי האָבען ווידער געשוויגען, בלויז פון צייט צו צייט איבערוואַרפענדיג זיך מיט

אַ קורצע פראַזע, און זי האָט געטראַכט: פון וואָס טראַכט ער? און זייערע בליקען האָבען זיך בעגעגענט, און אין זיינע אויגען האָט זי דערזעהען, אַז אַט נעהמט ער און פרעגט זי, צי איז זי דאָס ניט געווען די שווערע שווארצע מאַסע, וועלכע ער האָט געזעהען ארונטערדריקען די פיס פון דעם ערמאָרדעטען. וואָס טהוט מען? וואָס זאָגט מען עפּיס אַזוינס, אַז דאָס זאָל זיי פאַרקניפּען מיט אַן אונצערשטערבאַרען קניפּ?

— אין דער פריה איז היינט געווען זעהר קאַלט אין האַוור, — האָט זי געזאָגט.

— און היינט דער רעגען, וואָס האָט אונז דורכגענעצט, — האָט ער געזאָגט.

און אין דער מינוט איז סעווערינע'ן פּלוצים אריין אין קאָפּ אַ געדאַנק. זי האָט דאָס ניט בעטראַכט; זי האָט זיך ניט בע־רעכענט; ס'איז איהר אַריין אין קאָפּ, ווי אַן אינסטינקטיווער געפיהל פון ערגעץ אין טונקעלסטע טיעפעניש פון איהר האַרץ און פערשטאַנד; ווארום, וואָלט זי נור איין טראַכט געטהון, וואָלט זי ניט גערעדט אַ וואָרט. אָבער געפיהלט האָט זי, אַז ס'איז גוט אַזוי וואָס זי וויל זיך פאַר איהם אויסרעדען, אַז דערמיט וועט זי איהם פאַנגען.

און זי האָט איהם שטיל גענומען פאַר דער האַנד, און אויף איהם אַזאַ בליק געטהון....

די געדיכטע גרינע בוימער האָבען זיי פארשטעלט פון די פאַרבייגעהער אין די ארומיגע גאַסען; בלויז פון וויטענס האָט זיך צו זיי דערטראָגען דער רויש פון די פאַרביי פאַהרענדע עקי־פּאַזשען, וועלכער האָט שוין אַזוי ניט געהילכט אויף דעם אייג־זאַמען, פון דער זון פאַרגאָסענעם סקווער. אויף דעם עק פון דער אַלעע האָט זיך געשפּיעלט, איינער אַליין, אַ קינד, מיט אַ לאָפּעטקעלע, אָנשיטענדיג זאַמד אין זיין העמערל.

און אָהן שום פּאַררעדעס, גלייך, פון האַרצען, האָט זי איהם שטיל געפרעגט:

— איהר רעכענט מיך פאַר די שולדיגע?

ער האָט אַ לייכטען ציטער געטהון, און ער האָט איהר אַריינגעקוקט אין די אויגען.

— יאַ.

זיין שטימע איז אויך געווען אַזוי שטיל און אויפגערעגט.

און זי האָט איהם זיין האַנד, וואָס זי האָט פון איהר האַנד ניט ארויסגעלאָזט, אַ דרוק געטהון נאָך פעסטער, נאָך ענגער. אָבער ענטפערען האָט זי גלייך ניט געענטפערט; זי האָט דער־פיהלט, אַז ס׳איז זיי ביידען אריבער אַ ציטער, און דער ציטער ווערט איינער.

— איהר האָט אַ טעות; איך בין ניט שולדיג.

און געזאָגט האָט זי דאָס, ניט אַז ער זאָל איהר גלויבען, נור אַז ער זאָל וויסען, אַז פאַר דער וועלט דאַרף מען אַזוי זאָגען. דאָס האָט זיך אין איהר אַזוי מודה געווען אַ פרוי, וואָס זאָגט „ניין" און וויל, אַז „ניין" זאָל עס בלייבען אויף אייביג און אייביג.

— איך בין ניט שולדיג.... איהר זאָלט מיך שוין מעהר ניט ערגערען, דענקענדיג, אַז איך בין שולדיג.

און זי האָט זיך געפיהלט אַזוי גליקליך, וואָס זשאָק׳ס אויגען האָבען זיך טיעף איינגעקוקט אין איהרע. קיין צווייפעל ניט: ער זעהט, אַז זי איז בערייט זיך אין גאַנצען פאַר איהם אויפ־צואָפפערן, וואָרים, האָט זי זיך דערמיט דען ניט איבערגעגעבען צו איהם? און אַז ער זאָל זי פאָדערען, ווי וועט זי איהם קאָנען ענטזאָגען? און זיי זיינען פאַרבונדען געוואָרען דאָ, יעצט, מיט אַ באַנד, וואָס מ׳קאָן שוין ניט צעררייסען: זאָל ער איצט געהן דערצעהלען; איצט איז ער איהרער, ווי זי איז זיינע. איהר מודה־זיין־זיך האָט זיי ביידע פעראייניגט.

— איהר וועט מיך שוין מעהר ניט ערגערען, איהר גלויבט מיר?

— יאַ, איך גלויב אייך, — האָט ער געענטפערט מיט אַ שמייכעל.

צו וואָס זאָל ער זי ברוטאַל צווינגען יעצט צו רעדען פון דער שרעקליכער געשיכטע? שפעטער צו, וועט זי איהם אַמאָל

אליין אלצדינג דערצעהלען, ווען זי וועט דערפיהלען א בעדירפנים דערצו. און איהם האט באמת געריהרט, די ארט ווי זי האט זיך מודה געווען, איהם גארניט זאגענדיג און איהם בערוהיגענד. דאס איז איהם אויסגעקומען אזוי אונענדליך צארט. זי איז דאך אזא דעליקאטע, און פארטרויט איהם אזוי, מיט איהרע שטילע, בלויע אויגען. און זי האט איהם אויסגעזעהען אזוי ווייבליך, אזוי איבערגעבען און בערייט זיך צו אונטערווארפען, אום צו גע־פינען דאס גליק! אבער וואס איהם האט בעצויבערט מעהר פון אלצדינג איז געווען די זיכערהייט, אז איצט, ווי זיי האלטען זיך עם אזוי ביי די הענד און זיי קוקען זיך איין איינער אין די אנ־דערע, פיהלט ער אין זיך ניט זיין קליפה, זיין שרעקליכען פיבער צו וועלען בעגערען דאס לעבען פון דער פרוי, צו וועלכער ער ווערט נאהענט. א חוץ איהר, האט ער זיך צו קיין אנדער פרוי ניט געקאנט צוריהרען סאידען ס'האט זיך אין איהם דערוועקט דער דורסט נאך מארד, דער שרעקליכער בעגער צו דערווארגען זי. און זי וועט ער אפשר קאנען ליעבען, ניט דענקענדיג פון מארד....

— איהר ווייסט גוט, אז איך בין אייער פריינד און אז איהר האט פאר מיר ניט וואס מורא צו האבען, — האט ער איהר געזאגט אויפ'ן אויער. — איך וויל גארניט וויסען פון אייערע געשעפטען, זאל זיין ווי איהר ווילט אייך. פערשטעהט איהר מיך? טהוט מיט מיר ווי איהר ווילט.

ער האט זיך אזוי נאהענט צוגערוקט צו איהר געזיכט, אז ער האט אויף זיינע וואנצעס דערפיהלט איהר ווארעמען אטהעם. היינט אין דער פריה נאך וואלט ער דערפאר געציטערט, אויס מורא פאר זיין בארבארישע חולאת. וואס־זשע האט דא אזוינס פאסירט, וואס ער איז יעצט אזוי רוהיג און פיהלט בלויז די מחיה'דיגע מיעדקייט, גלייך ווי ער וואלט אויפגעשטאנען פון א קרענק? דער פארדאכט, אז זי איז דאס די מערדערין, איז איצט געווארען א זיכערהייט; און זי איז ביי איהם אין די אוי־גען דערפאר גאר אויסגעוואקסען, גאר אן אנדערע, אהן א גלייכען צו זיך. עס קאן דאך נאך אויך זיין, אז זי האט ניט נור גע־

האלפען אין מארד, זאנדערן האט אליין דערלאנגט דעם טויט־קלאפ. ניין; ער איז זאגאר זיכער אין דעם, גאר אהן שום בער־ווייזע. און דעריבער איז זיין סעווערינע ביי איהם איצט ווי א הייליגע, וואס שטעהט העכער פון אלע איבערלעגונגען, און צו וועלכע עס ציהט איהם מיט אזא ציטערענדע אנגסט.

און זיי האבען זיך ביידע אזוי איצט פרעהליך געשמועסט, ווי צוויי פערליעבטע אין די ערשטע טעג פון דער ליעבע.

— איהר מוזט מיר געבען די אנדערע האנד אויך, איך זאל זי אנווארעמען.

— אה, ניין; ניט דא; מ'זעהט דאך.

— ווער? מיר זיינען דאך אליין.... און אז מ'זעהט, איז אויך קיין אונגליק ניט. פון זאגען ווערט מען ניט טראגען.

— איך מיין אויך אזוי!

און זי האט פרעהליך געלאכט פון גליק, וואס זי איז גערע־טעט. געליעבט האט זי איהם ניט — דעם יונגען מאן; אין דעם איז זי, דאכט זיך, זיכער. און אויב זי האט זיך איהם פארשפראכען, האט זי איצט שוין געטראכט פון מיטלען, ווי איהם ניט צו בעצאהלען. ער זעהט אויס א גוטער, ער וועט זי ניט פלאגען, און ס'וועט שוין אויסקומען גוט.

— הייסט עס, אזוי בלייבט עס: — מיר זיינען גוטע פריינד, קאמעראדען און קיין פערדעכטיגעס איז אין דעם פיר קיינעם ניטא, — אפילו ניט פיר מיין מאן.... דערווייל לאזט מיר אפ די האנד און קוקט אויף מיר ניט אזוי, אז ניט קאנען אייך די אויגען נאך חלילה אנהויבען וועה טהון.

אבער ער האט ניט ארויסגעלאזט איהרע דעליקאטע פינגער פון זיינע הענד; זעהר שטיל, האט ער אויסגעמורמעלט:

— איהר ווייסט, איך ליעב אייך.

אין א מאמענט האט זי זיך לויז געריסען מיט א לייכטען שטופ. זי האט זיך אויפגעהויבען; ער איז נאך געבליבען זיצען.

— דאס הייסט זיך אביסעל נאריש געמאכט! — האט זי געזאגט, — זיצט רוהיג, מ'געהט.

און ווירקליך, אז אם מיט א קליין קינד שלאפענד ביי איהר

אויף די הענד, איז געגאנגען צו זיי צו. און א קליין מיידעלע איז פארביי געגאנגען זעהר א צוטראָגענע. די זון האט זיך ארונטערגעלאָזט, בעגיסענדיג דעם האריזאָנט מיט וויאָלעטאָווע וואָלקענס, און די זונען-שטראהלען האבען זיך פאנאנדער געלאָזט איבער די וואסערלאך און האבען ארונטער געבליאסקעט פון די גרינענדע שפיץ בוימער ווי טראָפּען גין-גאָלד. און דער רויש פון די עקיפּאזשען איז אויך ווי פארשטומט געוואָרען אויף דעה מינוט. אויף א שטאָדט-זייגער, דא דערביי, האט געקלונגען פינף.

— אך, מיין גאָט, — האט סעווערינע אויסגעשריהען, — פינף אוהר, און איך מוז נאך זיין אין די גאס דע-ראָשע!

און איהר פרייד איז איהר פארשטערט געוואָרען; און זי האט ווידער דערפיהלט דעם שרעקען פאר דעם, וואס קאן נאך זיין, וואס זי ערווארטעט דארט: — און זי האט זיך דערמאָנט, אז געדעכטעט איז זי נאך ניט. זי איז מיט אמאָל געוואָרען בלייך; די ליפּען האבען איהר געציטערט.

— איהר האט אבער געוואָלט זעהען דעם סטאנציאָן-מייסטער? — האט זשאק איבערגעפּרעגט; ער האט זיך אויפגעהויבען פון דער באנק און געוואָלט זי נעמען געארמט.

— אבער וואס קאן איך טהון? ס'מוז בלייבען אויף אן אנדערס מאָל.... הערט מיך אויס, מיין פריינד. איהר קאָנט מיר איצט מעהר ניט העלפען; לאָזט מיך געשווינט געהען אין וועג. איך דאנק אייך נאך אמאָל. א דאנק אייך פון גאנצען הארצען.

זי האט איהם געדריקט די האנד. זי האט זיך געאיילט.

— שוין? ווען זעהען מיר זיך ווידער? אין באהן?

— יא, אין באהן.

און זי איז אוועק מיט שנעלע טריט, און זי איז באלד פערשוואונדען צווישען די בוימער פון דעם סקוועד. זשאק האט זיך גענומען, לאנגזאם, מיט'ן וועג צו דער גאס קארדינע.

ביי מ'סיע קאמי-לאמאט אין דער היים איז גור וואס געווען

דער הויפּט פון דער מערב ליניע פון דער אייזענבאהן־קאָמפּאַניע, און ער האָט מיט איהם געהאַט אַ לאַנגען געשפּרעך. ארויסגעגערופען צום גענעראַל סעקרעטאר בלומרשט צוליעב עפּיס אנדערש, האָט ער סוף כל סוף ערקלעהרט, ווי דיעזע גראַנמאַרען געשיכטע איז דער קאָמפּאַניע זעהר ניט אנגענעהם. ערשטענס, האָט מען אין די צייטונגען גענומען זיך בעקלאַגען, אז אויפ׳ן באהן איז מען ניט זיכער אפילו, אז מ׳פאָהרט ערשטע קלאַסס. און, צווייטענס, זיינען אַלע אָנגעשטעלטע פערמישט אין דעם; אויף אייניגע בעאַמטע איז זאָגאר דאָ אַ חשד, שוין ניט רעכענענדיג רובאַ׳ן, וועלכער איז שוין פאַדרעהט און וועלכען מ׳קאָן נאָך ארעסטירען — איז ניט היינט, מאָרגען. און ענדליך, די מיאוסע קלאַנגען וואָס געהען ארום וועגען דעם הויפּט־ריכטער, און ער איז געווען אַ מיטגליעד פון דעם פערוואלטונגס־ראטה ביי דער באהן־אדמיניסטראַציע — דאָס בעשמוצט דאָך דעם פערוואַלטונגס־ראטה אליין אויך. און אזוי געהט זיך דאָס: — אַ פאַרברעכען פון עפּיס אַן אונוויכטיגען סטאַנציאָנס־ארויסהעלפער, עפּיס אַ געמיינע, לומפּיגע, מיאוסע געשיכטע פאַרכאַפּט דעם גאַנצען קאָמפּליצירטען מעכאַניזם, ארייגציהענדיג דעם גאַנצען געוואַלדיגען געשטעל פון אַ גרויסער אייזענבאהן־טהעטיגקייט און דערגרייכט אַזש ביז די העכסטע אדמיניסטראַציע. און דער קלאַפּ פיהלט זיך זאָגאר נאָך העכער, אַזש אין מיניסטעריום, און בעדראָהט דעם שטאַאט אַליין אין דעם יעצטיגען פּאָליטישען גערומעל. דער מאָמענט איז אַ קריטישער! דער גרויסער געזעלשאַפטליכער קערפּער קאָן נאָך פון דעם מינדעסטען פיעבער אין גאַנצען צופאַלען ווערען! און דערפאר, אז מ׳סיע קאמילאָמאָט האָט דערהערט פון זיין גאַסט, אז די קאָמפּאַניע האָט נאָך אין דער פריה בעשלאָסען אָבצוזאָגען רובאַ׳ן פון זיין שטעלע, האָט ער זיך זאָפאָרט געשטעלט געגען דעם.

— ניין, ניין! דאָס וואָלט געווען דער גרעסטער פעהלער, דאָס וואָלט נור נאָך מעהר אויפגעריסען דאָס מויל דער פּרעסע, אויב איהר וואָלט זיך נור פאַרגלוסט ארויסצושטעלען רובאַ׳ן אַלס אַ פּאָליטישען קרבן. און עס וואָלט גענומען קראַכען פון

דעם גידרי־סטען ביז'ן העכסטען, און איין גאָט ווייס, וואָס פאר אַן אונאַנגענעהמע זאכען ס'קאָנען נאָך דאָ אויפגעדעקט ווערען אי אונטען, אי אויבען! דער סקאנדאל ציהט זיך שוין אַזוי אויך צו לאַנג, און מ'דארף דערפון מאכען אַ סוף ווי אם שנעל־סטען! און דער הויפט פון דער אייזענבאהן, איצט אַן איבער־צייגטער, האָט זיך אונטערגענומען צו בעשיצען רובאָ'ן, אַז מען זאָל איהם זאָגאר ניט איבערפיהרען פון האוור אויף אַן אַנדער סטאַנציע. און זאָלען אלע זעהען, אַז אין דער קאָמפּאַניע זייר־נען ניטאָ קיין אונעהרליכע מענשען. און אַזוי בלייבט עס. די זאַך מוז זיך אַזוי ענדיגען צו גוטען.

אַז סעווערינע, קוים אַטהעמענדיג, איז מיט אַ שטאַרק קלאַ־פּענדיג הארץ אריין אין דעם שטרענגען קאַבינעט פון אין דער גאַס די ראָשע, האָט מ'סיע קאמי־לאַמאָט, פאר וועמען זי איז יעצט געשטאַנען, זי געגען אַ מינוט בעטראַכט, ניט רעדענדיג אַ וואָרט; איהם איז געווען אינטערעסאַנט צו זעהען, ווי זי שטרענגט זיך אַן זיך צו מאכען רוהיג. און דעם אמת געזאָגט, איז זי איהם געוועןווירקליך סימפּאַטיש, די דעליקאַטע פּער־ברעכערין, מיט איהרע בלויע אויגען.

— נון, מאַדאַם....

און ער איז געבליבען שטעהן, אום זיך צו שפּיעלען מיט איהרע אַנגסטען אַ פּאָר סעקונדען נאָך מעהר. אָבער זי האָט צו איהם אויפגעהויבען אַזאַ טיעפען בליק, און מיט אַזאַ מורא־דיגע בעדירפנים צו וויסען אלעס, האָט זי זיך אַזוי אויסגע־שטרעקט צו איהם, אַז איהם האָט אָנגענומען אַ רחמנות.

— נון, מאַדאַם; איך האָב געזעהען דעם הויפט פון דער אַדמיניסטראַציע פון דער ליניע, און כ'האָב גע'פּועל'ט, אַז אייער מאַן בלייבט אויף זיין שטעלע.... אלעס איז שוין אָבגעמאַכט.

סעווערינע איז שיער ניט געבליבען אין אונמאַכט פון צו פיעל פרייד, וואָס איז איהר מיט אַמאָל פארלאָפען איבער די נשמה. איהרע אויגען זיינען פול געוואָרען מיט טרערען, און זי האָט ניט געקענט רעדען; זי האָט נור געשמייכעלט.

און ער האָט ווידערהאָלט די ווערטער, בכיון איבער'חזר'ענ־

דיג די זעלבע פראזע, אז זי זאָל גוט פערשטעהן זיין ריכטי־גען מיין.

— אלעס איז שוין אָבגעמאַכט.... איהר מעגט זיך רוהיג פאָהרען צוריק אין האָוור.

סעווערינע האָט גוט פערשטאַנען, וואָס ער מיינט; ער האָט איהר געזאָגט, אז מען וועט זי ניט ארעסטירען, אז מען שענקט זי דאָס מאָל. און ניט נור וועט רובאָ אָנהאַלטען די שטע־לע, זאָנדערן די גאַנצע טראַגעדיע מוז פערגעסען ווערען, מוז ווי אין דער ערד אריין. מיט אַן אינסטינקטיווע בעוועגונג פון לאַסקע, ווי א שעהן שטוב־היגטעלע, וואָס דאַנקט און לאַסטשעט זיך, האָט סעווערינע א כאַפּ געטהון זיינע הענד, זיי געקושט און זיי דער־נאָך צוגעדריקט צו איהרע באַקען. און דאָס מאָל האָט ער פון איהר זיינע הענד ניט צוריק געריסען; איהם האָט געריהרט די בעצויבערענדע צערטליכקייט פון אזא דאַנקבאַרקייט.

— איינס נור, — האָט ער געזאָגט, בעמיהענדיג זיך ווידער צו ווערען שטרענג, — געדענקט עס גוט און פיהרט זיך גוט אויף.

— אָה, מיין הערר!

אָבער ער האָט געוואָלט זייביידען האַלטען אין זיינע הענד, אין דעם מאַן אין די פרוי. און ער האָט איהר געגעבען אַן אָנצו־הערעניש וועגען דעם צעטעלע.

— פערגעסט נור ניט, אז דער פּראָטאָקאָל געפינט זיך דאָ, און אז ביי דאָס מינדעסטע פון אייער זייט, קאָן די גאַנצע גע־שיכטע ווידער פאַרגענומען ווערען.... און פריהער פאַר אַלעס, זאָגט אַן אייער מאַן ער זאָל זיך ניט מישען אין פּאָליטיק. דאָ געהט ביי אונז קיין רחמנות ניט אָן! איך ווייס גאַנץ גוט, אז ער האָט זיך שוין איין מאָל קאָמפּראָמענטירט; מ'האָט מיר דער־צעהלט פון זיינע היציגע ווערטער צום סוב־פּרעפעקט; און א חוץ דעם איז ער גאָר א רעפּובליקאנער, זאָגט מען, — דאָס איז שוין גאָר מיאוס.... בקיצור, זאָל ער האָבען שכל, אלא ניט, נעוה־מען מיר און שאַפען איהם פשוט אָפּ, פערשטעהט איהר?

סעווערינע איז קוים איינגעשטאַנען; זי האָט געגאַרט צו־

זיין אין דרויסען, צו קאָנען פאַנאַנדערלאָזען זיך מיט איהר גרויסע פרייד, וועלכע האָט זי דאָ געשטיקט.

— מ'סיע, מיר וועלען איידך פאָלגען; מיר וועלען טהון, וואָס איהר וועט וועלען.... ווי און וואו — ס'מאַכט ניט אויס; איהר דאַרפט אונז נור בעפעהלען: — איך בין אייערע.

און ער האָט ווידער א שמייכעל געטהון מיט זיין מיעדען שמייכעל און מיט צוגעגעסענע פעראַכטונג, ווי א מאַן, וואָס האָט שוין גענוג פערזוכט פון דעם הבל הבלים.

— אָה, איך מיסברויך ניט, מאַדאַם; כ'מיסברויך מעהר ניט.

און ער האָט איהר אַליין געעפענט די טיהר פון דעם קאַבינעט. און ביי די טרעפ האָט זי זיך צו איהם נאָך צוויי מאָל אומגעקעהרט, מיט איהר שטראַהלענדען געזיכט און איהם אַלץ געדאַנקט.

אין גאַס די ראָשע איז סעווערינע אַוועק ווי צומישט. זי האָט שפּעטער בעמערקט, אַז זי האָט זיך גענומען מיט דער גאַס ארויף, גאַר אָהן א צוועק. און זי האָט זיך אומגעקעהרט און גע־לאָזט געהן אַראָפּ. אַריבערגעהענדיג אין מיטען גאַס צוטראָגע־נערהייט, ניט טראַכטענדיג אַז מ'קאָן זי איבערפאָהרען. זי האָט זיך גענויטיגט סתם אין בעוועגונג, — געהן, טהון, שרייען... זי האָט אָבער ענדליך פערשטאַנען, פאַרוואָס מ'איז זיי מוחל גע־וועז, און זי האָט זיך אַליין געכאַפּט ביי די ווערטער: —

— זעהסטו!... זיי ציטערען דאָך גאַר אַליין. ניטאָ וואָס מורא צו האָבען זיי זאָלען ווידער אויפהויבען די גאַנצע געשיכ־טע... איך בין געוועזן א שעהן שטיק נאַרעלע, וואָס איך האָב זיך גאַר אַזוי פיעל געפּלאָגט... ס'איז דאָך קלאָהר... אָך, ס'א גליק! געראַטעוועט, געראַטעוועט, געראַטעוועט אין דער אמת'ן, דאָס מאָל!... עה, נישט קשה; מיין מאַן וועל איך נאָך גוט אָנשרעקען, זאָל ער זיך האַלטען א ביסעל שטילער. ניצול געוואָרען!... ס'א גליק! ס'א גליק!...

אַז זי האָט פערקירעוועט אין גאַס סעינט־לאַזאַר, האָט זי

רערזעהען אויף דעם זייגער ביי א יוּוועליר אין קראָם, אז ס'איז געווען צוואנציג מינוט פאר זעקס.

— אַט וואָס; — איך וועל זיך טראַקטירען מיט א גוטען מיטאָג. כ'האָב נאָך געגוג צייט.

און סעווערינע האָט זיך אָבגעקליבען דעם פיינסטען רעסטאראַן, געגענאיבער דעם וואָקזאל. און זי האָט זיך אוועקגעזעצט, איינע אליין, לעבען א קליין ווייס טישעלע. געגען א פענסטער פון געשלייפטע שפּיגעל־גלאָז, און האָט מיט פערגניגען ארויסגעקוקט אין דרויסען. זי האָט זיך געהייסען דערלאנגען א פיינעם מיטאג: אויסטריצעס, דעם עק פון א קאמבאלא, און א פיערטעל געפּרעגעלטע היהנדעלע. דערמיט וועט זי זיך אם וועניגסטען בעצאָהלען פאר איהר שלעכטען פריהשטיק. זי האָט געגעסען אויף ביידע באקען, האָט זיך מחיה געווען מיט דער גערשטענער ברויט און האָט זיך געהייסען דערלאנגען נאָך א נאַשעריי — א געבעקס אויף שמאנט. און אז זי האָט פּארטרונקען מיט קאווע, האָט זי זיך גענומען איילען, ווייל ס'איז איהר געבליבען בלויז איניגע מינוט צו נעהמען דעם עקספּרעס־צוג.

אז זשאק איז אוועק פון איהר, איז ער צוערשט אוועק צו זיך אהיים זיך איבערטהון אין זיינע ארבייטס־קליידער; און איז דערנאָך גלייך אוועק אויפ'ן וואָקזאל, וואו ער פלעגט געוועהנליך קומען ניט פריהער ווי א האלבע שעה פאר'ן ארויספאָהרען. ער האָט זיך געוועהנליך פערלאָזט אויף פעקע'ן, אז ער זאָל בעקוקען דעם לאָקאָמאָטיוו פאר'ן ארויספאָהרען, אָבוואָהל דער הייצער פלעגט אָפטער זיין שכור ווי ניכטער. אָבער יענעם טאָג האָט ער ביי זיך געשפּירט עפּעס אזא צערטליכקייט, און ס'האָט איהם אָנגענומען אזא אונבעוואוסטזיניגע זאָרגפעלטיגקייט, אז ער האָט אליין געוואָלט גוט איבערקוקען יעדעס פיצעלע אין דער מאשין; און נאָך מעהר דערפאר, וואָס אין דער פריה נאָך, אויף'ן וועג פון האוור, האָט זיך איהם אָבגעדוכט, אז די מאשין פארברויכט צו פיעל פארע לויט די ארבייט ביים געהן פאמעלאך.

אין די גרויסע פארמאכטע סטאנציאָן־שטאלען, שווארץ פון רויך און קוים בעלויכטען רך די הויכע פארשטויבטע פענסטער,

איז געווען, צווישען די אנדערע אנגעגרייטע מאשינען, אויך זשאק'ס לאקאמאטיוו, צוגעשטעלט אויף די רעלסען פאראויס, כדי צו קאנען ארויסגעהן דער ערשטער. א וואקזאל-הייצער האט שוין צולעגט א גוט־פייער, און די גליהענדע שטיקלאך קוילען זיינען געפאלען ארונטער אין דעם פייער־גרוב אונטער'ן מאשין.

דאס איז געווען א שנעל־צוג לאקאמאטיוו, אן עלעגאנטער און מעכטיגער, מיט צוויי פאאר אקסען, מיט גרויסע דאך לייכטע רעדער, געקעטעלט מיט שטאהלענע טרייב־ארעמס און מיט א מעכטיגער ברוסט און לאנגע, קרעפטיגע ריפען, — איין שטיק לאגיק און אויסגערעכענטקייט, וואס איז די אמת'ע שעהנקייט פון די שטאהלענע בעשעפענישען, — בקיצור, די פינקטליכקייט אין דער מאכט. און ווי אלע אנדערע מאשינען פון דער מערב־אייזענבאהן קאמפאניע, האט זשאק'ס לאקאמאטיוו א חוץ א נומער נאך געהאט א צו־נאמען נאך דער סטאנציע ליזאן, וואס איז אויף'ן וועג פון קאטענטען. אבער זשאק האט אויס ליעבע צו זיין מאשין פארקירצט ליזאן אויף דעם וויבערשען נאמען „ליזא", וועלכען ער פלעגט זאגאר אויסרעדען מיט ליעבשאפט.

און ס'איז טאקי אמת: ער האט זיין מאשין ווירקליך ליעב געהאט, זייט ער האט זי דערקענט מיט פיער יאהר צוריק. ער האט געהאט צו פיהרען געגוג אנדערע מאשינען אויך, אי שטילע, אי אונרוהיגע, אי געהער, אי קריעכער, און זשאק האט גוט געזעהען, אז יעדע איינע פון די מאשינען האט זיך געהאט איהר אייגענעם כאראקטער, און אייניגע פון זיי זיינען טאקי געווען גרויסע טויגעניכטסען, ווי פשוט'ע בשר־ודם'ניצעס; און דערפאר טאקי, אז ער האט שוין יא געליעבט זיין „ליזא'ן", איז דאס ווירקליך געווען דערפאר, וואס זי האט געהאט די מעלות פון א זעלטענע פרוי. די מאשין איז געווען א שטילינקע און האט געפאלגט, און זיך שנעל געריהרט, לייכט און רעגעלמעסיג אין גאנג, אייננעהמענדיג פארע זעהר גרינג. מ'האט זיך אפילו גע־וואלט איינרעדען, אז אויב זי ריהרט זיך פון ארט אזוי לייכט, קומט דאס איהר פון איהרע באנדאזשען ביי די רעדער און די אויסגעצייכענטע, פינקטליך־געשניטענע באלאנס־שרויפען; און

דאָס וואָס זי נעהמט לייכט איין אַ סך פּאַרע, האָט מען ער־קלעהרט מיט די גוטסקייט פון די מעשענע רעהרלאַך און וואָס דער הייץ־אויווען איז אַזוי גוט געשטעלט; אָבער ער, זשאַק, ווייס בעסער. ווארים האָט ער דען ניט געפיהרט קיין אַנדערע מאַשינען, פּונקט אַזוי געבויט ווי „ליזאַ“, און צוזאַמען געשטעלט פּונקט אַזוי פאָרזיכטיג? האָבען זיי דען אַזוינע מעלות? די נשמה האָט זיי געפעהלט, דער יסוד פון דער פאַבריקאַציאָן, — אַט דאָס פּיטשעלע, וואָס דער צופאַל שענקט אַ מאָל דעם בעל־מלאכה ביים שמיעדען די שטיקער און ביים צוזאַמען שטעלען די מאַשין: איהר נשמה, איהר פּערזענליכקייט.

און ער האָט זיין „ליזאַ'ן“ געליעבט מיט די דאַנקבאַרקייט פון אַ מאַן, דערפאַר וואָס זי נעהמט לייכט און שטעלט זיך אָפּ שנעל, ווי אַ גוטער שטאַרקער פערד; און ער האָט זי אויך גע־שעצט דערפאַר, וואָס אַ חוץ זיין געשטעלטען געהאַלט, האָט ער אָן איהר נאָך געגנבעט פערדיענט אָן די קוילען, וואָס זי האָט איהם פאַרשפּאָרט. און ער האָט צו דער מאַשין קיין טענות ניט געהאַט, אחוץ וואָס זי האָט געפאָדערט צו פיעל שמיעראַכץ. ספּעציעל די צילינדערס: זיי פלעגען פאַרצעהרען אומגעהייער פיעל בוימעל, אין זייער שטענדיגע דורשט, ווי אמת'ע שכורים. אומזיסט האָט ער זיך בעמיהט, זי זאָל ניט זויפען אַזוי פיעל; זי פלעגט באַלד אנהויבען סאָפּען: אַ פּנים, ס'איז אַ טעמפּעראַמענט אַזוינער. און ער האָט געמוזט זיין צופרידען מיט איהר זויפערשע תאוה, ווי מען מאַכט זיך, אַ שטיינער, ניט זעהענדיג די שלעכטע זייטען פון מענשען מיט גוטע מעלות. און ער פלעגט בלויז אויף שפּאַס זאָ־גען צום הייצער, אַז זיין „ליזאַ“, ווי פיעלע שעהנע פרויען, האָט אויך ליעב אַ סך אייל.

דאָס צוליינטע פייער אין דער מאַשין האָט זיך אַלץ פונאַנ־דער געברענט, און „ליזאַ“ האָט זיך אַלץ מעהר אָנגענומען מיט פּאַרע. און זשאַק איז דערווייל ניט אַבגעטראָטען פון זיין לאָ־קאָמאָטיוו און איהם בעקוקט יעדעס פּיצעלע. ער האָט געוואָלט פערשטעהן, פאַר וואָס „ליזאַ“ האָט אין דער פריה אויפגעפרע־סען מעהר שמיעראַכץ, ווי געוועהנליך. און ער האָט אין איהר

גארניט געפונען; יעדעס פיצעלע איז געווען ווי געהעריג און האט געבלישטשעט, ווי אין די הענט פון א גוטען און פעהיגען מאשיניסט. ער האט זי אימער געהאלטען אין איין פוצען, אין איין ווישען, אהן אן אויפהער. ספּעציעל נאך א רייזע, פונקט ווי מען ווישט ארום די פערשוויצטע פערד נאך א לאנגען געיעג, פלעגט ער זי גוט ארומרייבען, ווייל זי איז נאך געווען הייס און ס'איז לייכטער געווען פון איהר ארויסצונעהמען די פלעקען שמוץ אדער שוים. און זשאק פלעגט זיין „ליזא'ן" קיין מאל ניט טרייבען; ער פלעגט זי אימער לאזען געהן מיט איהר רעגעלמעסיגען גאנג, בעמיהענדיג זיך קיין מאל ניט צו פערשפעטיגען, כדי זי שפעטער ניט צו דארפען אונטערטרייבען. און זשאק מיט „ליזא" זיינען געווען ווי א גוט פּאאר פאלק, און אין פערלויף פון די פיער יאהר, וואס ער האט זי געקאנט, האט ער געגען איהר אי איין מאל ניט פארשריעבען אין די מאשיניסטען־ביכער פון דעפּא אי קיין קלאגע, ווי די אנדערע מאשיניסטען קאליקעס, פוילענצער אדער שכורים, וואס בעקלאגען זיך אימער אויף זייערע מאשינען און פאדערען מ'זאל זיי פאררריכטען אלע ווילע. אבער יענעם טאג איז זשאק באמת געווען הערצליך ברוגז וואס זי האט אויפגעזויפט אזוי פיעל אייל; און ער האט געפיהלט עפּעס נאך, עפּעס אן אונזיכערהייט, אן אונבעשטימטע און טיעפע, וואס ער אליין האט נאך ריכטיג ניט פארשטאנען; עפּעס אן אונרוהיגקייט, א צווייפעל אין איהר, גלייך ווי ער קאן זיך אויף איהר היינט ניט פערלאזען און ער מוז זיך ערשט גוט פארבערייטען, אז זי זאל זיך אויפ'ן וועג אויפפיהרען ניט שלעכט.

פעקע איז נאך אלץ ניט געקומען, און זשאק האט איהם האט גוט געגעבען, ווען יענער האט זיך ענדליך בעוויזען, קוים ריהרענדיג מיט די פיס און מיט'ן צונג, ווייל ער האט מיט א גוטען ברודער עפּעס געגומען אין מויל אריין. געוועהנליך האבען זיך די צוויי מענער זעהר גוט פארטראגען אין זייערע לאנגע מיטארבייטערשאפט פון איין עק ליניע ביז די אנדערע, ארבייטענדיג שולטער צו שולטער, פעראייניגט דורך די זעלבע טהעטיגקייט און די זעלבע געפאהר. און אבוואהל זשאק איז געווען אינגער

מיט א יאָהר צעהן, האָט ער זיך צו זיין הייצער געהאַלטען ווי אַן עלטערער, און פלעגט פאַרדעקען זיינע חסרונות, און פלעגט איהם זאָגאַר לאָזען שלאָפען א שעה, ווען יענער פלעגט שוין זיין צו שכור. און פעקע איז איהם דערפאַר געווען טריי ווי א הונט; דערצו איז ער נאָך געווען אַן אויסגעצייכענטער ארבייטער און א געניהטער אין זיין פאַך, ווען ער איז נור ניט געווען בעזויפען. און ער האָט אויך ליעב געהאַט „ליזאַ'ן", און דאָס דאַרף מען ניט פאַרגעסען, איז געווען געננג פיר גוטע פערשטענדעניס. זיי ביידע און די מאַשין זיינען געווען אַן אמת'ע גוטע פאַמיליע, אָהן שום קריעגעריי. און דערפאַר, אז זשאַק האָט איהם אָבגעגע־בען אַזאַ ברוך־הבא, האָט זיך פעקע באמת'ן פערוואונדערט, און זיך נאָך דאָפּעלט פאַרוואונדערט, ווען ער האָט דערהערט זשאַק'ס ברוגז'ען צווייפעל געגען זייער „ליזאַ".

— וואָס איך הער! זי לויפט דאָך ווי א וואַסער.

— ניין, ניין! איך בין עפּעס אומרוהיג.

און ניט קוקענדיג אויף דעם גוטען צושטאַנד פון יעדען פּיצעלע, האָט ער ניט אויפגעהערט צו שאָקלען פערצווייפעלט מיט'ן קאָפּ. ער האָט א נעהם געטהון דאָס הענטעל, אויסצופּרו־בירען דעם קלאַפּאַן; איז אליין ארויף אויף'ן גאַניקעל און האָט אַליין אריינגעגאָסען אייל אין די גלעזלאך ביי די צילינדערס; און דער הייצער האָט דערווייל געפּוצט דעם דאַמפּף־קאַפּולעש ביים קעסעל, וואו עס האָט זיך קוים בעוויזען א פלעק זשאַווער. בקצור דאָס ציגנגעל ביים ווייזער האָט זיך ריכטיג גערוקט, און זשאַק האָט זיך געמעגט פערלאָזען. דער אמת איז אָבער, אז ביי איהם אין הארצען איז שוין געווען ניט נור „ליזאַ" אליין. אַן אנדער ליעבשאַפט איז דאָרט אויסגעוואַקסען, — דיעזע שוואַכינ־קע, צערטליכע בעשעפעניש, וואָס איז איהם דעם גאַנצען טאָג פאַר די אויגען, ווי ער זיצט מיט איהר אויף דער באַנק אין סקוועער, אַזאַ ליעבענדע און שוואַכינקע, וואָס בעט זיך מ'זאָל זי בעשיצען און ליעבען! ווען ער פלעגט זיך אַמאָל פערשפּעטיגען,— ניט איבער זיין שולד, — און פלעגט מוזען לאָזען דעם לאָקאָ־מאָטיוו געהן מיט א שנעלקייט פון גאַנצע אַכציג קילאָמעטער,

פלעגט ער גארניט טראכטען פון דער סכנה פיר זיינע פאסא־זשירען. און איצט אז ער מוז צוריק אהיים פיהרען קיין האוור די פרוי, וועלכע ער האט אין דערפריה נאך פיינט געהאט און בע־גלייט מיט פאררדוס, — מוטשעט איהם גאר דער געדאנק און די מורא, אז עפעס זאל זיך חלילה ניט טרעפען, און איהם דוכט זיך, אז אט איז זי, דורך זיין שולד, א פערוואונדעטע און א שטארבענדע אין זיינע ארעמס. פון היינט אן האט ער שוין אויף זיך א ליעבע. און „ליזא“, די פארדעכטיגע, וועט שוין מוזען זיך אויפפיהרען זעהר קארעקט, אויב זי וויל ניט פערלירען איהר נא־מען אלס א גוטע לויפערקע.

דער זייגער האט געקלונגען זעקס. זשאק און פעקע זיינען ארויף אויף'ן בריקעל, צווישען קויל־וואגען און דעם לאקאמא־טיוו. זשאק האט מיט א סיגנאל געהייסען פעקע'ן א דרעה טהון דעם קלאפאן, און א וואלקען ווייסער רויך האט אנגעפילט דעם פאררויכערטען מאשין־שטאל. און פאלגענדיג דעם בעפעהל פון רעגולאטאר, וואס דער מאשיניסט האט געעפענט, האט זיך „ליזא“ א ריהר געטהון און איז ארויס פון דעפא, און האט מיט א פייף גע־בעטען א פרייען וועג. און זי האט שוין געזאלט אריין אין באטי־ניאלער טונעל; אבער לעבען בריק דע ל'אייראפ האט זי געמוזט אבווארטען; און ערשט ווען ס'איז געקומען די ריכטיגע צייט, האט דער רעלסען־קירעווער איהר דערלאנגט דעם וועג צום שנעל־צוג פון זעקס אוהר דרייסיג, און צוויי וואקזאל־ארבייטער האבען „ליזא“'ן גוט פארקעטעלט מיט די וואגאנעם.

מ'האט שוין געדארפט ארויספאהרען. ס'איז קוים געבלי־בען ניט מעהר ווי פינף מינוט, און זשאק האט זיך ארויסגעבוי־גען אין פערוואונדערונג, וואס ער זעהט ניט סעווערינע'ן אין דעם דראנג פון די פאסאזשירען. ער איז געווען זיכער, אז זי וועט פריהער צו איהם זיך בעווייזען, איידער זי וועט זיך אריינזעצען. ענדליך האט ער זי דערזעהען, כמעט לויפען, א פארשפעטיגטע. און ווירקליך, זי איז אבגעלאפען די גאנצע לענג וואגאנעם, ביז זי איז צו צום לאקאמאטיוו, א פארפלאמטע און מלא שמחה.

זי האָט זיך געשטעלט אויף די שפּיץ פינגער, האָט פאַרריסען דאָס פּנים, שמייכלענדיג.

— זייט רוהיג, כ'בין דאָ!

און ער איז געווען גליקליך, וואָס זי איז דאָ; און ער האָט אויך געשמייכעלט.

— גוט גוט, אזוי איז שוין גוט.

אָבער זי האָט זיך נאָך מעהר אויסגעצויגען און האָט איהם געזאָגט אין א שטילערען טאָן:

— מיין פריינד, איך בין צופרידען, זעהר צופרידען... איך האָב געהאַט א גרויסען שאַנס... אַלעס ווי געוואונשען.

און ער האָט פאָלקאָמען פארשטאַנען; און עס האָט איהם זעהר הנאה געטהון. און זי האָט שוין געוואָלט לויפען צו איהר וואַגאָן. האָט זי זיך אָבער אומגעקערט און האָט אויף שפּאַס געזאָגט:

— זעהט־זשע. איצט היט מיר מיינע ביינער.

און ער האָט אויסגעשריען מיט א פריילכען קול:

— אָה, אודאי! האָט קיין מורא ניט!

מ'האָט שוין אָנגעהויבען פארמאַכען די טיהרלאַך פון די וואַגאָנעס. סעווערינע האָט קוים צייט געהאַט אריינצוזעצען זיך. זשאַק האָט אויף דעם סיגנאַל פון'ם הויפּט־קאָנדוקטאָר, א פייף געטהון, און דערנאָך א דרעה געטהון דעם רעגולאַטאָר. דער צוג איז אַוועק. פּונקט אזוי איז אויך אין מאָנאַט פעברואר ארוים דער טראַגישער צוג, אין דער זעלבער צייט, אין דעם זעלבען געטומעל פון דער סטאַנציע, מיט'ן זעלבען גערויש און דעם זעלבען רויך. אָבער היינט איז נאָך געווען ליכטיג, דער פארנאַכט האָט זיך נאָך ניט אָנגעפאַנגען, און ס'איז עפּעס אזוי אונענדליך מילד. סעווערינע האָט ארויסגעשטעלט דעם קאָפּ און ארויסגעקוקט.

וואָרם געקליידעט אין הויזען און א בלוזע פון וואָלל, איז זשאַק געשטאַנען רעכטס ביים לאָקאָמאָטיוו, ניט אראָפּלאָזענדיג אַן אויג פון דעם וועג פאר איהם און ארויסבויגענדיג זיך יעדע ווייל פון דעם שויז־פענסטעריל, כדי בעסער צו קענען זעהן.

די אויגען זיינען איהם געווען בעשיצט מיט די געוועהנליכע
בריללען אין טופענע זייטען־דעקלאך, וועלכע ער האט פארבונ־
דען צוריק אויפ'ן קאפ אונטער'ן היטעל. דאס שנעלע פאהרען
האט איהם שטארק געטרייסעלט; ער האט דאס אבער ניט בע־
מערקט; די רעכטע האנט האט ער גיט אראפגענומען פון דעם
טרייב־רעדעל צו רעגולירען דעם לויף פון דער מאשין, פונקט
ווי דער שיף־פיהרער אויפ'ן ים האלט דאס רעדעל צו קירעווען;
און ער האט געפיהרט דעם צוג מיט א בעשטענדיגען, אבוואהל
אונבעמערקזאמען הרעה פון דער האנט, איינהאלטענדיג אדער
פערגרעסערענדיג די שנעלקייט; און מיט דער לינקער האנט האט
ער גיט אויפגעהערט צו שלעפען דעם פייפער פאר'ן צינגעל, ווייל
דער וועג ארוים פון פאריז איז זעהר א שווערער, פול מיט
סכנות. און ער האט געפייפט ביי יעדען שלאג־בוים, ביי יעדע
סטאנציע, ביי יעדען טונעל, ביי יעדען גרויסען קירעווע פון וועג.
א רויטער צייכען איז איהם שטעהן געבליבען אין וועג, אז
ס'האט שוין געזאלט ווערען נאכט, און ער האט לאנג געפייפט,
פאדערענדיג א דורכגאנג, און איז דארט פארבייגעפלויגען ווי
א דונער. בלויז פון צייט צו צייט האט ער א בליק געטהון אויף
דעם מאנאמעטר, און האט אונטערגעדרעהט דאס קליינע רעדעל
פון דעם אינזשעקטאר, ווען נור די פארע האט געפרעסט ביז אויף
צעהן קילאגראם; און גלייך אויפ'ן ארט ווידער אנשטעלענדיג
דעם בליק אויף דעם וועג, האט ער פון אויג ניט ארויסגעלאזט די
מינדעסטע קלייניגקייט; ער איז געווען אזוי אריינגעטהון אין
דעם, אז ער האט קיין שום זייטיגע זאך גאר גיט בעמערקט, —
זאגאר דעם שטארקען ווינט, וואס האט געבלאזען ווי א שטורם,
האט ער אויך גיט געמערקט. און אז דער מאנאמעטר האט אנגע־
וויזען אויף צו ווענינ פארע, האט ער געעפענט דאס טיהרעל פון
דעם קויל־אויווען, אויפהויבענדיג דאס שטענגעל פון דעם קעסעל.
און פעקע, צו דעם שוין צוגעוואהנט, האט גלייך פערשטאנען און
גענומען און צוקלאפט שטיקער קויל און זיי מיט דער לאפעטע
אריינגעווארפען, פונאנדערשארענדיג די קוילען, ווי א דינעם
צודעק איבער דעם גאנצען פייער־פלאץ צוגלייך. א שרעקליכע

היץ האט זיי ביידען דערווייל געברענט די פיס, און אז דאס אויוועך־טיהרעל איז צוריק פערהאקט געוואָרען, האט זיי ווידער דורכגענומען דער אייז־קאלטער ווינט.

ס'איז געוואָרען נאכט.

זשאק האט פערגרעסערט זיין פארזיכטיגקייט. זעלטען ווען ער האט געפיהלט, אז זיין „ליזא" פאָלגט איהם אזוי; זי איז געוועזן ביי איהם אין די הענט; ער האט מיט איהר רעגיערט נאך זיין ווּאונש, מיט די פאלקאָמענע מאכט פון א מאָנארך: און דאך איז ער אויף א האאר ניט געוואָרען ווענינער ברוגז אויף איהר, ווען ער האט זי בעטראכט ווי אן אויסגעלערנטע ווילדע חיה, וואס מען טאר פון דעסטוועגען פון די הענט ניט ארויסלאָזען. דאָרט, הינטער זיינע פּלייצעס, אין א וואגאָן פון'ם צוג, וואס פליהט מיט אזא שנעלקייט, זעהט ער זי מיט איהר איידעלע פיגור, וואס פערלאָזט זיך אויף איהם, און גלויבט איהם און שמייכעלט. און עס נעהמט איהם אָן א לייכטער ציטער, און זיין האנט גרייפט פעסטער דאס רעדעל צו רעגולירען דעם גאנג פון דעם לאָקאָמאָטיוו, און שארפער דרינגט אריין אין דער וואס־סענדע פינסטערניש זיין פארשענדער בליק, וואס זוכט די רויטע סיגנאלען. נאך די צוויינ־סטאנציעס פון אסניער און קאלאמב, האט ער אביסעל איבערגעכאפּט דעם אטהעם. ביז מאנט איז אלעס צוגעגאנגען גלאט; דער וועג איז געווען ווי אויף א אמת גלאטע ברעטער, און דער צוג האט זיך געקייקעלט זעהר לייכט. נאך מאנט האט מען „ליזא'ן" שוין געמוזט גוט אונטער־טרייבען, ווייל עס איז געווען א שווערער בארג־ארויף כמעט פון אהאלבער ליעגע. און דערנאך קומט דער וועג־טונעל ראָלבוא, צוויי מיט א האלבען קילאָמעטער די לענג, אבער עטוואס בארג־אראפ; און דער לאָקאָמאָטיוו, ניט אייגגעהאלטען פון זשאק'ן, איז דאס אבגעלאָפען ווענינער ווי אין דריי מינוט, און איצט איז מעהר ניט געבליבען ווי בלויז איין טונעל, דער רואַ־לער, לעבען געיאָן, פון דער זייט סאטעוויל, — די שרעקליכע סטאנציע סאטעוויל, וואו מ'איז אימער אין סכנה איבער דעם פלאָנטער פון רעלסען און וועגען, דעם שטענדיגען געלאף פון מאַ־

שינען, און די שטענדיגע שטערונגען. און יעדער טראָפּען כח זיינער איז איצט ביי איהם געווען אין די אויגען, וואָס זייגען אויף דער וואַך, און אין זיין האַנט, וואָס פיהרט דעם צוג. און „ליזאַ“, פייפענדיג און רויכערענדיג, איז פאַרביייגעפלויגען סאַטעוויל מיט אַלע כחות און האָט זיך ערשט אָבגעשטעלט ביי רואַן, פון וואַנען זי איז אַרויס שוין אַ ביסעל רוהיגער, אַרויפקריעכענדיג דעם וועג ביז צו מאַלאָנע, ניט געאיילט.

די לבנה איז אויפגעגאַנגען, זעהר אַ קלאָהרע, מיט אַ ווייסען שיין, און זשאַק האָט דערפאַר געקאָנט בעמערקען יעדען קוסט און זאָגאַר די שטיינער אויפ'ן וועג, ניט קוקענדיג אויף דעם שנעלען גאַנג. און ביים אַרויסגאַנג פון טונעל פון מאַלאָנע, האָט זיך זשאַק בעאונרוהיגט פון אַ שאָטען פון אַ בוים, וואָס האָט זיך איהם געלעגט אויפ'ן וועג, אין דער רעכטער האַנד, ווען ער האָט זיך בעסער איינגעקוקט; ער האָט דערקענט די געגענד, — דעם ווינקעל. דאָס פעלד מיט די קוסטעס, וואו ער האָט געזעהען דעם מאָרד, די ווילדע, וויסטע געגענד איז פאַרבייגעלאָפען פאַר זיינע אויגען: די בערגלאַך, איינער נאָכ'ן אַנדערן, די פינסטערע שטיקער וואַלד, די גאַנצע ווילדע וויסטקייט. און באַלד האָט זיך בעוויזען קרואַ־דע־מאָפראַ; אונטער דער שטילער לבנה־שיין שטעהט מיט אַ זייט דאָס איינזאַמע הויז, פינסטער און מורא'דיג, פון אַלעמען פערגעסען און פערלאָזען, מיט די לאָדען שטענדיג פערמאַכט, און אַזוי שרעקליך מעלאַנכאָליש! און עפּעס אַליין ניט וויסענדיג פאַר וואָס, האָט זשאַק היינט, מעהר ווי אַלע מאָל, געפיהלט, אַז עס האָט איהם פאַרקלעמט פאַר'ן האַרצען, גלייך ווי עפּעס אַ קומענדער אונגליק.

און באַלד נאָך דעם האָבען זיינע אויגען דערזעהען גאָר אַן אַנדער פיגור. לעבען מיזאַר'ס שטוב, אַנגעשפאַרט ביים שלאַגבוים, איז געשטאַנען פלאָרע. די לעצטע צייט זעהט ער זי דאָ אַ יעדעם מאָל, וואַרטענדיג, נאָכשפּירענדיג. זי האָט זיך ניט געריהרט; זי האָט בלויז נאָכגעדרעהט דעם קאָפּ, איהם צו קאָנען וואָס מעהר נאָכקוקען אין זיין בליץ־שנעלען פליה. איהר הויכער געשטאַלט האָט זיך ווי אַ שוואַרצע פיגור בעוויזען אין דער ווייַ־

סער שיין פון דער לבנה, און בלויז איהרע גאָלד־קאָלירטע האאר האָבען אָבגעשטראַהלט אין דעם בלאַסען גאָלד־שיין פון דעם היי־מעל־ליכט.

און זשאַק האָט אונטערגעטריבען „ליזאַ'ן" זי זאָל בעסער געהן דעם באַרג־אַרויף ביז מאָטעוויללע, און האָט זי געלאָזט אַ ביסעל אָבדוכען דעם גאַנצען גראַדען וועג ביז באָלבעק און דער־נאָך פון סיינט־ראָמיין ביז האַרפלער האָט ער זי ווידער אַ לאָז געטהון באַרג־אַראָפּ, — דער גרעסטער באַרג־אַראָפּ איבער דער גאַנצער ליניע, דריי ליעגעס די לענג, וואָס די לאָקאָמאָטיוועז לויפען איין ווי צוויאָגטע פערד וואָס דערפיהלען דעם שטאַהל. און צובראָכען און מיעד איז זשאַק ענדליך אריין אויף דער סטאַנציע אין האַוור און מיט דעם דראַנג און רויך פון דעם אָנגעקומענעם צוג איז סעווערינע, פאַר'ן אהיים געהן, צוגעלאָפען צו איהם, און מיט איהר פרעהליכער און צערטליכער שטימע געזאָגט:

— אַ דאַנק. גוטע נאַכט!

---

## 6.

עס איז אַוועק אַ מאָנאַט און אַלעס איז ווידער געוואָרען רוהיג אין רובאָ'ס קוואַרטיער, וועלכע איז געווען אין דעם צוויי־טען גאָרען פון'ם וואָקזאַל, איבער די וואַרט־זאַאלען פון די פּאַ־סאַזשירען. אי ביי זיי, אי ביי די שכנים אין קאָרידאָר, און אין דעם גאַנצען קליינעם וועלטיל פון בעאַמטע, וואָס לעבען אויף די שטונדען, לויט די צוטהיילונג פון זייער אַרבייטס־צייט האָט דאָס לעבען גענומען לויפען אַזוי מאָנאָטאָן ווי פריהער. עס האָט אויסגעזעהען, אַז עס האָט גאָר ניט פּאַסירט עפּעס אוננאָרמאַ־לעס אָדער שרעקליכעס.

די סקאַנדאַלעזע געשיכטע פון גראַנמאָרען, וועלכע האָט גער־מאַכט אָנגעמאַכט אַזאַ גרויסען רעש, האָט אָנגעהויבען פאַרגעסען צו ווערען, ווייזט אויס, צוליעב דער אונמעגליכקייט צו ענטדעקען דעם מערדער. פערהאַלטענדיג קאַביש'ן נאָך אַ צוויי וואָכען, האָט דער אונטערזוכונגס־ריכטער, דעניזעי, איהם אַרויסגעלאָזט, ווייל מען האָט ניט געקענט געפינען, ווי מען

דענקט, קיין מאטיוו און קיין גענוגענדער בעוויזע. עס איז זאגאר ערשיענען א פאליציי־פערפאסטע, ראמאנטישע לעגענדע פון א מערדער, וואס מען קאן ניט פאנגען, א מין אונבעקאנטער אוואנ־טיורוסט פון פערברעכען, וועלכער וואקסט אויס אומעדום אין דער זעלבער צייט, און וועמען מען שרייבט צו אלע פערברעכען, און וועלכער ווערט פערשוואונדען, ווי רויך, אזוי באלד ווי די אגענטען ערשיינען נאר. און די אפאזיציאנס־פרעסע, וועלכע איז איצט געווען בעשעפטיגט מיט די אנקומענדע וואהלען, האט זעלטען ווען אבגעלאכט פון דיעזער לעגענדע פון דעם מערדער. דאס דריקען פון די הערשער, די געוואלט פון די פרעפעקטען האבען טעגליך געליעפערט גענוג מאטעריאל פיר ענטריסטעטע אר־טיקלען. און אזוי באלד, ווי די גאזעטען האבען אויפגעהערט צו בעשעפטיגען זיך מיט דיעזער זאך, האט דאס אויפגעהערט צו דיענען אלס געגענשטאנד פיר דער ליידעשאפטליכער נייגעריג־קייט פון די מאסען. און מען האט שוין אפילו ניט גערעדט דער־פון.

אין דער פאמיליע רובא איז צוריק געווארען רוהיג, ווייל די שוויריגקייט, וואס האט געזאלט ארויסקומען פון גראנמארען׳ס צוואה איז גליקליך אויסגעמידען געווארען. דאס פאר־פאלק לא שענע האבען געפאלגט מאדאם באנעהאן׳ס ראטה, האבען איינ־געוויליגט אויף דער צוואה, מורא האבענדיג אויפצוהויבען א סקאנדאל, און אויך דערפאר, ווייל זיי זייגען ניט געווען זיכער אין די רעזולטאטען פון דעם פראצעס. די רובאס האט מען אי־בערגעגעבען די בעזיצונג, און שוין זייט א וואך אז מען האט זיי געהאלטען פאר די אייגענטהימער פון קרוא־דע־מאפרא, פון די הייזער, גערטנער, וואס מען האט געשאצט אין א פיערציג־טויזענד פראנק. זיי האבען באלד בעשלאסען צו פערקויפען דאס הויז פון אויסגעלאסענהייט און בלוט, וועלכעס האט זיי גע־שראקען ווי א בייזער חלום, וואו זיי וואלטען אפילו ניט גע־קענט איינשלאפען, מורא האבענדיג פאר די געשפענסטער פון דער פערגאנגענהייט. זיי האבען עס בעשלאסען צו פערקויפען אין גאנצען, ווי עס שטעהט און געהט, מיט׳ן מעבעל, ניט פעררי־

טענדיג עס און אפילו ניט ארומווישענדיג דעם שטויב. נור אזוי ווי אויף'ן אָוקציאָן וואָלט דאָס הויז ניט אריינגעבראכט פיעל, ווייל ניט פיעלע וואָלטען געוואָלט וואָהנען אין אזא וויס־טעניש, האָבען די רובאָס בעשלאָסען צו וואַרטען אויף א בעל; און האָבען אויפ'ן פּאָסאַד צוגעשלאָגען א גרויסען שיעלד, וואָס האָט געקענט געזעהען ווערען פון אלע דורכלויפענדע צוגען. דיעזער אָנבאָט, אָנגעצייכענט מיט רויטע בוכשטאַבען, דיעזער פערצוויי־פעלטער וואונש צו פערקויפען האָט נאָך פערשטאַרקערט דעם טרויער, וואָס האָבען ארויסגערופען די פערמאַכטע לאָדען און דער גאָרטען, בעוואַקסען מיט דערנער. און אזוי ווי רובאָ האָט זיך ענטשיעדען אָבגעזאָגט צו פאָהרען קיין קרוא־דע־מאָפּראָ אום דאָרט צו מאַכען די נויטיגע איינאָרדנונגען, האָט סעווערינע בע־שלאָסען אליין אהין אוועקצופאָהרען אין א נאָכמיטאָג. זי האָט איבערגעלאָזען די שליסעל ביי די מיזאַר'ן, און זיי אָנגעזאָגט צו צייגען דאָס הויז, אויב עס וועלען קומען קונים. דאָרט האָט מען זיך געקענט אנשטאַלירען אין צייט פון א צוויי שטונדען, ווייל דאָס הויז איז געווען פערזאָרגט מיט אלעם נויטיגעם: אפילו וועש איז געווען אין די שאַפּעס.

איצט האָט זיך שוין דאָס פּאָר פּאָלק גאָר ניט בעאונרו־היגט, און די צייט איז זיך געלאָפען מיט דער מאָנאָטאָנער ער־וואַרטונג פון דעם מאָרגענדיגען טאָג. דאָס הויז וועט מען אמאָל פערקויפען, זיי וועלען אוועקלעגען זייער געלט, און עס וועט זיין גוט. ענדליך האָבען זיי אָן זייער הויז פערגעסען און האָבען זיך געלעבט אזוי גלייך ווי עס וואָלט זיי שוין גאָר ניט בעשערט געווען צו פערלאָזען די דריי צימער וואָס זיי האָבען בעוואָהנט: אָן עסס־צימער, די טיהר פון וועלכען איז ארויסגעגאַנגען גלייך אין קאָרידאָר אריין, א ציעמליך גרויס שלאָפצימער רעכטס, און א קליינינקע קיך, אָהן לופט, לינקס. זאָגאַר דער דאַך פון דעם וואָקזאַל פאר זייערע פענסטער, דיעזער צינערנער דאַך, וועלכער האָט ווי א געפענגניס־וואַנט זיי פארשטעלט די גאַס, האָט ניט נור אויפגעהערט זיי אויפרעגען ווי פריהער, נור פערקעהרט,

פלעגט זיי גאר בערוהיגען, פלעגט פערשטארקען דאס געפיהל פון אונענדליכע רוהע, און פון איינשלעפענדער שטילקייט.

אם וועניגסטענס זיינען ניטא פאר די אויגען די שכנים, מען זעהט ניט קיינע שפיאנען, וועלכע שפירען דיר נאך; עס איז אנגעקומען דער פריהלינג און דאס פאר פאלק האבען זיך גור בעקלאגט אויף די שטיקענדע היץ און אויף דעם בלענדענדען בליאסק פון דעם צין, וועלכער איז דערהיצט געווארען פון די ערשטע פריהלינגס־שטראהלען פון דער זון. נאך דער שרעקליכער ערשיטערונג, וועלכע האט זיי געצוואונגען צו לעבען אין א שטענדיגען שרעק אין צייט פון צוויי מאנאטען, האבען זיי זיך אנגעזעטיגט מיט דיעזען שטילשטאנד. עס האט זיך אפילו ניט געלוסט א ריהר צו טהאן זיך, זיי האבען זיך געפרעהט, וואס זיי ליידען ניט און ציטערען ניט. נאך קיין מאל איז רובא ניט געווען אזא געוויסענהאפטער און פינקטליכער בעאמטער: אין זיין וואך פון טאג־ארבייט איז ער ארויפגעגאנגען אויף דער פלאט־פארמע פינף אוהר פאר־טאג; איז געקומען פריהשטיק עסען ערשט צעהן אוהר; איז ווידער געגאנגען צו דער ארבייט אום עלף אוהר, און איז שוין פערבליבען ביז עלף ביי־נאכט; עס איז אויסגעקומען גאנצע עלף שטונדען ארבייט. אין צייט פון זיין נאכט־ארבייט, פלעגט רובא זיין בעשעפטיגט פון פינף אוהר אבענדס ביז פינף אין דער פריה. ער האט זיך אפילו ניט בע־נוצט מיט זיין מיטאג רוהע־שטונדע, און האט געגעסען ביי זיך אין דער קאנטאר. און דיעזע שווערע ארבייט האט ער געטראגען זאגאר מיט א מין פערגעניגען: זי איז איהם קענטיג געפעלען. ער האט ניט אויסגעלאזען קיין קלייניגקייט, אלעס האט ער גע־וואלט זעהן, אלעס מאכען ווי גלייך ער וואלט געפונען פערגע־סענהייט אין דער מיעדקייט, אן אויפלעבונג אין דעם גלייכגע־וויכט פון דעם נארמאלען לעבען.

סעווערינע, פון איהר זייט, פלעגט שטענדיג בלייבען איינע אליין, פלעגט פערבלייבען אן אלמנה איין וואך פון יעדע צוויי, און אזוי ווי זי האט אי אין דער ערשטער וואך, אי אין דער צווייטער געזעהען דעם מאן גור ביים פריהשטיק אדער ביים מי־

טאג, האָט זי זיך ליידענשאַפטליך איבערגעגעבען צו דער ווירט־שאַפט. פריהער פלעגט זי זיך געוועהנליך אוועקזעצען מיט אַן ארבייט אין דער האַנט, און האָט געהאַסט די ווירטשאַפט. די אַלטע טאַנטע סימאָן האָט זיך דערמיט בעשעפטיגט און האָט בעדיענט פון ניין ביז צוועלף. אָבער זייט סעווערינע האָט זיך בערוהיגט, און זי האָט געקריגען די זיכערהייט, אַז זי וועט דאָ פערבלייבען, האָט זי ניט מעהר געטהון, ווי נור געראַמט און גערייניגט. זי האָט זיך ניט אוועקגעזעצט ,ביז זי האָט פריהער ניט איבערגעקעהרט די קווארטיער מיט'ן קאָפּ אראָב. איצט האָבען שוין דאָס פּאָר פּאָלק געקענט שלאָפען שטאַרק. אין זייערע זעלטענע צוזאַמענטרעפונגען, ביים עסען, און אויך ביי נאַכט, ווען זיי זיינען געשלאָפען צוזאַמען, פלעגען זיי קיין מאָל ניט אָנפאַנגען רעדען פון דער געשיכטע; זיי האָבען זי געהאַלטען אַלס געענדיגט, בעגראָבען.

איבערהויפּט סעווערינען האָט איצט דאָס לעבען אויסגעזעהען זעהר אַנגענעהם. עס האָט זי ווידער אָנגענומען א מין פויל־קייט; די ווירטהשאַפט האָט זי ווידער איבערגעלאָזט צו דער טאַנטע סימאָן, ווי א פריילין, וואָס איז בעשאַפען געוואָרען נור פאַר עדלע האַנט־ארבייט. זי האָט זיך פערנומען מיט אַן אונענדליכע ארבייט, — א גאַנצע אויסגעאייקעלטע קאָלדרע, — וואָס האָט איהר געקאָנט קלעקען אויף'ן גאַנצען לעבען. אויפשטעהן פלעגט זי איצט גאַנץ שפּעט, און א צופרידענע צוואַוואַלגערען זיך אַליין אין בעט, איינגעשלעפערט פון דעם קומען און אָבגעהן פון די צוגען, וואָס דאָס האָט איהר געוויזען די צייט ריכטיג ווי א זייגער. די ערשטע צייט נאָך דער התונה, האָט דער גרויסער געטומעל פון דער סטאַנציע, דאָס פייפעריי פון די מאַשינען, דאָס קלאַפעריי פון די דרעה־צירקלען, דאָס אַלגעמיינע דונערען, דאָס טרייסלען יעדע ווילע ווי אין אַן ערד־ציטערניש, — וואָס האָט געוואָרפען מיט איהר און מיט'ן מעבעל אין שטוב — דאָס אַלעס האָט זי ווי בעווילדערט. אָבער שפּעטער האָט זי זיך צו דעם צוגעוועהנט, און דער רוישענדער און טרייסלענדער וואקזאַל איז געוואָרען א טהייל פון איהר לעבען; און איצט האָט

דאָס איהר זאָגאַר געמאַכט פערגעניגען, און פון דעם געטומעל און ליאַרם איז איהר אייגענטליך געקומען איהר רוהע. ביז'ן פריה־שטיק האָט זי זיך יעדען טאָג ארומגעדרעהט איבער די צימערען, מיט פארלעגטע הענד, שמועסענדיג מיט דער דיענסט, און דער־נאָך, דעם גאַנצען לאַנגען נאָכמיטאָג זיצט זי איצט ביים פענ־סטער פון עס־צימער, און איהר אייקלען ליעגט איהר מייסטענס אויף די קניע, און זי טהוט גאָרניט און איז צופרידען דערמיט. און אין די וואָכען, ווען דער מאַן קומט פון דער ארבייט פאר טאָג, הערט זי איהם כראָפּען ביז אויף דער נאַכט; און דעם אמת גע־זאָגט, זיינען דאָס געוועזן די בעסטע וואָכען, און זי פלעגט איצט לעבען ווי פאר דער חתונה, איינע אליין פערנעהמענדיג דאָס גאַנ־צע בעט, און דערנאָך טהוענדיג וואָס איהר הארץ געלוסט, אַ פרייע דעם גאַנצען טאָג. ארויסגעהן געהט זי איצט זעלטען ווען ארויס. פון גאַנץ האַוור זעהט זי נור דעם רויך פון די פאַבריקען ארום דעם וואָקזאַל, און די שווארצע וואָלקענס רויך פארשטעלען איהר דעם הימעל איבער דעם צינערנעם דאך, וואָס האַקט איהר אָפּ דעם האָריזאָנט בלויז עטליכע מעטר פאר די אויגען. דאָרט, פון יענער זייט וואַנט איז די שטאָדט; דאָס פיהלט זי שטענדיג; איהר איז סקוטשנע, וואָס זי זעהט די שטאָדט ניט; אָבער סוף כל סוף האָט זי זיך דערצו אביסעל צוגעוואָהנט; די פינף זעקס טעפּ מיט פערשיעדענע בלומען, וואָס זי האַלט אָבגעהיט אויף די פענסטער, זיינען געוואָרען ווי איהר גאָרטען, וואָס פארלייכ־טערט איהר איינזאַמקייט. און זי פלעגט זיך אַמאָל אַ טראַכט טהון, אַז זי האָט זיך פּרש געוועזן פון דער וועלט און וואָהנט אין טיעפען וואַלד איינע אליין; אַ חוץ וואָס רובאַ קומט אַמאָל אין די פרייע שטונדען און קריכט דורך דורכ'ן פענסטער, און דראַפּעט זיך ארויף ביז צום רוקען פון'ם צינערנעם דאך; און דאָן רוקט ער זיך איבער ביז'ן ענדע און זעצט זיך ארויף אויפ'ן שפּיץ פליגעל איבער דעם בולוואַר „נאַפּאָלעאָן". דאָרט פלעגט ער זיך פאַררויכערען די ליולקע, געגען דעם פרייען הימעל, און פלעגט ארונטערקוקען אויף די גרויסע שטאָדט, צולעגט אונטער זיינע פיס, און ווייטער אין דעם טאָל בעזעצט מיט שיפען און אַ

וואלד זויבע מאסטעס, און נאָך ווייטער, אויף דעם גרויטען ים, בלאס־גרויען און אָהן א ברעג.

ס'האָט אויסגעזעהען ווי די זעלבע שלעפעריגקייט האָט פארכאפט די איבעריגע פאמיליעס, די שכנים פון די רובאָס. אין דעם קארידאָר, וואו עס האָט געוועהנליך גערוישט א גאנצער שטורם־ווינד פון פלאָטקעס, איז מיט אמאל אויף פארשלאָפען געוואָרען. אז פילאָמענע פלעגט קומען צו מאדאם לעבלע, האָט מען קוים וואָס געהערט דעם מורמעל פון זייער שטיל רעדען. זיי זיינען ביידע געוועזן איבערראַשט דערפון, ווי די געשיכטע מיט די רובאָס האָט זיך געענדיגט; און איצט האָבען זיי פון דעם מ'סיע רובאָ גערעדט ניט אנדערש ווי מיט א בעליידיגענדען טאָן פון מיטלייד; ס'הייסט, ווי קומט ער אָנצוהאלטען די שטעלע; .. מסתמא איז זיין פרוי ניט גלאט אזוי אוים פרומ־קייט געפאָהרען אין פאריז; און יעדענפאלס האָט ער אויף זיך איצט א פלעק, און ער וועט זיך קיין מאָל ניט ריין־וואשען פון חשד'ען. און די קאסירשע איז שוין געווען זיכער, אז פון איצט אָן און ווייטער וועלען די רובאָ'ס שוין קיין מאכט ניט האָבען ביי איהר צו צונעהמען די קווארטיר, און זי האָט גענגען זיי פאר־היסען דעם קאָפּ, איז זיי פארבייגעגאנגען מיט שטאָלץ און זיי ניט געגריסט; און פילאָמענע'ן זאָגאר האָט זי אויך פון זיך דערווייטערט, און יענע פלעגט צו איהר קומען אלץ ווייניגער און ווייניגער, מערקענדיג אז מאדאם לעבלע איז עפּים צו גרוים ביי זיך און צו סקוטשנע. דערפאר האָט מאדאם לעבלע, אום זיך צו געפינען אן ארבייט, נאָך מעהר געזוכט אן אינטריגע צווישען מאדמואזעל גישאָן און מ'סיע דאבאדי, דעם סטאנציאָן־מייסטער; אָבער געפונען האָט זי, נאָך אלעמען, גאָרניט. אין קאָרידאָר האָט זיך מעהר ניט געהערט ווי דאָס שטילע טרעטען פון איהרע וואָליקענע פאנטאָפעל. און אלעס איז ביסלעכווייז איינגעשלאָ־פען געוואָרען אין דעם קאָרידאָר; א גאנצער מאָנאט איז אוועק און ס'איז געווען שטיל און פריעדליך ווי אין א טיעפען שלאָף נאָך א געוואלדיגען שטורם.

— אָבער ביי די רובאָס אין הויז איז געבליבען איין פונקט,

א בעאונרוהיגענדער פונקט, פול מיט שרעק; דאָס איז געווען איין אָרט אין דעם פּארקעט אין עס־צימער; און ווען זייער בליק פלעגט אמאָל יא פאלען אויף דעם אָרט, פלעגט זיי ווידער אָנכאפּען א שלעכטער געפיהל פון אנגסט. דאָס איז געווען לינקס פון דעם פענסטער, דאָרט וואו זיי האָבען ארויסגעריסען פון פּארקעט א דעמבענע קלעצעל און דאָס ווידער צוריקגעלעגט אויפ'ן אָרט ווי געווען, ווייל זיי האָבען אונטער דעם בעהאַלטען דאָס זייגערל און די צעהן בילעטען צו טויזענד פראנק, וואָס זיי האָבען ארויסגענומען ביי דעם טויטען גראנמאָרען א חוץ זיין בייטעלע מיט א דריי הונדערט פראנק אין גאָלד. דאָס זייגערל און דאָס געלד וואָלט רובאָ ניט געווען גענומען, ווען ניט צו מאכען דעם אָנשטעל פון רויב. קיין גנב איז ער ניט געווען, און ער וואָלט בעסער געלעגען טויט־קראנק פון הונגער, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, איידער זיך צו בענוצען מיט איין סענטים פון דעם געלד אָדער פארקויפען דאָס זייגערל. דאָס געלד פון דעם אַלטען, וועלכעס האָט בעשמוצט זיין פרוי, און וועמען ער האָט בעצאָהלט זיינס, — דאָס געלד פון שמוץ און בלוט.... ניין! ניין! דאָס איז ניט קיין ריין געלד, און קיין עהרליכער מענש קאָן זיך צו דעם ניט צוריהרען! פון דעם הויז אין קורא־דע־מאָפרא, וואָס ער האָט בעקומען אַלס א געשאנק, האָט ער אפילו ניט געטראכט; אָבער דער פאקט, אז דעם ערמאָרדעטען האָט ער בעזוכט, און פון איהם צוגענומען די געלד־בילעטען אין דעם עקעלהאפטען מאָמענט פון דעם מאָרד, — דאָס האָט איהם געשווידערט, דאָס האָט אין איהם ערוועקט זיין געוויסען מיט א געפיהל פון שרעק און עקעל. און דאָך האָט ער ביי זיך ניט געפיהלט די גבורה די בילעטען צו פארברענען און ארייז צו וואַרפען דעם זייגער מיט'ן בייטעל אין ים אריין, אָבוואָהל פון זיכערהייטס וועגען האָט איהם דעם שכל דאָס געהייסען טהון, האָט איהם אָבער דאָס הארץ ניט דערלאָזט אזא תל מאכען פון אזא גוטס. ער האָט אין זיך געפיהלט עפּיס אַן אונבעוואוסטזיניגען רעספּעקט צו געלד, און ער וועט קיין מאָל אזא סומע ניט פערניכטען. פון אָנפאנג האָט ער גאָר קיין זיכער פּלאץ פאר דעם שאַץ ניט גע־

קאַנט געפינען ; און ער האָט דאָס זיך געלעגט צו קאָפּען. אין דערנאָך האָט ער זיך געדרעהט אַ קאָפּ ווי צו געפינען אַנדערע זיכערע ערטער דאָס צו בעהאַלטען ; יעדען טאָג אַן אַנדער אָרט ; און פון דעם מינסטען שאָרך האָט ער געציטערט טאָמיר קומט עס די פּאָליציי ביי איהם זוכען אין הויז. זייט רובאַ קען זיך, האָט ער קיין מאָל זיך אַזוי ניט געדרעהט דעם מח. און ענדליך, ניט האָבענדיג מעהר קיין נייע פּלעצער און אויסגעמאַטערט פון די שרעקעניש, האָט ער אַמאָל אין דער פריה, אַז דאָס געלד אַז דעם זייגער איבערגעלאָזט אויף דעם זעלבען אָרט, וואו ער האָט עס אַ טאָג פאַר דעם בעהאַלטען — אונטער'ן דעמבענע קלעצעל פון פּאַרקעט ; — און איצט קען ער דערצו זיך שוין ניט צו־דיהרען, פאַר קיין שום זאַך ניט אין דער וועלט, גלייך ווי דאָס וואָלט געווען אין אַ קבר, אין אַ גרוב פון טויט און שרעק, פול מיט מתים. זאָגאַר אין געהען האָט ער אויסגעווייכט דאָס אָרט ניט ארויפצוטרעטען מיט אַ פוס ; ער האָט עפּיס געהאַט דאביי אַ שלעכטען געפיהל, גלייך ווי מ'וואָלט איהם פון אונטען דער־לאַנגט אַ צופּ אין פוס. און סעווערינע פלעגט אויך נאָך מיטאָג, ווען זי פלעגט זיך זעצען ביים פענסטער, אָברוקען דאָס בענקעל, אַז איהר זאָל ניט אויסקומען צו זיצען פונקט איבער'ן מת, וואָס ליעגט ביי זיי אונטער די פּאָדלאָגע. רובאַ מיט'ן ווייב האָבען צווישען זיך דערפון ניט גערעדט ; זיי האָבען זיך אַלץ געוואָלט איינריידען, אַז זיי וועלען זיך צוגעוואוינען ; צום סוף האָבען זיי זיך נור מעהר געשראָקען, וואָס ער, דער מת, איז דאָ ביי זיי, און זיי פיהלען איהם אַלץ מעהר און מעהר מיט יעדע שטונדע. דאָ, ביי זיי, אונטער זייערע פיאַטעס. און דער פּלאָגענדער גע־פיהל קומט אויס נאָך מעהר זאָנדערבאַר דערמיט, וואָס פאַר דעם מעסער האָבען זיי זיך גאָר ניט געשראָקען, — דעם שעהנעם נייעם מעסער, וואָס די פרוי האָט געקויפט און דער מאַן האָט אריינגעשטאָכען אין האַלז אריין פון איהר ליעבהאָבער. דאָס מעסער האָבען זיי פּשוט ארומגעוואַשען און עס איז זיך געלעגען אין אַ קעסטעל, און פרוי סימאָן פלעגט מיט איהם אַמאָל שניי־דען ברויט.

דערצו נאָך האָט רובאַ אַליין אַריינגעפיהרט אין זייער שטי־לען לעבען גאָר אַן אַנדער צרה, וועלכער איז פון טאָג צו טאָג געוואָרען אַלץ גרעסער, — ער האָט נור געוואָלט אַז זשאַק זאָל ביי זיי זיין אַן אָפטער אַריינגעהער. לויט דעם גאַנג פון זיין אַרבייט, האָט דער מאַשיניסט געמוזט זיין אין האוור דריי מאָל אַ וואָך; מאָנטאָג פון האַלב עלף אין דער פריה ביז צוואַנציג מינוט אויף זיעבען אויף דער נאַכט; דאָנערסטאָג און שבת פון פינף מינוט אויף צוועלף ביז פיערציג מינוט אויף זיעבען אין דער פריה. און דעם ערשטען מאָנטאָג נאָך סעווערינע'ס רייזע, איז רובאַ צו איהם צוגעשטאַנען:

— הערט נור, קאַמעראַד, איהר וועט דאָך אונז ניט אָבזאָגען עפּיס צו נעהמען אין מויל אַריין ביי אונז.... צום טייוועל! איהר זיינט געוועזען אַזוי פריינדליך צו מיין פרוי, — לאָזט מיר אייך אָבדאַנקען.

און אין פערלויף פון'ם ערשטען מאָנאַט האָט זשאַק ביי זיי געגעסען פריהשטיק צוויי מאָל. ס'האָט אויסגעזעהען, ווי רובאַ, וועלכער האָט זיך געקרענקט פון דעם שטענדיגען שווייגען, ווען ער איז געוועזען ביים טיש אייגער אַליין מיט'ן ווייב, האָט עפּיס געפיהלט אַן ערלייכטערונג, ווען מיט זיי איז געוועזען דער גאַסט. און רובאַ האָט באַלד געפונען וואָס צו דערציעהלען, און ער האָט געפּלוידערט און געזאָגט וויצען.

— קומט דאָך אָפטער! איהר זעהט דאָך, אַז איהר שטערט אונז גאָרניט.

איין מאָל, אַ דאָנערשטאָג אויף דער נאַכט, אַז זשאַק האָט זיך אַרומגעוואַשען פון וועג און האָט געוואָלט געהן שלאָפען, האָט ער זיך אָנגעטראָפען מיט רובאַ'ן, וועלכער האָט זיך אַרומ־געדרעהט אַרום דעפּאָ; און ניט קוקענדיג, וואָס ס'איז שוין געוועזען אַזוי שפּעט, האָט רובאַ דאָך ניט געוואָלט געהן אַליין אַהיים, און ער האָט מיט זיך מיטגעשלעפּט דעם יונגען מאַשיניסט ביז דער סטאַנציע, און דאָ האָט ער איהם שוין פאַרשלעפּט צו זיך. סעווערינע, וועלכע איז נאָך געוועזען אויף, האָט עפּיס גע־

לייענט. מ׳האט גענומען צו גלעזלאך, און מ׳האט דערנאך גע־שפּיעלט אין קארטען ביז נאך האלבע נאכט.

און פון יענער צייט אן זיינען דער פריהשטיק מאנטאג אין דער פריה און דאנערשטאג און שבת אויף דער נאכט געווארען ביי זיי א מין געוואהנהייט. און אויב זשאק האט אמאל פאר־פעהלט, פלעגט רובא אליין איהם אבזוכען און ברענגען צופיהרען, מאכענדיג איהם פארווירפע פאר זיין נאכלעסיגקייט. רובא איז געווארען מרה־שחורה׳דיגער, און פלעגט באמת אויפלעבען נור מיט זיין נייעם גוטען ברודער, דער זעלבער יונגען מאן, וועלכער האט איהם פריהער פארשאפט אזוי פיעל אנגסט, און וועלכער האט דאך יעצט געדארפט זיין פאר איהם ווי א פלאג, אלס דער איינציגער עדות און לעבעדיגע ערינערונג פון די אלע שרעקען, וואס ער האט אזוי געוואלט פערגעסען, — איז גאר, פארקעהרט, געווארען א נויטווענדיגקייט פאר איהם, און טאקי דערפאר אפשר, וואס וויסען האט זשאק געוואוסט, אבער ער האט ניט אויסגע־זאגט. און דער סעקרעט בלייבט צווישען זיי, פונקט ווי עפּיס א שטארקער באנד, גלייך ווי זשאק וואלט דא מיטגעהאלפען אין דעם פארברעכען. אפט פלעגט רובא איהם אנקוקען מיט א בע־דייטענדען בליק, און פלעגט איהם פלוצלונג דריקען די האנד מיט א מין ליידענשאפט, וועלכע איז געווען שוין צו שטארק פיר דעם געוועהנליכען אויסדרוק פון פשוט׳ע גוט־ברודערשאפט.

דאס וויכטיגסטע איז אבער, וואס זשאק איז ביי די רובא׳ס אין דער פאמיליע געווען א געוואונשטער גאסט. סעווערינע אליין פלעגט איהם פרעהליך אויפנעהמען, ארויסלאזענדיג א לייכטען געשריי, ווען ער פלעגט אריינקומען, ווי א פרוי, וואס כאפּט זיך פרעהליך אויף פון שלאף. און זי פלעגט באלד אוועק לעגען פון די הענד אלעס, איהר אייקלען, איהר בוך, און פלעגט זיך, מיט רעד און געלעכטער, ארויסרייסען פון די גרויסע סקוטשניקייט פון איהרע טאג־טעג.

— אה, ווי פיין דאס איז וואס איהר זייט געקומען! כ׳האב דערהערט דעם שנעל־צוג, האב איך באלד געטראכט פון אייך.

אז ער פלעגט ביי זיי זיין צו פריהשטיק, איז דאס ביי זיי

געווען א יום־טוב. זי האט שוין געקענט זיין געשמאק, און פלעגט אליין געהן איינקויפען, כדי צו קריגען פאר'ן גאסט פרישע אייער; און דאביי איז זי געווען זעהר ליעבליך, ווי א גאסט־פריינדליכעווירטהין, וואס נעהמט אויף א פריינד פון הויז, און ער דארף דא ניט מערקען קיין אנדער זאך ווי נור דעם וואונש צו זיין פריינדליך צו איהם און א בעדיר־פנים צו פארברייננגען א שטיקעל צייט.

— מאנטאג, פארגעסט ניט, קומט! מיר וועלען האבען שמאנט.

בלויז איינס: צום ענדע פון ערשטען מאנאט, וואס ער איז ביי זיי געווארען אן אפטער גאסט, איז דאס פאאר פאלק צווישען זיך געווארען עפיס מעהר פרעמד. זי האט אלץ מעהר און מעהר געהאט פערגעניגען צו שלאפען אליין, און זי פלעגט אלץ אויסמיידען איהר מאן; און ער, ווידער, וואס ער איז געווען אזוי ליידענשאפטליך, אזוי ברוטאל די ערשטע צייט פון זייער פערהייראטען לעבען, האט זיך ניט בעמיהט זי אנצוהאלטען פיר זיך. ער האט זי געליעבט אהן שום דעליקאטנעקייט, און זי האט זיך איהם אונטערווארפען מיט די געדולדיגקייט פון דער געהארכזאמער פרוי, מיינענדיג אז אזוי דארף צו זיין, אבער אליין דערפון ניט שעפענדיג קיין פערגעניגען. אבער צייט דעם פארברעכען, איז איהר דאס געווארען אבשטויסענד, גאר אהן א פארוואס. זי האט זיך דערפאר געשראקען; דאס פלעגט זי מאכען נערוועז. איין מאל ביי נאכט, ווען דאס ליכט האט גע־ברענט, האט זי מיט אמאל א געשריי געטהון: איהר האט זיך אבגעדוכט, אז אין זיין רויטען, צורייצטען געזיכט, האט זי אי־בער זיך דערזעהען דאס פנים פון דעם מערדער. און פון יעמאלט אן פלעגט זי תמיד ווערען א דערציטערטע און פלעגט דערשפירען דעם געפיהל פון מארד, גלייך ווי ער וואלט זי אנידערגעשליידערט, האבענדיג ביי זיך דאס מעסער אין דער האנד. דאס איז געווען נאריש, אבער דאס הארץ האט איהר געקלאפט פון שרעק. און רובא האט זי אלץ ווייניגער און ווייניגער געצוואונגען, דעם אמת געזאגט, זי איז געווען צו אונרוהיג, און ער איז געווען אונצו־

פרידען. מיעדקייט, גלייכגילטיגקייט און די קאלטקייט, וואס קומט מיט די יאהרען, האט זיך אריינגעכאפט אין זייער לעבען. געבראכט צו זיי פון דעם שרעקליכען קריזיס, צוזאמען מיט די פארגאסענע בלוט, און ווען דאס מאן און ווייב פלעגט דאך אויסקומען צו שלאפען אין איין בעט, פלעגען זיי זיך אברוקען איינער פון'ם אנדערען. און זשאק האט געוויס נור געקאנט ווייטער פונאנדערטרייבען די אבגעזונדערטקייט פון דעם פאאר פאלק, ווייל מיט זיין קומען פלעגט ער זיי ארויסנעהמען פון דער איינזאמקייט, פון זיין אליין. ער פלעגט זיי בעפרייען איינעם פון אנדערען.

דערווייל האט זיך רובא געלעבט אהן געוויסענס-ביסע. ער האט אייגענטליך נור מורא געהאט דערפאר, וואס עס וועט איהם קומען, אויב מ'וועט געוואהר ווערען; און זיין גרעסטע מורא איז איצט אייגענטליך געווען ער זאל חלילה ניט פארליערען די שטעל. יעצט האט ער שוין אויף קיין שום זאך קיין חרטה ניט, און דאך, ווען ער וואלט איצט געדארפט ווידער אנהויבען די גאנצע טראגעדיע פון דאס ניי, וואלט ער די פרוי אפשר ניט אריינגעצויגען, ווייל פרויען שרעקען זיך באלד; און סעווערינען וועט ער איצט, דאכט זיך, אנווערען, ווייל ער האט איהר ארויפגעלעגט אויף דעם אקסעל צו א שווערע לאסט. ער וואלט געווען דער בעל-הבית איבער איהר ווי פריהער, ווען ער וואלט זיך ניט געוועזן ארונטערגעלאזט צו איהר ווי צו א קאמעראד אין דעם שרעק און די קריגעריי פון דעם פארברעכען. אבער איצט איז שוין פארפאלען; איצט בלייבט איהם נור זיך צו צופאסען צו די אומשטענדען; און דערפאר טאקי דארף ער זיך ערשט ריכטיג בעמיהען ווידער צו געפינען די שטימונג, אין וועלכע ער איז געווען, ווען דאס ווייב איז זיך איהם מודה געווען און דער מארד איז געווארען נויטיג ווי דאס לעבען. דאן האט זיך איהם געדוכט, אז ער וואלט גארניט געקאנט לעבען, ווען ער וואלט דעם אלטען ניט גע'הרג'עט. אבער איצט, אז דאס פייער פון אייפערזוכט איז אויסגעגאנגען, און אזוי אונערטרעגליך בריהט איהם שוין ניט, און דאס הארץ ווערט איהם שוין פארקלעמט, גלייך ווי דאס

בלוט וואָלט אין זיינע אָדערן פארגליווערט געוואָרען פון דעם פארגאָסענעם בלוט, — איצט איז איהם שוין ווייט ניט אזוי קלאָהר די נויטיגקייט צו מאָרדען. ער איז שוין געקומען אזוי ווייט, אַז ביי איהם איז שוין יעצט גאָר אַ פראגע, צו ס'האָט אין גאנצען די ווערטה געהאט צו הרג'ענען. קיין חרטה איז דאָס אָבער ניט געווען, זאָנדערן גיכער אַ מין ענטטוישונג, אַ מין בערעכנונג, אַז אָפט טהוט דער מענש אונערלויבליכע זאַכען כדי צו זיין גליקליך, און אין אמת'ן האָט ער דערפון גאָרניט. און רובאָ, דער פלוידערער, איז געוואָרען אַ שווייגענדער, אַ צו־טראָגענער פון זיינע געדאנקען, און אַלץ מעהר מרה־שחורה'דיג. און אַלע טאָג קריכט איצט רובאָ ארויף אויף דעם שפיץ פליגעל, כדי ניט צו בלייבען מיט'ן ווייב אויג אויף אויג נאָכ'ן עסען; און ער זיצט זיך אין דער הויך אויף דעם צינערנעם דאך און די פרייע ברייטקייט הויכט אויף איהם, און אונדייטליכע פאנ־טאַזיעס שלעפערען איהם, און ער רויכערט אַ ליולקע נאָך אַ ליולקע און קוקט איבער'ן שטאָדט אריבער צו די פאקעט־שיפען, וואָס פארשווינדען ענדליך ביים האָריזאָנט, אין דעם ווייטען ים.

איין אויף־דער־נאכט האָט זיך אין רובאָ'ן מיט אמאָל אויפ־געכאפט זיין אמאָליגע ווילדע אייפערזוכט. ער איז געגאנגען אַבזוכען זשאַק'ן אין דעפאָ און ברענגענדיג איהם צופיהרען צו זיך נעמען אַ גלעזעלע, האָט ער אויף די טרעפ בעגעגענט, ארונ־טערקומענדיג, דעם אויבער קאָנדוקטאָר האנרי דאָווערן. דער קאָנדוקטאָר איז עפּיס געווען אונרוהיג און האָט ערקלעהרט, אַז ער איז געווען ביי מאדאַם רובאָ פרעגען וועגען עפּיס, וואָס זיינע שוועסטער האָבען איהם געשיקט. דער אמת איז אָבער, אַז שוין פאר אַ שטיק צייט האָט ער אַלץ פארפאָלגט סעווערינע'ן, אין דער האָפנונג זי צו בעזיעגען.

און אויף דער שוועל האָט רובאָ שוין אַ געשריי געטהון צום ווייב:

— וואָס איז ער געקומען אהער, דער חברה מאַן? הערסטו, ער רייצט מיך אויף...

— אָבער, מיין פריינד, ער איז בלויז געקומען נאָך אַ מוסטער צום אייקלען...

— צום אייקלען... שעהנע מעשות... וואָס מיינסטו, אַז איך בין שוין אַ נאַר, אַז איך פערשטעה ניט צו וואָס ער קומט אהער?... און דו אליין, היט זיך די ביינער!

און ער האָט זיך געלאָזט צו איהר מיט אויפגעהויבענע פויסטען, און זי האָט אָבגעטראָטען און איז געוואָרען בלאַס, ערשטוינט פון אזא פּלוצימדיגען אַנפאַל פון ליידענשאַפט אין די קאַלטע גלייכגילטיגקייט, ווי זיי לעבען איצט צווישען זיך. דערווייל, האָט ער זיך בערוהיגט, און ער האָט זיך געווענדעט צו זיין פריינד.

— ניט שלעכט, בנאמנות, אַ חברה לצים קריעכען צו יענעם אין שטוב אריין, גלייך ווי די פערהייראַטע פרוי נעמט און וואַרפט זיך זיי באַלד אויפ׳ן האַלז ארויף און דער האָך־ווירדיגער מאַן וועט זיך מאַכען ניט זעהענדיג! אין מיר קאָכט דאָס בלוט דערפון... גלויבט מיר, אין אַזאַ פאַל איז ביי מיר לייכט צו דערווערגען דאָס ווייב אויפ׳ן אָרט! און זאָל מיר דער בחור אהער מעהר ניט קומען, אלא ניט וועט ער פון מיר כאַפּען... אָבּשייליך, אַ?

זשאַק׳ן איז די גאַנצע סצענע געווען זעהר אונאַנגענעהם, און ער האָט ניט געוואוסט, ווי זיך צו האַלטען. מיינט מען דאָס איהם אליין, מיט דעם אַנפאַל פון צאָרן? וויל עס דער מאַן איהם געבען אַן אַנצוהערעניש? אָבער ער האָט זיך באַלד בערוהיגט, ווען רובאָ האָט גלייך פרעהליך געזאָגט:

— נאַרעלע, כ׳ווייס גאַנץ גוט, אַז דו וואָלסט איהם ארויסגעשטופּט פון דער טיהר... געה ברענג די גלעזלאַך, און טרינק מיט מיט אונז.

און ער האָט זשאַק׳ן אַ קלאַפּ געטהון אין דער פּלייצע, און סעווערינע, אַ בערוהיגטע, האָט געשמייכעלט צו ביידע מענער.

אויף אַזאַ׳ן אופן האָט רובאָ צונויפגעבראַכט זיין פרוי מיט זיין חבר אויס פריינדשאַפט, פּיעלייכט גאָר ניט דענקענדיג פון די מעגליכע פאָלגען. דיעזע פראַגע פון אייפערזוכט איז טאַקע

געוואָרען די וואהרע אורזאכע פון א פיעל אינטימערע נאָהענט־קייט, א געהיימער צערטליכקייט און בעהאלטענעם צוטרויען צווישען זשאק'ן און סעווערינע'ן; ווייל ער, זעהענדיג זי נאָך אמאָל אויף מאָרגען, האָט ניט געקאָנט ניט בעדויערען זי, וואָס זי איז אזוי ברוטאליש בעהאנדעלט געוואָרען, און סעווערינע האָט מיט טרערען אין די אויגען זיך בעקלאָגט אז זי האָט געפונען זעהר וועניג גליק אין איהר פערהייראטען לעבען. פון דיזען מאָ־מענט אָן האָבען זיי צווישען זיך געקראָגען א בעזונדערען פונקט פיר זייער געשפרעך און פריינדליכען מיטגעפיהל, און זיי האָבען זיך אָנגעפאנגען צו פערשטעהן אָהן ווערטער. ביי יעדען בע־זוך האָט זשאק מיט'ן בליק געפרעגט ביי סעווערינע'ן, צי זי האָט נייע אורזאכען פיר ערגערניש. און זי האָט געענטפערט אויף דעם זעלבען אופן, מיט אן איינפאכער בעוועגונג פון די הויט־ברעמען. זיי פלעגען זיך דריקען די הענט אונטער'ן מאַן'ס פּלייצע. זיי זיינען געוואָרען אלץ געוואגטער, זיי פלעגען זיך איינע די אנדערע ערקלעהרען מיט'ן לאנגען דריקען די הענט; זייערע הייסע פינגער האָבען אויסגעזאָגט פון דעם וואקסענדען אינטערעס, וואָס זיי האָבען געהאט צו די קלענסטע עראייגניס פון זייער לעבען, זעלטען איז זיי געלונגען צו זעהען זיך אפילו אויף א מינוט אָהן רובאָ'ן. ער פלעגט אימער זיין צווישען זיי אין דעם מעלאנכאָלישען עסס־צימער; און זיי, ווידער, האָבען אָבער ניט געזוכט קיינע מיטלען איהם אויסצומיידען, ניט טראכטענדיג אפילו אָבצומאכען צווישען זיך וואו זיך צו בעגעג־נען ערגעץ אין אן אָבגעזונדערטען ווינקעלע אין די טיפעניש פון דעם וואָקזאל. דערווייל איז דאָס נאָך געווען בלויז אן אמת'ע פריינדשאפט, א צערטליכע סימפאטיע, און רובאָ האָט זיי ניט געשטערט, ווייל א בליק, א דרוק פון דער האנט, איז דערווייל געווען גענוג פיר זיי זיך צו פערשטעהן.

דאָס ערשטע מאָל ווען זשאק האָט סעווערינען א זאָג געט־טהון אויף'ן אויער, אז ער וועט אויף איהר וואַרטען קומענדען דאָנערסטאג, צוועלף ביי נאכט, הינטער'ן דעפאָ, האָט דאָס איהר פערדראָסען און זי האָט פון איהם ארויסגעריסען די האנד. דאָס

איז געוועזן זיין פרייע וואָך, די וואָך פון נאַכט אַרבייט. איהר האָט דאָס שטאַרק געשראָקען — דער געדאַנק, אז זי וועט אַרויסגעהן פון דערהיים זיך זעהען מיט דעם יונגען מאַן ערגעץ אין דער ווייטען, אין אַ פינסטערען ווינקעל פון דער סטאַנציע. זי האָט עפּעס געפיהלט אַ שעמעוודיגקייט, וועלכע זי האָט פאַר דעם קיין מאָל ניט געפיהלט, — די מורא פון די אונשולדיגע מיידלאַך, וואָס דאָס האַרץ קלאַפּט ביי זיי; און זי האָט זיך ניט נאָכגעגעבען באַלד אין אָנהויב, און ער האָט זי געמוזט בעטען כמעט גאַנצע צוויי וואָכען, איידער זי האָט ענדליך צוגעשטימט, ניט קוקענדיג, וואָס זי אַליין האָט אַזוי געגאַרט נאָך דיעזען שפּאַציער אין דער נאַכט.

ס'איז געקומען דער יוני מאָנאַט, און אויך די הייסע נעכט, וואָס דאָס ווינטעל פון דעם ים האָט קוים ערפרישט. דריי מאָל האָט ער שוין אויף איהם געוואַרט, האָפענדיג, אז זי וועט פאַרט קומען, אָבוואָהל זי האָט איהם ענטזאָגט. דעם אָבענד האָט זי נאָך אַלץ געזאָגט, אז ניין; די נאַכט איז אָבער די לבנה ניט געוועזן, — אַ נאַכט פון אַ פאַרצויגענעם הימעל, אָהן אַ שטערן אונטער'ן צודעק פון וואַרעמען טומאַן. און אַזוי ווי ער איז זיך עס געשטאַנען אין שאָטען, האָט ער זי ענדליך דערזעהען, געקליידט אין שוואַרצען, געהענדיג מיט שטילע טריט. ס'איז געוועזן אַזוי פינסטער, אז סעווערינע וואָלט זיכער פאַרביי געגאַנגען און איהם ניט בעמערקט, ווען ער וואָלט זי ניט אַרומ־געהאַפּט און איהר אַ קוש געטהון. זי האָט אַ לייכטען געשריי געטהון, אַ דערציטערטע. און מיט אַ געלעכטער האָט זי זיך באַלד צוגעדריקט מיט די ליפּען צו זיין מויל. און דאָס אַלעס! זי האָט בשום אופן ניט געוואָלט זיך צוזעצען לעבען איינעם פון די אַרומיגע שטאַלען אויף דער סטאַנציע. זיי האָבען אַרומגע־שפּאַציערט, זיי האָבען געשמועסט און זיך געדריקט איינער צום אַנדערען. פאַר זיי איז געוועזן די גרויסע שטרעקע, וואו עס געפינט זיך דער דעפּאָ מיט אַלע זיינע פליגלען, צווישען די גאַס פראַנסואַ־מאַזעליין און די גאַס ווערט, וועלכע שניידען איבער די אייזענבאַהן ליניע אַ יעדע מיט אַ בעזונדערען שלאַגבוים;

דאָס איז א מין גרוים שטיק פלאַץ, וואָס איז אָנגעפּאַקט מיט אַלערליי געביידעס, מיט רעזערוואָארען, מיט וואַסער־ציהער, מיט פיעלע זייטיגע רעלסען־וועגען; דאָ געפינען זיך אויך די צוויי גרויסע דעפּאָס פאר די לאָקאָמאָטיוועז, דאָס הויז פון די מאַוואַניאַס, ארומגעריגגעלט מיט א גערטענדיל, ניט גרעסער ווי א שטריימעל, און אויך די שעפער וואו מען פאררעכט די מאַשינען, און דאָס וואַך־הויז, וואו עס שלאָפען די מאַשיניסטען און זייערע הייצער, און ס'איז געווען זעהר, זעהר לייכט זיך דאָ צו בעהאַלטען, זיך ערגעץ צו פארשטעקען ווי אין טיעפען וואַלד, אין די פערוואָרפענע און פארפלאָנטערטע הינטער־געסלאך. אין פערלויף פון א שטונדע האָבען זיי זיך דאָ מחיה געווען מיט זייער איינזאַמקייט, און ס'איז זיי גרינגער געוואָרען אויף'ן הארצען פון זייערע פריינדליכע רעד, וואָס האָבען זיך ב'יי זיי שוין פון לאַנג אָנגעקליבען; זי האָט פון קיין זאַך ניט געוואָלט הערען, ווי לויטער פון פריינדשאַפט; זי האָט איהם זאָפאָרט ערקלערט, אז זי וועט זיך איהם קיין מאָל ניט אָבגעבען, ווייל דאָס וואָלט געווען צו לומפּיש צו בעשמוצען זייער ריינע פריינדשאַפט, אויף וועלכע זי איז אזוי שטאָלץ און וועלכע בעפרידיגט איהר זעלבסט־אַכטונג. דערנאָך האָט ער זי אָבגעפיהרט ביז דער גאַס „ווערט"; זייערע ליפּען האָבען זיך ווידער צוזאַמען געטראָפען אין א שטאַרקען קוש. און זי איז אוועק אהיים.

אין דיעזער זעלבער שטונדע, האָט רובאָ געדרימעלט אין אן אַלטען לעדערנעם שטוהל אין דער קאָנטאָר פון די ארויסהעלפער פון דעם סטאַנציאָן־מייסטער און ער האָט געדאַרפט אויפשפּרינגען א מאָל צוואַנציג אין דער נאַכט, א צובראָכענער. ביז 9 אוהר אבענדס האָט ער געדאַרפט אָננעהמען און אוועקשיקען צוגען. הויפּטזעכליך האָט איהם פערשאַפט אונאַנגענעמליכקייטען דער ים־צוג: ער האָט אַליין געמוזט אויפפּאַסען אויף דעם מאַנעווורירען, אויפ'ן צונויפקטלען, און אויף די פּאַפּיערען פון דעם ארויסשיקען.

בשעת עס פלעגט ביי נאַכט אָנקומען דער שנעל־צוג פון פּאַריז און מען האָט איהם פּאַנאַנדער געטשעפּעט, פלעגט רובאָ

עסען איינער אליין אויף אן עק פון טיש פון זיין קאנטאר; ער פלעגט עסען קאלטע פלייש צווישען צוויי שטיקלעך ברויט, וואס מען האט איהם געבראכט פון דער היים. דער לעצטער פאסאזשיר־צוג פון רואן פלעגט אנקומען צו דער סטאנציע א האלב איינס, און באלד נאך דעם פלעגט די פוסטע פלאטפארמע ווידער ווער־רען איינגעהילט אין א טיפע שטילקייט; עס האבען געברענט נור ווייניגע גאז־רעהרלאך, און די גאנצע סטאנציאן איז איינ־געשלאפען אין א מין ציטערנדע האלב־טונקעלהייט. פון דעם גאנצען פערסאנאל איז נור איבערגעבליבען צוויי אויפזעהער און פיער אדער פינף ארבייטער אונטער דעם בעפעהל פון דעם ארויס־העלפער פון דעם סטאנציאן־מייסטער. אבער אפילו זיי האבען אויך געכראפעט אויף וואס די וועלט שטעהט, איבער די בענק פון דעם וואך־שטיבעל ;; אבער רובא, וועלכער פלעגט זיי מוזען וועקען ביי דער קלענסטער אונרוהיגקייט, האט נור לייכט גע־דרעמעלט.

מורא האבענדיג, אז זיין מידקייט זאל איהם ניט איינ־שלעפערן פארטאג־צו, פלעגט ער אנשטעלען דעם וועקער אויף פינף אוהר. דאס איז געוועזען די צייט, ווען ער האט געמוזט אויפ־שטעהן צום ערשטען צוג פון פאריז. אבער צייטענווייז, אי־בערהויפט די לעצטע צייט, פלעגט רובא ליידען פון שלאפלאז־זיגקייט, און ער האט ניט געקענט איינשלאפען און האט זיך אלץ געדרעהט אין זיין שטוהל. דאן פלעגט ער אויפשטעהן, געבען א גאנג ארום, פלעגט צוגעהן צום פאסט פון דעם רעלסען־קירעוועער און דארט אבפלאפלען עטליכע מינוט. דער ברייטער טונקעלער הימעל, די ערהאבענע שטילקייט פון דער נאכט, האבען ביסלעכ־ווייז בערוהיגט זיין פיבערישען צושטאנד. נאך א צוזאמענשטויס מיט רויבער, האט מען רובא'ן בעוואפענט מיט א רעוואלווער, און ער האט איהם אימער געטראגען ביי זיך אין דער קעשענע אן אנגעלאדענעם.

ער פלעגט אפט אזוי ארום מארשירען פאר־טאג, זיך אב־שטעלען ביי יעדען שארך און דאן פארטזעטצען דעם שפאציער מיט א מין אונבעשטימטען בעדויערן, וואס ס'איז איהם ניט

אויסגעקומען צו שיעסען. עס פלעגט איהם הנאה טהון, ווען עס האט געגומען טאגען, און עס האט פון דער פינסטערניש ארויס־געשוועבט דער בלאסער אבדרוק פון דער סטאנציאן. און איצט, ווען עס הויבט שוין אן צו טאגען א זייגער דריי, טהוט זיך רובא א וואָרף אויף'ן געבעטען שטוהל און ווערט אנטשלאפען ווי א געהרג'עטער, ביז דער וועק־זייגער רייסט איהם אויף א צו־שראקענעם.

יעדע צוויי וואכען, דאנערסטאג און שבת, פלעגט סעווערינע ארויסגעהן צו זשאק'ן; איין מאל האט זי איהם דערצעהלט, אז איהר מאן טראגט מיט זיך ארום א רעוואלווער, און דאס האט זיי ביידען בעאונרוהיגט. אמת, רובא פלעגט אפילו קיין מאל ניט צוקומען ביז'ן דעפא. דאך איז זייער שפאציער געווארען עטוואס געפעהרליך און דאס האט זיי נאך מעהר בעצויבערט. דערצו האבען זיי זיך נאך געפונען א מחיה'דיג ווינקעלע: הינ־טער דעם הויז פון די סאוואניאס, א מין אללעע צווישען די רייהען אונגעהייערע גרויסע אנגעשאטענע בערג קוילען פון ביי־דע זייטען, ווי א מין אבגעשלאסען געסעל אין א זאנדערבארע שטעדטיל, מיט פיער־עקיגע פאלאסטען פון שווארצען מארמעל־שטיין. דא זיינען זיי געווען באמת בעהאלטען; ביי איין עק געסעל איז געווען א קאמערעל פיר ווערקצייג, מיט א מאסע פוסטע זעק, ווי א קאנאפע, זעהר א ווייכע. אבער אמאל, אין א שבת, ווען אן אונערווארטעטער שלאגס־רעגען האט זיי גע־צוואונגען דארט זיך צו בעהאלטען, האט זי זיך ניט געוואלט אפילו צוזעצען, און האט זשאק'ן בלויז ערלויבט צו בעדעקען איהר געזיכט מיט אונענדליכע קושען, און זי האט זיך דערמיט ניט געשעמט; זי האט איהם ערלויבט זיך איינצוזויגען איהר אטהעם בלויז ווי פון פריינדשאפט וועגען. און אז ער, צוהיצט פון דעם פייער, האט געוואלט זי נעהמען, האט זי זיך פארטהיידיגט און האט געוויינט, ווידערהאלענדיג די זעלבע טענות. צו וואס דארף ער איהר אנטהון אזא שמערץ? ס'איז דאך איהר אזוי זיס איהם צו ליעבען, אהן די אלע געשלעכטליכע שמוץ!

סעווערינע איז אין דער אמת'ן דאך געבליבען ווי א ריין

קינד. נאָך דעם גאַנצען שמוץ וואָס זי האָט צו זעכצעהן יאָהר געליטען פון דעם אַלטען און די שפּעטערע פערגוואַלטיגונג פון איהר אייגענעם מאַן'ס בעסטיאַלען אַפּעטיט! און זי איז נאָך יעצט געווען ווי אַן אונשולדיגע בתולה מיט איהר בעצויבערענדע שעמעוודיגקייט פון איהר ניט־בעוואוסטזיניגע ליידענשאַפט. און וואָס עס האָט זי אַם מייסטען געצויגען צו זשאַק'ן, איז געווען זיין ווייכקייט. דאָס וואָס ער פּאָלגט זי און האַלט איין זיינע הענט, ווען זי ערלויבט זיי ניט צו וואַנדערען איבער איהר קערפּער, אָבשטופּענדיג זיי מיט איהרע שוואַכע הענט. דאָס ערשטע מאָל אין איהר לעבען האָט זי געליעבט. און דאָך האָט זי זיך ניט אָבגעגעבען, ווייל עס וואָלט אין דער אמת'ן צושטערט איהר ליעבע באַלד צו בעלאַנגען צו איהר געליעבטען אויף דעם זעלבען שטייגער ווי די פריהעריגע צוויי מענער. איהר בעהאַלטענער וואונש איז געווען אויף אייביג צו שפּיערען דעם זיסען טעם, ווי אַמאָל, איידער מ'האָט זי נאָך פערשמוצט, ווי אַ מיידעלע פון פונפצעהן יאָהר, וואָס האָט אַ טייערען פריינד מיט וועלכען זי קושט זיך אָהן אַן ענד ערגעץ הינטער אַ טיהר. און זשאַק, ווען ער איז ניט געווען צוקאָכט, האָט זיך איהר אונטערוואַרפען און איז געווען צופרידען נאָך וויטער צו וואַרטען אויף דעם מאָמענט פון זיין גליק. ניט ווייניגער ווי סעוורינע אַליין איז ער, דאַכט זיך, אויך ווידער געוואָרען אַ קליין אינגעל, און ער האָט ערשט איצט זיך אָבגעגעבען דער ליעבע, וועלכע איז פיר איהם ביז היינטיגען טאָג געווען אַזאַ שרעק. און ער האָט זי געפּאָלגט, און האָט צוריקגענומען די הענט, ווען זי פלעגט זיי איהם נור פאַר־האַלטען; אָבער בלויז דערפאַר, וואָס אין דער טיעפעניש פון זיין צערטליכקייט האָט ער אַלץ געשפּיערט אין זיך אַ שווערע מורא און אַ גרויסע אַנגסט, אַז מיט זיין ליעבע קען נאָך אין איהם אויפגעוועקט ווערען זיין קליפּה צו מאָרד. זי, וועלכע האָט שוין אַליין גע'הרג'עט... זי איז ביי איהם געוואָרען ווי די פאַנ־טאַזיע פון זיין ליעב־און־לעבען! און אויף איהם איז ווי געקומען אַ ישועה. און ער האָט מיט יעדען טאָג מעהר און מעהר געפיהלט, אַז ער איז גענעזען געוואָרען. האָט ער זי דען שטונדען־ווייז גיט

געהריקט צו איהר ברוסט? האָט ער זי דען ניט געקושט און גע־קושט, אריינזויגענדיג אין זיך איהר נשמה? און דאָך האָט זיך אין איהם ניט דערוועקט דער טייוועלשער וואונש זי צו דער־ווערגען אום זי צו האָבען. אָבער ער האָט נאָך אַלץ ניט געוואגט; ס'איז דאָך געווען אזוי זיס צו ווארטען, זאָל די ליעבע אַליין זיי פעראייניגען, ווען ס'וועט קומען די צייט און עס וועט שוואך ווערען זייער ווילענס־קראפט און זיי וועלען זיך איינער דעם אנדערן פאַלען אין די אָרעמס.

און אזוי פלעגען זיך זייערע גליקליכע צוזאמענטרעפונגען פאָרקומען א טאָג און א טאָג, און זיי האָבען זיך אי איין מאָל ניט געלאָזט פערגעסען אי אויף איין מינוט ניט, און זיי פלעגען זיך שפאציערען אין דער פינסטערניש צווישען די רייהען בערג־קוילען, וועלכע פלעגען נאָך פינסטערער מאכען די נאכט ארום זיי.

אין א יולי־נאכט האָט זשאק, אום ניט צו פערשפעטיגען קיין האוור צו דער ריכטיגער מינוט, עלף אוהר פינף, געמוזט אונטערטרייבען זיין „ליזא'ן", גלייך ווי זי וואָלט זיך אונטער־געפוילט אין דער שטיקענדער היץ. באלד נאָך רואן האָט גענומען דונערען און בליצען איבער דעם גאנצען טהאָל פון די סעין, אויף דער לינקער האנט; און יעדע ווײלע האָט זשאק'ן אָנגעכאפּט אַן אונרוהיגקייט, ווײלע יענע נאכט האָט סעוועריגע געדאַרפט ארויסקומען מיט איהם זיך זעהען. ער האָט מורא געהאט טאָמער וועט צו פריה ארויסזעצען מיט א שלאַגס־רעגען און זי וועט ניט קאָנען ארויסקומען. און אז איהם איז ענדליך געלונגען אריינ־צוקומען אין דער סטאנציע פאר'ן רעגען, איז ער געוואָרען אונ־געדולדיג וואָס די פאסאזשירען קלויבען זיך אזוי לאנג ארויס־צוקריכען פון די וואגאָנעס.

רובאָ איז געווען אויף דער פלאטפאָרמע; ס'איז געווען זיין וואָך נאכט־ארבייט.

— צום טייוועל! — האָט ער געזאָגט מיט א געלעכטער, — וואָס אײלט איהר אזוי זיך געהן לעגען... שלאָפט געזונט.

— א דאנק.

און זשאק האָט דערלאנגט א פייף און א רוק געטהון דעם

לעדיגען צוג און איז אוועק צום דעפא. די צוויי העלפטען פון דער אונגעהייער גרויסער טיהר זיינען געווען פונאנדערגערוקט, און „ליזא“ איז אריין אין דעם לאקאמאטיוו־הייזעל, — א מין גאללערעי מיט צוויי רייהען רעלסען, א זיעבציג מעטר די לענג, וואו ס'האבען געקאנט אריין זעקס מאשינען. אינווייניג איז גע־ווען גאנץ טונקעל; בלויז פיער גאז־ברענער האבען בעלויכטען די פינסטערניש, וועלכע זיי האבען, דאכט זיך, געמאכט נאך גרעסער מיט לאנגע, בלאנקענדע שאטענס; בלויז די העללע בליצען האבען זיך יעדע ווייל בעוויזען אויף דעם גלעזערנעם דאך און אין די הויכע פענסטער אין דער רעכטער און אין דער לינקער זייט. און אין'ם בליץ האט מען געקאנט, ווי אין דעם פלאם פון א שרפה, בעמערקען, די צוטראסקעטע אלטע ווענט, די פון רויך פארשווארצטע באלקענס, די גאנצע מיזעראבלע חורבה פון דער געביידע, וועלכע איז שוין פון לאנג צו קליין געווען. צוויי מאשינען זיינען דארט שוין געשטאנען, קאלטע, פערשלאפענע.

פעקע האט זיך גלייך גענומען אויסטרייסלען דאס פייער פון הייץ־אויוועז, און ער האט מיט אלע כחות געשאקעלט די אייזענס, און שטיקער געגליהטע קוילען האבען זיך אבגעריסען און זיינען ארונטערגעפאלען אין גרוב אונטער דעם לאקאמאטיוו.

— איך בין זעהר הונגעריג, כ'וועל געהן עפעס איבערבייסען, — האט ער געזאגט, — און איהר ווילט נישט?

זשאק האט ניט געענטפערט. ניט קוקענדיג דארויף, וואס ער האט זיך געאיילט, האט ער אבער ניט געוואלט איבערלאזען זיין „ליזא“, איידער דאס פייער איז אין גאנצען אויסגעטריי־סעלט און דער קעסעל אויסגעליידיגט. דאס איז געווען די טבע, די געוואהנהייט פון דעם גוטען מעכאניקער, און ער איז אויף דעם קיין מאל ניט עובר געווען. און ווען ער האט געהאט צייט, פלעגט ער פון איהר ניט אבטרעטען, ביז ער האט ניט בעטראכט און אויסגערייניגט יעדעס פיצעלע, ווי איינער שאנעוועט, א שטייגער, א געליעבטען הונט.

די וואסער פון קעסעל האָט ארונטערגערונען אין גרוב אריין אין גרויסע שטראָמען, און ער האָט בלויז געזאָגט:

— גיכער, גיכער.

א געוואלדיגער קנאַק פון דעם דונער האָט איהם איבערגע־שלאָגען די רעד. און דער הימעל האָט זיך אָנגעצונדען און די הויכע פענסטער האָבען זיך אזוי דייטליך בעוויזען, אז מ׳האָט געקאָנט איבערצעהלען זייערע פיעלע צובראָכענע שויבען. אין דער לינקער האַנט איז ביי די ווערקשטאַטען, וואו מען פאַרריכט די מאַשינען, געווען א בויגען אייזען, און דאָס האָט אַזש גע־קלונגען פון גרויס ציטערניש, און די אַלטע באַלקענס אונטער׳ן דאַך האָבען געמומען קרעכצען.

— צום טייוועל! האָט דער הייצער געמאַכט א ברכה.

דער מאַשיניסט האָט האָפענונגסלאָז א מאַך געטהון מיט דער האַנט. אָן עק; — און נאָך מעהר דערפאַר, וואָס אין דער מינוט האָט אין דאַך א זעץ געטהון א שלאַגס־רעגען. דער האַמ־מיגער שטראָם וועט, דאַכט זיך, באַלד צוברעכען דעם גלעזערנעם דאַך. אין דער הויך זיינען די שויבען מסתמא צובראָכען געוואָרען, ווייל דער רעגען איז מיט גרויסע טראָפּענס געפאַלען אויף „לי־זאָ׳ן“. א ווילדער שטורם־ווינט האָט זיך אריינגעריסען דורך די אָפענער טיהרען — די גאַנצע אַלטע חורבה וועט דאָס, דאַכט זיך, צוטראָגען.

פעקע האָט געענדיגט זיין ארבייט ביי דער מאַשין.

— נו, זאָל שוין זיין! מאָרגען וועלען מיר שוין זעהען... איצט וועט שוין זיין גענוג צו פוצען...

און ער האָט זיך אומגעקעהרט צו זיינע פריהערדיגע רעד:

— מ׳דאַרף עפּעס איבערכאַפּען... ס׳א זין האָט עס צו געהן שלאָפען, אז עס רעגענט אזוי!

און א קעלערעל איז טאַקע געווען ניט ווייט — לעבען דער־פּאַ, איבער׳ן וועג; אָבער דאָס הויז, וואָס די אייזענבאַהן קאָמ־פּאַניע האָט געהאַלטען אויף נאַכט־לעגער פיר די מאַשיניסטען און די הייצער וואָס האָבען געמוזט בלייבען איבער נאַכט אין האַוור, איז געווען אין דער גאַס פראַנסוא — מאַנעליען. און אהין

צוגעהן אין אזא מבול האט מען געקאנט פארנעצט ווערן ביז'ן די ביינער.

זשאק האט זיך געמוזט בעשליסען צו פאלגען פעקע'ן, וועל־כער האט דערווייל גענומען דעם מאשיניסט'ס קאשיקעל, גלייך ווי ער וואלט איהם געוואלט פארשפארען די מיה אליין דאס צו טראגען. ער האט געוואוסט, אז אין קאשיקעל איז נאך געווען צוויי שטיק קאלטע קאלב־פלייש, ברויט און א פלאש כמעט פול מיט וויין; און דאס האט איהם פשוט געמאכט אפעטיט.

דער רעגען איז שטארקער געווארען, און א פרישער קנאס פון דונער האט ווידער צוטרייסעלט די הייזקע. אז די צוויי מע־נער זיינען ארויס דורך א טיהרעלע, אין דער לינקער האנט, וואס פיהרט גלייך צום קעללער, איז שוין „ליזא" געווען קאלט, און זי איז אנדרעמעלט געווארען, א פארלאזענע, אין די פינ־סטערניש, וואס בלויז די שטארקע בליצען האבען דורכגעריסען, און אונטער די גרויסע טראפענס־רעגען, וואס האבען איהר גע־קלאפט אין די זייטען; לעבען איהר איז געשטאנען א שלעכט־פערדרעהטער קראן, און פון איהם האט גערונען, און א שטראם וואסער האט זיך צווישען איהרע רעדער געצויגען ביז'ן גרוב אריין.

אבער פאר'ן עסען האט זשאק געוואלט זיך פריהער ארומ־וואשען. אין קעלער איז שטענדיג געווען, אין א בעזונדער צי־מער, הייסע וואסער אין א שיעסעל. ער האט פון זיין קאשיקעל ארויסגענומען א שטיקעל זייף און זיך ארומגערייניגט די הענט און דאס פנים, פארשווארצט פון וועג; און אזוי ווי ער האט זיך נאך אנגעגרייט, — ווי מען רעקאמענדירט דאס די מאשיניס־טען, — א ריינעם אנצוג, האט ער זיך איבערגעטהון פון קאפ ביז די פיס, ווי ער פלעגט דאס איצט, פון סעווערינע'ס וועגען, טהון יעדען אבענד, ווען ער פלעגט קומען אין האוור. פעקע האט שוין אויף איהם געווארט; ער האט זיך נור אבגעווישט די שפיץ פינגער און דעם שפיץ נאז.

דאס קעלעריל איז געווען בלויז א קליין צימער, גאל גע־פארבט, און כמעט א ליידיגס, בלויז מיט איין אויוועז אנצור

ווארעמען דאס עסען און א טישעל אין מיטען, צוגעשלאגען צו די פאדלאגעס און, אנשטאט א טישטוך, פערדעקט מיט א בלאט צינק.

— דאס איז א ביסעל א פאסקודנער רעגען! — האט זשאק אויסגעשריען, זיך זעצענדיג ביים פענסטער.

פעקע האט זיך געזעצט אויף א באנק, לעבען טיש.

— עסען ווילט איהר ניט? — האט ער געפרעגט.

— ניין, אלטינקער, ענדיגט מיין ברויט און פלייש, ווי די הארץ גלוסט אייך... איך בין ניט הונגעריג.

און פעקע האט זיך ניט געלאזט לאנג בעטען; ער האט זיך גענומען עסען, און האט אויסגעלעדיגט דאס פלעשעל. אפט פלעגט ער האבען אזא גוט מזל, ווייל זיין מאשיניסט איז ניט געווען קיין גרויסער עסער; און ער האט איהם נאך מעהר גע־ליעבט אין זיין טרייהייט פון א הונט, ווייל עס פלעגט איהם אפט פון איהם צופאלען אן איבריגער ביסען. נאך א קורצען שווייגען, האט ער מיט א פול מויל געזאגט צו זשאק'ן:

— א רעגען? ווענען ארט דער רעגען, אז מיר זיצען דא בעשיצט? און אז ער זאל ניט אויפהערען, איז א גוטע נאכט אייך; איך האב דא ניט ווייט פון דאנען, וואו זיך צו צושפארען.

און ער האט זיך צולאכט; ער האט דאס ניט געהאלטען פאר קיין סוד, זיינע פערהעלטניסע צו פילאמענע סאוואניא, און ער האט דאס געמוזט דערצעהלען זשאק'ן, אז יענער זאל זיך ניט וואונדערן, וואס ער קומט אזוי זעלטען נעכטיגען אהיים, ווען ער געהט צו איהר. און אזוי ווי פילאמענע האט ביי איהר ברודער אין הויז פארנומען א צימער פאר זיך, אויף'ן ערשטען גארען, לעבען דער קיך, האט ער בלויז געדארפט אנקלאפען אין אין לאדען; און ער פלעגט פשוט אריינקריכען דורך'ן פענסטער. און דורך דעם פענסטער, זאגט מען, זיינען דורכגעגאנגען אלע אנגעשטעלטע פון דער סטאנציאן. אבער דאס מאל האט זי זיך געהאלטען פאר פעקע, וועלכער איז איהר, הפנים, געווען גענוג.

— אה, ס'א טייוועל דאס איז! ס'א טייוועל! — האט זשאק געמורמעלט מיט כעס, אז דער רעגען, וועלכער האט שוין

געהאט אויפגעהערט, האט ווידער געגומען גיעסען ווי פון עמערס.

פעקע, וועלכער האט אויף'ן שפיץ מעסער געהאלטען דעם לעצטען ביסען פלייש, האט זיך ווידער גוטהארציג צולאכט.

— וואס־זשע, איהר זייט היינט עפעס אזוי בעשעפטיגט? — האט ער געזאגט, — הם! אונז ביידע, מיך און אייך, קאן מען שוין גארניט בעשולדיגען אז מיר קוועטשען די מאטראצען אויף אונזער קווארטיר אין פראנסוא־מאזעליען.

זשאק איז האסטיג אבגעשפרונגען פון פענסטער.

— וואס מיינט איהר?

— וואס זאל איך מיינען? זינט דעם פריהלינג קומט איהר אויף דער קווארטיר ניט פריהער פון מיר, — ארום צוויי־דריי א זייגער פארטאג.

מסתמא וויים ער עפעס; אפשר האט ער זיי געזעהען, זשאק'ן מיט איהר, ארומגעהן ביי נאכט. אין יעדען שלאף־אנ־שטאלט געהען די בעטלעך צו פארלאך: דאס בעטעל פון דעם הייצער לעבען דעם בעטעל פון דעם מאשיניסט; מען האט אלץ זיך בעמיהט וואס נאהענטער צוזאמענבינדען דאס לעבען פון די צוויי לייטע, וועלכע מוזען ארבייטען צוזאמען. און דערפאר איז קיין וואונדער ניט, וואס דער הייצער האט באלד בעמערקט די אויפפיהרונג פון זיין שעף, וועלכער איז תמיד געוועזען אזוי רעגעלמעסיג.

— מיר טהוט אפט וועה דער קאפ, — האט זשאק גע־ענטפערט, וואס איהם איז נור געקומען אין מויל אריין, — און מיר העלפט, וואס איך שפאציער ביינאכט.

אבער דער הייצער האט שוין געוואלט צוריק כאפען.

— אה, מיין דאגה! איהר זייט זיך א פרייער מענש!... איך זאג עס נור, אז איהר זאלט עפעס האבען א שטערונג, דארפט איהר זיך גאר ניט זשענירען און מיר זאגען. — אבי איך זאל נור קאנען, זאגט וואס איהר דארפט.

און אהן ווייטערע ערקלערונגען האט ער זיך ערלויבט צו נעהמען זשאק'ן פאר דער האנט און זי א שטארקען דריק טהון, איהם דערמיט צו ווייזען זיין איבערגעבענהייט. ער האט פאר־

נומען דאָס פעטע פּאַפּיער וואו ס'איז געוועזן איינגעוויקעלט דאָס פליייש, און האָט עס אַ שליידער געטהון; דאָס פלעשעל האָט ער צוריק אַריינגעלעגט אין קאָשיקעל. — ער האָט דאָס אַלעס אָבגעראַמט, ווי אַ דיענער, וואָס איז געוואָהנט צו קערען און וואַשען. דער דונער האָט שוין אויפגעהערט, אָבער דער רעגען ניט.

— נו, — האָט ער געזאָגט, — געה איך מיר מיין וועג, און לאָז אייך אַליין.

— אָה, האָט זשאַק געענטפערט, — אַז עס רעגענט נאָך, וועל איך בעסער געהן אויף אונזער אונטער־וועגענס קוואַרטיר.

גלייך מיט'ן דעפּאָ, אַ שפּאַן ווייטער, איז געוועזן אַ שלאָף־צימער מיט מאַטראַצען, מיט פאַרוסינענע ציכען, וואו עס פלעגען זיך די מענשען צולעגען, ניט אויסטהוענדיג זיך, ווען זיי פלעגט אויסקומען צו וואַרטען אין האַוור בלויז אַ דריי־פיער שעה. און ווירקליך, אַז ער האָט דערזעהען אַז דער הייצער איז פערשוואונדען געוואָרען אין דעם גוס־רעגען אויף דעם וועג צו דאָס הויז פון סאָוואַניא, האָט זשאַק זיך געוואַגט אַ לויף טהון צו דעם רוה־צימער. אָבער לעגען האָט ער זיך ניט געלעגט. ער האָט זיך אָנגעלעהנט אָן דער אָפענער טיהר, ווייל אינוועניג איז געוועזן היים דערשטיקט צו ווערן. אין שטוב איז געלעגען אויס־געצויגען אַ מאַשיניסט, דאָס מויל אָפען, און האָט געחראָפּעט.

נאָך עטליכע מינוט זיינען אַזוי אַוועק, אָבער זשאַק האָט נאָך אַלץ ניט אויפגעהערט צו האָפען. אין זיין רציחה געגען דעם אידיאָטסקען מבול, האָט זיך אין איהם נאָך מעהר צוהיצט דער נאַרישער וואונש צו געהן אַהין איינער אַליין, אַבי צו זיין דאָרט אפילו ווען סעווערינע זאָל ניט קומען. דאָס איז ביי איהם גע־וואָרען די בעדערפניש פון זיין גאַנצען וועזען, און ער האָט זיך טאַקי ניט איינגעהאַלטען און איז אַרויס אין רעגען, און ער איז צוגעגאַנגען צו זייער געליעבטען ווינקעלע, און האָט זיך אַרומ־געדרעהט אין דעם פאַרמאַכטען געסעל צווישען די צוויי רייהען אַנגעשאָטענע בערג קוילען. גרויסע טראָפּען זיינען איהם גע־פאַלען אויף'ן פּנים און האָבען איהם פאַרגאָסען די אויגען; און

ער איז אריין אין קאמער מיט'ן געצייג, וואו סעוועריגע און ער האבען זיך שוין אמאל בעהאלטען. און איהם האט זיך אבגע־דוכט, אז אין דעם קאמעריל איז ער שוין ניט אזוי איינער אליין.

זשאק איז אריין אין די געדיכטע פינסטערניש פון דעם קע־מערל; צוויי לייכטע הענט האבען איהם ארומגענומען, און ווארעמע ליפען האבען זיך צוגעפרעסט צו זיין מויל. סעווערינע איז דאס געווען.

— מיין גאט! איהר זייט געקומען!

— יא, — האט זי געענטפערט, — אז איך האב דערזעהען, אז עס ווערט א שטורם, בין איך אהערצו אוועקגעלאפען איידער ס'האט נאך אנגעהויבען רעגענען... אך, וואס האט איהר זיך אזוי געזאמט?

זי האט שווער געאטהעמט; ער האט זי קיין מאל נאך ניט געדריקט צו זיין ברוסט אזא אבגעשוואכטע; זי האט זיך אראב־געגליטשט, און האט זיך אנידערגעזעצט אויף לעדיגע זעק, ווי אויף א ווייכע קאנאפע, וואס האט פארנומען א גאנצען ווינקעל. און ער, ניט ארויסלאזענדיג זי פון זיינע ארעמס, איז אומגעפא־לען לעבען איהר. זעהען האבען זיי זיך ניט געקאנט; ס'האט זיך זיי ווי פארדרעהט די קעפ. און אלעס איז ארום זיי ווי פערשוואונדען געווארען.

ארויסגערופען פון זייערע הייסע קושען, איז דער ווארט „דו" זיי געקומען אין מויל אריין, און זייער הערצענס־בלוט האט זיך צוזאמען געמישט...

— דו האסט אויף מיר געווארט...

— את, כ'האב אויף דיר געווארט, כ'האב אויף דיר גע־ווארט....

און גלייך נאך דעם, פון דער ערשטער מינוט, כמעט אהן ווערטער, האט זי מיט איהר אויפרעגונג איהם ווי געצוואונגען זי צו בענעהרען. זי האט דאס ניט פאראויס געזעהען, זי האט אפילו ניט גערעכענט דארויף, אז זי וועט איהם היינט נאך זעהען. און אז זי האט איהם אין איהר אונערווארטעטען גליק דערזעהען, איז זי פלוצים אנגעכאפט געווארען פון אן אונווידער־

שטעהליכען וואונש צו זיין זיינע, ניט אויסרעכענענדיג, ניט איבערטראַכטענדיג. אזוי האָט עס געמוזט זיין, ווייל אנדערש האָט עס ניט געקאָנט זיין.

דער רעגען האָט נאָך מעהר געקלאַפּט אין דאַך פון דעם קעמערעל. דער לעצטער צוג פון פּאַריז איז אָנגעקומען אויף דער סטאַנציע, און איז זיך גלייך אוועק זיין וועגס, פּייפענדיג און קלאַפּענדיג, אַז די ערד האָט געציטערט.

אַז זשאַק האָט זיך אויפגעזעצט, האָט ער מיט פערוואונדערונג דערהערט, אַז עס גיעסט אַ רעגען. וואו איז ער דאָ? און בשעת'ן אויפזועצען זיך, האָט ער מיט דער האַנד אָנגעטאַפּט לעבען זיך, אויף דער ערד, דאָס הענטעל פון אַ האַמער, וועלכען ער האָט נאָך דערפיהלט פריהער, בשעת ער איז אנידערגעפאַלען אויף די זעק, און ווי אַ ים האָט איהם פערפלייצט אַ געפיהל פון גליק. ענדליך! סעווערינע איז געוועזן זיינע, און ער האָט ניט אויפגעהויבען דעם האַמער און האָט איהר ניט צושמעטערט דעם שאַרבען. זי איז געוועזן זיינע, און ער האָט זיך ניט בעדאַרפט ראַנגלען מיט זיין קליפּה, מיט זיין אינסטינקטיווען בעגעהר זי צו הרג'ענען און זי אוועקטראָגען אויף די פּלייצעס, אַ טויטע, ווי דער יעגער וואָס רייסט עפּעס אַרויס ביי אנדערע. ער פיהלט שוין מעהר ניט זיין דורשט נאָך ראַכע פאַר אַמאָליגע שלעכטס, וועלכע ער געדענקט שוין אייגענטליך ניט ריכטיג, דעם דורשט צו שטילען דעם צאָרן, וואָס האָט זיך פון זכר צו זכר אָנגעזאַמעלט ביי דעם מענער-געשלעכט זייט דעם ערשטען בעטרוג אין אַ פינסטערע הויל... ניין; דאָס וואָס זי, סעווערינע, איז זיינע, איז לויטער אַ תענוג; זי האָט איהם אויסגעהיילט פון זיין חולאת, ווייל זי האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט גאָר אַן אַנדערע, אַ מעכטיגע אין איהר שוואַכקייט, און שוין בעדעקט מיט דעם בלוט פון אַ מאָרד, וואָס דאָס איז פיר איהר ווי אַזאַ מין שרעקליכער פּאַנציר. זי איז העכער פון איהם — פון איהם, וואָס האָט דאָך נאָך גאָר ניט געוואַגט. און מיט אַ געפיהל פון צערטליכע דאַנקבאַרקייט, מיט'ן וואונש צו ווערען מיט איהר עפּעס ווי איין נשמה, האָט ער זי ווידער גענומען אין זיינע אָרמס.

און סעווערינע אליין איז אויך געווען גליקליך; זי האָט זיך איהם אָבגעגעבען און זי ווייס שוין ניט מעהר פון דעם אינערליכען קאמפף איהרען, וועלכען זי קאָן גראָד יעצט ניט בע־גרייפען. צו וואָס האָט זי זיך געדאַרפט ענטזאָגען אזא לאַנגע צייט? זי האָט דאָך איהם פארשפּראָכען, האָט זי געדאַרפט האַלטען וואָרט, און ספּעציעל ווען דערפון האָט געקאָנט ארויס־קומען נור פריידען און גליק. איצט פערשטעהט זי שוין, אז זי האָט תמיד געדורשט נאָך א שטיקעלע פרייד, זאָגאר ווען איהר איז אנגענעהם געווען אָבצואוואַרטען. איהר לייב און לעבען האָ־בען בלויז געלעבט אין דעם בעגעהר פון ליעבע, — פאַלקאָמענע, אייביגע, — און בלויז א מין שוידערליכע הערצלאָזיגקייט זיינען געווען די אַלע פריהעריגע פאסירונגען, וואָס האָבען זי א צו־שראָקענע אריינגעשליידערט אין דעם עקעלהאַפטען לעבען. ביז אהער האָט די וועלט געגען איהר געהאַנדעלט מיט אונרעכט, זי בעפלעקט מיט שמוץ און מיט בלוט, גאָר אָהן רחמנות... און איה־רע שעהנע בלויע אויגען, נאָך עד היום אזוינע אונשולדיגע, האָ־בען אין זיך דעם טראַגישען בליק פון גרוים פּחד אונטער איהר קאָפּ שווארצע האאר. און דאָך, ניט קוקענדיג אויף אַלעם דעם, איז זי געבליבען אַן אמת כשר'ע פרוי, און צום ערשטען מאָל אין איהר לעבען האָט זי היינט דערקאָנט א מאַן, און דעם יונגען מאַן, וועלכען זי האָט פערגעטערט, ווינשענדיג זיך צו פערשמעל־צען אין איהם, צו ווערען זיין קנעכט. זי איז זיינע; ער מעג מיט איהר טהון וואָס ער וויל.

— אָה, מיין טהייערער, נעהם מיך, האָב מיך. איך פערלאַנג נור וואָס דו פערלאַנגסט.

— ניין, ניין! מיין טהייערסטע; דו ביסט די הערשערין; און איך לעב נור דיך צו ליעבען, דיך צו פאָלגען.

צוויי שעה זיינען אזוי אוועק. דער רעגען האָט שוין לאַנג אויפגעהערט; אויף דער סטאַנציאָן האָט געהערשט א טיעפע שטילקייט, און בלויז פון ווייטען, אונדייטליך האָט זיך גע־הערט א שטימע, קומענדיג פון דעם ים.

זיי זיינען נאָך געווען אין די אָרמס איינע ביים אנדערען,

ווען זיי זיינען פלוצלונג דערציטערט געוואָרען פון אַ שאָס; זיי זיינען אויפגעשפּרונגען. ס'האָט שוין געזאָלט אָנהויבען טאָגען; אַ בלאַסער פלעק האָט פערוויסט דעם הימעל, איבער דעם אויסגוס פון דער סעין. וואָס איז דאָס פאַר אַ שאָס? און זייער אונפאָרזיכטיגקייט, זייער נאַרישקייט דאָ זיך אַזוי לאַנג צו פערזאמען, האָט זיי מיט אמאָל, אין זייער האסטיגע פאָרשטעלונג, שוין געוויזען איהר מאַן מיט'ן רעוואָלווער אין די הענט, יאָגענדיג זיך נאָך זיי ביידען.

— בלייב דאָ. וואַרט, איך וועל געהן אַ קוק טהון.

זשאַק איז פאָרזיכטיג צו ביז צו דער טיהר. און דאָ האָט ער אין דער נאָך אַלץ גערדיכטער נאַכט געהערט דעם געלויף פון מענשען און האָט דערקענט רובאַ'ס קול, ווי ער טרייבט אונטער די וועכטער, שרייענדיג, אַז ס'איז געווען הריי גנבים און אַז ער האָט זיי אליין געזעהען גנב'ען קוילען. שוין זייט עטליכע וואָכען, ווי עס געהט ניט איבער אַ נאַכט, אַז איהם זאָלען זיך ניט חלום'ען קיין גנבים. און היינט, האָט ער אין אַן אַנפאַל פון מורא, פלוצלונג אויסגעשאָסען אין דער פינסטער אָהן אַ ציעל.

— שנעל, שנעל! מיר טאָרען דאָ ניט בלייבען, — האָט דער יונגער מאַן געמורמעלט. — זיי געהען אהער זוכען... ענטלויף!

און דאָ האָט זיי ווידער אָנגעכאַפּט זייער ליידענשאַפט און זיי האָבען זיך ווידער אומגעאָרמט, זיך געדריקט און געקושט. ענדליך איז סעווערינע אוועק, מיט לייכטע טריט, איבערלויפענדיג די לענג פון דעפּאָ, פאַרשטעלט פון דער הויכער וואַנט; און ער האָט זיך אין דער שטיל בעהאַלטען צווישען די בערג קוילען. דעם אמת געזאָגט, וואָלט שוין באַלד אפשר געווען צו שפּעט, ווייל רובאַ האָט טאַקי געוואָלט אַריינקוקען אין קעמערעל מיט געצייג. ער האָט זיך געשוואָרען, אַז די גנבים מוזען דאָ זיין; די שיין פון די לאַנטערנעס פון די וואַכלייט האָבען גענומען טאַנצען אויף דער ערד: מ'האָט זיך געקריעגט. און צום סוף זיינען אַלע צוריק אוועק מיט דעם וועג צו דער סטאַנציע, אין כעס פון [illegible] אומזיסטע יאָגעניש.

זשאק האָט זיך ענדליך בערוהיגט און האָט זיך שוין גע־לאָזט געהן אויף זיין נאכטלעגער אין פראנסוא־מאזעליען; פלור־צים טרעפט ער אָן פעקע'ן; יענער האָט זיך נאָך געהאַלטען אין אָנטהון און האָט אימיצען געשאַלטען אין דער שטיל.

— וואָס איז אייך, מיין אַלטינקער?

— אָה, דער טייוועל! רעדט צו מיר ניט. די אידיאָטען האָ־בען מיט זייער געפילדער אויפגעוועקט סאָוואַניא. האָט ער מיך געטראָפען ביי זיין שוועסטער. ער איז אַראָפ אין איין העמד; כ'האָב זיך קוים אָפּגעטראָגען דורך'ן פענסטער... ציהט אויף! הערט נור...

ס'האָבען זיך געהערט געשריייען און קוויטשערייען פון א פרוי, וועלכע מען שלאָגט, און דער געדיכטער קול פון א מאנס־פערזאָן האָט געשאָלטען.

— נו? דאָס איז ביי זיי. ער ברעכט איהר א ביין. זי איז דאָך שוין עפעס א מענש פון צוויי־און־דרייסיג יאָהר, און אז ער כאַפּט זי, קאַטעוועט ער זי ווי א קליין מיידעל... אָה, מיין דאגה! וואָס האָב איך זיך צו מישען: ער איז איהר דאָך אַן איי־גענער ברודער!

— און איך האָב דאָך געמיינט, — האָט זשאַק געזאָגט, — אז מיט אייך אַארט איהם ניט, ער איז נור בייז, ווען ער טרעפט זי מיט אַן אַנדערן.

— אָה, ווער ווייס איהם? איינינגע מאָל מאַכט ער זיך ניט זעהענדיג. און א מאָל, פאַרשטעהט איהר מיך, קאַטעוועט ער זי... דאָס שטערט איהם אָבער ניט צו ליעבען די שוועסטער. זי איז זיין שוועסטער און ער וועט בעסער אַלעס פאַרליערען, איידער זיך פון איהר אָבזאָגען. ער וויל בלויז זי זאָל זיך גוט אויפפיה־רען... מיין גאָט! היינט, דענק איך, איז געקומען איהר סוף.

די געשרייען האָבען אויפגעהערט, און עס האָט זיך בלויז געהערט דאָס קרעכצען און געוויין; די צוויי מענער זיינען זיך אַוועק זייער וועג. אין צעהן מינוט אַרום זיינען זיי שוין געשמאַק געשלאָפען, איינער לעבען אַנדערן, אין א קליינער שטוב, גע־פאַרבט מיט געלען, און אויסגעמעבלירט מיט פיער בעטלאָך,

פיער בענקלאך, א טיש, אויף וועלכען עס איז געשטאנען איין ציגערנע שיעסעל.

און פון דעם טאג אן פלעגען זשאק און סעווערינע פיהלען גרויס גליק, ווען זיי פלעגען נור זיין צוזאמען. ניט שטענדיג האבען זיי ארום זיך געהאט די בעשיצונג פון א שלאגס־רעגען. דער אויסגעשטערענטער הימעל, די שיינענדע לבנה — דאס האט זיי געשטערט. און זיי פלעגען זיך בעהאלטען אין די געדיכטע שאטענס, אבזוכען די פינסטערע ווינקעלאך, וואו ס'איז געווען אזא מחיה זיך צו דריקען איינער צום אנדערען. און אין אויגוסט און סעפטעמבער זיינען געווען אזוינע זיסע בעצויבערנדע נעכט, אז די צערטליכע פערליעבטע וואלטען זיך אזוי פארזעסען ביז'ן העללען טאג, ווען ניט דער טונעל ביי דער סטאנציע און דאס פייפען פון די לאקאמאטיווען פון דער ווייטענס וואלטען זיי ניט צושיידט. זאגאר די ערשטע אקטאבער פרעסטלאך האבען זיי ניט אבגעהאלטען. זי האט זיך בלויז בעסער אנגעטהון אין א גרויסען מאנטעל, אין וועלכען ער האט זיך אויך געקענט א העלפט בעהאלטען. און זיי פלעגען זיך פארבאריקאדירען אין דעם קעמערעל מיט געציייג, ווייל זיי האבען אויסגעפונען א מיטעל, ווי פון אינעווענינ צו פארשפארען די טיהר מיט אן אייזערנעם שטאנג. און זיי האבען זיך דא געפיהלט ווי ביי זיך אין דערהיים, אין די נאוועמבער שטורמס, ווען די בייזע ווינטען האבען אפשר געקאנט אראברייסען די שינדלען פון דאך, אבער צו זיי האט עס אפילו ניט געקאנט צוקומען.

ער האט כמעט פון דער ערשטער נאכט אן געהאט דעם וואונש מיט איהר צו זיין אין איהר הויז, אויף איהר ענגער קווארטיר, וואו זי האט איהם אויסגעזעהען גאר אן אנדערע און מעהר ווינשענסווערטהע, מיט איהר רוהיגען שיין פון באלעבאטישע עהרליכקייט; אבער זי האט איהם שטענדיג אבגעזאגט, ניט אזוי אוים מורא פאר די שפיאנען אינ'ם קארידאר, ווי אויס דעם לעצטען שטיקעל טוגענד, וואס בעשיצט דאס חתונה־בעט. אבער איין מאל, מאנטאג ביי טאג, ווען ער איז געקומען צום פריהשטאג, און דער מאן האט זיך עפּיס פערזאמט איבער דעם

סטאַנציאָן־מייסטער, האָט ער זי, אויף שפּאַס, צוגעטראָגען צום בעט, איינפאַך אויס נאַרישע געוואַגטקייט, פון וועלכע זיי האָבען ביידע געלאַכט; און זיי האָבען זיך ביידע פאַרגעסען. און פון יעמאָלט אָן האָט זי זיך שוין מעהר ניט געשטעלט דאַגעגען; און זשאַק פלעגט קומען צו איהר דאָנערשטאָג און שבת, נאָך האַלבע נאַכט. דאָס איז געווען געוואַלדיג געפעהרליך. זיי האָבען ניט געוואַגט זיך אַ ריהר צו טהון, איבער די שכנים; און דערפון האָבען זיי געשפּיערט אַ דאָפּעלטע צערטליכקייט און נייע פריידען. און אָפט כאַפּט זיי אָן אַ חשק צו געהן שפּאַצירען און אין די פינסטערע איינזאַמקייט פון די קאַלטע נאַכט, ווי אַנטלאָפענע חיות בלאַנקענען זיי אַרום אין דרויסען. אין דעצעמבער האָבען זיי זיך אַזוי אַרומגעליובעט אין אַ ביטערען פראָסט.

פיער מאָנאַט שוין, ווי זשאַק און סעווערינע לעבען זיך אַזוי אין זייער אַלץ וואַקסענדע ליעבע, זיי זיינען ביידע באמת געווען ווי אָבגעפרישט אין די ריינקייט פון זייערע הערצער, און זייער אונשולד, ווי איבערראשטע פון זייער ערשטע ליעבע און בעזויפטע פון די מינדעסטע לאַסקע, און אין ביידע איז אַלץ גרעסער געוואָרען דער וואונש זיך עפּיס מקריב צו זיין איינער פאַר'ן אַנדערען, ווער וועמען עס וועט בעסער דיענען. ער האָט שוין מעהר גאָר קיין ספק ניט געהאַט, אַז ער איז נצול געוואָרען פון זיין שרעקליכע חולאת פון געבורט: — זינט ער קען זי, האָט איהם אַ איין מאָל ניט געשראָקען דער וואונש צו מאָרד. קומט, אַלזאָ, אויס, אַז די פיזישע ליעבע קאָן אויך בעפרידיגען דעם וואונש צו טויטען? הייסט דאָס ־ען, אַז בעגערען און מאָרדען איז איינס און דאָס זעלבע אין דער טונקעלע טיעפעניש פון דער מענשען־חיה? זשאַק האָט וועגען דעם ניט געטראַכט; ער איז צו דעם געווען צו אונוויסענד, און ער האָט ניט געוואַגט אַריינצוקוקען אין דעם אָרון פון פחד.... אָפטמאָל, אין איהרע אַרמס, קומט איהם אָן דער געדאַנק דערפון, וואָס זי האָט געטהון, דער מאָרד, אין וועלכען זי האָט זיך איהם מודה געווען בלויז מיט איין בליק, אויף דער באַנק אין דעם באַטיניאָלער סקוועער; און איהם האָט זיך אפילו ניט געוואָלט וויסען די איינצעלהייטען. זי אָבער

האט דאס פארקעהרט, געפלאגט אלץ מעהר און מעהר איהם צו דערצעהלען אין גאנצען. אז זי פלעגט איהם ארומנעהמען און דריקען צו זיך, פלעגט ער שוין גוט שפירען, אז איהר דריקט און שטיקט איהר סעקרעט, און אז זי חלש'ט אריינצודרינגען אין זיין הארצען, אום זיך גרינגער צו מאכען דערפון, וואס עס ווערגט זי אזוי. און א ציטער פלעגט איהר דורך איהרע אלע גליעדער, און איהר שטיקען דעם האלז און זיך איהר אבשטעלען אויף די ליפען ווי א טיפער זיפץ. און אמ, ווי ביי איינע אין קאנוואול־סיעס, ווערט איהר שטימע ווי פארשטיקט, יעצט וועט זי שוין אנהויבען דערצעהלען..... אבער שנעל, מיט א קוש, פארמאכט איהר זשאק דאס מויל, און שטארק בעאונרוהיגט, שרעקט ער זיך, אז זי זאל זיך איהם מודה זיין. צו וואס דארף מען אוועק־שטעלען צווישען זיי אט דאס אונבעקאנטע? קאן מען דען זיכער זאגען, אז דאס וועט ניט ענדערען זייער גליק? און ער האט געשפיערט עפיס א סכנה, און א סקרוך פלעגט איהם דורכ־נעהמען בלויז פון דעם איינעם געדאנק זיך מיט איהר צו צוריה־רען צו דער בלוטיגער געשיכטע. און זי האט איהם, קענטיג, פער־שטאנען; און זי האט זיך צו איהם אלץ מעהר געלאסטשעט, א ליעבענדע, א צערטליכע, וואס איז בעשאפען געווארען נור צו ליעבען און געליעבט צו ווערען. און די ווילדעסטע ליידענ־שאפט גרייפט זיי דאן ווידער אן, און זיי פלעגען אמאל זאגאר פערליערען דאס בעוואוסטזיין, איינער ביים אנדערען אויפ'ן האלז.

נאך פון זומער אן איז רובא שוין שווערער געווארען, און וואס מעהר זיין פרוי האט צוריקגעקראגען די פרעהליכקייט און די פרישקייט פון צוואנציג יאהר, איז ער אלץ געעלטערט געווארען און אלץ מעהר אנגעכמורעט. נאך סעווערינע'ס מיינונג, האט ער זיך שטארק אומגעביטען פאר די לעצטע פיער מאנאטען. רובא האט נאך אלץ, ווי פריהער, געדריקט זשאק'ס האנד און איהם איינגעלאדען צו זיך, און פלעגט נור מונטער ווערען, ווען ער האט איהם געזעהען ביי זיין טיש. אבער דיעזע צושטרייאונג איז שוין ניט מעהר גענוג געווען פיר איהם, און גאנץ אפט פלעגט

ער באלד נאָכ'ן מיטאג ארויסגעהען מיט'ן אויטרעד, אז איהם שטיקט, און ער מוז ארויס אויף דער פרישער לופט. אָבער אין אמת'ן פלעגט איצט רובאָ בעזוכען א קאפע אין דער גאס „נאפאָ־לעאָן", וואו ער פלעגט זיך בעגעגענען מיט קאָש'ן, דעם אונטער־זוכונגס־קאָמיסאר. רובאָ האָט געטרונקען ווענינ, עטליכע קעליש־קעלעך ראָם; אָבער ער האָט געקראָגען א לוסט צו קאָרטען, וועלכעס איז געוואָרען ביי איהם א ליידענשאפט. ער פלעגט אויפלעבען און אין אלעם פערגעסען נור ביים שפיעלען, און פלעגט זיך פערטיעפען אין אונענדליכע פארטיען פון פיקעט. קאָש, וועלכער איז געווען א ליידענשאפטליכער קארטיאָזשניק, האָט בעשלאָסען צו מאכען די פארטיען אינטערעסאנט; און זיי האָבען גענומען שפּעלען צו פינף פראנק א פארטי. פון יע־מאָלט אָן האָט רובאָ, צו זיין אייגענער פערוואונדערונג, ענטדעקט אין זיך א נייע מעלה; ער האָט דערפיהלט א מין פייער צו געלד, דער פייערשער פיבער וואָס פרעסט אויף דעם מענשען, און צווינגט איהם צוליעב די קאָרטען ריזיקירען מיט זיין לאגע און זאָגאר מיט זיין לעבען.

דערהוויל האָט נאָך רובאָ'ס בעשעפטיגונג דערפון גאָר ניט געליטען; ער פלעגט אוועקגעהן, ווי ער איז נור פריי געוואָרען, און אין די נעכט, ווען ער האָט ניט גענדארפט זיין אויף, פלעגט ער אהיים קומען ניט פריהער ווי דריי—פיער א זייגער פאר־טאָג. סעווערינע האָט זיך אויף דערויף גאָר ניט בעקלאָגט — זי האָט איהם נור פאָרווירפע געמאכט, פאר וואָס ער קומט אהיים אלץ מעהרער און מעהרער אָנגע'ברוגז'ט; דאָס איז געווען דערפאר, ווייל איהם איז זעהר ניט געגאנגען, ער האָט שוין אָנגעהויבען צו קריכען אין חובות אריין.

אמאָל אין אבענד, איז צווישען סעווערינע'ן און רובאָ'ן ארויס די ערשטע קריעג. סעווערינע האָט נאָך ניט געהאסט איהר מאַן; אָבער עס איז איהר שוין געווען שווער איהם איבערצוטראָגען, פיהלענדיג, אז ער דריקט איהר לעבען: זי וואָלט געווען אזוי פריי, אזוי גליקליך, ווען ער וואָלט זי נור ניט געדריקט מיט זיין אנוועזענהייט! און א חוץ דעם האָט זי גאָר ניט געהאט

קיין שום געוויסענביסע, וואס זי האט איהם גענארט. איז עס דען ניט זיין שולד? האט ער זי דען כמעט אליין ניט געבראכט דערצו? אין דיעזער לאנגזאמער צושיידונג האט זיך יעדער פון זיי אמוזירט נאך זיין אייגענעם געשמאק, אום זיך צו בע־פרייען פון דעם שווערען געפיהל, וואס האט זיי אזוי שטארק געדריקט. ער האט געהאט די קארטען; — האט זי דאס רעכט צו האבען א ליעבהאבער. אבער וואס האט זי אם מייסטען גע־ערגערט און זי געמאכט פראטעסטירען, איז געווען די ענגשאפט אין געלד, וואס זי האט געליטען צוליעב זיין שטענדיגען פער־לירען. זייט די פינף פראנקען'דיגע פלעגען פון דעם בעל־הבית'ישקייט איבערגעהן אין דעם קאפע „נאפאלעאן", פלעגט זי אמאל ניט האבען מיט וואס צו בעצאהלען פאר'ן וואשען גרעט. זי האט זיך געמוזט ענטזאגען פון נאשערייען, און פון פיעלע טואלעט קלייניגקייטען.

אין דיעזען אבענד האבען זיך די מאן און ווייב צוקריעגט איבער דער פראגע פון קויפען א פאר שיך. רובא האט שוין געדארפט אוועקגעהן און האט ניט געקענט געפינען דעם טיש־מעסער זיך אבצושניידען א שטיקעל ברויט, און האט גענומען דעם גרויסען מעסער, וואס האט זיך געוואלגערט אין א שיפלאד פון דעם בופעט. סעווערינע האט געקוקט אויף איהר מאן, וואס ער ענטזאגט איהר אלץ די פונפצעהן פראנק פיר די שיך; זי האט ניט געוואוסט ווי זיי צו קריגען. זי איז אלץ מעהר און מעהר בייז געווארען און האט ווידערהאלט איהר פאדערונג, און ער האט אלץ ענטזאגט. פלוצלונג האט זי מיט'ן פינגער אנגע־צייגט אויפ'ן פלאץ פון דעם פארקעט, וואו עס איז געווען בע־האלטען זייער מורא, און האט איהם געזאגט, אז דארטען האט ער געלד, און זי וויל עס. רובא איז שטארק בלאס געווארען און דאס מעסער איז איהם פון די הענד ארויסגעפאלען צוריק אין שופלאד אריין. איין וויילע האט זי געמיינט, אז ער וועט זי באלד שלאגען, ווייל ער איז צו צו איהר, שעפטשענדיג, אז דאס געלד וועט דארט פערפוילט ווערען, אז ער וועט זיך גלייבער אבשניידען א האנד איידער זיך אין דעם אנריהרען. מיט פאר־

קלעמטע פויסטען האָט ער זי געסטראשעט, אַז ער וועט זיך טויטען אויפ׳ן שטעל, אויב זי וועט נור וואגען אין זיין אבוועזענהייט אויפצוהויבען דאָס ברעטעל און ארויס׳גנב׳ענען אפילו איין סאנטים. ניין, קיין מאָל ניט! ס׳איז טויט און בעגראָבען.

אָבער סעווערינע אליין איז אויך אַ טויטע געבליבען, און ס׳האָט זי אַ שרעק אָנגענומען ביים געדאנק אָנצוריהרען דעם מת. זאָל קומען די נויט, און זיי וועלען בעסערביידע שטארבען פון הונגער נעבען דעם געלד. און ווירקליך, מעהר האָבען זיי שוין ניט אַ פּיפּס געטהון וועגען דעם, אפילו אין די צייט פון דער גרעסטער נויט. ווען זייערע פיס פלעגען אָנריהרען דאָס פלאַץ, פלעגען זיי דערפיהלען אזא אונערטרעגליכען געפיהל פון וועהטאָג, אַז זיי האָבען אָנגעפאנגען אויסצומיידין דאָס אָרט.

דאן זיינען געקומען נייע קריגערייען איבער קרוא־דע־מאָפּרא. ווארום פערקויפען זיי ניט דאָס הויז? און זיי האָבען זיך גענומען מאכען פאָרווירפען, אַז זיי טהוען גאָר ניט אום דאָס זאָל שנעלער פערקויפט ווערען. רובאָ, ווי פריהער, האָט זיך העפטיג ענטזאגט עטוואָס צו טהון אין דעם, און סעווערינע פלעגט יעדען מאָל וואָס זי האָט געשריבען צו מיזאר׳ן, קריגען אונבעשטימטע אנטוואָרטען: ניטאָ קיין קונים, די פרוכטען פאלען ארונטער, די גרינוואַרג וואקסט ניט, ווייל מען בעגיעסט זיי ניט.

צו ביסלאַך איז די רוהע, וועלכע האָט זיך שוין געהאַט צוריק איינגעשטעלט אין דער פאמיליע רובאָ, ווידער פערשוואונדען, ווי גליך אַ שרעקליכער פיעבער האָט זי פערצעהרט. אַלע אורזאכען פיר די אונצופרידענהייט, — דאָס בעהאלטענע געלד, דער אריינגעבראכטער ליעבהאָבער, — זיינען מיט יעדען טאָג פארשטאַרקערט געוואָרען; זיי האָבען דאָס פאָר פאָלק פונאנדערגעשיידט און אָנגערייצט איינער געגען דעם צווייטען. אין דער שטענדיגער אויפרעגונג, איז דאָס לעבען זיי געוואָרען אַן אמת׳ער גהינום.

ווי אומיסטנע איז אין די אונגליקליכע צוזאמענטרעפונג פון די אומשטענדען, די רובאָ׳ס אלעס געגאנגען מיט דער פוטער אויאָב. אין קאָרידאָר האָבען זיך אָנגעהויבען נייע רכילות און

צאַנקערייען. פילאָמענע האָט זיך צוקריעגט מיט מאַדאַם לעבלע, איבער איהרע רכילות, אַז זי האָט איהר כלומרשט פערקויפט א גע'פגר'טע הוהן. אָבער די ריכטיגע אורזאכע איז געווען וואָס פילאָמענע מיט סעווערינע'ן האָבען זיך בעפריינדעט. נאָך דעם, וואָס פעקע האָט סעווערינע'ן אמאָל געטראָפען אין די ארעמס פון זשאַק'ן, האָט זי געמוזט אַביסעל אַוועק־קוקען און ווערען בעפריינדעט מיט'ן הייצער'ס ליעבהאָבערין. דער כבוד צו זיין בעקאַנט מיט אַ דאַמע, אָהנע צווייפעל, די שעהנסטע און עדעלסטע אויף דער סטאַנציע, האָט פילאָמענע'ן אריינגע־געבען אַ וואפע אין האנד געגען דעם קאסיר'ס פרוי, געגען די אַלטע בעטריגערין, ווי זי האָט זיך אויסגעדריקט, וועלכע איז פעהיג אויף אלע נידערטרעכטיגקייטען. פילאָמענע האָט אויף איהר געזאָגט וואָס אין דער קאָרט און האָט געשריען, אַז די קוואַרטיר, וואָס געהט ארויס אויפ'ן גאס געהערט צו רובאָ'ן, און אַז עס איז נידערטרעכטיג פון מאַדאַם לעבלע איהם זי ניט צו געבען. אויף אַזאַ'ן אופן האָט עס אָנגעהויבען צו געהן שלעכט מיט מאַדאַם לעבלע, איבערהויפט ווען זי האָט גענומען שפּיאָנירען נאָך מאַדמואזעל גישאָן, אום זי צו פּאַקען מיט'ן סטאַנציאָן־מייסטער. דאָס האָט זי נור אריינגעבראכט אין ערנ־סטע אונאַנגענעהמליכקייטען: זיי האָט זי ניט געפּאַקט, אָבער צום אונגליק איז זי אַליין געפּאַקט געוואָרען אונטערהערענדיג זיך אונטער דער טיהר. מ'סיע דאַבאַדי איז זעהר אויפגערעגט געווען פון דעם שפּיאָנירען און האָט ערקלעהרט זיין אונטער־העלפער, מולען, אַז אויב די רובאָס ווילען נאָך קריגען די קוואַר־טיר, איז ער פערטיג אונטערצושרייבען זייער פאָדערונג.

און ווען מולען, איבערהויפט ניט קיין רעדעוודיגער, האָט ווידערהאָלט מ'סיע דאַבאַדי'ס ווערטער, האָט אין קאָרידאָר פון איין עק ביז'ן צווייטען אויפגעפלאקערט אַ מלחמה, — אַזוי האָבען זיך די געפיהלען צושפּיעלט.

צווישען דיעזע אלע שטייגענדע אונאַנגענעהמליכקייטען, האָט סעווערינע געהאט ניט מעהר ווי איין גוטען טאָג — פרייטאַג. פון אָקטאָבער אָן האָט זי אויסגעטראכט אַ תרוץ — דער

ערשטער וואָס איז איהר געקומען אין מויל אריין, — א וועהטאָג אין דער קניע, צוליעב וועלכען זי האָט געמוזט האָבען א ספּע־ציאַליסט. און יעדען פרייטאג אין דער פריה איז זי געפאָהרען פיערציג מינוט אויף זיבען מיט'ן שנעל־צוג, וועלכען זשאַק האָט געפיהרט, און האָט מיט איהם פערבראַכט דעם טאָג אין פאריז, און איז צוריק געקומען מיט'ן שנעל־צוג האלב זיבען פארנאכט. פון אנפאנג האָט זי געהאַלטען פאר איהר פליכט דעם מאַן צו דערצעהלען, ווי עס געהט איהר מיט דער קניע: עס ווערט בעסער, עס ווערט ערגער; אָבער בעמערקענדיג, אז ער הערט אפילו ניט וואָס זי זאָגט איהם, האָט זי גאָר אין גאנצען אויפגעהערט צו רעדען פון דעם. מאנכעס מאָל פלעגט סעווע־רינע קוקען אויף איהר מאַן און זיך פרעגען, צי ווייסט ער? ווי קומט עס, אז אזא מענש, מיט אזא ווילדער איפערזוכט, אזא מענש, וואָס האָט בעגאנגען א מאָרד אין א בעוואוסטלאָזער ווילדקייט, — אזא מענש זאָל איהר ערלויבען צו האָבען א ליעבהאָבער? זי האָט עס ניט געקענט גלויבען; זי האָט איינפאך אנגעהויבען גלויבען, אז איהר מאַן ווערט אלץ דומער.

אין די ערשטע טעג פון דעצעמבער, אין איין אייז־קאַלטער נאכט, האָט סעווערינע לאנג געווארט אויף איהר מאַן. אויף מאָרגען, פרייטאג, האָט זי פארטאָג געדארפט ארויספאָהרען מיט'ן שנעל־צוג. מיט א טאָג פריהער פלעגט זי געוועהנליך פארטיג מאכען איהר טואלעט, האָט זיך צוגעגרייט די קליידער, אז אין דער פריה זאָל זי פארטיג ווערען ווי שנעלער. ענדליך האָט זי זיך געלעגט און איז איינגעשלאָפען ארום איינס ביי נאכט. רובא איז אלץ ניט געקומען. א צוויי מאָל איז ער אהיים געקומען שוין פארטאָג. ער האָט זיך אין גאנצען איבערגעגעבען צו זיין שטייגענדער ליידענשאפט, און האָט זיך שוין ניט געקאָנט אָב־רייסען פון דער קאפע, וואו א קליינער זאַל פון אונטען, איז ביסלעכווייז פערוואנדעלט געוואָרען אין אַן אמת'ן קאָרטען־פלאץ: מען האָט שוין איצט געשפּיעלט אין „עקארטע“ אויף גרויסע סומען.

א גאַנץ צופרידענע, וואָס זי שלאָפט אליין, איז זיך סעווע־

רינע געלעגען אין בעט, פערשלעפערט פון'ם זיסען געדאנק פון דעם מאָרגענדיגען אנגענעהמען טאָג. זי איז געשמאק איינגעשלאָפען אין דער אנגענעהמער ווארעמקייט פון איהרע ווייכע קאָלדרעס.

אָבער ארום דריי ביינאכט איז זי אויפגעוועקט געוואָרען פון א מין מאָדנעם גערויש. פון אָנפאנג האָט זי עפּים גאָר ניט געקענט פערשטעהן, און האָט געדענקט, אז דאָס האָט זיך איהר נור גע'חלום'ט, און זי איז גלייך ווידער איינגעשלאָפען. דאָס איז געווען א פערשטיקטע קלאפעריי, דאָס קראַכען פון האָלץ, גלייך ווי מען וואָלט געבראָכען די טיהר. דאָס קלאפען, און נאָך א שטאַרקערער קראכען האָט זי שוין געצוואונגען ארויסצושפּרינגען פון'ם בעט. עס האָט זי אָנגעכאפּט א שרעק; קענטיג אימיצער ברעכט דעם שלאָס פון יענער זייט, אין קאָרידאָר. געגען א מינוט האָט סעווערינע ניט געוואגט זיך א ריהר צו טהון; זי האָט זיך צוגעהערט, און עס האָט איהר געקלונגען אין די אויערען. אָבער ענדליך האָט זי זיך געמאכט הארץ און איז אויפגעשטאַנען צו זעהען וואָס עס קומט פאָר. זי איז געגאנגען שטיל, מיט די באָרפעסע פיס; זי האָט אביסעל געעפענט די טיהר פון דעם שלאָף צימער. עס האָט זי אָנגעכאפּט אזא ציטער, אז זי איז אין גאנצען בלאס געוואָרען און האָט זיך צוזאמענגעקאָרטשעט אין איהר העמד: דאָס בילד וואָס זי האָט דערזעהען אין עס-צימער, האָט זי ווי צוגעשמידט צום אָרט און האָט זי אָנגעפילט מיט שרעק און פערוואונדערונג.

רובאָ איז געלעגען אויף דער ערד, אויפ'ן בויך, אונטערגעשפּאַרט מיט די עלענבויגענס, האָט געהאלטען אין אויפרייסען דאָס קלעצעל פון פּארקעט מיט דער הילפע פון א שעהר. נעבען איהם איז געשטאַנען א ליכט, וואָס האָט איהם צוגעלויכטען און האָט ארויפגעוואָרפען אויף דער סטעליע זיין אונגעהייערען שאטען. אין דיעזער מינוט האָט ער צוגעבויגען דאָס פנים צו דער שווארצער גרוב אין פּארקעט, און האָט אהין אריינגעקוקט מיט צושפּרייטע אויגען. זיין געזיכט איז געווען אָנגעגאָסען מיט בלוט, דאָס איז געווען א געזיכט פון א מערדער. ער האָט

טהיעריש אריינגעלאָזט די האנד, נור אזוי ווי ער איז געווען א דערשראָקענער, האָט ער גאָר ניט געקאָנט געפינען, און האָט געמוזט צורוקען דאָס ליכט. דאָרט טיעף זיינען געלעגען די בילעטען, דער בייטעל, דער זייגער.

סעווערינע האָט, ניט ווילענדיג, אויסגעשריען, און רובאָ, א צושראָקענער, האָט זיך אומגעקוקט. די ערשטע מינוט האָט ער זי גאָר ניט דערקענט: — ער האָט געמיינט, אז די פיגור אין ווייסען מיט די צושראָקענע אויגען, איז א מין גייסט.

— וואָס טהוסטו? — האָט סעווערינע א געשריי געטהון.

רובאָ האָט ענדליך פערשטאַנען. ער האָט גאָר ניט גע־ענטפערט, נור ער האָט א פערשטיקטען וואָרטשע געטהון. ער האָט א קוק געטהון אויף דער פרוי. איהר אנוועזענהייט האָט איהם געשטערט, און ער האָט געטראכט ווי שיקט מען זי אוועק שלאָפען. אָבער ער האָט ניט געקענט געפינען קיין איין פער־ניגפטיגעם וואָרט. איהם האָט זיך שטארק געגלוסט צו געבען עטליכע קלעפּ אָט דיעזער האלב־נאַקעטער, ציטערענדער פרוי.

— אזוי? אזוי? מיר ענטזאגסטו א פּאָר שיך, און זיך נעמסטו דאָס געלד; דיין אייגענם האָסטו שוין פערשפּיעלט אין גאנצען.

דאָס האָט רובאָ'ן שטארק צובייזערט. וועט זי איהם אימער איבערפיהרען זיין לעבען, שטערען זיין פערגעניגען? אָט דיעזע פרוי, וועמען ער בעגעהרט שוין ניט מעהר, וויל דאָס לעבען מיט איהר פערשאפט איהם בלויז אן אונאַנגענעהמען געפיהל, — וועט זי איהם אימער שטעהן אין וועג? אזוי ווי ער האָט זיך געהאט זיין אייגענעם פערגעניגען, האָט ער זי מעהר ניט נעדארפט. ער האָט ווידער גענומען זוכען. ער האָט ארויסגע־נומען בלויז דעם בייטעל מיט די דריי הונדערט פראנק אין גאָלד. ער האָט מיט'ן אָבצאַס צוריק אריינגעזעצט דאָס קלעצעל אויפ'ן פּלאַץ און האָט זיך געווענדעט צו איהר, קריצענדיג מיט די צייהן:

— דו רעגסט מיך אויף!... איך טהו וואָס איך וויל! פרעג איך דיך דען וואָס דו וועסט היינט טהון אין פאריז?

און בייז א קוועטש טהוענדיג מיט די פּלייצעס, האָט ער זיך

צוריק געקעהרט צו דעם קאפּע, איבערלאָזענדיג דאָס ליכט אויף דער ערד.

סעווערינע האָט עס אויפגעהויבען און האָט זיך צוריק געלעגט; די קעלט האָט זי דורך און דורך גענומען. זי האָט דאָס ליכט ניט פערלאָשען; זי האָט שוין ניט געקענט איינשלאָפען. זי האָט געוואַרט אויף דער שטונדע פון דעם שנעל־צוג. זי האָט זיך ביסלעכווייז דערוואַרעמט, און איז געלעגען מיט גרויס־אויפגעעפענטע אויגען.

איצט איז שוין געווען זיכער, אז דיעזער מאַן האָט געהאַלטען אין געהן באַרג אראָב, און דאָס האָט פערניכטעט יעדע פערבינדונג צווישען זיי. רובאָ האָט אלעס געוואוסט.

.7

דיעזען פרייטאג האָבען די פּאַסאַזשירען, וועלכע זיינען פון האַוור ארויסגעפאָהרען מיט'ן עקספּרעס־צוג פיערציג מינוט אויף זיעבען אין דער פריה, זיך זעהר פערוואונדערט, ווען זיי האָבען זיך אויפגעכאַפּט: פון האַלבע נאַכט אָן איז דער שנעע געפאַלען אין אַזעלכע גרויסע שטיקער, אז ער האָט בעדעקט די גאַסען מיט אַ צודעק פון דרייסיג סאַנטימעטער.

אונטער דעם געדעקטען דאַך פון דעם וואָקזאַל, איז „ליזאַ“ געשטאַנען און האָט פון זיך געבלאָזען און זיך גערויכערט; זי איז געווען צוגעטשעפּעט צו זיעבען וואַגאָנען: צו דריי פון צווייטען קלאַס און פיער פון ערשטען קלאַס. ווע זשאַק און פּעקע זיינען אַ האַלב זעקס געקומען אין וואָקזאַל צו בעטראַכטען דעם לאָקאָמאָטיוו, האָבען זיי ניט געקאָנט בעהאַלטען זייער בעאונרוהיגונג איבער דיעזען אונאויפהערליכען שנעע, וועלכער האָט זיך געשאָטען פון'ם שוואַרצען הימעל. זיי זיינען יעצט געשטאַנען אויף זייער פּאָסט און האָבען געוואַרט אויפ'ן קאָנדוקטאָר'ס סיגנאַל, מיט זייערע אויגען אָנגעשטעלט אין דער ווייט, דורך דעם אָפענעם טויער פון דעם וואָקזאַל, אויף די שטיקלאַך שנעע, וועלכע זיינען לייכט און אָהן איין אויפהער געפאַלען אין דער בלייכער פינסטערניש.

דער מאשיניסט האָט אַ בורטשע געטהון:

דער טייוועל זאָל מיך נעהמען, צי איך זעה אַפּילו דאָס סיגנאַל ליכט!

— מען זאָל כאָטש קאָנען דורכפאָהרען! — האָט געזאָגט דער הייצער.

רובאַ איז געשטאַנען אויף דער פּלאַטפאָרמע מיט זיין לאַנ־טערן. ער איז געקומען צו דער ריכטיגער מינוט צו דער ארבייט. צייטענווייז האָבען זיך זיינע מידע אויגען צוגעמאַכט; אָבער ער האָט ניט פאַרפעהלט צו טהון זיין פליכט. זשאַק האָט ביי איהם געפרעגט צי ער האָט ניט קיין ידיעות פון׳ם צושטאַנד פון׳ם וועג; רובאַ איז צוגעגאַנגען נעהענטער, האָט איהם געדריקט די האַנד און געענטפערט, אז ער האָט נאָך ניט געקראָגען קיין דעפּעשע. און אז סעווערינע איז אַראָבגעקומען, איינגעהילט אין אַ גרויסען מאַנטעל, האָט זי רובאַ אַליין אריינגעפיהרט אין אַ וואַגאָן פון׳ם ערשטען קלאַס און האָט זי דאָרט איינגעאָרדענט. קיין צווייפעל, אז ער בעמערקט דעם ליעבליכען בליק, וואָס די צוויי ליעבהאָבער האָבען זיך געגעבען; נור ער האָט זיך אפילו ניט געגעבע די מיה איהר צו זאָגען, אז ס׳איז ניט ריכטיג צו פאָהרען אין אַזאַ וועטער, און זי וואָלט געדאַרפט אָבלעגען איהרע רייזע.

עס האָבען גענומען קומען פּאַסאַזשירען, איינגעהילטע און טראָגענדיג זייער באַגאַזש, און עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ שטור־פּעריי אין דיעזער שרעקליכער פריהמאָרגענדיגער קעלט. דער שנעע אויף די שיף האָט אפילו ניט אָנגעהויבען זיך צו צוגעהן; די טיהרען פון די וואַגאָנעס האָבען זיך האסטיג צוגעמאַכט; יעדער האָט זיך וואָס שנעלער בעהאַלטען; די פּלאַטפאָרמע איז געוואָרען לעדיג, און איז בעלויכטען געוואָרען נור מיט איניגע טונקעל ברענענדע גאַז־רעהרלאַך. נור דער לאַנטערן פון דעם לאָקאָמאָטיוו, וועלכער איז געווען צוגעפעסטיגט ביי דער ענדע אונטער׳ן קוימען, האָט געלויכטען, ווי אַן אונגעהייער גרויסע אויג, און האָט פון זיך ארויסגעלאָזען אַן אויסשפּרייטענדען שטראָם ליכט.

איצט האָט רובאָ אויפגעהויבען זיין לאַנטערן און געגעבען דעם סיגנאַל. דער אויבער־קאָנדוקטאָר האָט געגעבען אַ פייף; זשאַק האָט געענטפערט, האָט געעפענט דעם רעגולאַטאָר און האָט אַ דרעה געטהון דאָס רעדעל. מען איז אוועק. געגען אַ מינוט האָט נאָך רובאָ רוהיג נאָכגעקוקט דעם צוג, וועלכער איז אין דעם שטורם אוועקגעלאָפען.

— אויפמערקזאם! — האָט זשאַק געזאָגט צו פעקע'ן, — היינט איז ניט קיין קינדערשפּיעל!

ער האָט גוט בעמערקט אַז זיין חבר איז שיעור געפאַלען פון מיעדקייט. דאָס האָט ער מסתמא נעכטען אונטערגעהוליעט.

— אה, קיין געפאהר, קיין געפאהר! — האָט דער הייצער ארויסגעשאָמעלט.

אַזוי ווי דיביידע זיינען ארוים פון אונטער'ן וואָקזאַל־דאָך, זיינען זיי געקומען גלייך אין שנעע אריין. דער ווינט האָט גע־בלאָזען פון מעריב זייט גראדע געגען דעם לאָקאָמאָטיוו, און האָט שטאַרק געשמיסען די מאַשין. זשאַק און פעקע האָבען אונטער זייער בעשיצונג, פון אָנפאַנג ניט שטאַרק געליטען פון דער קעלט, ווייל זיי זיינען געוועזען אָנגעטהון אין גראָבע וואָלענע קאָסטיומען, און זייערע אויגען זיינען געוועזען בעשיצט מיט ברילען. אָבער אין דער פינסטער איז די שיין פון דעם לאַנטערן אַזוי ווי פער־שלונגען געוואָרען אין דער געדיכטער פאַלענדער ווייסקייט. דער וועג איז ניט בעלויכטען געוואָרען אויף צוויי אָדער דריי הונ־דערט מעטער, ווי געוועהנליך, נור פאַרקעהרט, מען האָט איהם קוים געקאָנט באמערקען אין דיעזען מילך־ווייסען נעבעל, און די גאַר נאָהענטע זאכען האָבען פאַנטאַסטיש ארויסגעשוועבט ווי אין אַ חלום. דער מאַשיניסט איז געוואָרען אַלץ מעהר אונרוהיג, ווען ער האָט זיך איבערצייגט ביים ערשטען פאָסט־פייערל, אַז זיין אנגסט איז גוט בעגרינדעט: אויף דער בעשטימטער שטרעקע וועט ער ניט קאָנען דערזעהען די רויטע סיגנאַלען, וועלכע פער־מאכען דעם וועג. איצט איז ער געגאַנגען פאַראויס מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיגקייט, און דאָך האָט ער ניט געטאָרט פער־קלענערען די שנעלקייט, ווייל דער ווינט איז איהם געווען אַ

שרעקליכע שטערונג און א לאנגזאמער גאנג וואלט געווען זעהר געפעהרליך.

ביז דער סטאנציאן ארפליא איז „ליזא“ געגאנגען מיט א גלייכען רוהיגען גאנג. די טיעפקייט פון דעם אויסגעפאלענעם שנעע האט נאך זשאק'ן ניט געארט, ווייל ער איז נאך ניט געווען טיעפער ווי זעכציג סאנטימעטער, און דער שנעע־רייניגער האט איהם לייכט אבגעווארפען אויף א מעטער. איצט האט ער נור איין וואונש — אויפצוהאלטען די שנעלקייט, ווייל ער האט גע־וואוסט, אז די וויכטיגסטע מעלה פון א מאשיניסט, א חוץ ניכ־טערקייט און ליעבע צו זיין מאשין, בעשטעהט אין דעם, אז ער זאל געהן רעגעלמעסיג, ניט טרייסלענדיג, און מיט דער שנעל־סטער קראפט, וואס נור מעגליך. זשאק'ס איינציגער חסרון איז טאקי גראדע געווען דער, וואס ער האט זיך בשום אופן ניט געוואלט אבשטעלען, ניט פאלגענדיג די סיגנאלען, ווייל ער האט געוואוסט, אז ער וועט אימער קאנען איינהאלטען „ליזא'ן“. ניט זעלטען איז פערגאנגען צו ווייט און האט צושטערט די פערהאל־טער, „די הינטערגעגעל אויף די פיס“, ווי מען רופט זיי, און זשאק איז דערפאר צוויי מאל אוועקגעשיקט געווארען פון זיין שטעלע אויף א וואך. אבער איצט, אין דער מינוט פון געפאהר, האט דער געדאנק, אז סעווערינע איז אין צוג, און אז דאס לעבען פון דיעזען טהייערען וועזען איז ביי איהם אין די הענד, — אט דער געדאנק האט פארצעהנפאכט די קראפט פון זיין ווילען, און ער האט גענומען שטרעבען קיין פאריז, איבער דיעזע דאפעלטע אייז־זערנע ליניען, איבער אלע שטערונגען, וואס ער האט געדארפט בייקומען.

שטעהענדיג אויף דעם אייזערנעם ברידקעל, וועלכער האט פעראייניגט די מאשין מיט'ן קויל־וואגאן, און ניט קוקענדיג אויף דעם שנעע און דאס שטענדיגען טרייסלען, האט זשאק זיך אלץ ארויסגעבויגען רעכטס, אום בעסער צו קאנען זעהען: דורך דעם פענסטער, וועלכער איז געווען בעשפריצט מיט וואסער, האט ער גאר ניט געקאנט זעהען, און ער איז געזעסען אונטער די לאנטערנס און איז דורכגענומען געווארען פון אזא קעלט, אז

איהם האָט זיך געדאכט, אז טויזענדער שפּילקעס שטעכען זיין קערפּער, אָדען מען שניידט איהם מיט מעסער; יעדע ווילע האָט זיך זשאק אָבגעקעהרט אום צו כאפּען דעם אָטהעם; ער האָט אראָבגענומען די ברילען, זיי אָבגעווישט, און האָט זיך צוריקגעקעהרט גלייך אין שטורם אריין אויף זיין וואך־פּאָסט; זיינע אויגען זיינען געוועזן אָנגעשטעלט צו דער וויטער שטרעקע, מיט דער ערוואַרטונג צו דערזעהען די רויטע פייערלאך. ער איז אַזוי געוועזן פערטיעפט מיט דעם געדאנק, אז איהם האָבען זיך צוויי מאָל פאָרגעשטעלט בלוט־פונקען, וועלכע האָבען גע־שוועבט פאר איהם אויף א ווייסער דעק, וואָס האָט זיך געטריי־סעלט פאר איהם.

אָבער פּלוצלונג, אין דער פינסטער, האָט זשאק עפּיס דער־פיהלט, אז דער הייצער איז ניטאָ אויף זיין פּלאַץ. בלויז איין לעמפּעל האָט בעלויכטען די איבערפּלעכע פון׳ם וואסער, אום קיין שיין זאָל ניט קאָנען דעם מאשיניסט שטערען צו זעהען די הויך פון׳ם וואסער. אויף דעם רייגעם, בליסטשענדען עמאלענעם ציפערבלאט פון דעם מאָנאָמעטער האָט זשאק בעמערקט, אז דאָס ציטערנדע בלויע ווייזערל איז שנעל ארונטער געגאנגען. עס איז ניט געוועזן גענוג פייער. דער הייצער האָט זיך צוגעלעגט אויפ׳ן קאסטען און איינגעשלאָפען.

— פערפלוכטער שכור! — האָט זשאק ביזן א געשריי גע־טהון, און האָט איהם א שטופּ געטהון.

פעקע האָט זיך אויפגעהויבען און האָט עפּעס אונפער־שטענדליכעס אויסגעשטאמעלט, אום זיך צו פערענטפערן. ער האָט קוים געקאָנט שטעהן אויף די פיס; אָבער זיין געוואוהנ־הייט האָט איהם זאָפאָרט צוגעטריבען צום פייער־פּלאַץ; מיט׳ן האמער אין דער האנט האָט ער צוקלאפּט שטיקער קוילען, און מיט דער לאָפּעטע האָט ער זיי אריינגעוואָרפען אין אויוען צו־שארענדיג זיי גראד איבער׳ן גאנצען פייער; צום סוף האָט ער נאָך צוגעקערט.

בשעת דאָס טיהרעל פון דעם פייערפּלאַץ אין אויוען איז געוועזן אָפען, איז אויפ׳ן צוג צוריקגעפאלען א רויטער אָבשיין

פון דעם פלאַם, ווי דער פלאַקערענדער עק פון אַ קאָמעטע, און האָט דעם שנעע פאַרפאַרבט אין רויטען, ווי אין גרויסע טראָפּען גין־גאָלד.

נאָך האַרפלער הויבט זיך אָן אַ באַרג־אַרויף, דריי ליגעס די לענג, ביז צו סיין־ראָמעין; — דאָס איז דער שווערסטער שטיק וועג איבער דער גאַנצער ליניע. און זשאַק האָט זעהר אויפמערקזאַם מאַנעווורירט; אונטערגאַרטלענדיג זיך פיר די גרויסע אָנשטרענגונג, וואָס מ'דאַרף דאָ אַנווענדען אפילו אין שעהנעם וועטער מיט דער האַנט אויף דעם רעדעל, וואָס רעגולירט דעם גאַנג, האָט ער גוט בעטראַכט, ווי די טעלעגראַף סלופּעס לויפען צוריק, אום צו קאָנען אָבשאַצען די שנעלקייט פון דעם גאַנג.

דער צוג איז געגאַנגען לאַנגזאַמער; „ליזאַ“ האָט געקרעכצט, דער שנעע־שאַרער האָט אַלץ מעהר געסקריפּעט, און עס האָט זיך געפיהלט, אַז עס ווערט איהם שווערער. זשאַק האָט מיט'ן שפּיץ שטיוועל ווידער געעפענט דאָס טיהרעל. פעקע האָט עס פערשטאַנען. אַ פערשלאָפענער האָט ער נאָך מעהר צוגעפיהרט דאָס פייער, און ס'איז געוואָרען מעהר פאַרע. דאָס רויטע טיהרעל האָט אויף זייערע פיס געוואָרפען אַ וויאָלעטעווע שיין, אָבער ניט זשאַק און ניט פעקע האָט ניט געפיהלט די שטאַרקע היץ איבער דעם שטראָם אייז־קאַלטע לופט, וועלכער האָט זיי אַ כאַפּ געטהון. אויף דעם צייכען פון דעם מאַשיניסט, האָט דער הייצער אויפגעהויבען דאָס שטענגעל פון דעם בלאָזזאַק, און ס'האָט גענומען בעסער ברענען. דער ווייזער פון דעם מאַנאָמעטער האָט זיך שנעל אויפגעהויבען צו צעהן אַטמאָספערען דרוק־קראַפט: „ליזאַ“ האָט געאַרבייט מיט אַלע כחות. ווי זי האָט נור געקאָנט. זאָגאַר, איין מאָמענט, זעהענדיג ווי עס ווערט ווייניגער וואַסער אין קעסעל, האָט זשאַק געמוזט אַ דרעה טהון דעם אינזשעקטאָר, אָבוואָהל דערפון האָט געמוזט קלענער ווערן די פאַרע. אָבער זי איז גלייך ווידער גרעסער געוואָרען, און „ליזאַ“ האָט געקרעכצט און געסאָפּעט, ווי אַ געשמיסענער פערד, און האָט זיך געריסען און געשלעפּט, אַז מ'האָט, דאַכט זיך,

געקאָנט הערען, ווי עס קראַכען ביי איהר די גליעדער. און זשאק האָט זי בעהאנדעלט גראָביאנסקי, ווי א געעלטערטע פרוי און א שוואַכע, צו וועלכע מ'פיהלט שוין ניט די אַמאָליגע צערטליכקייט.

— זי וועט זיך ניט ארויפדראַפּען, די פוילע זאַך! — האָט ער געזאָגט, קריצענדיג מיט די צייהן. זשאק האָט ניט גע־האַט די געוואָהנהייט צו רעדען ביי דער ארבייט.

פעקע, זאָגאר א פערשלאָפענער, האָט אויך א קוק געטהון מיט פערוואונדערונג. וואָס איז גאָר „ליזא" שולדיג? איז זי דען ניט די גוטע מאשין, וואָס פאָלגט, ווי תמיד, און מיט אזא לייכטען גאַנג, אז עס איז א פערגעניגען צו זיין מיט. איהר אין וועג, און נעמט אין זיך פאַרע אזוי פיין, אז פון פאַריז קיין האַוור שפּאָרט זי זיי איין א צעהנטעל קוילען! ווען א לאָקאָמאָ־טיוו האָט אזוינע באַלאַנס־שרויפען ווי „ליזא", און איז אזוי זעל־טען ריכטיג געשטעלט און נעמט אָן דאמפּף־קראַפט אזוי פיין, מעג מען איהר מוחל זיין אַלע איהרע חסרונות, ווי א שטייגער מ'איז מוחל א בעל־הבית'טע א קאַפּריזנע אָבער א בריה און א שפּאָרערקע. אמת, זי פערברויכט א סך שמירעכץ. טאָ איז וואָס? דאַרף מען זי שמירען, און שוין!

זשאק האָט ווידערהאָלט, מיט כעס:

— זי וועט זיך קיין מאָל ניט ארויפדראַפּען, ביז מען וועט זי ניט אונטערשמיערען.

און וואָס ער האָט אין זיין לעבען געטהון בלויז צוויי מאָל, האָט ער היינט געטהון צום דריטען מאָל: ער האָט גענומען דעם אייל־קאַן און האָט גענומען שמיערען די מאַשין אין גאַנג. ער איז אריבערגעקראָכען די פּאַרענטשע און איז ארויף אויף'ן שמאָלען גאַניקעל ביי דער זייט פון דעם דאמפּף־קעסעל, און איז געקראָכען ביז'ן עק. דאָס איז אָבער געווען זעהר א געפעהר־ליכער ריסק; די פיס האָבען זיך איהם געגליטשט אויף דעם שמאָלען באַנד אייזען, פאַרנעצט פון דעם שנעע: און ס'האָט איהם פארשאָטען די אויגען, און דער גוואַלדיגער ווינד האָט איהם יעדע סעקונדע געקאָנט ארונטערדרייסען, ווי א שטויבעלע.

מיט דעם מאַן אויף איהר זייט, איז „ליזא“ קוים אָטהעמענדיג געגאַנגען איהר וועג, אין דער פינסטערער נאַכט, איבער דעם גרויסען ווייסען ליילאַך, און וועלכען זי האָט מיט איהם געוואָר־פען און איהם דאָך געטראָגען. אַז ער האָט זיך דערשלעפּט צום פאָדערשטען שטאַנג, האָט ער זיך איינגעבויגען פאַר׳ן אייל־גלעזעל פון׳ם רעכטען צילינדער און האָט מיט די גרעסטע שוועריגקייט דאָס קוים אָנגעפילט, האַלטענדיג זיך מיט איין האַנט פאַר׳ן דער שטאַנג. און נאָך דעם האָט ער ערשט געמוזט אַרומקריכען, ווי אַ פליעג אויף אַ וואַנט, אום צו צוקומען צום לינקען צילינדער. און אַז ער האָט געענדיגט און איז ענדליך צוריקגעקומען אויף זיין פּלאַץ, איז ער געווען אויסגעמאַטערט און בלייך, ווי איינער, וואָס האָט פאַר זיך געזעהען דעם טויט.

— שמוציגע קליאַטשע! — האָט ער געמורמעלט.

איבעראַשט פון אַזא אונגעוועהנליכען בעס געגען זייער „ליזא“, האָט פּעקע זיך ניט געקאָנט איינהאַלטען און האָט נאָך אַ מאָל איבערגעזאָגט זיין אַלטען וויץ:

— איהר וואָלט דאָס מיר בעסער געהייסען טהון. איך ווייס שוין ווי צו שמיערען די דאַמען.

פּעקע האָט זיך שוין אַ ביסעל אויסגעשלאָפען און איז גע־קומען צו זיך, און ער האָט אויך פון זיין זייט גענומען אַרוים־קוקען אויף דער לינקער זייט פון דער ליניע. געוועהנליך האָט ער געהאַט אַ גוטע ראיה, אַ בעסערע פון זיין מאַשיניסט. אָבער אין דעם שנעע־שטורם איז אַלסדינג אויסגעמישט געוואָרען און זיי, וואָס האָבען גוט געקענט יעדען קילאָמעטער פון דעם וועג, האָבען היינט קוים דערקענט וואו זיי זיינען דאָ אין דער וועלט: דער וועג האָט זיך בעהאַלטען אונטער׳ן שנעע; און די פּלויטען, זאָגאַר די הייזער, זיינען ווי אין שנעע אַריין, און ס׳איז געוואָרען איין גרויסע גראַדע שטרעקע, אָהן אָן עק, אַ ווייסע מדבר, אין וועלכע „ליזא“ האָט זיך געיאָגט ווי אַ משוגענע. און די צוויי מענער האָבען זיך נאָך קיין מאָל ניט אַזוי געפיהלט ווי שטאַרק זיי זיינען צוגעבונדען איינער צום אַנדערן אין זייער ברידערליכקייט, ווי איצט אויף דער צו־ווילדעטער מאַשין, וואָס

טראגט זיך מיט זיי דורך טויזענדער ספקות, און אויף וועלכע זיי ביהלען זיך מעהר פערוואָרפען און אָבגעריסען פון דער וועלט, ווי אין אַ צונעשלאָסענעם געפענגניס, — און דערצו נאָך די געוואלדיגע פארצעהרענדע פעראנטוואָרטליכקייט פאר די מענשליכע לעבענס, וואָס זיי פיהרען מיט זיך אין צוג.

זשאַק'ן האָט פעקע'ס וויץ נאָך מעהר צורייצט; ער האָט אָבער אַ שמייכעל געטהון, איינהאלטענדיג זיין ביטערען כעס. געוויס איז דאָס ניט געווען די צייט פאר קריגעריי. דער שנעע איז געגאנגען נאָך שטארקער, און דער האָריזאָנט איז פארצויגען געוואָרען נאָך געדיכטער. „ליזא" איז אַלץ געגאנגען בארג ארויף. פלוצלונג דערזעהט שוין פעקע אַ רויט פייערעל אין דער וויימענס. מיט אַ וואָרט האָט ער געוואָרענט זיין מאַשיניסט, אָבער דאָס פייערל איז גלייך פערשוואונדען: זיינע אויגען האָבען דאָס „געזעהען אין חלום", לויט זיין אייגענעם אויסדרוק. און זשאַק, וועלכער האָט גאָרניט געזעהען, איז געבליבען שטעהן מיט אַ קלאַפענדעס הארץ אין איין אנגסט פון די האללוצינאציאָן פון פעקע, און ער האָט זיך אליין שוין אויך ניט געוואָלט טרויען. וואָס איהם האָט זיך בלויז אָבגעדוכט, אז ער זעהט יאָ, דורך די פליהענדע ווייסע פעדערען שנעע, איז געווען בלויז עפעס אזא פינסטערע שווארצע מאַסע, אונגעהייער גרויס, גאנצע שטיקער נאכט, וועלכע האָבען זיך געהאלטען אין איין אָנרוקען אויפ'ן לאָקאָמאָטיוו. וואָס איז דאָס? אָבגעריסענע פעלזען, שטיקער בערג פערשטעלען דעם וועג און ווילען צושמעטערען דעם וועג? און אַ צושראָקענער, ציהט ער דאָס ציגנעל פון דעם פייפער און פייפט לאנג, מורא'דיג; און דער טרויעריגער פייפען, ווי אַ קלאָג, שניידט דורך דעם שטורם־ווינט. און דאָ דערזעהט פלוצים זשאַק, אז ער האָט געפייפט ניט אומזיסט: דער צוג איז דורכגעפלויגען דעם וואָקזאל אין סיין־דראָמעין; און ער האָט גאָר געמיינט, אז ס'איז נאָך גאנצע צוויי קילאָמעטער פון דאָרט.

„ליזא" איז דערווייל איבערגעקומען דעם שווערען בארג ארויף, און האָט איצט שוין געקאָנט געהן לייכטער. זשאַק האָט

געקאָנט אָבדוכען. פון סיין־ראַמעין ביז באָלבעק איז דער בארג־ארויף קוים וואָס צו בעמערקען, און אַלץ וועט שוין איצט געווים צוגעהן בשלום, ביז'ן בארג אראָפּ. פון דעסטוועגען אז מען איז געקומען אין בעזעווילל, וואו מען שטעהט דריי מינוט, האָט זשאק צוגערופען דעם סטאַנציאָן־מייסטער, וועלכען ער האָט דערזעהען אויף דער פּלאַטפאָרמע, און האָט פאר איהם אויסגע־דריקט זיין מורא פאר דעם שנעע, וואָס בעט זיך אוים דיקער און דיקער: ביז רואן וועט ער זיך גאָר ניט דערשלעפּען; זאָל מען בעסער צוטשעפּען נאָך א לאָקאָמאָטיוו און פערדאָפּלען די קראַפט, כל זמן ער שטעהט נאָך דאָ אויף דער סטאַנציע, וואו מ'האַלט שטענדיג אָנגעגרייט פארטיגע מאשינען. אָבער דער סטאַנציאָן־מייסטער האָט איהם געענטפערט, אז קיין בעפעהל דארויף האָט ער ניט, און אויף זיך וויל ער די פעראַנטוואָרטליכ־קייט ניט נהמען. וואָס ער קאָן איהם יא טהון איז בלויז איהם מיטצוגעבען פינף אָדער זעלקס לאָפּעטעס, אָבצושארען דעם שנעע פון די רעלסען, אז מען וועט דאָס דארפען.

פעקע האָט גענומען די לאָפּעטעס און האָט זיי אוועקגע־שטעלט אין א ווינקעל פון דעם קויל־וואָגען.

אויף דעם גלייכען וועג איז „ליזא“ ווירקליך געגאַנגען מיט גענוגענדע שנעלקייט, און אָהן גרויסע שוועריגקייט. זי איז אָבער קענטיג באלד מיעד געוואָרען. אַלע מינוט האָט דער מאַשיניסט געמוזט מיט'ן פוס עפענען דאָס טיהרעל, און דער הייצער האָט אונטערגעוואָרפען קוילען. און אין דער פינסטערניש האָט יעדע ווילע א בליאסק געטהון דער פייערדיגער עק פון דער קאָמעטע איבער דעם מיט תכריכים בעדעקטען שווארצען צוג אין דער וויטער וויסטעניש. ס'איז געווען א פיערטעל צו אכט, ס'האָט שוין געזאָלט טאָגען; אָבער קוים וואָס עס האָט זיך גע־מערקט די בלאַסקייט פון הימעל אין דעם ווייסען שטורם וואָס האָט אָנגעפילט די לופט פון איין עק האָריזאָנט ביז'ן צווייטען. און די טונקעלע שיין, אין וועלכע מ'האָט נאָך גאָרניט געקאָנט זעהען, האָט נאָך מעהר בעאונרוהיגט די צוויי מענער, וועלכע האָבען מיט זייערע טרערענדיגע, אָבוואָהל מיט ברילען בע־

שיצטע אויגען געוואָלט דורכדרינגען די ווייטקייט. ניט ארויסלאָזענדיג דאָס רעדעל פון דער האנט, האָט זשאק מיט דער אנדערער געהאלטען דאָס ציגנעל, האלטענדיג אין איין פייפען יעדע ווייל̇ע אויס פּאָרזיכטיגקייט, מיט אַ קלאָגעדיגען טאָן פון הילפלאָזיגקייט אין אַ מדבר פון שנעע.

די סטאנציע באָלבעק און דערנאָך איוועטאָ איז מען אריבער אָהן אַ שטערונג. און דאָך אין מאָטטעוויל האָט זשאק אויסגעפרעגט דעם סטאנציאָן־מייסטער׳ס ארויסהעלפער, ווי דער וועג איז ווייטער, אָבער יענער האָט איהם קיין ידיעות ניט געקאָנט געבען, קיין צוג איז צו יענער צייט נאָך ניט אריינגעקומען ; בלויז אַ דעפּעשע מעלדעט אז דער פּאסאזשיר־צוג פון פּאַריז איז בשלום געקומען אין רואָן. און „ליזאַ“ איז אוועק ווייטער מיט איהר שווערען גאנג, אַן אויסגעמאטערטע, און האָט זיך אראָפּגעלאָזט די דריי ליעגעס ביז באַראַנטען.

דערווייל איז געוואָרען טאָג, — אַ זעהר בלאַסער טאָג ; ס׳האָט אויסגעזעהען אז די בלאַסע שיין קומט גאָר פון דעם שנעע אליין, וועלכער איז נאָך אלץ געפאלען, און געדיכטער נאָך, גלייך ווי דער הימעל אליין וואָלט אראָפּגעפאלען שטיקערווייז, בעדעקענדיג די ערד מיט אַ קאַלטען, נאַסען פריהמאָרגען. און וואָס מעהר ס׳האָט געטאָגט, אלץ שטירמישער איז געוואָרען דער ווינט, און דער שנעע האָט זיך געשאָטען, ווי פון אַ זאַק, און פּעקע האָט יעדע ווייל̇ע איהם געמוזט מיט דער לאָפּעטע אראָפּשאַרען פון די קוילען אין וואָגען לעבען די וואסער־פּעסער. רעכטס און לינקס האָט זיך די געגענד געצויגען, אָבער אַזאַ אונבעקאַנטע, אַז די צוויי מענער האָבען ווי געפיהלט, אַז דאָס חלומ׳ט זיי בלויז : פון די ענדלאָזע פעלדער, פון די פּעטע גראָז ארומגערינגעלט מיט פּלויטען פון בליהענדע בוימלאָך, פון די גאָרטענס מיט וואקסענדע עפּעל, איז געוואָרען איין ווייסער ים, כמעט גאָר אָהן כוואַליעס, אַ טויטע, מאַטעווע ווייסטעניש, וואו יעדע פאָרמע צוקריכט זיך אין דער ווייסקייט.

דער מאַשיניסט טאָר זיך ניט צוזעצען ; און דער קאַלטער

ווינט שניידט איהם דאָס פּנים, און ער ליידט שרעקליך פון קעלט; ער לאָזט דאָס רעדעל ניט ארויס פון דער האַנט.

ענדליך, ווען מען האָט זיך אָבגעשטעלט אין באראַנטען, איז דער סטאַנציאָן־מייסטער מ'סיע בעסיער אליין צוגעקומען צו דער מאַשין אום צו זאָגען זשאַק'ן אַז מען האָט איהם דעפּעשירט, אַז דער שנעע איז זעהר גרויס לעבען קרוא־דע־מאָפּרא.

— איך דענק, אַז מען קאָן נאָך דורכגעהן, אָבער ס'זועט אָנקומען ניט לייכט.

דער יונגערמאַן איז אויפגעשפּרונגען:

— דער טייוועל זאָל עס נעהמען! איך האָב דאָך זיי דאָס געזאָגט אין בעזעוויל! וואָס וואָלט זיי געאַרט, ווען זיי וואָלטען מיר געגעבען נאָך אַ לאָקאָמאָטיוו?... נו, איצט וועלען מיר שוין האָבען!

דער אויבער־ קאָנדוקטאָר איז אויך ארויסגעקומען פון'ם באַגאַזש־וואַגאָן און ער איז אויך געווען בייז. ער איז אויך געווען פערפראָרען, און האָט ערקלעהרט, אַז ער האָט ניט געקענט בע־מערקען דעם סיגנאַל אויף דעם טעלעגראַף־סלופּ. מען דאַרף אייג־פאַך מאַכען די רייזע נור אָנטאַפּענדיג אין דיעזער גאַנצער ווייס־קייט!

— דאָך האָב איך אייך געוואָהרענט, — האָט געענטפערט מ'סיע בעסיער.

דערווייל האָבען זיך די פּאַסאַזשירען שוין געוואונדערט אויף דיעזען לאַנגען אָבשטעל אין דער שטילקייט פון דיעזער מיט שנעע פערשאָטענער סטאַנציע, וואו ס'האָט זיך ניט געהערט ניט קיין שטימע פון אַ בעדיענטען, און ניט קיין קלאַפּ פון אַ געעפענטער טיהר. עטליכע פענסטער אין די וואַגאָנעס האָבען זיך געעפענט און עס האָבען זיך ארויסגעשטעלט עטליכע קעפּ: אַ זעהר דיקע דאַמע, מיט צוויי יונגע בלאָנדע מיידלעך, זעהר שעהנע, אָהן צווייפעל, איהרע טעכטער, און קענטיג אַלע דריי ענגלענדעריננס; און דאַן אַ יונגע ברונעטקע, זעהר אַ שעהנע, וועמען אַ געעלטערטער מאַן האָט אָבגעהאַלטען, אַז זי זאָל ניט ארויסגעהן פון'ם וואַגאָן; צוויי מענער, איינער אַן אַלטער און

דער אנדערער א יונגער, האבען צווישען זיך גערעדט פון איין וואגאן אין צווייטען האלב ארויסשטעקענדיג זיך דורך די פענס־טער. און ווען זשאק האט געגעבען א קוק צוריק, האט ער דער־זעהען גור סעווערינע'ן, וועלכע האט זיך ארויסגעבויגען און האט אונרוהיג געקוקט צו איהם. אך, טייערע! ווי אונרוהיג זי מוז זיין! און די בענקעניש, וואס ער האט געפיהלט זעהענדיג זי אזוי נאהענט און דאך אזוי ווייט אין דיעזען מאמענט פון געפאהר! ער וואלט אוועקגעגעבען זיין גאנצעם בלוט, אום ער זאל שוין גיכער אנקומען קיין פאריז און זאל סעווערינען ארויס־זעצען געזונט און שטארק.

— נו, פאהרט שוין, פאהרט! — האט געזאגט דער סטאנצ־יאן־מייסטער. — מען דארף ניט שרעקען דאס פובליקום.

ער אליין האט געגעבען דעם סיגנאל. דער אויבער־קאנדוק־טאר איז אריין אין זיין וואגאן און האט געגעבען א פייף; און „ליזא“ האט זיך ווידער געגעבען א לאז, ארויסלאזענדיג א לאנגען קלאגעדיגען געשריי.

זשאק האט באלד דערפיהלט, אז דער וועג איז אין גאנ־צען פערענדערט. דאס איז שוין מעהר ניט געווען קיין גלייכע געגענד, קיין שנעע־דעק, אויף וועלכען די מאשין האט זיך גע־גליטשט, ווי א דאמפף־שיף, איבערלאזענדיג נאך זיך א לאנגען פאס, די געגענד איז געווען א בערגיגע, בערגלאך און טהאלען האבען זיך געצויגען ביז מאלאנע, און דער שנעע האט זיך דא אנגעזאמעלט ניט רעגעלמעסיג: ערטערווייז איז דער וועג גע־ווען ריין, און ערטערווייז איז דער שנעע געלעגען אין גרויסע מאסען און האט פערשטעלט דעם וועג. דער ווינט האט אראב־געבלאזען דעם שנעע פון די אנגעשאטענע בערגלעך און האט מיט איהם אנגעפילט די גריבער. עס איז איצט געווען אין וועג א גאנצע רייהע מיט שטערענישען. דער אפענער וועג איז פער־שטעלט געווען מיט וואהרע פעסטונגען. עס איז שוין איצט גע־ווען גרויסער טאג, און די פערוויסטעטע געגענד, און די שמאַ־לע טהאלען, די טיעפע בערגלאך, בעדעקט מיט שנעע, האבען אויסגעזעהען ווי א טרויעריגער אייז־אקעאן, וועלכער איז פער־

פראָרען געוואָרען בשעת ער האָט זיך געהאַלטען אין וואַרפען.

זשאַק האָט נאָך קיין מאָל ניט געפיהלט אזא קעלט. איהם האָט זיך אויסגעוויעזען, אז זיין פנים האָט זיך בעדעקט מיט בלוט פון טויזענטער אייז נאָדלען. ער האָט אויפגעהערט צו פיהלען זיינע הענט, וועלכע זיינען פאַראַליזירט געוואָרען פון קעלט, און מיט אַ ציטער האָט ער בעמערקט, אַז זיינע פינגער האָבען שוין ניט געפיהלט דאָס רעדעל אין זיין האַנט. ווען ער האָט אויפגעהויבען דעם עלענבויגען אַ ציה צו טהון דאָס שטענגעל פון פייפער, האָט זיך זיין אָרם קוים אויפגעהויבען, גראָדע ווי ער וואָלט געווען אָבגעשטאָרבען. ער האָט אַפילו ניט געקענט וויסען, צי זיינע פיס טראָגען איהם, אין דעם שטענדיגען טרייסלען, וועלכער האָט איהם געריסען די געדערים אין בויך. צוזאַמען מיט דער קעלט איז אויף איהם אַרויף אַ שטאַרקע מיעדקייט, דער שאַרבען פון קאָפּ האָט ביי איהם געפרירט פון פראָסט, און ער האָט מורא געהאַט, אַז ער פערליערט דאָס בעוואוסטזיין; ער האָט שוין ניט געוואוסט ביי זיך, אַז ער פיהרט דעם צוג, ווייל ער האָט שוין נור מאַשינאַל געדרעהט דאָס רעדעל, און ווי אַ צומישטער האָט ער געזעהען, ווי עס האַלט דער ווייזער פון׳ם מאַנאָמעטר. אַלע געשיכטעס, וואָס ער האָט געהערט פון האַללוצינאַציעס זיינען איהם איצט דורכגעפלויגען דורכ׳ן מוח. ליעגט דאָרט עפּעס ניט קיין בוים פּאָפּערעק איבער׳ן וועג? פלאַטערט ניט קיין רויטע פאָהן דאָרט איבער יענע בוימלאַך? און אין דעם רויש פון די רעדער הערט ער גאָר דאָס קנאַקען פון די סיגנאַל־באָמבעס, וואָס מען לעגט אוֹיסטנע אַוועק אויף׳ן וועג צו וואָהרענען אַ צוג? ער האָט דאָס ניט געקאָנט זאָגען אויף זיכער; ער האָט אַלץ געדענקט, אַז ער וואָלט געדאַרפט אָבשטעלען דעם צוג, אָבער ער האָט דעם קוראַזש ניט געהאַט דערצו. עטליכע מינוטען האָט איהם אַזוי געקוועלט דיעזער צושטאַנד, אָבער פלוצלונג האָט ער דערזעהען, אַז דער הייצער איז ווידער איינגעשלאָפען אויפ׳ן קאַסטען, אַ פערגליווערטער, ווי ער אַליין. דאָס האָט איהם אַזוי אויפגערעגט, אַז ער האָט זיך אַזש דערוואַרעמט.

— אך, דו שוויין איינער!

און זשאק, וועלכער איז געוועהנליך געווען אזוי טאָלעראנט צו די עברות פון דעם שכור, האָט איהם איצט א שטופּ געטהון און איהם אויפגעוועקט, און האָט איהם אזוי לאַנג געשטורכעט ביז ער איז אויפגעשטאַנען. פּעקע, א פערשלאָפענער, האָט אָנגעכאַפּט די לאָפּעטע און געבורטשעט:

— גוט, גוט, אָט געה איך שוין!

ווען דער אויוון איז געווען אָנגעפילט, איז די קראַפט געוואָרען שטאַרקער. און דאָס איז פּונקט געווען נויטיג, ווייל „ליזא" האָט נאָר וואָס געדאַרפט זיך אַראָבלאָזען אין א טהאָל, וואו זי האָט געמוזט דורכשניידען א מאַסע פון שנעע מעהר ווי א מעטר טיעף. זי האָט זיך גערוקט מיט שרעקליכער שווירינגקייט, פון וועלכער זי האָט אַזש אין גאַנצען געציטערט. געגען א מיטאָג איז זי אין גאַנצען געבליבען אָהן מאכט, און ס'האָט אויסגעזעהען, אז זי וועט זיך אָבשטעלען, ווי א שיף, וואָס איז אַרויף אויף א זאַמדיגען ברעג. ניט קיין קליינע משא צום שלעפּען איז געווען דער טיעפער שנעע, וואָס האָט צוגעדעקט די דעכער פון די וואַגאָנעס; די שווארצע וואַגאָנעס אונטער זייער ווייסען צודעק האָבען זיך געטראָגען איבער'ן ווייסען וועג, און די מאַשין אליין האָט נור געהאַט ברעגעס פון ווייסען פוטער אויף איהרע טונקעלע זייטען, וואו די שטיקלאַך שנעע זיינען צולאָזען געוואָרען און האָבען אַראָבגעקאַפּעט אין שטראָמען וואסער. און דאָך, ניט קוקענדיג אויף דער שרעקליכער משא, האָט זיך „ליזא" נאָך אמאָל בעפרייט און איז דורכגעגאַנגען. און ביי א בדייטען קירעווע אויף'ן זייט בארג האָט מען נאָך אַלץ געקאָנט זעהן ווי דער צוג געהט זיך לייכט, גלייך ווי עס רוקט זיך א טונקעלע שלאַנג, וואָס האָט פערבלאָנדזשעט אין א צויבערלאַנד פון העללע ווייסקייט.

אָבער אביסעל ווייטער געהט דער וועג ווידער איבער טהאָלען און זשאק און פּעקע, דערפיהלענדיג דעם שווערען גאַנג פון דער מאַשין, האָבען זיך אָנגעטהון די גרעסטע מיהע אויסצושטעהן די קעלט, ניט אָבטרעטענדיג פון זייערע פּאָסטענס,

אפילו זיי זאָלען דאָ מוזען אויסגעהן. און ווייטער פארליערט די מאשין איהר שנעלקייט. זי האָט זיך אריינגעהאקט צווישען צוויי בערג שנעע, און האָט זיך פאמעלאך אָבגעשטעלט, אָהן א טרייסעל. ס'האָט אויסגעזעהען, אז זי איז פארקראָכען אין א פאסטקע, מיט אלע איהרע רעדער, וואָס ווערען אלץ מעהר און מעהר פארקלעמט, און זי בלייבט אָהן אן אָטהעם. זי ריהרט זיך מעהר ניט. א סוף! דער שנעע האָט זי געפאנגען, א מאכטלאָזע.

— אָט האָסטו דיר! — האָט זשאק געמורמעלט, — צום טייוועל!

נאָך עטליכע סעקונדען איז ער געבליבען ביי זיין פאָס־טען, דאָס רעדעל אין דער האנט, עפענענדיג די גאנצע רעהר פארע, טאָמער וועט מען דאָך איבערקומען די שטערונג, אָבער דערהערענדיג ווי „ליזא" קרעכצט און שטיקט זיך אומזיסט, האָט ער פערמאכט דעם רעגולאטאָר, און ער האָט גענומען שילטען פון גרוים כעס.

דער אויבער־קאָנדוקטאָר האָט זיך ארויסגעשטעלט פון דעם טיהרעל פון זיין וואגאָן, און פעקע, אומקעהרענדיג זיך צו איהם, האָט אויסגעשריען:

— פערטיג! מיר האָבען זיך פארהאקט!

און דער קאָנדוקטאָר איז האסטיג אראָפגעשפרונגען אין שנעע אריין ביז די קניע. ער איז צו צו זיי, און די דריי לייטע האָבען גענומען זיך האלטען אן עצה.

— אונז בלייבט נאָר צו פרופען אָבשארען דעם שנעע, — האָט דער מאשיניסט געענדיגט זיינע רעד. — צום גליק האָבען מיר די לאָפעטעס. רופט צו אייער אונטער־קאָנדוקטאָר און מיר וועלען זאלבעפיערט זיך נעהמען אָברייניגען די רעדער.

זיי האָבען א מאך געטהון צום אונטער־קאָנדוקטאָר, וועל־ער איז אויך ארונטערגעשפרונגען פון זיין וואגאָן, האָט זיך קוים צוגעדראפעט צו זיי, זינקענדיג אין שנעע ביי יעדען טריט. אָבער דער אָבשטעל אין מיטען גלייכען פעלד, אין דער ווייסער וויסטעניש, און דער גערויש פון אלערליי קולות, דיסקוטירענדע וואָס מ'קאָן טהון, און דער אונטער־קאָנדוקטאָר קוים ריהרענ־

דיג איבער׳ן שנעע פון עק צוג צום אנדערן, — דאס אלעס האט זעהר בעאונרוהיגט די רייזענדע. מ׳האט אראבגעלאזט די פענסטער, מ׳האט גענומען, שרייען, פרעגען, און ס׳איז געווארען א גערודער, דערוויייל נאך ניט קיין דייטליכער אבער א שטייגענדער.

— וואו זיינען מיר?... פאר וואס האט מען זיך אפגעשטעלט?... וואס האט פאסירט?... אן אונגליק אפשר?.... מיין גאט!

און דער קאנדוקטאר האט געפיהלט, אז ער דארף זיי אלעמען בערוהיגען. און ווי ער וויל נור צוגעהן צו די וואגאנעס, פרעגט איהם א דאמע, די ענגלענדערין, מיט א דיקען, רויטען פנים, מיט די שעהנע פנים׳לאך פון איהרעביידע טעכטער פון ביידע זייטען; — זי רעדט פראנצויזיש מיט א שטארקען אקצענט:

— מ׳סיע, ס׳איז ניט קיין סכנה?

— ניין, ניין, מאדאם, — האט ער געענטפערט, — בלויז א ביסעל שנעע, און וויטער גאר ניט. באלד פאהרען מיר ווייטער.

און דאס פענסטער הויבט זיך ווידער אויף אין דעם פרעהליכען פיסטשענען פון די צוויי יונגע מיידלאך, — די מוזיק פון ענגלישע זילבען, וואס זיינען א מחיה אויף ראזאווע ליפען. זיי האבען ביידע געלאכט, ווייל דאס האט זיי בלויז אמוזירט.

אבער אביסעל ווייטער, רופט צו דעם קאנדוקטאר דער אלטער מאן, און זיין יונגע פרוי שטעלט ארויס איהר שעהן ברונעטע קעפיל פון הינטער זיינע פלייצעס:

— פאר וואס איז מען ניט געווען פארזיכטיג? אונערטרעגליך!... איך אייל זיך צוריק פון לאנדאן, איך מוז היינט אין דער פריה זיין אין פאריז צוליעב מיינע געשעפטען... און איך וואהרען אייך, אז איך האלט די קאמפאניע פעראנטווארטליך פאר דעם אבהאלט.

— מ׳סיע, — האט דער אייזענבאהן־בעאמטער בלויז גע-

קאַנט ווידערהאָלען, — אין דריי מינוט געהען מיר ווידער ווייטער.

דער פראָסט איז געווען שרעקליך; דער שנעע האָט זיך אריינגעריסען אין די וואַגאָנעס; די פּאַסאַזשירען האָבען אריין געוומען די קעפּ און האָבען פערמאַכט די פענסטער. אָבער אין די פארמאַכטע וואַגאָנעס זיינען אַלע געווען צורודערט; ס'האָט זיך געפיהלט אן אנגסט, א פערשטיקטער מורמעל. בלויז צוויי פענסטער זיינען געווען ארונטערגעלאָזט; אָנגעשפּאַרט אָן זיי האָבען צוויי פּאַסאַזשירען, דריי וואַגאָנעס ווייט איינער פון דעם אַנדערן, צווישען זיך גערעדט; איינער איז געווען אַן אַמעריקאַנער, פון אַ יאָהר פיערציג, און אַ יונגער מאַן פון האַוור; ביידע זיינען געווען זעהר פעראינטערעסירט אין דעם אָפּרייניגען פון דעם וועג.

— ביי אונז אין אַמעריקא, מיין הערר, קריעכען אַלע אראָפּ און מען נעהמט זיך צו די לאָפּאַטעס.

— אָה, דאָס איז גאָר ניט, איך בין שוין צוויי מאָל געווען אַזוי פערבלאָקאַדירט, פאַר אַ יאָהרען אין דער צייט. מיינע געשעפטען טרייבען מיך קיין פּאַריז יעדע וואָך.

— און מיך יעדע דריי וואָכען.

— ווי? פון נויאָרק?

— יאָ, מ'סיע, פון ניו־יאָרק.

זשאַק האָט אָנגעפיהרט די ארבייט. אַז ער האָט דערזעהען סעווערינע'ן אין דער אָפענער טיהר ביי דעם ערשטען וואַגאָן — זי פלעגט זיך איצט שטענדיג אָבקלייבען אַ וואַגאָן, וואָס נאָהענטער צו איהם, — האָט ער זי געבעטען, זי זאָל זיך אָבהיטען. און זי האָט זיך טאַקי צוריקגעצויגען אין וואַגאָן אריין, כדי ניט צו זיין אויף דעם אייז־קאַלטען ווינט, וועלכער האָט געברענט דאָס פּנים. און ער, טראַכטענדיג פון איהר, האָט איצט געארבייט מיט נאָך גרעסערען חשק. ער האָט אָבער באַלד בעמערקט, אַז די אורזאַכע פון דעם אָבשטעל, — דער בארג שנעע, — איז ניט ארום די רעדער, וועלכע האָבען אייגענטליך זיך געקאָנט דורכשניידען דורך דעם געדיכטסטען שטיק שנעע; שולדיג איז

געוועז דער בלאז־זאק, וואס ליגט צווישען זיי; ער האט עם צונויפ־געשארט גאנצע בערג און האט זיך אין זיי פערהאקט. א געדאנק איז איהם אריין אין קאפ.

— מ׳דארף אבשרויפען דעם בלאז־זאק.

פון אנפאנג איז דער הויפט קאנדוקטאר געוועזן געגען דעם. דער מאשיניסט, איבער וועלכען ער האט צו בעפעהלען, האט אהן איהם ניט געטארט ריהרען דעם לאקאמאטיוו. אבער ער האט זיך געלאזט איבעררעדען.

— אויב איהר געהמט די פעראנטווארטליכקייט אויף זיך, איז גוט!

ס׳איז געוועזן א שעהן שטיקעל ארבייט. זשאק און פעקע האבען זיך געמוזט אויסציהען אונטער דער מאשין, זייערע פיס פארגראבען אין שנעע, און האבען שווער געארבייט א האלבע שעה. צום גליק, האבען זיי געהאט אין זייער קאסטען אינסטרו־מענטען, נאך א שרויפען־ציהער. ענדליך, ריזיקירענדיג צוואנציג מאל זיך אבצובריהען און דערקוועטשט צו ווערען, האבען זיי אבגעשרויפט דעם בלאז־זאק. אבער דאס איז נאך ניט געוועזן גענוג: מ׳האט איהם ערשט געדארפט ארויסשלעפען פון אונטער די רעדער. אונגעהייער א שווערער, האט ער זיך נאך פערהאקט אין די רעדער און אין די צילינדערס. דאך זאלבעפערט, האבען זיי איהם אבגעטשעפעט און אוועקגעשלעפט אין א זייט פון וועג.

— און איצט, לאמיר נאך אברייניגען די רעלסען, — האט דער קאנדוקטאר געזאגט.

און דא איז שוין א שעה, ווי דער צוג שטעהט עם אזוי און דער אנגסט פון די פאסאזשירען איז געווארען גרעסער. אלע מינוט לאזט זיך אראפ א פענסטער, און ס׳הערט זיך א קול פאר וואס פאהרט מען נים. ס׳איז געווארען דער ריכטיגער פחד: טרערען, געוויין; מענשען פארליערען זיך.

— ניין, ניין, — רופט זיך זשאק אפ: — זיי זיינען גע־גוג ריין. אלע אריין אין די וואגאנעס, און ווייטער לאזט מיך.

און ווידער איז ער אויף זיין פאסטען, מיט פעקע׳ן, און אז

ביידע קאָנדוקטאָרען זיינען אַריין אין זייער וואַגאָן, האָט ער אַליין אַ דרעה געטהון דאָס הענטעל פון דעם קראַן. אַ שטראָמזודיגע פאַרע איז אַרויס מיט אַ רויש און האָט צופּרעסען דעם שנעע אויף די רעלסען. און ער האָט אַ דרעה געטהון דאָס הענטעל און אַ לאָז געטהון די מאַשין — צוריק. לאַנגזאַם האָט ער זיך אַזוי צוריקגערוקט, כמעט אויף גאַנצע דריי הונדערט מעטער, כדי צו קאָנען זיך בעסער פונאַנדערלויפען. ער האָט געלאָזט אַ פלאַקער טהון דאָס פייער, האָט אונטערגעגעבען מעהר פאַרע, ווי ס'איז ערלויבט, און, אַ יאָג טהוענדיג „ליזאַ'ן“, האָט ער זי מיט איהר גאַנצער מאַסע און מיט דער מאַסע פון די אַלע וואַגאָנעם הינטער איהר, אַ לאָז געטהאָן אויף דער וואַנט שנעע, וואָס איז איהם געשטאַנען אין וועג... ס'האָט זיך דערהערט אַ „אַה!“ ווי ווען דער האָלצהעקער לאָזט אַראָפּ די האַק, און „ליזאַ'ס“ שטאַרקע אברים פון אייזען און שטאָהל האָבען געקרעכצט. אָבער דורכברעכען זיך אַ וועג האָט זי פאָרט ניט געקאָנט. זי איז געבליבען שטעהן, קרעכצענדיג און ציטערענדיג פון דעם זעץ. נאָך צוויי מאָל האָט זשאַק איבערגע'חזר'ט דאָס איינגענע; ער איז צוריק אָבגעפאָהרען, און זיך צולאָזט און ווידער אָנגעפאַלען אויף דעם שנעע, דורכצושלאָגען זיך. און יעדעס מאָל האָט זיך „ליזאַ“ אַריינגעהאַקט מיט איהר ברוסט, און אַריינגערוקט מיט די זייטען, אָטהעמענדיג ווי אַ צודרייצטער ריעז. ענדליך, האָט זי זיך, דאַכט זיך, אָנגענומען מיט די לעצטע כחות, האָט אָנגעשטרענגט איהרע אייזערנע מוסקולען און האָט זיך דאָך דורכגעשלאָגען אַ וועג צווישען צוויי ווענט פונאַנדערגעשטופּטען שנעע. „ליזאַ“ האָט זיך בעפרייט, און דער שווערער צוג נאָך איהר.

— דאָך אַ גוט פערדעלע! — האָט פּעקע אַרויסגעמורמעלט.

זשאַק, זיינע אויגען מיט שנעע, האָט אויסגעטהאָן די ברילען און האָט זיי אויסגעווישט. דאָס האַרץ האָט איהם שטאַרק געקלאַפּט; קיין קעלט האָט ער שוין איצט ניט געפיהלט. פלוצלונג דערמאָנט ער זיך אָן אַ טיעפען טהאָל, אַ דריי הונדערט

מעטר פון קרוא־דע־מאפרא: און דער ווינט בלאזט פונקט אהין, און עס האבען זיך דארט געמוזט אנזאמלען בערג מיט שנעע. און זשאק איז מיט אמאל געווארען זיכער אז דארט וועט ער קריעגען זיין טויט־קלאפ, דארט וועט ער אונטערגעהן. זשאק האט זיך ארויסגעבויגען... פון דערווייטענס, ביים לעצטען קי־רעווע פון דעם וועג, האט זיך בעוויזען דער טהאל, ווי א גראדע ליניע פון אן אויסגעשניטענעם קאנאל פארשאטען מיט שנעע. ס'איז שוין געווען גרויסער טאג, און ס'איז געווען אן ענדלאזע העללע ווייסקייט; און דער שנעע האט נאך אלץ ניט אויפגע־הערט.

דערווייל איז זיך „ליזא" געגאנגען אהן שטערונגען, דאך ניט אזוי שנעל. אויס פארזיכטיגקייט האט מען אנגעצונדען די סיגנאל־פייערלעך אי פון הינטען, אי פון פארענט. און דער ווייסער לאנטערן, אונטער'ן קוימען, האט געלויכטען אין מיטען טאג, ווי דאס איינציגע אויג ביי א ריעז. און „ליזא" האט זיך געקייקעלט און איז געקומען אלץ נעהענטער צו דעם טהאל, איהר איינציג אויג ניט פארשלאפען, און זי האט אנגעהויבען שווער אטהמען, מיט א קורצען אטהעם, ווי א דערשראקענער פערד. און זי האט גענומען ציטערען און זיך צוריקהאלטען, און בלויז די מאכט־האבענדע האנט פון דעם מאשיניסט האט זי געפיהרט ווייטער. מיט א ריהר פון פוס האט זשאק געעפענט דאס טיהרעל פון'ם אויוועז, אז פעקע זאל אויפמונטערן דאס פייער. און איצט שיינט שוין ניט מעהר דער לייכטענדער עק פון א קא־מעטע אין דער נאכט, זאנדערן פעדערען פון שווארצען, גע־דיכטען, ציטערענדען רויך האבען בעשמוצט דעם גרויסען, בלא־סען הימעל.

„ליזא" קומט צו: אט דארף זי זיך שוין אראפלאזען אונ־טען, רעכטס און לינקס זיינען ביידע ברעגען פארשאטען, און אונטען איז קיין טראקט גארניט צו דערקענען. ס'האט אויסגע־זעהען ווי א פארפראָרענער שטראם, וואס דער שנעע האט פאר־שאטען ביז די ברעגעס. און „ליזא" האט זיך אראפגעלאזט, איז אפגעגאנגען א פינפציג מעטר, אלץ לאנגזאמער און לאנגזאמער,

פארליערענדיג דעם אָטהעם. זי האָט געשטופּט דעם שנעע פאר זיך, און האָט איהם געמאכט נאָך געדיכטער, א גאנצע וואנט, וועלכע האָט איהר פארשטעלט דעם וועג ווי עפּעס בייזע כוואַליעס, וואָס ווילען זי איינשלינגען. געגען א מינוט האָט זיך אָבגעדוכט, אז „ליזא" פארליערט די כחות, אז זי ווערט בעזיעגט. אָבער מיט א לעצטען שטופּ מיט ביידע זייטען האָט זי זיך ווידער בעפרייט און איז דאן אָבגעגאנגען נאָך א דרייסיג מעטער, און שוין: — דער לעצטער גוסס'ען. בערג שנעע זיינען איהר ארויף אויף די רעדער, האָבען פארהאַקט יעדעס פּיצעלע פון דעם מעכאניזם, ווי מיט א קעט פון אייז. און „ליזא" האָט זיך אָבגעשטעלט, שוין אויף דער אמת'ן, ווי א פארגליווערטע פון קעלט. זי האָט אויפגעהערט צו אָטהעמען; זי איז געוואָרען שטיל, טויט.

— אָט איז עס! — האָט זשאַק געזאָגט. — כ'האָב עס ערווארט.

און ער האָט זאָפאָרט געוואָלט א רוק טהון די מאשין צוריק, איבערצו'חזר'ן דעם פריהערדיגען מאנעוור. אָבער דאָס מאָל געהט עס ניט פון אָרט. „ליזא" ריהרט זיך ניט, ניט צוריק און ניט ווייטער; זי איז פארבלאָקאדירט פון אַלע זייטען, צוגעשמידט צו דער ערד, טויב און טויט. און הינטער איהר, זעהט דער גאנצער צוג אויך אויס טויט, איינגעשטעקט אין געדיכטען שנעע ביז די טיהרלאָך. און דער שנעע הערט אַלץ ניט אויף און פאַלט און פאַלט אין גרויסע שטיקער, און ווי עפּעס אין א שיטערע זאמד מוזען איינזינקען אי דער לאָקאָמאָטיוו, אי די וואַגאָנעס, וועלכע זיינען שוין ביז דער העלפט אריינגעזונקען אין דער ציטערנדער שטילקייט פון דער ווייסער וויסטעניש. קיין זאַך ריהרט זיך ניט מעהר. בלויז דער שנעע וויקעלט אַלעס איין.

— נו, שוין ווידער א מאָל? — פרעגט דער אויבער־קאָנדוקטאָר, ארויסבויגענדיג זיך פון'ם וואַגאָן.

— אין דר'ערד! — האָט פּעקע בלויז אויסגעשריען.

און דאָס מאָל איז די לאַגע ווירקליך געוועזן א קריטישע.

דער אונטער־קאָנדוקטאָר איז באַלד אַוועק צוריק אויסצולעגען אויף׳ן וועג די סיגנאַל־באָמבעס, וואָס דאַרפען פאַרהיטען דעם צוג פון הינטען; און דער מאַשיניסט האָט דערווייל געפייפט ווי אַ צו־ווילדעטער, — דאָס טרויעריגע, האַסטיגע פייפען פון געפאַהר. אָבער דער שנעע האָט אָנגעפּאַקט די לופט. און דאָס פייפען איז פאַרפאַלען געגאַנגען, ניט דערגרייכענדיג אפילו באַראַנטען. וואָס טהוט מען? זיי זיינען ניט מעהר ווי פיער פערזאָן, און ס׳וועט זיי זיין אונמעגליך אָראָפּצורייניגען אַזאַ מאַסע, צו דעם פאָדערט זיך אַ גאַנצע פאַרטיע מענשען. ס׳איז נויטיג געווען צו געהן נאָך הילף. און דאָס ערגסטע איז, וואָס די פּאַסאַזשירען האָבען זיך ווידער אַמאָל גענומען שרעקען.

אַ טיהר האָט זיך געעפענט און די חן׳עוודיגע ברונעטין איז אַרויסגעשפּרונגען פון דעם וואַגאָן, ווי איינע פון זינען, פּירכטענדיג פאַר אַן אונגליק. איהר מאַן, דער בעיאַהרענטער קויפמאַן, איז אַרויס נאָך איהר שרייענדיג: —

— איך וועל שרייבען צום מיניסטער אליין! אַזאַ בעהאַנדלונג!

און די פענסטער אין די וואַגאָנעס האָבען זיך געעפענט מיט גערויש; פרויען האָבען געוויינט; מענער האָבען געצאָרנט. בלויז די צוויי ענגלישע מיידלאַך זיינען געווען רוהיג און האָבען זיך אַמוזירט, לאַכענדיג. בשעת דער הויפּט־קאָנדוקטאָר האָט זיך בעמיהט אַלעמען צו בערוהיגען, האָט איהם די איינגערע פון די צוויי געפרעגט, אויף פראַנצויזיש מיט אַ לייכטען ענגלישען אַקצענט:

— ווי, מיין הערר, בלייבען מיר דען דאַ שטעהן?

פיעלע מענער זיינען אַרויס פון די וואַגאָנעס, ניט קוקענדיג דאַרויף וואָס דער געדיכטער שנעע האָט דערגרייכט ביז׳ן גאַרטעל. דער אַמעריקאַנער איז זיך צונויפגעקומען מיט דעם יונגען מאַן פון האַוור, און זיי זיינען ביידע צו צום לאָקאָמאָטיוו, זעהען וואָס איז דאָרט אַזוינס. זיי האָבען געשאָקעלט מיט די קעפּ.

— ס׳וועט מוזען נעהמען א שעהנע פיער־פינף שעה, איי־דער מיר וועלען זיך ארויסדראפּען פון דאָנעט.

— אם וועניגסטען; — אי דאָס מוז מען דערצו האָבען א מאַן צוואַנציג ארביימער.

זשאַק׳ן איז געלונגען איינצורעדען דעם אויבער־קאָנדוקטאָר צו שיקען זיין העלפער קיין בּאראנטען נאָך הילף. ניט פּעקע און ניט ער אַליין טאָרען איבערלאָזען די מאַשין.

דער אונטער־קאָנדוקטאָר איז אוועק; אז ער איז צו צו יע־נער זייט טהאָל, האָט מען איהם שוין מעהר ניט געקאָנט זעהן. ער האָט גערארפט אָבשפּאַנען פיער קילאָמעטער, און צוריקקומען וועט ער ניט אפשר פאר צוויי שטונדען. און דער אויפגערעגטער זשאַק האָט אויף איין מינוט פארלאָזט זיין פּאָסטען, און איז צוגעלאָפּען צום ערשטען וואַגאָן, וואו ער האָט בעמערקט סע־ווערינע׳ן, וועלכע האָט אויך אראָפּגעלאָזט דאָס פענסטער.

— האָט קיין מורא ניט, — האָט ער איהר האַסטיג גע־זאָגט, — איהר זייט דאָך ניט קיין שרעקעדיגע.

און זי האָט איהם דאַנקבּאַר געענטפערט. איהרענדיג איהם, טאָמער הערט אימעצער.

— איך שרעק זיך ניט. בלויז, איך בין געוועזען אונרוהיג איבער אייך.

און זי האָט דאָס ארויסגערעדט מיט אזא זיסקייט, אז זיי האָבען זיך ביידע בערוהיגט, און ביידע האָבען זיי א שמייכעל געטהון. אָבער ווען זשאַק האָט זיך אומגעקעהרט, איז ער איבער־ראַשט געוואָרען; ער האָט דערזעהען, ביים זייט וועג, פלאָרע׳ן און מיזאר׳ן מיט נאָך צוויי מענער, וועלכע ער האָט פון אָנ־פאַנג ניט דערקענט. זיי האָבען געהערט דאָס פייפערייי פון דעם לאָקאָמאָטיוו, און מיזאר, וועלכער איז ניט געוועזען ביי דער אר־בייט, איז געקומען צולויפען מיט די צוויי מענער, וועלכע ער האָט ביי זיך טראַקטירט מיט א גלעזעל וויסען וויין, — דעם שטיין־ברעכער קאַביש, וועלכען דער שנעע האָט איבערגעשלאָ־גען די ארבייט, און דעם וועג־סיגנאַליסט אָזיל, וועלכער איז דורכגעגאַנגען דעם טונעל און איז געקומען פון מאַלאָנעי זעהן

פלאָרע'ן, פון וועלכע ער האָט זיך ניט אָפּגעטשעפּעט, ניט קו־קענדיג אויף זיין אמאָליגען שלעכטען ברוך הבא. און פלאָרע אליין, ווי א גרויסע, ווילדע מויד, א שטאַרקע און געוואַגטע ווי א מאַנסביל, איז געקומען מיט זיי, אויס נייגעריגקייט.

פיר איהר און פיר איהר פאָטער איז דאָס געווען א וויכטיגע פּאַסירונג, אַן אויסערגעוועהנליכע געשעהעניש, אַז דער צוג האָט זיך פאַרהאַקט דאָ, כמעט לעבען זייער טיהר. פינף יאָהר שוין ווי זיי וואָהנען דאָ, און יעדע שעה, סאַי ביי טאָג, סאַי ביי נאַכט, אין שעהן וועטער און אין שטורם־צייט, פלעגען זיי זעהען פאַרביילויפענדע צוגען, שנעל ווי דער שטורם־ווינט אליין! און דער זעלבער ווינט טראָגט זיי אָן און טראָגט זיי אוועק, און אי איינמאָל האָט אי איין צוג אפילו ניט פאַרקלע־נערט זיין שנעלקייט, — און זיי האָבען געזעהען, ווי די צוגען פליהען אוועק, ווערען פערלאָרען, פערשווינדען, איידער מען קוקט זיי נאָך גוט אָן. א גאַנצע וועלט פאָהרט דאָ פאַרביי, מאַסען מענשען יאָגען זיך מיט אלע כחות, און ווער ווייס זיי? בלויז פון איינינע געזיכטער פון די פּאַסאַזשירען כאַפּען זיי עפּעס אָן אָנבליק ווי אין א בליץ, — געזיכטער, וועלכע זיי וועלען שוין קיין מאָל ניט זעהען א צווייטען מאָל, — אָדער אַנדערע געזיכטער, וועלכע זיי פלעגען שוין אביסעל קענען, ווייל זיי פלעגען זיך דאָ פאַרבייפליהען אלע מאָל אין די זעלבע טעג, — אָבער אָהן נעמען פון די מענשען...

און דאָ נאַט איך: ביי זייער טיהר פאַרהאַקט זיך א צוג, אין אזא שנעע! גלייך ווי די נאַטור וואָלט גענומען און זיך אי־בערגעקעהרט, און זיי קאָנען איצט בעטראַכטען די אונבעקאַנטע וועלט, וואָס אַן אונגליקס־פאַלל האָט זיי דאָ צוגעוואָרפען! און זיי האָבען געקוקט מיט די פערוואונדעטע אויגען פון די ווילדע, וואָס לויפען זיך אָן אויף דעם ברעג, וואָהין דער שטורם האָט צוגעשלאָגען פאַראונגליקטע אייראָפּעער ים־רייזענדע.

די אָפענע טיהרען האָבען זיי געוויזען פרויען איינגעהילט אין פוטער; דרויסען זיינען געווען מענער אין ווארעמע אויבער־רעס, און דערצו נאָך דער בעקוועמער לוקסוס אין די וואַגאָנעס,

וואָס שטעהען אין מיטען דעם ים אייז, — און פון איבעררא־
שונג האָבען זיי זיך אזש ניט געקאָנט ריהרען.

אָבער פלאָרע האָט דערקענט סעווערינע'ן. זי, וואָס היט אָפּ יעדען מאָל, ווען זשאַק'ס צוג לויפט פארביי, האָט שוין פון אייניגע וואָכען בעמערקט דיעזע פרוי אין דעם שנעל־צוג יעדען פרייטאג אין דערפריה; און בעמערקט האָט זי זיך נאָך מעהר דער־פאר, וואָס סעווערינע פלעגט ארויסשטעלען דעם קאָפּ פון דער־טיהר, ווען דער צוג פלעגט נאָר צוקומען צום שלאַג־בוים, כדי צו כאַפּען א קוק אויף איהר אייגענטהום אין קרוא־דע־מאָפרא. און פלאָרע'ן איז פינסטער געוואָרען אין די אויגען, ווען זי האָט זי דערזעהען רעדען מיט דעם מאשיניסט אין א שטילען טאָן.

— אה, מאדאם רובאָ, — האָט מיזאר אויסגעשריען, אז ער האָט זי באַלד דערקענט, און ער האָט גלייך אויף'ן אָרט זיך גענומען אונטערלעקען, — אַך, ס'א שלעכטער צופאַל!... אָבער איהר קאָנט דאָך דאָ ניט פארבלייבען. קומט צו אונז.

זשאַק האָט איהם א דרוק געטהאָן די האַנט, און האָט איהם אונטערשטיצט.

— ער האָט רעכט... ס'קאָן אונז נאָך אויסקומען דאָ צו שטעהן א היבשע צייט, און איהר וועט נאָך דאָ אויסגעהן פון קעלט.

סעווערינע האָט זיך ענטזאגט: זי איז וואַרם געקליידעט, האָט זי ערקלערט. א חוץ דעם, שרעקט זי זיך אויך א ביסעל פאר דער שטרעקע פון די דריי הונדערט מעטר שנעע. אָבער פלאָרע איז צוגעקומען נאָהענטער צו זיי. און, ניט ארויסלאָזענ־דיג פון סעווערינע'ן איהרע אָנגעשטעלטע גרויסע אויגען, האָט זי געזאָגט:

— קומט, מאדאם, איך וועל אייך אריבער טראָגען.

און איידער סעווערינע האָט נאָך עפּעס געזאָגט, האָט זי זי שוין גענומען אין איהרע שטאַרקע מאַנסבילשע אָרמס, און האָט זי אויפגעהויבען, ווי א קליין קינד. זי האָט זי אריבערגע־טראָגען איבער'ן וועג און זי אראָבגעלאָזט אויף אן אָנגעטראָטע־נעם אָרט, וואו די פיס זיינען שוין ניט געזונקען אין שנעע אריין.

די ערשטווינטע פּאַסאַזשירען האָבען געלאַכט. אָט דאָס הייסט אַ מויד מיט ביינער! מיט איין טוץ אַזוינע, ווי זי, דאַרף מען אפילו קיין צוויי שעה ניט אָבצורייניגען דעם וועג.

דערווייל איז פון איין וואַגאָן צום אַנדערן געגאַנגען דעה קלאַנג פון מיזאַר'ס ווערטער: — אַ שטוב, וואו מען קאָן זיך אַנוואַרעמען, און אפשר דערצו נאָך קריעגען ברויט און וויין ביי דעם וועג־סיגנאַליסט. און מ'האָט זיך ווייניגער געשראָקען, אַז מ'האָט פערשטאַנען, אַז קיין באַלדיגע סכנה איז עס דערווייל ניט. דערפון איז אָבער די לאַגע ניט געוואָרען ווייניגער קלעג־ליך; די הייץ־רעהרען אין די וואַגאָנעס זיינען אָבגעגאַנגען; ס'איז שוין ניין אַ זייגער; מ'וועט מוזען ליידען הונגער און דורשט, אויב קיין באַלדיגע הילפע קומט ניט אָן. און דאָס קאָן זיך נאָך פאַרציהען: ווער ווייסט, צי מ'וועט דאָ ניט דאַרפען נעכטיגען. און עס זיינען געוואָרען צוויי פּאַרטייען: ערשטענס, די האָפּענונגסלאָזע, וועלכע האָבען ניט געוואָלט אַרויסקריעכען פון די וואַגאָנעס, און האָבען זיך דאָרט מיט כעס צולעגט אויף די בענק און זיך איינגעוויקעלט אין זייערע וואַרעמע קאָלדרעס, דאָ צו בלייבען ביז'ן טויט אַריין; און צווייטענס, די פּאַסאַזשי־רען, וועלכע האָבען בעסער געוואָלט ריזיקירען אַריבערצוגעהן דעם שנעע, האָפּענדיג, אַז זיי וועלען דערמיט בעסער מאַכען, ווינשענדיג מעהר פון אַלעם ניט אָנצוקוקען דעם פון שנעע פער־שאָטענעם צוג, וואו מען געהט אויס פון קעלט. און ס'האָט זיך פאָרמירט אַ גרופּע: דער בעיאָהרענטער קויפמאַן מיט זיין יונגע פרוי, די ענגלישע דאַמע מיט איהרע צוויי טעכטער, דער יונגער מאַן פון האַוור, דער אַמעריקאַנער און צו זיי נאָך אַ טוץ מענ־שען, — פערטיג אין וועג אַריין.

מיט אַ שטילען טאָן האָט זשאַק איינגע'טענה'ט מיט סע־ווערינע'ן און זיך געשוואָרען, אַז ער וועט צו איהר גלייך קומען געוואָהר ווערען, אַז ער וועט זיך נור קאָנען אָפּרייסען. פלאָרע האָט פון זיי ניט אַראָפּגעלאָזט איהר פינסטערן בליק, ווען זשאַק האָט צו איהר שטיל געזאָגט, ווי אַן אַלטער פריינד:

— אַזוי, הייסט עס, בלייבט עס. דו וועסט אונטערפיהרען

די דאמען און די העררען... מיזאר'ן לאז איך דא מיט אונז. מיר וועלען זיך נעהמען צו דער ארבייט, און וועלען דערוויל טהון וואס מיר וועלען קאנען.

און, ווירקליך, קאביש, אזיל און מיזאר האבען זיך גלייך גענומען צו די לאפאטעס און זיינען צו צו פעקע'ן און דעם אויבער־קאנדוקטאר, וועלכע האבען זיך שוין גענומען צום שנעע. זיי האבען זיך אנגעשטרענגט צו בעפרייען דעם לאקאמאטיוו, אבריינינענדיג די רעדער, און אבשארענדיג דעם שנעע אן א זייט. קיינער האט ניט ארויסגערעדט א ווארט, און אין די קלעמענדע טרויעריגקייט פון דעם פערוויסטען פעלד האט זיך בלויז געהערט זייער אויפגערעגטע ארבייט אין דער שטיל. און אז די עטליכע פאסאזשירען זיינען אוועק ווייטער, האבען זיי דאס לעצטע מאל א בליק געטהון אויף דעם צוג, ווי ער שטעהט דארט איינער אליין, ווי א דינע ליניע פון שווארצע וואגאנעס אונטער דעם דיקען, דריקענדען ווייסען דעק. מ'האט ווידער צוגעמאכט די טיהרלאך און די פענסטער. און דער שנעע גיט זיך ווייטער און לאנגזאם, זיכער און אהן אן אויפהער פערשיט ער דעם צוג.

פלארע האט ווידער געוואלט נעהמען סעווערינע'ן אויף די הענט. אבער יענע האט זיך ניט געלאזט, וועלענדיג בעסער געהן אליין, ווי אלע. ס'איז געווען זעהר שווער אריבערצוגעהן די דריי הונדערט מעטר, און איבערהויפט אין דעם טהאלכעל איז מען אריין ביז איבער'ן גארטעל, און צוויי מאל האט מען גע־מוזט קומען די דיקע ענגלישע דאמע צו הילף, ווייל זי איז שיער ניט איינגעזונקען געווארען. איהרע טעכטער האבען געהאלטען אין איין לאכען, גאר בעצויבערט; די יונגע פרוי פון דעם בע־יאהרענטען מאן האט זיך אויסגעגליטשט און האט געמוזט נעה־מען געארעמט דעם יונגען מאן פון האוור; און דערוויל האט איהר מאן צוזאמען מיט'ן אמעריקאנער געשאלטען פראנקרייך.

אז מ'איז ארויס פון דעם טהאלכעל, איז דער וועג געווארען אביסעל לייכטער. אבער געהן האט מען איצט געמוזט מיט'ן בערגעל, און די קליינע גרופע האט זיך פארזיכטיג געשלעפט אויף דער סטעזשקע, וואס דער ווינט האט אבגעבלאזען, און

מ'האָט זיך זעהר געהיט פאר די געפעהרליכע, אונדייטליכע ברעגעם אונטער דעם שנעע. ענדליך איז מען צוגעקומען. פלאָרע האָט די רייזענדע בעזעצט אין קיך; זי האָט אָבער ניט געהאַט גענוג בענקלאַך פיר אַלע; געווים אַ צוואַנציג פערזאָן זיינען געווען אין דער שטוב, וועלכע איז צום גליק כאָטש געווען גענוג גרויס. און איהר גאַנצער אויפטהו פיר די לייטע איז געווען בלויז צו געהן ברענגען ברעטער און פון זיי מיט די בענקלאַך וואָס זי האָט געהאַט, מאַכען צוויי בענק. דערנאָך האָט זי אונטערגעוואָרפען אַ ביסעל הייצונג אין אויווען, מיט אַ צייכען געבענדיג צו פארשטעהן, אַז מעהר זאָל מען פון איהר ניט פערלאַנגען. זי האָט ניט אַרויסגערעדט קיין וואָרט, און האָט בלויז געקוקט אויף אַלעמען מיט איהרע גרויסע גרינליכע אויגען, אין איהר בייזען און געוואַגטען שטעל פון אַ שטאַרקער ווילדער מויד, אַ בלאָנדינקע. בלויז צוויי פנים'ער זיינען איהר דאָ געווען בעקאַנט, ווייל זי האָט זיי שוין מאָנאַטען לאַנג אָפט בעמערקט אין די טיהרלאַך פון די וואַגאָנעס: — דעם אַמעריקאַנער און דעם יונגען מאַן פון האַוור; און זי האָט די צוויי פנים'ער גוט בעטראַכט, ווי מען בעטראַכט אַ הוזשענדע פליעגעלע, וואָס האָט זיך ענדליך אָבגעשטעלט, און וואָס מען האָט קוים געקענט נאָכקוקען בשעת ס'איז געפלויגען. עפּעס זאָנדערבאַר זיינען זיי איהר אויסגעקומען; זי האָט זיך זיי גאָר ניט פאָרגעשטעלט אַזוי, אָבוואָהל, אַ חוץ זייערע געזיכטסציגע האָט זי פון זיי גאָר ניט געקענט. וואָס אַנבעלאַנגט די אַנדערע פערזאָנען, האָבען זיי איהר אויסגעקוקט ווי פון עפּעס אַן אנדער מין, איינוואָהנער פון אַן אונבעקאַנטער געגענד, ווי פון הימעל אַראָפּגעפאַלען, מיטברענגענדיג מיט זיך צו איהר אין איהר קיך אַריין קליידער, מאַנערען, אידעען, וואָס זי האָט קיין מאָל ניט ערוואַרט ביי זיך צו זעהן. די ענגלישע דאַמע האָט דערצעהלט דעם קויפמאַן'ס יונגע פרוי, אַז זי פאָהרט קיין אינדיען צו אַ הויכען בעאַמטען, איהר זוהן: און דעם קויפמאַן'ס פרוי האָט זיך געוויצעלט דעריבער, וואָס זי האָט אַזאַ שלים מזל צו האָבען אַזאַ רייזע, ווען ס'האָט זיך איהר איצט, צום ערשטען מאָל, פערגלוסט מיטצופאָהרען מיט'ן

מאן קיין לאנדאן, וואוהין ער פאהרט צוויי מאל א יאהר. יעדער האט זיך בעקלאגט, וואס מען מוז דא זיין פערבלאקאדירט אין דער וויסטעניש; מ'איז הונגעריג, שלעפעריג, — וואס טהוט מען, מיין גאט! און פלארע האט דאס אלעס צוגעהערט און זיך ניט געריהרט פון ארט. זי האט אבער בעמערקט סעווערי־נע'ס בליק, וועלכע איז געזעסען ביים אויווען אויף א בענקעל. און פלארע האט זי מיט א צייכען א רוף געטהון מיט איהר אריינצוגעהן אין א צווייטען צימער, דא ביי דער האנט.

— מאמע, — האט זי ערקלערט אריינקומענדיג, — דאס איז מאדאם רובא... דארפסט איהר אפשר עפעס זאגען?

פאזיע איז געלעגען אין בעט; דאס פנים געל, די פיס אנ־געשוואלען, און אזוי קראנק, אז שוין צוויי וואכען ווי זי קאן ניט אויפשטעהן; און אין די ארימע שטוב, וועלכע איז פון דעם אייזערנעם אויווען געוועזען אנגעהייצט אזש דערשטיקט צו ווע־רען, איז געלעגען די אלטע פרוי טראכטענדיג און איבערטראכ־טענדיג, אז דער מאן וויל זי פער'סם'ען, און ניט האבענדיג קיין שום פערלייכטערונג א חוץ דאס קלאפען פון די שנעל פליהענ־דע וואגאנעס.

— אה, מאדאם רובא, — האט די קראנקע געמורמעלט,— גוט! גוט!

פלארע האט איהר דערצעהלט וועגען דעם באהן־אונגליק, און וואס פיר א גרויסען עולם זי האט אהער געבראכט אין קיך. אבער די קראנקע זיינען אזוינע זאכען מעהר שוין ניט אנגע־גאנגען.

— גוט, גוט, — האט זי ווידערהאלט מיט דער זעלבער מיעדע שטימע.

דאך האט זי זיך עפיס דערמאנט; זי האט קוים אויפגע־הויבען דעם קאפ, און האט געזאגט:

— טאמיר וויל די מאדאם געהען זעהען דאס הויז, — ווייסטו דאך, די שליסעל הענגען איבער'ן אלמער.

אבער דערפון האט זיך סעווערינע ענטזאגט, ס'האט זי אנגעכפט א ציטער בלויז פון דעם געדאנק אריינצוגעהען אין

קרוא־דע־מאָפרא אין אזא שנעע, אין אזא וויסטען טאָג. ניין, ניין; זי האָט דאָרט ניט וואָס צו זעהען; זי וועט בעסער פער־בלייבען דאָ, און ווארטען אין דער וואַרם.

— טאָ זעצט אייך צו, מאדאם, — האָט פלאָרע גענטפערט, דאָ איז דאָך בעסער ווי אין קיך. און פאַר אלעמען האָבען מיר ניט גענוג ברויט; אָבער פאַר אייך, אויב איהר ווילט עפּים איבערכאפּען, וועט זיך נאָך אימער עפּים געפינען.

און פלאָרע האָט איהר צוגערוקט אַ בענקעל; זי האָט זיך בענומען זעהר פריינדליך צו איהר און האָט זיך שטאַרק בעמיהט ניט ארויסצו־ווייזען איהר געוועהנליכע שארפקייט. אָבער די אויגען האָט זי ניט אַראָפּגעלאָזט פון דער יונגער פרוי, גלייך ווי זי וואָלט עפּים געוואָלט לעזען איהרע געדאנקען אום זיך צו איבערצייגען אין איין וויכטיגען פונקט, וואָס האָט זי געמאַטערט אַ שטיק צייט. און אין איהר פיינקייט צו איהר האָט זיך עפּים געפיהלט אַ בעדירפנים צו צורוקען זיך וואָס נאָהענטער צו סעווערינען, זי אנצוקוקען, זי אנצוריהרען, און, ענדליך, צו דערגעהען דעם אמת.

סעווערינע האָט איהר געדאנקט און האָט זיך צוגעזעצט לעבען אויוועלע; זי האָט ווירקליך בעסער געוואָלט פארבלייבען דאָ אין צימער איינע אליין מיט דער קראנקע, ווייל זי האָט געהאָפּט, אַז זשאַק וועט שוין אַפּרייסען אַ מינוט און וועט קומען צו איהר אהער. און אזוי זיינען פארביי צוויי שעה. זי האָט מיט דער קראנקער איבערגערעדט אַ פּאָאַר ווערטער וועגען דער געגענד; אין דער ווארמקייט האָט זי זיך דערפיהלט זעהר מיעד, און זי האָט איינגעדרימעלט. פלוצים עפענט פלאָרע די טיהר פון קיך, וואוהין מ׳האָט זי גערופען אלע ווילע, און זאָגט מיט איהר גרוביאנסקען קול:

— קומט אריין: אָט האָסטו זי!

דאָס איז געווען זשאַק; ער האָט זיך ארויסגעריסען אויף אַ מינוט; ער איז געקומען מיט אַ גוטע בשורה. דער מאַן, וואָס מ׳האָט געשיקט קיין באראנטען, איז צוריקגעקומען מיט אַ גאנצע פארטיע סאָלדאטען, — אַ מאַן דרייסיג, — וואָס די

אדמיניסטראציאָן האָט געהאַלטען אָנגעגרייט פיר די געפּעהר־ליכסטע פּונקטען, ווי מ׳האָט געקאָנט ערוואַרטען אַזוינע צופעלע. און איצט אַרבייטען זיי אַלע מיט לאַפּאַטעס צוגראָבענדיג און צושאַרענדיג דעם שנעע. אָבער געדויערען מוז עס נאָך לאַנג, און ריהרען זיך פון דאַנען וועט מען אפשר קאָנען ערשט ביי נאַכט.

— אָבער איהר האָט זיך דאָך דאָ ניט שלעכט צוגעפּאַסט; האָט זשע געדולד, — האָט ער געענדיגט זיינע רייד. — אה, מומע פאַזיע, איהר האָט דאָך אודאי ניט בדעה צו לאָזען מאַדאַם רובאַ ביי אייך אויסגעהן פון הונגער?

פאַזיע, דערזעהענדיג איהר „גרויסען אינגעלע“, ווי זי פלעגט איהם רופען, האָט זיך אָנגעטהון אַ כח און האָט זיך אויפ־געזעצט אין בעט, און האָט איהם בעטראַכט, הערענדיג זיינע רייד, אַן אויפגעמונטערטע, אַ צופריעדענע; זי האָט איהם צו־גערופען צום בעט.

— געוויס, געוויס, — האָט זי געענטפערט, — אַך, מיין גרויס אינגעלע, ביסט דאָ! דיך האָט עס איבערגעכאַפּט דער שנעע... און די נאַרישע מויד האָט מיר אפילו ניט געזאָגט.

זי האָט זיך אומגעקעהרט צו איהר טאָכטער און האָט צו איהר געזאָגט:

— זיי דאָך אַם וועניגסטען העפליך. געה אַרויס צו די הערערן און דאַמען און גיעב זיך אָפּ מיט זיי; זאָלען זיי זיך דערנאָך ניט בעקלאָגען אויף אונז אין דער אדמיניסטראַציאָן, אַז מיר זיינען דאָ ווי ווילדע מענשען.

פלאָרע איז געשטאַנען צווישען זשאַק׳ן און סעווערינע׳ן. געגען אַ מאָמענט, האָט זי זיך געקווענקעלט, איבערטראַכטענ־דיג, צו איז אפשר ניט גלייכער דאָ צו בלייבען, ניט פאָלגענדיג די מאַמע. אָבער וואָס וועט זי דאָ זעהען, אַז איבער די קראַנקע מוטער וועלען זיי, זשאַק און סעווערינע, סאַי ווי סאַי זיך ניט אַרויסווייזען? און זי איז אַרויסגעגאַנגען, וואַרפענדיג אויף זיי אַ שאַרפען בליק, אָבער ניט אויסרעדענדיג אַ וואָרט.

— אזוי, אזוי, מומע פאַזיע, — האָט זשאַק געזאָגט מיט

א טרויעריגען טאָן, — איהר ליגט גאָר ; טאַקי קראַנק אויף דער אמת'ן ?

זי האָט איהם צוגעצויגען צו זיך ; האָט איהם זאָגאר געצוואונגען צו צוזעצען זיך לעבען איהר אויפ'ן ברעג מאטראַץ, און, מעהר ניט טראַכטענדיג פון די יונגע פרוי, וועלכע האָט זיך פון דעליקאַטנעקייט אומיסטנע אָבגערוקט אַן אזייט, האָט די קראַנקע גענומען זיך שטיל פאַר איהם בעקלאָגען.

— אָה, יא, טאַקי אמת קראַנק ! א נס, וואָס דו געפינסט מיך נאָך א לעבעדיגע... שרייבען צו דיר א בריוועלע האָב איך ניט געוואָלט, — וועגען אזוינע זאכען שרייבט זיך ניט... איך בין שיער ניט געשטאָרבען... אָבער ס'איז מיר איצט בעסער, און איך דענק מיר טאַקי, אז איך וועל זיך נאָך דאָס מאָל אויסדרעהען.

זשאַק האָט זי בעטראַכט ; איהר צושטאַנד האָט איהם געשראָקען : ער האָט פאַר זיך שוין מעהר ניט געזעהען די אמאָליגע שעהנע און געזונטע פאַזיע.

— נאָך אַלץ די קאָנוואולסיעס און דער קאָפּ דרעהט זיך ? אה, מיין אָרימע מומע פאַזיע ?

זי האָט איהם נאָך שטאַרקער געדריקט די האַנד און האָט נאָך נידריגער אראָפּגעלאָזט דאָס קול און האָט ווייטער געזאָגט:

— שטעל דיר פאָר, אז איך האָב איהם געפּאַקט... ווייסטו, איך האָב דאָך שוין אפילו אויפגעהערט צו טראַכטען אין וואָסערע זאכען ער שטעקט אריין זיין סם. איך האָב ניט געטרונקען און ניט געגעסען קיין זאך צו וואָס ער האָט זיך נור צוגעריהרט, און דאָך האָב איך יעדען אבענד געהאַט א בויך וועהטאָג... קענסט דיר פאָרשטעלען, אז ער האָט זיין סם מיר געלעגט אין זאַלץ אריין, און איך פלעג עס נאָך אזוי פיעל געברויכען מיט אלעס, וואָס כ'האָב געגעסען אום זיך אָבצוריינינגען !

זייט דאָס לעבען מיט סעווערינע'ן האָט, ווי ס'האָט געשיינט, אויסגעקורירט זשאַק'ן, פלעגט ער אמאָל דענקען פון דיעזען לאַנגזאמען, ניט אויפהערענדען פערגיפטען, ווי מען טראַכט פון א בייזען חלום, צווייפלענדיג. ער האָט דער קראַנקער

צערטליך א דריק געטהון די האנד, וועלענדיג זי בערוהיגען.

— איז דאס דען מעגליך?... מען דארף זיין גאנץ זיכער, איידער מען קאן זאגען אזא זאך... און אויב יא אזוי, ציהט זיך עס שוין צו לאנג!... ניין, דאס איז גיכער אזא מין קראנקהייט, וועלכע די דאקטוירים פערשטעהען ניט.

— א קראנקהייט! — האט ערווידערט פאזיע מיט א שמייכעל, — א קראנקייט, וואס ער האט מיר איינגעגעבען אין קערפער אריין, יא... און וואס אנבעלאנגט די דאקטוירים ביזטו גערעכט: עס זיינען געקומען צוויי, אבער זיי האבען גאר ניט פערשטאנען, זיי האבען זיך זאגאר ניט געאייניגט אין זייער מיינונג. איך וואלט שוין ניט געוואלט, אז איינער פון דיעזע העררען זאל זיך אפילו ציינען דא... הערסט, איך זאג דיר, ער האט דעם סם אריינגעשאטען אין זאלץ אריין. איך שווער דיר, אז כ'האב עס אליין געזעהען! און אלץ איבער די טויזענד פראנק,

— די טויזענד פראנק, וואס מיין פאטער האט מיר איבערגעלאזען, ער האט זיך איינגערעדט, אז ווען ער וועט מיך פערניכטען, וועט ער זיי געפינען, אבער וועגען דעם מעג ער שוין זיין גאנץ רוהיג: זיי זיינען אין אזא פלאץ וואס קיינער וועט זיי ניט געפינען, ניע, ניע!... איך מעג שטארבען, אבער איך בין גאנץ רוהיג, אז קיינער וועט זיי ניט האבען, מיינע טויזענד פראנק.

— אויב אזוי, טאנטע פאזיע, וואלט איך אויף אייער פלאץ, געשיקט נאך די זשאנדארען, ווען איך זאל זיין זיכער.

זי האט געמאכט א מינע פון עקעל.

— א, ניין, קיינע זשאנדארען... דאס געהט קיינעם ניט אן; ס'איז נור צווישען מיר און איהם. איך וויס, אז ער וויל מיך אויספרעסען, און איך וויל זיך ניט לאזען, נאטירליך. איך דארף זיך פערטהיידיגען, — ניט וואהר? און שוין ניט זיין אזוי נאריש מיט דעם זאלץ... אה? ווער וואלט עס געקאנט גלויבען? אט דער טויגעניכטס, דער קארליק, וועלכען מען וואלט געקענט אין א קעשענע בעהאלטען, וואלט מיט זיינע צייהנער, ווי ביי א מויז, געקאנט פון אזא גרויסער פרוי, ווי איך, מאכען אן ענדע, ווען מען זאל איהם נור דערלאזען!

עס האט זי אזש אנגעכאפט א ציטער. זי האט שווער אבגעדיבעט, איידער זי האט געקאנט ענדיגען.

— ס'איז גאר ניט! מיר איז שוין בעסער; ס'וועט ניט אוועק קיין צוויי וואכען, וועל איך שוין זיין צוריק אויף מיינע פיס... אבער דאן, האב קיין מורא ניט; עס וועט איהם שוין ניט זיין אזוי לייכט מיך צו פערנארען! יא, יא, כ'וואלט א בעלן געווען צו זעהען! אויב ער וועט נאך דעם ווידער געפי־נען א מיטעל מיר צו געבען זיין גיפט, מוז איך צו געבען, אז ער איז קליגער פון מיר... און דאן, וואס קען איך טהון, איך וועל מוזען די כפרה ווערען... אבער קיין פרעמדע זאלען ניט דערוועגען זיך ארייצומישען

זשאק האט געדענקט, אז איהר קראנקהייט פילט עס אן איהר מח מיט דיעזע פינסטערע געדאנקען, ער האט זי געוואלט אביסעל צו שטרייען און האט אנגעהויבען שפאס צו מאכען, אבער פלוצלינג האט די קראנקע גענומען ציטערן אונטער דער קאלדערע.

— אט איז ער! — האט זי א שעפטשע געטהון. איך דער־פיהל עס גלייך ווען ער קומט אן.

און ווירקליך, אין עטליכע מינוט ארום איז ארייגעקומען מיזאר. פאזיע איז א טויטע געבליבען. ניט ווילענדיג, האט זי אנגעפאנגען צו ציטערן, ווי די זאנג, וואס ווערט געפרעסען פון א פליגעלע. אבוואהל זי האט געהאט א גרויסען וואונש זיך זעלבסטשטענדיג צו פערטיידיגען, האט זיך דאך פאר איהם דערפיהלט א שטייגענדען שרעק, אבער זי האט עס ניט געוואלט ארויסצייגען.

ווען מיזאר איז נאך געווען אין דער טיהר, האט ער א ווארף געטהון א שנעלען בליק אויף זיין פרוי און דעם מאשי־ניסט, אבער באלד האט ער געמאכט א מינע, אז ער האט זיי בלומר'שט גאר ניט בעמערקט; און מיט זיינע מוטנע אויגען, און מיט די פערדריקטע ליפען, און מיט דעם זיסען שמייכעלע פון א שוואך־כאראקטערדיגען מענשען, איז ער צו צו סעקרעטערי־גע'ן און האט זיך צו לאזען פאר איהר מיט ליעבליכקייטען.

— איך האָב געדענקט, אז איהר, מאדאם, וואָלט פיעלייכט געוואָלט אויסניצען די געלעגענהייט, און א קוק טהון אויף אייער אייגענטהום, איך האָב זיך אויף א מינוט אָבגעריסען... אויב אייך איז געפעליג, וועל איך אייך אהין בעגלייטען.

נור אזוי ווי די יונגע פרוי האָט זיך ווידער ענטזאגט, האָט ער פאָרטגעזעצט מיט א וויינענדיגער שטימע :

— איהר, מאדאם, האָט זיך געוויס געקענט וואונדערן אויף די פרוכטען... זיי זיינען אַלע געווען ווערימדיג און ס'האָט זיך גאָר ניט געלוינט זיי צו פאקען... א חוץ דעם האָט דער ווינד אויך אָנגעמאכט ניט וועניג צרות... אך, ס'א שאַדע וואָס איהר, מאדאם, קענט עס ניט פערקויפען ! ס'איז יאָ עפּיס געקומען אַ מאַן, אָבער ער האָט פערלאַנגט מען זאָל אַלעם אויספערריכטען... אָבער איך בין אייך פערטיג צו דיענען, און איהר מעגט זיכער זיין, אז איך בין אייך דאָ אזוי געטריי, ווי איהר אליין.

מיזאַר האָט זעהר גערן געוואָלט זי מכבד זיין מיט ברויט און מיט באַרנעס, — באַרנעס פון זיין אייגענעם גאָרטען, ניט קיין ווערעמדיגע. סעווערינע איז בעשטאַנען.

דורכגעהענדיג דורך דער קיך, האָט מיזאַר דערצעהלט די רייזענדע, אז דאָס אוועקרייניגען פון'ם וועג געהט זוי געהעריג, אָבער עס מוז נאָך געדויערען א פיער, פינף שטונדען. ס'איז געוואָרען מיטאג צייט, און מען האָט דערהערט נייע קלאַגען, ווייל אלע זיינען הונגעריג געוואָרען. פלאָרע האָט ערקלעהרט, אז איהר וועט ניט קלעקען קיין ברויט פיר אַלע. וויין האָט זי יאָ געהאַט ; זי האָט געבראַכט פון'ם קעלער צעהן ליטער וויין און האָט איהם אוועקגעשטעלט אויפ'ן טיש. און איצט האָט אויסגעפעהלט גלעזער : מען האָט דערפאַר געמוזט טרינקען גרופּעס ווייז : די ענגלישע דאמע מיט איהרע צוויי טעכטער, דער אַלטער הערר מיט זיין יונגער פרוי, די לעצטע האָט א חוץ אַלעמען, געפונען אין דעם יונגען מאַן פון האַוור אַ גאַנץ געטרייען, ערפינדליכען בעדיענער, וועלכער האָט שוין גוט געזאָרגט פיר איהר. ער איז ארויס און איז צוריקגעקומען מיט עפּעל און

ברויט, וועלכע ער האָט געפונען אין דעם האַלץ־קאַמערעל. פלאַ־
דע איז בייז געוואָרען, און האָט געזאָגט, אז דאָס ברויט איז
פאר איהר קראַנקער מוטער. אָבער דער יונגער מאַן האָט עס
שוין געהאַט צושניטען און האָט עס פאַרגעלעגט די דאַמען, אָנ־
הויבענדיג פון דער ברונעטקע, וועלכע האָט צו איהם געשמיי־
כעלט, פאר דיעזער אויפמערקזאַמקייט. איהר מאַן איז אַלץ גע־
ווען אָנגע׳ברוגז׳ט, און האָט אויף זיין פרוי אפילו ניט געקוקט,
און האָט אַלץ, צוזאַמען מיט׳ן אַמעריקאַנער, געהאַלטען אין איין
בעוואונדערען די קאָמערץ־איינריכטונגען פון ניו־ יאָרק. נאָך
ניע האָבען די יונגע ענגעלענדערינען געגעסען עפּעל מיט אזא
פערגעניגען: זייער מוטער האָט אָנגעהויבען צו דרעמלען פון
מיעדקייט. אויף דער ערד, לעבען אויוען, זיינען געזעסען צוויי
דאַמען, אויסגעמאַטערט פון דעם וואַרטען. די מענער, וועלכע
זיינען אַרויסגעגאַנגען פאַר׳ן הויז רויכערען און פּערוויילען גע־
גען אַ פיערטעל שטונדע, זיינען צוריקגעקומען, פערפראָרענע.
דער שלעכטער געמיטה האָט ביי אַלעמען ביסלאַכוויים אַלץ גע־
שטייגט, אי איבער דעם שלעכט בעפריעדיגטען הונגער, אי אי־
בער דער מיעדקייט, וואָס איז געקומען פון דער אונבעקוועמליכ־
קייט און אונגעדולד. די לאַגע פון די רייזענדע איז געווען עהנ־
ליך צו אַ לאַגער פון ים־רייזענדע, ציוויליזירטע מענשען, וואָס
דער ים האָט זיי אַרויסגעוואָרפען אויף אַן אונבעוואָהנטען אינזעל.

אזוי ווי מיזאַר האָט יעדעס מאָל, וואָס ער איז אַרויס און
אַריין, איבערגעלאָזט די טיהר אָפען, האָט טאַנטע פאַזיע זיי גע־
קאָנט זעהען פון איהר קראַנקען בעט. אָט דאָס זיינען עס די
לייטע וואָס זי פלעגט זעהען דורכפליהען ווי אַ שטורם, שוין אַ
יאָהר צייט, זייט זי קאָן זיך נור צושלעפּען פון׳ם בעט צום בענ־
קעל. זי האָט נור זעלטען געקאָנט אַרויסגעהען אין דרויסען, צו
דער פּלאַטפאָרמע, און אזוי האָט זי דורכגעלעבט איהרע טעג און
נעכט. איינע אַליין, צוגעבונדען צו דיעזען פּלאַץ, מיט די אויגען
שטענדיג אין פענסטער, ניט האָבענדיג קיין אנדער געזעלשאַפט,
אַ חוץ די שנעל לויפענדע צוגען.

אימער פלעגט זי זיך בעקלאָגען אויף דיעזער וויסטער גע־

גענד, וואו מען זעהט ניט קיין לעבעדיגע מענשען; און דאָ האָסטו אַ גאַנצע מענגע, וואָס איז ערשיענען ,ווער ווייס פון וואַנען. און ס'איז, אזש אָן הארצוועהטאָג צו געבען אַ קלעהר, אז ניט איינער פון דיעזע אַלע מענשען, וועלכע איילען זיך צו זייערע געשעפטען, האָט אפילו קיין פערדאַבט ניט, וואָס דאָ קומט פאָר, וואָס פיר אַ פאַסקודסטווע מען שיט איהר אין זאַלץ אריין! פאַזיע האָט ניט געקאָנט פערשטעהען אַזאַ רעטעניש, און זי האָט זיך אַלץ געשטעלט די פראַגע, ווי קאָן גאָט דערלאָזען אַזאַ געמיינע ניעדערטרעכטיגקייט, און קיינער בעמערקט עס אפילו ניט. און דאָך, אַזוי פיעל מענשען פליהען דורך פאר זייער הויז, טויזענדער און טויזענדער מענשען, אָבער זיי פליהען טאַקי נור דורך, און ניט איינער שטעלט זיך אפילו פאָר, אז אין דיעזען קליינעם, נידעריגען שטיבעלע הרג'ט מען שטיל און געלאַסען. און די מומע פאַזיע האָט בעטראַכט די מענשען, וואָס זיינען אַרונטער ווי פון דער לבנה, האָט געקוקט פון איינעם צום צווייטען, און האָט זיך געטראַכט, אז ווען מענשען זיינען אַזוי בעשעפטיגט, איז גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס זיי געהען פאַרביי אַזוי פיעל ניעדערטרעכטיגקייטען און זעהען זיי ניט.

— איהר דענקט זיך אהין צוריק צו קעהרען? — האָט מיזאַר געפרעגט ביי זשאַק'ן.

— יאָ, יאָ, — האָט זשאַק געענטפערט. — איך קום גלייך נאָך אייך.

מיזאַר איז ארויסגעגאַנגען און האָט צוגעמאַכט די טיהר. פאַזיע, האָט איינגעהאַלטען דעם יונגען מאַן פאר'ן האַנד און האָט איהם גאָט'ן אויער אַ שעפּטשע געטהון:

— ווען איך וועל די כפרה ווערען, וועסטו זעהען, וואָס פיר אַ זויערע צורה ער וועט מאַכען, ווען ער וועט ניט געפונען דאָס געלד... אָה, דעם פערגניגען, וואָס איך האָב, אז איך טראַכט דערפון; אם וועניגסטען וועל איך שטאַרבען אַ צופריעדענע....

— אָבער, מומע פאַזיע, וועט דאָס געלד פערלאָרען געהען פאר יעדען? וועט איהר עס אפילו אייער טאָכטער אויך ניט איבערלאָזען?

— פלארע'ן ?! ער זאל עס ביי איהר קאנען אוועקנעהמען !
אה, ניין !... אפילו דיר, מיין גרוים אינגעל, וועל איך עס ניט אוועקגעבען, ווייל דו ביסט אויך צו נאריש : ער וועט דאך ביי דיר פארט עפים ארויסקריגען... קיינעם ניט, — נור דער ערד, אין וועלכער מיר וועלען זיין צוזאמען !

זי איז געווארען מיעד ; זשאק האט זי אוועקגעלעגט, האט זי אומארמט און בערוהיגט, און האט איהר פערשפראכען זי באלד צו בעזוכען, און אזוי ווי זי האט געשיינט איינצושלאפען, איז ער צוגעגאנגען פון הינטען צו סעווערינע'ן, וועלכע איז נאך אלץ געזעסען לעבען אויוען. ער האט מיט א שמייכעל אויפגעהויבען דעם פינגער, וואהרענדיג זי צו זיין פארזיכטיג. די יונגע פרוי האט שווייגענדיג, און מיט א זעהר חן'עודיגער בעוועגונג, א ווארף געטהון צוריק דעם קאפ און האט איהם אנגעשטעלט די ליפען. ער האט זיך אנגעבויגען און האט זיך צוגעדריקט און געגעבען א לאנגען, שטילען קוש. זייערע אויגען האבען זיך צוגעמאכט, און זיי האבען געשלונגען איינע דעם אנדערן'ס אטהעם. אבער ווען זיי, ווי צוטומעלטע האבען געעפענט די אויגען, האבען זיי דערזעהען פלארע'ן, שטעהענדיג אין דער טיהר, וועלכע האט שווייגענדיג געקוקט אויף זיי.

— מאדאם, איהר דארפט שוין קיין ברויט ניט ? — האט זי געפרעגט מיט א פערשטיקטער שטימע.

סעווערינע איז צומישט געווארען און איז געווארען בייז, און האט מיט קוים פערשטענדליכע ווערטער ארויסגעבאלבעט :

— ניין, ניין... איך דאנק אייך...

געגען א מינוט האט זשאק געקוקט אויף פלארע'ן מיט ברענענדע אויגען. ער האט זיך געוואקעלט, זיינע ליפען האבען געציטערט, גלייך ווי ער וואלט געוואלט רעדען, אבער באלד האט ער, א צובייזערטער און מיט א דראהענדער בעוועגונג, זיך צוריקגעצויגען און איז ארויס פון צימער. די טיהר האט זיך נאך איהם צוגעמאכט מיט א קלאפ.

פלארע איז נאך אלץ געשטאנען אויסגלייכענדיג איהר הוי־

בע מאליע, ווי א קריעגס־פרוי, בעדעקט מיט דעם דיקען פאנצער פון בלאנדע האאר. הייסט עס, אז די אנגסט, וואס זי האט יע־דען פרייטאג געהאט, זעהענדיג דיעזע דאמע אין זשאק'ס צוג, האט זי טאקי ניט אבגענארט. די זיכערהייט, וואס זי האט גע־זוכט, זייט זי האט זיי ביידע פעררעכטיגט, האט זי שוין איצט אבסאלוט געהאט. נאך קיין מאל איז זי ניט געליעבט געווען פון דעם מאן, וואס זי האט געליעבט. ער האט בעסער אויסגע־קליבען דיעזע מאגערע פרוי, אט דיעזען גארניט! און די בי־טערקייט, פאר וואס זי האט זיך איהם ניט איבערגעגעבען אין יענע נאכט, ווען ער האט זי אזוי ברוטאל געוואלט גובר זיין, האט זיך אין איהר אזוי שמערצליך פארשטארקט, אז זי האט זיך שיעור ניט צואוויינט. נאך איהר איינפאכען פערשטאנד איז אויסגעקומען, אז זשאק וואלט זי איצט געקושט, ווען זי זאל זיך איהם געווען איבערגעגעבען פריהער, פאר דיעזער פרוי. 'אה, ווי קריעגט מען איהם איצט איינעם אליין, אום זיך איהם ארויפ־ווארפען אויף'ן האלז און אויסשרייען: „אט, נעהם מיך! איך בין געווען נאריש, ווייל כ'האב ניט געוואוסט!“

פלארע האט אין איהר מאכטלאזיגקייט געפיהלט א ווילדען צארן געגען דיעזען שוואכען, צושראקענעם וועזען, וועלכע איז געזעסען ווי א צומישטע. מיט איהרע שטארקע הענד, ווי ביי א קריעגסמאן, וואלט זי זי דערקוועטשט ווי א קליין פויגעלע. אבער ווארום טהוט זי עס ניט?... זי האט ביי זיך אבער גע־שווארען צו נעמען ראכע פון איהר געגנערין. זי האט וועגען איהר געוואוסט זאכען, פאר וועלכע מען ווערט זי פארשטעקען אין געפענגניס, — אט דיעזע דאמע, וואס שפאצירט זיך איצט ארום פריי, ווי די אלע אנדערע נפשות, וואס פערקויפען זיך צו רייכע און איינפלוסרייכע אלטע מענער.

די אייפערזוכט האט זי געפייניגט, און דער כעס האט זי געווארגען. מיט די געשווינדע קערפערליכע בעוועגונגען פון א שעהנהייט ביי ווילדע פעלקער האט פלארע זיך גענומען אבצו־ראמען דאס איבערגעבליבענע ברויט און די בארנעס.

— אויב איהר ווילט עס ניט, וועל איך עס געבען אנדערע.

עס האָט געקלונגען דריי א זייגער, און דאן פיער. די צייט האָט זיך געצויגען אונערטרעגליך. די מיעדקייט און די אויפגערעגטקייט האָט אַלץ געשטיעגען. אָט האָבען שוין אָנגעהויבען זיך אראָבלאָזען די טונקעלע שאָטענס פון דער נאַכט אויף די ענדלאָזע ווייסע פעלדער. די מענער, וועלכע זיינען יעדע צעהן מינוט ארויסגעגאנגען זעהען, ווי עס האלט מיט דער ארבייט, זיינען צוריקגעקומען, זאָגענדיג, אז די מאשין איז נאָך אַלץ ניט בעפרייט. אפילו די קליינע ענגלענדערינען האָבען געוויינט פון אויפגערעגטקייט. אין ווינקעל איז די קליינע ברונעטקע איינגעשלאָפען אויף דעם אקסעל ביי'ם יונגען מאן פון האוור. און איהר אלטער מאן האָט עס אפילו ניט בעמערקט צווישען דער געמיינשאפטליכע דערשלאָגענהייט, וועלכע האָט יעדען געמאכט פערגעסען אפילו אָן די געזעלשאפטליכע מאנערען. אין קיך איז געוואָרען קאַלט, אַלע האָבען געציטערט, און קיינעם איז אין געדאנקען ניט געקומען ארויפצולעגען האָלץ אויפ'ן פייער. ענדליך איז דער אמעריקאנער ארויסגעגאנגען, דענקענדיג, אז ס'וועט איהם פיעל בעקוועהמער זיין צו ליעגען אויף א קאנאַפּע אין א וואַגאָן. איצט האָט שוין יעדען באנק געטהון; מען וואָלט בעסער געוועו געדארפט בלייבען אין די וואַגאָנעם — אַם וועניגסטען וואָלט מען זיך פארשפאָרט צו פייניגען, ניט וויסענדיג, וואָס דאָרט קומט פאָר. מען האָט געמוזט איינהאַלטען די ענגלישע דאַמע. ווייל זי האָט אויך געוואָלט אוועקגעהען צו זיך אין איהר אבטיילונג און זיך דאָרט לעגען. ווען מען האָט אוועקגעשטעלט א ליכט אויפ'ן עק טיש, אום צו בעלויכטען די פינסטערע קיך, איז אויף אַלעמען אָנגעפאלען א טרויער; אַלע זיינען אריינגעפאלען אין א פינסטערע פערצווייפלונג.

דאָס רייניגען פון דעם וועג האָט ענדליך גענומען קומען צו אַן ענדע. די ראָטע סאָלדאטען, וועלכע האָט בעפרייט דעם לאָקאָמאָטיוו, האָט אָבגעקעהרט דעם וועג פאר איהם, און דער מאשיניסט און דער הייצער זיינען שוין געשטאנען אויף די ערטער.

וועו זשאק האָט בעמערקט, אז דער שנעע האָט ענדליך

אויפגעהערט צו פאלען, איז ער מונטערער געוואָרען. דער רעל־סען־קירעוועד, אזיל, האָט איהם פערזיכערט, אז פון יענער זייט טונעל, פון דער זייט פון מאָלאָגע איז פיעל ווייניגער שנעע אויס־געפאלען. זשאק האָט ווייטער געפרעגט:

— איהר זייט דורכגעגאנגען דעם טונעל צו־פוס, האָט איהר געקאָנט פריי אריינגעהען און ארויסגעהען?

— יא, זאָג איך אייך! איהר וועט דורכגעהען, איך גאַ־ראנטיר אייך.

קאַביש, וועלכער האָט געארבייט מיט דער פלייסיגקייט פון א גוטמוטהיגען ריעז, איז זיך אוועקגעגאנגען אָן א זייט. זיין וויל־דער, שרעקעדיגער אויסזעהען איז נאָך פערגרעסערט געוואָרען, זייט ער האָט געהאט צו טהון מיט דעם געריכט. זשאק האָט איהם א רוף געטהון.

— זייט אזוי גוט, קאמראַד, דערלאנגט מיר די לאָפּעטעס, וואָס שטעהען דאָרטען ביי דער זייט. זיי וועלען אונז נאָך צו־נוץ קומען אין א נויט.

ווען דער שטיינברעכער האָט איהם געטהון די געפעליגקייט, האָט איהם זשאק א שטארקען דריק געטהון די האַנד, אום איהם צו צייגען, אז ער אכטעט איהם, ניט קוקענדיג אויף קיין זאַך, אין אז ער שעצט זיין ארבייט.

— איהר זיינט א בראַווער מאַן, קאַביש!

דיעזע פריינדליכע בענעהמונג האָט קאַביש'ן זעהר שטארק געריהרט.

— א דאַנק, האָט ער געענטפערט, איינפאַך, קוים איינ־האַלטענדיג די טרעהרען.

מיזאַר, וועלכער האָט זיך איבערגעבעטען מיט קאַביש'ן נאָכדעם, ווי ער האָט אָנגעוויעזען געגען איהם פאר'ן אונטער־זוכונג'ס ריכטער, האָט ביי זשאַק'ס ווערטער א בויג געטהון מיט'ן קאָפּ און האָט מיט זיינע צוזאמענגעדריקטע ליפּען כיטרע א שמייכעל געטהון. ער האָט שוין פון לאנג אויפגעהערט צו אר־בייטען, און אריינשטעקענדיג די הענד אין די קעשענעס, האָט ער געקוקט אויף'ן צוג מיט זיינע געלע אויגען, גלייך ווי ער האָט

געוואַרט צו זעהען צי עס וועלען עפּיס ניט זיין קיין פערלאָרענע זאכען אונטער די רעדער.

ענדליך האָט דער אויבער־קאָנדוקטאָר און אויך זשאק בעשלאָסען, אז מען מעג שוין פּראָבירען פאָהרען, אָבער פלוצלינג האָט פּעקע, וועלכער איז ארויס אויף'ן מיט'ן וועג, א געשריי געטהון :

— זעהט נור, איין צילינדער איז צובראָכען.

זשאק איז צוגעגאנגען און האָט זיך אויך אָנגעבויגען. גוט בעטראכטענדיג „ליזא'ן" האָט ער זיך איבערצייגט, אז זי איז פערוואונדעט. אָבריייניגענדיג דעם וועג, האָט מען בעמערקט, אז דעמבענע קלעצער, וועלכע די באהן־ארבייטער האָבען אוועקגעלעגט אויף דעם בערגעל ביי דער זייט פון באהן, האָבען זיך אראָבגעגליטשט און אין דעם שנעע און אין דעם ווינט האָבען זיי זיך צוואוואָרפען איבער די רעלסעס ; דאָס אבשטעלען־זיך איז אויך געקומען מאקי פון דיעזער שטערונג, ווייל די מאשין האָט זיך אריינגעהאקט אין איינעם פון די קלעצער. מ'האָט געקענט זעהען א קראַץ אויף'ן קאַסטען פון'ם צילינדער, אין וועלכען דער טרייב־שטאַנג האָט געשיינט צו זיין אביסעל אָבגערוקט. אָבער דאָס איז ניט געווען זעהר וויכטיג, און דער מאשיניסט האָט זיך ווי בערוהיגט. פיעלייכט זיינען דאָרט געווען אינערליכע בעשעדיגונגען. עס איז ניטאָ קיין דעליקאטערע זאך ווי א קאָמפּליצירטער מעכאניזם מיט באַלאַנס־שרויפען. ס'איז ווי א לעבעדיגע נשמה, מיט א קלאַפּענדיגע הארץ...

זשאַק איז צוריק ארויף אויף'ן בריקעל, האָט געגעבען א סווישטש, האָט אויפגעעפענט דעם רעגוליאטאָר אום אויסצופּרובּען יעדען אבר פון „ליזא'ן". איהר איז געווען שווער זיך צו ריהרען פון פלאַץ, ווי א מענש, וואָס איז בעטויבט פון א פאַל, און קען ניט פיהלען זיינע גליעדער. שווער סאַפּענדיג, האָט זי זיך ענדליך געריהרט ; איהרע רעדער האָבען זיך עטליכע מאָל ארומגעדרעהט, אָבער זי איז נאָך אַלץ געווען ווי א צוטומעלטע, א שווערע. אָבער זי וועט נאָך זיין א לייט. „ליזא" וועט נאָך געהען, וועט נאָך קאָנען ענדיגען די רייזע.

אָבער זשאק האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, ווייל ער, וועלבער האָט זי אזוי גוט געקאָנט, האָט געפיהלט, אין די הענד אז זי איז עפּיס געוואָרען מאָדנע, אן אנדערע, א געעלטערטע און האָט ערגיץ געקראָגען אַ טויט־קלאפּ. אין דיעזען שנעע האָט זי עס געקענט קריגען דעם קלאַפּ אין הארצען, אַ טויטליכע פערקעלטונג, ווי די געזונטע יונגע פרויען, וואָס שטארבען פון ברוסט קראנקהייטען, נאָכדעם ווי זיי קומען אהיים פון א באָל אין אַ קאַלטען רעגען.

זשאק האָט נאָך אמאָל געגעבען אַ סווישטש, ווען פעקע האָט געעפענט דעם קלאַפּאַן.ביידע קאָנדוקטאָרען האָבען זיך געשטעלט אויף זייערע פּאָסטנס. מיזאָר, אָזיל און קאַביש האָבען זיך ארויפגעכאפּט אויף די טרעפּלאך פון דעם פּראכטוואגאָן אין אָנפאַנג פון צוג. און פּאַוואָלינקע איז דער צוג ארויס פון דעם אויסגעגראָבענעם טהאָל, צווישען די סאָלדאַטען, וועלכע האָבען זיך אויסגעשטעלט פון ביידע זייטען, בעוואַפענט מיט זייערע לאָפּעטעס. דאַן האָט זיך דער צוג אָבגעשטעלט לעבען הויז פון דעם וועג־סיגנאליסט, אום צו פערנעמען די איבּריגע פּאסאזשירען.

פלאָרע איז געשטאַנען אין דרויסען. קאַביש און אָזיל זיינען צו איהר צוגעגאנגען און האָבען זיך לעבען איהר אַוועקגעשטעלט. מיזאָר האָט זיך אין איילעניש געבוקט צו די דאַמען און העררען, וועלכע זיינען פון זיין הויז ארויסגעקומען, און האָט צונויפגענומען ווייסע מטבעות. די בעפרייאונג איז ענדליך געקומען ! אָבער אָנגעוואַרט האָט מען זיך גאַנץ לאנג, און די רייזענדע זיינען געפאַלען פון קעלט, הונגער און מיעדקייט. די ענגלישע פרוי האָט געפיהרט איהרע צוויי טעכטער, כמעט האלב איינגעשלאָפענע ; דער יונגער מאן פון האוור האָט זיך אריינגעזעצט אין דער זעלבער אבטהיילונג, וואו די שעהנע ברונעטקע, וועלכע איז שטאַרק אָבגעשוואכט געוואָרען, און האָט אויך פיעל געהאָלפען איהר מאן. מען האָט געקאָנט זאָגען, אז דאָס איז געווען אַ צוקלאַפּטע, צוזעהעטע אַרמעע, וועלכע האָט זיך געשלעפּט אין שמוציגען שנעע, און האָט זאָגאר פערלאָרען דעם

אינסטינקט פון ריינליכקייט. אויף א מינוט, איז ערשיענען אין פענסטער, פון יענער זייט גלאָז, טאנטע פאזיע, וועלכע איז אויסנייגיעריגקייט ארונטער פון'ם מאטראץ און האָט זיך צוגעשלעפּט צום פענסטער צו קוקען. די גרויסע, איינגעפאלענע אויגען פון דער שווערער קראנקער האָבען געקוקט אויף דיזען אונבעקאנטען עולם, אויף דיזע דורכרייזענדע לייטע, וועמען זי וועט שוין קיין מאָל מעהר ניט זעהען, וועמען דער שטורם האָט געבראכט און צוריק אוועקגעטראָגען.

סעווערינע איז ארויסגעקומען צום לעצטען. זי האָט אויסגעדרעהט דעם קאָפּ און האָט א שמייכעל געטהון צו זשאק'ן, וועלכער האָט זיך ארויסגעבויגען אום איהר נאָכצוקוקען ביז'ן וואגאָן אריין. און פלאָרע, וועלכע האָט אויף זיי געווארט, איז ווידער אמאָל א טויטע געוואָרען ביי דיזען רוהיגען אויסטויש פון צערטליכקייט. זי איז שנעל צוגעגאנגען צו אזיל'ן, וועמען זי האָט פון זיך ביז יעצט געטריבען, גלייך ווי זי וואָלט געפיהלט, אז איצט אין איהר האס האָט זי זיך גענויטיגט אין א מאן א פריינד.

דער אויבער־קאָנדוקטאָר האָט דערלאַנגט דעם סיגנאל, „ליזא" האָט געענטפערט מיט א וויינענדיגען פייף, און דאָס מאָל האָט זיך זשאק אוועקגעלאָזט אין וועג אריין שוין ביז רואן.

ס'איז געווען זעקס א זייגער. די נאכט האָט זיך פון א פינסטערען הימעל אראָפּגעלאָזט אויף דער ווייסע ערד. בלויז א בלאַסער אָבשיין, א שרעקליכער און טרויעריגער, האָט זיך געזעהען אויף די פעלדער, בעלויכטענדיג די פערוויסטונג פון דעם פאַרוואָרפענעם ווינקעל. און אין דיזער בלאַסער בעלויכטונג איז זיך, ביים וועג פון באַהן, געשטאַנען דאָס הויז אין קרוא־דע־מאָפרא, נאָך טרויעריגער און שווארצער אין דעם ווייסען שנעע. און אויף'ן פארמאכטען טויער איז געווען אָנגעשלאָגען די אויפשריפט: „צום פארקויפען!"

8.

אין פאריז איז דער צוג גיט אָנגעקומען אויף דער סטאנציע פאר צעהן אוהר פיערציג אויף דער נאכט. אין רואן האָט מען

זיך אָבגעשטעלט אויף צוואַנציג מינוט צו געבען די פּאַסאַזשי־רען צייט עפּיס איבערצוכאַפּען. סעווערינע האָט זיך בענוצט מיט דער געלעגענהייט צו טעלעגראַפירען איהר מאַן, אַז זי וועט קאָנען קומען צוריק אין האָוור ערשט מיט דעם מאָרגעדיגען שנעל־צוג אויף־דער־נאַכט. דאָס ערשטע מאָל וועלען זיי היינט קאָנען איבערנעכטיגען צוזאַמען, אַליין אין אַ צימער, פאַרמאַכט, פריי פון יעדע שרעק געשטערט צו ווערען.

נאָך ביים אַרויספאָהרען פון מאַנט, איז פּעקע'ן איינגע־פאַלען אַ גוטער פּלאַן. זיין פרוי, מומע וויקטאָריע, האָט געהאַט אַ שלעכטען פאַל און ס'איז שוין איבער אַ וואָך, אַז זי ליעגט אין שפּיטאָל מיט אַ פוס. ער אַליין ווידער האָט אין פּאַריז אַן אַנדער אָרט וואו איבערצונעכטיגען, האָט ער ערקלעהרט מיט אַ שמייכעל; קאָן ער דערפאַר מאַדאַם רובאָ פאַרשלאָגען זיין היים: דאָרט וועט איהר זיין בעקוועמער, ווי אין אַ האָטעל; זי וועט זיך קאָנען אויסרוהען ביז מאָרגען אבענד, ווי ביי זיך אין דערהיים. און זשאַק האָט זאָפאָרט אנערקענט ווי פּראַקטיש אַזאַ פאָרשלאַג איז, שוין דערפאַר אַליין, וואָס זאָנסט ווייסט ער ניט וואָהין אַריינצופיהרען די יונגע פרוי..

אַז דער עולם האָט ענדליך גענומען אַרויסקריעכען פון די װאַגאָנעס אויף'ן וואָקזאַל, און סעווערינע איז ענדליך צו צום לאָקאָמאָטיוו, האָט זשאַק איהר געראַטען אָנצונעמען דעם פאָר־שלאַג, און האָט איהר דערלאַנגט דעם שליעסעל צו דער טיהר, וואָס דער הייצער האָט איהם איבערגעגעבען. אָבער זי האָט זיך געקווענקעלט, האָט ניט געוואָלט, האָט זיך זשעניערט פון דעם בעדייטונגספולען שמייכעלע פון פּעקע, וועלכער שטויסט זיך זיכער אָן.

— ניין, ניין; כ'האָב אַ קוזינע אין פּאַריז; זי וועט מיר אויסבעטען אויף אַ מאַטראַץ אויף דער ערד.

— לאָזט זיך ניט בעטען אַזוי לאַנג! — האָט פּעקע גע־זאָגט מיט זיין טאָן פון אַ פריילּיכען יונג און אַ גוטען ברודער.— ס'איז אַ בעט, ווייך אַ מחיה! און גרויס גענוג פאַר פיער.

זשאַק האָט אויף איהר אַ בליק געטהון אַזוי דרינגענד, אַז

זי האָט גענומען דעם שליסעל. ער האָט זיך ארויסגעבויגען פון פענסטער און האָט איהר אַ הויך געטהון אין אויער אריין:

— וואַרט אויף מיר!

סעווערינע האָט בלויז געדאַרפט צוגעהן ביז די גאַס ד'אַמסטערדאַם און זיך נעמען אין'ם שמאָלען געסעל אריין; אָבער פונ'ם שנעע איז געוואָרען אַזוי גליטשיג, אַז סעווערינע האָט געמוזט געהן זעהר פּאַמעלאַך. דאָך האָט זי געהאַט דאָס גוטע מזל, אַז די טיהר פון דעם הויז איז נאָך געווען אָפען, און זי איז זיך שטיל ארויפגעגאַנגען די טרעפּ און קיינער האָט זי ניט געזעהען, אפילו די הויזוועכטערין אויך ניט, — זי איז געווען צו פאַרטיעפט אין אַ פּאַרטיע דאָמינאָ, וואָס זי האָט געשפּיעלט מיט אַ שכנה. ווען סעווערינע איז ארויף אויף'ן פיערטען גאָרן, האָט זי אויפגעעפענט די טיהר און איז אריינגעגאַנגען און זי צוריק פערמאַכט אַזוי שטיל, אַז געוויס האָט קיינער ניט געהערט. אָבער בשעת זי האָט בעדאַרפט פון'ם דריטען גאָרן ארויפגעהן אויף'ן פיערטען, האָט זי זעהר דייטליך געהערט די דאָווערנס' געזאַנג און געלעכטער: — געוויס עפּעס אַ מוזיקאַלישער אבענד ביי איינע פון די צוויי שוועסטער, וועלכע פלעגען זיך איין מאָל אַ וואָך אַזוי אונטערהאַלטען מיט זייערע חבר'טעס.

און אַז סעווערינע האָט ענדליך פערמאַכט די טיהר, האָט זי אין די פינסטערניש פון דעם צימער נאָך אַלץ געהערט פון אונטען די לעבעדיגע פרעהליכקייט פון די יונגע חברה. די ערשטע מינוט האָט זיך איהר אָבגעדוכט, אַז ס'איז פּאָלקאָמען פינסטער; און זי האָט אַ ציטער געטהון, ווען דער קוקוק פון'ם זייגער האָט אין מיטען דערינען גענומען קלינגען עלף אוהר, מיט די טיעפע טענער פון אַ קלאַנג, וועלכען זי האָט באַלד דערקאַנט. אָבער דערנאָך האָבען זיך איהרע אויגען צוגעוואָהנט צו דער פינסטערניש; און די צוויי פענסטער האָבען זיך פיר איהר אויסגעשניטען ווי צוויי בלאַסע פיער־קאַנטען, אבשטראַהלענדיג אויף דער סטעליע דעם שנעע פון דרויסען. און זי האָט שוין געוואוסט וואו זי איז דאַ; זי האָט גענומען זוכען

שוועבעלאך, אויף'ן בופעט אין א ווינקעלע, וואו זי האט זיי אמאל געזעהען, לויט זי געדענקט. אבער א ליכט האט זי ניט אזוי לייכט געפונען; ענדליך האט זי אין קעסטעל געפונען א שטיקעל. זי האט דאס אנגעצונדען; אין שטוב איז געווארען ליכטיג, און זי האט זיך ארומגעקוקט, האסטיג און אנגסטליך, גלייך ווי זי האט זיך געוואלט איבערצייגען, אז זי איז דא ווירקליך איינע אליין. זי האט אין צימער דערקאנט די זאכען: דעם קיילעכדיגען טיש, ביי וועלכען זי האט מיט'ן מאן דאן געגעסען פריהשטיק; דאס בעט מיט'ן רויטען באוועלנעם פארהאנג; דא האט זי רובא אנידערגעווארפען מיט איין האק פון זיין פויסט. אלעם האט זיך דא ניט געענדערט פון יענער צייט אן.

לאנגזאם האט סעווערינע אויסגעטהון די הוט. אבער ביים אויסטהון פון אויבערראק, האט זי א ציטער געטהון. מ'האט דא געקאנט פערפרארען ווערען. ביים אויווען, אין א קליין שאכטעל, איז געוועזען קוילען און צוהאקטע האלץ. און נאך איידער זי האט זיך אויסגעטהון, איז איהר געקומען אויפ'ן געדאנקען, צו מאכען דעם אויווען; דאס האט זי אמוזירט; און זי האט זיך אביסעל פערגעסען אן איהר ערשטען שלעכטען איינדרוק. דאס באלאבאסטעווען אין דער נאכט פון ליעבע, דער געדאנק, אז עס וועט זיי ביידען זיין אזוי ווארם, האט אנגעפילט איהר הארץ מיט פרייד פון זייער יעצטיגען איינפאל; אזוי לאנג האבען זיי ביידע גע'חלומ'ט פון אזא נאכט, גארניט האפענדיג אז דער חלום וועט מקוים ווערען. אז עס האט אנגעהויבען ברענען אין אויווען, האט זי זיך גענומען צו ווייטערע פארבערייטונגען: זי האט אויסגעשטעלט די בענקלאך, נאך איהר געשמאק, האט ארויסגענומען ווייסע ליילעכער און האט איבערגעבעט דאס בעט; און דאס איז גאר ניט געווען אזוי גרינג, ווייל דאס בעט איז טאקי אין דער אמת'ן געווען זעהר ברייט. ליידער האט זי אין בופעט ניט געפונען וואס צו עסען אדער צו טרינקען: מסתמא האט דאס פעקע אין די דריי טעג, וואס ער האט דא געבאלאבאטעוועט, אזוי אלעם אויסגערייניגט ביז'ן לעצטען ביסען. און מיט'ן ליכט איז אויך דאס זעלבע, קוים

געפונען א קאניצעל. אבער אז מ׳געהט זיך לעגען, דארף מען קיין ליכט ניט.

סעווערינע האט זיך שוין גוט דערוואָרימט, און איז געוואָרען מונטערער; זי האט זיך אבגעשטעלט אין מיטען שטוב, און האט זיך ארומגעקוקט צי פעהלט ניט עפעס.

ענדליך האט זי זיך פערוואונדערט, וואס זשאק איז נאך אלץ ניטא. פלוצים א פייף; זי איז צו צו א פענסטער. דאס איז ארויסגעגאנגען דער צוג עלף אוהר צוואנציג, דירעקט קיין האוור. אונטען האט די גרויסע שטרעקע צווישען די סטאנציע און דעם באטיניאָלער טונעל, אויסגעזעהען ווי איין ווייס לײלאך, אויף וועלכען עס האבען זיך געלאזט מערקען בלויז די שווארצע רעלסעס, צושפרייט ווי די לאנגע פינגער פון א פאכער. די לאָקאמאָטיווען און די אנגעגרייטע וואגאנעס האבען אויסגעזעהען ווי ווייסע קערפערלאך, וואס דרימלען אונטער א צודעק פון הערמעלין־פעל. און צווישען דעם שנעע־ווייסען גלעזערנעם דאך פון וואקזאל און די מיט שפיצעלאך בעפוצטע שטאנגען פון דעם בריק „דע־ל׳אייראפ“ האבען זיך גלייך אנטקעגען, אין דער נאכט, געלאזט זעהען די הייזער פון דער גאס דע ראם, — שמוציגע און געללע אין דעם ים ווייסקייט.

דער דירעקטער צוג קיין האוור איז ארויסגעקראכען, א שווארצער און א לאנגער, מיט זיין פאדערשטען לאמפ, וואס האט דורכגעלעכערט די פינסטערניש ווי א לעבעדיגע פלאם. און סעווערינע האט איהם נאכגעקוקט ביז אונטער׳ן בריק; די דריי רויטע פייערלאך אויף׳ן לעצטען וואגאן האבען ווי פארבלוטיגט דעם שנעע.

אז זי האט זיך אומגעקעהרט צוריק צו דער שטוב, האט זי א ציטער געטהון: איז זי דא ווירקליך איינע אליין? אימעצענס הייסער אטהעם האט איהר, דאכט זיך, א בריה געטהון אויף האלז־נאקען; אימעצענס גראביאנסקע האנט האט דורך איהרע קליידער, איהר אנגעריהרט דאס לייב... און די דערשראקענע אויגען איהרע האבען ווידער בעקוקט דאס צימער גיין; ס׳איז קיינער ניטא.

וואו פארברענגט עס איצט זשאק? וואס זאמט ער זיך אזוי? נאך צעהן מינוט זיינען פארביי. עפעס האט א רויש געטהאן; עפעס קראצט מען ווי האלץ מיט די נעגעל; זי האט זיך בעאונ־רוהיגט; זי האט אבער באלד פארשטאנען און איז צו צו דער טיהר עפענען. ס'איז ער, מיט א פלאש מאלאגע און א זיעסע געבעקס.

סעווערינע האט זיך פונאנדערגעלאכט; מיט א לאסטשענ־דע בעוועגונג פון דער האנט, האט זי איהם ארומגענומען פאר'ן האלז.

— אה, ס'א ליעבינקער דו ביסט! האסט דאס אין זינען געהאט!

אבער זשאק האט איהר האסטיג געהייסען שווייגען.

— ששא! ש־ש־ש־שא!

און זי איז זאפארט געווארען שטילער, מורא האבענדיג, אז די הויז־וועכטערין איז איהם נאכגעגאנגען. ניין; ער האט געהאט א גוט מזל; פונקט ווען ער האט שוין געוואלט אנקליי־גען, האט זיך די טיהר געעפענט, און א דאמע מיט איהר טאכטער זיינען ארויסגעקומען, — פון די דאווערנס, מסתמא; און ער האט געקאנט ארויפגעהן, און קיינער האט ניט געזעהן. און בלויז שוין דא, אויף דעם פיערטען שטאק, האט ער אין א האלב אפענע טיהר בעמערקט די צייטונגס־הענדלערקע ענדיגען וואשען גרעט אין א קליינעם וואש־טאפ.

— אבער לאמיר נוה ניט מאכען קיין רעש, ווילסטו? לאמיר רעדען שטיל.

דארויף האט זי געענטפערט בלויז דערמיט וואס זי האט איהם ארומגענומען און איהם ליידענשאפטליך געדריקט צו זיך און איהם בעדעקט דאס געזיכט מיט שטילע קושען. איהר איז גראד געפעלען זיך צו שפיעלען אין סעקרעטען און ניט צו טארען רעדען און בלויז מעגען זיך שושקענען זעהר שטיל.

— יא, יא; וועסט זעהן; מ'וועט פון אונז הערען ניט מעהר ווי פון צוויי קליינע מייזעלאך.

זי האט געגרייט צום טיש מיט די מעגליכסטע פארזיכ־

טיגקייט; צוויי מעלער, צוויי גלעזער, צוויי מעסער, יעדער ווייַלע אָבשטעלענדיג זיך ביים קלענסטען קלאַפּ, און קוים איינהאַלטענדיג זיך פון געלעכטער.

און איהם האָט דאָס אויך אַמוזירט צו זעהן, ווי זי איז אַזוי בעשעפטיגט.

— איך האָב גערעכענט, אַז דו האָסט זיך אויסגעהונגערט, — האָט ער געזאָגט.

— איך שטאַרב אָקערשט ניט. אין רואַן האָבען מיר דאָך קוים וואָס איבערגעכאַפּט.

— ווייסטו גאָר, איך וועל געהן ברענגען אַ היהנדעלע.

— אָה, ניין; טאָמער וועסטו דערנאָך ניט קאָנען זיך אומקעהרען! ניין, ניין; געבעקס וועט זיין גענוג.

און זיי האָבען זיך געזעצט צום טיש איינער לעבען אנדערן, במעט אויף איין בענקעל, און האָבען זיך גענומען עסען די געבעקס, שטיפענדיג ווי פאַרליעבטע. זי האָט זיך בעקלאָגט אַז עס דורשט זי אַ טרונק, און האָט איינס נאָך דאָס אנדערע אויסגעטרונקען צוויי גלעזער מאַלאַגע, — און דערפון איז איהר דאָס פּנים געוואָרען שוין אין גאַנצען פערפלאַמט. דאָס אויוועלע האָט זיך דערווייל צופלאַקערט, און הינטער זייערע פּלייצעס האָבען זיי דערפיהלט ווי אַ הייסען שטראָם לופט.

ער האָט איהר געקוסט אין האַלז, אָבער צו הויך, האָט זי איהם געוואָהרענט:

— ש־שאַ! ש־ש־ש־שאַ!

זי האָט איהם מיט אַ צייכען געהייסען זיך צוהערען, און אין דער שטילקייט האָבען זיי ביידע געהערט פון אונטען, פון די דאָווערנס, קומט ווידער אַרויף עפּעס אַ פאַרשטיקטער קלאַפּעריי, ווי צוגעמאָסטען צום גערויש פון מוזיק; דאָס געהען זיי מסתמא זיך שטעלען טאַנצען. אין קאָרידאָריל האָט די ציימונגסהענדלערקע אויסגעגאָסען אין רינשטאָק שמוציגע וואַסער פון איהר וואַש־טאָפּ. דערנאָך האָט זי פערמאַכט די טיהר: אונטען האָט מען באַלד אויפגעהערט צו טאַנצען; און בלויז פון דרויסען, אונטער די פענסטער, האָט זיך געהערט דער פאַרהילטער

גערויש פון דעם צוג, וואס לאזט זיך ערשט געהן איבער'ן שנעע, און עס דוכט זיך, אז ער וויינט, מיט זיין קלאגעדיג פייפען.

— דאס איז דער צוג קיין אטעיל, — האט ער גזאגט, — צעהן מינוט פאר צוועלף.

און מיט א לאסטשענדע שטימע, שטיל, ווי א הויך, האט ער זי געפרעגט:

— מיין פויגעלע וויל שלאפען?

זי האט איהם ניט געענטפערט. אין איהר יעצטיגען פיעבערשען צושטאנד פון גליק, האט זי זיך דערמאנט אן איהר פארגאנגענהייט; געגען איהר אייגענעם ווילען זיינען איהר אין געדאנק געקראכען די שטונדען, וואס זי האט איבערגעלעבט דא מיט איהר מאן. איז דען ניט דאס שטיקעל געבעקס, וואס זיי עסען איצט, בלויז די פארטזעטצונג פון דעם פריהשטיק פון א מאל, — דער זעלבער טיש, דער זעלבער רויש, און די זאכען אין דעם צימער בעאונרוהיגען זי אויף נאך מעהר, עראינערונגען גרייפען זי אן, און זי פיהלט איצט שטארקער ווי אלע מאל די שארפסטע בעדירפנים זיך מודה צו זיין פאר איהר געליעבטען, אין גאנצען זיך איבערצוגעבען אין זיינע הענט. און געפיהלט האט זי דאס, ווי א מין פיזישען וואונש, וועלכען זי האט שוין ניט געקאנט אונטערשיידען פון איהר קערפערליכען בעגעהר; — און ס'האט זיך איהר אויסגעדוכט, אז זי וועט זיין זיינע פיעל מעהר און וועט ערשט פאלקאמען געניעסען דעם תענוג צו זיין זיינע, ווען זי וועט איהם אלעס אויסדערצעהלען אויף'ן אויער, האלזענדיג איהם. די פאקטען פון יעמאלט וואכען אויף, און איהר מאן איז דא, און זי זעהט, דאכט זיך, ווי ער שטרעקט אוים זיין קורצען, האאריגען ארם איבער איהר שולטער צו נעמען דאס מעסער... זי האט זיך אזש אומגעקוקט.

— ווילסט שלאפען, פייגעלע? — האט זשאק ווידערהאלט.

זי האט א ציטער געטהון, דערפיהלענדיג ווי זיינע ליפען דריקען זיך צו איהר מויל, גלייך ווי ער וואלט דערמיט נאך א מאל געוואלט פארהאלטען איהר מודה זיין זיך. און, ווי א שטומע, האט זי זיך אויפגעהויבען, האט פון זיך האסטיג ארונטערגע־

וואַרפען די קליידער און זיך אריינגעכאַפּט אונטער'ן קאָלדרע, זאָגאר ניט אויפהויבענדיג איהרע זאַכען, וואָס זיינען געבליע־בען ליגען אויף די פּאָדלאָגע. און ער האָט זיך אויך ניט גע־קימערט וועגען די זאַכען; אויף'ן טיש איז געבליבען דאָס גע־שיער; און דאָס קאַניצעל ליכט האָט שוין כמעט אויסגעברענט, און די שיין האָט שוין גענומען גוסס'ן. און אַז ער האָט זיך אויך אויסגעטהון און זיך געלעגט, האָבען זיי זיך האַסטיג ארומגע־כאַפּט, און זיי האָבען קוים געקאָנט איבערכאַפּען דעם אָטהעם אין די ליידענשאַפּטליכקייט פון זייער אומארמונג. אונטער די טענער פון דער מוזיק פון די אונטערשטע קוואַרטיר, האָט זיך אין די טויט־שטילקייט פון זייער צימער ניט געהערט אַ איין קול, אַ איין קלאַנג, גאָר־ניט — בלויז אַ ציטער, אַ מין טיעפע קאָנוואולסיע פון ווילדע בערוישטקייט. כמעט פון בעזינונגסלאָ־זיגקייט.

זשאַק דערקענט שוין אין סעווערינע'ן ניט מעהר די פרוי פון דער ערשטער צייט פון זייער ליעבע, — די שטילע, פּאַסיווע סעווערינע, מיט איהרע קלאָרע, בלויע אויגען; זי ווערט איצט ליידענשאַפּטליכער מיט יעדען טאָג, אונטער דעם טונקעלען פּאַנ־ציר פון איהרע שוואַרצע האאר. און ער האָט געשפּירט, ווי אין זיינע אָרמס וואַכט זי בּיסלאַכווייז אויף פון די פריהעריגע קאָלט־קייט פון איהר מיידעלשע אונשולד, פון וועלכע עס האָבען זי ניט געקענט ארויסרייסען ניט די עובר־בטל'שע מאַכטלאָזיגקייט פון גראַנמאָרען און ניט די גראָביאַנסקע הייראַטס־ליעבע פון רו־באָ. בעשאַפען פיר ליעבע, האָט זי יעמאָלט בלויז געפאָלגט; אָבער היינט ליעבט זי, און גיט זיך אָב מיט'ן גאַנצען האַרצען, און איז איהם פייערליך דאַנקבאַר פאר דעם גליק. און אין סע־ווערינע'ן איז ערוועקט געוואָרען די טיעפסטע ליידענשאַפט צו דעם מאַן, וועלכען זי פאַרגעטערט אין די ערוואַכונג פון איהרע געפיהלע, און פון גרויס גליק, וואָס ער איז ענדליך איהרער, אונ־געשטערט, און זי האַלט איהם אין איהרע אָרמס און דריקט איהם צו זיך, צו איהר האַרץ, האָט עס איהר אַזש אַזוי פאַר־

קלעמט די צייהנער, אַז עס האָט זיך פון איהר אפילו קיין אָטהעם ניט געהערט.

אַז זיי האָבען ענדליך געעפענט די אויגען, האָט עה זיך דער ערשטער פערוואונדערט:

— זעה! דאָס ליכט איז אויסגעגאַנגען.

סעווערינע האָט געמאַכט אַ ליכטע בעוועגונג, ווי איינער זאָגט, „ס'אַרט מיך ניט". און קוים איינהאַלטענדיג זיך פון געלעכטער, האָט זי געזאָגט:

— כ'בין אַ חכמה, אַה?

— אָה, יאַ; קיינער האָט ניט געהערט... ווי אַמת'ע צוויי מייזעלאך.

אַז זיי האָבען זיך ווידער אַנידערגעלעגט, האָט סעווערינע איהם ווידער ארומגענומען, זיך צו איהם צוגעטוליעט, בעהאַלטענדיג איהר נאָז ביי איהם אויפ'ן האַלז. און מיט אַ ליכטען זיפץ האָט זי ארויסגעאָטהעמט:

— מיין גאָט! ווי גליקליך מיר זיינען!

זיי האָבען מעהר ניט גערעדט, דאָס צימער האָט אויסגעזעהען שוואַרץ; מ'האָט קוים געמערקט די צוויי בלאַסע פיערקאַנטען פון די פענסטער; און אויף דער סטעליע האָט זיך גאָר ניט געמערקט, אַ חוץ איין רויטער אָבשיין פון דעם אויוועלע, — ווי אַ רונדער פלעק און אַ בלוטיגער. און אויף דעם פלעק האָבען זיי ביידע געקוקט מיט גרויסע אָפענע אויגען...

די מוזיק האָט אויפגעהערט. מ'האָט געקלאַפּט מיט די טיהרען, און בּיסלאַכווייז איז דאָס גאַנצע הויז געווען איינגעוויקעלט אין די שווערע שטילקייט פון שלאָף. אתּטען, אויף דער סטאַנציע, איז אָנגעקומען דער צוג פון קאַאַן, און די דרעהצירקלען האָבען געקלאַפּט, און זייער גערויש האָט קוים דערגרייכט ארויף אין דער הויף, עפּעס ווי פארשטיקט און פון ווייטען.

און אומאַרמענדיג זשאַק'ן, האָט זיך סעווערינע באַלד ווידער צוהיצט, און מיט איהר בעגעהר האָט זיך אין איהר אויך ווידער אויפגעכאַפּט די בעדירפניס איהם אויסצוזאָגען. וואָכען

לאנג ווי דאס פלאגט זי... דער רויטער פלעק אויף דער סטעליע ווערט גרעסער, צוגיעסט זיך, ווי א פלעק פון בלוט. איהרע אויגען זיינען ווי צואווילדעט געווארען, — אט דוכט זיך איהר, אז זאכען ארום בעט נעמען רעדען און זאגען אוים אלצדינג אויף א קול. און זי פיהלט, ווי די ווערטער קומען איהר אליין אויף דער צונג ארויף, און א נערוועזע כוואליע צוגיסט זיך איהר איבער'ן גאנצען לייב. אך, ווי גוט וואלט דאס געווען איהם צו דערצעהלען אלעס, מיט איהם זיך צו פערשמעלצען ווי איין הארץ!

— ווייסטו, ליעבינקער...

זשאק, וועלכער האט זיך אויך ניט געקענט אבדרייסען פון דעם בלוטיגען פלעק, האט גוט פערשטאנען, וואס זי וויל איהם זאגען. ער האט אבער קעגען זיך געזעהען, — אין איהר דעליקאטען וועזען, וואס טוליעט זיך אזוי צו איהם, — א מין אויפשטייגענדע פערפלייצונג פון דעם עפעס, — פון דעם גוואלדיגען, פינסטערען עפעס, פון וועלכען זיי האבעןביידע געטראכט, אבער קיין מאל ניט דערמאנט א ווארט. ביז היינט, האט זשאק זי געצוואונגען צו שווייגען, אוים מורא פאר דעם שוידער, וואס וועקט אויף זיין חולאת, ציטערענדיג, אז זייער לעבען זאל חלילה ניט צושטערט ווערען, ווען זיי זאלען נור א רעד טהון פון בלוט. אבער היינט איז ער געבליבען אהן כח אפילו אויפצוהייבען דעם קאפ און איהר צו פערמאכען דאס מויל מיט א קוש, — אזוי האט איהם ווי פארפלייצט א זיסע מאכטלאזיגקייט אין דעם ווארעמען בעט, אין די ווייכע ארעמס פון זיין געליעבטע. יעצט, האט ער געגלויבט וועט סעווערינע איהם שוין אלעס אויסדערצעהלען. און ער האט דערפיהלט א פערלייכטערונג אין זיין אונרוהיגען ווארטען, ווען זי האט זיך עפעס גענומען דרעהען, קווענקלען, זיך צוריקהאלטען, און האט צו איהם ענדליך געזאגט:

— ווייסטו, ליעבינקער, מיין מאן שטויסט זיך אן, אז איך לעב מיט דיר.

אין דער לעצטער סעקונדע, געגען איהר ווילען, אנשטאט זיך

מודה צו זיין, איז איהר אין מויל אריין געקומען די עראינערונג פון דעם נעכטיגען אבענד אין האוור.

— אָה! דענקסטו אזוי? — האָט ער אויסגעמורמעלט, פערוואונדערט, — ער איז צו מיר אזוי פיין, היינט אין דער פריה נאָך, האָט ער מיר געדריקט די האנט.

— איך פערזיכער דיר, אז ער ווייס אלעס. איצט אין דער מינוט טראַכט ער זיך, אז מיר זיינען דאָ צוזאמען און ליעבען זיך אזוי! איך האָב בעוויזען.

זי איז אנשווייגען געוואָרען, און האָט איהם נאָך מעהר צוגעדריקט צו זיך מיט א קראַפט, אין וועלכע איהר ליעבע האָט זיך פארשאַרפט מיט האַס. זי האָט זיך פארטראַכט; זי האָט א שוידער געטהון:

— אָה, ווי איך האַס איהם! ווי איך האַס איהם!

זשאַק האָט זיך פארוואונדערט. ער האָט געגען רובאָ'ן ניט געהאַט קיין פיינדשאַפט. רובאָ איז דאָך פיר זיי אזוי בעקוועם.

— האַסט איהם? פאַר וואָס עפּעס? — האָט ער געפרעגט, — ער שטערט דאָך אונז אַ האָאר אויך ניט.

סעווערינע האָט גאָרניט געענטפערט; זי האָט בלויז איבער־געחזר'ט: — איך האַס איהם!... זאָגאָר איהם צו פיהלען נע־בען מיר איז פאַר מיר א פייניגונג. אָך, ווען איך זאָל נור קאָנען פון איהם פטור ווערען, און צו זיין מיט דיר אליין!

געריהרט פון אזא אויסדרוק פון פייערליכע צערטליכקייט, האָט ער, פון זיין זייט, זי א ציה געטהון צו זיך און זי געדריקט צו זיין ברוסט, — זיין סעווערינע, זיינע אין גאנצען, פון קאָפּ ביז די פיס. און אומגעאַרעמט אין זיינע הענט, מיט איהרע לי־פען כמעט איינגעזויפּט אונטער זיין האלז, האָט זי ווידער א מאָל שטיל אַרויסגעמורמעלט:

— אָבער, מיין ליעבינקער, דו ווייסט נאָך ניט...

אָך, ווידער די אויסזאָגונג, די שרעקליכע, די אונפערמייד־ליכע... און דאָס מאָל האָט זשאַק קלאָר דערפיהלט, אז קיין שום זאַך אין דער וועלט וועט זי שוין איצט ניט אָבהאַלטען, ווייל

איצט איז דאָס אָנגעקומען צוזאַמען מיט איהר כמעט ווילדען בעגעהר צו זיין זיינע מיט לייב און לעבען.

אין הויז האָט זיך מעהר גאָרניט געהערט, אפילו ניט דער קלענסטער שאָרך; זאָגאַר די צייטונגס-הענדלערקע האָט זיך שוין בערוהיגט אין א טיעפען שלאָף. און פון דרויסען איז פאַריז געוועז ווי איינגעהיעלט אין שנעע און שטילקייט; קיינע רעדער פון קאַרעטעס האָבען מעהר ניט גערוישט; און מיט'ן לעצטען צוג קיין האַוור, וועלכער איז אָפּגעגאַנגען צוואַנציג מינוט נאָך האַלבע נאַכט, איז, דאַכט זיך, פון דער סטאַנציע אויסגעגאַנגען דער לעצטער פונק פון לעבען.

אין אויוועלע האָט דאָס פייער שוין מעהר ניט געקנאַקט; ס'האָט זיך בלויז נאָך געגליהט אין די קוילען און האָט אויף דער סטעליע געוואָרפען דעם רויטען פלעק, וועלכער קוקט זיי אויס ווי דאָס אויג פון דעם ניט-גוטען. אין שטוב איז געוואָרען אַזוי הייס, אז איבער'ן בעט העגגט, דאַכט זיך, א דערשטיקענדע, שווערע פינסטערניס. און די פערליעבטע ווערען כמעט דערשטיקט טולענדיג זיך איינער צום אַנדערן.

— ליעבינקער, דו ווייסט נאָך ניט...

און זשאַק, שוין מעהר ניט בכח זיך איינצוהאַלטען, האָט אַרויסגערעדט:

— יא, יא; איך ווייס.

— ניין; דו שטויסט זיך אפשר אָן; אָבער וויסען קאָנסטו ניט.

— איך ווייס; ער האָט דאָס געטהון צוליעב דער ירושה.

זי האָט זיך א ריהר געטהון און האָט ווי א לאַך געטהון, גע-גען איהר איינגענעם ווילען.

— פונקט געטראָפען. — די ירושה!

און שטיל, אַזוי שטיל, אז א פליגעלע פון דער נאַכט וואָלט אויף די שויבען פון די פענסטער גערוישט פיעל העכער, האָט סעווערינע דערצעהלט זשאַק'ן פון איהרע קינדער יאָהרען ביי גראַנמאָרענ'ען; פון אָנפאַנג האָט זי איינגענטליך געוואָלט פאַר-שוויינען וועגען איהרע פערהעלטניסע מיט דעם אַלטען, געוואָלט

זאָגען אַ ליעגען, אָבער דערנאָך, אָנגעגריפען פון אַ וואונש צו זיין אָפענהערציג, האָט זי דערצעהלט אלעס, געניעסענדיג דער־פון אַ פערגרינגערונג, כמעט אַ פאַרגעניגען. און אונגעשטערט גיעסט זיך ווי אַ וואסער איהר ערצעהלונג אין דער שטיל.

— שטעל דיר פאָר, אז דאָ, אין דעם צימער, דעם פערגאנגע־נעם פעברואר, — געדענקסט, די געשיכטע מיט סוב־פּרעפעקט... מיר האָבען אָבגעגעסען פריהשטיק, גאַנץ רוהיג, דאָרט ביים טיש. וואו איך מיר דיר האָבען היינט געגעסען. געווים, האָט ער פון גאָרניט געוואוסט. וואָס זאָל איך איהם געהען דערצעהלען אזוינע זאכען?... און פּלוצלונג, רעדענדיג פון אַ רינגעל, אַ פּרעזענט פון אַ מאָל, אַ גאָרניט, האָט ער זיך אָנגעשטויסען, איך וויים אליין ניט ווי אזוי... אָך, מיין טהייערער; ניין, ניין; דו קאָנסט דיר גאָרניט פאָרשטעלען ווי ער האָט מיך בעהאנדעלט!...

און זי האָט אַ ציטער געטהון, ער האָט דערפיהלט ווי איהרע קליינע הענטעלאך האָבען זיך שטאַרקער איינגעגראָבען אין זיין הוילען לייב.

— מיט אַ זעץ פון זיין פויסט האָט ער מיך אַ שליידער גע־טהון צו דר'ערד... און ער האָט מיך געשלעפּט פאַר די האָאָר... און ער האָט אויפגעהויבען דעם פוס, מיר צו דערלאנגען אין פּנים אריין... אָבער, מיין גאָט! כ'וואָלט איהם שוין מוחל געווען דאָס שלאָגען... אָבער די פראַגען, וואָס ער האָט מיך געפרעגט... וואָס ער האָט מיך געצוואונגען איהם צו דערצעהלען! זעהסט דאָך, ווי אָפענהערציג איך בין מיט דיר, און דערצעהל דיר אזוינע זאכען, אָבוואָהל מיך צווינגט גאָרניט דערצו, — ניין, אפשר? נון, וועל איך, דאכט זיך, קיין מאָל ניט וואגען פאַר דיר איבער־צורעדען די שמוציגע פראַגען, אויף וועלכע ער האָט מיך גע־צוואונגען איהם צו ענטפערען. אלא ניט וואָלט ער מיך דער־הרג'עט. דאָס איז שוין זיכער... געווים, האָט ער מיך ליעב געהאַט, און איהם האָט דאָס שרעקליך געקרענקט דערפון גע־וואָהר צו ווערען... איך גיעב זאָגאר צו, אז עס וואָלט עהרליכער געווען פון מיר, ווען איך וואָלט איהם געוואָהרנט נאָך פאַר דער חתונה. אָבער מען דאַרף דאָך פאַרשטעהן! מיט'ן אַלטען האָט

דאך פאסירט ווער וויים ווען, און ס'איז שוין פארגעסען געוואָרען. און בלויז ווירקליך א ווילדער קאָן אזוי זיין משוגע איי־פערזיכטיג... אָט, זאָג דו מיר, מיין ליעבינקער, וועסטו מיך דען איצט ווענינער ליעבען, ווייל דו ווייסט דאָס אלעס, אָה ?

זשאַק האָט זיך א ריהר ניט געטהאָן; ער איז געלעגען, געטראַכט אין די אָרמס פון דער פרוי, וועלכע האָט איהם שטארק ארומגענומען דעם האלז, די זייטען. איהם ארומגערינגעלט, ווי א לעבעדיגע שלאַנג. ער איז געוועזען שטארק איבערראשט; אזא געשיכטע האָט זיך איהם גאָר ניט געחלום'ט. ווי דאָס ווערט אזוי פערפלאָנטערט !... די צואַה אליין איז דאָך איבערגענוג צו ערקלעהרען דעם מאָרד ! און יעדענפאלס איז זשאַק'ן בעסער געפעלען, וואָס דאָס פאָאָר פאָלק האָט כאָטש ניט געהרג'עט צו ליעב געלט ; און זיי זיינען, אלזאָ, ניט אזוי פערעכטליך, ווי זיין געוויסען פלעגט איהם דאָס אָפט דערמאָנען זאָגאר בשעת סעוועדינגע האָט איהם געקושט.

ס'איז געוואָרען שטיל. זיי האָבען זיך ווידער ליידענשאפטליך געהאלדזט, און ער האָט אויף זיך דערפיהלט איהר קיילעכדיגען, פולען, שטייפען האלז.

— אך, ביזטו, הייסט עס, טאקי געוועזען דעם אלטען'ס ליובאָווניצע ! ווי דו ווילסט זיך, אָבער ס'איז דאָך עפּיס ניט אזוי.

זי האָט זיך צוגעטולעט צו איהם און קושענדיג איהם אין די ליפּען, האָט זי געמורמעלט ;

— איך ליעב אָבער נור דיך, — א חוץ דיר האָב איך נאָך קיינעם ניט געליעבט... אך, די אנדערע, — ווען דו זאָלסט נור וויסען ! מיט זיי, גלויב מיר, האָב איך אפילו ניט פארשטאַנען וואָס די ליעבע קאָן זיין... און דו, מיין טהייערער, דו מאַכסט מיך גליקליך !

זי האָט איהם געברענט מיט איהרע לאַסקעס, האָט זיך איהם אָבגעגעבען, האָט איהם בעגערט, האָט איהם געזוכט מיט איהרע בלאָנדזשענדע הענד. און זשאַק, וועלכער האָט געברענט ניט ווענינער ווי זי, האָט זי געמוזט פשוט איינהאלטען, אום איהר זיך ניט אונטערצוגעבען גלייך אויף דער מינוט.

— ניין, ניין ; ציה אויף ; באלד... נו, און דעם אלטען ?

סעווערינע האט א ציטער געטהון אין יעדען אבר איהרען און האט שטיל זיך מודה געווען.

— יא ; מיר האבען איהם ערמארדעט.

און דער ציטער פון בעגעהר איז אין איהר צולאזט געווארען אין דעם ציטער פון טויט־שרעק, וואס האט זי איצט אנגעכאפט. ס'האט אויסגעזעהען גלייך ווי אין די טיעפעניש פון איהר בע־געהר ווערט געבארען א שרעקליכער ליידען. קעגען איין מינוט איז זי געבליעבען ליעגען כמעט אהן אטהעם, — אזוי האט זיך איהר פארדרעהט דער קאפ. אבער באלד האט זי ווידער בע־האלטען דאס פנים ביי איהר געליעבטען אויף'ן האלז, און גע־נומען ווייטער דערצעהלען מיט דעם זעלבען לייכטען שעפט־שענען.

— ער האט מיך געצוואונגען צו שרייבען א צעטעלע צום הויפט־ריכטער, ער זאל ארויספאהרען מיט דעם שנעל צוג אין דער זעלבער צייט מיט אונז, און ער זאל זיך פאר קיינעם ניט ווייזען ביז רואן... איך בין געווען אויסער זיך און האב, שווי־דערענדיג געטראכט אין מיין ווינקעל וועגען דעם אונגליק, וועל־בען מיר נעמען אליין אויף זיך. און קעגען מיר איז אין וואגאן געזעסען א פרוי אין שווארצען, און זי האט ניט גערעדט א ווארט און איך האב זיך פאר איהר געשראקען, איך האב זי זאגאר ריכ־טיג ניט אנגעקוקט ; איך האב זיך אבער פארגעשטעלט, אז זי זעהט קלאהר אונזערע געדאנקען און ווייסט, וואס מיר האבען אין זינען צו טהון... און אזוי זיינען פארביי די צוויי שטונדען פון פאריז ביז רואן. קיין ווארט האב איך ניט ארויסגערעדט, כ'האב זיך א ריהר ניט געטהון, האב צוגעמאכט די אויגען מ'זאל מיינען, אז איך שלאף. און לעבען מיר — ער ; אויך אזוי אהן א שום בעוועגונג ווי איך, און איך האב זיך געשראקען : — כ'האב געוואוסט די שרעקליכע געדאנקען, וואס ער טראכט איצט איבער אין זיין קאפ, און דאך האב איך ניט געוואוסט וואס אייגענטליך ער האט בעשלאסען צו טהון... אך, ס'א רייזע דאס

איז געוועזן ! אזא שטורם פון שרעקליכע געדאנקען אין אזא דרויש פון פייפעריי, קלאפעריי און קנאקעריי פון די רעדער !

זשאק האט זיך מיט די ליפען צוגעבויגען צו איהרע געדיכטע שמעקעדיגע האאר און, אליין דאס ניט בעמערקענדיג, האט ער זי יעדע וויילע היים געקושט.

— אבער איהר זייט דאך ניט געוועזן אין איין וואגאן ; ווי אזוי־זשע האט איהר איהם געקאנט הרג'ענען ?

— הער אויס, וועסט באלד פארשטעהען... מיין מאן האט עס געהאט דעם פלאן. דער אמת איז אבער, אז אויב ס'איז אונז געלונגען, איז דאס בלויז דורך א ריינעם צופאל... אין רואן שטעהט דער צוג צעהן מינוט. מיר זיינען ארויסגעגאנגען פון וואגאן ; ער האט מיך געצוואונגען צו צושפאצירען מיט איהם ביז דעם הויפט־ריכטער'ס קופע, גלייך ווי מיר וואלטען זיך בלויז געוואלט אויסגלייכען די גליעדער. ביים קופע האט ער זיך געמאכט ווי זעהר פארוואונדערט, וואס ער זעהט איהם דא, אין דער אפענער טיהר, גלייך ווי ער האט גארניט געוואוסט, אז ער פאהרט מיט אונז אין דעם זעלבען צוג. אויף דער פלאטפארמע האט מען זיך געשטופט, א גרויסער עולם האט זיך געריסען אין די וואגאנעס פון'ם צווייטען קלאס, ווייל אויף מארגען האט געזאלט זיין א גרויסער פייער טאג אין האוור. אז מ'האט שוין גענומען פארמאכען די טירלאך פון די וואגאנעס, האט מ'סיע גראנמארען אליין אונז איינגעלאדען צו זיך אין קופע. איך האב דעם מוטה ניט געהאט, האב גענומען זוכען א תירוץ : — אונזער באגאזש ; אבער ער האט אונז צוגערעדט, פארזיכערענדיג אונז, אז ס'איז ניטא וואס מורא צו האבען פאר גנבה, און אז מיר וועלען זיך קאנען צוריק אריינגעהען אין אונזער קופע אין בארענטען, וואו ער דארף אראפקריכען. איין מינוט האט מיין מאן, בעאונרוהיגט, כלומר'שט געוואלט א לויף טהון ברענגען אונזער באגאזש. אבער דא דערלאנגט דער קאנדוקטאר א פייף, און ער האט זיך בעשלאסען : האט מיך אריינגעשטופט אין קופע, אליין פארמאכט די טיהר און דערנאך דאס פענסטער. ווי האט עס אונז קיינער ניט בעמערקט ? איך פערשטעה דאס עד היום

ניט. ס'איז געווען א מאסע מענשען ; די וואקזאלס־בעאמטע האבען פארלארען די קעפ, און דער פועל יוצא איז געווען, אז מ'האט ווי איין ערות ניט געפינען, וואס האט עפים ריכטיג גע־זעהען. הער צוג איז דערווייל לאנגזאם ארוים פון דער סטאנ־ציע.

געגען איינינע סעקונדען האט זי געשוויגען, אפפרישענדיג דאס בילד אין איהר זכרון. זי האט ניט בעמערקט, אז אלע אברים זיינען ביי איהר געווארען ווי מאכטלאז, און ס'האט זיך איהר געטרייסעלט א לינקער פוס, און האט ווי צום טאקט איהם צוגעקלאפט אין די קניע.

— אך, די ערשטע מינוט אין די קופע... כ'האב די ערד אונטער זיך ניט געפיהלט! איך בין געווען, ווי א דערשלאגע־נע, און האב פון אנפאנג געטראכט בלויז פון אונזער באגאזש : — ווי קריעגט מען איהם ארוים ? און צו וועט ער אונז ניט מסר'ען, אז מיר זאלען איהם דארט איבערלאזען. און מיר איז אלעם אויסגעקומען אזוי נאריש, אונמעגליך, אז עס איז בלויז א מארד אין חלום, וואס נור א קינד קאן זיך אויסטראכטען, וואס מ'דארף פשוט זיין משוגע צו וועלען דאס אויספיהרען. מ'כאפט דאך אונז גלייך ; מארגען זיינען מיר אונטער ארעסט... און אזוי האב איך זיך אלץ געוואלט בערוהיגען, זיך איינרעדען, אז מיין מאן וועט זיך נאך בערעכענען, אז דאס וועט ניט געשעהען, עס קען ניט געשעהען. אבער ניין. איך ברויך נור א קוק טהון, ווי ער שמועסט עס דארטען מיט דעם הויפט־ריכטער, און איך זעה שוין, אז ער איז ענטשלאסען און איז בייז ווי א חיה. דאך, אויסגעזעהען האט ער רוהיג און געלאסען, און האט זאגאר גערעדט מיט מונטער־קייט, מיט זיין געוועהנליכען אויסהרוק אויף'ן פנים ; און בלויז אין זיין קלאהרען בליק, וואס ער האט צו מיר מאמענטענווייז געווארפען, האב איך איינגעזעהען די שטייפקייט פון זיין ווילען, ער וועט איהם ערמארדען א קילאמעטער ווייטער, אפשר צוויי ווייטער, און גראדע אויף דעם פונקט וואו ער האט ביי זיך אב־געמאכט, און וואו איך ווייס אבער ניט : — דאס איז שוין זי־

בער ; דאָס זעה איך אין זיינע רוהיגע בליקען, וואָס ער ווארפט אויף איהם, — איהם, וואָס וועט באַלד אויף דער וועלט ניט זיין. איך האָב גאָרניט געזאָגט ; איך האָב בלויז געציטערט מיט אַן אינערליכע אנגסט, וועלכע איך האָב זיך בעמיהט ניט אַרויסצו־ווייזען, מאַכענדיג זיך שמייכלען, ווען מ׳האָט צו מיר געקוקט. פאַר וואָס־זשע האָב איך זיך ניט בעזינגען דאָס ניט צו דערלאָזען ? ערשט שפּעטער, ווען איך האָב זיך בעמיהט זיך אָבצוגעבען אַ רעכנונג, האָב איך זיך אַליין פארוואונדערט, וואָס איך בין ניט צו צו דער טיהר און גענומען שרייען, אָדער וואָס איך האָב ניט אַ ציה געטהון דעם סיגנאַל שנור, אָבער דאַן, אין יענער מינוט האָב איך זיך געפיהלט ווי פּאַראַליזירט, ווי אַ מענש, וואָס בלייבט גאָר אָהן כחות. אָהן שום ספק, בין איך דענסטמאָל געוועזן זיכער, אז מיין מאַן איז גערעכט, און, אז איך דערצעהל דיר שוין אַלעס, מיין טהייערער, טאָ וועל איך זיך שוין מודה זיין אין דעם אויך : געגען מיין אייגענעם ווילען בין איך מיט לייב און לעבען געוועזן מיט מיין מאַן געגען יענעם, ווייל ביידע האָבען דאָך מיך געהאט, — פאַרשטעהסטו — און מיין מאַן איז אַ יונ־גער מענש, אָבער יענער, אָך, זיין ליעבשאַפט !... און ווייסטו גאָר ; — דעם אמת געזאָגט, קאָן מען דען דאָס ערקלערען ? אַ מענש טהוט אָפּ אַ מאָל אַזוינס, וואָס ער האָט זיך קיין מאָל ניט געגלויבט, אז ער וועט דאָס טהון. אז איך דערמאָן זיך נור אז איך האָב קיין מאָל ניט געקאָנט שעכטען אַ הינדעלע ! אָך ! יענע שרעקליכע שטירמישע נאַכט ! אָך ! דער פינסטערער פּחד, וואָס האָט מיך פאַרכאַפּט ביז די טיעפעניש פון מיין נשמה.

און דאָס דעליקאַטע בעשעפעניש, וואָס זשאַק האַלט איצט אין זיינע אָרמס, קומט איהם איצט אויס אַזוי אונדורכדרינגבאַר, אַזוי ענדלאָז טיעף, ווי די פינסטערע טיעפעניש, פון וועלכע זי רעדט ! און ער האָט זי געדריקט און געדריקט צו זיך, — אָבער אין האַרצען האָט ער איהר ניט געקאָנט אַריינדרינגען. און ס׳האָט איהם אָנגעכאַפּט אַ פיעבער, הערענדיג פון דעם מאָרד, פון וועלכע זי האָט איהם געמורמעלט אין זיינע אָרמס.

— זאָג־זשע מיר, האָסטו אויך געהאָלפען טויטען דעם אלטען ?

— איך בין מיר געזעסען אין א ווינקעל, — האָט זי ווייטער דערצעהלט, ניט ענטפערענדיג דירעקט, — מיין מאן איז געווען צווישען מיר און דעם הויפּט־ריכטער, וועלכער איז געזעסען אין צווייטען ווינקעל. זיי האָבען גערעדט פון די קומענדע וואהלען... עטליכע מאָל האָב איך געזעהען מיין מאן בויגט זיך אָן, וואַרפט א בליק דורך'ן פענסטען אין דרויסען, אום צו זעהען, וואו מער זיינען, גלייך ווי ער איז אונגעדולדיג... און יעדעס מאָל וואָס איך האָב איהם נאָכגעקוקט, האָב איך מיר אויך אָבגעגעבען א רעכענונג פון דעם וועג, וואָס מיר זיינען אָבגעלאָפען. די נאכט איז געווען א טונקעלע, די שווארצע מאסען בוימער זיינען ווילד געפלויגען צוריק. און די אונאויפהערענדע קלאַפּעריי פון די רעדער, וואָס איך האָב נאָך קיין מאָל דאָסגלייכען ניט געהערט, — עפּיס א מין שרעקליכער טומעל פון קולות, בייזע און קרעכצענדע, ווי דער טרויעריגער געבעט פון חיות, וואָס מען פיהרט צום טויט !... און דער צוג פליהט מיט דער גרעסטער שנעלקייט... פּלוצים, פּייערלאך ; דער צוג פליהט פארביי א סטאנציע, און פון די געביידעס רופט זיך אָפּ דאָס ווידער־קול פון דעם גאנג.. דאָס איז מאראָם, בלויז צוויי מיט א האַלבע ליעגע פון רואן. עס בלייבט נור מאַלאָנעי, און דערנאָך באַראַנטען, וואו וועט עס אַלזאָ, געשעהען ? מוז מען עס וואַרטען ביז דער לעצטער מינוט ? איך האָב שוין מעהר קיין מאָס ניט געהאט ניט פון צייט, ניט פון שטרעקע, איך האָב זיך אָבגעלאָזט, ווי דער פאַלענדער שטיין, וואָס עס טראָגט איהם ערגיץ אין דער פינסטערניש מיט א פארטויבענדען רויש... פּלוצים, פליהען מיר איבער די סטאנציע מאַלאָנעי, און אין אן אויגענבליק זעה איך אלעם ! אין טונעל וועט עס געשעהן, איין קילאָמעטר ווייטער... איך האָב זיך אומגעקעהרט צו מיין מאן, אונזערע בליקען האָבען זיך בעגעגענט : — יאָ, אין טונעל... צוויי מינוט נאָך... און דער צוג לויפט ווייטער, די צווייג־סטאנציע קיין דיעפּ פליהט פארביי ; איך בעמערק דעם וועג־סיגנאַ־

ליסט אויף זיין פּאָסטען. פאראַן דאָ בערגלאַך; און מיר דוכט זיך אז איך זעה אויף זיי מענשען, מיט אויפגעהויבענע הענד, און זיי בעשולדיגען אונז. דער מאשיניסט הויבט אָן פייפען: דער טונעל פאנגט זיך אָן... און אז דער צוג איז אהין אריין, — אָה! ס'אַ גערויש אונטער די נידריגע ארקעס! דו ווייסט דאָך דער רויש פון דעם קלאַפּענדען אייזען, ווי עפּיס א געוואלדיגער האמער איבער די קאָוואדלע, און מיר, אין מיין שרעק, האָבען זיי זיך אויסגעדוכט ווי א דונער קלאַפּט.

ביי סעווערינע'ן האָט געקלאַפּט א צאָהן אָן א צאָהן; זי האָט אויפגעהערט דערצעהלען; און דערנאָך איבערבייטענדיג דעם טאָן כמעט אויף א געלעכטער, האָט זי געזאָגט:

— איז דאָס ניט נאריש, הא? אז איצט געהט מיר נאָך דורך א קעלט, מיין טהייערער, אזש ביז אין די ביינער. און דאָך איז מיר דאָ אזוי װאַרם מיט דיר, און איך בין אזוי צופריעדען!... און דערצו נאָך, איז שוין ניטאָ וואָס מורא צו האָבען: די אונ־טערזוכונג איז שוין געענדיגט, און אין די הויכע פענסטער וויל מען נאָך וועניגער, ווי מיר, אז די געשיכטע זאָל אריינגעבראכט ווערען אין דער עפענטליכקייט... אָה! איך פערשטעה דאָס שוין גאָר גוט און איך מעג זיין רוהיג.

און איצט האָט זי זיך טאקי צולאכט און האָט געזאָגט:

— אָט דו, א שטייגער; קאָנסט זיך באמת בעריהמען, אז דו האָסט אונז גוט אָנגעשראָקען!... דערצעהל מיר טאקי, — דאָס האָט מיך די גאנצע צייט אינטערעסירט; אָבער דעם אמת; וואָס האָסטו אייגענטליך געזעהען?

— איך האָב דאָך אַלעס דערצעהלט אויף'ן פערהער, — ניט מעהר: א מאַן שניידט איבער דעם האלז אַן אנדערען... און איהר האָט זיך צו מיר געהאלטען עפּיס מאָדנע, אז איך האָב זיך ענדליך אָנגעשטויסען. איין מאָמענט זאָגאר האָט זיך מיר אָבגעדוכט, אז איך דערקען דיין מאַן... און ערשט גאָר שפּעטער בין איך ביי זיך געוואָרען פאָלקאָמען זיכער...

זי האָט איהם פרעהליך איבערגעשלאָגען די רייד.

— יאָ, אין סקווער דאָרט, יענעם טאָג ווען איך האָב דיר

געזאָגט, אז ניט, — דערמאָנט זיך ? דאָס ערשטע מאָל וואָס מיר זיינען צוזאמען געווען אין פאַריז... זאָנדערבאר ! איך האָב דיר געזאָגט, אז ניט, און ביי זיך בין איך געווען זיכער, אז דו האָסט פאַרשטאַנען, אז יאָ. און ס'קומט אויס גלייך ווי איך וואָלט דיר אלעם דערצעהלט, א יאָ?... אָה, ליעבינקער, כ'האָב אָפט געטראכט דערפון און מיר דוכט זיך, אז יענעם טאָג האָב איך דיך ליעב געקראָגען.

און זיי האָבען זיך ווידער לײדענשאַפטליך אומגעארמט און זיך געדריקט גלייך ווי זיי וואָלטען געוואָלט ווערען איינס, און זי האָט ווייטער דערצעהלט.

— מיר זיינען אונטער'ן טונעל, — און דער צוג לויפט זיך... ס'איז זעהר א גרויסער טונעל. דריי מינוט געהט דאָרט דער צוג. און ביי מיר איז דאָס געווען ווי א שעה... דער הויפט־ריכטער האָט געשוויגען איבער דעם פערטויבענדען רויש פון דעם באהן. און מיין מאַן איז אין דער לעצטער מינוט, דאכט זיך, געוואָרען אָבהענגיג ; ער האָט זיך ניט געריהרט פון אָרט. איך האָב בלויז בעמערקט, אין די וואונקענדע שיין פון דעם לאָמפּ, אז די אויערען זיינען ביי איהם רויט געוואָרען... וואָס וואַרט ער ? ביז מיר וועלען ווידער זיין אויף'ן פרייען פעלד ? מיר האָט דאָס דאַן אויסגעזעהען אזוי אונפערמיידליך, און אזוי איז דאָס מיר געגאַנגען אין לעבען, אז איך האָב געהאט בלויז איין וואונש : פּטור צו ווערען און זיך אויפצוהערען פּלאָגען אין וואַרטעניש. וואָס הרג'עט ער איהם ניט, ווי באַלד מ'דאַרף ? איך וואָלט אליין גענומען דאָס מעסער און אָן ענד : — אזוי בין איך געווען אויסער זיך פון מורא און ליידען... מיין מאַן האָט אויף מיר א בליק געטהון. ער האָט דאָס, געוויס, אָן מיר גע־מערקט. פּלוצים גיט ער זיך א וואָרף אויף דעם הויפּט־ריכטער און כאַפּט איהם אָן ביי די אקסעל, בשעת יענער האָט זיך אומ־געקערט מיט'ן פּנים צו דער טיהר. דער אַלטער האָט זיך דער־שראָקען, האָט זיך אינסטינקטיוו א ריס געטהון און האָט אויס־געצויגען די האנד צום סיגנאַל־שנור, וואָס איז געהאָנגען פּונקט איבער זיין קאָפּ, אָבער ער האָט דעם שנור נאָך ניט אָנגעריהרט,

האָט ער שוין געקראָגען אזא זעץ, אז עס האָט איהם א שליידער געטהון צו דער קאנאפּע און ס'האָט איהם ווי איינגעבויגען אין צווייען. זיין מויל, אָפען פון שרעק און איבערראשונג, האָט ארויסגעלאָזט אונדייטליכע געשרייען, וואָס האָבען זיך פארלאָרען אין דעם רויש פון באהן; אָבער איך האָב דייטליך געהערט מיין מאַן, מיט'ן קוויטש פון א בייזער שלאַנג, ווידערהאָלען דאָס וואָרט: חזיר! חזיר! חזיר!...

אָבער דער גערויש ווערט קלענער; דער צוג געהט ארויס פון טונעל; עס בעווייזען זיך די בלאַסע פעלדער; די שוואַרצע בוימער לויפען צוריק... און איך — איך בין געזעסען אין מיין ווינקעל, כמעט פון זינען, איינגראָבענדיג זיך וואָס מעהר אין די קאנאפּע, ווי כ'האָב נור געקאָנט. ווי לאַנג האָבען זיי זיך געראַנגעלט? קוים איניגע סעקונדען, און מיר האָט זיך געדוכט, אז ס'וועט גאָר קיין מאָל קיין ענד ניט נעמען, אז אלע פּאַסאַזשירען הערען שוין די געשרייען, אז די בוימער זעהען אלעס... מיין מאַן האָט געהאלטען דאָס אָפענע מעסער, אָבער דערלאַנגען האָט ער איהם ניט געקאָנט, ווייל דער וואַגאָן האָט שטאַרק געטרייסעלט און דער אלטער האָט געשטויסען מיט די פיס. מיין מאַן איז שיער אליין ניט אַניעדערגעפאַלען אויף די קניע. און דער צוג פליהט דערווייל, און עס טראָגט אונז מיט די גרעסטע שנעלקייט, און די מאַשין פייפט, צוקומענדיג צום שלאַג־בוים ביי קרוא־דע־מאָפּרא...

און דאָ האָב איך זיך ארויפגעוואָרפען אויף די פיס פון דעם אלטען, ווי ער ראַנגעלט זיך נאָך. ווי אזוי דאָס איז געשעהען, קאָן איך זיך עד היום ניט דערמאָנען. אָבער איך בין איהם אַניידערגעפאַלען אויף די פיס ווי עפּיס א משא און האָב איהם צוגעהריקט די פיס מיט מיין גאַנצער וואָג, אז ער זאָל זיך ניט קאָנען ריהרען... געזעהען האָב איך גאָרניט; איך האָב אלעס געפיהלט: דעם זעץ פון דעם מעסער אין גאָרגעל, די דויערענדע קאָנוואולסיעס, דאָס וואַרפען זיך פון דעם קערפּער און דערנאָך דער טויט אין דריי שלוכצען, ווי דאָס קרעכצען פון אן אלטען

זייגער... אך, דאָס ציטערען, דאָס גוסס'ען, — איך פיהל עס נאָך איצט אין מיינע אברים!

זשאַק, פאַרצעהרט פון נייגעריגקייט, האָט זי געוואָלט אונ־טערברעכען כדי זי עפּיס צו פרעגען. אָבער איצט האָט זי זיך געאײַלט צו ענדיגען.

— ניין, ציה אויף... אז איך האָב זיך אויפגעהויבען, זייי־נען מיר פאַרבייגעפלויגען קרוא־דע־מאָפראַ מיט די גרעסטע שנעלקייט. איך האָב קלאָהר געזעהען די פאַרמאַכטע פאָדערשטע טיהר פון דעם הויז און דערנאָך אויף דעם פאָסטען ביים שלאַג־בוים. נאָך אַ פיערטעל קילאָמעטר, — אם העכסטען, נאָך פינף מינוט, — און מיר קומען אָן אין באַראַנטען... דער טויטער קערפּער ליעגט איינגעקאָרטשעט אויף דער קאַנאַפּע, דאָס בלוט גיסט זיך ווי אַ געדיכטער שטראָם. און מיין מאַן שטעהט, אַ צר־מישטער, און קוקט, און שאָקעלט זיך אין דעם טרייסלען פון צוג, און ווישט דאָס מעסער מיט'ן טיכעלע. ס'איז שוין אזוי אוועק אַ מינוט, ווען מיר האָבען זיך נאָך אַ ריהר ניט געטהון זיך צו ראַטעווען... אז מיר זאָלען נאָך ווייטער אזוי בלייבען דאָ מיט דעם געשטאָכענעם, אין די קופּע, וועט מען אונז נאָך פאַ־קען אפשר די מינוט ווי דער צוג שטעלט זיך אָפּ אין באַראַנטען... אָבער מיין מאַן בעהאַלט דאָס מעסער אין קעשענע; ער קומט, דאַכט זיך צו זיך... כ'האָב געזעהען, ווי ער בעזוכט דעם טויי־טען, נעמט צו זיין זייגערעל, דאָס געלד, אַלעס וואָס ער קאָן נור געפינען. און עפּענענדיג די טיהר, נעהמט ער זיך אָן מיט כח און וויל ארויסשטופּען דעם קערפּער אויף די רעלסען, ניט אָנריהרענדיג זיך מיט די הענד, כדי זיי ניט צו פאַרשמיערען אין בלוט. — העלף מיר דאָך! העלף מיר איהם ארויסשטופּען!

— אָבער איך ריהר זיך אפילו ניט; איך ווייס פון מיינע הענד און פיס ניט. — צום טייוועל! העלף דאָך ארויסשטופּען! — דאָס ערשטע איז ארויס דער קאָפּ און האָט זיך אראָפּגעהאָנגען ביז'ן טרעפּעל פון וואַגאָן; אָבער דער קערפּער האָט זיך איינ־געדרעהט און האָט ניט געקאָנט דורך... און דער צוג לויפט... אָבער נאָך איין לעצטע אָנשטרענגונג, און דער טויטער קערפּער

האָט זיך א וויעג געטהון און איז ארויסגעפאלען צו די רוישענדע רעדער. — אה! דער חזיר, איצט איז שוין א סוף!“ — און ער האָט נאָך צוזאמען געלעגט די רייזע קאָלדרע, און זי אויך ארויסגעוואָרפען...

אין קופע זיינען איצט געווען בלויז מיר אליין; מיר שטעהען און וואַגען זיך ניט צו צוזעצען אויף דער קאַנאַפּע מיט'ן טייך בלוט... און די טיהר איז אָפען און קלאַפּט... איך בין געווען צומישט, בערוישט, און האָב פון אָנפאַנג גאָרניט פארשטאַנען, ווען איך האָב דערזעהען מיין מאַן לאָזט זיך אויך ארונטער און ווערט אויך פערשוואונדען. ער בעוויזט זיך אָבער ווידער.

— קום, — זאָגט ער, — שנעל, מיט מיר, אויב דו ווילסט ניט מען זאָל אונז אָבהאקען די קעפּ!

אָבער איך ריהר זיך ניט. ער ווערט אונגעדולדיג.

— קום דאָך, צום טייוועל! קום צוריק אין אונזער וואַגאָן; ער איז לעדיג.

לעדיג? אונזער וואַגאָן לעדיג. אהין איז ער עס געגאַנגען! און די דאמע אין שווארצען, יענע וואָס האָט ניט גערעדט א וואָרט, וואָס האָט זיך ווי בעהאַלטען, — איז ער דען ווירקליך זיכער, אז זי זיצט ניט ערגיץ אין א ווינקעל?...

— געהסטו? אָדער איך שליידער דיר ארונטער אויף די רעלסען, ווי יענעם!...

און ער איז צוריק אריין אין קופע, צו־ווילדעט, משוגע; ער וועט מיך אראָפּוואַרפען... און איך שטעה שוין אין דרויסען, אויף'ן טרעפּעל פון וואַגאָן, מיטביידע הענד איינגעשלאָסען ארום דעם מעשענעם הענטעל. ער איז ארויס נאָך מיר, און האָט זאָרגפעלטיג פארמאַכט די טיהר.

— געה, געה!

אָבער איך האָב ניט געוואגט; ס'האָט מיר געשווינדעלט אין די אויגען פון דעם שנעלען גאַנג פון צוג, און דער ווינט, ווי עפּיס א שטורם, האָט מיר געשמיסען אין פּנים. די האָאר האָבען זיך מיר צולאָזט, און אָט אָט וועלען מיינע אָנגעצויגענע פינגער אָפּלאָזען דאָס הענטעל!

— געה, געה ! דער טייוועל.

און ער האט מיך געשטופּט, און איך האָב געמוזט געהען, אָנהאַלטענדיג זיך מיט איין האַנט, אָנכאַפּענדיג זיך מיט דער צווייטער, דריקענדיג זיך צו די וואַגאָנעס, און מיינע קלײדלאַך צופליהען זיך און שלאָגען מיך איבער די פיס...

פון ווייטענס, וואו דער וועג פארקירעוועט זיך, מערקט זיך שוין די שיין אויף דער סטאַנציע באַראַנטען. דער לאָקאָמאָטיוו נעמט שוין פייפען.

— געה, געה ! צום טייוועל !

אך, דער גערויש, ווי אין גיהנם, דאָס פירכטערליכע טרייסלען, און איך מוז געהען ! גלייך ווי א שטורם־ווינט האט מיך אויפגעכאפּט און טראָגט מיך ווי א שטרויעלע און וועט מיך צור־שמעטערען אָן יענער וואַנט ; און די פעלדער איילען זיך אונטער מיינע פּלייצעס, און די בוימען יאָגען מיר נאָך אין א ווילדען גאַלאָפּ, זיי קעהרען זיך אום, הויקערען זיך איין, און לאָזען ארויס א האַסטיגען געוויין, פארביילויפענדיג. ביים עק וואַגאָן, וואו איך האָב געדאַרפט אריבער שפּאַנען צום טרעפּעל פון צווייטען וואַגאָן, און אָנכאַפּען דאָס אנדערע הענטעל, בין איך געבליעבען שטעהען : — איך האָב קיין מוטה ניט געהאט : — שוין צו פיעל פיר מיר.

— געה, דער טייוועל !

און ער איז צו צו מיר ; ער האט מיך א שטופּ געטהון... איך האָב פארמאַכט די אויגען... און בין געגאַנגען ווייטער. ווי אזוי ? איך וויים ניט, דער אינסטינקט האט מיך געפיהרט, ווי א חיה, וואָס האלט זיך אָן מיט די נעגעל, זי זאָל ניט אראָפּפאַלען. ווי האָבען עס אונז מענשען ניט דערזעהען ? מיר האָבען אזוי פארביינעקלעטערט דריי וואַגאָנעס ; איינער פון די דריי, פון צווייטען קלאס, איז בוכשטעבליך געווען אָנגעפּאַקט. איך געדענק גוט, א גאַנצע רייהע קעפּ, בעלויכטען פון דעם לאָמפּ ; איך מיין, איך וואָלט זיי דערקענט, ווען איך זאָל זיי ווען עס איז בעגעגענען : — עפּיס איינער א דיקער, מיט רויטע באַקענבאַרדען,

און ספעציעל צוויי יונגע מיידלאך, וועלכע האבען זיך אנגעבוי־גען און האבען געלאכט.

— גאה, גאה! צום טייוועל, גאה!

און ווייטער ווייס איך ניט. די ליכט פון דער סטאנציע בארענטען האבען זיך אונטערגערוקט, דער לאקאמאטיוו פייפט... איך געדענק, אז מען שלעפט מיך, מען טראגט מיך, מ'הויבט מיך אויף פאר די האר... מיין מאן האט מיך, דאכט זיך א כאפ געטהון פאר דער האנד, האט איבער מיין אקסעל א עפען געטהון די טיהר און האט מיך אריינגעווארפען אין וואגאן אריין.... ס'האט מיך געשטיקט, כ'האב שיער ניט גע'חלש'ט, ווען דער צוג האט זיך אבגעשטעלט. און איך האב געהערט, אליין ניט ריה־רענדיג זיך, ווי ער רעדט איבער עטליכע ווערטער מיט דעם סטאנציאן־מייסטער פון בארענטען. און אז מיר זיינען ענדליך ארויס פון דער סטאנציע, איז ער אויך אהן כחות אנידער גע־פאלען אויף דער קאנאפע אין קופע. ביז האוור האבען מיר א מויל ניט געעפענט... אה, איך האס איהם, איך האס איהם, פער־שטעה דאך, פיר די אלע שוידערליכקייטען, וואס ער האט מיך געצוואונגען איבערצולײדען! אבער דיך, מיין ליעבינקער, דיך ליעב איך: דו מהיילסט מיר צו אזוי פיעל גליק!

נאך די געוואלדיגע אנשטרענגונג בשעת דער לאנגער ער־צעהלונג, איז סעווערינע'ס לעצטער אויסרוף געווען אן אמת'ער אויסדרוק פון איהר דורשט נאך גליק, ספעציעל אין דעם שרעק פון איהרע ערזינערונגען. אבער זשאק, צוקאכט און אויפגערעגט ווי זי, האט זי נאך צוריקגעהאלטען.

— ניין, ניין; ציה אויף... און דו האסט איהם צוגעדריקט די פיס און דו האסט געפיהלט, ווי ער געהט אוים?

עפיס אונבעקאנטעס האט זיך געגומען ריהרען אין זשאק'ס נשמה; א כוואליע ווילדקייט האט זיך אין איהם אויפגעהויב[...] און האט זיך צוגאסען אין זיין מח, ווי א רויטער חלום. איה[...] האט אנגעכאפט די נייגיעריגקייט צו מארדען.

— און דערנאך דאס מעסער? האסט געפיהלט וואס דאס מעסער איז איהם אריין אין האלז?

— יא; א טעמפּער זעץ.

— אזוי? א טעמפּער זעץ... ניט קיין שנים... ביסטו זיכער?

— ניין, ניין; ניט מעהר ווי א זעץ.

— און דערנאָך וואָס? קאָנוואולסיעס, אַה?

— יא; דריי מאָל איז עס איהם דורכגעגאנגען פון איין עק קערפּער ביז׳ן אנדערען; איך האָב עס אזש געפיהלט אין זיינע פיס.

— די לעצטע קאָנוואולסיעס, אַ? דאָס האָט איהם שוין אוועקגעלייגט?

— יא; די ערשטע איז געווען זעהר א שטארקע; די איבעריגע צוויי שוין שוואכער.

— און ער איז אויסגעגאנגען: און דו? וואָס האָסטו געפיהלט, זעהענדיג, ווי ער געהט אזוי אויס אונטער דיר, פון א שמאָך מיט א מעסער?

— איך? אָה, איך ווייס ניט.

— דו ווייסט ניט? צו וואָס זאָגען א ליגען? זאָג מיר דעם אמת, זאָג מיר, ניט פארבאָרגען, וואָס האָסטו געפיהלט... יסורים?

— ניין; ניין; ניט דאָס.

— וואָס דען? פערגעניגען?

— פערגעניגען, אָך, ניין; קיין פערגעניגען ניט.

— וואָס דען, מיין ליעבע? כ׳בעט דיך, דערצעהל מיר אלעס... אז דו זאָלסט נור וויסען... דערצעהל מיר, וואָס פיהלט מען....

— מיין גאָט, קאָן מען דען דאָס איבערגעבען.... מ׳פיהלט א שרעק.... ס׳פארטראָגט דיך ערגיץ ווייט, — אָה, אזוי ווייט, ווייט! כ׳האָב אין מיין גאנצען לעבען ניט איבערגעלעבט אזוי פיעל ווי אין דער איינער מינוט.

פארקלעמענדיג די צייהנער, און אונפערשטענדליך עפּיס אונ־טערברומענדיג, האָט ער ארומגעכאַפּט סעווערינע׳ן, און זי איהם. זיי האָבען זיך געהאַלזט אזש דערשטיקט צו ווערען, זוכענדיג לי־

עבע זאגאר ביז'ן טויט אריין,—זוכענדיג מיט א מין שמערצליכער בעסטיאליטעט, ווי יענע חיות, וואס נעמען זיך אמאל ארויס די גערעדים ביים פאארען זיך. ס'האט זיך בלויז געהערט זייער הייזעריגער אטהעם, און ניט מעהר. אויף דער סטעליע איז שוין מעהר ניט געוועזן דער בלוטיגער אבשיין; און דער אויוועז איז אויסגעגאנגען, און אין שטוב איז געווארען קאלט צוליעב דעם שטארקען פראסט פון דרויסען. קיין שארך האט זיך ניט געהערט פון די גאסען בעדעקט מיט שנעע. איין מאמענט האט זיך נאך געהערט דאס כראפען פון דער שכנה, די צייטונגס־הענד־לערקע, און דאס גאנצע הויז איז איינגעזונקען אין די שווארצע טיעפעניש פון שלאף.

זשאק, וועלכער האט סעווערינע'ן געהאלטען אין זיינע ארמס, האט מיט אמאל דערפיהלט, אז דער שלאף האט זי א כאפ געטהון, און זי פאלט ווי א דער'הרג'עטע. די רייזע, דאס לאנגעווארטען ביי מיזאר'ן, און דערנאך די פיעבערשע נאכט זייערע, — דאס אלעס האט זי דערשלאגען. זי האט עפּיס ארויסגעפלאפעלט א קינדערשען „גוט נאכט!" און זי שלאפט שוין, אטהמענדיג רוהיג. דער קוקו אויף דעם זייגער האט גענומען שלאגען דריי.

און קעגען א שטונדע נאך האט זשאק זי געהאלטען אויף זיין לינקען ארם, וועלכער איז איהם ביסלעכווייז ווי פארגלי־ווערט געווארען. ער האט קיין אויג ניט געקאנט צומאכען; אן אונזיכטבארע האנד האט איהם, ווי אויף צו להכעים געצוואונגען צו עפענען די אויגען און קוקען אין די פינסטערניש. איצט האט ער שוין גארניט געקענט מערקען אין דעם צימער, איינגעטונקט אין דער נאכט; אלעס איז געוועזן פארצויגען מיט די זעלבע שווארצקייט: דער אויוועז, דאס מעבעל, די ווענט. און ער האט זיך געמוזט איבערקערען אום צו קענען זעהען די צוויי בלייכע פיער־קאנטען פון די פענסטער, אונבעוועגליכע און אונדייטליכע, ווי עפּעס אין א חלום. ניט קוקענדיג אויף זיין אונגעהייערע מיעדקייט, האט זיך ביי איהם דער קאפ צוארבייט זעהר שטארק, דרעהענדיג זיך אלץ ארום די זעלביגע רייהע געדאנקען, און יע־דעם מאל, וואס ער מאכט אומיסטנע צו די אויגען און ווערט,

דאכט זיך, אנשלאָפען, קומען ווידער די זעלבע געסט, און עס פאנגען זיך אָן די זעלביגע פאַרשטעלונגען, און רופען ארויס די־זעלביגע געפיהלע. און זעהען זעהט ער, בשעת ער קוקט עס מיט זיינע ברייט־אָפענע אויגען אין דער פינסטערניש, בלויז די סצענע פון דעם מאָרד, מיט יעדעס פּיצעלע, מיט יעדע איינצעלהייט. און דאָס בילד, — דאָס זעלביגע, פארטומלענדע, איינדרוקספולע, — דאָס וויל ניט אוועק פון איהם. דאָס מעסער רוקט זיך אריין אין גאָרגעל מיט אַ טיעפען זעץ; דער טויטער האָט דריי קאָנוואולסיעס איבער'ן גאנצען קערפּער; די נשמה געהט איהם אויס אין די שטראָמען ווארימע בלוט, רויטע בלוט, און אָט — דוכט זיך זשאַק'ן, — רינט איהם דאָס דאַזיגע בלוט איבער די הענט. צוואנציג מאָל, דרייסיג מאָל — אַלץ דאָס זעלבע: דאָס מעסער אריין, דער קערפּער ווארפט זיך.... שרעקליך! אונגעהייער! זשאַק פיהלט, עס שטיקט איהם; ער ווערט אויסער זיך; אין דער פינסטערניש הויבט ער זאָגאר אָן צו זעהען! אָה! צו דערלאנגען אַזאַ זעץ מיט אַ מעסער, צו בעפרידיגען זיין אלטען בעגעהר, צו וויסען וואָס מען פיהלט דערביי, דורכצומאכען אַזאַ מינוט, ווען מען פיהלט מעהר, ווי אין אלע, דעם גאנצען לעבען...

ס'האָט איהם געשטיקט אַלץ מעהר; און ער האָט אַ טראַכט געטהון, אַז ער קען ניט אנשלאָפען ווערען, ווייל סעווערינע ליגט איהם אויף דער האנד. פּאַמעלאַך האָט ער זיך בעפרייט, האָט זי אוועקגעלייגט לעבען זיך אַ שלאָפענדע. ס'איז איהם געוואָרען עפּוואָס לייכטער, און ער האָט געמיינט, אַז איצט וועט ער שוין איינשלאָפען. אָבער ניט קוקענדיג אויף זיין ווילען, האָבען איהם אונזיכטבארע פינגער אויפגעריסען די אויגען; און אין דער פינסטער ווערט ווידער אוועקגעשטעלט דער מאָרד מיט'ן בלוט, און דאָס מעסער אין גאָרגעל, און דער טויטער ווארפט זיך. און עס ניעסט זיך אַ רויטער רעגען אין דער פינסטערניש, און עס עפענט זיך די גרויסע וואונד אין גאָרגעל — אַן אונגעהייערע לאָך ווי פון אַ האַק...

גענוג. זשאַק ראנגעלט זיך שוין ניט מעהר; ער לעגט זיך אוועק, מיט פנים ארויף, און קוקט אויף דעם פּאַר'עקשנ'טש

חלום אויף דער וואהר. ער שפּיערט אין זיך, ווי זיין מארך ארבייט ווי משוגע, און דער קאפּ געהט ביי איהם אויף אלע שרויפען, פּונקט ווי אמאל, אין זיינע יונגע יאהרען. און ער האט דאך שוין גע־מיינט, אז ער האט זיך אויסגעהיילט; דער ווארנש צו הרג'ענען איז אין איהם שוין געווען טויט מאנאטען לאנג, זייט ער קען סעווערינע'ן; און דא האסטו דיר. ער האט דאס נאך קיין מאל ניט געפיהלט אזוי שטארק, ווי היינט פון איהר בעשרייבונג פון דעם מארד, וואס זי האט איהם דא אין דער שטיל אויסדער־צעהלט, ליגענדיג ביי זיין זייט, ארומנעמענדיג איהם און צודריי־קענדיג זיך צו איהם.

זשאק האט זיך פון איהר אבגערוקט, כדי זיך אין איהר ניט אנצוריהרען, ווייל דאס האט איהם געבריהט ווי מיט פייער. אן אונערטרעגליכע היץ האט איהם א ברען געטהון אין דער פלייצע, גלייך ווי דער מאטראץ אונטער איהם וואלט מיט אמאל געווארען א הייץ־אויווען. מוראשקעס, פייערדיגע נאדלען האבען איהם געבויערט דעם האלז־און־נאקען; געגען א מינוט האט ער ארויס־גענומען די הענד פון אונטער די קאלדרע; זיינען זיי אבער באלד געווארען ווי אייז, און ער האט אנגעהויבען ציטערען. ער האט זיך געשראקען פאר זיינע אייגענע הענד; ער האט זיי צוריק אריינגענומען אונטער די קאלדרע און זיי זיך צוערשט פארלעגט אויפ'ן בויך, און דערנאך האט ער זיי ארונטער גערוקט אונטער זיך, און זיי דארט געהאלטען ווי געפאנגענע, און זיי ניט ארויס־געלאזט, גלייך ווי ער האט עפּים מורא געהאט, אז זיי זאלען איהם דא עפּים ניט אבטהון אזא טהאט, וואס איצט וויל ער עס ניט און וועט עס דאך אמאל פארט טהון.

יעדען מאל, וואס דער קוקוק האט געשלאגען, האט זשאק גע־צעהלט; פיער א זייגער, פינף א זייגער, זעקס א זייגער! עה האט געגארט, ס'זאל שוין ווערען טאג, אין דער האפנונג אז די ליכטיגקייט וועט פאריאגען די בייזע חלומות. ער האט זיך אויך איבערגעקעהרט צו דעם פענסטער, און זיך איינגעקוקט אין די שויבען. אבער געזעהען האט ער דארט נאך אלץ גארניט, א חוץ דעם בלאסען אבשיין פון דעם שנעע. א פיערטעל צו פינף האט

ער געהערט אָנקומען דעם דירעקטען צוג פון האַוור, וועלכער האָט זיך פערשפּעטיגט ניט מעהר ווי אויף פיערציג מינוט, — אַ בעװייז, אַז דער װעג װערט צוריק פריי. און ערשט נאָך זיעבען אַ זייגער, האָט זשאַק אָנגעהויבען בעמערקען, אַז זעהר לאַנגזאַם נעמט זיך בעווייזען אויף די שויבען אַ ווייסקייט, בלאַס ווי מילך. ענדליך איז די שטוב געוואָרען פערוויסט פון יענער אונקלאָהרע־שיין, אין וועלכע עס דוכט זיך אָפּ, אַז דאָס מעבעל שווימט ארום. ס'האָט זיך גענומען בעווייזען דער אויווען, דער אַלמער, דער בור־פעט...

אָבער די אויגען קאָן ער נאָך אַלץ ניט צומאַכען: פאַרקעהרט, איצט האָבען זיי גאָר אַ בעדירפניס צו זעהען. און נאָך איידער ס'איז אין גאַנצען ליכטיג געוואָרען, דערפיהלט ער, — גיכער ווי ער דערזעהט, — אויפ'ן טיש דאָס מעסער, מיט וועלכען ער האָט די פריהערדיגע נאַכט געשניטען דאָס געבעקס. און מעהר ווי דאָס מעסער האָט ער ניט געזעהען, — אַ קליין מעסערעל, פאַרשאַרפט ביים שפּיץ. און דער אויפשטעהענדער טאָג, די גאַנצע ווייסע שיין דורך די צוויי פענסטער, האָט בעלויכטען בלויז דאָס איינע שמאָלע קלינגעל. און די מורא פאַר זיינע הענד האָט איהם געצוואונגען זיי נאָך וויטער צו האַלטען צוגעדריקט אונטער זיך; ער האָט אָבער געפיהלט, אַז זיי ווילען ניט איינרוהען אונטער איהם, אַז זיי רעוואָלטירען, זיינען שטאַרקער פאַר זיין ווילען. זיינען זיי דען שוין ניט מעהר זיינע הענד? זיינען זיי דען די הענד פון אימיצען אַנדערש, און זיינען איהם בלויז אָנגעקומען בירושה פון זיינע אור־אור־עלטערען, פון דער צייט, ווען דער מענש פלעגט נאָך מיט די הענד דערשטיקען חיות אין וואַלד?

אבי ניט אָנצוקוקען דאָס מעסער, האָט זיך זשאַק אומגעקעהרט מיט'ן פּנים צו סעווערינע'ן. זי איז זיך געשלאָפען זעהר רוהיג, אָטהמענדיג ווי אַ קינד, אין איהר אונגעהייערער מיעדקייט. איהרע געדיכטע שוואַרצע האָר האָבען זיך פונאַנדערגעלאָזט און האָבען בעדעקט דאָס קישען ווי מיט אַ שוואַרצע כוואַליע, וואָס האָט איהר געגרייכט ביז די אַקסעל; זי האָט פאַרריסען דעם

קאָפּ, און ס׳האָט זיך דורך איהרע לאָקאָנעם האָאָר ארויסגעזעהען איהר האַלז, אזא דעליקאטנער, ווייס ווי מילך, קוים וואָס רויט־ ליך. זשאק האָט זי אָנגעקוקט, גלייך ווי ער האָט זי ניט דער־ קענט. און דאָך האָט ער זי פערגעטערט; אומעטום האָט ער פאר זיינע אויגען געזעהען איהר בילד, און ער בענגט נאָך איהר, אָפטמאָל זאָגאר, ווען ער פיהרט דעם צוג; און אויף אזוי פיעל זאָגאר, אז ער איז אזש אמאָל איבערגעפלויגען א סטאנציע, ניט קוקענדיג אויף די סיגנאלען, און האָט זיך ערשט דערנאָך אויפגע־ כאפּט ווי פון שלאָף. אָבער איצט האָט דאָס ווייסע העלזעלע איהרס איהם מיט אמאָל גענומען אין גאנצען געפאנגען, ווי מיט א בעצויבערונג, א פּלעצליכע, אן אונווידערשטענדליכע. און מיט שרעק אין זיין הארצען האָט ער אין זיך דערפיהלט די שטייגענדע בעדירפניס צו נעמען דאָס מעסער פון׳ם טיש און דאָס אריינ־ שטעכען ביז׳ן הענטעל אין דעם לייב פון דער פרוי. ער הערט שוין דעם טעמפּען זעץ פון דעם קלינגעל אין איהר האַלז, און איהר קערפּער ציטערט דריי מאָל, און עס רינט א רויטער שטראָם, און דער טויט ציחט זי אויס. ער האָט זיך גראנגעלט מיט זיך, זיך געוואָלט אָברייסען פון דער קליפּה; אָבער מיט יעדער סעקונדע פערלירט ער זיין ווילענס־קראפט; די שרעקליכע אידעע נעמט איהם איין, בערוישט איהם ביז אזא גראַד, ווען דער מענש טהוט וואָס דער אינסטינקט הייסט. זשאק איז געוואָרען א צומישטער; זיינע הענד, די רעוואָלטירענדע, זיי־ נען בייגעקומען זיין אָנשטרענגונג זיי צו בעהאלטען; זיי רייסען זיך ארויס פון אונטער איהם; זיי ווערען פריי. און ער זעהט קלאָהר, אז איצט איז ער שוין ניט דער הארר איבער זיינע איי־ גענע הענד, און אז זיי ווילען זיך ברוטאל צופרידען שטעלען, אויב ער וועט נאָך ווייטער אזוי קוקען אויף סעווערינע׳ן.... און מיט זיין לעצטען ביסעל כחות שטרענגט ער זיך אָן ארויסצו־ ווארפען זיך פון בעט, און פאלט צו דער ערד, ווי א בעזויפענער. ער וויל זיך אויפהויבען און פאלט שיער ניט צוריק: די פיס האָבען זיך איהם פארפלאָנטערט אין די קליידלאך אויף דער־ פאָדלאָגע. ער געהט ווי פאר׳שכור׳ט, מיט ציטערענדע הענד

זוכט ער זיינע זאכען, מיט דעם איינצעלנעם זאנדערבארען גע־דאנק זיך שנעל אנצוטהון, צו כאפען דאס מעסער, ארויסלויפען אין גאס און דערשטעכען אן אנדער פרוי. איצט פלאגט איהם זיין ליידענשאפט שוין צו שטארק; ער מוז הרג'ענען א נקבה. ער קען ניט געפינען די הויזען; ער האט זיי דריי מאל געהאל־טען אין די הענד, אליין ניט וויסענדיג; און אנצוטהון די שיך איז איהם געווען א שווערע ארבייט. און אבוואהל ס'איז שוין דערוויייל געווארען גוט טאג, האט איהם דאס צימער דאך אויס־געזעהען פול מיט רויטען רויך, — א פריהמארגען פון אן אייז־קאלטען־טומאן, וואס וויקעלט אלעס איין; ער האט געציטערט פון פיבער; האט זיך ענדליך אנגעטהון, געכאפט דאס מעסער, זיך דאס אריינגערוקט אין ארבעל; ער וועט זיכער אימיצען הרג'ענען, די ערשטע נקבה, וואס קומט איהם אנטקעגען אין גאס; פלוצים א שארף פון א קלייד, א לאנגער זיפץ, וואס הערט זיך פון בעט... ער בלייבט שטעהן א צוגעשמידטער צום טיש און ווערט בלאס.

דאס האט זיך סעווערינע אויפגעכאפט.

— וואס איז דאס, ליעבינקער? געהסט שוין אוועק?

ער האט איהר ניט געענטפערט; ער האט אויף איהר ניט געקוקט, האפענדיג אז זי וועט צוריק איינשלאפען ווערען.

— וואוהין געהסטו דען, ליעבער?

— גארניט, — האט ער געבאלבעט, — איך דארף עפיס ביי מיין ארבייט.... שלאף, איך קום גלייך צוריק.

די מיעדקייט האט איהר וויעדער פערשלאסען די אויגען, און זי האט נאך גערעדט, ווי פון שלאף, צומישטע ווערטער.

— אה, וויל איך שלאפען, וויל איך שלאפען.... נעם מיך ארום, ליעבינקער.

אבער ער האט זיך ניט גערירט פון ארט, ווייל ער האט געוואוסט, אז אויב ער זאל זיך אומקעהרען צוריק צום בעט, מיט'ן מעסער אין דער האנד, — ער זאל אויף איהר זאגאר בלויז ווידער א קוק טהון, — אזא שעהנינקע, אזא דעליקאטע, מיט איהר הוילען האלז און אין אונארדנונג, — וועט איהם זיין אנגע־

שטרענגסטע ווילענס־קראפט פארלאזען... און ניט קוקענדיג אויף איהם אליין, וועלען זיך אויפהויבען זיינע הענד, און ער וועט איהר דאס מעסער ארײנשטעכען אין גארגעל.

— מיין טהייערער, קום נעם מיך ארום....

און דאס קול איז איהר אויסגעגאנגען, און זי איז ווידער איינגעשלאפען, זעהר שטיל, מיט א לאסקע אויף איהרע ליפען, און ער, א צוטומעלטער, האט געעפנט די טיהר און איז ארויס־געלאפען.

ס׳איז געווען אכט א זייגער, ווען זשאק איז ארויס אויף דעם טראטואר אין דער גאס ד׳אמסטערדאם. דעם שנעע האט מען נאך ניט אבגעקעהרט, און מ׳האט קוים געהערט דאס געהן פון די וועניגע מענשען אין גאס.

זשאק האט באלד דערזעהען אן אלטע פרוי; זי האט זיך אבער גלייך גענומען מיט דער לאנדאנער גאס; ער איז איהר ניט נאכגעגאנגען. אייניגע מענער האבען זיך אויף איהם אנ־געשטויסען; ער האט זיך געלאזט געהן צום פלאץ די־האוור, דריקענדיג אין דער האנד דאס מעסער, מיט דעם אפענעם קלינ־געל אין ארבעל. א מיידעלע פון א יאהר פיערצעהן איז ארויס־געקומען פון א הויז איבער׳ן וועג; און זשאק איז גלייך אריבער־געגאנגען צו איהר; זי איז אבער באלד אריין אין א בעקעריי, ניט ווייט פון דארט. אבער ער איז געווען אזוי אונגעדולדיג, אז ער האט ניט געווארט, און איז אוועק מיט דער זעלבער גאס זובען ווייטער.

זייט ער איז ארוים פון שטוב איז ער שוין ניט געווען ער, זאנדערן אן אנדערער, — דער יעניגער, וועמען ער פלעגט אזוי אפט פיהלען אין זיך, עפּיס אן אונבעקאנטער, ערגיץ פון ווייטע מקומות, וואס ארבייט אין איהם און ווערט פארצעהרט פון א מין גע׳ירש׳ענטען דורשט צו מארד. ער האט שוין ניט איין מאל גע׳הרג.עט, און וויל הרג׳ענען נאך. און די וועלט ארום איהם, זשאק׳ן, זעהט ער שוין בלויז ווי אין א חלום, ווייל אלצ־דינג זעהט ער בלויז דורך די ברילען פון זיין חולאת. זיין גע־וועהנליכער לעבען פון אלע טעג איז ווי אבגעשאפט געווארען,

און ער געהט ארום ווי איינער אין שלאף, ניט געדענקענדיג די פערגאנגענהייט, ניט פערשטעהענדיג וואס קען ווערען, בלויז געיאגט פון זיין קליפה. זיין קערפער האט געשטעלט פיס, אבער ער איז דאביי ניט געווען....

צוויי פרויען האבען איהם איבערגעיאגט און זיך אן איהם פארבייגעהענדיג אנגעריהרט; און ער האט גענומען געהן גיכער נאך זיי. ער האט זיי אנגעיאגט, אבער עפיס א מאן האט זיי אבגעשטעלט, און אלע דריי האבען געלאכט און גערעדט. און אזוי ווי דער מאן האט איהם איבערגעשלאגען, האט ער זיך געלאזט נאכגעהן אן אנדער פרוי, וועלכע איז פונקט אין דער מינוט פארביי געגאנגען, — א דארע, א טונקעלע, אן ארימע, אין אן אלטען שאל. זי איז געגאנגען מיט קליינע טריט, מסתמא צו א שווערע, שלעכטע ארבייט, מיט קליינע שכירות, לויט דעם ווי זי האט זיך ניט געאיילט, און דאס פנים איז ביי איהר געווען אזוי טרויעריג. זשאק האט זיך שוין אויך ניט געאיילט; ער געהט איהר נאך, און טראכט נור וואוהין עס וועט זיין אם בעסטען איהר צו דערלאנגען דעם קלאפ. די פרוי האט זיך, אהן צווייפעל, געמערקט, אז דער מאן געהט איהר נאך, און איהרע אויגען האבען זיך אומגעקעהרט צו איהם מיט אן אונבעשרייבליכע טרויעריגקייט, ווי פארוואונדערט, וואס אימיצער קאן גאר צו איהר עפיס בעדארפען; זי האט איהם שוין אזוי צוגעפיהרט ביז'ן מיטען גאס די־האוור; זי האט זיך אין דער צייט אומגעקוקט צוויי מאל, שטערענדיג איהם יעדעס מאל ארייננצוזעצען איהר אין האלז דאס מעסער, וואס ער האט שוין געהאט ארויסגערוקט פון ארבעל. איהרע אויגען זיינען געווען פול מיט ליידען, פול מיט געבעט אט באלד, ווי זי וועט נור אראבגעהן פון טראטואר, וועט ער זי שטעכען...

פלוצים דרעהט ער זיך אום, און לאזט זיך אוועק נאך אן אנדער פרוי, וועלכע איז איהם אייגענטליך אנגעקומען ענטקעגען, און דאס — אהן אן אורזאכע, גאר אהן זיין ווילען, פשוט דערפאר נור וואס עס איז אויסגעקומען אזוי, אז די פרוי איז אין דער מינוט פארבייגעגאנגען.

און נאָכגעהענדיג איהר, איז זשאק צוגעקומען ביז'ן וואָק־זאַל. די פרוי, גאָר אַ לעבעדיגע, איז געגאנגען מיט האסטיגע, קלינגענדע טריט; און זי איז געווען בעצויבערענד חנ'עוודיג, אַ יאָהר צוואנציג, ניט מעהר, אַ פולינקע, אַ בלאָנדינקע, מיט צוויי שעהנע פרעהליכע אויגען, וואָס האָבען געשמייכעלט צום לע־בען. זי האָט אפילו ניט בעמערקט, אַז אַ מאַן געהט איהר נאָך: זי האָט זיך געמוזט איילען, ווייל זי איז האסטיג ארויפגעלאָפען די טרעפ צום וואָקזאַל פיר האוור, איז אריין אין אַ גרויסען זאַאַל, איז כמעט לויפענדיג צו צום פענסטעריל פון דער גארטעל־באהן, וואָס געמט ארום די שטאָדט. און אזוי ווי זי האָט פאר זיך גע־נומען אַ בילעט פון ערשטען קלאס קיין אָטעיל, האָט זיך זשאק אויך געקויפט איינעם, און איז איהר באלד נאָכגעגאנגען דורכ'ן וואַרט־זאַל ביז דער פלאטפאָרמע, און איז אריין אין דעם זעל־בען וואגאָן, וואָס זי, און זיך געזעצט לעבען איהר. דער צוג האָט זיך גלייך גערירט.

— כ'האָב נאָך צייט, — האָט ער זיך געטראכט. — איך וועל זי דער'הרג'ענען אין אַ טונעל.

אָבער ענטקעגען זיי איז געזעסען אַן עלטערע פרוי, — די איינצעלנע פארשוין אין וואגאָן אַ חוץ זיי, — און זי האָט גלייך דערקאָנט די יונגע פרוי.

— ווי, איהר גאָר? וואוהין פאָהרט איהר אזוי פריה?

די יונגע פרוי האָט ארויסגעזעצט מיט אַ געלעכטער, און געמאכט אַ בעוועגונג פון קאָמישע האָפנונגסלאָזיגקייט.

— היינט געה ריכט זיך, אַז אימעצער מוז מיך דאָך בע־געגענען! איך האָב, אַז איהר וועט ניט אויסזאָגען.... מאָרגען איז מיין מאַן'ס געבורטסטאָג; און גלייך ווי ער איז נור ארויס פון שטוב צו געהן וועגען געשעפט, האָב איך זיך ארויסגעכאפט, בין אוועק קיין אָטעיל צום גערטנער, ביי וועמען מיין מאַן האָט געזעהען אַזאַ בלום, וואָס איז איהם זעהר שטארק געפעלען.... וויל איך איהם מאכען אַ סורפריז, פערשטעהט איהר.

די אלטע פרוי האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ מיט גליק־ווינשענדע ליעבליכקייט.

— און ווי אזוי איז דאָס קינדעלע ?

— מיין מיידעלע ? — א גאָלד, כ'האָב דאָך זי שוין ענט־וואוינט — היינט פונקט אכט טאָג. מעגט איהר זיך פערגינען צו זעהען ווי זי פלעמט עס איהר סופעלע... מיר זיינען אלע אזוי געזונט אזש — א סקאַנדאַל.

די יונגע פרוי האָט זיך צולאכט, ארויסווייזענדיג איהרע ווייסע צייהן הינטער איהרע בלוט־רויטע ליפען. און זשאַק איז געזעסען נעבען איהר, ביי דער רעכטער זייט, מיט'ן מעסער אין האַנד, צוגעדריקט צו זיך, קלערענדיג ווי לייכט דאָס וועט איהם זיין איהר צו דערלאַנגען דעם טויט־קלאַפּ. ער וועט נור דאַר־פען אויפהויבען דעם אָרם און זיך עטוואָס א קירעווע טהון; ס'איז איהם פונקט צו דער האַנד. אָבער אין באַטיניאָלער טור־נעל, איז איהם אריין אין קאָפּ די בענדער פון איהר הוט.

— דער קניפּ ביים שלייף, — האָט ער זיך געטראַכט, — קאָן מיר נאָך שטערען.

די צוויי פרויען האָבען דערווייל פרעהליך צווישען זיך גערעדט.

— ס'הייסט גליקליך ; אָה, איך זאָל אייך נור לעהמען דערצעהלען ! ס'איז ווי אַן אמת'ער חלום.... ערשט פאַר צוויי יאָהרען בין איך נאָך געווען א גאָרניט, איהר ווייסט דאָך ; — ביי דער מומע האָבען מיר ניט געלעקט קיין האָניג, און דערצו נאָך אָהן א פּרוטה נדן.... און אז ער פלעגט קומען, פלעג איך אזש ציטערן, — אזוי בין איך אין איהם געווען פאַרליעבט. ער איז אָבער געווען אזא רייכער און אזא שעהנער.... און איצט איז ער מיינער, מיין מאַן, און מיר האָבען א קינדעלע.... כ'זאָג דאָך אייך : — שוין צו גוט !

און זשאַק, בעטראַכטענדיג גוט דעם שלייף פון די בענדער, בעמערקט ביי איהר אויפ'ן האַלז, אויף א סאַמעטענעם בענדעל א גרויסען גאָלדענעם מעדאַליאָן, און ער רעכענט זיך :

— איך וועל זי אָנכאַפּען מיט דער לינקער האַנד און וועל איהר דעם קאָפּ א בויג טהון צוריק, און דעם מעדאַליאָן אָברוקען אַן א זייט, אזוי אז דער גאָרגעל וועט ענטבלויזט ווערען.

דער צוג שטעלט זיך אפ אלע מינוט, און געהט גלייך ווייטער. מ'איז שוין אריבערגעפאהרען די קורצע טונעלען פון קורסעל און פון גיוליע.

— אט באלד: — איין סעקונדע איז אויך גענוג.

די עלטערע דאמע פרעגט:

— איהר זייט דאך זומער געפאהרען זיך באדען אין ים?

— יא, אין ברעטאן. זעקס וואכען געווען, ערגיץ אין א פארגעסען ווינקעלע — א גן־עדן. און דערנאך האבען מיר נאך גאנץ סעפטעמבער פארבראכט ביים שווער אין פלאטו: — ער האט דארטען א פערמעגענס מיט וועלדער.

— און אויף ווינטער האט איהר, דאכט זיך, בדעה געהאט צו פאהרען אין די דרום־פראווינצען?

— יא; ארום דעם 15טען וועלען מיר זיין אין קאנן.... שוין גענומען א הויז. א גערטענדעל א מחיה, און דער ים גלייך ענטקעגען. מיר האבען אהין ארויסגעשיקט א מענשען, ער זאל אלעם צוריכטען איידער מיר קומען.... מיר לײדען חלילה ניט פון קיין קעלט, ניט איך און ניט מיין מאן. אבער די זון — ס'איז אזא פערגעניגען ... און אין מערץ קומען מיר צוריק. איבער א יאהר וועלען מיר פערבלייבען אין פאריז און איבער צוויי יאהר, אז אונזערע מיידעלע וועט שוין ווערען א גרויסע מאמזעל, וועלען מיר זיך פארנעמען א לוסט־רייזע. ווי איך דערצעהל אייך: — דורכאנאנד יום טוב!

די יונגע פרוי איז געווען אזוי פול מיט גליק, אז וועלענדיג עפעס מעהר אויסדריקען איהר פרייד, האט זי זיך אומגעקוקט צו זשאק'ן, — אז אונבעקאנטע מענשען, — און האט צו איהם א שמייכעל געטהון, און דער שלייף האט זיך דערפון אבגערוקט אן א זייט, און דער מעדאליאן אויך, און ס'האט זיך בעוויזען איהר הויל העלזעל, א רויטינקס, מיט א חן־גריבעלע, אין א שאטען פון גאלד.

ביי זשאק'ן האבען די פינגער נאך העפטיגער אנגעגריפען דאס הענטעל פון דעם מעסער, און ער האט ביי זיך ענדליך בעשלאסען גאר ענטשיעדען: —

— אַט אַהערצו, גלייך אין האלז, וועט ער עס אריינשטעכען. יא ; אַט באַלד, אין טונעל, פאַר פאַססי.

אָבער אויף דער סטאַנציע אין טראַקאַדעראָ איז אַ באַהן אָנגעשטעלטער אריין אין וואַגאָן, און דערקענענדיג זשאַק'ן, האָט ער זיך גענומען מיט איהם שמועסען פון דער אַרבייט, און דערצעהלט אַז מ'האָט גע'גנב'עט קוילען און די שולדיגע זיינען אַ מאַשיניסט מיט'ן הייצער.

און פון דעם מאָמענט אָן געדענקט שוין זשאַק ניט וואָס ווייטער איז געווען. ער האָט זיך קיין מאָל שוין ניט געקענט דערמאָנען די פאַקטען פּינקטליך. עפּעס האָט מען ווייטער געלאַכט, און מ'איז געווען אַזוי גליקליך, אַז ער איז, דאַכט זיך, אליין דערמיט געווען דורכגעדרונקען און ווי איינגעשלעפערט. איז ער פאַרפאַהרען ביז אַטעיל מיט די צוויי פרויען? אפשר יא ; אָבער ער געדענקט ניט, ווען זיי זיינען ארויס פון וואַגאָן. ער אַליין ווידער איז אָנגעקומען אויפ'ן ברעג פון דער סעין, אליין ניט וויסענדיג ווי אַזוי. וואָס ער געדענקט גאַנץ דייטליך, איז בלויז אַז ער האָט אַריינגעשליידערט אין טייך אריין דאָס מעסער, וואָס ער האָט געהאַלטען אין דער האַנד אין אַרבעל. און ווייטער געדענקט ער ניט ; ער איז געווען ווי אַ צומישטער, גלייך ווי ער וואָלט געווען ניט ער נור אַן אַנדערער, און דער דאָזיגער אַנדערער האָט זיך אָבגעטהון פון איהם צוזאמען מיט'ן מעסער. נאָך דעם האָט ער מסתמא אָבגעמאַרשירט אין פיעלע גאַסען, שטונדען־לאַנג געגאַנגען, וואוהין די פיס האָבען איהם געטראָגען. מענשען און הייזער געדענקט ער עפּיס ווי אין אַ טומאַן. עה איז אויך זיכער, אַז ער האָט געמוזט ערגיץ אריינגעהן אין אַ גרויסען זאַאַל מיט אַ גרויסען עולם עפּיס אָפּעסען, ווייל ער געדענקט זעהר דייטליך די ווייסע טעלער ; ער געדענקט אויך עפּיס אַ רויטע אויפשריפט אויף אַ פאַרמאַכטע קראָם. און — ניט מעהר ; אַלעס איז בלויז שוואַרצע פינסטערניש, תהום, אָהן צייט, אָהן פּלאַץ, וואו ער איז געווען בלויז אַ שטיק אייז אפשער הונדערטער יאָהרען לאַנג.

אַז זשאַק איז געקומען צו זיך, איז ער געווען אין זיין

קליין צימערעל אין דער גאס קארדינע, אויסגעצויגען אויפ'ן בעט, אין די קליידער. דער אינסטינקט האָט איהם געבראכט צופיהרען אהיים, ווי אַ קראנקער הונט שלעפּט זיך צו זיין קאַמערעל. אָבער ווי אזוי ער איז ארויפגעגאנגען די טרעפּ, און ווען ער איז אנשלאָפען געוואָרען, — דאס געדענקט ער ניט. ער האָט זיך אויפגעכאפּט פון אַ טיעפען שלאָף און האָט זיך דער־שראָקען, ווי אַ מענש, וואָס קומט צו זיך נאָכ'ן חלש'ען, אפשר איז ער דאָ אָבגעשלאָפען דריי שעה און אפשר דריי טעג. און מיט אמאָל האָט ער צוריק געקראָגען דעם זכרון: די נאכט מיט סע־ווערינ'ען, איהר מודה־זיין זיך אין מארד, און זיין אוועקלויפען ווי אַ ווילדע חיה עפּיס צו פארצוקען. נאָכדעם איז ער שוין ניט מעהר ער, און אַז ער איז איצט דאָך געקומען צו זיך, דער־מאָנט ער זיך ווי אין אַ חלום אָן אלעם דעם, וואָס האָט פּאסירט אָהן זיין אייגענעם ווילען.

פלוצים דערמאָנט ער זיך, אַז סעווערינע וואַרט אויף איהם; מיט אַ שפּרונג איז ער אויף די פיס. ער גיט אַ קוק אויף זיין זייגערל, זעהט ער, ס'איז שוין פיער. לאָזט ער זיך אוועק צוריק אויף דעם אמסטערדאמער סקווער. ער איז זעהר רוהיג, אין קאָפּ איז ביי איהם לעדיג, ווי נאָכ'ן לאָזען זיך אָן אָדער.

ביז מיטאג צייט, איז סעווערינע שטארק געשלאָפען; דער־נאָך האָט זי זיך אויפגעכאַפּט, און האָט זיך פערוואונדערט, וואָס זשאק איז נאָך ניט דאָ. זי האָט ווידער צופיהרט דאָס אויוועלע, און האָט זיך ענדליך אָנגעטהון; און ווערענדיג ענדליך שטארק הונגעריג, האָט זי, ארום צוויי אַ זייגער, בעשלאָסען אראָפּ צו געהן אין גאס אריין עפּיס אָנבייסען אין אַ רעסטאָראן.

ווען זשאק איז צוריק געקומען, איז זי שוין געווען אין דער היים, האָבענדיג בעזאָרגט אייניגע זאכען.

— אָה, מיין טהייערער; איך בין געווען אזוי אונרוהיג!

און זי האָט זיך איהם ארויפגעוואָרפען אויפ'ן האַלז און האָט איהם גוט אריינגעקוקט אין די אויגען.

— וואָס איז מיט דיר געווען?

מיעד און קאַלט, האָט זשאַק זיך גענומען זי צו בערוהיגען, גלייכגילטיג און געלאַסען.

— גאָרניט. אַ נאַרישע קלייניגקייט. מ'דאַרף דיך נור דערטאַפּען אויף דער סטאַנציע, לאָזט מען דיך שוין אַזוי גיך ניט אָפּ.

און סעווערינע האָט גענומען רעדען שטילער מיט אַ צערט־ליכען, לאַסטשענדען קול.

— און שטעל דיר נור פאָר, וואָס איך האָב שוין דאָ איבער־געטראַכט.... אַך, איין געמיינער געדאַנק האָט מיר אָנגעטהון גע־נוג שמערצען!... יא, כ'האָב מיר געטראַכט, אַז נאָך דעם, ווי איך האָב זיך דיר מודה געווען, וועסטו מיך פיינט קריגען.... און איך האָב זיך שוין געטראַכט, אַז דו ביסט אוועקגעגאַנגען צוריק שוין קיין מאָל ניט צו קומען, קיין מאָל ניט!

די טרערען זיינען זי בייגעקומען. זי האָט זיך צו־וויינט, און, אויסער זיך, האָט זי איהם געדריקט אין איהרע אָרמס.

— אָה, מיין טהייערער, דו זאָלסט נור וויסען, ווי איך נויטיג זיך, אַז מען זאָל זיין גוט צו מיר!... ליעב מיך, ליעב מיך שטאַרק, ווייל בלויז דיין ליעבע, גלויב מיר, קאָן מיך מאַכען צו פערגעסען.... און איצט, אַז איך האָב דיר שוין אויסדערצעהלט מיין גאַנצען אומגליק, דאַרפסטו מיך ניט אַוועקוואַרפען; אָה, פאַרלאָז מיך ניט, איך בעט דיך!

זשאַק'ן האָט דאָס געריהרט, — די צערטליכקייט איהרע, — און בּיסלעכווייז האָט עס איהם נאָכגעלאָזט די נערוועון, און ער איז ווייכער געוואָרען. ער האָט אַרויסגעמורמעלט:

— ניין, ניין; איך האָב דיך ליעב; האָב קיין מורא ניט.

און ס'האָט איהם אויך אָנגעכאַפּט פאַר'ן האַרצען, און ער האָט זיך אויך צואוויינט; איהם האָט געדריקט זיין פינסטערע חולאת, וועלכע רוקט זיך ווידער אויף איהם אָן, און פון וועל־כען ער וועט קיין מאָל ניט נצול ווערען. אַזאַ חרפּה! אַזאַ'ן אונ־ענדליכער אומגליק!

— אָה, ליעב מיך, דו ליעב מיך אויך, אָה, מיט דיין גאַנצער קראַפט, ווייל איך נויטיג זיך אויך אין ליעבע, ווי דו,

זי האט א ציטער געטהון; זי האט געוואלט, ער זאל איהם דערצעהלען.

— דו האסט יסורים; דערצעהל מיר וואס.

— ניין, ניין: נים קיין יסורים, — זאנדערן עפּיס אזוינס, וואס איז גאר אויף דער וועלט נימא, עפּיס אזא מין מרויער, וואס מאכט מיך שרעקליך אונגליקליך, אז ס'איז גאר אונמעגליך דאס אויסצודערצעהלען.

און זיי האבען זיך אומארמט איינער דעם אנדערען, צונויפ־גיסענדיג דעם מורא'דיגען טרויער פון זייערע וועהען. דאס איז געוועזן א ליידען אהן א סוף, אהן דער מעגליכקייט צו פערגע־סען, אהן פארצייהונג. און זיי האבען געוויינט, און האבען אויף זיך געפיהלט די בלינדע קרעפטע פון'ם לעבען, וואס בעשטעהט פון קאמפף און טויט.

— קום, — האט זשאק געזאגט, זיך בעפרייענדיג, — שוין צייט צו טראכטען צוריק צו פאהרען... היינט ביי נאכט, וועסטו נאך זיין אין האוור.

סעווערינע, א צומישטע, האט אויף איהם א טרויעריגען בליק געטהון, און האט אין א ווײלע ארום ארויסגעמורמעלט:

— אך, ווען איך וואלט אבער געוועזן פריי, ווען איך וואלט אבער קיין מאן נים געהאט!... אה, ווי שנעל מיר וואלטען דאס אלעס פארגעסען!

ער האט ראש א מאך געטהון מיט דער האנד, און האט זיין געדאנק ארויסגעזאגט אין דער הויך.

— מיר קאנען דאך איהם נים הרג'ענען!

זי האט אויף איהם א שטייפען בליק געטהון; ער האט א ציטער געטהון; ער האט זיך פערוואונדערט, וואס ער האט ארויסגעזאגט דאס, וואס איז איהם קיין מאל אין זינען נים גע־קומען. אויב שוין הרג'ענען, טא פאר וואס טאקי בעסער נים איהם, — דעם מאן וואס שטערט זיי?

אז ער האט זיך פון איהר ענדליך געמוזט אברייסען, ווייל ער האט זיך שוין געאיילט צו לויפען אויף דער סטאנציע, האט

זי איהם ווידער אמאל ארומגענומען, און איהם בעדעקט מיט קושען.

— אָה, מיין טהייערער, ליב מיך שטארק, און איך וועל דיך ליעבען נאך שטארקער, פיעל שטארקער נאך.... ווערסט זעהן, מיר וועלען נאך זיין גליקליך.

.9

זינט זשאק און סעווערינע זיינען דאס מאל צוריק געקומען קיין האוור, זיינען זיי געוואָרען זעהר פאָרזיכטיג, צוליעב א חשד, אז רובאָ ווייסט אלעס, וועט ער זיי אפשר נאכשפּירען, זיי כאפּען, און אין איין אָנפאל פון אייפערזוכט, זיך מיט זיי אָברעכענען. זיי האָבען זיך דערמאָנט ווי ווילד אייפערזיכטיג ער איז פון דער נאטור, און ווי ברוטאל ער איז, דער געוועזענער באהן־ארבייטער, וואס קריכט באלד מיט די פויסטען. און אָנ־קוקענדיג איהם, מיט זיינע אונקלאָהרע אויגען, שווערע טריט, אין א שווייגענדיגען, האט זיך זיי געדוכט, אז ער גראָבט עפּעס טאקי א גרוב אויף זיי, א בייזע פאסטקע, וואו זיי וועלען ארייננפאלען צו איהם אין די הענד. און דערפאר האָבען זיי זיך דעם ערשטען מאָנאט טאקי געזעהען בלויז מיט די גרעסטע פאָרזיכטיגקייט, שטענדיג אויף דער וואך.

און רובאָ פלעגט דערווייל זיין אין דער היים אלץ ווענינגער און ווענינגער. און אפשר געהט ער גאר אוועק אומיסטנע, כדי אמאל אנצוקומען אונערווארטעט און זיי כאפען ארומגעמענדיג זיך. אבער אומזאָנסט זייער מורא. פארקעהרט, רובאָ'ס אבוועזענהייט האט זיך אלץ מעהר פארלענגערט, און ער פלעגט זעל־טען ווען זיין אין דער היים, ענטלויפענדיג ווען ער איז נור געווען פריי און קומענדיג אהיים, ווען ער האט געמוזט צוליעב זיין אמט. די וואָכען ווען ער האט בעדארפט זיין אויף דער סטאנציע ביי טאג, פלעגט ער אין פינף מינוט עפּיס איבערכאפּען אין דער פריה, צעהן אזייגער, און פלעגט זיך שוין מעהר ניט ווייזען אין דער היים ביז האלב צוועלף; און ארום פינף אוהר פארנאכט, ווען זיין קאָלעגע קומט איהם איבערנעהמען די הענד, פלעגט ער

זיך אוועקגעהן, אפטמאל אויף א גאנצע נאכט. ער פלעגט קוים קומען אהיים שלאפען עטליכע שעה. און אויך דאס גלייכען ווען ער האט בעדארפט זיין אויף ביי נאכט; פריי פון פינף א זייגער אין דער פריה, פלעגט ער געווים ערגיץ וואו עסען און שלאפען, אהיים קומענדיג בלויז פינף פאר נאכט. און דאך, ניט קוקענדיג אויף דעם אלעמען, איז רובא א לאנגע צייט געווען דער גוטער בעאמטער, וואס איז פינקטליך צו דער מינוט; צייטענווייז פלעגט ער טאקי זיין אזוי אויסגעמאטערט, אז ער איז קוים איינגעשטאנען אויף די פיס, אבער ניט אבטרעטענדיג פון זיין פאסטען און געוויסענהאפטיג ביי זיין בעשעפטיגונג.

אבער ביסלעכווייז האט ער אנגעהויבען צו פארפעהלען. צוויי מאל האט שוין פאסירט, אז זיין קאלעגע, מולען, האט געמוזט אויף איהם ווארטען א גאנצע שעה; איין אין־דער־פריה זאגאר, נאכ'ן פריהשטיק, זעהענדיג, אז רובא איז נאך אלץ ניטא, האט ער, דער גוטער מולען, געטהון פאר איהם זיין ארבייט, כדי איהם צו פארהיטען פון א פארוואורף. און איבערהויפט האט זיך אנגעהויבען פיהלען אין רובא'ס טהעטיגקייט, אז ער געהט לאנגזאם ארונטער. ביי טאג איז ער שוין מעהר ניט געווען דער טהעטיגער רובא, וואס לאזט ניט דורך א צוג, ביים אנקומען אדער אוועקגעהן, אז ער זאל אליין, מיט די אייגענע אויגען, ניט איבערקוקען יעדעם פיצעלע, פערשרייבענדיג דעם מינדעסטען פאקט אין זיין רעפארט צום סטאנציאן־מייסטער, שטרענג צו זיך אליין און צו אלעמען. און ביי נאכט פלעגט ער אפט שלאפען ווי א גע'הרג'עטער אין דעם גרויסען געבעטען שטוהל אין זיין קאנטאר, און ער פלעגט זיך אויפכאפען, און פלעגט, ווי איינער אין שלאף, ארויסגעהן אויף דער פאסאזשיר פלאטפארמע, מיט די הענד פארלעגט פון הינטען, און פלעגט מיט א שלעפעריגע שטימע אבגעבען זיין בעפעהל, ניט אכטונג געבענדיג צו ווערט עס ריכטיג ערפילט. און אויף דער סטאנציע איז זיך אלעס צוגעגאנגען ווי פון זיך, בלויז מיט דעם כח פון א געוואהנהייט; און איין מאל האט מען, נור איבער רובא'ס נאכלעסיגקייט, אוועקגעשטעלט א פאסאזשיר־צוג אויף די זא־

פאסנע רעלסעס. זיינע קאמעראדען האבען זיך איינפאך אונטערגעלאכט, דערצעהלענדיג, ווי ער הולטאיעוועט.

אין אמת'ן האט רובא איצט פארבראכט אויף דעם ערשטען עטאזש פון די קאפע „די־קאמערס", אין דעם קליינעם אבגעזונדערטען זאלכעל, וואס איז ביסלעכווייז געווארען א ריכטיגע קארטען־שולכעל. ס'איז זאגאר ארויס א קלאנג, אז אפילו פרויען קומען אהין שפיעלען אין קארטען יעדע נאכט; אבער אין דער אמת'ן פלעגט אהין קומען בלויז איינע, די געליעבטע פון אן אויסגעדיענטען קאפיטאן, א פרוי פון א יאהר פיערציג, אם וועניגסטען, א פארברענטע קארטען־שפיעלערקע, ווי דער ערגסטער מאנסביל. רובא פלעגט אהער קומען בלויז צו די קארטען, צו בעפרידיגען זיין פינסטערע נייע קליפה, וואס האט זיך אין איהם אויפגעכאפט צופעליג, אויף מארגען נאכ'ן מארד, ביי א פארטיע פיקעט. און פון יעמאלט אן איז די ליידענשאפט אין איהם געוואקסען און איז געווארען א הערשענדע געוואהנהייט, ווייל זי האט איהם פארשאפט די איינצעלנע פערגעסענהייט פון זיינע געדאנקען. און די קארטען האבען איהם אזוי פארכאפט, אז זאגאר ער, א פשוטע מענשען־חיה, א זכר, האט אזש פערגעסען צו בעגעהרען א פרוי; די קארטען קליפה האט איהם פערנומען אין גאנצען, מיט'ן לייב און לעבען, און האט איהם פארשאפט א מין זאנדערבארע אנזעטיגונג, וואס האט איהם געקענט צופרידען שטעלען. דאס בעדייט פון דעסטוועגען ניט, אז רובא'ן האט דאס געוויסען געפלאגט אזוי, אז ער האט זיך געוואלט פארגעסען. דאס מיינט בלויז, אז אין דעם בראך, וואס האט געטראפען זיין פאמיליען־לעבען און האט עס צערשטערט, האט ער דא געפונען זיין טרייסט, זיין בעטויבונג אין זיין ענגאאיסטישע צופרידענהייט, וואס ער האט געקאנט געניסען אייגער אליין. און זיין גאנצער לעבען איז יעצט אריינגעצויגען געווארען אין די טיעפעניש פון זיין ליידענשאפט, און דאס האט איהם שוין אין גאנצען רואינירט. שנאפס זאגאר וואלט איהם אויך ניט געקענט פארשאפען אזוי פיעל אנגענעהמע שטונדען, אזוינע פרעהליכע, פרייע דאגות. זאגאר דאס לעבען אליין האט

איהם אויפגעהערט צו אַארען; איהם האָט זיך געדוכט, אז ער לעבט אויסערגעוועהנליך שנעל, אָבער ערגיץ אנדערש, אָהן אַן אינטערעס, און קיין שום זאַך ריהרט איהם שוין ניט מעהר, אַבוואָהל אמאָל פלעגט דאָס איהם מאכען ווילד פון ערגערניש. דערפאַר האָט ער זיך טאַקי געפיהלט זעהר גוט, ניט אכטענדיג אויף די שלאָפלאָזע נעכט; ער איז זאָגאר געוואָרען דיקער און האָט אויף זיך ארויפגענומען פעטס — שווערע און געלע פעטס, — און די הויט־ברעמען האָבען שווער אראָבגעהאנגען איבער זיינע אונקלאָהרע אויגען. און אז ער פלעגט קומען אהיים, מיט די לאנגזאמקייט פון זיינע פערשלאָפענע בעוועגונגען, האָט ער צו אלץ און צו אלעמען געפיהלט בלויז איין גלייכגילטיגקייט.

די נאכט, ווען רובאָ איז געקומען ארויסנעהמען פון אונטער דעם פארקעט די דריי הונדערט פראנק אין גאָלד, האָט ער דאָס געלד געוואָלט בעצאָהלען מ׳סיע קאָש, דעם אונטערזוכונגס־קאָמיסאר, צו וועלכען ער האָט אייניגע מאָל פערלאָרען דורכאנאנד. מ׳סיע קאָש, אַן אלטער קאָרטען־שפיעלער, איז זיך געווען זעהר קאלט־בלוטיג ביים שפיעלען, און דערפאר אויך אַ געפעהרליכער געגנער. בעהויפּטען פלעגט ער אָבער, אַז ער שפיעלט נור פיר צייט־פערטרייב: די פפליכטען פון זיין אמט האָבען איהם געצוואונגען זיך צו האלטען אנשטענדיג, און ער פלעגט מאכען דעם אָנשטעל, אַז אין קאפע זיצט ער נור אלס אַן אויסגעדיענטער מיליטאַריסט, וועלכער איז געבליבען אַ בחור; אָבער דאָס האָט איהם גראָד ניט געשטערט צו קעמפּפען אין קאָרטען אָפטמאָל דעם גאנצען אבענד און ביי אלע צו־צונעמען דאָס ביסעל מזומן. ס׳איז ארוים אַ קלאנג, אַז ער ווערט בעשולדיגט, אַז ער איז אזוי ניט פינקטליך ביי זיין פאָסטען, אַז ער קאָן נאָך גאָר פארלירען די שטעלע; אָבער די געשיכטע האָט זיך פארצויגען; דער אונטערזוכונגס־קאָמיסאר האָט געהאט אזוי וועניג וואָס צו טהון, — טאָ צו וואָס זיך איילען? און ער פלעגט אימער יוצא זיין דערמיט וואָס ער פלעגט אויף אַ מינוט זיך בעווייזען אויף דער סטאנציע, וואו יעדער פלעגט איהם בעגריסען.

אין דריי וואכען ארום איז רובא ווידער אמאל שולדיג געווארען מ'סיע קאש פרישע פיער הונדערט פראנק. רובא האט אלעמען פערזיכערט, אז די ירושה, וואס איז זיי אנגעקומען צו־ליעב זיין פרוי, האט זיי פיעל פארבעסערט זייערע אומשטענדען, אבער, פלעגט ער ווייטער ערקלעהרען מיט א שמייכעל, די ווייב האלט עס די שליסעל פון דעם קעסטעלע, און דערפאר מוז מען איהם ענטשולדיגען, וואס ער צאהלט ניט אזוי שנעל זיינע קארטען־חובות. און אמאל אין א פריהמארגען, ווען ער איז געוועז געבראכען, און איינער אליין אין שטוב, — האט ער אויפגע־הויבען דאס קלעצעל פון דעם פארקעט און האט פון דארט ארויסגענומען א טויזענד־פראנקעדיגען בילעט. ער האט געצי־טערט מיט אלע אברים; יענע נאכט, ווען ער האט גענומען דאס גאלד־שטיק, האט ער גארניט געפיהלט אזא אויפרעגונג. קיין צווייפעל ניט, אז דאן איז דאס ביי איהם געוועזן בלויז אזא מין הלואה; די גנבה פאנגט זיך ערשט אן היינט, מיט דעם בילעט. א סקרוך איז איהם אריבער איבער'ן לייב, אז ער האט א טראכט געטהון פון דעם הייליגען געלד, צו וועלכען ער האט זיך געגעבען דאס ווארט קיין מאל זיך ניט צו צוריהרען. ער האט דאך אמאל געשווארען, אז ער וועט בעסער אויסגעהן פון הונגער — און דאך ריהרט ער דאס געלד, און ער האט אפילו אליין ניט גע־וואוסט, ווען אייגענטליך ער האט פארגעסען אן זיין געוויסען, — מסתמא יעדע טאג פארגעסען אביסעלע, און לאנגזאם, לויט ווי דער סם פון דעם מארדטהאט האט איהם צופרעסען די נשמה...

אין דעם לאך, אונטער דעם פארקעט, האט זיך איהם אב־געדוכט, אז ער פיהלט עפיס פייכטס, און עפיס אזוינס א ווייכס, וואס פוילט, און ס'האט איהם אנגעכאפט א שרעק. און ער האט האסטיג צוריק פארהאקט דעם פארקעט, און זיך גענומען די שבועה זיך גיכער אבצוהאקען די האנד, איידער ווען עס איז נאך אמאל זיך צוריהרען דערצו. סעווערינע האט גאר ניט געמערקט; ער האט אבגעזיפצט מיט פערלייכטערונג און האט אויסגעטרונקען א גרויסע גלאז וואסער זיך צו בערוהיגען. דאס הארץ האט איהם איצט געקלאפט האסטיג, פון דעם געדאנק

אז אי דעם חוב וועט ער בעצאהלען אי געלד וועט איהם נאך
בלייבען ווייטער צו שפיעלען.

אבער אזא בילעט דארף מען דאך אויסבייטען, און רובא'ן
האט ווידער אנגענומען אן אנגסט. אמאל, פריהער, איז ער
נאך געוועזן א בראווער מאן; און ער וואלט זיך אליין איבער־
געגעבען צו דער פאליציי, ווען ער וואלט ניט בעגאנגען די נא־
רישקייט און וואלט ניט אריינגעמישט די פרוי; אבער יעצט,
איז נור דער איינער געדאנק וועגען די זשאנדארען שוין גענוג
איהם אריינצו־ווארפען אין א קאלטען שוויים. ער האט אפילו
גאנץ גוט געוואוסט, אז די נומערען פון די בילעטען זיינען אונ־
בעקאנט און אז א חוץ דעם איז דאך די אונטערזוכונג אויך
איינגעשלאפען, און די גאנצע געשיכטע איז שוין טיעף בע־
גראבען אין די פראטאקאלען, — אבער, ביי אלעם דעם, האט
איהם אנגעכאפט א מורא גלייך ווי ער האט נור געוואלט עפענען
א טיהר אריינצוגעהן אויסבייטען דעם טויזענד־פראנקעדיגען
בילעט. פינף טעג האט ער די אסיגנאציע געהאלטען ביי זיך. און
ער האט ניט אויפגעהערט, — ס'איז ביי איהם געווארען א נויט־
ווענדיגקייט, — צו טאפען דאס פאפיער, דאס איבערצולעגען און
דערפון זיך ניט צושיידען זאגאר ביים געהען שלאפען.

ער האט געמאכט אלערליי קונציגע פלענער, און האט זיך
אבער אלע מאל אנגעשטויסען אויף אלערליי אונפאראויסגעזע־
הענע שטערונגען, פריהער פאר אלעם, פאר וואס עפים ניט אב־
זעצען דעם בילעט טאקי אויף דער סטאנציאן אליין; פאר וואס
זאל דער קאלעגע, וואס נעמט צונויף דאס לעזונג, איהם דאס
ניט אויסבייטען? אבער דאס, דוכט זיך איהם, איז זעהר גע־
פעהרליך, און ער שטעלט זיך פאר, אז ער געהט גאר אוועק אויף
דעם אנדערען עק שטאדט, אהן זיין פארמענעם חוט, און וועט
עפים קויפען, — ס'מאכט ניט אוים וואס. אבער וועט דען דאס
ניט זיין איבערראשענד, וואס א מענש בייט אוים אזא סומע
צוליעב א קלייניגקייט? און אפשר גאר אט וואס: — ער וועט
אוועק אויף דעם בולוואר „נאפאלעאן", אין טאבאק־קאנטאר,
וואו ער קומט אריין יעדען טאג, — גאנץ פשוט, אה? מ'ווייסט

דאך גאנץ גוט, אז ער האט בעקומען א ירושה, און די פארקויפערין וועט זיך גארניט פארוואונדערען. און רובא איז אוועק ביז צו דער טיהר ; אבער דא האט ער פארלארען דעם מוטה, און איז אוועק צום פאנטאן וואביין זיך אננעמען מיט מעהר קוראזש. געגען א האלבע שטונדע האט ער ארומגעשפאצירט, דאן זיך צוריקגעקעהרט, אבער נאך אלץ ניט ענטשלאסען. אויף דער נאכט, אין קאפע־הויז „די קאממערס“, ווען מ’סיע קאש איז אויך געווען, איז רובא פלוצים געווארען געוואגט און ער האט פון קעשענע ארויסגענומען דעם בילעט און געבעטען די בעל־הבית’טע, זי זאל איהם צובייטען ; זי האט אבער ניט געהאט אזוי פיעל, האט זי געשיקט צובייטען אין טאבאק־קאנטאר. מ’האט זיך זאגאר צו־וויצעלט איבער דעם בילעט, וואס עה זעהט אוים אזוי ניי, אבוואהל נאכ’ן שטעמפעל נאך איז ער שוין צעהן יאהר אלט, דער אונטערזוכונגס־קאממיסאר אליין האט איהם גענומען אין די האנד, און באלד אבער צוריקגעגעבען, בעמערקענדיג דערביי, אז דאס פאפירעל האט ערגיץ זיכער געמוזט ליעגען אין א לאך ; און דאס האט דער געליעבטער פון דעם אויסגעדיענטען קאפיטאן געגעבען די געלעגענהייט צו דערצעהלען אן אונענדליכע געשיכטע פון אן אוצר, וואס מ’האט א מאל בעהאלטען און דערנאך געפונען אונטער דעם מארמאר שטיין פון א קאמאדע.

עס זיינען אוועק איניגע וואכען, און דאס געלד, וואס ער האט איצט ביי זיך געהאט, האט נאך מעהר צוהיצט זיין ליידענשאפט. גרוים האט ער אפילו ניט געשפיעלט, אבער די קארט איז איהם אזוי שטענדיג ניט געגאנגען אהן אן אויפהער, אז די קליינע סומעס, וואס ער האט פארלארען יעדען טאג, האבען איינע מיט די אנדערע בעטראפען זעהר פיעל, און צום סוף מאנאט האט ער שוין קיין פרוטה ניט געהאט, און איז שוין געווען שולדיג געלד, אויף’ן עהרען־ווארט, און איז שיער ניט קראנק געווארען דערפון, וואס ער קאן זיך ניט צוריהרען צו א קארט. דאך האט ער זיך געראנגעלט, און האט זיך שיער ניט אוועקגעלעגט אין בעט אריין. דער געדאנק אבער אז דארט, אונטער’ן פארקעט,

אין עסס־צימער, ליעגען נאָך גיין אזוינע בילעטען, איז ביי איהם געוואָרען עפּיס ווי א מין משוגעת אין מח: אלע מינוט זעהט ער דאָס געלד, דורך דעם פּארקעט, און פיהלט ווי דאָס בריהט איהם די פּיס... ער זאָל נור וועלען, און ער קאָן נעמען נאָך איינעם! אָבער דאָס מאָל וועט ער האלטען די שבועה! ער וועט זיין האנד בעסער אין פייער אריינלעגען, איידער זיך דאָרט נאָך אַמאָל צוריהרען זיך...

און איין מאָל ביי נאכט, ווען סעווערינע איז פריה אנשלאָ־פען געוואָרען, האָט ער געעפענט דעם פּארקעט, — ער האָט זיך אונטערגעגעבען, אין כעס אויף זיך אליין, און אזוי צוטומעלט פון טרויעריגקייט, אז די אויגען האָבען זיך ביי איהם אָנגעפילט מיט טרערען, וואָס איז די פּעולה אזוי זיך צו ראנגלען? בלויז אומניצליכע ליידען, ווייל איצט האָט ער שוין קלאָהר פארשטאַ־נען, אז ער וועט די בילעטען ארויסנעמען איינעם נאָך'ן אנ־דערען.

אויף מאָרגען האָט סעווערינע אין דער פריה צופעליג בע־מערקט א פרישען קראַץ אויף דעם האָלץ פון דעם פּארקט. זי האָט זיך אָנגעבויגען און האָט דערזעהען, אז דאָס קלעצעל האָט מען אויפגעהויבען. ס'איז קלאָהר, איהר מאן נעמט ווייטער. און זי האָט זיך פארוואונדערט, וואָס זי איז דאָ מיט א מאָל אזוי געוואָרען אין כעס, ווייל געוועהנליך הלש'ט זי גאָרניט אזוי נאָך'ן געלד, און נאָך מעהר, נאָך אזא געלד; זי האָט אויך גע־שוואָרען גיכער אויסצוגעהען פון הונגער, איידער זיך צוצוריה־רען צו די בילעטען בעשפריצט מיט בלוט. אָבער איז דען דאָס געלד ניט פונקט אזוי איהרס ווי זיינס? טאָ וואָס באלאבאטע־וועט ער דאָס אזוי איבער דעם און פרעגט זי אפילו ניט, בעהאל־טענדיג דאָס פון איהר?

ביז מיטאָג האָט זי געפּלאָגט דער וואונש צו וויסען אויף זיכער, און זי וואָלט אודאי אויך געעפענט דעם פּארקעט און אריינגעקוקט, ווען די האָאר וואָלטען זיך איהר ניט געשטעלט קאפויר בלויז פון דעם געדאנק, אז זי וועט דאָרט מוזען זוכען איינע אליין, אפשר וועט דער טויטער גאָר אויפשטעהען אונטער

די ברעטער? און די קינדערשע שרעק איהרע האט איהר אזוי מיאוס געמאכט דאס עס־צימער, אז זי האט זיך גענומען דאס שטריקען און איז זיך אוועק אין איהר אייגען צימער.

אבער דעם אויף־דער־נאכט, בשעת זיי האבען ביידע נאך געגעסען וואס איז איבערגעבליבען פון דעם געווירץ־פלייש, האט זיך אין איהר דער כעס ווידער צוברענט, ווען זי האט בעמערקט, ווי ער ווארפט עס ניט ווילענדיג האסטיגע בליקען אויף דעם ווינקעל פון דעם פארקעט.

— האסט שוין ווידער אמאל גענומען? — האט זי פלוצלינג געפרעגט.

ער האט פערוואונדערט אויפגעהויבען דעם קאפ.

— וואס?

— אה! מאך ניט קיין אנשטעל, — דו פערשטעהסט מיך גאנץ גוט... אבער הער זיך צו, איך וויל ניט, אז דו זאלסט ריהרען דאס געלד, ווייל עס איז מיינס גראדע ווי דיינס, און צוויי־טענס, ווער איך קראנק פון דעם געדאנק, אז דו ריהרסט עס אן.

ער האט געהאט די געוואהנהייט אויסצומיידען קריעגערייען. זייער צוזאמענלעבען איז בלויז געווען א געצוואונגענע בעריהרונג פון צוויי פערזאנען, וועלכע זיינען געווען פערבונדען איינע מיט דעם צווייטען און וועלכע האבען פערבראכט צוזאמען גאנצע טעג, ניט ריידענדיג קיין איין ווארט צווישען זיך, זיי האבען עקזיס־טירט איינע לעבען דעם אנדערען, אבער זיי זיינען געווען ווי צוויי פרעמדע, גלייכגילטיג און איינזאם. דארום האט ער נור אויפגעצויגען מיט די פלייצעס און האט זיך ענטזאגט צו געבען אירגענד וועלכע ערקלעהרונג.

אבער סעווערינע איז געווען צו אויפגערעגט. זי האט גע־וואלט מאכען אן ענדע מיט דער פראגע פון דעם געלד, וואס איז דארטען געלעגען בעהאלטען, און פון וועלכען זי האט געליטען זייט דעם טאג פון'ם פערברעכען.

— איך וויל, דו זאלסט מיר ענטפערן... וואג נור צו זאגען, אז דו האסט פון דארט גאר ניט געריהרט.

— וואס געהט עס דיך אן?

— עס געהט מיך אָן, ווייל עס ערגערט מיך. זאָגאר היינט האָב איך אזוי מורא געהאט, אז איך האָב דאָ ניט געקאָנט פער־בלייבען. יעדעס מאָל, וואָס דו ריהרסט עס אָן, האָב איך דריי נעכט אויסצושטעהן שרעקליכע חלומות... מיר רעדען דערפון קיין מאָל ניט, אָבער זעה זשע, צווינג מיך ניט דערפון צו רעדען.

ער האָט זיך מיט זיינע גרויסע אויגען גוט איינגעקוקט אין איהר, און האָט איהר מיט א האַלב מויל געענטפערט:

— וואָס ארט דיך, וואָס איך נעהם עס, אזוי לאנג ווי איך צווינג דיך עס ניט צו נעהמען. איך נעהם עס פיר זיך, — זאָל דיך ניט אַארען.

זי האָט קוים איינגעהאַלטען איהר כעס. — דאַן האָט זי, מיט אַן אויסדרוק פון ליידען און פעראכטונג אין איהר געזיכט געזאָגט:

— אַה, וואָס איז מיט דיר געוואָרען! איך הויב דיך ניט אָן צו פערשטעהען... דו ביסט דאָך אמאָל געוועזן אַן עהרליכער מאַן. דו וואָלסט דאָך פריהער ביי קיינעם קיין איינציגען סו ניט צו־גענומען... דאָס, וואָס דו האָסט געטהון, קאָן מען נאָך פער־צייהען, ווייל דו ביסט געוועזן ווי א משוגע'נער, און איך אַליין בין אויך דורך דיר שיער ניט משוגע געוואָרען... אָבער דאָס געלד, אַה! דאָס עקעליכע געלד, וואָס וואָלט גאָר מעהר פיר דיר ניט געדארפט עקזיסטירען, גנב'סטו ארויס א סו נאָך א סו פיר דיין פערגעניגען וועגען... וואָס טהוט זיך מיט דיר? ווי האָסטו גע־קענט פאַלען אזוי ניעדעריג?

ער האָט זיך צוגעהערט, און אויף איין מינוט, האָט ער זיך אַליין געוואונדערט, ווי ער האָט געקאָנט קומען צו גנבה. די גראַדען פון זיין לאנגזאַמער דעמאָראַליזאַציאָן האָט ער שוין ניט געקאָנט זעהען, און ער האָט שוין ניט געקאָנט בעמערקען דעם אבגרונד, וואָס דער פערברעכען האָט ארום איהם אויסגעגראָבען. ער האָט זיך אַליין ניט געקענט ערקלעהרען, ווי אזוי עס האָט פּאַ־סירט, אז ס'האָט זיך אָנגעפאַנגען א מין נייער לעבען און ער איז געוואָרען כמעט אַן אנדער מענש, נאָכדעם ווי זיין פאַמיליען־לע־בען איז צושטערט געוואָרען, און זיין פרוי איז צו איהם פאַר־

פרעמדט און פיינדליך געוואָרען. אָבער דער געפיהל, אז מען קען שוין דאָס ניט פעררינכטען איז צו איהם באלד צוריק געקומען. ער האָט א מאך געטהון מיט דער האנד, גלייך ווי ער וואָלט זיך געוואָלט בעפרייען פון די בעאונרוהיגענדע געדאנקען.

— אז ס'ווערט אין דער חיים סקוטשנע, — האָט ער א בורטשע געטהון, — זוכט מען צו פארברענגען די צייט אין אן אנדער פלאַץ. דו האָסט דאָך מיך שוין מעהר ניט ליעב...

— אָ, ניין! איך ליעב דיך שוין מעהר ניט!

ער האָט אויף איהר א קוק געטהון, האָט מיט'ן פויסט א קנאק געטהון אין טיש, און דאָס פנים איז ביי איהם אָנגעגאָסען געוואָרען מיט בלוט:

— דאן, לאָז־זשע מיך צורוה! שטער איך דיר דען זיך צו אונטערהאלטען? אורטהייל איך דיך דען?... יעדער עהרליבער מענש וואָלט אויף מיין פלאַץ געטהון פיעלעס, וואָס איך טהו ניט. צום אלעם ערשטען וואָלט איך דיך געדארפט מיט'ן פוס ארויסשליידערן פון יענער זייט טיהר! און דאן וואָלט איך פיליכט ניט געדארפט גנב'נען.

זי איז שטארק בלאַס געוואָרען; זי האָט אָפט געטראכט, אז ווען אן אייפערזיכטיגער מאן ווערט אויפגעפערטען פון אזא אינערליכער קראנקהייט, וואָס ברענגט איהם שוין דאצו, אז ער קען שוין דולדען זיין פרוי'ס ליעב־האבער, איז דאָס אן אמת'ער סימן פון מאָראלע פערפוילטקייט, וועלכע טויטעט אין איהם אלע פרינציפען, און פערניכטעט זאָגאר אין גאנצען זיין געוויסען. אָבער זי האָט זיך פערטיידיגט; זי האָט אויף זיך ניט געוואָלט נעהמען קיינע פעראנטוואָרטליכקייט. מיט א פערשטיקטער שטימע האָט זי געשריען:

— איך פערבאָט דיר אָנצוריהרען דאָס געלד!

ער האָט געענדיגט דאָס עסען. רוהיג האָט ער צוזאמענגעלעגט די סערוועטקע, איז אויפגעשטאנען און האָט מיט אן אירא־נישען שמייכעל געזאָגט:

— אויב ס'גנעהט יא אין דעם, קאָנען מיר זיך צוטהיילען. און ער האָט זיך אָנגעבויגען, גלייך ווי ער וואָלט געוואָלט

אויפהויבען דאָס קלעצעל. זי איז צוגעפלויגען און אַ שטעל געטהון דעם פוס אויף דעם פּאַרקעט.

— ניין, ניין! דו ווייסט, אז כ׳וואָלט בעסער געשטאָרבען... עפּען עס ניט. ניין, ניין! ניט ווען איך בין דאָ ד׳ערביי.

דיעזען אבענד האָט זיך סעווערינע געדאַרפט בעגעגענען מיט זשאַק׳ן אונטער דער פּראַכט סטאַנציאָן. און ווען זי איז נאָך אַ האַלבע נאַכט אהיים געקומען, איז איהר די סצענע פון פריהערבאַלד געקומען אין קאָפּ אריין, און זי האָט זיך פערשפּאַרט אין איהר צימער אויף׳ן שלאָס. רובאָ האָט איצט געארבייט ביי נאַכט, האָט זי ניט מורא געהאַט, אז ער וועט קומען אַ היים שלאָפען, סאַי ווי סאַי פלעגט ער שוין איצט זעלטען ווען אהיים קומען. און צודעקענדיג זיך מיט דער קאָלדערע ביז איבער די אויערען, און איינדרעהענדיג דעם לאָמפּ, האָט זי פּאָרט ניט געקענט איינשלאָפען. ווארום האָט זי זיך ענטזאַגט צו צוטהיילען זיך? און איצט האָט שוין איהר עהרליכקייט אזוי שטאַרק ניט רעוואָלטירט ביי׳ם געדאַנק צו פּראָפּיטירען פון דעם געלד. האָט זי דען ניט אָנגענומען בירושה דאָס הויז אין קרואַ־דע־מאָפּראַ? טאָ מעג זי דאָך שוין געוויס נעהמען דאָס געלד אויך. אָבער זי האָט ווידער אַ ציטער געטהון. ניין, ניין, קיין מאָל ניט! דאָס געלד וואָלט זי גענומען, אָבער זי האָט עס ניט געוואַגט אָנצוריהרען, פירכטענדיג אָבצובריהען זיך די פינגער, מיט דיעזען געלד, דאָס געלד וואָס איז גענגב׳עט ביי אַ טויטען, דאָס העסליכע געלד פון אַ פערברעכען. זי האָט זיך ווידער בערוהיגט, און האָט גענומען קלערען: זי וואָלט עס דאָך ניט גענומען אויף אויסגעבען; פערקעהרט זי וואָלט עס בעהאַלטען אין אַן אנדער פּלאַץ, וואָס נור זי אליין וואָלט געוואוסט דערפון, און עס וואָלט דאָרט געקאָנט ליגען אויף אייביג; מען וואָלט נאָך איצט פון איהם פּאָרט געקאָנט אָבראַטעווען אַ חאַלב פון דער סומע. ער וואָלט ניט געקאָנט טריאומפירען, צונעהמענדיג אלעס, און וואָלט ניט געקאָנט פערשפּיעלען דאָס וואָס געהערט צו איהר.

ווען עס האָט געקלונגען דריי אַ זייגער האָט עס זי שטערבליך פערדראָסען, וואָס זי האָט ניט געוואָלט זיך צוטהיילען. ס׳איז

איהר געקומען אין קאָפּ אריין א געדאנק, א וויטער, אן אונבעשטימטער געדאנק: אויפצושטעהען, און א זוך טהון אונטער'ן פארקעט, אום אז איהם זאָל שוין גאָר ניט בלייבען. אָבער עס האָט זי דאביי א נעהם געטהון אזא קעלט, אז זי האָט שוין אפילו ניט געוואָלט דענקען דערפון. צו נעהמען אלעס, און בעהאלטען אלעס, אז ער זאָל אפילו ניט וואגען זיך צו בעקלאָגען! און דיעזער פלאן האָט פון איהר אלץ מעהר און מעהר ניט אָבגעטראָטען, און איהר ווילען, פיעל שטארקער פון איהר קראפט פון ווידערשטעהען, איז אלץ מעהר ארויסגעוואקסען פון די פינסטערע טיעפענישען פון איהר עקזיסטענץ, זי האָט עס ניט געוואָלט טהון, דאָך איז זי שנעל אראָבגעשפרונגען פון בעט, ווייל אנדערש האָט זי ניט געקאָנט האנדלען. זי האָט ארויסגעדרעהט דעם קנויט פון'ם לאָמפּ, און איז אריינגעגאנגען אין עסס־צימער.

איצט האָט זי שוין ניט געציטערט. איהר שרעק איז פאָראיבער, זי האָט זיך בעוועגט לאנגזאם און רוהיג ווי א שלאָפוואנדערין. זי האָט געמוזט געהן זוכען די קאָטשערע אום אויפצועפענען דעם פארקעט. און ווען דער גרוב איז געווען אויפגעעפענט, האָט סעווערינע, וועלכע האָט ניט גוט געזעהען, צוגעבראכט נאָהענט דעם לאָמפּ. אָבער זי איז פון ערשטוינונג פערגליווערט געוואָרען, אזוי אָנגעבויגען ווי זי איז געווען: דער גרוב איז געווען לעהר. עס ווייסט אוים, אז בשעת זי איז געלאָפען זיך זעהען מיט איהר געליעבטען, איז רובאָ ארויפגעקומען, האבענדיג פיעלייכט דעם זעלבען וואונש: צו נעהמען אלעס, פערבאפען אלעס, און האָט טאקי מיט איין מאָל צוגענומען אלע אסיגנאציעס, ניט איבערלאָזענדיג אפילו קיין איינעם. זי האָט זיך געשטעלט אויף די קניען, אָבער זי האָט דאָרט גאָר ניט געזעהען אחוץ דעם גאָלדענעם זייגער און די קייט, וועלכע האָבען געבליבען אין שטויב. א ציטער פון שרעקליכען כעס האָט זי אָנגענומען אויף א סעקונדע, און אזוי ווי זי איז געשטאנען האלבנאקעט און אונבעוועגליך, אזוי האָט זי א מאָל צוואנציג וויעדערהאָלט:

— גנב! גנב! גנב!

און מיט בייזקייט האט זי א כאפ געטהון דעם זייגער, א גרויסער שווארצער שפין, וועלכען זי האט בעאונרוהיגט, האט א לויף געטהון אויף דער וואנט. א קלאפ טהוענדיג מיט דער פיאטע, האט סעווערינע צוריק פערהאקט דאס קלעצעל, זי האט אוועקגע־שטעלט דעם לאמפ אויף'ן נאכט טישעל און האט זיך צוריק גע־לעגט. ווען זי האט זיך אביסעל דערווארעמט, האט זי גענומען בעטראכטען דעם זייגער, וועלכען זי האט געהאלטען אין איהר צוזאמענגעדריקטער האנד. זי האט איהם גדרעהט און בעקוקט, זי האט זיך פעראינטערעסירט מיט דעם הויפט־ריכטער'ס צוויי צוזאמענגעפלאכטענע בוכשטאבען, וועלכע זיינען געווען אויסגע־קריצט אויף דעם דעקעל. אינווענינ האט זי איבערגעלעזען דעם נומער 2516, — דעם פאבריק נומער. דאס איז געווען זעהר א געפעהרליך שטיקעל ציהרונג צו האלטען אין הויז, ווייל דאס גע־ריכט האט געוואוסט פון דיעזען נומער. אבער זייענדיג בייז, וואס זי האט בלויז געקענט רעטען דאס, האט זי פאר קיין זאך ניט מורא געהאט. זי האט זאגאר געפיהלט, אז איצט איז גע־קומען אן ענדע צו איהרע שרעקליכע חלומות, אז ס'איז שוין ניטא מעהר דער מת אונטער'ן פארקעט. ענדליך, וועט זי שוין קאנען ארומגעהען רוהיג, וואו זי וועט וועלען, אין איהר וואהנונג. זי האט ארונטערגערוקט דעם זייגער אונטער'ן קישען, האט אויס־געלאשען דעם לאמפ, און איז איינגעשלאפען.

אויף מארגען, האט זשאק, וועלכער האט געהאט א וואקאנ־סיע, געמוזט אבווארטען ביז רובא וועט אוועק אין דעם קאמערץ־קאפע, אז ער זאל קאנען ארויפגעהען צו סעווערינע'ן צו פריה־שטיק. צו מאל, אז זיי האבען געוואגט, האבען זיי זיך ערלויבט דעם פערגעניעגען. היינט, ביים עסען, האט סעווערינע, ציטערנ־דיג דערצעהלט זשאק'ן פון'ם געלד, און אז זי האט געפונען דאס פערבארגענע פלאץ לעהר. איהר כעס געגען דעם מאן איז גאר ניט אבגעשוואכט געווארען, זי האט אלץ ווידערהאלט:

— גנב! גנב! גנב!

דאן האט זי געבראכט דעם זייגער און האט ניט אנדערש

געוואַלט, נור איהם אוועקגעבען זשאַק'ן, ניט קוקענדיג אויף'ן עקעל, וואָס דאָס האָט ביי איהם ארויסגערופען.

— בעגרייף דאָך, מיין ליעבינקער, אז קיינער וועט דאָך איהם ניט געהען זוכען ביי דיר. אויב איך זאָל איהם איבערלאָזען ביי זיך, וועט ער נאָך דאָס אויך צונעהמען. און זעהסטו, איך האָלט זיך גיכער געלאָזט ארויסרייסען א שטיק פלייש פון לייב... ניין, ער האָט שוין אזוי אויך צו פיעל געקריגען. איך האָב ניט געדאַרפט דאָס געלד. איך האָב דערפאַר מורא געהאַט. קיין מאָל וואָלט איך דערפון קיין איינציגע פּרוטה ניט אויסגעגעבען. אָבער האָט ער דען דאָס רעכט דאָס צו צונעמען פאר זיך ? א, איך האַס איהם !

זי האָט געוויינט, איז ניט אָבגעשטאַנען, און האָט אזוי לאַנג געבעטען, ביז דער יונגער מאַן האָט ענדליך גענומען דעם זיינער און האָט איהם ארייננעשטעקט צו זיך אין זשילעט קעשענע.

אזוי איז אוועק א שטונדע און זשאַק האָט נאָך אַלץ געהאַלטען אויף די קניען סעווערינע'ן, א האַלב אָן אויסגעטהונענע. זי האָט זיך אָבגעשפּאַרט אין זיין אַקסעל, מיט דער האַנד האָט זי ארומגעכאַפּט זיין האַלז, און האָט איהם קאָקעטיש געלאַשטשעט. פּלוצלונג איז אריינגעקומען רובאָ, וועלכער האָט געהאַט זיין איינענעם שליסעל צו דער טיהר. סעווערינע איז שנעל אויפגעשפּרונגען ; אָבער ס'איז געווען נוצלאָז צו פערענטפערן זיך ; ער האָט זי געכאַפּט אויף'ן שטעל. דער מאַן האָט זיך אָבגעשטעלט, ווייל ער האָט ניט געקענט דורכגעהען, און דער געליעבטער איז געבליעבען זיצען א צומישטער. סעווערינע האָט זיך אפילו ניט בעמיהט אָנצופאַנגען אירגענד וועלכע ערקלעהרונג, זי איז צוגעקומען נעהענטער און האָט מיט כעס וויעדערהאָלט :

— גנב ! גנב ! גנב !

איין סעקונדע האָט זיך רובאָ געקוויינקעלט. דאַן האָט ער א ציה געטהון מיט די פּלייצעס — איצט האָט ער אויף אַלעס אזוי געענטפערט — און איז אריין אין צימער אריין, צו נעמען זיין

נאטיץ־ביכעל וואס ער האט פערגעסען אין דער היים. אבער זי איז איהם נאכגעגאנגען, און איז אויף איהם אנגעפאלען.

— דו האסט דארט אלעם צוגענומען, אה... גנב! גנב! גנב!

ניט זאגענדיג קיין ווארט, איז ער דורכגעגאנגען דעם עסס־צימער. ערשט אין דער טיהר האט ער זיך אבגעשטעלט, און האט אויף איהר א קוק געטהון מיט זיין פינסטערען בליק.

— לאז מיך צו רוה, הערסטו!

און ער איז אוועק, אפילו ניט קיין קלאפ טהוענדיג מיט דער טיהר.

ער האט כלומר'שט גאר ניט געזעהען, ער האט אפילו קיין ווארט ניט געזאגט וועגען דעם אנוועזענדען ליעבהאבער.

נאך א לאנגען שווייגען, האט סעווערינע זיך געווענדעט צו זשאק'ן.

— נו, וואס זאגסטו דערצו?

זשאק, וועלכער האט ביז איצט ניט אויסגערעדט קיין ווארט, האט זיך ענדליך אויפגעהויבען. און ער האט געגעבען זיין מיינונג.

— ער איז שוין א פערפאלענער.

ביידע האבען געהאט די זעלבע מיינונג.

זייער פערוואונדערונג, אז נאך דעם ערמארדען פון איהר ערשטען ליעבהאבער, דולדעט איצט רובא דעם צווייטען, איז פערוואנדעלט געווארען אין א מין עקעל צו דיעזען פארלארענעם מענשען. ווען א מאן האלט שוין אזוי ווייט, איז ער שוין אויף דעם ניעדריגסטען שטאפעל און קען יעדע מינוט איינזינקען אין א זומפ אריין.

פון דיעזען טאג אן, האבען זיי, סעווערינע און זשאק, גע־האט די גאנצע פרייהייט, און זיי האבען זיך אויפגעהערט צו קימערען איבער רובא'ן.

אבער איצט, ווען דער מאן האט זיי שוין ניט געשטערט, איז זייער גאנצע אונרוהיגקייט געקומען נור פון דעם שפיאנירען פון מאדאם לעבלע, די שכנ'טע, וועלכע איז אימער געווען אויף

דער וואך. זי האט זיכער עפּיס פערדעכטיג. ווי זשאק האט זיך ניט בעמיהט, צו פערשטיקען זיינע טריט, האט ער דאך ביי יעדען פון זיינע וויזיטען בעמערקט, אז א טיהר עפענט זיך שטיל און א פּאר אויגען קוקען אויף איהם ארויס. עס איז געוואָרען אונערטרעגליך, און ער האט ניט געוואגט ארויף־צוקומען; אז ער פלעגט פּאָרט א מאָל ריזיקירען, פלעגט מען עס באלד אי־בעראל געוואהר ווערען, און אן אויער פלעגט זיך צולעגען צום שלאָס, און עס איז געוואָרען אונמעגליך צו קושען זיך און זאָגאר צו רעדען פריי. און סעווערינע, וועלכע איז בייז געוואָרען אויף דער נייער שטערונג צו איהר לײדענשאפט, האט זיך אויפ׳ס ניי גענומען צו דער אלטער פאָדערונג, אז זי וויל האָבען לעבלע׳ס קוואַרטיר.

יעדען איז געווען גוט בעקאנט, אז דער אונטער־שעף פון דער סטאנציע, האט דאָרט אימער געוואָהנט. אָבער סעווערינע האט איצט געוואָלט די קוואַרטיר ניט צוליעב דעם שיינעם נאַ־טור־בילד, ניט צוליעב די פענסטער, וואָס געהען ארויס אויף די אינגאָווילער בערג, — ניט דאָס האט זי איצט געצויגען. די איינ־ציגע אורזאכע פון איהר איצטיגען וואונש — און זי האט עס נאַ־טירליך קיינעם ניט געזאָגט — איז געווען דאָס, וואָס דיעזע קוואַר־טיר האט געהאט א בעזונדערן אריינגאנג, א טיהר וואָס איז ארויס געגאנגען אויף דער אונטערשטער טרעפּ. זשאק וואָלט דורך דאָרטען געקאָנט קומען און זיך אוועקגעהען, און מאדאם לעבלע וואָלט אפילו ניט אָנגעהויבען צו וויסען. און זיי וואָלטען ענד־ליך געוואָרען פריי.

דער שטרייט איז געווען שרעקליך. דיעזע פראגע, וועלכע האט שוין אמאָל אויפגעוודערט דעם גאנצען קאָרידאָר, איז וויע־דער ערוועקט געוואָרען, און איז גיפטיגער געוואָרען פון שטונדע צו שטונדע. די געפאהר אנצואוועהרען די קוואַרטיר האט גע־צוואונגען מאדאם לעבלע אנצופאנגען א פערצווייפעלטע פערטיי־דיגונג. זי איז געווען זיכער, אז זי וועט שטארבען, ווען מען וועט זי פערשפּארען אין דער פינסטערער קוואַרטיער אויף דער אנ־דערער זייט, וועלכע קומט אויס פונקט געגען א דאך פון׳ם וואָק־

זאַל און איז טרויעריג, ווי אין אַ געפּענגניס. ווי קען זי וואָהנען אין דיעזער גרוב, ווען זי איז צוגעוואָהנט צו ליכטיגע צימערען מיט אַן אָפענעם האָריזאָנט, פון וואַנען מ'קאָן שטענדיג זעהען ווי די פּאַסאַזשירען דרעהען זיך אַרום?

און אַזוי ווי איהרע פיס ערלויבען איהר ניט צו געהן שפּאַצירען, וועט זי ניט מעהר זעהן פאַר זיך ווי אַ ציגערנעם דאַך; אויב אַזוי מעג מען זי שוין בעסער דער'הרג'ענען באַלד אויפ'ן שטעל. אונגליקליכערווייזע, זיינען דאָס אָבער נאָר געווען סענטימענטאַלע אורזאַכען, און זי האָט געמוזט צוגעבען, אַז דיעזע קוואַרטיער האָט איהר אָבגעטרעטען דער פריהערדיגער אונטער־שעף, נאָך פאַר רובאָ'ן. ער איז געווען בלויז אַ בחור, האָט ער זי איהר געגעבען אויס ליעבליכקייט. עס איז ערגעץ וואו געווען אַ בריעף פון איהר מאַן, אין וועלכען ער פערפּפליכטעט זיך אָבצוטרעטען צוריק די קוואַרטיער אַזוי באַלד, ווי דער נייער בעאַמטער וועט זי נור פאָדערן. נור אַזוי ווי דעם בריעף האָט מען נאָך ניט געפונען, האָט זי די גאַנצע געשיכטע געלייקענט, און וואָס ערגער די זאַך איז געשטאַנען, אַלץ בייזער און קריגערישער איז זי געוואָרען. זי האָט זעהר געוואָלט אריינמישען אין דער געשיכטע מולען'ס דעם צווייטען אונטער־שעף'ס פרוי, וועלכע האָט געזעהען, האָט זי געזאָגט, אַז מענער האָבען געקושט מאַדאַם רובאָ אויף די טרעפּ. מולען איז זעהר בייז געוואָרען, ווייל זיין פרוי, אַ זעהר מילדעס, אָבער אונבעדייטענדעס וועזען, וועלכע האָט זיך צו קיינעם ניט געמישט, האָט געוויינט און זיך געשוואָרען, אַז זי האָט גאָר ניט געזעהען און גאָר ניט געזאָגט. אכט טעג דורכאַנאַנד האָבען דיעזע פּליאָטקעס געשטורעמט פון איין עק קאָרידאָר ביז צום צווייטען.

איינער פון די גרעסטע פעהלערן, וואָס מאַדאַם לעבלע איז בעגאַנגען, און וועלכער האָט געמוזט שטאַרק העלפען צו איהר ניעדערלאַגע, איז געווען דאָס, וואָס זי האָט זעהר דער'רגז'ט מאַדעמואַזעל גישאָן, פון קאַנטאָר, מיט איהר אונאויפהערליכען שפּיאָנירען: זי האָט געקריגען אַ מין קליפּה, אַזאַ מין איינבילדונג, אַז די מיידעל געהט יעדע נאַכט צום סטאַנציאָן־מייסטער.

דער וואונש זי צו פּאקען איז ביי איהר געוואָרען ווי אַ מין חולאת, וואָס איז נאָך מעהר פערשאַרפט געוואָרען, ווייל אין די צוויי יאָהר, וואָס זי האָט נאָך איהר נאָכגעשפּיאָנירט, האָט זי אבסאָלוט גאָר ניט אויסגעפונען. זי איז געווען זיכער אז יענע לעבט מיט איהם, און דאָס האָט זי פונ'ם זינען געטריעבען. און מאָדעמואזעל גישאָן, וועלכע איז געווען אויפגערעגט, ווייל זי האָט ניט געקענט ניט ארויסגעהן און ניט אריינגעהן, ניט זייענדיג געשפּיאָנירט, האָט אויך אונטערגעהאָלפען, אז מען זאָל די לעבלעס איבערפיהרען אויף דער אנדערער זייט הויף: צווישען איהר און זיי איז געווען אַן אנדער קוואַרטיער; זי וועט אַם ווענינגסטען ניט וואָהנען נעגען זיי און וועט ניט זיין געצוואונגען דורכצוגעהן פאר זייער טיהר.

עס איז געוואָרען גאַנץ קלאָהר, אז מ'סיע דאבאדי, דער סטאַנציאָן־מייסטער, וועלכער איז ביז איצט גאָר ניט געווען פאראינטערעסירט אין דיעזען שטרייט, האָט זיך איצט יעדען טאָג מעהר געשטעלט געגען לעבלע'ן; און דאָס האָט פיעל בעדייטעט.

און אנדערע קריעגערייען האָבען נאָך פערערגערט די לאַגע. פילאָמענע, וועלכע פלעגט איצט ברענגען צו סעווערינע'ן אלע איהרע פרישע אייער, פלעגט ווערען זעהר פרעך יעדעס מאָל, וואָס זי האָט זיך בעגעגענט מיט מאדאם לעבלע. און אזוי ווי די לעצטע פלעגט אימער אומישנע לאָזען איהר טיהר אָפען אום יעדען צו שטערען, פלעגען דיביידע פרויען זיך יעדעס מאָל געבען שטעך־ווערטלאָך. ווען די פריינדשאַפט פון סעווערינע'ן צו פילאָמענע'ן איז דערגאַנגען אזוי ווייט, אז פאר דער לעצטער איז שוין ניט געווען קיין סעקרעטען, פלעגט זי אָפט טראָגען שליחות פון זשאק'ן צו זיין געליעבטער, ווען ער אליין האָט ניט געוואָגט צו קומען. זי פלעגט קומען מיט די אייער, פלעגט אָבמאַכען די שטונדע, ווען זיי זאָלען זיך זעהען, פלעגט דערצעהלען וואָרום ער האָט נעכטען געמוזט זיין פאָרזיכטיג, און האָט דערצעהלט אלעס וואָס ער האָט געזאָגט בשעת ער איז געזעסען און גערעדט מיט איהר. אמאָל, ווען זשאק'ן האָט עפּעס געשטערט, פלעגט ער

זעהר גערן פערברענגען אין דער קליינער הייזקע פון סאָוואַניא, דעם סטאַנציאָן־מייסטער. ער פלעגט אָפט אריינגעהן נאָך'ן חיי־צער, פעקע, אום זיך אזוי פשוט צו צושטרייען אביסעל, גלייך ווי ער האָט מורא געהאט צו פערבלייבען אליין דעם גאַנצען אָוועגד. און ווען דער הייצער פלעגט ערגעץ פערפאַלען ווערען צווישען די מאַטראָזען־שענקען, פלעגט זשאַק אריינגעהן צו פילאָמענע'ן, אום איהר עפּעס אָנזאָגען אַ וואָרט, און פלעגט זיך אָוועקזעצען, און זיך אזוי פאַרזיצען.

אָבער פילאָמענע, וועלכע איז אויף אזא'ן אופן געווען אריינ־געמישט אין דיעזער ליעבע, האָט דערפיהלט אַ מין צערטליכ־קייט צו איהם, ווייל ביז איצט האָט זי נור געהאט ברוטאַלע ליעבהאבער. די קליינע הענט, די העפליכע מאַניערען פון דיעזען טרויעריגען יונגען מאַן, וועלכער האָט אויסגעזעהען אזוי מילד, זיינען געווען פאר איהר אַן אנגענעהמער ביסען, וואָס זי האָט נאָך ניט פערזוכט. דאָס לעבען מיט פעקע'ן איז שוין געוואָרען וואָכעדיג, ווי ביי מאַן און ווייב: אַ שנעפּסעל צוזאמען, און מעהר גראָבהייט ווי ליעבע. אָבער ווען זי פלעגט איבערגעבען אַ צערטליכעס וואָרט פון דעם מאַשיניסט צו רובאָ'ס פרוי, פלעגט זי אליין ווי פיהלען דעם טעם פון דער פערבאָטענער פרוכט.

איין מאָל האָט זי איהם אלעס פערטרויט, האָט זיך בע־קלאָגט אויף'ן הייצער, דעם ביטראַק, וועלכער איז פעהיג מיט אַ שמייכעלע אויף'ן פנים אָבצוטהון מיאוסע שפּיצלאָך, איבער־הויפּט ווען ער איז שיכור. זשאַק האָט טאַקי בעמערקט, אז זי האָט אָנגעהויבען מעהר אויפצופּאַסען אויף איהר גרויסען מאָ־גערען, פערדישען קערפּער, וועלכער איז דאָך געווען אנציהענד, איבער איהרע גרויסע פייערדיגע אויגען. זי האָט איצט וועניגער געטרונקען, און האָט געהאַלטען דאָס הויז ניט אזוי שמוציג. ווען איהר ברודער סאָוואַניא האָט איין אָוועגד דערהערט אַ מענערשע שטימע, איז ער אריין מיט איין אויפגעהויבענער האַנט, אום זי דורכצוקלאַפּען, אָבער ווען ער האָט דערקענט דעם יונגען מאַן וועלכער האָט גערעדט מיט איהר, האָט ער איהם איינפאַך פאַר־געלעגט צו טרינקען מיט איהם אַ פלאַש סידער. זשאַק איז דאָר־

טען געוואָרען אַן אָנגעלעגטער גאַסט, איז אויסגעקורירט געוואָרען פון זיין שלעכטען מוטה, און האָט זיך איבערהויפּט דאָרט גוט געפיהלט. און פילאָמענע האָט אָנגעהויבען ארויסצוצייגען אלץ זוארעמערע און ווארעמערע פריינדשאַפט צו סעווערינע'ן, און אלץ מעהר כעס צו מאַדאַם לעבלע, ווענן זי האָט איבעראל גערופען אלטע בעטריגעריןּ.

איינמאָל, אין אָוענד, ווען זי האָט בעגעגענט דיביידע פערליעבטע אונטער איהר קליינעם גערטענדעל, האָט זי זיי בעגלייטעט אין שאָטען, ביז דער קאַמער, וואו זיי פלעגען זיך אימער בעהאַלטען.

— כ'לעבען איהר זיינט צו גוט! די קווארטיער געהערט דאָך צו אייך, ווען ס'זאָל זיין אויף מיר, וואָלט איך זי ביי די האאר פון דאָרט ארויסגעריסען... דריקט זי גוט צו!

אָבער זשאַק האָט ניט געוואָלט אָנמאַכען קיין טאַראַראַם.

— ניין, ניין, מ'סיע דאַבאַדי האָט זיך שוין גענומען דערצו, ס'איז בעסער צו ווארטען ביז ס'וועט זיך אליין איינאָרדנען.

— נאָך פאַר דער ענדע פון דיעזען מאָנאַט, — האָט ערקלעהרט סעווערינע, — וועל איך שלאָפען אין איהר צימער און מיר וועלען זיך קאָנען זעהען צו יעדער צייט.

ניט קוקענדיג אויף דער פינסטערניש, האָט פילאָמענע דערפיהלט ווי די יונגע פרוי האָט איהר ליעבהאַבער אַ צערטליכען דרוק געטהון ביי דיעזע ווערטער. און זי האָט זיי איבערגעלאָזען און איז זיך אַהיים געגאַנגען. אָבגעהענדיג אַ שפּאַן דרייסיג, האָט זי זיך אָבגעשטעלט און האָט זיך אומגעקוקט. עס האָט זי שטאַרק אויפגערודערט צו זעהען זיי צוזאַמען. דאָך איז זי ניט געווען אייפערזיכטיג; זי האָט נור געפיהלט אַן אומבעקאַנטען וואונש אויך אַזוי צו ליעבען און צו זיין געליעבט.

מיט יעדען טאָג איז זשאַק אלץ טרויעריגער געוואָרען. שוין אַ צוויי מאָל האָט ער אויסגעטראַכט אַן אויסרעד, ווארום ער איז ניט געקומען זעהען סעווערינע'ן, אָבוואָהל ער האָט דוקא יאָ געקאָנט קומען. ער פלעגט זיך פערזיצען ביי סאָוואַניא'ן, אום אויסצומיידען צו געהן צו איהר. פון דעסטוועגען האָט ער זי

גראדע אזוי געליעבט ווי פריהער, און האט זי בעגעהרט מיט א שטייגענדער ליידענשאפט. אבער די לעצטע צייט, בשעת ער פלעגט זיין איינגעשלאפען אין איהרע ארמס, פלעגט איהם וויע־דער אנכאפען זיין שרעקליכע קראנקהייט: דער קאפ פלעגט איהם נעהמען דרעהען, און ער פלעגט זיך שנעל פון איהר בע־פרייען, א פארציטערטער פון שרעק, וואס ער הערט שוין אויף צו זיין דערזעלבער ווי פריהער, און וואס עס ערוועקט זיך אין איהם די חיה, וועלכע איז פערטיג איהם צו טיראניזירען.

ער האט גענומען זוכען בערוהיגונג אין דער מיעדקייט פון לאנגע רייזען; ער האט געזוכט צו טהון מעהר ארבייט, שטע־הענדיג אויף די פיס צוועלף שטונדען דורכאנאנד א צובראַ־כענער פון דעם טרעסלען און מיט לונגען פער׳שרפ׳טע פון׳ם ווינט. זיינע חברים פלעגען זיך בעקלאגען אויף דיעזער שווע־רער פראצע פון א מאשיניסט, וועלכע, פלעגען זיי זאגען, עסט אויף דעם מענשען ביי צוואנציג יאהר; אבער ער וואלט גראדע געוואלט באלד אויפגעפרעסען ווערען. ווי מיעד ער איז ניט גע־ווען, איז איהם נאך אלץ ניט געווען גענוג. ער איז נור דאן גליק־ליך געווען, ווען „ליזא“ פלעגט איהם אוועקטראגען, ווען ער האט פון גארניט געטראכט, און פיר קיין שום זאך ניט געהאט קיין אויגען אחוץ פיר די סיגנאלען. קומענדיג אהיים איז ער ווי א גע׳הרג׳עטער אנידערגעפאלען שלאפען, ניט האבענדיג אפילו קיין צייט זיך אבצוואשען. אבער ווען ער פלעגט נור אויפשטעהן, פלעגט איהם שוין צוריקקומען די מאטערניש פון דעם שרעקליכען געדאנק.

ער האט אויך געפרובירט אויפוועקען אין זיך די פריהערדיגע ליעבע צו „ליזא׳ן“, פערברענגענדיג גאנצע שטונדען אין רייניגען זי, און פאדערענדיג פון פעקע׳ן, אז יעדער שטיקעל שטאהל זאל בליסטשען ווי זילבער. די אינספעקטארען, וועלכע פלעגען אויף׳ן וועג ארויפקומען צו איהם, פלעגען איהם גראטולירען; אבער ער פלעגט נור א שאקעל טהון מיט׳ן קאפ און בלייבען אַך אונצופרידענער, ווייל ער האט געוואוסט אז זיין מאשין, זייט זי האט זיך אבגעשטעלט אין שנעע, איז שוין ניט געווען אזוי

געזונט, אזוי מונטער ווי פריהער. קיין צווייפעל, אז בשעת'ן פעררילכטען די שטאנגען און צילינדערס, האט זי עטוואס פערלאָרען פון איהר זעעלע, — מסתמא יענע געהיימניספאָלע גלייכגעוויכט פון לעבען, פיר וועלכע זי האט געהאט צו פערדאנקען איהר צופעליגער צוזאמענשטעלונג. ער פלעגט דערפון ליידען, דיעזע אומענדערונג האט איהם פערשאפט ביטערע יסודים אויף אזוי פיעל, אז ער האט בעווארפען זיינע בעאמטע מיט אונבעגרינדעטע קלאגען. ער האט אלץ געפאָדערט, מען זאָל פעררילכטען, און האט אלץ אויסגעטראכט אונמעגליכע פערבעסערונגען. מען פלעגט איהם דאס ענטזאגען, און ער איז דערפון נאָך כמורנער געוואָרען, ווייל ער איז געווען איבערציינט, אז „ליזא" איז שטארק קראנק און אז מען קען מיט איהר שוין איצט גאָר ניט אויפטהון. זיין צערטליכקייט האט איהם ענטמוטהיגט: צו וואס דארף ער ליעבען, אז ער פערניכטעט אלעס וואס ער ליעבט? און ער פלעגט צו זיין ליעבהאבערין אוועקטראגען דיעזע ווילדקייט פון פערצווייפעלטער ליעבע, וועלכע ניט קיין ליידען און ניט קיין אויסגעמאטערטקייט האבען ניט געקענט בעזיעגען.

סעווערינע האט גאנץ גוט געפיהלט, ווי ער האט זיך איבערגעביטען, און זי איז אויך פערצווייפעלט געוואָרען. זי האט געדענקט, אז ער איז טרויעריג איבער איהר, ווייל ער האט אלעס געוואוסט. ווען זי האט דערזעהען ווי ער ציטערט אויף איהר האלז, און מיידעט פלוצלונג אויס איהר א קוש צו טהון, קען עס דען אנדערש זיין, — האט זי זיך געטראכט, — אז ער האט זיך דערמאנט, און זי האט איהם אנגעפילט מיט שרעק? זי האט קיין מאָל ניט געוואגט אנצופאנגען צו רעדען מיט איהם פון דעם. זי האט שוין חרטה געהאט, וואס זי האט גאָר אין גאנצען גערעדט, און האט זיך אליין געוואונדערט מיט וואסער ליידענשאפט זי איז זיך אין אלעמען מודה געווען, אין צייט וואס זי איז געווען מיט איהם אין דיעזען פרעמדען צימער, וואו ביידע האבען געברענט ווי אין א פייער. זי האט שוין פערגעסען אין איהר אמאָליגען וואונש פאר איהם זיך אין אלעמען מודה צו זיין, און אז זי איז געווען צופריעדען איהם איצט צו האבען מיט זיך

אין דיעזער געהיימניס. און זי האָט איהם געליעבט און האָט איהם זיכער נאָך מעהר בעגעהרט זייט ער האָט שוין אלעס גע־וואוסט. דאָס איז געוועזן א מין אונזיכטבארע ליידענשאפט, ביי דיעזער ענדליך אויפגעוועקטער פרוי, וועלכע איז געוועזן א מענש, וואָס איז בעשאפען געוואָרען נור פיר לאסקעס, און איז מיט איהר גאנצער זעעלע געוועזן א ליעבהאָבערין, און איז דערצו נאָך קיין מוטער אויך ניט געוועזן. זי האָט איצט געלעבט נור מיט'ן געדאנק פון איהם. און עס איז קיין ליעגען ניט געוועזן, ווען זי האָט געוואונשען זיך מיט איהם צוזאמען צו שמעלצען אין איינס, ווייל זי האָט געהאט נור איין טרוים, אז ער זאָל זי נעמען, זי איינזאפען אין זיך אריין.

זי איז געוועזן אימער מילד, געדולדיג, און האָט געשעפט איהר פערגניגען נור פון איהם אליין, און האָט זיך געוואונשען צו שלאָפען ווי א קעצעלע אויף זיינע קניע פון אין דערפריה ביז אויף דערנאכט.

און פון דער שרעקליכער דראמע איז איהר איינפאך גע־בליבען די פערוואונדערונג, וואָס זי איז אין דעם פערמישט, גראדע ווי פון איהר פערשמירטער יוגענד האָט זי אויך געשיינט צו בלייבען ריין און אונשולדיג. דאָס אלעס איז שוין אָבער געוועזן אזוי ווייט פון איהר, אז זי האָט נור געשמייכעלט. זי האָט אפילו קיין כעס ניט געטראָגען אויף איהר מאן, — אבי ער זאָל איהר נור ניט שטערען. אָבער איהר אויפרעגונג געגען דיעזען מאן איז געוואקסען אין דער זעלבער מאָס, ווי עס האָט זיך פערגרעסערט איהר ליידענשאפט, איהר נאָטוועגדיגקייט אין דעם אנדערן. און איצט ווען דיעזער אנדערער האָט שוין אלעס געוואוסט און איז איהר מוחל געוועזן, איז ער שוין געוואָרען דער הארר, וועמען זי האָט נאָכגעפאָלגט, און וועלכער האָט זיך געקענט בעניצען מיט איהר, ווי מיט זיינער א זאך. זי האָט ביי איהם אויסגעבעטען זיין בילד, — א פאָטאָגראפישען פאָרטרעט; זי פלעגט זיך מיט דעם לעגען און איינשלאָפען, די ליפען צוגעפרעסט צום בילד. זי איז געוועזן זעהר אונגליקליך זייט זי האָט איהם געזעהען אונ־

גליקליך, און האט ניט געקענט טרעפען די אמת'ע אורזאכע, וועלכע האט איהם געמאכט אזוי צו ליידען.

דערווייליגע האבען זיי זיך ווייטער געזעהען אין דרויסען, ווארטענדיג ביז זיי וועלען זיך קענען רוהיג זעהען אין איהר הויז, אין דער נייער אויסגעקעמפפטער קווארטיער. דער ווינטער האט געהאלטען ביי דער ענדע, דער מאנאט פעברואר איז געווען זעהר מילד. זיי האבען פערלענגערט זייער שפאציערען, זיי זיינען שטונדענלאנג ארומגעגאנגען איבער די לעערע פלעצער ארום דעם באהן. ער האט געוואלט ארומגעהן, ניט אבשטעלען זיך, און ווען זי פלעגט זיך איהם א ווארף טהון אויף זיינע אקסלען, פלעגט ער זיך שוין מוזען צוזעצען און זי ארומנעהמען, אבער ער האט עס נור געוואלט טהון וואו עס איז קיין ליכט ניט געווען, ווייל ער האט מורא געהאט ער זאל איהר ניט געבען א האק מיט'ן מעסער, אויב ער זאל דערזעהען א נאקעט שטיקעל פון איהר קערפער: און ווען ער וועט עס ניט זעהן, וועט ער פיליכט קענען ווידערשטעהן. אין פאריז, וואו זי פלעגט קומען צו איהם יעדען פרייטאג, פלעגט ער זארגפעלטיג פערציהען דעם פארהאנג, זאגענדיג, אז די זון שטערט איהם זיין פערגעניגען. דיעזע וועכענטליכע רייזעס פלעגט זי איצט מאכען אפילו ניט געבענדיג איהר מאן קיין ערקלעהרונג. פיר די שכנים איז געווען גענוג דער אלטער אויסרעד, דער וועהטאג אונטער דער קניע; זי פלעגט אויך זאגען, אז זי געהט בלומרשט בעזוכען איהר אלטע ניאנקע, די טאנטע וויקטאריע, וועלכער עס געהט גאנץ גוט אין האספיטאל.

זיי ביידע האבען נאך פון דעסטוועגען אלץ געשעפט פיעל פערגעניגען פון דיעזע רייזעס: יענע טעג פלעגט ער זיין שטארק פעראינטערעסירט אין דער גוטער אויפפיהרונג פון זיין מאשין, און סעווערינע פלעגט ווערען ענטציקט איהם צו זעהען אביסעל וועניגער אנגעכמורעט. דאס רייזען איז איהר געווען אנגענעהם, ווייל זי איז שוין געווען בעקאנט מיט'ן קלענסטען בערגעלע, מיט דער קלענסטער גרופע בוימלאך אויפ'ן וועג.

פון האוור ביז מאטוויל ציהען זיך לאנקעס, פלאכע פעל־ער, דורכגעשניטען פון וואקסענדיע פארקענס און בעזעצט מיט עפעל־

בוימער, און ביז רואן איז שוין דאס לאנד הויך און וויסט. נאך רואן בעווייזט זיך דער טייך סעין. דא געהט מען אריבער קיין מאַטוויל, וואַסעל און פאָנדרע־ל׳אַרש. און דערנאָך לויפט דער טייך זעט זיך ניט מעהר אין באָגיער, אָבער אין ראָסני בעווייזט גאַנץ ברייטלאך. נאך גאיאָן פאַרליערט זיך שוין דער טייך ניט מעהר; ער לויפט אין דער לינקער האַנט, קייקלענדיג זיך צווישען זיינע נידריגע בערגעס, וואָס זיינען בעזעצט מיט פאָפּעל־בוימער און ווערבעס. ווייטער געהט דער באהן מיט א זייט באַרג, און דער טייך זיך ניט מעהר אין באָניער, אָבער אין ראָסני בעווייזט ער זיך פּלוצים ווידער ביים אַרויסגאַנג פון דעם טונעל ראָל־בוואַז. און דער טייך איז ווי א פריינדליכער בעגלייטער פון דעם צוג. דריי מאָל נאך קומט אויס איהם אריבערצופאָהרען איידער מען קומט אָן.

אָט איז מאַנט מיט זיין טהורם מיט גלאָקען, מיט בוימער אַרום, און אָט קומט טריעל מיט די ווייסע פלעקען פון זיינע גיפּס־גרובען, און פּואַססי, וואו דער צוג לויפט דורך אין מיטען שטאָדט, און דער סען־זשערמענער וואַלד, וואו אייז פאָהרט דורך ווי צווישען צוויי ווענט מיט גרינס, און די בערג־שניטען פון קאָלאָמב, בעזעצט מיט לילאַקס און, ענדליך, די פאָרשטאָדט, וואָס פיהרט אייך אריין אין פּאַריז, וועלכער זעהט זיך אָן פון דעם בריק ד׳אַסיינער, און איצט זעהט זיך שוין די טריאומף־אַרקע נאך פון דערווייטענס און איבער די קעפּ פון די אָבגעניצעוועטע, מוציגע קוימענס פון די פאַבריקען, און דא ווערט דער צוג ווי פארשלונגען אין דעם באַטיניאָלער טונעל און אָט קריעכט מען שוין אַרויס אויף דער רוישענדער סטאַנציע.

ביז אויף דערנאַכט האָבען די פאַרליעבטע זיך בעלאַנגט איינער צום אַנדערן און זיינען זיך געווען פריי.

צוריקוועגס פלעגען זיי פאָהרען ביי נאַכט. און סעווערינע פאַרמאַכט די אויגען און אין געדאַנקען לעבט זי ווידער איבער איהר גליק.

אָבער סאַ ביי טאָג, סאַ ביי נאַכט, ווען נור זיי פלעגען פאַרביי פאָהרען קרואַדע־מאַפראַ פלעגט זי אַרויסשטעקען דעם

קאָפּ און כאַפּען אַ פאַרזיכטיגען קוק, אַליין זיך ניט ווייזענדיג, אין דער זיכערהייט, אַז פּלאַרע שטעהט דאָרט, ביים שלאַג־בוים, מיט דעם פלאַטערענדען פלאַג אין דער האַנט, און קוקט נאָך דעם צוג מיט ברענענדע אויגען.

נאָך דעם, ווי פלאַרע האָט זיי געזעהען זיך ארומנעהמען, אין דעם טאָג פון דעם שנעע־שטורם, האָט זשאַק אָנגעזאָגט סע־ווערינע'ן זי זאָל זיך פאר איהר היטען. איצט האָט ער שוין גוט אין זינען געהאַט די ליידענשאַפט פון ווילדע קינדערשע ליעבע, וועלכע פלאַרע האָט צו איהם געהאַט נאָך אַלס קליין מיידעלע, און ער האָט געשפּירט, אַז זי איז אייפערזיכטיג, און איז ענערגיש ווי אַ מאַן, און איהר רציחה איז ענדלאָז און טויט־ליך. און אחוץ דעם, האָט זי נאָך מסתמא געוואוסט צו פיעל; זשאַק האָט גוט געדענקט איהר אָנצוהערעניש וועגען דעם הויפּט־ריכטער און אַ מיידעל, וועלכע קיינער איז גאָרניט חושד און וועלכע ער האָט דערנאָך אויסגעגעבען. אויב זי וויים דאָס, שטויסט זי זיך געוויס אויך אָן וועגען דעם פארברעכען. און גאָר אָהן צווייפעל וועט זי זיך אין זיי נוקם זיין דורך אַ מסירה; זי וועט שרייבען, זי וועט דערצעהלען.

אָבער עס געהען אוועק טעג און וואָכען, און קיין זאַך האָט נים פּאַסירט; זי שטעהט בלויז ביי איהר פּאָסטען, לעבען די רעלסעס, מיט'ן פלאַג אין דער האַנט, ווי אַ פארגליווערטע. און קוים דערזעהט זי נור דעם צוג, פיהלט שוין זשאַק אויף זיך איה־רע ברענענדע בליקען. און זי זעהט איהם, ניט אַכטענדיג אויף דעם רויך, און נעהמט איהם ארום מיט איהרע בליקען, און קוקט איהם נאָך אין דער שנעלקייט פון דעם צוג, אין דעם דונער פון די רעדער. און אין דער זעלבער צייט לאָזט זי ניט אויס פון אויג דעם גאַנצען צוג, קוקט איהם איבער, פאַרשט איהם דורך און זיפּט איבער יעדען וואַגאָן, פון דעם ערשטען ביז'ן לעצטען. און יעדען מאָל זעהט זי דאָרט יענע, די אַנדערע, איהר געגנעריז, וועלכע זי דערוויסט דאָרט יעדען פרייטאג. אמת, סעווערינע שטעקט ארויס דעם קאָפּ נור אויף דאָס מינדעסטע אין איהר אונוויסענטשטעהליכען וואונש אַ קוק צו טהון; אָבער פלאַרע זעהט

זי שוין, און זייערע בליקען שטעכען זיי ביידע ווי מיט שפּיזען.

און דער צוג פליהט אוועק, און בלויז איינע פון די צוויי בלייבט שטעהן אויף'ן אָרט, און קאָן ניט נאָכפליהען מלא רציחה אויף דעם גליק, וואָס דער צוג פיהרט מיט זיך אוועק. און זי ווערט עפּעס גרעסער און העכער, — אַזוי דוכט זיך זשאַק'ן ביי יעדען מאָל פאַרבייפאָהרען, און ער ווערט אַלץ אונרוהיגער, וואָס זי טהוט זיי גאָר קיין שלעכטס ניט, און ער פרעגט זיך אַלץ, וואָס פיר אַ פלענער ווערען געבאָרען אין דעם קאָפּ פון דער גרויסער בייזער מויד, וואָס היט איהם דאָ ווי אַ צוגעבונדענער שד.

אחוץ דעם האָט זשאַק'ן און סעווערינע'ן אויך געשטערט אַ באַהן בעאַמטער, דער אויבער־קאָנדוקטאָר, האַנרי דאָווערן. גראָד דאַרף ער שטענדיג פיהרען דעם צוג יעדען פרייטאג, און ער איז געוועזן שוין צו פריינדליך צו דער יונגער פרוי, זעהענדיג די פער־בינדונג צווישען איהר און דעם מאַשיניסט, האָט ער זיך גע־טראַכט, אַז זיין צייט וועט אויך אפשר קומען. ביים אַרויספאָה־רען פון האַוור, פלעגט רובאָ, אויב דאָס איז געוועזן זיין וואָך טאָג־אַרבייט, זאָגאַר פון איהם אָבלאַכען, אַזוי קענטיג איז עס געוועזן, אַז ער שאַרט זיך צו צו סעווערינע'ן. ער פלעגט פון איהרעט וועגען צוגרייטען אַ קופּע, פלעגט זי אַליין אַריינפיהרען, פלעגט אַליין בעזאָרגען די הייץ־רערלאַך. אַמאָל האָט זאָגאַר רובאָ, רע־דענדיג מיט זשאַק'ן, צו איהם אַ מאַך געטהון מיט די אויגען אויף דעם אויבער־קאָנדוקטאָר'ס בענעמונג, גלייך ווי ער וואָלט איהם פרעגען וואָס ערלויבט ער דאָס אַלעס. און שפּעטער, קריגענדיג זיך מיט דער פרוי, האָט איהר רובאָ פּשוט אויפגעוואָרפען, אַז זי לעבט מיט זיי ביידען.

סעווערינע'ן אַליין האָט זיך אויך אָבגעדוכט, אַז זשאַק מיינט אויך און דערפאַר איז ער טרויעריג, און מיט אַ ביטערען געוויין האָט זי פאַר איהם בעהויפּטעט איהר אונשולדיגקייט; אַלא נים, זאָל ער זי דער'הרג'ענען גלייך אויף'ן אָרט, אויב זי איז איהם אונטריי. און זשאַק איז פּלוצים בלייך געוואָרען; ער האָט אָבער געמאַכט שפּאַס, און האָט זי גענומען קושען, ערקלערענדיג, אַז

ער ווייס, אז זי איז אונשולדיג, און אז ער האפט קיין מאל קיינעם ניט צו הרג׳ענען.

די ערשטע אבענדען אין מערץ זיינען געווען שרעקליך, און די יונגע מענשען זיינען געווען געצוואונגען אויפצוהערען זיך זעהען אין געהיים; אבער סעווערינע איז שוין מעהר ניט געווען צופרידען בלויז מיט דער רייזע קיין פאריז און מיט די עטליכע שעה פרייהייט, וועלכע מ׳האט געמוזט פאהרען זוכען אזוי ווייט, אלץ שטארקער און שטארקער איז אין איהר געווארען די בעדירפנים צו האבען זשאק׳ן לעבען זיך, אין גאנצען מיט זיך, צו זיין מיט איהם יעדען טאג, יעדע שעה און זיך קיין מאל שוין מעהר פון איהם ניט שיידען. איהר פיינדשאפט צו איהר מאן איז געווארען ביטערער, און זיין איינפאכע אנוועזענהייט פלעגט זי פשוט קרענקען אונערטרעגליך. געוועהנליך אזא געהארכזאמע און אזוי צערטליך ווי א גוטע פרוי, פלעגט זי ווערען כמעט אויסער זיך, ווען עס פלעגט זיך נור האנדלען עפעס וועגען מאן אדער ער האט איהר אין עפעס וואס געשטערט. און עס פלעגט אויסזעהן, ווי די שווארצקייט פון איהרע האאר פארפינסטערט די קלאהרהייט פון איהרע בלויע אויגען. זי פלעגט ווערען ווילד, און איהם בעשולדיגען, אז ער האט איהר צושטערט דאס לעבען אויף אזוי פיעל, אז פון איצט אן קאנען זיי שוין ניט עקזיסטירען צוזאמען. און ווער האט דאס אלעס אנגעמאכט, ווען ניט ער? און איז עס דען ניט זיין שולד, וואס זייער היים איז צובראכען, און זי האט א ליעבהאבער? זיין שווערער קערפער, זיין רוהיגקייט, די גלייכגילטיגקייט, מיט וועלכע ער פלעגט איהר ענטפערן אויף איהר בעס, זיין קיילעכדיגע פלייצע, זיין גרויסער בויך,—די גאנצע גראבע פעטקייט, וואס האט אויסגעזעהען ווי צופרידענהייט, — דאס אלעס האט זי נאך מעהר געערגערט אין איהרע לײדען. נעמען און דאס אלעס עפעס צושטערען, ענטלויפען און אנפאנגען גאר א נייעם לעבען — דאס האט איהר געעגבערט דעם מח. אה! אנצוהויבען פון דאס ניי, פארגעסען די גאנצע פארגאנגענהייט, ווידער אנצופאנגען דאס לעבען פון מיידעלוויז, ווי פאר דער צייט פון דיעזע אלע לומפערייען, ווידער צו ווערען

אַזוינע, ווי זי איז געווען צו פונפצעהן יאָהר, און צו ליעבען און ווערען געליעבט, און לעבען ווי זי האָט אַמאָל געטרוימט צו לעבען !...

אַכט טאָג דורכאַנאַנד האָט זי זיך געהאַלטען מיט איין טהייערען פּלאַן — צו ענטלויפען: זי וועט אַוועק מיט זשאַק'ן; זיי וועלען זיך בעהאַלטען אין בעלגיען, און זיי וועלען זיך דאָרטען איינשטאַלירען ווי אַ פלייסיג, יונג פּאָאָר פאָלק. אָבער זי האָט וועגען דעם אפילו אַ וואָרט ניט געזאָגט זשאַק'ן אַליין; איהר האָבען זיך זאָפאָרט פאָרגעשטעלט אַ מאַסע שוועריגקייטען, — די אונגעזעצליכקייט פון אַזאַ לאַגע, דאָס שטענדיגע ציטערן וואו זיי זאָלען ניט זיין, און, הייסט דער פאַרדרוס, אַז איהר מאַן וועט אַנקומען איהר גאַנץ פאַרמעגען, איהר געלט, קרואַ־דע־מאָפּראַ. מיט'ן מאַן האָט זיך סעווערינע אַמאָל צושריעבען, אַז זיי זאָלען זיך איינער דעם אַנדערן ירש'ענען און אַלס אַ פרוי איז זי געזעצליך געווען אונטער רובאָ'ס שוץ, און דאָס האָט איהר געבונדען הענד און פיס. און זי וואָלט גיכער געשטאָרבען איידער צו ענטלויפען און איהם איבערלאָזען וואָס אַ פּרוטה האָט די ווערטה.

איין מאָל איז רובאָ געקומען אַהיים אַ צושראָקענער און האָט דערצעהלט, אַז ער איז שיער ניט איבערגעפאָהרען געוואָרען פון אַ לאָקאָמאָטיוו, בשעת ער האָט געוואָלט אַריבערגעהן די רעלסען; האָט זי זיך אַ טראַכט געטהון, אַז ווען ער וואָלט טאַקי דערהרג'עט געוואָרען, וואָלט זי דאָך געוואָרען פריי. און זי האָט אויף איהם אָנגעשטעלט איהרע גרויסע אויגען: — פאַר וואָס זאָל ער טאַקי ניט אַוועקשטאַרבען, אַז זי האָט דאָך איהם שוין מעהר ניט ליעב און ער שטערט איצט אַלעמען?

און פון דער מינוט אָן, בייט זיך סעווערינע'ס טרוים: — רובאָ ווערט דער'הרג'עט איבער אַ צופאַל, און זי מיט זשאַק'ן פאָהרען אַוועק קיין אַמעריקאַ. אָבער פאַר'ן פאָהרען האָבען זיי חתונה; זי פאַרקויפט קרואַ־דע־מאָפּראַ, און נעמט מיט זייער גאַנצען פאַרמעגען. און הינטער זיך לאָזען זיי ניט איבער דאָס מינדעסטע פאַר וואָס זיך צו שרעקען. און אויב זיי פערלאָזען זייער פאַטערלאַנד, איז דאָס נור כדי פון דאָס ניי געבאָרען צו

ווערען, איינער ביים אנדערן אין די אָרמס. אהין קיין אמעריקא ועט זיי ניט נאָכגעהן דאָס מינדעסטע, וואָס זי וואָלט געוואָלט פארגעסען, — און זי וועט קאָנען דענקען, אַז זי הויבט אָן צו לעבען פון דאָס ניי. ביז איצט האָט זי זיך שוין גענוג גענאַרט; איצט אָבער, אַנגעלערנט פון איהרע צרות, וועט זי שוין וויסען צו בויען איהר גליק. זשאק וועט זיך אָבזוכען אַ בעשעפטיגונג; זי אַליין וועט אויך ניט זיצען ליידיג; אַ פארמעגען האָבען זיי; זיי וועלען האָבען קינדערלאך און עס וועט זיך אָנפאַנגען אַ נייער לעבען פון ארבייט און פריעדען.

און ווען זי פלעגט נור זיין אַליין, — אין דערפּריה אין בעט צי ביי טאָג ביים שטריקען, — פלעגט זי באַלד נעהמען טרוימען איהר טרוים און פלעגט איהם נאָך אויספּיינערען אין די איינצעל־הייטען, אויסבעסערען און פארגרעסערען ביז זי ווערט פול מיט פריעדען און פריידען. און זי, — וואָס פלעגט זעלטען וועלען ארויסגעהן אין גאַס, — פלעגט זיך אין אַזוינע מאָמענטען אוועק־געהן שפּאַציערען צום ים זעהען ווי עס געהען אָב די שיפען. זי פלעגט זיך אָבשטעלען ביים וואַסער, זיך אָן עפּעס אָנשפּארען און נאָכקוקען דעם רויך פון דער אַבריייזענדער שיף ביז זי פער־שווינדעט אין די וויטקייט פון דעם ים. און סעווערינע פלעגט זיך פאָרשטעלען, אַז זי מיט זשאק'ן זיינען אויף יענער שיף, ווייט, ווייט פון פראַנקרייך אויף דעם וועג צום גן־עדן פון איהר חלום.

איין מאָל, אויף דער נאַכט, אין מיטען מער'ן, האָט דער יונגער מאַן ריזיקירט ארויפצוגעהן זיך זעהען מיט איהר; ער האָט איהר דערצעהלט, אַז מיט איהם אין זיין צוג פון פּאריז איז אויך מיטגעפאָהרען זיינער אַ שול־חבר, וועלכער פאָהרט אוועק קיין ניו־יאָרק דאָרט ארויסצובריינגען זיינע אַן ענטדעקונג, — אַ מאַשין צו מאַכען קנעפּלאך. און אַזוי ווי ער דאַרף דערצו נאָך האָבען אַ שותף אַ מעכאַניקער, האָט ער איהם זאָגאר פארגע־שלאָגען צו פאָהרען מיט איהם. אָה, ס'איז אַן אויסגעצייכענטע געשעפט: — עס פאָדערט זיך ניט מעהר ווי אַ דרייסיג טויזענד פראַנק, און פערדיענען קאָן מען אפשר מיליאָנען.

ער האָט איהר דאָס אַלעס דערצעהלט, פשוט ווייל ס'ניט גע־

ווען פון וואס צו רעדען, און האט געענדיגט דערמיט, אז ער האט, נאטירליך ניט אנגענומען דעם פארשלאג. אבער אין דער זעלבער צייט איז איהם געווארען שווערלאך אויפ'ן הארצען, וואס ער מוז זיך אבזאגען פון זיין גליק, ווען דאס קומט איהם זאגאר אליין אין די הענד אריין.

סעווערינע האט איהם אויסגעהערט שטארק פארטיעפט. ווערט דאס אפשר מקוים איהר חלום?

— אך, — האט זי ענדליך געזאגט, — מארגען אפילו אין וועג אריין...

ער האט אויפגעהויבען דעם קאפ, פארוואונדערט.

— וואס מיינסטו אין וועג אריין?...

— יא; אויב ער וואלט געווען טויט.

זי האט קיינעמס נאמען ניט דערמאנט, און האט בלויז בעצייכענט, אז זי מיינט רובא'ן, מיט א מאך פון קאפ. אבער זשאק האט זי פערשטאנען, און ער האט עפעס אונדייטליך א מאך געטהון מיט דער האנד, ווי איינער זאגט, אז, צום אונגליק, איז דער מאן נאך ניט טויט.

— מיר וואלטען אוועקגעפאהרען און מיר וואלטען דארט געלעבט גליקליך, — האט זי ווידער געזאגט מיט איהר לאנג־זאמען און טיעפען קול; — דרייסיג טויזענד פראנק, — דאס וואלט איך געהאט פאר קרוא־דע־מאפרא, און אונז וואלט נאך גע־בליבען גענוג זיך איינצושטאלירען... און דו וואלסט דאס אלעס פארברויכט אין געשעפט, און איך וואלט צוגעריכט א היים פאר אונז ביידע, און מיר וואלטען זיך געליעבט מיט אלע קרעפטען... אה, ווי גוט דאס וואלט געווען! ווי גוט!

און זי האט איהם אריינגעשעפטשעט זעהר שטיל:

— ווייט פון אלע עראינערונגען, און פאר אונז וואלט געווען בלויז א נייער לעבען.

זשאק'ן האט ארומגעכאפט א זיסע ליעבליכקייט; זיי האבען זיך גענומען פאר די הענט, און האבען זיך אינסטינקטיוו זיי געדריקט, און ניט ער און ניט זי האט ווייטער ניט ארויסגערעדט.

א וואָרט;ביידע זיינען געווען פערטיעפט אין דער איינער האָ־פענונג.

ענדליך, האָט זי די ערשטע גענומען רעדען.

— דו דאַרפסט פון דעסטוועגען זיך נאָך זעהען מיט דיין פריינד פאר זיין אַברייזען און איהם בעטען, ער זאָל זיך ניט נעהמען קיין שותף, איידער ער לאָזט דיר פריהער וויסען.

און ער האָט זיך פאַרוואונדערט אַ צווייטען מאָל.

— צו וואָס איז דאָס?

— אך, מיין גאָט! מאַלע וואָס עס קאָן זיך מאכען... אָט דאָ גיט לאַנג צוריק, מיט דעם לאָקאָמאָטיוו, — נאָך איין סעקונדע, און איך וואָלט געווען פריי... היינט לעבט מען, מאָרגען שטאַרבט מען, — ניין אפשר?

און זי האָט איהם דורכגענומען מיט איהר בליק; און זי האָט איבערגעזאָגט:

— אַך, אַז ער זאָל זיין טויט.

— מיינסט דאָך ניט, אַז איך זאָל איהם הרג'ענען? — האָט ער איבערגעפרעגט, בעמיהענדיג זיך אַ שמייכעל צו טהון.

און זי האָט מיט'ן מויל געזאָגט דריי מאָל „ניין"; אָבער די אויגען, איהרע צערטליכע אויגען פון דער פרוי, וואָס איז אונ־רעכטבאר געפאַנגען פון איהר ליידענשאַפט, האָבען געזאָגט „יא!". אַז ער האָט גע'הרגעט אַן אַנדערן, פאַר וואָס זשע זאָל מען איהם אַליין ניט הרג'ענען. דער געדאַנק איז איהר אריין אין זינען מיט אַמאָל, ווי אַ רעזולטאַט, ווי אַ נויטוועדיגער שלום. הרג'ענען רובאַ'ן און אוועקפאָהרען — וואָס קאָן זיין נאָך איינפאַכער? און איינמאָל איז רובאַ טויט, איז אַלעס געענדיגט, און זי קאָן אָנפאַנגען לעבען ווידער פון דאָס ניי. און זי זעהט שוין זאָגאַר קיין אַנדער אויסוועג ניט; זי האָט שוין ביי זיך אַזוי בעשלאָסען; אָבוואָהל מיט'ן קאָפּ האָט זי אַלץ לייכט צו־געשאָקעלט אויף „ניין", נאָך ניט וואַגענדיג זיך מודה צו זיין אין איהר מערדערליכקייט.

און ער, אָנגעשפּאַרט אָן דעם שפּייז־אַלמער, האָט נאָך

בלומרש'ט געשמייכעלט. ער האָט בעמערקט דאָס מעסער אין אַלמער.

— אויב דו ווילסט איך זאָל איהם הרג'ענען, דאַרפסטו מיר געבען דאָס מעסער... דאָס זייגערעל האָב איך דאָך שוין, — וועט ביי מיר ווערען אַ גאַנצער מוזעאום.

און ער האָט זיך צולאַכט. אָבער זי האָט איהם ערנסט גע־ענטפערט:

— נעהם דאָס מעסער.

און אַז ער האָט דאָס זיך אַריינגעלעגט אין קעשענע, האָט ער זי אַרומגענומען און אום דורכצופיהרען דעם שפּאַס ביז'ן סוף, האָט ער געזאָגט:

— נו, גוט; דערווייל, אַ גוטע נאַכט... איך געה גלייך אַוועק צו מיין פריינד; איך וועל הייסען אָבוואַרטען... שבת, אויב ס'וועט ניט רעגענען, וועל איך אויף דיר וואַרטען הינטער דעם הויז פון די סאָיואַניאַס. אַזוי, הייסט עס, בלייבט עס? וועסט קומען?... און זיי רוהיג: — מיר וועלען קיינעם ניט מאַרדען, — דאָס איז בלויז אַ שפּאַס.

און דאָך, ניט קוקענדיג ווי שפּעט דאָס איז, איז זשאַק דאָך אַוועק צום האַפען אין האָטעל וואו זיין פריינד איז איינגעשטאַ־נען ביז מאָרגען, ווען ער רייזט אָב, און ער האָט דעם מאַן דער־צעהלט עפּעס פון אַ ירושה, וואָס דאַרף איהם אָנקומען, און האָט איהם געבעטען אָבצוואַרטען אַ צוויי וואָכען איידער ער וועט איהם קאָנען געבען אַ בעשטימטען ענטפער. און געהענדיג צוריק אויף דער סטאַנציע, דורך די לאַנגע פינסטערע גאַסען, האָט ער געטראַכט און זיך געוואונדערט, צו וואָס ער איז געגאַנגען צו זיין פריינד, גלייך ווי ער האָט שוין בעשלאָסען צו הרג'ענען רו־באָ'ן; וואָס באַלעבאַטעוועט ער עס אַזוי איבער יענעמס געלט און יענעמס פרוי? בעשלאָסען האָט ער דאָך גאָר ניט; זיכער ניט. ער האָט דאָס אָבער בלויז געטהון טאָמער וועט ער זיך יאָ בעשליסען. און ער האָט זיך דערמאָנט אָן סעווערינע'ן, איהר הייסען דריקען פון דער האַנט, איהר אָנגעשטרענגטען בליק, וואָס

האָט געזאָגט „יא“, בשעת דאָס מויל האָט געזאָגט „ניין“. ס'איז קלאָהר: — זי וויל ער זאָל איהם ערמאָרדען.

און איהם האָט אַ כאַפּ געטהון אַ גרויסע אנגסט: ווי וועט ער דאָ דאָך האנדלען?

אריינקומענדיג אין דער גאַס פראַנסוא מאַזעלין, און אוועק־לעגענדיג זיך לעבען פּעקע'ן וועלכער האָט געבראָפּעט, האָט זשאַק ניט געקאָנט שלאָפען. געגען זיין אייגענעם ווילען האָט זיין מוח ניט אויפגעהערט צו טראַכטען וועגען מאָרד בלויז אַלס אָנפאַנג פון דער דראַמע, וואָס ער האָט געפּלאַנעוועט און בערעכענט ביז די קלענסטע פּאָלגען. ער האָט זיך איבערלעגט, גערעכענט און דאַפיר און דאַגעגען.

ריכטיג אויסגערעכענט, קאַלטבלוטיג זיך איבערלעגט און זיך ניט געהיצט, זעהט זשאַק, אַז אַלעס איז דאַפיר. וואָרים, איז דען רובאָ ניט די איינציגע שטערונג צו זייער גליק? נאָך רובאָ'ס טויט וועט ער, זשאַק, הייראַטען סעווערינע'ן, וועלכע ער האָט פאַרגעטערט, און ער וועט זיך שוין מעהר ניט דאַרפען בעהאַל־טען, זי וועט זיינע, זיין אייגענע פרוי. און געלט וועט ער אויך האָבען, אַ גאַנץ פערמעגען, און ער וועט אוועקוואַרפען זיין שווע־רע אַרבייט, און וועט ווערען אַ בעל הבית פאַר זיך, דאָרט, אין אַמעריקאַ, פון וועלכע ער האָט געהערט זיינע חברים רעדען ווי פון אַ לאַנד, וואו מעכאַניקער שאַרען גאָלד מיט לאָפּאַטעס.

און ער האָט זיך אויך צופאַנטאַזירט וועגען זיין נייעם לעבען אויף יענער זייט ים: — זיין פרוי ליעבט איהם ליידענשאַפטליך; און ער האָט מיליאָנען צו פאַרדיענען, ווי ער קומט נור אָן; ברייט געלעבט, אונגעשטערט געשטרעבט, — דאָס האָט ער שטענדיג געגאַרט...

און דער חלום זאָל מקוים ווערען פאָרערט זיך בלויז איין ריהר מיט דער האַנט, בלויז איין מענשען אַראָבראַמען, — אַקו־ראַט ווי עפּעס אַ חיה, אַ גרעזעלע, וואָס שטעהט דיר אין וועג און וואָס מען ברויכט נור אַרויסרייסען. זאָגאַר קיין וויכטיגער פּאַר־שוין איז ער אויך נישט, אָט דער דיקער, פעטער חברה־מאַן, וואָס איז אַזוי פאַרטהון אין זיין נאַרישע קאָרטען־שפּיעל, וואו זיין

אמאליגע ענערגיע ווערט איינגעזונקען! וואס־זשע איז דא איהם צו שאנעווען? קיין אורזאכע איז, אלזא, ניטא, — קיין איינצעלנער רעזאן ניט פאר וואס איהם צו שענקען דאס לעבען. אללעס איז געגען איהם, ווארים אויף יעדער איינצעלנער פראגע קומט אלץ דער איינציגער ענטפער, אז פאר אלעמען איז בעסער ער זאל שטארבען. און זיך ניט קאנען בעשליסען וואלט געווען איינפאך נאריש און מוטלאז.

און זשאק, וועלכען ס'האט געבריהט אין פלייצע און וועלכער האט זיך דאריבער איבערגעקעהרט מיט'ן פנים אראפ, איז מיט אמאל אויפגעשפרונגען; א געדאנק, וועלכען ער האט ביז אהער ניט בעמערקט, האט איהם מיט אמאל א זעץ געטהון אין קאפ אריין ווי מיט א שפיעז. ער, זשאק, וועלכער זוכט שוין זינט ער איז געווען א קינד אימיצען צו ערמארדען און ווערט אזוי שרעקליך געפלאגט פון זיין שוידערליכען בעגעהר, — פאר וואס זאל ער טאקי ניט דער'הרג'ענען רובא'ן? אפשר וועט ער מיט דעם איינעם מארד אויף אימער בעפרידיגען זיין דורשט נאך בלוט; און דאן וועט ער ניט נור טהון א גוטע זאך, נור ער וועט זיך נאך אויסהיילען אויך. אויסגעהיילט צו ווערען, מיין גאט! שוין קיין מאל מעהר ניט פיהלען דעם ציטער פון מארד... און סעווערינע וועט קאנען זיין זיינע אהן דעם ווילדען בעגעהר פון דעם פארצייטיגען זכר, וואס טראגט אויף די פלייצעס אוועק די פארצוקטע נקבה!... און ער האט זיך בעגאסען מיט שוויס, און ער האט אין געדאנקען שוין געהאט דאס מעסער אין דער האנט, און אט שטעכט ער דאס אריין רובא'ן אין האלז, ווי רובא האט דאס אריינגעשטאכען דעם הויפט־ריכטער... און ער איז צופרידען און אנגעזעטיגט, ווען דאס בלוט פון דער וואונד פליסט איהם ארויף אויף די הענט...

ער וועט איהם ערמארדען; ער האט זיך בעשלאסען, ווייל אין דעם איז זיין רפואה, זיין טהייערע געליעבטע, זיין פארמעגען. אויב איהם איז שוין בעשערט אימיצען צו ערמארדען, טא וועט ער שוין ערמארדען דעם רובא'ן, וויסענדיג, אם וועניגסטען, אז ער טהוט עס מיט רעזאן, מיט לאגיק און מיט א צוועק.

נאך דיזען בעשלום האט זשאק געמאכט א פערזוך צו שלאפען; עס האט דאך שוין באלד געדארפט קלינגען דריי א זייגער. ער האט שוין אנגעפאנגען צו דרעמלען, ווי פלוצלונג האט א שטארקער טרעסעל איהם א הויב געטהון און ער איז געבליבען זיצען אין בעט קוים אטעמענדיג. טויטען דיזען מאן, מיין גאט! האט ער דען דאס רעכט דערצו? ווען א פליעג דער־קוטשעט איהם, דערקוועטשט ער זי מיט איין קלאפ. אמאל האט זיך א קאץ איהם גערהעהט פאר די פיס, האט ער מיט א קלאפ פון פוס איהר איבערגעהאקט דעם רוקען, — אמת, ניט אומיסט־נע. אבער א מענשען, זיין גלייכען! ער האט געמוזט פאר זיך ווידערהאלען זיינע לאגישע איבערלעגונגען, אום זיך צו דער־ווייזען, אז ער האט דאס רעכט צו טויטען, דאס רעכט פון די שטארקע, וועלכע ווערען געשטערט פון די שוואכע, וואס מוזען פערניכטעט ווערען. איהם האט איצט געליעבט די פרוי פון דיע־זען מאן און זי אליין האט איצט געוואלט זיין פריי, אום איהם צו הייראטען און איהם אוועקגעבען איהר פערמעגען. ער וועט בלויז אוועקשארען א שטערונג, ניט מעהר. ווען צוויי וועלף בע־געגנען זיך אין וואלד, און צווישען זיי געפינט זיך א זי, בעזיעגט דען ניט דער שטארקערער דעם שוואכען מיט דער הילף פון זיינע צייהנער? און פארצייטענס, ווען די מענשען האבען געלעבט, ווי די וועלף אין די היילען, האט דען די געווינשטע נקבה, נאך אלע־מען, ניט געהערט צו דעם יעניגען, וועלכער האט זי ארויסגעריסען מיט'ן בלוט פון זיינע נעגנער? נו, אז אזוי איז דאס געזעץ פון לעבען, מוז מען פאלגען ניט נעמענדיג אין אנבעטראכט די רע־געלן, וואס מענשען האבען שפעטער איינגעפיהרט אום צו קאנען לעבען צוזאמען.

ביסלאכווייז, איז איהם זיין רעכט פארגעקומען אונבע־שטרייטבאר, און ער האט גענומען פיהלען, ווי זיין בעשלום האט זיך אין איהם ווידער געשטארקט: פון מארגען אן וועט ער אויסזוכען דעם פלאץ, די שטונדע און וועט זיך פערטיג מאכען צו דער טהאט. דער בעסטער פלאן, אהנע צווייפעל, וועט זיין רובא'ן צו שטעכען ביי נאכט, ווען ער געהט ארומקוקען ארום

דער סטאנציאן, — אזוי אז עס זאל אויסזעהען, אז ער האט געווים ענטדעקט גנבים, און זיי האבען איהם דער׳הרג׳עט. דאר־טען, הינטער די בערג קוילען, האט ער געוואוסט פון א גוטען פלאץ, אבי מען זאל איהם נור קאנען אהין פערנארען. טראץ זיין וואונש איינצושלאפען, האט ער גאר איצט גענומען אראנ־זשירען די סצענע, האט געפלאנעוועט, וואו ער וועט זיך אוועק־שטעלען, ווי ער וועט א האק טהון און איהם אויפ׳ן שטעל אוועקלעגען; אבער אין דער צייט, וואס ער האט געהאלטען אין אויסרעכענען יעדע קלייניקע איינצעלהייט, האט זיך אין איהם צוריק ערוועקט דער פערשטיקטער אבער אונבעזיעגבארער עקעל, דער אינערליכער פראטעסט, און ער איז געווארען אויסער זיך. ניין, ניין! ער וועט ניט מארדען!

איצט קומט עס איהם שוין פאר טהיעריש, אונדורכפיהר־באר, אונמעגליך. אין איהם האט זיך אויפגעבונטעוועט דער ציוויליזירטער מענש, די אנגעזאמעלטע מאכט פון ערציעהונג, דער לאנגזאם־אנגעקליבענער, אבער אונפערניכטבארער קאפיטאל פון גע׳ירש׳ענטע אידעען. מען טאר ניט הרג׳ענען, — דאס האט ער איינגעזאפט אין זיך מיט דער מילך פון דור־דורות; ווי באלד ער האט נור גענומען זיך בעדענקען, האט זיין אויסגעדעלטער מוח, וועלכער איז געווען אנגעפילט מיט פיינערע אידעען, פון זיך אבגעשטופט מיט שרעק דעם מארד. יא, טאקי, ערמארדען, אבער נור ווען מ׳איז געצוואונגען, ווען דער אינסטינקט ברענגט דערצו! אבער הרג׳ענען בעוואוסט, אויסגערעכענט, צוליעב אינטערעס, ניין, דאס וועט ער ניט קאנען, ניעמאלס, ניעמאלס!

עס האט שוין געטאגט ווען זשאק איז ענדליך איינגעשלא־פען. אבער דער שלאף איז געווען אזוי לייכט, אז די העסליכע דעבאטע איז צומישטערהייט אלץ אנגעגאנגען אין איהם. די איניגע טעג, וואס זיינען געקומען נאך דעם זיינען געווען די טרויעריגסטע פון זיין גאנצען לעבען. ער האט אויסגעמיידעט סעווערינע׳ן, ער האט איהר בעפעהלען אז זי זאל ניט קומען זיך זעהען שבת: ער האט געפירכטעט איהר צו קוקען אין די אויגען. אבער מאנטאג האט ער זי געמוזט זעהען, און ס׳איז טאקי גע־

וזען, ווי ער האָט געפירכטעט: איהרע גרויסע בלויע אויגען, אזוי מילד און טיעף, האָבען איהם אָנגעפילט מיט אנגסט. זי האָט איהם גאָר ניט געזאָגט, זי האָט איהם מיט קיין וואָרט, מיט קיין בעוועגונג אָן דעם ניט דערמאָנט, אָבער איהרע אויגען זיינען געווען אָנגעפילט בלויז מיט דעם אליין, זיי האָבען געפרעגט, זיי האָבען געבעטען. ער האָט ניט געוואוסט, ווי אויסצומיידען די אונגעדולד און דעם פאָרוואורף, וואָס איהרע אויגען האָבען אויסגעדריקט. זיי זיינען שטענדיג געווען אָנגעשטעלט אויף איהם און זיי האָבען געשיינט צו זיין פול מיט פערוואונדערונג, ווארום ער וואָגט ניט צו זיין גליקליך. ווען ער האָט זיך מיט איהר געזעגענט, האָט ער זי ארומגענומען און האָט זי צו זיך שנעל צוגעדריקט, אום איהר צו געבען צו פערשטעהן, אז ער האָט זיך בעשלאָסען. און דאָס איז ווירקליך געווען אזוי, אָבער נאָר ביז ער איז ארונטער די טרעפ; און דאן האָט זיך ווידער אָנגעפאנגען דאָס ראנגלען מיט'ן געוויסען. ווען ער האָט זיך מיט איהר אויף'ן צווייטען טאָג ווידער געזעהען, איז ער געווען בלאַס, און ווי צומישט, זיינע אויגען האָבען געבלאָנדזשעט, ווי ביי א פיינגלינג, וואָס וויל זיך אויסדרעהען פון א נויטיגער טהאט. זי האָט ארויסגעפלאצט מיט א געוויין, ניט זאָגענדיג קיין וואָרט; זי איז איהם ארויפגעפאלען אויפ'ן האלז און געוויינט, זיך פיהלענדיג שרעקליך אונגליקליך; און ער, א צורודערטער, איז געווען אָנגעפילט מיט פעראכטונג צו זיך אליין, מען האָט געמוזט מאַכען אָן ענדע דערפון.

— דאָנערשטאָג, דאָרטען, ווילסט? — האָט זי געפרעגט מיט א ניעדעריגער שטימע.

— יא, דאָנערשטאָג; כ'וועל אויף דיר וואַרטען.

יענעם דאָנערשטאָג איז די נאכט געווען זעהר א פינסטערע, דער הימעל אָהן שטערען, כמורנע און שווארץ, בעדעקט מיט'ן טומאַן פון'ם ים. ווי געוועהנליך, איז זשאַק געקומען דער ערשטער; ער איז געשטאַנען אונטער סאַוואַניא'ס הייזקע און האָט געוואַרט אויף סעווערינע'ן. אָבער די פינסטערניש איז געווען אזוי געדיכט, און סעווערינע איז געקומען צולויפען מיט אזא

ליינטען גריט, אז ער, ניט זעהענדיג ווי זי האט זיך אן איהם אנגעריהרט, האט אזש א ציטער געטהון. דערזעהענדיג, אז זי האט איהם איבערגעשראקען, האט זי איהם אומארעמט.

— איך האב דיך איבערגעשראקען, — האט זי א שעפטשע געטהון.

— ניין, ניין, איך האב דיך ערווארטעט... לאמיר געהן, קיינער וועט אונז איצט ניט זעהען.

און ארומנעהמענדיג זיך ביי דער טאליע, זיינען זיי שטיל אוועק שפאציערען איבער די פוסטע פלעצער. פון דיעזער זייט וואקזאל זיינען געוועזן וועניג גאז־רעהרלאך, און אין איינציגע פעררוקטע ווינקעלאך איז גאר קיין גאז ניט געוועזן. אבער פון דערווייטען צו דער סטאנציאן צו, האבען זיי געבלישטשעט, ווי ברעננענדע פונקען.

לאנג זיינען זיי אזוי געגאנגען, שווייגענדיג. זי האט אוועקגעלעגט איהר קאפ אויף זיין אקסעל; יעדעס מאל האט זי אויפגעהויבען דעם קאפ און איהם געקושט, און ער, אנבויגענדיג זיך, האט זי געקושט אויף די שלייפען, און אין קאפ.

פון ווייטען פון די קלויסטערס האט זיך מיט אמאל געלאזט הערען דער איינדרוקספאלער קלונג פון איינס אוהר מארגענס. אויב זיי האבען ניט גערעדט, איז דאס נור געוועזן, ווייל זיי, אומארמטע, האבען גוט פערשטאנען איינער דעם צווייטענ'ס געדאנקען. זיי האבען געטראכט בלויז פון דעם, און פלעגען ווערען ווי איינגעזאפט אין דעם, אזוי באלד ווי זיי האבען זיך בעגעגענט. דער שטרייט איז אנגעגאנגען, צו וואס זשע דארף מען נאך אויסזאגען אין דער הויך די נוצלאזע ווערטער, ווען מען דארף גאר אייגענטליך האנדלען? זי האט זיך א ציה געטהון צו איהם אום איהם ארומצונעהמען, האט זי דערפיהלט דאס מעסער אין דער קעשענע פון זיינע הויזען. קען עס זיין, אז ער האט זיך בעשלאסען?

אבער איהרע געדאנקען האבען זי געשטיקט, איהרע ליפען האבען זיך געעפענט און זי האט קוים א שעפטשע געטהון:

— ער איז נאר וואס צוריקגעקומען, איך וויים ניט צוליעב

וואס... איך האב געזעהען, ווי ער האט גענומען דעם רעוואלווער, וואס ער האט פערגעסען... דאס הייסט, אז ער וועט זיכער באלד געהן בעקוקען די סטאנציע.

עס איז ווידער געווארען שטיל, און א צוואנציג שפאן ווייטער האט ער געזאגט:

— גנבים האבען געכטען ביי נאכט צוגע'גנב'עט פון דאנען בליי... ער וועט באלד צוקומען, דאס איז זיכער.

זי האט לייכט א ציטער געטהון, זיי זיינען ביידע ווידער אנשוויגען געווארען, און זיינען לאנגזאם געגאנגען ווייטער. זי האט גענומען צווייפלען: איז דאס טאקי אין אמת'ן א מעסער, וואס שפארט אב זיין קעשענע? צוויי מאל האט זי איהם א קוש געטהון אום זיך צו איבערצייגען. זי האט א פיהר געטהון מיט דער האנט איבער זיין פוס און איז נאך אלץ ניט געוועזען זיכער. האט זי דאן ארונטערגעלאזען די האנט, און קושענדיג איהם, האט זי אנגעטאפט זיין קעשענע. יא, דאס איז געוועזען דער מעסער. ער האט זי באלד פערשטאנען, און צודריקענדיג זי שטארק צו זיין ברוסט, האט ער איהר א שעפטשע געטהון אין אויער אריין:

— ער וועט באלד קומען, און דו וועסט ווערען פריי.

דער מארד איז שוין געווען בעשלאסען; עס האט זיך זיי אויסגעוויעזען, אז זיי געהען ניט מיט זייערע אייגענע פיס, נור אז אן איבערנאטירליכע קראפט טראגט זיי איבער דער ערד. זייערע חושים האבען זיך פלוצלונג פערשארפט. ספעציעל דאס געפיהל פון בעריהרונג. אז זיי האבען זיך אנגעריהרט ביי די הענט, האט עס זיי געברענט, און די מינדעסטע בעריהרונג פון זייערע ליפען האבען זיי געפיהלט ווי א ריס מיט א נאגעל. זיי האבען געהערט דעם ווייטסטען גערויש, דאס לויפען און דאס בלאזען פון די לאקאמאטיווען, די פערשטיקטע קלאנגען און די שריט פון די פארבייגעהער, וואס האבען געהילכט אין דער פינסטערניש. זיי האבען געקאנט זעהען אין דיזער פינסטערער נאכט, זיי האבען געקאנט אונטערשיידען די שווארצע פלעקען פון די זאכען ארום זיי, גלייך ווי עפעס א טומאן וואלט זיי אוואב פון די אוי־

גען: א פלעדער־מויז איז דורכגעפלויגען, האבען זיי געקענט נאכ־פאלגען איהרע שנעלע בעוועגונגען. זיי זיינען געבליבען שטעהן אונבעוועגליך, לעבען א הויפען קוילען, האבען אנגעשטעלט זייערע אויגען און אויערען מיט דער גאנצער קראפט פון זייער עקזיס־טענץ. איצט האבען זיי זיך גענומען שעפטשען:

— האסטו געהערט, דארטען, א מין רוף־געשריי?

— ניין, דאס האט מען אין שטאל אריינגעפיהרט א וואגאן.

— אבער דארט, לינקס, געהט אימיצער... די זאמד סקריי־פעט.

— ניין, ניין, דאס לויפען די שטשורעס איבער די הויפענס, און די קוילען שיטען זיך.

איניגע מינוטען זיינען פאריבער. פלוצלונג האט זי איהם נאך שטארקער צו זיך צוגעדריקט.

— אט איז ער!

— וואו? איך זעה גאר ניט.

— ער איז ארומגעגאנגען די פראכט־אבטיילונג, און קומט גלייך צו אונז... אט איז זיין שאטען אויף דער ווייסער וואנט!

— דו מיינסט אט דיעזער טונקעלער פלעק... איז ער איינער אליין?

— יא, אליין; ער איז איינער אליין.

און אין דיעזען ענטשיידענדען מאמענט האט זי זיך איהם ווי א משוגענע א ווארף אויף'ן האלז און האט צוגעדריקט איהרע הייסע ליפען צו זיינע. דאס איז געווען דער קוש פון א לעבעדיגען קערפער, — א קוש מיט וועלכען זי האט געוואלט איבערגיסען איהר בלוט אין איהם אריין. ווי ליעב זי האט איהם, און ווי זי האסט אט דעם צווייטען! אך! ווען זי זאל נור געווען האבען דעם מוטה, וואלט זי עס שוין צוואנציג מאל געטהון, אבי איהם צו פערשפארען די שרעקליכע אונאנגענעהמליכקייט; אבער איהרע הענט פלעגען איהר ניט דיענען, זי האט זיך גע־פיהלט צו שוואך; דא האט מען געדארפט די האנט פון א מאן. און דיעזער אונענדליכער קוש איז געזוען דאס איינציגע, וואס

זי האָט פון איהר גרוואַגטקייט געקאָנט אריינאָטהמען אין איהם אריין, די פאַלשטענדיגע איבערגעבענהייט, די פאָלקאָמענע צו־זאַמענשמעלצונג פון זייערע לעבענס.

אין דערווייטענס האָט געסוויסטשעט אַ לאָקאָמאָטיוו, און האָט אָנגעפילט די פינסטערניש מיט מעלאַנכאָלישע טענער פון טרויער. יעדע ווײַלע האָט זיך רעגעלמעסיג געהערט אַ קלאַפּ, — ווי דאָס פאַלען פון אַ ריעזען האַמער, — וועלכער קומט, נאָט ווייס פון וואַנען. און דער טומאַן, וועלכער האָט זיך אויפגעהויבען פון׳ם ים, האָט בעדעקט דעם הימעל מיט רייהען פון שוועבענדע וואָלקענס, די צוריסענע פּאַסען פון וועלכע האָבען געשיינט צו פערשטעלען די פונקען פון די ברענענדע גאַז רעהרלאַך...

און אַז סעווערינע האָט זיך ענדליך גענוג אָנגעקושט, האָט זי געפיהלט, אַז זי אַליין עקזיסטירט שוין ניט מעהר, אַז איהר גאַנצע נשמה איז אריבער צו איהם.

מיט אַ שנעלע בעוועגונג האָט ער שוין געהאַט געעפענט דאָס מעסער. אָבער ער האָט זיך אָבגעהאַלטען מיט אַ פאַרשטיקטע קללה:

— צום טייוועל! אבי זיך געמאַטערט: — ער געהט דאָך אוועק!

און ווירקליך, דער שאָטען איז אונטערגעקומען אַלץ נאָהענ־טער ביז אַ פינפציג שפּאַן פון זיי, און נעמט ער מיט אַמאָל אין גיך זיך אַ קירעווע לינקס און געהט זיך גאָר אַוועק, מיט די גע־לאַסענע טריט פון דעם נאַכט־וועכטער, וואָס האָט ניט פאַר וואָס זיך צו בעאונרוהיגען.

אָבער סעווערינע האָט זשאַק׳ן ניט אָבגעלאָזט:

— יאָג איהם נאָך, — געה!

און זיי האָבען זיך ביידע אַוועקגעלאָזט, ער אפּריהער און זי נאָך איהם, ניט אָבטרעטענדיג אַ שריט; און זיי האָבען זיך ביידע געאײַלט, געיאָגט נאָך דעם מאַן, בעמיהענדיג זיך ניט צו מאַכען קיין רויש. איין מאָמענט האָבען זיי איהם, לעבען דעם מאַשין־שטאַל, ארויסגעלאָזט פון אויג. האָבען זיי זיך אָבער אַ לאָז געטהון גלייך אריבער אַ זאַפּאַסנעם טראַקט, און זיי האָבען

איהם ווידער דערזעהען, בלויז א צוואנציג טריט פון זיך. זיי האבען זיך ווי אם בעסטען געשארט ביי די ווענט, מ׳זאל זיי ניט זעהען, יעדער פאלשער טריט קאן זיי נאך פארראטהען.

— מיר וועלען איהם ניט פאקען, — האט ער ארויסגעבור־טשעט אונטער די צייהנער; — אז ער דערגרייכט נור דעם פאסטען פון דעם וועג־סיגנאליסט, דרעהט ער זיך פון אונז אוים.

אבער זי האט איהם געהאלטען אין האקען אין מח:

— געה, געה!

און אין דער מינוט, אין דעם פערוואָרפענעם פלאץ, אין דער געדיכטער פינסטערניש, און אין דער וויסטעניש פון א גרוי־סער סטאנציע ביי נאכט, האט ער זיך בעשלאסען, ווי דער אמת׳ער גארגעל־שניידער אין זיין פריינדליכען געסעל. ער האט זיך אונטערגעאיילט, אבער מיט שרעק, און האט זיך געמאכט מוטה, דערווייזענדיג זיך מיט ארגומענטען, אז דער מארד איז אייגענטליך א קלוגע טהאט, א געזעצליכע, און א בעשלאסענע נאך לאגישע איבערלעגונג. געוויס האט ער א רעכט דאס צו טהון, דאס רעכט פון׳ם לעבען אליין, ווי באלד יענעם׳ס בלוט איז אבסאלוט נויטווענדיג פשוט פיר זיין אייגענע עקזיסטענץ. איין שטאך מיט׳ן מעסער, און דאס גליק איז זיינס.

מיר האבען איהם נאך ניט, מיר וועלען איהם ניט דעריאָ־גען, — האט ער מיט רציחה ווידערהאלט די ווערטער, בעמער־קענדיג, ווי דער שאטען איז שוין אריבער דעם וועג־סיגנאליסט׳ס פאסטען. — אומזיסט אונזער טרחה! שוין, אוים!

אבער זי? מיט איהר נערוועזער האנט האט זי איהם פלוצ־לונג אנגעכאפט פאר׳ן ארם און איהם אבגעשטעלט לעבען זיך.

— זעה, ער קומט צוריק!

און, ווירקליך, רובא האט זיך אומגעקעהרט. ער האט זיך גענומען רעכטס, און דערנאך זיך אומגעקעהרט צו זיי. אפשר האט ער טאקי עפעס אזוי ווי געפיהלט, אז הינטער די פלייצעס געהען איהם מערדער נאך יעדען טריט? דאך איז ער זיך אלץ געגאנגען מיט זיינע רוהיגע טריט, ווי א טרייער וועכטער, וואס מוז פריהער אלעס ריכטיג בעקוקען, איידער ער געהט זיך אוועק.

זשאק און סעווערינע זיינען מיט א מאל געבליבען שטעהן און האבען זיך ניט געריהרט פון ארט. דער צופאל אליין האט זיי געבראכט אהער פונקט לעבען א בארג קוילען. און זיי האבען זיך געטוליעט צו די קוילען, גלייך ווי זיי וואלטען זיך עפעס גע־וואלט אריינרוקען אין דעם בארג אריין, ווערען ווי א טהייל פון דער שווארצער וואנט, זיך צונויפמישען מיט איהר, זיך איינטונ־קען אין דער טינט־שווארצער פינסטערניש. און זיי האבען ניט געדוכעט.

און זשאק זעהט ווי רובא געהט גלייך צו זיי. קוים דרייסיג מעטער נאך טהיילט איהם אפ, און מיט יעדען שריט ווערט די שטרעקע וועניגער, רעגעלמעסיג און ריכטיג, ווי אבגעמאסטען מיט דעם געפיהלסלאזען פערפענדיקעל פון זיין פינסטערען מזל... נאך צוואנציג טריט געבליבען... שוין ניט מעהר ווי צעהן...

זשאק וועט איהם האבען לעבען זיך; און דאס מעסער וועט ער אויפהויבען אט אזוי, און ער וועט איהם דערלאנגען גלייך אין גארגעל אריין, און דערנאך א פאהר מיט'ן מעסער פון רעכטס אויף לינקס, אז ער זאל קיין געשריי ניט טהון.

און ביי זשאק'ן איז יעדע סעקונדע געווארען גאר אהן א סוף; די געדאנקען האבען זיך איהם געדרעהט אין זיין פוסטען מח מיט אזא איילעניש, אז ער האט גאר פארלארען די מאס פון צייט. די אלע גוטע טעמים פאר וואס ער האט זיך בעשלאסען, זיינען איהם ווידער געקומען אויפ'ן געדאנק, ער האט ווידער בעטראכט דעם מארד, די אורזאכען און די פאלגען דערפון.

נאך פינף טריט....

זיין ענטשלאסענהייט, אנגעשטרענגט ביז'ן לעצטען גראד, איז פעסט. ער פוז הרג'ענען און ער ווייסט פאר וואס ער וועט הרג'ענען.

נאך צוויי טריט... נאך איין טריט... און מיט אמאל אן איבערקעהרעניש. ווי פון איין זעץ איז ער אין גאנצען איינ־געפאלען, ניין, ניין! ער וועט ניט הרג'ענען, ער קען ניט אזוי הרג'ענען אן אונבעוואפענטען מענשען פון הינטען. מיט קיין ראיות ווערט מען קיין מערדער ניט. דערצו דארף מען דעם

אינסטינקט, דעם שפּרונג אויף דעם קרבן, דעם הונגער אָדער די רציחה, וואָס צעררייסט איהם אויף שטיקלאך. און אַז דאָס געוויסען איז טאַקי ניט מעהר ווי די לאנגזאם בירושה אָנגעזאַ־מעלטע אידעען פון גערעכטיגקייט, — איז וואָס? אַז דאָס גע־פיהל פון דעם רעכט צו הרג׳ענען האָט ער אָבער פאָרט ניט, און ווי ער האָט זיך ניט בעמיהט זיך איבערצורעדען, האָט ער זיך אַלץ ניט געקאָנט איינרעדען צו נעהמען זיך אַזא רעכט.

און רובאָ איז זיך רוהיג פאַרבייגעגאַנגען. ער האָט זיי במעט אָנגעריהרט מיט׳ן עלענבויגען, ביי דעם בארג קוילען. זיי האָבען אויף זיך דערפיהלט זיין אָטהעם. אָבער זיי האָבען זיך ניט געריהרט, ווי טויטע. קיין האנד האָט זיך ניט אויפגעהויבען; קיין מעסער האָט מען ניט אריינגעשטאָכען, און די געדיכטע פינסטערניש איז ניט בעאונרוהיגט געוואָרען, אפילו ניט פון קיין ציטער. ער איז שוין פון זיי אוועק צעהן טריט, און זיי, נאָך אַלץ ווי צוגענאגעלט מיט די פּלייצעס צום בארג קוילען, זיינען געשטאַנען אָהן אַן אָטהעם, אין גרויס שרעק פאר דעם איינעם מאַן, אַן אונבעוואָפענטען, וועלכער האָט זיי אָנגעריהרט אין זיין רוהיגען גאנג.

זשאַק׳ן האָבען געשטיקט די טרעהרען פון חרפה און רציחה.

— כ׳קאָן ניט! כ׳קאָן ניט!

ער האָט געוואָלט ארומנעהמען סעווערינען, זיך צו איהר צוטוליען, זי זאָל איהם מוחל זיין, זי זאָל איהם טרייסטען. אָבער אָהן אַ וואָרט, האָט זי זיך פון איהם אָבגעקעהרט. ער האָט אויסגעשטרעקט די הענט, און האָט בלויז געפיהלט, אַז איהרע קליידער האָבען זיך איהם ארויסגעגליטשט פון צווישען די פינ־גער. ער האָט בלויז געהערט, ווי זי לויפט שטיל אוועק. ער לויפט איהר נאָך איינינע סעקונדען. אָבער אומזיסט! איהר פּלעצלי־כער ענטרינען האָט איהם נאָך מעהר צומישט. האָט זיין שוואַכ־קייט זי טאַקי אזוי אויפגעבראַכט? פאַראַכטעט זי איהם שוין?

אויס פאַרזיכטיגקייט טאָר ער איהר ניט נאָכיאָגען. און אַז ער איז געבליבען איינער אַליין אין דער פאַרלאָזענער וויסטעניש, בעפלעקט פון די געלע פינטעלאַך גאז־ליכט, האָט איהם אָנגע־

כאַפּט אַ האַפּנונגלאָזע שרעק, און ער האָט זיך געאײַלט אַוועק פון דעם פּלאַץ, אַרײַנצוגראָבען זיך מיט'ן קאָפּ אין קישען, כדי זיך צו פאַרגעסען און זײַן עקעלהאַפטען לעבען.

אין אַ צעהן טעג אַרום, שוין ביים ענדע מערץ, האָבען די רובאַ'ס ענדליך בעזיעגט די לעבעלס. די באַהן־אַדמיניסטראַציאָן האָט אַנערקענט זייער געזעצלאַכע פאָדערונג, אויך אונטערשטיצט פון מ'סיע דאַבאַדי, שוין ניט רעדענדיג דערפון, אַז די בעריהמ־טע אונטערשריפט פון דעם קאַסיר, אַז ער מוז אָבטרעטען די קוואַרטיר ווי באַלד עס קומט נור אַן אַנדער אַרויסהעלפער פון דעם סטאַנציאָן־מייסטער, איז אויך געפונען געוואָרען צווישען די אַרכיוועַן פון דער סטאַנציע, וואו מאַדמואַזעל גישאָן האָט געדאַרפט אויפזוכען עפּיס אַן אַלטע רעכענונג. און מאַדאַם לעבעלע, אויסער זיך פון איהר נידערלאַגע, האָט ערקלעהרט, אַז זי מוז זיך איבערציהען טאַקי באַלד אויף דער מינוט: — וואָרים, אַז מ'וויל איהר שוין נעהמען דאָס לעבען, טאָ צו וואָס זיך נאָך לאַנג פּלאַגען מיט וואַרטעניש?

און דריי טעג דורכאַנאַנד האָט דער גאַנצער קאָרידאָר גע־קאָכט מיט די אונפּערגעסליכע איבערציהעניש. זאָגאַר די קליי־נינקע מאַדאַם מולען, די שטילענקע, וואָס קיינער האָט ניט געזעהען און ניט געהערט ווען זי קומט און ווען זי געהט אַוועק, — זאָגאַר זי האָט זיך אַרײַנגעמישט: — זי האָט סעוועריני'ס אַרבייטס־טישעלע אַריבער געטראָגען פון איין דירה אין דער צווייטער. אָבער מעהר פאַר אַלע האָט פּילאָמענע פונאַנדערגעבלאָזען די שנאה; פון דער ערשטער מינוט אָן, איז זי געקומען העלפען צונויפבינדען די זאַכען, איבעררוקען די מעבעל, און האָט פאַר־כאַפּט מאַדאַם לעבעלע'ס קוואַרטיר איידער יענע האָט זיך נאָך פון דאָרט אַרויסגעצויגען. און טאַקי זי אַליין האָט זי משלח געווען פון דאָרטען אין דער מיט פון די בערג אָנגעוואָרפענע און צוזאַמענגעמישטע מעבעל פון דיביידע פאַמיליעס. זי האָט אָנגעהויבען אַרויסצייגען אַזאַ מין איבערגעבענהייט צו זשאַק'ן און צו אַלעס, וואָס איהם איז געווען ליעב, אַז דער פערוואונדעטער פּעקע האָט געקריעגען אַ פערדאַכט און האָט ביי איהר גענומען

פרעגען מיט דער כיטרער מינע פון א ראכע־נעמענדען שכור, צי וואָהנט זי שוין אפשר מיט זיין מאשיניסט, און האָט זי גע־וואָרענט, אז ער וועט זיך מיט זיי ביידע אָברעכענען, ווען ער וועט זיי טרעפען צוזאמען. און עס האָט זי איבער דעם נאָך מעהר געצויגען צום יונגען מאן און זי איז פשוט געוואָרען זייערע א דיענסט — זי האָט געדיענט אי איהם, אי זיין געליעבטער מיט דער האָפנונג, אז ווען זי וועט שטעהן אזוי נאָהענט צו זיי, וועט זי איהם פיעלייכט אויך האָבען.

אז זי האָט געבראכט דאָס לעצטע בענקעל, האָט זי מיט א קלאַפּ צוגעמאכט די טיהר. דאַן, בעמערקענדיג דער קאַסירשע'ס א פערגעסענע טאַבורעטקע, האָט זי צוריק געעפענט די טיהר און עס א שליידער געטהון איבער'ן קאָרידאָר. און דערמיט האָט זיך אלעס געענדיגט.

ביסלעכווייז איז זיך דאָס לעבען צוריק געקומען אויפ'ן אל־טען שטייגער. אין דער צייט וואָס מאַדאַם לעבלע, אין'ם אונ־טערשטען טייל פון הויז, איז דורך איהר רעוומאטיזם געזעסען א צוגענאַגעלטע צום שטול און איז אויסגעגאנגען פאר אומעט, און האָט געוויינט מיט טרעהרען אין די אויגען, וואָס זי קאָן גאָרניט זעהען אחוץ דעם ציין פון דעם דאַך, וואָס פערשטעלט איהר דעם הימעל, איז סעווערינע געזעסען און האָט אויסגענעהט איהר אונענדליכען צודעק, נעבען איינעם פון די פענסטער פון דעם פראָנט הויז. פאר איהר האָט ניט אויפגעהערט דער פרעה־ליכער רעש פון וואָקזאל־הויף, דער אונאויפהערליכער שטראָם פון דורכגעהער און קארעטען.

דער פריהער פריהלינג האָט שוין גענומען בעדעקען מיט גרינע קנאָספּען די גרויסע בוימער נעבען די טראָטואַרען, און דאָרט, ווייטער, האָבען זיך ארויסגעזעהען די אינגואווילער בערג־לאַך און זייערע מיט וואַלד בעדעקטע זייטען, וועלכע זיינען ווי מיט ווייסע פלעקען געווען בעזעצט מיט זומער־הייזלאַך. אָבער זי האָט זיך געוואונדערט, וואָס זי קלייבט אזוי ווייניג נחת אין דעם ענדליך פערווירקליכטען טרוים צו זיין דאָ, אין דער נע־

ווינשטער קווארטיער, און צו האבען פאר זיך אן אפענע וועלט, ליכט און די זון. און אפט, ווען איהר אויסהעלפעריין, די טאנטע סימאן, פלעגט ווארטשען, און זיך בייזערען, וואס מען האט איהר צושלאגען איהרע געוואהנהייטען, פלעגט זי פערלירען דעם געדולד און עס פלעגט איהר נעהמען באנג טהון נאך דער פריהע־ריגער גרוב, וואו — פלעגט זי זאגען — מען האט כאטש די שמוץ ניט געקענט ארויסזעהען.

און רובא? איהם האט עס גאר ניט געאארט. ער האט כמעט ניט בעמערקט, אז מען האט איבערגעביטען די וואהנונג; און זעהר אפט פלעגט ער זיך פערגעסען און האט נור דאן ענט־דעקט זיין פעהלער, ווען זיין נייער שליסעל פלעגט ניט קענען אריין אין דעם אלטען שלאס. און אחוץ דעם פלעגט ער אלץ מעהר און מעהר פערפאלען ווערען, און איז אלץ ווייטער אין ווייטער געגאנגען צו גרונדע. אויף א שטיקעל צייט, פון דעסט־וועגען, האט ער אויסגעזעהען ווי אויפגעלעבט אונטער'ן איינפלוס פון זיינע פאליטישע אידעען; מען קאן ניט זאגען, אז זיי זייי־נען ביי איהם געווען שטארק בעשטימט אדער זעהר מייער; אבער ער האט געהאט נאחענט צום הארצען זיין געשיכטע מיט'ן סוב־פרעפעקט, וועלכע האט איהם שיער ניט געקאסט זיין שטע־לע. זייט די אלגעמיינע וואהלען האבען צוטרעסעלט די אימ־פעריע, און זי האט איבערגעלעבט א שרעקליכען קריזיס, האט ער טריאומפירט און האט ווידערהאלט, אז ניט תמיד וועלען דיעזע לייטע בלייבען די בעל הבתים. מ'סיע דאבאדי'ס פריינדליכע פערזיכערונגען, וואס זיינען צו איהם געקומען פון מאדמואזעל גישאן, וועלכע האט געוואוסט פון אלע ריידערייען געגען דער רעגיערונג, זיינען געווען גענוג איהם צו בערוהיגען. און אזוי ווי אין קארידאר איז שוין געווען שטיל, און מען האט שוין דארט געלעבט בשלום, און מאדאם לעבלע, וועלכע איז אויסגעגאנגען פון טרויער, איז אלץ שוואכער און שוואכער געווארען, — טא צו וואס דארף ער נייע צרות און זיך מישען אין רעגיערונגס געז־עשעפטען? און ער האט א שפיי געטהון אויף דער פאליטיק, גראַ־דע ווי אויף אלע אנדערע זאכען. און ווערענדיג מיט יעדען טאג

דיקער, איז ער ארומגעגאנגען מיט זיין שווערען טריט, מיט דער גרעסטער גלייכגילטיגקייט און אָהן שום געוויסענסביסע.

אָבוואָהל זשאַק און סעווערינע האָבען זיך שוין איצט געקענט זעהען צו יעדער צייט, האָבען זיי זיך דאָך געפיהלט אַלץ מעהר אונבעקוועם. עס האָט זיי שוין איצט גאָר ניט געשטערט צו זיין גליקליך, ער פלעגט שוין צו איהר קומען איבער די אַנדערע טרעפּ, ווען ער האָט נור געוואָלט, אָהן שום מורא געשפּיאָנירט צו ווערען; און די קוואַרטיער איז אויך געווען פיר זיי אליין; זיי וואָלטען דאָרט געקענט נעכטיגען צוזאמען, ווען זיי זאָלען נור געוועזן וואגען! אָבער די געוואונשטע, דאָך ניט פערווירקליכטע טהאַט, צו וועלכע זיי האָבען ביידע צוגעשטימט, און האָבען זי פאָרט ניט דורכגעפיהרט, און דער שטענדיגער געדאַנק דערפון האָט זיי פערשאַפט אַן אונבעקוועמליכקייט, אַן אונדערינגליכע שטערונג. זשאַק, מיטברענגענדיג מיט זיך די שאַנדע פון זיין שוואכהייט, פלעגט סעווערינע'ן יעדעס מאָל טרעפען אַלץ כמורנער, קרענקענדיג פון דעם אומזיסטען וואַרטען. זייערע ליפּען האָבען שוין ניט געדורשט נאָך אַ קוש, ווייל אַזאַ האַלבע, ניט פאָלקאָמענע בעזיצונג איז שוין געווען אויסגעשעפּט; זיי האָבען געדורשט נאָך אַ פאָלשטענדיגען גליק: דאָס אָברייזען, די הייראַט, אַ נייער לעבען.

איינמאָל, אין אַן אבענד, האָט זשאַק געטראָפען סעווערינע'ן אין טרעהרען, און דערזעהענדיג איהם, האָט זי ניט אויפגעהערט צו וויינען; פאַרקעהרט, זי האָט נאָך גענומען מעהר וויינען און האָט זיך איהם ארויפגעוואָרפען אויפ'ן האַלז. זי האָט שוין אַמאָל געוויינט אַזוי, אָבער מיט'ן צודריקען זי צו זיך האָט ער זי בערוהיגט; אָבער איצט האָט ער געפיהלט ווי זי, ליגענדיג אויף זיין ברוסט, ווערט פערצעהרט פון אַ שטייגענדער פערצווייפלונג, וואָס מעהר ער דריקט זי צו זיך. ער איז געוואָרען גערירט; ער האָט אָנגענומען איהר קאָפּ מיט זיינע ביידע הענט, און ארייננקוקענדיג אין איהרע ביידע פערגאָסענע אויגען, האָט ער פאר איהר געשוואָרען, פערשטעהענדיג גאַנץ גוט, אַז איהר פערצווייפלונג קומט דערפון, וואָס זי איז אַ פרוי און וואַגט

ניט אין איהר פאסיווער מילדקייט אליין צו געבען דעם קלאפ.

— פערצייהע מיר... ווארט נאך אביסעל.... איך שווער דיר, באלד... ווען כ'וועל נור קאנען.

און טאקי באלד האט זי צוגעדריקט איהרע ליפען צו זיינע, גלייך ווי זי וואלט פערזיעגעלט די שבועה, און זיי האבען זיך געגעבען איינעם פון די אונענדליכע קושען, וועלכער האט זיי ווי צוזאמענגעשמאלצען.

.10

טאנטע פאזיע איז געשטארבען דאנערשטאג, אין אווענד, ניין א זייגער, אין אן אנפאל פון קאנוואולסיען. אומזיסט האט מיזאר, וועלכער איז געשטאנען ביי איהר בעט, געפרובירט איהר צומאכען די אויגען: זיי האבען זיך ווי פער'עקשנ'ט און זיינען געבליבען אפען. דער פערשטארצטער קאפ האט זיך עטוואס אנגעבויגען צום אקסעל, כדי ווי צו קוקען אין צימער אריין, און די פערצויגענע ליפען האבען געהאט דעם אויסדרוק פון אן איראנישען שמייכעל.

איין איינציג ליכטעל האט געברענט אויפ'ן עק טיש נעבען איהר. און די צונגען, וועלכע זיינען זייט ניין אוהר דורכגעפלויגען מיט דער גרעסטער שנעלקייט, גאר ניט וויסענדיג פון דיעזער נאך ניט אבגעקיהלטער טויטער, האבען זי אויך א סעקונדע צוטרעסעלט, אונטער דעם ציטערענדען פלאם פון דעם ליכטעל.

אום זיך אבצוטשעפען פון פלארע'ן, האט זי מיזאר באלד אוועקגעשיקט קיין דואנוויל צו וויסען צו געבען פון דער מאמע'ס טויט. פאר עלף א זייגער קאן זי ניט זיין צוריק, און ער וועט פאר זיך האבען צוויי שטונדען צייט. רוהיג האט ער זיך אבגעשניטען א שטיקעל ברויט, פיהלענדיג א ליידיגקייט אין מאגען: היינט האט מען איבער איהר ענדלאזער מאטערניש ניט געגעסען קיין מיטאג. און ער האט געגעסען, שפאנענדיג אהין און צוריק איבער'ן צימער, ברענגענדיג אין ארדנונג די זאכען. דער הוסט האט איהם אלע וויילע אבגעשטעלט. ער איז געוועזען איינגעבויגען אין צווייען, אליין אויך א האלב־טויטער: אזוי מאגער, אזוי

אויסגעדארט, מיט פערלאַשענע אויגען און פארבלאַזע האָר, אז מען האָט געקענט זעהען, אז ניט לאנג וועט ער קענען געניעסען זיין נצחון. און דאָך, אָט ווי איהר קוקט איהם אָן, האָט ער אויפגעפרעסען די פרעהליכע, גרויסע, שעהנע פרוי, גראדע ווי א קליין פליעגעלע פרעסט אויף א גרויסען דעמבע־בוים; אָט ליעגט זי אויפ׳ן רוקען, א פערניכטעטע, א גאָר־ניט, און ער לעבט נאָך.

פלוצלונג דערמאָנט ער זיך אָן עפּיס און בויגט זיך אָן און נעמט ארויס פון אונטער׳ן בעט א שיסעל, אין וועלכע ס׳איז נאָך געווען אביסעל וואסער מיט קלייען, פאר אן אינערליכע וואשונג: זייט זי האָט זיך אָנגעשטויסען מכח דער זאלץ, האָט ער שוין איהר אריינגעשאָטען דעם סם פיר מייז אין איהר שווענק־וואַסער; און זי, צו אונוויסענד, האָט זיך פון דערפון גאָר ניט געהיט, און זי האָט די וואסער אין זיך געגוג איינגעשפּריצט, און איז געוואָרען א פארטיגע.

אז מיזאר האָט אויסגעגאָסען די שיסעל אויפ׳ן חויף, איז ער צוריק אריין אין שטוב, און האָט מיט א לאַפּען אבגעווישט אלע סמנים. און צו וואָס איז זי טאַקי געווען אזא׳ן עקשן? מיט גוטען האָט זי ניט געוואָלט, איז א מצוה אויף איהר! אז אין א פאמיליע געהט שוין אין דעם ווער וועמען עס וועט פריהער בע־גראָבען, און מ׳לאָזט קיין מענשען זיך ניט אריינמישען, דארף מען האָבען אָפענע אויגען. און מיזאר איז ביי זיך געווען שטאָלץ דארויף; און ער האָט זיך אונטערגעלאכט ווי פון עפּיס א שעהנע מעשה, כ׳לעבען, וואָס זי האָט איינגענומען דעם סם אזוי אונוויסענד פון הינטען, אין דער צייט וואָס זי האָט יעדעס פיצעלע אזוי זאָרגפעלטיג בעקוקט איידער זי האָט דאָס איינגע־נומען פון אויבען.

אין דיעזער מינוט האָט א פארביילויפענדער שנעל־צוג ארויפגעהויבט אויף דער איינגעפאלענער שטוב אזא ווינט מיט שטורם, אז זאָגאר דער צוגעוואָהנטער מיזאר האָט א ציטער גע־טהון און האָט א קוק געטהון אין פענסטער. אך, יא! דאָס איז דער ענדלאָזער שטראָם פון מענשען פון דער גאנצער וועלט,

וואָס זיי חויבט ניט אָן צו אָארען וועמען זיי דערקוועטשען דאָרט אויפ'ן וועג, אבי זיי פליהען זיך אזוי שנעל צום טייוועל! אַון אַז דער צוג איז פאַרביי, האָט ער, אין די דריקענדע שטילקייט, ווידער דערזעהען די גרויסע אָפענע אויגען פון דער טויטער, מיט די אָנגעשטעלטע שווארצאַפּעל, וועלכע האָבען איהם, דאכט זיך, נאָכגעקוקט יעדע בעוועגונג זיינע; און אין די ווינקעל פון איהרע אָפענע ליפּען איז אַלץ געוועזען דער שמייכעל.

מיזאר, געוועהנליך אזא קאַלטע בריאה, איז דאָס מאָל זאָגאר געוואָרען בייזלאך. ער האָט פארשטאנען איהר מיין: — „זוך, זוך!" אָבער זי האָט דאָך זיי מיט זיך ניט מיטגענומען אויף יענער וועלט, — די טויזענד פראנק. און איצט, אַז זי איז שוין פערכאַפּט געוואָרען, וועט ער דאָס געלד שוין געפינען. האָט זי דען דאָס איהם ניט געקענט אוועקגעבען מיט גוטען? וואָלט מען די אַלע צרות ניט בעדאַרפט.

אָבער איהרע אויגען קוקען איהם אַלץ נאָך: — „זוך זוך!"

די שטוב, וואו ער האָט ניט געוואגט א ריהר צו טהון א זאַך, כל זמן זי האָט נאָך געלעבט, האָט ער יעצט דורכגענומען מיט זיינע בליקען. ערשטענס, קומט דער אַלמער. ער האָט אַרויסגענומען דעם שליסעל פון אונטער דעם קישען, האָט איבער־געקעהרט די פּאָליצעס מיט גרעט, אויסגעלעדיגט צוויי שיפאָלדען און זיי זאָגאר אין גאנצען ארויסגעשלעפּט, כדי צו זעהען, צי איז דאָרט אפשר ניטאָ עפּיס א סעקרעטנער שאכטעל. — ניין, ניטאָ! אפשר גאָר אין דעם נאכט־טישעל נעבען איהר בעט? און ער האָט אראָפּגעריסען דאָס מארמעל־שטיינערנע דעקעל, האָט עס איבערגעקעהרט, — אומזיסט די מיה! איבער'ן קאמין איז גע־וועזען א שפּיגעל — א דינער, ביליגער שטיקעל שפּיגעל, צוגע־קלאַפּט מיט צוויי צוועקעס, — האָט ער דאָ אויך געזוכט; האָט אַרונטערגערוקט א דינע ווירע, און האָט ארויסגעשלעפּט שטי־קער שווארצען שטויב.

„זוך! זוך!"

און אום אויסצומיידען די גרויסע אָפענע אויגען, וועלכע ער האָט אויף זיך געפיהלט, האָט ער זיך אראָבגעלאָזט אויף

אלע פיער און געגומען אויספארשען די פאדלאגע, מיט לייכטע קלעפ פון פויסט, צי איז ערגיץ ניטא, לויט'ן קלאנג, א פערבאר־גענער פוסטער פלאץ. איינינע ברעטלאך האבען זיך געטריי־סעלט, האט ער זיי אויפגעריסען. אלץ גארניט און גארניט!

און ער האט זיך אויפגעהויבען, און די טויטע אויגען האבען איהם ווידער אנגעקוקט; און ער האט זיך אומגעקעהרט צו דעם מת און געוואלט אויסהאלטען דעם בליק, אבער די טויטע האט זיך אלץ אונטערגעלאכט מיט איהר שרעקליכען שמייכעל אויף איהרע האלב־אפענע ליפען. קיין פראגע מעהר: — זי לאכט עס פון איהם.

„זוך! זוך!"

און ס'האט איהם אריינגעווארפען אין א היץ. ס'איז אין איהם אריין א שרעקליכער בילד, א גאט־שפאטענדער געדאנק, און זיין בלאס פנים איז אזש נאך בלאסער געווארען. ער איז צו צו דער טויטער. אה? מיט וואס איז ער עס אזוי זיכער, אז זי נעמט טאקי ניט מיט זיך די טויזענד פראנק אין קבר אריין? אפשר טאקי יא? און ער איז צו צום מת, האט זי אבגעדעקט, אויסגעטהון, און האט בעקוקט און בעטאפט יעדעם ווינקעלע פון דעם טויטען קערפער, — זי האט דאך איהם געהייסען זוכען! און ער האט געזוכט, צוקאפענס, ביי די זייטען, אונטער איהר: ער האט איבערגעקעהרט דאס בעט, אריינגערוקט די הענד ביז די אקסעל אין שטרוי־זאק, — ניטא!

„זוך! זוך!"

און דער טויטער קאפ ליגט צושויבערט אויפ'ן קישען און קוקט אויף איהם מיט שפאטענדע אויגען.

און אין איין כעס און אין איין ציטערען נעמט ער זיך צו־רעכט מאכען דאס בעט. דא קומט אן פלארע, ערשט צוריק פון דואנוויל.

— איבער־מארגען, שבת, עלף א זייגער, — האט זי ער־קלעהרט.

דאס האט זי געמיינט די לויה. אבער אין איין אויגענבליק האט זי גלייך פערשטאנען פון וואס מיזאר האט זיך אזוי פאר־

סאָפּעט דאָ איינער אַליין, און זי האָט מיט פעראכטונג גלייכ־גילטיג געזאָגט:

— הערט שוין אויף. איהר וועט ניט געפינען.

און איהם האָט זיך אָבגעדרוכט, אז זי לאכט פון איהם אויף אָפּ. און ער איז צו צו איהר, קריצענדיג מיט די צייהנער.

— זי האָט דאָס דיר אוועקגעגעבען. דו ווייסט וואו דאָס איז.

אָן איינפאַל! איהר מאמע האָט עס געקאָנט אומיצען אויף דער וועלט אוועקגעבען די טויזענד פראַנק, אפילו איהר, איהר אייגענער טאָכטער! און פלאָרא האָט א ציה געטהון מיט די פלייצעס.

— נו, אודאי! געגעבען... בעסער אין דר'ערד אריין, — דאָס יא... נעמט, זוכט, אָט דאָ ערגיץ, — קאָנט איהר דאָס נאָך געפינען.

און מיט א ברייטען מאך מיט דער האַנד האָט זי ארומגע־נומען דאָס גאַנצע הויז, און דעם גאָרטען מיט'ן ברונען, און דעם אייזענבאַהן, און אין אַלגעמיין די גאַנצע געגענד. יא, דאָ, ערגיץ וואו, אין א לאָך, וואו קיינער וועט דאָס קיין מאָל ניט געפינען! און אויסער זיך און א צוטראָגענער האָט מיזאר ווידער גענומען רוקען די מעבעל, קלאַפּען אין די ווענט, גאר אונגעשטערט, וואָס פלאָרא זעהט עס. זי האָט זיך אוועק געשטעלט קוקען אין פענ־סטער, רעדענדיג צו זיך אַליין זעהר שטיל.

— אַך, ווי שעהן ס'איז אין דרויסען! ס'א שעהנע נאכט!.. איך בין מיר געגאַנגען שנעל, און די שטערען האָבען צוגעלויכטען ווי ביי טאָג... און מאָרגען, אז די זון וועט אויפגעהן, ס'א מחיה דאָס וועט זיין!

געגען א מינוט איז פלאָרא נאָך געשטאַנען ביים פענסטער, ארויסקוקענדיג אויף די פראכטפאָלע געגענד, — אזוי ליעבליך אין די ערשטע ווארימקייט פון אפּריל. און זי האָט זיך פאַר־טראכט. ס'האָט איהר אויפגעריחרט איהר הערצענס־וואונד און זי האָט נאָך מעהר געליטען. און ווען זי האָט דערהערט, אז מיזאר איז ארויס פון שטוב און איז אוועק זוכען אין די אנדערע צימער,

איז זי אויך צו צום בעט; זי האָט זיך אַ נידער געזעצט, קוקענדיג אויף דער פערשטאָרבענער מוטער. אויפ'ן טיש האָט נאָך אַלץ געברענט דאָס ליכט, און דער פלאַם איז געווען גראַד און העל. אַ צוג איז פארבייגעגאַנגען, און די שטוב האָט אַ ציטער געטהון.

פלאָרע האָט זיך בעשלאָסען צו פארברענגען די נאכט דאָ. זי האָט ווידער גענומען טראַכטען. פון אָנפאַנג האָט איהר דער טויטער קערפּער פון איהר מוטער אָוועקגעצויגען דעם געדאַנק פון דעם, פון וואָס זי האָט געהאַלטען אין איין טראַכטען, וואָס האָט זי ניט געלאָזט לעבען, און וואָס ס'איז איהר פון קאָפּ ניט אַרויס אויף דעם גאַנצען לאַנגען וועג פון דואַנוויל איבער די פינסטערע פעלדער, אונטער די שיינענדע שטערען. איצט איז זי אייגענטליך געווען איבערראַשט; און דאָס האָט געשטילט איהר ליידען. פאַר וואָס פארשאַפט איהר ניט דער טויט פון דער מאַמע פיעל מעהר טרויער? און פאַר וואָס, זאָגאַר איצט, וויינט זי גאָרניט?

פלאָרע האָט טראַץ אַלעמען, ליעב געהאַט די מאַמען, ניט קוקענדיג וואָס זי, די גרויסע ווילדע מויד, פלעגט באַלד נאָך דער אַרבייט פאַרפאַלען ווערען, די גאַנצע פרייע צייט אַרומלויפענדיג אין די פעלדער. אַז ס'האָט די קראַנקע שוין צום לעצטען מאָל אַ כאַפּ געטהון, האָט פלאָרע זיך אַ מאָל צוואַנציג געבען איהר אַנידערגעזעצט און זי געבעטען היסען רופען אַ דאָקטאָר; ווייל זי האָט זיך אויך אַנגעשטויסען, וואָס מיזאַר אַרבייט דאָ אָן, און זי האָט געהאַפט איהם דערמיט אָבצושרעקען און איהם איינצוהאַלטען. אָבער זי האָט פון דער קראַנקער אַרויסגעקראָגען ניט מעהר ווי אַ „ניין" מיט אַ בייזער; וואָרים די אונגליקליכע האָט איהר גאַנצען שטאָלץ אין דעם קאַמפּף אַ פּנים געשטעלט דאַרויף, פון קיינעם ניט אָנצונעהמען קיין הילף, ווייל זי איז געווען זיכער מיט'ן זיעג: — דאָס געלד וועט ער ניט האָבען. און פלאָרע האָט זיך שוין ווייטער ניט געמישט; זי האָט זיך געהאַט איהרע צרות, און זי פלעגט פערפאַלען ווערען אין די פעלדער כדי זיך צו פארגעסען. און דאָס האָט עס איהר פארקלאַפּט איהר טאָכטער־האַרץ; אַז מ'טראָגט אַליין אַ גרויי־

סען וועהטאָג אין הארצען, בלייבט קיין פלאץ ניט פאר נאָך. די מאמע איז געשטאָרבען; און זי ליגט איהר פאר די אויגען, די פערניכטעטע, אזא בלאסע; אָבער ווי זי זאָל זיך ניט בעמיהען, קאָן זי ניט ווערען נאָך טרויעריגער. אפשר גאָר רופען די זשאנ־דארען, זיי אָנווייזען אויף מיזאר׳ן? צו וואָס? אז אלץ מוז סאי ווי סאי געהן צו גרונד.

און ביסלעכוויז, און אונווידערשטעהנדליך, און נאָך אלץ ניט אויפהערענדיג צו קוקען אויף דער טויטער מאמע, האָט זי אויפגעהערט צו זעהען, און זי האָט זיך ווידער גענומען צו איהרע געדאנקען, בעזיעגט פון די יסורים, וועלכע זיינען איהר אריין ווי א צוואָק אין קאָפּ. און זי האָט בלויז געפיהלט דעם טיעפען טרייסעל פון די פארבייגעהענדע צוגען, וועלכע זיינען פיר איהר געוועזען ווי דאָס שלאָגען פון א זייגער.

געגען א מינוט שוין, ווי עס הערט זיך דער געוויש פון דעם צוקומענדען צוג פון פאריז. אז דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך ענד־ליך א יאָג געטהון פארביי דעם פענסטער, מיט זיין גרויסען לאַנטערן, איז אין שטוב ווי אריין א בליץ, א גאנצער פלאַם.

— איינס אוהר אכטצעהן, — האָט זי א טראכט געטהון. — נאָך זיעבען שעה — אין דער פריה, אכט אוהר זעכצעהן, איז זייער צוג.

מאָנאטען לאנג שוין ווי פלאַרע ווארט עס אזוי יעדע וואָך. זי ווייסט, אז יעדען פרייטאג אין דער פריה פאָהרט סעווערינע ארוים פונקט מיט דעם שנעל־צוג, וואָס זשאק פיהרט. און איצט לעבט זי נור, זיי אָבצו־ווארטען, זיי צו זעהען, זיך צו קאָנען זאָגען, אין איהרע יסורים פון אייפערזוכט, אז זיי פאָהרען עס אהין דאָרט צו זיין פריי צוזאמען. אך! דער פליהענדער צוג! די מאטערניש צו ווייסען, אז דו קאָנסט זיך ניט נאָכהענגען אויף דעם לעצטען וואגאָן און זיי נאָכפליהען! און איהר דוכט זיך נעבאך, ווי די רעדער אליין וואָלטען געשניטען דאָס הארץ. זי האָט אזוי געליטען, אז איין מאָל, אויף דער נאכט, האָט זי זיך ערגיץ פארזוקט אָנצושרייבען בשתיקה א מסירה אין געריכט אריין, און זאָל ווערען אן ענדע, זאָל מען די בחור׳טע ארעסטירען.

און זי, פלאָרע, וועלכע ווייסט פון איהרע אמאָליגע שעהנע פער־העלטניסע צום הויפּט־ריכטער גראַנמאָרען, האָט געהאָפּט, אַז ווען די ריכטער זאָלען דערפון נור דערהערען, ווערט זי פון איהר פטור.

אָבער, אַז ס'איז געקומען צום שרייבען, האָט זי בשום אופן ניט געקענט אויפהויבען די פעדער. און ווער ווייסט גאָר, צי וועלען די ריכטער זי ווירקליך הערען? די אַלע פיינע דאַמען און הערען זיינען דאָך אַלע איין חברה, סוף כל סוף. ס'קאָן נאָך לייכט זיין, אַז מען זאָל גאָר זי אַריינוואַרפען אין געפענגניס, ווי מ'האָט דאָס געטהון מיט קאַביש'ן. ניין! זי מוז זיך נוקם זיין, און זי וועט זיך מיט זיי אַליין אָפּרעכענען, אָהן זייטיגע הילפע.

און איהר נקמה איז זאָגאַר ניט געווען די געוועהנליכע נקמה, פון וועלכע זי האָט געהערט רעדען אַלס אַ מיטעל צו טהון יענעם שלעכטס כדי זיך צו פערלייכטערען. זי האָט געדורשט צו מאַכען אַ סוף, צו פערניכטען אַלעס, ווי דער דונער וואָלט זיי פון דער ערד אָבגעראַמט. פלאָרע איז ביי זיך געווען שטאָלץ: שטאַרקער און שעהנער פון יענער, דער אַנדערער, און איבער־צייגט אין איהר פאָלקאָמען רעכט געליעבט צו ווערען. און זי וואַנדעלט אַרום איינע אַליין איבער די שמאָלע סטעזשקעס פון דער ווילדער געגענד, — איהר קאָפּ געדיכטע בלאָנדע האָר קיין מאָל ניט צוגעדעקט, — און זי טראַכט זיך, אַז זי זאָל אַהער אַריינקריגען סעווערינע'ן, אום מיט איהר אויסצוקעמפּפען זייער שנאה, ווי צוויי פיינדליכע קריעגס־פרויען. קיין מאַנספּערזאָן האָט זי נאָך קיין מאָל ניט בעריהרט, — די מאַנסבילען האָט זי תמיד צוריק־געשטויסען — דאָס איז איהר אונבעזיעגבאַרע גבורה; זי וועט זיין די זיעגערין.

די וואָך פאַר דעם, איז איהר פלוצים מיט אַמאָל עפּיס אַריין אין קאָפּ, ווי מיט אַ האַמער אַ צוואַק אַריינגעהאַקט, גאַט ווייסט פון וואַנען, אַזאַ מין געדאַנק: — כדי זיי זאָלען דאָ מעהר ניט פאַרביי פאָהרען, זאָלען מעהר ניט זיין אין פּאַריז צוזאַמען,

מוז זי זיי ביידע טויטען. זי האָט דאביי ניט געקלעהרט; זי האָט זיך בלויז נאָכגעגעבען דעם ווילדען אינסטינקט צו צערשטערען. אז זי פארשטעכט זיך א פינגער, גיט זי זיך אויך באלד נאָך דעם כעס און גלייך אויפ'ן אָרט רייסט זי זיך ארויס דאָס שטיק האָלץ, אפילו צוזאמען מיט א שטיק פלייש. אָה, זי וועט זיי הרג'ענען, — הרג'ענען באלד, ווי זיי פאָהרען דאָ פארביי דאָס ערשטע מאָל; און, צוליעב דעם, וועט זי צוברעכען דעם גאנצען צוג; זי וועט אויפ'ן וועג אוועקלעגען אקלאָץ, אָדער אויסרייסען א רעלסע, — זאָל אלעס צערשמעטערט ווערען, אלעס פערניכטעט ווערען. ער איז דאָך געווים אויפ'ן לאָקאָמאָטיוו, — וועט דאָס איהם צוקוועטשען יעדען אבר; און זי, די פרוי, פאָהרט דאָך תמיד אין ערשטען וואגאָן, צו זיין נעהענטער צו איהם, — זי קאָן זיך אויך ניט אויסדרעהען. אי די איבעריגע פאסאזשירען, דער שטענדיגער שטראָם פון מענשען, — פון זיי האָט זי גאָרניט גע־טראכט. האָט זי דען זיי אימיצען געקאָנט? פיר איהר זיינען זיי קיינער ניט... און די צערשמעטערונג פון דעם גאנצען צוג, דאָס מקרב־זיין פון אזוי פיעל לעבענס האָט איהר געבויערט דעם מח יעדע מינוט, — דער איינער אונגליק, וואָס איז געווען גרוים גענוג און גענוג אָנגעזאפט מיט מענשליכע בלוט און יסורים, אז זי זאָל זיך קאָנען קיהלען איהר מעכטיג הארץ, וואָס איז בע־וואשען מיט טרעהרען.

דאָך איז זי פרייטאג אין דער פריה געוואָרען אביסעל אבי־הענטיג; זי האָט נאָך גענוי ניט בעשלאָסען ניט דעם פלאץ וואו, און ניט די ארט ווי אזוי ארויסרייסען א רעלסע. אָבער אויף־דער־נאכט, נאָך דער ארבייט, איז איהר אריין א געדאנק: — זי וועט געהן דורכ'ן טונעל און גוט אויסקוקען דעם וועג ביז צו דער צווייג־ליניע קיין דיעפ. איינער פון די ערטער, וואו זי פלעגט געוועהנליך געהן שפאצירען, איז אויך געווען דיעזער אונטערערדישער טונעל, א גוטע האלבע ליעגע די לענג, ווי א גרויסע פינסטערע גאס, מיט א האלב־קיילעכדיגע סטעליע פון שטיינער, וואו מען קאָן פיהלען, ווי דער באהן לויפט אויף דיר אָן מיט זיין פאָדערשטען פארבלענדענדען לאנטערן, און אָט־אָט

צערהייבט ער זיך. און טאַקי אָט די סכנה אליין האָט עס זי אַהין געצויגען אין איהר ווילדער בעדירפֿנים פֿון געוואַגטקייט.

אָבער יענעם אבענד, נאָך דעם ווי זי האָט אויסגעמידען די שאַרפֿע בליקען פֿון דעם וועכטער און איז אָבגעגאַנגען אַ האַלבען טונעל, האַלטענדיג זיך לינקס, כּדי צו זיין זיכער, אַז יעדער צוג, וואָס קומט איהר ענטקעגען, וועט איהר פאַרבייגעהן רעכטס, האָט זי זיך אָבער אונפֿאַרזיכטיג אומגעקעהרט, פּשוט נאָכצוקוקען די סיגנאַל־לאַנטערנעס פֿון דעם צוג, וואָס געהט קיין האַוור; און אַז זי האָט ווידער גענומען געהן, האָט זי זיך איבער אַ שלעכטען טריט געמוזט אַ קעהר טהון אַ צווייטען מאָל:

— האָט זי שוין מעהר ניט געוואוסט, אין וועלכער זייט די רויטע פֿייערלאָך זיינען פערשוואונדען געוואָרען. און ניט קוקענדיג אויף איהר מוטה, איז זי, נאָך בעטויבט פֿון דעם רויש פֿון די רעדער, געבליבען אַ פערציטערטע; פֿון שרעק האָבען זיך איהר די האָאָר געשטעלט קאַפּויר און די הענד זיינען איהר געוואָרען אייז־קאַלט. איצט, אַז אַ צוג קומט נור אָן, וועט זי שוין ניט וויסען, צי דאָס איז אַ צוג קיין פּאַריז, צי אפשר פֿון פּאַריז, און זי האָט זיך שוין פֿאָרגעשטעלט, אַז זי שפּרינגט אָפּ, רעכטס צי לינקס, און קאָן דאַן גאַנץ גוט צושניטען ווערען אויף שטיק־שטיקלאָך. מיט אַן אָנשטרענגונג האָט זי זיך געוואָלט אָנהאַלטען ביים זינען, זיך דערמאָנען, בעטראַכטען. אָבער מיט אמאָל האָט זי דער פּחד אַ כאַפּ געטהון און אַ טראָג געטהון, — עס מאַכט ניט וואוהין, אַבי ווייטער פֿון דאַנען, און זי פֿליהט ווי אַ ווילדע. ניין, ניין! זי וויל ניט ווערען דער׳הרג׳עט כל זמן יענע צוויי לעבען נאָך!

איהרע פֿיס האָבען זיך געקלאַפּט אָן די רעלסעם; זי גליטשט זיך אַלע ווייל אויס, זי פֿאַלט, און לויפֿט ווידער אין לויפֿט, פּונקט ווי דער טונעל אליין וואָלט עפּיס אראָפּ פֿון זינען, און די ווענט רוקען זיך אומיסטנע צוזאַמען כּדי זי צו דער־קוועטשען, און איבער דעם קיילעכדיגען שטיינערנעם געוועלב קייקעלט זיך אַ שרעקליכער גערויש, מורא׳דיגע קולות, אַ געוואַל־דיגער ברומען. און יעדע מינוט קוקט זי זיך אום, זי פֿיהלט,

דאכט זיך, ביי איהר אויפ'ן האלז, פון הינטען דאס הייסע דוכען פון א לאקאמאטיוו.

צוויי מאל שוין איז פלארע'ן פלוצלונג אריין דער געדאנק, אז זי האט געהאט א טעות, אז זי מוז גע'הרג'עט ווערען דוקא דא, וואו זי לויפט, און מיט איין שפרונג בייט זי דעם וועג. און זי לויפט און לויפט, ווייטער און ווייטער, ביז זי דערזעהט פון ווייטענס וואקסט אויס פאר איהרע אויגען א שטערענדעל, אן אויג, א ברענענדיגס, א קיילעכדיגס, וואס ווערט אלץ גרעסער. אבער ניין, איצט לויפט זי שוין נים צוריק; זי האלט זיך איין מיט אלע כחות דאס מעהר ניט צו טהון, און דאס אויג ווערט א פייער, אן אפען מויל פון א קאלך־אויוועו....

פארבלענדעט, האט זי, אליין ניט וויסענדיג, אבגעשפרונגען לינקס, און ווי א דונער איז איהר פארבייגעלאפען א צוג און האט זי ארומגעכאפט מיט זיין שטורם־ווינט.

פינף מינוט נאך דעם, איז פלארע ארויס פון טונעל, ביי מאלאניע, געזונט און שטארק.

ס'איז געווען ניין א זייגער. נאך עטליכע מינוט, און דער שנעל־צוג מוז אנקומען פון פאריז. און פלארע האט זיך גלייך געלאזט געהן, ווי אויפ'ן שפאציער, צו דער צווייג־ליניע קיין דיעפ, א צוויי הונדערט מעטר ווייטער, בעקוקענדיג דעם וועג, טאמער וועט זי עפים דערזעהען וואס קאן איהר צונוץ קומען. און אויף דעם דיעפער וועג, — וואס מ'האט איצט געהאלטען אין פארריכטען, — דארף גראד שטעהען א צוג מיט זאמד און שטיינער, וועגען וועלכען איהר פרייגד אזיל האט געהאט צו זאגען. און שנעל ווי א בליץ איז איהר קלאהר געווארען און געפונען געווארען א פלאן. פשוט: — מ'דארף דעם וועג־סיגנאליסט פארהאלטען ער זאל ניט אבקירעווען די רעלסע צוריק אויף דעם וועג קיין האוור, וועט זיך דער אנקומענדער שנעל־צוג צער־שמעטערען אן דעם צוג מיט'ן זאמד און שטיינער.

פון דעם טאג אן, ווען אזיל פארשכורט פון ליעבע, האט זי אנגעגריפען און זי האט איהם מיט א שטיק האלץ שיער ניט צושפאלטען דעם קאפ, איז זי צו איהם געווארען פריינדליך און

פלעגט איהם אפט מאכען אזוינע אונערווארטעטע וויזיטען דורכ'ן טונעל, ווי א שטייגער א ווילדע ציעג וואס ענטלויפט פון די בערג. ער ווידער, אן אויסגעדיענטער פון מיליטער, א דארער און א שווייגענדיגער, אבגעגעבען צו זיין ארבייט, האט געגען זיך נאך ניט געהאט דאס מינדעסטע פערנאכלעסיגקייט, ווייל אי ביי טאג אי ביי נאכט האט ער געקוקט מיט אפענע אויגען. בלויז אט די איינע ווילדע מויד, געזונט ווי א מאן, האט מיט איהר מינדסטען פינגער מיט איהם געקאנט דרעהען נאך איהר פערלאנג. אמת, ער איז געוועזען עלטער פון איהר מיט פיערצעהן יאהר, אבער ער האט זי געוואלט, און ער האט געשווארען, אז זי מוז זיין זיינע, — איז ניט מיט שלעכטען, איז מיט גוטען, — אבי נור געדולד.

און אז פלארע איז יענעם אויף דער נאכט, אין דער פינס־טער, צו צו זיין פאסטען און האט איהם א רוף געטהון צו זיך, איז ער גלייך ארוים צו איהר, פערגעסענדיג אלעס אויף דער וועלט. פלארע האט איהם פארדרעהט דעם קאפ, האט איהם פארנארט אויפ'ן פעלד ארויף, דערצעהלענדיג איהם א פארפלאנ־טערטע געשיכטע, אז די מאמע איז קראנק און אז זי זאל שטאר־בען, וועט זי, פלארע, מעהר ניט וועלען זיין אין קרוא־דע־מאפרא. דערווייל האט איהר אויער אבער גאנץ גוט זיך צוגע־הערט צו דעם רויש פון דעם צוג, וואס קומט ארוים פון מאלאנעי און קומט אן מיט זיין גאנצער שנעלקייט. און אז זי האט שוין דערשפירט, אז דער צוג מוז שוין זיין אויפ'ן ריכטיגען פלאץ, האט זי זיך אומגעקעהרט א קוק צו טהון.

זי האט אבער גאר פארגעסען אן די נייע אפאראטען אליין צו וואהרענען א צוג אין גאנג. אז דער לאקאמאטיוו איז נור ארויף אויף דער דיעפער ליניע, האבען זיך די אפאראטען פון זיך אליין א ריהר געטהון און דערלאנגט דעם סיגנאל שטעהן צו בלייבען; און דער מאשיניסט האט נאך געהאט צייט איינצו־האלטען דעם לאקאמאטיוו, — בלויז עטליכע טריט פון דעם צוג מיט די שטיינער און זאמד.

מיט א געשריי פון א מענשען, וואס כאפט זיך אויף, בשעת דאס הויז פאלט איין, האט זיך אזיל מיט אלע כחות א לאז געטהון

צו זיין פּאַסטען, און זי, שטרענג, שטיל, ניט גערירט זיך, האָט פון דער פינסטער נאָכגעקוקט יעדע מאַנעוור, וואָס האָט זיך איצט געפּאָדערט איבער דעם צופאל.

צוויי טעג נאָכדעם, איז דער וועג סיגנאַליסט געקומען מיט איהר זיך זעגענען, ניט האָבענדיג קיין פאַרדאַכט, אַז איבער איהר האָט ער פאַרלאָרען זיין שטעלע, און האָט זי געבעטען צו קומען צו איהם, ווען איהר מאַמע זאָל שטאַרבען.

מילא וואָס, האָט זי דאָס מאָל ניט געטראָפען! דאַרף מען זוכען אַן אַנדער מיטעל.

דאָס אַלעס האָט איצט פלאָרע איבערגעטראַכט, און די אַרויסגערופענע ערינערונגען האָבען ענדליך פון איהר פאַרטרי־בען דעם טומאַן פון פאַרטראַכטקייט און זי האָט ווידער אַמאָל פאַר זיך דערזעהען די טויטע מאַמע, אויפ'ן בעט, אין די געלע שיין פון דעם ליכט. נישטאָ שוין די מאַמע, דאַרף זי, הייסט עס, נעהן חתונה האָבען מיט אַזיל'ן, וועלכער וויל זי און ביי וועלכען זי קאָן נאָך אפשר זיין גליקליך. איהר גאַנצער וועזען האָט גע־גען דעם פּראָטעסטירט. ניין, ניין! אויב זי איז אַזאַ שרעקער־דיגע, אַז זי קאָן לאָזען יענע צוויי ביידע לעבען, אבי זי זאָל אַליין אויך קאָנען לעבען, מעג זי שוין בעסער זיך וואַלגערען אויף אַלע וועגען, בעסער זיך פאַרדינגען פאַר אַ דיענסט אין דער פרעמד, איידער צו לעבען מיט אַ מאַן, וואָס זי ליעבט ניט.

אַן אונגעוועהנליכע קלאַפּעריי האָט זי געצוואונגען זיך צו צוהערען; און זי האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז מיזאַר, און ער צוגראָבט מיט אַ לאָפּעטע די פון טריט פאַרהאַרטעוועטע ערד פון קיך. דער מיזאַר איז פשוט ווילד פון זוכעניש; ער וועט דאָך באַלד דאָס הויז איבערקעהרען מיט'ן קאָפּ אַראָפּ. ניין, מיט איהם וויל זי דאָ ניט פאַרבלייבען. וואָס טהוט מען?

אַ שטורם־ווינט האָט אַ פייף געטהון, די ווענט האָבען אַ ציטער געטהון, און איבער דעם ווייסען פּנים פון דעם מת איז אַריבער די שיין פון צוגליהטע קוילען, בעגיסענדיג ווי מיט בלוט די אָפענע טויטע אויגען און די שטשירענדע צייהנער צווישען

די ליפען. דאָס איז געווען דער לעצטער צוג פון פּאריז, מיט אַ שווערען און לאנגזאמען לאָקאָמאָטיוו.

פלאָרע האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האָט ארויסגעקוקט צו די לויכטענדע שטערען אין דער קלאָהרער פריהלינג־נאַכט.

— דריי אוהר צעהן; נאָך פינף שעה, און זיי פאָהרען דאָ פארביי.

זי וועט פּרובירען נאָך אמאָל, — זי לײדט דאָך זעהר שטארק.... זיי צו זעהען, זיי צו זעהען יעדע וואָך אזוי פאָהרען געניסען די ליעבע, — דאָס איז איהר איבער די כחות. און אז זי איז שוין יאָ זיכער, אז זשאק קאָן קיין מאָל שוין ניט זיין נור איהרער, טאָ זאָל ער בעסער גאָר ניט זיין אויף דער וועלט, בעסער אין גאנצען פערניכטעט ווערען, און די טרויעריגע שטוב, וואו זי וואכט יעצט נעבען דער טויטער מאמע, האָט איהר נאָך פאר־גרעסערט איהר טרויער אונטער דעם אימער שטייגענדען בעגעהר אלעס צו פערניכטען. איצט, אז ס'איז שוין קיינער מעהר ניטאָ, וואָס זאָל זי ליעב האָבען, מעגען אלע זיך אָבטראָגען צוזאמען מיט איהר מוטער. טויטע וועט דאָך זיין נאָך און נאָך, — זאָלען זיי געהען מיט איין קלאפּ. די מאמע איז טויט, די שוועסטער איז טויט, די ליעבע איז טויט, — וואָס האָט זי דאָ צו טהון? בלייבען איינע אליין? געהען און קומען איינע אליין, אימער אליין, און זיי ביידע וועלען דאָרטען זיך זיין צוזאמען, שטענדיג צוזאמען. ניין, ניין! זאָל בעסער אלעס אין דר'ערד אריין. זאָל דער טויט, וועלכען זי זעהט דאָ, אין דער פאררויכערטער שטוב, אַ הויך טהון אויף דעם באהן און זאָלען זיי אלע אויסגעכאפּט ווערען!

און ענדליך, ענטשלאָסען נאָך איהר לאנגע דעבאטע מיט זיך אליין, האָט זי גענומען קלעהרען וועגען די בעסטע מיטעל, ווי דאָס דורכצופיהרען, און זי האָט זיך ווידער גענומען צום געדאנק אויפצורייסען אַ רעלסע. דאָס איז געווען דאָס זיכערסטע מיטעל און דאָס פּראקטישסטע, און ס'איז לייכט אויסצופיהרען. איינפאַך ארויסהאקען צוויי שרויפען מיט אַ האמער, און דערנאָך אָנידערוואַרפען די רעלסע פאָפּערק. די אינסטרומענטען דאצו

האָט זי; קיינער וועט זי ניט זעהען, אין זייער פאַרוואָרפען ווינקעל. דאָס בעסטע אָרט דערצו איז געווים נאָכ'ן אויסגעגראָ־בענעם וועג, צו באַראַנטען צו, וואו דער באַהן גיט זיך אַ גרוי־סען קירעווע אויף אַן אָנגעשאָטענעם באַרג ערד, זיעבען אָדער אַכט מעטער די הויך; דאָ מוז דער צוג אַראָפּשפּרינגען פון די רעלסען; דער ברוך וועט זיין אַ מורא'דיגער.

אָבער אַז זי האָט זיך גענומען אויסרעכענען די צייט, איז זי געוואָרען אונרוהיג. אויף דעם וועג צו פּאַריז, האָט פלאָרא געוואוסט, קומט פאַר דעם שנעל־צוג פון האַוור, וועלכער געהט דאָ פאַרביי אַכט אוהר זעכצעהן, אַן אַנדער פּאַסאַזשיר צוג, זיעבען אוהר פופציג־פינף. דאָס לאָזט איהר, הייסט עס, איין און צוואַנציג מינוט אַבצוטהון איהר שטיקעל אַרבייט, — צייט גענוג. אָבער צווישען די בעשטענדיגע צוגען, שטעלט מען אָפּט אַריין צונויפגעטשעפּעטע פּראַכט־צוגען, און ספּעציעל אין די צייטען פון גרויסען טראַנספּאָרט. און ווי באַלד אַזוי, — ס'אַן אונ־גליקליכער ריסק! ווי קאָן מען אין פאָראויס וויסען, אַז צערשמעט־טערט וועט עס ווערען טאַקי דער געווינשטער עקספּרעס? און זי האָט אַ שעהן שטיק צייט דאָס געהאַלטען אין איין איבער־קלעהרען. ס'איז נאָך אַלץ געווען נאַכט, דאָס ליכט האָט נאָך אַלץ געברענט און ס'האָט זיך געשמאָלצען, מיט אַ שטאַרק אָנגעז־ברענטען קנויט, וועלכע פלאָרע האָט ניט צורעכט געמאַכט.

אין דעם מאָמענט, ווען אַ פּראַכט־צוג פון רואן האָט גע־האַלטען אין פאַרביי־געהן, איז מיזאַר אַריינגעקומען. די הענט זיינען איהם געווען איינגעריכט אין ערד, ווייל ער האָט זיך גע־פּאָרעט צווישען די האָלץ אין שטאַל; מיזאַר האָט קוים גע־אָטהעמט, איז געווען ווי צוטומעלט פון זיינע אומזיסטע זוכעניש און זעהר צוקאָכט פון מאַכטלאָזען כעס; און ער האָט זיך ווידער גענומען זוכען אונטער'ן מעבעל, אונטער'ן אויווען, איבעראַל. דער ענדלאָזער פּראַכט־צוג האָט זיך נאָך אַלץ געצויגען מיט די געוועהנליכע קלאַפּעריי פון זיינע שווערע רעדער, וואָס האָבען מיט יעדען זעץ געטרייסעלט די טויטע אין איהר בעט. און מיזאַר, אויסציהענדיג די הענט צו דערלאַנגען אַ קליין בילד פון

דער וואנט, האָט ווידער געזעהען די אָפענע טויטע אויגען, וועל־כע האָבען איהם נאָכגעקוקט; און די ליפען האָבען זיך נאָך אַלץ געטרייסעלט אין זייער שמייכעל.

מיזאר איז געוואָרען בלאס און אַ דערציטערטער און האָט ארויסגעמורמעלט אין כעס און שרעק:

— זוף! זוף, — נו, טאַקי, טאַקי!... און כ׳וועל דאָס גע־פינען, צום טייוועל! אפילו איך זאָל דארפען איבערקעהרען יע־דען ציגעל אין הויז, יעדען הייפעלע ערד אין פעלד.

דער פינסטערער צוג אָהן פענסטער איז ענדליך אריבער־געפאָהרען, מיט די דריקענדע לאנגזאמקייט אין דער נאַכט; און די טויטע, ניט מעהר געטרייסעלט, האָט ווידער געקוקט אויף איהר מאַן, מיט אַזאַ שפּאָט און מיט אַזאַ זיכערהייט פון זיעג, אַז ער איז ווידער אנטלאָפען פון שטוב, ניט צומאַכענדיג די טיהר.

פלאָרע, געשטערט אין איהרע געדאַנקען, האָט זיך אויפ־געהויבען. זי האָט צוגעמאַכט די טיהר, אַז ער זאָל ווידער ניט קומען ריהרען די טויטע. און זי האָט, אונגעריכט פיר זיך אַליין, אויסגערעדט אין דער הויך:

— מיט צעהן מינוט פריהער, — גאַנץ גוט.

און ווירקליך, צעהן מינוט דארפען זיין גענוג, אויב צעהן מינוט איידער דער עקספּרעס קומט אָן, וועט ניט זיין קיין דעפּעשע פיר קיין אנדער צוג, נעמט זי זיך צו דער ארבייט.

און פון דער מינוט אָן, ווען זי האָט זיך ענדליך בעשלאָסען, אַז איהר פלאַן איז זיכער, איז זי געוואָרען רוהיג, אָהן אַנגסט.

ארום פינף אַ זייגער האָט גענומען טאָגען. ס׳איז געוועזען שעהן, קלאָהר, פריש. ניט קוקענדיג אויף דעם פריהמאָרגענדיגען פרעסטעל, האָט פלאָרע געעפענט דאָס פענסטער אין גאַנצען, און אין דעם טרויער־צימער, פול מיט רויך און דעם גערוך פון טויט, איז אַריין אַ מחיה פון דרויסען. די זון איז נאָך געהאַנגען אונ־טער דעם האָריזאָנט, הינטער אַ בערגעל מיט אַ קראַנץ פון בוי־מער; אָבער שטעהט זי אויף, די זון, — אַ רויטע פול מיט שיין, וואָס צוגיסט זיך איבער די בערגלאַך און פארפלייצט די וועגען

און די טהאָלען אין דער פרעהליבער לעבעדיגקייט פון דער ערד, ווי אין יעדען נייעם פריהלינג.

פלאָרא האָט קיין טעות נעכטען ניט געהאט: ס'וועט זיין א שעהנער מאָרגען, — א מאָרגען פון יוגענד און שטראהלענדע געזונדהייט, ווען עס ווילט זיך לעבען. אין דעם פארוואָרפענעם ווינקעל, צווישען די בערגלאַך און שמאָלע טהאָלכלאַך, ס'א פער־געניגען דאָס איז צו וואנדלען איבער די סטעזשקעס אויף די בערג וואוהין דאָס הארץ גלוסט!

אז פלאָרא איז אָבגעטראָטען פון פענסטער צוריק אין שטוב אריין, האָט זי מיט פערוואונדערונג בעמערקט, אז דאָס ליכט איז ווי פינסטער געוואָרען און ס'איז דערפון געבליבען בלויז איין קליינער בלאסער פלעק אין דעם גרויסען טאָג. איצט האָט די טויטע, דאכט זיך, שוין ארויסגעקוקט אויף דעם וועג, וואו די צוגען הערען ניט אויף צו געהן און בעמערקען זאָגאר ניט דאָס בלאסע ליכטעל נעבען דעם מת.

אז ס'איז געוואָרען גוט טאָג, איז פלאָרע אוועק צו איהר פּאָס־טען; זי איז ערשט ארויס פון שטוב פיר דעם שנעל־צוג פון פאריז, פונקט זעקס אוהר צוועלף. מיזאר האָט אויך זעקס א זייגער איבערגענומען די הענט פון זיין קאָמעראד פון נאכט וואך. אויף דעם צורוף פון זיין טרומייטעל איז זי עס ארויס צום שלאַג־בוים זיך שטעלען מיט'ן פלאג אין דער האנד. גענען א סעקונדע האָט זי נאָכגעקוקט דעם צוג.

— צוויי שעה נאָך, — האָט זי א טראכט געטהון אין דער הויף.

די מאַמע דארף שוין איצט קיינעם ניט. און פון דער מי־נוט אָן פיהלט פלאָרע אָן אונגעהייערען עקעל אריינצוגעהן צוריק אין שטוב אריין. גענוג! זי האָט זיך מיט דער מאַמע אָבגעזע־גענט, און איצט קאָן זי טראכטען פון די לעבעדיגע, — פון זיך און אנדערע. נאָך איהר געוואָהנהייט, ווערט זי, געוועהנליך, פארשוואונדען צווישען איין צוג און דעם נעקסטען. אָבער היינט איז זי עפּיס בעזונדערס פאראינטערעסירט, און עס לאָזט זי ניט

אָבטרעטען פון איהר פּאָסטען נעבען דעם שלאַגבוים, אויף דער נידעריגער באַנק, — אַ פּשוט ברעט, נעבען דעם וועג.

די זון האָט זיך אויפגעהויבען איבער דעם האָריזאָנט, און אַ גאָלדענע וואַרימקייט האָט דורכגענומען די ריינע לופט. פלאָרע ריהרט זיך ניט; זי באָדט זיך אין די זיעסע זון, אויף דעם גרויסען פעלד, איינגעטונקט אין דעם אַפּריל זאַפט. איין מינוט בלויז האָט זי זיך פּעראינטערעסירט מיט מיזאַר'ן און זיין הילצערן שטיבעלע, אויף דער אַנדער זייט וועג; ער איז, קענטיג, געוועזן צוטראָגען, שוין ניט דער שלעפּעריגער ווי געוועהנליך. ער געהט אַרויס און אַריין אין זיין סיגנאַל־שטיבעלע, דרעהט נערוועז די אַפּאַראַטען און לאָזט קיין אויג ניט אַראָפּ פון דער שטוב, גלייך ווי ער האַלט נאָך אַלץ אין זוכען דאָרטען אין געדאַנקען, אָבער באַלד האָט פלאָרע פאַרגעסען זאָגאַר, אַז ער איז דאָ אויף דער וועלט. זי איז געוועזן פאַרטיעפט, פאַרטראַכט און אין איין וואַרטעניש, — איהר פּנים שטרענג און שטייף, די אויגען אָנגעשטעלט אויף דעם וועג, צו באַראַנטען צו. פון דאָרט מוז זיך איהר, אין דער פרעהליכער זונען־שיין, בעווייזען אַ געשטאַלט; אַהין האָט עס געצויגען איהר ווילדען בליק.

די צייט שטעהט ניט און פלאָרע ריהרט זיך ניט פון אָרט. ענדליך, זיעבען אוהר פינף־און פופציג, דערלאַנגט מיזאַר צווייمאַל דעם סיגנאַל פון זיין טרומייטעל פיר דעם האוור צוג אויפ'ן וועג קיין פּאַריז; פלאָרע האָט זיך אויפגעהויבען, אַראָפּגעלאָזט דעם שלאַג־בוים, און זיך אוועקגעשטעלט מיט'ן פלאַג אין דער האַנד.

די ערד האָט אַ ציטער געטהון, און דער צוג איז שוין פאַרביי, און פון דער וויטענס הערט זיך שוין ווי ער זינקט אַריין אין טונעל, פון וואַנען קיין רויש קומט שוין ניט. פלאָרע האָט זיך צוריק ניט אַנידער געזעצט; זי האָט ווידער גענומען איבעררעכענען די מינוטען. אויב אין פערלויף פון צעהן מינוט איז ניטאָ קיין סיגנאַל פיר אַ פראַכט־צוג, לויפט זי אוועק גלייך אַהין, צו דעם אָבגעקליבענעם אָרט, און רייסט אַרויס אַ רעלסע. זי איז געוועזן גאַנץ רוהיג; ס'האָט איהר בלויז צונויפגעדריקט די

ברוסט, ווי פון די געוואלדיגע שווערקייט דערפון, וואס זי וויל דא אויפטהון. און אין דער לעצטער מינוט האט איהר דער געדאנק, אז זשאק און סעווערינע קומען און וועלען נאך ווייטער אזוי פאהרען צו לעבען און ליעבען, אויב זי זאל זיי ניט אבשטעלען, — אט דער געדאנק האט איהר פארשטיינערט דאס הארץ און זי איז געווארען שטרענג פארבלענדט אין איהר בעשלוס, אפילו ניט איבערקלעהרענדיג; — שוין פארפאלען, — ווי די „זי" ביי די וועלף הרג׳עט אוועק איהר געגנערין מיט א זעטץ פון איהרע בעגעל. און אין דעם עגאאיזם פון איהר ראכע האט זי, א חוץ זייערע צוויי צוקוועטשטע קערפערס אפילו א טראכט ניט געטהון פון די אנדערע פאסאזישרען, פון דעם גאנצען שטראם אונבעקאנטע מענשען, וואס פאהרט דא פארביי שוין יאהרען לאנג. זאל זיין בלוט און גע׳הרג׳עטע, — זאל די זון אליין זיך אפשר בעהאלטען פון שרעק, — די ליכטיגע זון, וואס ווארמט זי איצט מיט איהר צערטליכקייט.

נאך צוויי מינוט, — איין מינוט נאך בלויז, — און זי וועט געהן אהין — און אט געהט זי שוין טאקי. פלוצלונג בלייבט זי שטעהן; עס הערט זיך א שווערער גערויש אויף דעם וועג פון בעקור, — מסתמא א וואגען; מען פאדערט זי זאל דורכלאזען, זי מוז עפענען דעם וועג, וועט מוזען רעדען א פאר ווערטער, ווארטען; זי וועט מוזען פארשפעטיגען; אונמעגליך; זי וועט גארניט קאנען טהון. אבער צו־ווילדעט פון האפנונגס־לאזע רציחה, האט זי זיך ווידער א לאז געטהון איהר וועגס אהין, פערלאזענדיג איהר פאסטען מיט דעם וואגען, מיט דעם פוהרמאן, — זאל ער זיך דארט אויסדרעהען ווי ער קען.

אבער אין דער פרישער לופט האט זי דערהערט א קנאק מיט א בייטש, און א שטימע האט פרעהליך א רוף געטהון:

— עה, פלארע!

דאס איז געוועזן קאביש. זי איז געבליבען שטעהן, ווי צוגענאגעלט ביים שלאג־בוים, נאך איידער זי האט געמאכט א טריט.

— וואס איז מיט דיר? — האט ער ווייטער געזאגט, —

דו שלאָפסט נאָך אין אזא שעהנעם פריהמאָרגען ? עפּעס מיר שנעלער, איידער דער עקספּרעס־צוג קומט אָן!

און פלאָרען האָט עפּיס א ריס געטהון אין הארצען. ס'איז איהר ניט געלונגען, און יענע צוויי וועלען זיך געזונטערהייט אוועק צו זייער גליק, און זי האָט ניט מיט וואָס זיי צו צער־שמעטערען און זי האָט לאנגזאם גענומען עפּענען דעם אלטען, האלב־צופוילטען שלאַג־בוים, וועלכער האָט געסקריפּעט מיט זיינע פארזשאווערטע זאוויעסעס. און אין קאָפּ האָט זי אַלץ געטראכט פון עפּיס א שטערונג, עפּיס א זאַך, וואָס זי זאָל קאָנען ארויפ־ווארפען אויפ'ן וועג... און אין איהר רציחה וואָלט זי זיך אליין, דאכט זיך, אויסגעצויגען אויף דעם וועג, ווען זי זאָל נור וויסען, אז מיט איהרע ביינער קען זי צווינגען דעם לאָקאָמאָטיוו אראָפּ צו שפּרינגען פון די רעלסעס. און דאָ דערזעהט זי דעם שווערען וואָגען, אזא מין גראָבער און א נידעריגער, מיט צוויי־ריעזען־שטיינער, וואָס פינף פערד האָבען קוים־קוים געשלעפּט, הויכע און גרויסע, פון אונגעהייערער משא, גענוג צו פארשטעלען דעם וועג, זיינען די צוויי ריעזיגע שטיינער געווען, און זיי האָבען אין איהר הארצען מיט אמאָל אויפגעוועקט א ווילדען וואונש, א בע־געהר זיי צו נעהמען און אוועק לעגען אין מיטען וועג. זי האָט אויפגעהויבען דעם שלאַג־בוים. די פינף פערד, פארשוויצטע און סאָפּעדיגע, האָבען געווארט.

— וואָס איז דיר היינט ? — האָט קאביש געפרעגט, — עפּיס זעהסטו מיר אויס אזוי מאָדנע.

און פלאָרע האָט געענטפערט :

— די מאמע איז געשטאָרבען, נעכטען אויף דער נאכט.

ער האָט א פריינדליכען טרויעריגען זיפץ געטהון. ער האָט ארויסגעלאָזט די בייטש פון דער האנט, און האָט פלאָרע'ן גע־דריקט פאר די הענט.

— אַך, מיין אָרימע פלאָרע! מ'האָט דאָס שוין געקאָנט ערווארטען פון לאנג. אָבער דערפון ווערט ניט לייכטער!.... אזוי, ליגט זי אין שטוב דאָרטען, — איך וועל געהן א קוק טהון;

מיר וואָלטען זיך מיט איהר געווים איבערגעבעטען סוף כל סוף, ווען ניט דער אונגליק.

און שטיל האָט ער מיט פלאָרע'ן זיך געלאָזט געהן צו דער שטוב. אויף דער שוועל, האָט ער זיך אָבער אומגעקוקט צו זיינע פערד. מיט איין זאַץ האָט זי איהם בערוהיגט:

— נישט קשה, זיי וועלען זיך שטעהן! און א חוץ דעם איז דאָך דער צוג נאָך אזוי ווייט.

זי האָט איהם גענאַרט. מיט איהר געניטען אויער האָט זי אין דער ציטערענדער ווארעמקייט פון די פעלדער שוין געהערט ווי דער צוג געהט ארוים פון באַראַנטען. אין פינף מינוט ארום וועט ער אָנקומען; ער וועט זיך בעווייזען פון דעם אויסשניט אין וועג, א הונדערט מעטער פון דעם שלאַג־בוים. און קאַביש, שטעהענדיג אין שטוב לעבען דעם טויטער, האָט זיך פארגעסען און, א צורודערטער, האָט ער זיך פארטראַכט פון לואיזעט'ען. און פלאָרע שטעהט זיך דערווייל אין דרויסען און הערט זיך צו צו דעם אטהמען פון דעם לאָקאָמאָטיוו אין דער ווייטען, און ווי ער קומט אַלץ נעהנטער. פלוצים דערמאָנט זי זיך אָן מיזאר'ן; ער וועט זי זעהען. ער וועט איהר שטערען. און ס'האָט איהר דערפרעחט דאָס הארץ, ווען, אומקעהרענדיג זיך, האָט זי איהם ניט געזעהען אויף זיין פאָסטען. זי האָט איהם דערזעהען אויף יענער זייט שטוב, גראָבענדיג די ערד ביים ברונען, ניט זייענדיג בכח אויסצוהאלטען דעם נסיון צו זוכען; איהם האָט זיך, מסתמא, אָבגעדוכט, אז דער שאַץ ליעגט געווים דאָ. און געטריבען פון זיין ליידענשאַפט, בלינד און טויב צו אַלעם אויף דער וועלט, האָט ער געגראָבען און געגראָבען. און דאָס האָט פלאָרע'ן צוגעגעבען נאָך מעהר מוטה: די אומשטענדען אליין, אלזאָ, ווילען עס. איין פערד האָט אָנגעהויבען הירזשען. און דער לאָקאָמאָטיוו, אײדער מ'האָט איהם נאָך געקענט דערזעהען, האָט געאָטהעמט זעהר הויך, ווי א מענש, פארסאָפּעט פון לויפען.

— איך געה זיי איינהאַלטען, די פערד, — האָט פלאָרע געזאָגט צו קאַביש'ן, — זיי רוהיג.

און זי איז צו, האָט אָנגעכאַפּט דאָס ערשטע פערד ביי דעם

צוים, און האָט עס אַ ציה געטהון צום באהן מיט אַ קראַפט פון צעהן. די פערד האָבען זיך פארעקשנ'ט; און געגען אַ מינוט האָט דער וואָגען זיך בלויז אַ וואקעל געטהון מיט זיין שווערער משא, אָבער ניט פון אָרט; אָבער פלאָרע האָט זיך ווי אליין איינגעשפאנט צו העלפען די פערד, און דער וואָגען האָט זיך אַ ריהר געטהון און איז ארויף אויף דעם אייזערנעם וועג. אין דעם מאָמענט בעווייזט זיך דער לאָקאָמאָטיוו, בלויז הונדערט מעטר פון דאנען. אוים מורא, אַז דער וואָגען זאָל דערווייל ניט אַריבער פאָהרען דעם וועג, לאָזט זי ניט אָפּ דעם צוים; און מיט אַן איבערמענשליכע אָנשטרענגונג, פון וועלכע עס קנאקען ביי איהר די ביינער, האלט זי איין די פערד. און ניט אומזיסט האָט מען זיך אַרומגעטראָגען מיט געשיכטעס וועגען איהר אויסער־געוועהנליכען כח, — אַז זי האָט אָבגעשטעלט אַן אָבגעקעטעלטען וואַגאָן, וואָס איז געפלויגען בארג אַראָפּ, אַז זי האָט פון דעם וועג אַראָפּגעשטופּט אַ וואָגען און איהם אָבגעראטעוועט פון דעם אָנקומענדען צוג. היינט האָט זי נאָך אַמאָל בעוויזען די זעלביגע גבורה; מיט איהר אייזערנער האנד האָט זי איינע אליין איינגעהאלטען פינף פערד, וועלכע האָבען געשפּרונגען אין געהירזשט אין זייער אינסטינקטיווען שרעק.

בלויז צעהן סעקונדען פון אונבעשרייבליכען פחד... די צוויי ריעזיגע שטיינער האָבען, דאכט זיך, פארשטעלט דעם האָריזאָנט. און דער לאָקאָמאָטיוו, מיט זיין בליאסק פון מעש און שיינענדע שטאָהל, איז זיך געגאנגען זיין וועג, פעסט און שנעל, קומענדיג אַלץ נעהענטער אונטער דעם גאָלדענעם רעגען פון זונען שטראַהלען אין דעם שעהנעם פריהמאָרגען, און עס מוז געשעהן — דאָס אונפערמיידליכע; קיין קראַפט אין דער וועלט קאָן שוין איצט ניט פארהאלטען דעם קראך. אָט באלד, באלד.

מיט אַ שפּרונג איז מיזאר אויסגעוואקסען צוריק ביי זיין פּאָסטען; ער האָט געשריען, געמאכט מיט די הענט, מיט די פויסטען אין זיין ווילדען בעגעהר אָבצושטעלען, איינצוהאלטען דעם צוג. און קאביש, דערהערענדיג דאָס הירזשען פון די פערד און דעם גערויש פון די רעדער, האָט זיך אַ לאָז געטהון מיט אַ

געשריי צו די פערד, זיי אונטערצוטרייבען. אבער פלארע האט מיט א שפרונג אן א זייט איהם אבגעהאלטען, — דאס האט איהם געראטעוועט דאס לעבען. ער האט גאר געמיינט, אז זי האט קיין כח ניט געהאט צו בעהערשען די פערד, און אז זיי האבען זי אהער פארשלעפט. און ער האט בעשולדיגט זיך אליין; ער האט ארויסגעפלאצט מיט א געוויין פון שרעק און יסורים. אבער פלארע, מיט אפענע ברענענדע אויגען איז געשטאנען, ווי א סטאטוע, אויסגעצויגען, און האט געווארט. אין דעם מאמענט, ווען דער לאקאמאטיוו האט שוין געזאלט מיט דער ברוסט זיך א האק טהון אן די ריעזען־שטיינער, ווען ס'איז געווען שוין ניט מעהר ווי איין מעטר איבערצולויפען, — אט אין דער אונבע־מערקזאמער רגע, האט זי גאנץ קלאהר געזעהען זשאק'ן, זיין האנד ביים רעדעל צו ענדערען די גאנג, מיט'ן פנים צו איהר. זייערע בליקען האבען זיך בעגעגענט אויף א מאמענט, וועלכער האט איהם אויסגעזעהען אזוי אונגעהייער לאנג.

אין דער פריה, פאר דעם, האט זשאק א שמייכעל געטהון צו סעווערינע'ן, ווען זי איז ארויסגעקומען אויף דער פאסאזשיר־פלאטפארמע, אין האוור, צו נעמען דעם שנעל־צוג, ווי געוועהנליך, יעדע וואך. צו וואס זאלען זיי זיך דערוויל פארביטערען דאס לעבען מיט פינסטערע חלומות? פאר וואס זיך בעסער ניט בענוצען מיט די גליקליכע טעג, כל זמן מ'קאן נאך? פיעלייכט, וועט זיך עס נאך ווי עס איז איינארדענען. און ער האט בע־שלאסען צו געניסען אם וויינינגסטען די פרייד פון דיעזער רייזע. ער האט געמאכט פלענער און געטרוימט, ווי ער וועט מיט איהר עסען פריהשטיק אין א רעסטאראן. און ווען זי האט איהם א ווארף געטהון א טרויעריגען בליק, ווייל עס איז ניט געווען קיין וואגאן פון'ם ערשטען קלאס נעבען דעם לאקאמאטיוו, און זי האט דארום זיך געמוזט זעצען ווייט פון איהם, ביים אנדערען עק, האט ער זי געוואלט אויפמונטערען און האט צו איהר א פרעהליכען שמייכעל געטהון. אלץ איינס וועלען זיי דאך אנ־קומעןביידע גלייך, און דארט וועלען זיי זיך שוין בעלוינען פאר דעם זיין צוטיילט.

נאָך דעם ווי ער האָט זיך ארויסגעבויגען צו זעהען, ווי סעווערינע זעצט זיך אריין אין דעם וואגאָן ביים סאמע עק פון צוג, איז ער געוואָרען אזוי גוט אויפגעלעגט, אז ער האָט גענומען אביסעל שפּאס מאכען איבער דעם אויבער־קאָנדוקטאָר, האנרי דאָווערן, וועלכער, ער האָט געוואוסט, איז געווען איינגעליעבט אין איהר. מיט א וואָך צוריק האָט זיך זשאַק׳ן אויסגעוויזען, אז דער אויבער־קאָנדוקטאָר איז אַלץ מעהר צוגעשטאַנען, און זי האָט איהם זאָגאר ניט אָבגעטריבען נור אויס דעם וואונש זיך אביסעל צו צושטרייען, און צו פערגעסען אין דער שרעקליכער לאַגע, וועלכע זי האָט זיך אליין פערשאפט. רובאָ פלעגט טאקי זאָגען, אז די געשיכטע וועט זיך נאָך אמאָל ענדיגען דערמיט, וואָס זי וועט לעבען מיט דיעזען יונגען מאַן אויך, אָבער ניט אויס פערגעניגען, נור גלאט אזוי, אבי אָנצופאנגען עפּיס נייעס. אויך זשאַק האָט געפרעגט ביי האנרי׳ן צו וועמען האָט ער עס געשיקט לופט־קושען, נעכטען, ווען ער האָט זיך בעהאלטען אונטער איינעם פון די ביימער אין וואָקזאַל־הויף.

פּעקע, וועלכער האָט געהאלטען אין אָנשיטען קוילען אין דעם אויוועז פון „ליזאָ׳ן“, וועלכע האָט שוין געסאָפּעט און איז שוין געווען פארטיג אין וועג אריין, האָט ביי דיעזע ווערטער ארויסגעפּלאצט מיט א הויכען געלעכטער.

פון האוור ביז באראנטען איז זיך דער עקספּרעס געלאָפען מיט דער געוועהנליכער שנעלקייט, אָהן א שום צופאל. האנרי האָט דער ערשטער דערזעהען פון דער הויך פון זיין וואַך־שטיבעלע אז ביים ברעג פון דעם באַהן גרוב שטעהט א שווערער וואָגען אויפ׳ן וועג. דער פאָדערשטער וואגאָן איז געווען אָנגעפּילט מיט באַגאַזש, ווייל אין דיעזען צוג זיינען געווען פיעלע פּאסאַזשירען, וואָס זיינען נעכטען ערשט אָנגעקומען מיט דער שיף. אין דעם דורכגאנג צווישען דיעזען בארג קאסטענס און רייזע־פּעקלאך, וועלכע האָבען פון׳ם טרעסלען אלץ געהאלטען אין איין אונטערשפּרינגען, איז געשטאַנען דער אָבער־קאָנדוקטאָר ביי זיין קאָנטאָרעל און האָט געסאָרטירט פּאפּיערען, און א קליין פלע־שעלע טינט, וואָס איז געהאנגען אויף א צוועקעל, האָט זיך

אויך געהוידעט מיט אן אונאויפהערליכער בעוועגונג. נאך יעדער סטאנציע, וואו ער האט אראבגעלאזען באגאזש, האט ער געהאט א פיער, פינף מינוט צו פערשרייבען. צוויי פאסאזשירען זיינען ארונטערגעגאנגען אין באראנטען; האנרי האט געבראכט אין ארדנונג זיינע פאפירען, און ארויפקומענדיג צו זיך אין דעם וואך־שטיבעלע, האט ער, לויט זיין געוואהנהייט, א בליק געטהון מיט'ן אויג פארווערטס און ריקווערטס אויפ'ן וועג. אין דיעזען שטיבעלע פלעגט ער אבזיצען אלע זיינע פרייע שטונדען, אויפ־פאסענדיג. דער קוילען־קאסטען האט פערשטעלט דעם מאשי־ניסט, אבער א דאנק, וואס ער איז געזעסען אזוי הויך, האט ער זעהר אפט געקענט זעהן פיעל ווייטער פון איהם. דארום, בשעת דער צוג האט ערשט געהאלטען אין ארויסקומען פון דעם באהן־גרוב האט ער שוין, העט ווייט, דערזעהען דעם פערשטעלטען וועג. ער האט זיך אזוי שטארק פערוואונדערט, אז ער האט זיינע אויגען ניט געגלויבט און איז ווי פאראליזירט און פערטומעלט געווארען. איניגע סעקונדען זיינען אויף אזא'ן אופן פערלארען געגאנגען, דער צוג איז שוין ארויס פון'ם גרוב און האט ארויסגעלאזט א הויכען פייף. און ערשט דאן האט ער זיך בעשלאסען א ציה צו טהון דעם סיגנאל־שטריק, דער עק פון וועלכען איז געהאנגען נעבען איהם.

אין דיעזען ענטשיעדענעם מאמענט. האט זיך זשאק גראדע פערטראכט, האלטענדיג די האנד אויפ'ן רעגולירענדען רעדעל, און האט געקוקט, אבער גאר ניט געזעהען. ער האט געטראכט פון עפים אונדייטליכעס, ערוויטערטעס. אפילו סעווערינע'ס בילד האט דארט קיין פלאץ ניט געהאט. דער ווילדער קלונג פון'ם גלאק, דער געשריי פון פעקע'ן אונטער איהם, האבען איהם אויפ־געוועקט.

פעקע איז גראדע ניט געוועזען צופרידען, ווי דאס פייער האט געצויגען, האט ער אויפגעהויבען דעם שטאנג פון דעם בלאזער, און אנבויגענדיג זיך, אום צו פערזיכערען זיך אין דער שנעל־קייט, האט ער אלעס דערזעהען. און זשאק. א בלאסער, ווי דער טויט, האט אויך אלעס דערזעהען. אלעס פערשטאנען: דער

וואָגען אויפ'ן וועג, דער פליהענדער צוג. דער שרעקליכער קנאַק, — דאָס אלעס האָט זיך איהם פאַרגעשטעלט מיט אזא שרעקלי־כער קלאָהרקייט, אז ער האָט אפילו געקענט בעמערקען די זאמ־דעלאַך פון די שטיינער אין דער צייט, וואָס אין זיינע ביינער האָט ער שוין דערפיהלט דעם קראַך פון דעם צוזאמענשטויס. אויסמיידען האָט מען עס ניט געקענט. מיט קראפט האָט ער א דריי געטהון צוריק דעם רעדעל, האָט פערמאכט דעם רעגולאטאָר און האָט א דריק געטהון די צוים־קעטען. ער האָט אומגעקירע־וועט דעם גאנג פון דעם לאָקאָמאָטיוו, האָט אונבעוואוסטערהייט אָנגעדריקט דאָס קנעפעל פון'ם פייפער, מיט דעם מאכטלאָזען, שרעקליכען וואונש צו פערמיידען, אוועקצוראמען פון דאָרטען דיעזע ריעזען באַריקאדע.

אָבער ניט קוקענדיג אויף דיעזע שרעקליכע אונגליקס־פיי־פעריי, וועלכע האָט געשניטען די לופט, האָט „ליזאַ" ניט אָנגע־הויבען צו פאָלגען, אָבוואָהל זי איז געלאָפען עטוואָס לאנגזאמער. זי איז שוין ניט די געהאָרכזאמע וואָס אמאָל, איידער זי האָט אין שנעע פארלאָרען איהר דאמפף־קראפט, איהר לייכטע ריהרעוו־דיגקייט און איז געוואָרען פאר'עקשנ'ט און אָנגעכמורעט, ווי אַן עלטערע פרוי, ביי וועמען א פערקעלטונג האָט קראנק געמאכט די ברוסט. זי האָט פון זיך געבלאָזען, האָט זיך איינגעהאלטען איבער די צוים־קעטען און איז דאָך געלאָפען און געלאָפען מיט דער עקשנות פון איהר אומגעלומפערטער שווערקייט.

פעקע, וואהנזיניג פון שרעק, איז אראָפגעשפרונגען. זשאַק, א פערגליווערטער אויף זיין פאָסט, מיט דער פארקלעמטער רעכ־טער האנד אויפ'ן רעדעל, און מיט דער צווייטער ביים פייפער, האָט געווארט, אליין ניט וויסענדיג אויף וואָס. און „ליזאַ", סאָפענדיג און פייפענדיג, און מיט איהר אונאויפהערענדע קנאַ־קעריי, איז צוגעלאָפען און האָט זיך א האַק געטהון אָן דעם וואָגען, מיט איהר שרעקליכער משא פון די דרייצעהן וואָגאָנעס, וואָס זי האָט מיט זיך געשלעפט.

מיזאר און קאביש, ווי צוגענאגעלטע צו דער ערד און מיט אויפגעהויבענע הענט, און פלאָרע מיט וויט־געעפענטע אויגען,

האָבען א צוואנציג מעטר פון זיך, ביים ברעג פון וועג, דערזעהן א שרעקליכע סצענע: דער צוג האָט זיך אויפגעהויבען אין דער לופטען, זיבען וואגאָנעס זיינען ארויף איינער אויפ'ן אנדערען און דאן האָבען זיי זיך מיט א שרעקליכען קראַך איבערגעקעהרט און זיינען פערוואנדעלט געוואָרען אין פּאַרמלאָזען חורבן פון צו־בראָכענע שטיקער. די ערשטע דריי וואגאָנעס זיינען צובראָכען געוואָרען אויף שפּענדלאַך; פון די אנדערע פיער איז באלד גע־וואָרען א בארג, א הויפען צובראָכענע רעדער, צופּיצעלטע רעדער, טהירען, קעטען, ברעטער און ברעקלאַך גלאָז. און איבערהויפּט האָט זיך געהערט דער שרעקליכער קלאַפּ פון דעם לאָקאָמאָטיוו אן די שטיינער, א שרעקליכער פערטויבענדער הילך, וועלכער איז באלד איבערגעגאנגען אין א שמערצענס־געשריי. די צוריי־סענע „ליזא" איז אנידער געפאלען לינקס, איבער'ן וואָגען, און די שטיינער זיינען ארויפגעפלויגען אין דער לופטען, גלייך ווי זיי וואָלטען געוועזען אויפגעריסען פון א מינע, און פון די פינף פערד, האָט עס פיער פון זיי געקייקעלט און געשלעפּט ביז זיי זיינען געבליבען ליגען דער'הרג'עטע אויף טויט. די לעצטע זעקס וואגאָנעס, ביים ענדע צוג, זיינען געבליבען שטעהן גאנצע, אפילו ניט אראָפּ פון די רעלסען.

און עס האָבען זיך אויפגעהויבען געשרייען. געבעטען, די ווערטער פון וועלכע זיינען פערלאָרען געגאנגען אין דער מיטען פון אן אונמענשליכען יאָמער.

— ראטעוועט! העלפט!.... אך, גאָט! איך געה אוים! העלפט, ראטעוועט!

מעהר האָט מען ניט געהערט און ניט געזעהן. „ליזא" איז געלעגען אויף א זייט מיט אויפגעריסענע געדערים. דורך די אָפּגעדרעהטע קראַנלאַך פון די צובראָכענע רעהרען איז געגאנגען די פּארע, דער סאפּענדיגער פייף פון וועלכער איז געוועזען ענליך צו דעם שרעקליכען כראַפּען פון א ריעז. דער ווייסער אָטהעם איז פון איהר געגאנגען, אָהן אן אויפהער, און האָט זיך אויף דער ערד אויסגעשפּרייט ווי געדיכטע וואָלקענס. און פון'ם אויוועז זיי־נען געפאלען ברענענדיגע קוילען, רויט ווי דאָס בלוט פון איהרע

געדערים, און האָבען צו דעם אַלעמען נאָך צוגעגעבען זייער שוואַרצען רויך. דער קוימען האָט זיך מיט דער קראַמפּט פון׳ם קלאַפּ אריינגעהאַקט אין דער ערד, צוברעכענדיג דעם גאַנצען גע־שטעל פון דער מאַשינערי. און „ליזא“, מיט די רעדער אין דער לופטען, האָט אויסגעזעהען, ווי עפּיס אַ פאַנטאַסטישער פערד, דורכגעשטאָכען פון שרעקליכע הערנער. איהרע שטאַנגען זיינען צובויגען, די צילינדערס צובראָכען; די עקסצענטריקעס פון די באַלאַנס־שהייפען זיינען פערניכטעט. די נשמה איז איהר אַרויס דורך איהר אָפענער וואונד, מיט דעם געררויש פון ווילדער פער־צווייפלונג. דאָס איינציגע פערד, וואָס איז געבליבען לעבען, האָט זיך געוואַלגערט גראַדע נעבען איהר אין שרעקליכע שמערצען. די פאָדערשטע פיס זיינען געוועזען אָבגעהאַקט און די געדערים זיינען אַרויסגעדריקט געוואָרען פון׳ם אויפגעשניטענעם בויך. נאָך דעם אויפגעהויבענעם קאָפּ נאָך, וועלכער איז געוועזען ווי פאַרגליווערט, אין דעם אָנפאַל פון שרעקליכע שמערצען, האָט מען געקענט זעהען, אָבער ניט הערען, אז די חיה כראַפּעט און הירזשעט שרעק־ליך; אָבער דיעזע געשרייען זיינען ניט צוגעקומען צו די אויערען איבער דעם פערטויבענדען גערויש פון דער שטאַרבענדער מאַשין.

די געשרייען פון די מענשען זיינען געוועזען פערשטיקט, אונהערבאַר און פערלאָרען.

— ראַטעוועט מיך! הרג׳עט מיך!... איך לייד צו פיעל, בעסער הרג׳עט מיך! איך בעט אייך, הרג׳עט מיך!

אין דיעזען פערטויבענדען גערויש און פערבלענדענדען רויך, האָבען די טיהרען פון די גאַנץ געבליבענע וואַגאָנעס שנעל זיך אויפגעעפענט, און אַ מחנה פּאַסאַזשירען האָבען זיך אַ לאָז געטהון פון דאָרטען. זיי זיינען געפאַלען אויפ׳ן וועג, האָבען זיך אויפ־געהויבען, האָבען זיך געראַנגעלט מיט הענט און מיט פיס. און דערפיהלענדיג אונטער זיך די ערד, און דערזעהענדיג פאַר זיך די פרייע פעלדער, האָבען זיי גענומען לויפען, אריבערשפרינגענדיג איבער די פּלויטען פון בוימלאָך, זיינען געלאָפען איבער די פעל־דער. פאָלגענדיג דעם איינציגען אינסטינקט צו זיין ווייט, ווייט

פון דעם געפאַהר. פרויען און מענער זיינען מיט געשרייען גע־לאָפען אין וואַלד אריין.

סעווערינע, אַ צוטראַטענע, אַ צושויבערטע און מיט די קליי־דער צוריסען אויף שטיקלאַך, האָט זיך ענדליך בעפרייט; זי איז ניט אוועקגעלאָפען, זי האָט זיך אַ וואָרף געטהון צו דער קרעכצענדער מאשין, און דאָ האָט זי זיך בעגעגענט מיט פּעקע'ן.

— זשאַק... זשאַק! ער האָט זיך געראַטעוועט, ניט וואָהר?

דער הייצער, וועלכער האָט זיך עפּיס ווי מיט נסים אפילו קיין אבער ניט צושעדיגט, איז אויך געקומען צולויפען. עס האָט איהם פערקוועטשט ביים הארצען אוים געוויסענביסע, ביים גע־דאנק, אַז זיין מאשיניסט ליגט אפשר דאָרטען אונטען. זיי האָ־בען דאַך ביידע צוזאַמען אַזוי פיעל געדייזט, אַזוי פיעל געליטען, אויסשטעהענדיג די מיעדקייט און די קאַלטע ווינטען! און זייער מאשין, זייער מאַשין נעבאַך, די גוטע, די געליעבטע חבר'טע פון זייער לעבען אין דרייען. אַט ליעגט זי אויפ'ן רוקען, אויסדוכענ־דיג איהר לעצטען אָטהעם דורך איהרע פערוואונדעטע לונגען!

איך בין אראָפּגעשפּרונגען, — האָט ער אַ שעפּטשע געטהון.

— איך ווייס גאָר ניט, טאַקי גאָר ניט... לאָמיר לויפען, לאָמיר שנעל לויפען!

ביים שלאַג־בוים האָבען זיי זיך אָנגעשלאָגען אָן פלאָרע'ן, וועלכע האָט געקוקט ווי זיי לויפען. זי האָט זיך נאָך ניט אַ ריהר געטהון. איהר טהאַט, די שעכטעריי פון די מענשען, האָט זי אריינגעבראַכט ווי אין אַ מין הינערפלעט. עס איז געקומען אַז ענדע, — גאַנץ גוט; זי האָט געשפּירט אַ געפיהל פון פער־לייכטערונג, ניט מעהר, אָבער גאָר קיין מיטלייד צו די איבעריגע, וועלכע זי האָט אפילו ניט געזעהען. אָבער ווען זי האָט דער־קענט סעווערינע'ן, האָבען זיך איהרע אויגען ווייט צושפּרייט, אַ שאָטען פון שרעקענס ליידען האָט פערדונקעלט איהר געזיכט. וואָס! זי, דיעזע פרוי לעבט! און ער איז געוויס טויט! מיט דיעזען שאַרפען וועהטאָג פון איהר ערמאָרדעטער ליעבע, מיט דיעזען קלאַפּ פון מעסער, וועלכען זי האָט אַליין זיך געגעבען אין האַרצען אריין, האָט זיך אין איהר שנעל אויפגעוועקט דאָס בע־

וואוסטזיין פון איהר עקעלהאפטען פערברעכען. זי האָט דאָס געטהון, זי האָט איהם דער'הרג'עט, זי האָט דער'הרג'עט די אלע מענשען !... א שרעקליכער קוויטש האָט זיך ארויסגעריסען פון איהר האלז, זי האָט גענומען ברעכען די הענד און איז ארומגעלאָפען ווי א משוגה'נע.

— זשאק, אָ ! זשאק !... ער איז דאָרט, עס האָט איהם א שליידער געטהון אונטען, איך האָב איהם געזעהען... זשאק, זשאק !..

„ליזא“ האָט איצט שוין שטילער געקרעכצט, איהר יאָמערגעוויין איז געוואָרען שוואכער, און מען האָט איצט שוין אָנגעהויבען צו הערען אלץ מעהר, די הערצרייסענדע געשרייען פון די פערוואונדעטע. נור דער רויך איז נאָך אלץ געווען געדיכט, און דער אונגעהייערער בארג פון דעם חורבן, פון אונטער וועלכען עס זיינען ארויסגעקומען די קולות פון מאטערניש און שרעק, איז געווען ווי איינגעוויקעלט אין שווארצען שטויב, וועלכער איז געשטאנען אונבעוועגליך אין דער שיין פון דער זון. וואָס טהוט מען ? פון וועמען הויבט מען אָן ? ווי קומט מען צו צו די אונגליקליכע ?

— זשאק ! — האָט פלאָרע אלץ געשריען. — איך זאָג אייך, אז ער האָט אויף מיר א קוק געטהון, און אז ער האָט א פאל געטהון אהין, אונטער דעם קויל קאסטען... קומט ! העלפט מיר!..

קאביש און מיזאר האָבען שוין אויפגעהויבען דעם אויבערקאָנדוקטאָר האנרי, וועלכער איז אין דער לעצטער סעקונדע אויך אראָבגעשפרונגען. ער האָט זיך אויסגעלינקט א פוס. זיי האָבען איהם אניעדערגעזעצט אויף דער ערד, לעבען א פלויט פון בוימלאך, און ער האָט שוויגענדיג, ווי צומישט געקוקט אויף'ן גערודער, און האָט קענטיג ניט געפיהלט קיינע וועהטאָגען.

— קאביש, קום העלף מיר, איך זאָג דאָך דיר, אז זשאק איז דאָרט !

דער שטיין־ברעכער האָט זי ניט געהערט, ער איז צוגעלאָפען צו די אנדערע פערוואונדעטע, ער האָט איבערגעטראָגען

יונגע פרוי. די פיס זיינען איהר געווען צובראָכען אונטער די קניע און האָבען נאָכגעהאנגען.

סעווערינע איז צוגעלאָפען צו פלאָרע'ן.

— זשאק, זשאק !... וואו איז ער ? איך וועל אייך העלפען...

— יא, יא, העלפט איהר מיר !

זייערע הענד האָבען זיך אָנגעריהרט,ביידע צוזאמען האָבען זיי געשלעפט א צובראָכענעם ראָד. אָבער סעווערינע'ס צערטליכע פינגער האָבען ניט פיעל געקאָנט אויפטהון, און פלאָרע'ס שטארקע פויסטען האָבען אוועקגעשארט אלע שטערונגען.

— פאָרזיכטיג ! — האָט א געשריי געטהון פעקע, וועלכער האָט זיך אויך גענומען העלפען.

מיט א שנעלער בעוועגונג האָט ער אָבגעשטעלט סעווערינע'ן, וועלכע האָט שיער ניט ארויפגעטרעטען אויף א האנד, וועלכע איז אָבגעשניטען געווען ביים אקסעל, און איז געווען אָנגעטהון אין אן ארבעל פון בלויען געוואנט. זי איז מיט שרעק אָבגעשפרונגען. אָבער דערקענט האָט זי די האנד ניט : דאָס איז געווען אן אונבעקאנטע האנד, וועלכע האָט זיך אָפגעריסען פון א קערפער, וועלכען מען וועט שפעטער, געוויס געפונען ערגיץ וואו. און זי איז אזוי פערציטערט געוואָרען, אז זי איז ווי פאראליזירט געוואָרען ; זי איז געשטאנען און געוויינט און איז אפילו ניט געווען אימשטאנדע אויפצוהויבען די שטיקער גלאָז, וואָס האָבען געשניטען די הענד.

צו העלפען די שטערבענדע, דאָס נאָכזוכען פון די טויטע, איז געווען פול מיט שרעק און געפאהר, ווייל דאָס פייער פון דעם לאָקאָמאָטיוו האָט אָנגעצונדען די שטיקער האָלץ, און מען האָט געמוזט שיטען לאָפעטעס ערד אום אויסצולעשען די שרפה.

מען איז אוועק קיין בעראנטען בעטען הילפע ; מען האָט געשיקט א דעפעשע קיין רואן ; און מען האָט זיך גענומען זעהר טהעטיג צום אוועקרייניגען. אלע הענד האָבען זיך מוטהיג גענומען צו דער ארבייט. פיעלע פון די אנטלאָפענע האָבען זיך צוריקגעקעהרט, שעהמענדיג זיך פאר זייער פייגהייט. אָבער

מען האט געדארפט אנגעהען מיט דער גרעסטער פארזיכטיגקייט. דאס אויפהויבען פון יעדען געגענשטאנד האט געפאדערט אויפמערקזאמקייט, ווייל מען האט מורא געהאט אין גאנצען צוצוקוועטשען די אונגליקליכע, ווען זיי וואלטען נאך מעהר פערשאטען ווערען. פון אונטער'ן חורבן האבען, קרעכצענדיג, זיך גענומען ארויסרייסען פערוואונדעטע, פערשאטענע ביז דער ברוסט, צודריקטע, גלייך ווי זיי וואלטען נאר וואס ארויס פון א שרויבשטיק. געגען א פיערטעל שטונדע האט מען געארבייט, אום ארויסצורייסען איינעם א בלאסען ווי לייווענט, וועלכער האט זיך גאר ניט בעקלאגט, זאגענדיג, אז עס האט מיט איהם גאר ניט פאסירט, און אז ער ליידעט ניט; אבער ווען מען האט איהם ארויסגעצויגען האבען איהם געפעהלטביידע פיס. ער איז באלד אויסגעגאנגען, ניט וויסענדיג און אפילו ניט פיהלענדיג אין זיין גרויסען שרעק, וואס מיט איהם האט פאסירט. פון א ברענענדען וואגאן פון צווייטען קלאס, האט מען ארויסגעשלעפט א גאנצע פאמיליע:ביים פאטער און ביי דער מוטער זיינען געוועזען פערוואונדעט די קניע, דער באבע'ס האנד איז געוועזען צובראכען; אבער זיי האבען גאר קיינער ניט געפיהלט זייערע שמערצען, זיי האבען געיאמערט און גערופען זייער קליין מיידעלע, וואס איז פערשוואונדען געווארען אין דעם חורבן, — זייער בלאנדינקעלע, קוים דריי יאהר אלט, וועלכע מען האט אבער שפעטער געפונען אונטער א שטיק דאך, א געזונטע און אן אונבעשעדיגטע, מיט א שמייכעל אויף איהר פרעהליכע צורה'קעלע. א צווייטע מיידעלע איז געלעגען בעגאסען מיט בלוט: ביי איהר נעבאך זיינען די הענטלאך געוועזען צופיצעלט. מען האט זי אוועקגעטראגען אין א זייט, ביז מען וועט געפינען איהרע עלטערן. זי איז געלעגען אן איינזאמע און אן אונבעקאנטע, במעט ניט דובענדיג. זי האט ניט ארויסגעלאזען קיין איינציג ווארט, נור איהר געזיכט האט זיך קאנוואולסיוו בעדעקט מיט אונאויסדריקליכען שרעק, אז מען איז איהר צוגעקומען. מען האט ניט געקענט עפענען די טיהרען, ווייל פון דעם צוזאמענשטויס האבען זיך די שלעסער שטארק צובויגען, און מען האט

דארום געמוזט אריינגעהען אין די וואגאנעם דורך די צובראכענע פענסטער.

פיער קערפער האט מען שוין אוועקגעלעגט זייט ביי זייט, ביים ברעג פון וועג. א צעהנדליג פערוואונדעטע זיינען אויסגעשטרעקט לעבען די טויטע; זיי ליעגען אהן שום הילף, ווארטענדיג אויף א דאקטאר, וואס זאל זיי איבערבינדען. דאס אוועקראמען האט זיך קוים אנגעפאנגען; פון אונטער יעדען שטיק וואגאן האט מען ארויסגעצויגען א נייעם אפפער, און דער בראך איז גאר ניט קלענער געווארען. דאס בלוט האט זיך געגאסען, און מענשליכע אברים האבען זיך געווארפען אין דיעזער שרעקליכער מענשליכער יאטקע.

— איך זאג דאך איך, אז זשאק איז דארט אונטען! — האט פלארע אלץ געשריען. דיעזער זינלאזער געשריי האט זי ווי געטרייסט אין דער פערצווייפלונג פון איהרע שמערצען.

— אט רופט ער: הערט, הערט!

דער קוילען־קאסטען איז געווען אריינגעהאקט אונטער די וואגאנעם, וועלכע זיינען פריהער ארויף איינער אויף'ן אנדערען, און דערנאך ערשט אלע צוזאמען אויף'ן קאסטען. און ווירקליך, זייט די מאשין האט גענומען קרעכצען אביסעל שטילער, האט מען דערהערט א הויכע שטימע פון א מאן, קרעכצענדיג אונטער דעם בארג פון דעם חורבן. וואס נעהענטער מען האט זיך דערגראבען צו איהם, אלץ שטארקער האט מען געהערט דאס קרעכצען, זיינע וועהטאגען זיינען געוועזן אזוי אונגעהייער, אז די פאסאזשירען האבען איהם ניט געקענט ארויסטראגען, ווייל זיי האבען אליין געוויינט און געשריען, און ווען זיי האבען איהם ענדליך ארויסגעשלעפט און האבען בעפרייט זיינע פיס, האט ער אויפגעהערט צו קרעכצען. דער מאן איז געווען טויט.

— ניין, — האט פלארע געזאגט, דאס איז ניט ער. ער איז טיעפער, דארט אונטער.

און מיט איהרע מעכטיגע הענד האט זי אויפגעהויבען די רעדער און זיי ווייט אוועקגעשליידערט, זי האט אוועקגעבויגען דעם ציין פון די דעכער, האט צובראכען די טיהרען און צורי־

סען שטיקער קעטען. און ווען זי האט דערזעהען א טויטען אדער א פערוואונדעטען, האט זי גערופען צו אנדערע, מען זאל איהם בעפרייען, אליין ניט וועלענדיג פערליערען קיין סעקונדע פון איהר ווילדען זוכען.

אונטער איהר האבען געארבייט קאביש, פעקע און מיזאר; סעווערינע, פאלענדיג פון די פיס, און ניט קאנענדיג עפיס טהון, האט זיך צוגעזעצט אויף א צובראכענער באנק פון א וואגאן. מיזאר, וועלכער איז שוין צוריקגעווארען בערוהיגט, האט שטיל און גלייכגילטיג אויסגעמיעדען שטארקע אנשטרענגונגען, און האט אם מייסטען געהאלפען ביי'ם איבערטראגען די טויטע. און ער, גראדע ווי פלארע, האבען בעטראכט די טויטע קערפער, גלייך ווי זיי וואלטען געהאפט זיי צו דערקענען, אונטער די טויזענדער און טויזענדער געזיכטער, וועלכע זיינען אין די צעהן יאהר פאר זיי דורכגעפלויגען, ווי א בליץ, איבערלאזענדיג זיי בלויז א צו־מישטען איינדרוק פון א מענגע מענשען, וואס דער ווינט האט געבראכט און דער שטורם האט פארנומען. ניין, דאס איז דער זעלבער, אונבעקאנטער, דורכפליעסענדער שטראם; און דיע־זער אונדעליקאטער, צופעליגער טויט איז גראדע אויך אזוי נאָ־מענלאז, ווי דאס איילענדיגע לעבען, וואס פליהט דורך און איילט זיך ענטגעגען צו קומען דער צוקונפט.

מיזאר און פלארע האבען ניט געוואוסט זייערע נעמען, און וואלטען ניט געקענט געבען קיינע אויסקינפטע איבער דיעזע פעראונגליקטע, דיעזע געפאלענע אויף'ן וועג, דיעזע צוטרעטענע, צוקוועטשטע, גראדע ווי די סאלדאטען, וועלכע פילען אן מיט זייערע קערפערס די גריבער, איידער די ארמיי לאזט זיך אויף א נייער אטאקע. דאך האט פלארע דערקענט איינעם, מיט וועלכען זי האט גערעדט, ווען דער צוג איז אריין אין שנעע אריין: דאס איז געווען דער אמעריקאנער, וועמען זי האט גוט דער־קענט נאך זיין פראפיל, אבער זי האט ניט געוואוסט זיין נאמען, אדער ווער ער איז, און ווער זיינע קרובים זיינען. מיזאר האט איהם צוגעטראגען צו די איבריגע טויטע, וועלכע זיינען געקומען,

וער ווייסט פון וואנעו, און זיינען דא פערבליבען אום צו געהען, גאט ווייסט וואוהין.

דאן איז געקומען נאך א הערצרייסענדע סצענע. אין אן איבערגעקעהרטען וואגאן פון ערשטען קלאס האט מען געפונען א יונג פארעל, — נאר וואס פערהייראטע, אהנע צווייפעל; זיי זיינען געווען צונויפגעווארפען אזוי, אז די פרוי האט מיט איהר קערפער איהם צוגעדריקט דעם האלז און זי האט זיך ניט גע־קענט א ריהר טהון אום איהם צו בעפרייען. ער האט שוין גע־כריפעט, א דערשטיקטער, און זי, ווי וואהנזיניג האט געבעטען מען זאל זיך איילען; איהר הארץ האט שיער ניט געפלאצט, פיהלענדיג, אז זי אליין הרג'ט איהם. אז מען האט זיי פאנאנ־דערגענומען, איז זי באלד אויסגעגאנגען, ווייל איהר זייט איז איהר געווען דורכגעלעכערט. ווען דער מאן איז געקומען צו זיך, האט ער געשריען פון יסורים, איז געפאלען אויף די קניען פאר זיין טויטע פרוי, ווען זיינע אויגען זייגען נאך געווען פול מיט טרערען.

איצט האט זיך שוין אנגעקליבען צוועלף טויטע און מעהר פון דרייסיג פערוואונדעטע. ענדליך האט מען ארויסגעשלעפט דעם קוילען־קאסטען, און פלארע האט זיך יעדע ווילע אבגע־שטעלט, האט צוגעבויגען דעם קאפ צום בארג צובראכענע האלץ, צובויגענע אייזען, זוכענדיג אנגסטליך מיט די אויגען, צי וועט זי ניט דערזעהען דעם מאשיניסט. פלוצלונג האט זי הויך א געשריי געטהון.

— איך זעה איהם, ער ליעגט דארטען... אט זעהט! דאס איז זיין האנד, און זיין בלויער, וואלענער זשילעט... ער ריהרט זיך ניט, ער הויבט ניט...

און זי האט זיך אויסגעגלייכט און האט גענומען שילטען, ווי א פויער.

— אך, צום טייוועל! שנעלער אביסעל, שלעפט איהם ארויס פון דארטען!

מיט איהרע ביידע הענד האט זי גענומען רייסען א ברעט פון א וואגאן, אויף וועלכע עס איז געווען אנגעווארפען א בארג

מיט צובראָכענע שטיקער. זי איז אוועקגעלאָפען און איז צוריק־געקומען מיט א האַק, מיט וועלכער מען האָט ביי מיזאר'ן גע־האַקט האָלץ, און אויפהויבענדיג זי אין דער לופטען ווי א האָלץ־העקער אין וואַלד, האָט זי אַ האַק געטהון די ברעט מיט שרעק־ליכער קראַפט. אַלע האָבען זיך אָבגערוקט און מען האָט זי גע־לאָזט טהון וואָס זי האָט געוואָלט, נור מען האָט געשריען, אז זי זאָל זיין פאָרזיכטיג. אָבער דאָרט איז ניט געווען מעהר קיין פערוואונדעטע א חוץ דעם מאשאניסט, און ער אליין איז געלעגען אונבעשעדיגט, אונטער א בארג פון רעדער און אקסען. זי האָט גאָר ניט געהערט, זי איז געווען פערטיעפט אין דעם איינציגען אונוויעדערשטעהליכען וואונש צו דערגראָבען זיך צו איהם. זי האָט געהאַקט די האָלץ, און יעדער האַק האָט אוועקגעראַמט עפּיס א שטערונג. מיט איהרע צולאָזענע בלאָנדע האָאָר, מיט איהר־צוריסענעם לייבעל, פון וועלכע עס האָבען זיך ארויסגעזעהען איהרע נאַקעטע ארעמס, האָט זי אויסגעקוקט ווי א שרעקליכע זאַנגען־שניידערין, וועלכע שלאָגט זיך דורך א וועג צווישען דעם חורבן, וואָס זי האָט אליין פעראורזאַכט. דער לעצטער קלאַפּ, וואָס זי האָט געגעבען אויף אַן אַקס האָט צושפּאָלטען אויף צוויי־ען דאָס אייזען פון דער האַק. אנדערע האָבען געהאָלפען אוועק־צורוקען די רעדער, וועלכע האָבען בעשיצט דעם יונגען מאַן פון א זיכערן טויט ; זי האָט איהם די ערשטע א כאַפּ געטהון און האָט איהם אין איהרע ארעמס אוועקגעטראָגען.

— זשאַק, זשאַק !... ער אטהמט, ער לעבט ! אַך, גאָט מיינער, ער לעבט !... כ'האָב איהם געזעהען פאַלען ; כ'האָב געוואוסט, אז ער איז דאָרטען !

די פאַרטומעלטע סעווערינע איז איהר נאָכגעגאַנגען. זיי ביידע האָבען איהם אַניעדערגעלעגט ביי'ם גרינעם פּלויט, לעבען האַנרי'ן, וועלכער איז נאָך אַלץ געווען צוטומעלט און האָט גע־קוקט, ניט וויסענדיג וואָס עס טהוט זיך ארום איהם. פעקע איז צוגעקומען און איז געבליעבען שטעהען פאַר זיין מאשיניסט, שטאַרק צוטראָגען, וואָס יענער איז אין אַזא קלעגליכען צושטאַנד; און די צוויי פרויען, ביידע אויף די קניע, איינע אויף דער רעכ־

טער זייט און די אנדערע אויף דער ליגקער, האָבען אונטערגע־האַלטען דעם אונגליקליכען'ס קאָפּ, נאָכפאָלגענדיג אַנגסטליך נאָך דער קלענסטער בעוועגונג פון זיין געזיכט.

ענדליך האָט זשאק געעפענט די אויגען. זיין צומישטער בליק איז געפאלען פון איינער צו דער צווייטער; אָבער ער האָט זיי ניט אָנגעהויבען צו דערקענען. זיי האָבען איהם ניט אינטערעסירט. אָבער זיינע בליקען האָבען דערזעהען דעם לאָ־קאָמאָטיוו, עטליכע מעטר ווייטער,—דער לאָקאָמאָטיוו, וואָס האָט געהאַלטען אין שטאַרבען; און ער האָט זיך דערשראָקען; זיי־נע אויגען האָבען זיך אָבגעשטעלט און געקוקט מיט שטייגענדער אונרוהע. ס'איז זי, „ליזא“!... ער האָט זי גלייך דערקענט, און ער האָט זיך באַלד אָן אַלעם דערמאנט: די צוויי גרויסע שטיי־נער אין רעכטען מיטען וועג, דער שרעקליכער אָנשטויס, דער ברוך, וואָס ער האָט דערפיהלט אין דער זעלבער צייט, אי אין זיך, אין אין איהר; און ער, אָט האָט ער זיך אויפגעכאפּט, אָבער זי וועט זיכער שטאַרבען! ס'איז ניט געווען איהר שולד, וואָס זי איז געוואָרען אזוי אונגעהאָרכזאַם; זייט זי האָט געקראָגען איהר חולאת אין שנעע, האָט זי שוין ניט געקענט זיין אזוי ריה־ריוודיג, שוין ניט רעדענדיג דערפון, אז די עלטער מאכט די גליע־דער שווער און פערהאַרטעוועט אין זייער צוזאמענבינדונג. און מיט'ן גאנצען הארצען האָט ער איהר פערצייהט, און איז אָנגע־פיהלט געוואָרען מיט גרויסען קומער, אז ער האָט דערזעהען, אז זי איז טויטליך פערוואונדעט און האַלט ביים גוסס'ען.

דער אָרימער „ליזא'ן“ נעבאך, איז נור געבליעבען איינינע מינוטען צו לעבען; זי האָט אָנגעהויבען ווערען קאַלט; פון די ברענענדע קוילען איז געוואָרען אש; דאָס סאָפּען, וואָס איז פריהער ארויסגעקומען מיט אזא געוואַלד איז געוואָרען שוואַך, ווי דאָס קלאָגען פון א וויינענדען קינד. אימער אזא פונקעלנדע, איז זי איצט געווען איינגעשמירט אין ערד און אין שמוץ, אי־בערגעקעהרט אויף'ן רוקען, אין א קויל־שווארצען טיף; זי האָט געהאט די טראַגישע ענדע פון א געליעבטע חיה, וואָס אַן אונ־גליק האָט גע'הרג'ט אין מיטען גאס. נאָגען א מינוט נאָך האָט

מען געקענט זעהען דורך איהרע צוריסענע גערערים, ווי איהרע אברים ארבייטען: די טרייב־שטאנגען קלאפען ווי צוויי צווילינג־הערצער; די פארע לויפט אין דעם דאמפף־קאסטען, ווי דאס בלוט אין די אדערן; און ווי צוויי מאכטלאזע ארמס, האבען די צוויי טרייב־אקסעל קאנוואולסיוו זיך געווארפען אין דעם לעצטען אויפפלאקערען פון לעבען; און צוזאמען מיט דער קראפט וואס גיט איהר דאס לעבען, איז אויך אויסגעגאנגען איהר נשמה — דער מעכטיגער אטהעם, מיט וועלכען זי איז אימער געווען אנגעפילט. די צוריסענע ריעזין האט זיך גענומען בערוהיגען, איז צוביסלאך איינגעשלאפען מיט א מילדען, זיסען שלאף, און איז ענדליך אין גאנצען שטיל געבליבען. „ליזא“ איז געשטארבען.

דער בארג אייזען, שטאל און קופער, וואס ס'איז איבערגעבליבען נאך איהר, נאך דיעזער פערניכטעטער גיגאנטין, מיט דעם צובראכענעם קערפער, מיט די אבגעשניטענע גליעדער, מיט די געטויטעטע אברים, האבען אין מיטען העלען טאג פארגעשטעלט א טרויעריגעס בילד פון א אונגעהייערען מענשליכען קערפער, — ניין, פון א גאנצער מענגע מענשען, וועלכע האבען אקארשט געלעבט, און דאס לעבען איז פון זיי ארויסגעריסען געווארען מיט גרויסע שמערצען.

ווען זשאק האט ענדליך בעגריפען, אז קיין „ליזא“ איז שוין ניטא, האט ער צוריק צוגעמאכט די אויגען מיט'ן איינציגען וואונש אויך צו שטארבען. ער איז געווען אזוי שוואך, אז איהם האט זיך געדאכט, אז ער וועט אויסגעהן מיט'ן לעצטען לייכטען אטהעם פון דער מאשין; און פון זיינע פערמאכטע אויגען האבען זיך לאנגזאם ארויסגעקייקעלט גרויסע טרערען, און האבען פערגאסען זיינע באקען.

דאס איז שוין געווען צו פיעל פאר פעקע'ן, וועלכער איז געשטאנען דאביי, ווי א צוגעשמידטער, און מיט א פערקוועטשט הארץ. זייער טהייערער פריינד איז געשטארבען, און אט שטארבט זיין מאשיניסט אויך... איז שוין זייער לעבען אין דרייען געקומען צו אן ענדע? און ענדע צו די רייזעס, וואו, זיצענדיג אויף

„ליזא׳ס“ רוקען, האָבען זיי געמאכט הונדערטער מיילען, ניט רעדענדיג קיין וואָרט, און אלע דריי זיינען זיי געווען אזוי ענג פערקניפט, אז זיי האָבען זיך אפילו קיין צייכען זיך ניט געדארפט געבען אום זיך צו פערשטעהען! אה! אָרימע „ליזא“! אזוי מילד אין איהר מאכט, אזא שעהנהייט אין דעם גלאנץ פון דער זון! און פעקע, אָבוואָהל ער איז ניט געווען שכור, האָט ארויסגעפלאצט מיט אזא שטארקען געוויין, אז ס׳האָט אזש געטרעסעלט מיט זיין ריעזיגען קערפער, און ער האָט זיך גאָר ניט געקענט בערוהיגען.

סעווערינע און פלאָרע זיינען אויך געוואָרען אויסער זיך וואָס זשאק איז ווידער געבליבען חלשות. פלאָרע איז אוועק אחיים, האָט געבראכט צוטראָגען בראָנפען מיט קאמפער, און גענומען איינרייבען זשאק׳ן, אבי עפּיס צו טהון, אָבער די אנגסט פון די צוויי יונגע פרויען האָט זיך נאָך פערגרעסערט פון די אונענדליכע ליידען פון דעם איינעם פערד, — דער איינער פון אלע פיער, וועלכער האָט נאָך געלעבט; ביידע פאָדערשטע פיס זיינען איהם געווען איבערגעהאקט. און דער פערד האָט זיך נעבאָך, דאָ לעבען זיי געראנגעלט און געפלאגט, און געהירזשעט, ארויסלאָזענדיג אזעלכע כמעט מענשליכע געשרייען, הויכע און קרעכצענדע, אז צוויי פון די פערוואונדעטע, גלייך ווי זיי וואָלטען זיך אָנגענומען, האָבען אויך אָנגעהויבען כמעט צו הירזשען ווי די בהמה. און קיין מאָל האָט דאָס קרעכצען פון דעם גוסס׳ען אזוי ניט געשניטען דאָס געהער מיט אזא טיעפען צער, אן אונפערגעסליכען, פון וועלכען דאָס בלוט ווערט פארקיהלט אין די אָדערען. און ס׳איז געווען אזא שרעקליכער רחמנות, אז מענשען האָבען גענומען פאָדערען מיט כעס אָדער אוים מיטלייד, אז מען זאָל שוין מאכען א סוף צו דעם אונגליקליכען פערד, וואָס ליידט אזוי. דער לאָקאָמאָטיוו איז שטיל געוואָרען, זיינען איצט נאָך געבליבען די ענדלאָזע קרעכצען פון דעם פערד, אלס די לעצטע געשרייען פון דעם באהן־אונגליק, און פעקע, וועלכער האָט נאָך אלץ ניט אויפגעהערט צו קלאָגען, האָט אויפגעהויבען א צובראָכענע האָק און האָט מיט איין זעץ אין קאָפּ איינגעשטילט דאָס

געררד, און אויף דעם שרעקליכען שלאכט־ארט איז געווארען שטיל.

ענדליך, נאך צוויי שעה ווארטען, איז אנגעקומען הילפע. אין דעם זעץ פון דעם צוזאמענשטויס זיינען אלע וואגאנעס אפגעשפרונגען לינקס, אזוי, אז מ'האט דעם וועג געקאנט אפרייניגען אין איניגע שטונדען. און א הילפס־צוג פון דריי וואגאנעס מיט א מאשין איז געקומען פון רואן מיט דעם הויפט פערוואלטער פון דער פרעפעקטור, מיט'ן קעניגליכען פראקוראר, און אינזשיניער און דאקטוירים פון דער קאמפאניע, און א גאנצער עולם דערשראקענע און מענשען אין איילעניש; אין דער זעלבער צייט איז שוין דער סטאנציאן־מייסטער פון באראנטען, מ'סיע בעססיער דא געשטאנען מיט זיינע מענשען און האט זיך גענומען צו דעם חורבן.

אן אויסערגעוועהנליכע נערוועזע טהעטיגקייט איז איצט אנגעגאנגען אין דעם פערווארפענעם שטיקעל ווינקעל, וואס איז געוועהנליך אזוי וויסט און שטיל. די געזונטע און גערעטעטע פאסאזשירען האבען נאך זייער געוואלדיגען שרעק דערפיהלט א פיעבערשע בעדירפנים עפעס צו טהון: אייניגע האבען זיך געזוכט פוהרען, מורא האבענדיג צוריק איינצושטייגען אין די וואגאנעס; אנדערע ווידער, זעהענדיג אז מ'געפינט אפילו קיין וועגעלע אויך ניט, האבען זיך גענומען זארגען, וואו זיי וועלען עפעס איבערכאפען אדער איבערנעכטיגען. אלע האבען געדארפט צום טעלעגראף, און אייניגע זייגען גלייך אוועק צו־פוס קיין באראנטען קלאפען דעפעשען. מ'האט זיך זאפארט גענומען צו אונטערזוכען דעם אונגליק; די דאקטוירים האבען דערווייל זיך האסטיג גענומען צו די פערוואונדעטע. פיעלע זיינען געלעגען אין חלשות אין טייכען בלוט. אנדערע האבען אונטער די דאקטארשע אינסטרומענטען ארויסגעלאזט שוואכע קרעכצען, קוים צו הערען.

אין סך־הכל זיינען געווען פינפצעהן טויטע און צוויי־און־דרייסיג שווער פארוואונדעטע. איידער מ'וועט זיי דערקענען, האט מען זיי דערווייל אויסגעלעגט מיט'ן פנים ארויף, לעבען

א פלויט. בלויז איין בעאַמטער, פון קלענערען ראַנג, אַ יונגער בלאָנדין און אַ ראַזאַוואַר, האָט זיך מיט גרויס כונה מתעסק געווען און געזוכט ביי זיי אין די קעשענעס, טאָמער געפינט זיך אַ פּאַפּירעל, אַ קאַרטעל, אַ בריעף, וואָס מען זאָל דערפון קאָנען אויסגעפינען דעם נאָמען און אַדרעס פון דער פּערזאָן. אַרום איהם האָט זיך דערווייל אָנגעזאַמעלט אַן עולם צושויער. אַבוואָהל אַ ליעגע אַרום האָט קיין לעבעדיגער מענש דאָ ניט געוואָהנט, האָבען זיך דאָך גאָט ווייסט פון וואַנען גענומען אַ דרייסיג פּאַרשוין, נייגעריגע מענער, פרויען און קינדער, וואָס האָבען אַליין גאָר ניט געטהון און נור אַלעמען געשטערט.

און דער שוואַרצער שטויב און די וואָלקענס רויך און פּאַרע, וואָס האָבען אַלעס איינגעוויקעלט, זיינען זיך ביסלעכווייז צונאַנגען און דער שטראַהלענדער אַפּריל מאָרגען האָט זיך פונאַנדערגעוויקעלט איבער דעם שלאַכט־אָרט, בעגיעסענדיג מיט זיין זיסער שיין די טויטע און די שטאַרבענדע, די צו־וואונדעטע „ליזאַ“, דעם אָנגעוואָרפענעם באַרג חורבה, ביי וועלכע ס׳האָט זיך גערודערט אַ גאַנצער עולם אַרבייטער, ווי די אונגליקליכע מוראַשקעס, וואָס איילען זיך צו פאַרריכטען זייער נעסט, וועלכע אַן אונפאַרזיכטיגער פאַרבייגעהער האָט צוטראָטען מיט זיין פוס.

זשאַק איז נאָך געלעגען אין חלשות, און סעווערינע איז מיט אַ געבעט צו צו איינעם פון די דאָקטוירים. דער דאָקטאָר האָט איהם אונטערזוכט, — קיין אבר איז ביי איהם, דאַכט זיך, ניט געוואָרען צובראָכען; אָבער עס האָבען ערגעץ געמוזט זיין אינערליכע וואונדען, ווייל זשאַק׳ן איז פונ׳ם מויל געגאַנגען אַ דינער שטראָם בלוט. נאָך ניט וואָגענדיג אויסצודריקען קיין בעשטימטע מיינונג, האָט דער דאָקטאָר דערווייל געהייסען איבערפיהרען זשאַק׳ן, — זעהר פאָרזיכטיג, אָבער ווי אָם שנעלסטען, — און איהם לעגען אין אַ בעט.

בשעת דער דאָקטאָר האָט איהם געטאַפּט מיט די הענט, האָט זשאַק ווידער אויפגעעפענט די אויגען, מיט אַ לייכטען קרעכץ פון וועהטאָג; אָבער איצט האָט ער שוין דערקענט סעווערינע׳ן און ער האָט אויסגעמורמעלט מיט שרעק:

— פיהר מיך אוועק פון דאַנען! פיהר מיך אוועק!

פלאָרע האָט זיך אָנגעבויגען. זשאַק האָט אויסגעדרעהט דעם קאָפּ און האָט זי אויך דערקענט. אין זיינע אויגען האָט זיך בעוויזען א מורא, ווי ביי א קינד: ער האָט זיך א ציה געטהאָן צו סעווערינע'ן, מיט אַן אויסדרוק פון שרעק און האַס.

— נעהם מיך צו פון דאַנען, גלייך, די מינוט!

און סעווערינע האָט איהם אויך געזאָגט „דו" גלייך ווי זיי וואָלטען דאָ געוועזען אַליין און וואָלטען פלאָרע'ן ניט גערעכענט.

— ווילסט קיין קרוא־דע־מאָפּרא, אַה? — האָט זי איהם געפרעגט. — אויב דו ביזט ניט געגען דעם, איז דאָך דאָס דאָ ענטקעגען, — מיר זיינען ווי ביי זיך אין דער היים.

זשאַק האָט איינגעווילינגט, נאָך אַלץ ציטערענדיג און קור־קענדיג אויף פלאָרע'ן.

— וואָהין דו ווילסט, אבי שוין! — האָט ער געענטפערט.

פלאָרע איז געוואָרען בלאַס און שטיל פון זיין בליק פון פיינדליכען שרעק. אין דעם אויסשעכטען פון אונבעקאַנטע און אונשולדיגע מענשען, האָט זיך איהר זאָגאר ניט איינגעגעבען זיי ביידען צו נעהמען דאָס לעבען, — גיט איהם און ניט איהר: — סעווערינע איז ארוים אפילו אָהן א קראַץ; און ער וועט א ודאי אויך געזונט ווערען; און איהר האָט זיך נור איינגעגעבען זיי נאָך נאָהענטער צוזאַמען צו ברענגען, זיי צוזאַמען צו פיה־רען, אויג אויף אויג, הינטער די פאַרמאַכטע טיהרען פון דעם אָבגעזונדערטען הויז. און זי האָט זיך שוין פאָרגעשטעלט, ווי דער געליעבטער קומט צו זיך און ווערט געזונט, און דערפאַר וואָס זי, זיין געליעבטע, היט איהם אַזוי אָפּ און פאַר איהרע שלאָפּ־לאָזע נעכט בעלוינט ער זי מיט ענדלאָזע לאַסקעס; און זיי זייַ־נען זיך ביידע אונגעשטערט פון דער אויסערער וועלט און ביידע ווילען וואָס מעהר פאַרלענגערען דעם זיסען ליעבע־מאָנאַט אין זייער פאָלקאָמענער פרייהייט נאָך דעם אונגליק. און א קעלט האָט איהר פאַרגליווערט דאָס האַרצען, און זי האָט בעטראַכט די טויטע, — זי האָט דאָך געמאָרדעט אומזיסט.

און אין דעם מאָמענט, אין דעם אויגענבליק, וואָס זי האָט

א קוק געטהון אויף די הריגה, האט זי בעמערקט מיזאר'ן און קאביש'ן, וועלכע עפּעס אונבעקאנטע הערערן האלטען אין אויס־פרעגען, — געוויס, די אונטערזוכונגס ריכטער. דער אמת איז, אז דער קעניגליכער פּראָקוראָר און דער פערוואלטער פון דער פּרעפּעקטור האבען אלץ געוואלט זיך דערקלערען, ווי קומט אזא שווערער וואגען מיט שטיינער אין מיטען וועג פון'ם באהן. מיזאר האט געהאלטען אין איין טענה'ן, אז ער האט זיין פּאָס־טען ניט פערלאָזט, אבער קיינע גענויע ערקלערונגען האט ער ניט געקאָנט געבען. ער האט מאקע גאָר ניט געוואוסט, און האט די לייטע פארזיכערט, אז ער איז געשטאנען מיט דער פּלייצע צום שלאגבוים, פארנומען מיט די סיגנאל־אפּאראטען. קאביש ווידער, וועלכער איז נאָך געווען צוטומעלט, האט דערצעהלט א לאנגע, פארדרעהטע געשיכטע, ווי ער האט אונפארזיכטיג איי־בערגעלאָזט די פערד אליין צו געהן א קוק טהון אויף דער פער־שטאָרבענער, און ווי די פערד זיינען פון זיך אליין ארויף אויף דער ליניע און ווי די יונגע מיידעל האט זיי ניט געקאָנט איינ־האלטען. ער האט זיך געמישט אין די רעד, האט אלע מאָל אָנ־געהויבען פון אָנהויב, און פארשטעהן האט מען איהם ניט גע־קאָנט.

און א ווילדע דורשט נאָך פרייהייט האט ווידער גענומען ווארעמען די פארגליווערטע בלוטען אין פלאָרע'ן. זי וויל זיין פריי, פריי זאָגאר פון זיך אליין, פריי זיך צו בעטראכטען און זיך עפּעס פאָרנעהמען; איהר איז נאָך קיין מאָל ניט אויסגעקור־מען צו דארפען ביי אימיצען בעטען מ'זאָל איהר געבען א ריכ־טיגע עצה. צו וואָס דארף זי דאָ ווארטען, אז מ'זאָל זיך איהר נאָך נעהמען דערעסען מיט פראגעס, און אפשר גאָר זי ארעס־טירען? און א חוץ די הריגה, איז זי דען דאָ ניט בעגאנגען א שטיקעל חטא אין איהר ארבייט, און זי איז דאָך פעראנטוואָרט־ליך. דערהווייל האט זי זיך אבער ניט געריהרט פון אָרט און איז ניט אוועק, כל זמן זשאק איז נאָך דאָ.

סעווערינע האט אזוי לאנג געבעטען פעקע'ן, ביז יענער איז אוועק און האט געבראכט א טראָג־בעטעל און א מאן, וואס

זאָל איהם העלפען איבערטראָגען דעם פערוואונדעטען. דער דאָקטאָר האָט אויך איינגעבעטען סעווערינע׳ן, זי זאָל צו זיך הייסען איבערטראָגען דעם הויפּט־קאָנדוקטאָר האנרי אויך; יענער האָט, דאכט זיך, ניט געליטען מעהר ווי פון אַ מין צו־מישעניש, — און ער איז נאָך געווען זעהר צוטומעלט. און מ׳האָט איהם איבערגעטראָגען באַלד נאָך זשאַק׳ן.

און בשעת סעווערינע האָט זיך אָנגעבויגען אויפצושפּילען זשאַק׳ן דעם קאָלנער, וואָס האָט איהם געשטערט, האָט זי איהם אַ קוש געטהאָן אין די אויגען, פאַר׳ן גאַנצען עולם, כדי איהם איינצוגעבען מוטה איידער מען נעמט איהם איבערטראָגען.

— האָב קיין פּורכט ניט, מיר וועלען נאָך זיין גליקליך.

מיט אַ שמייכעל האָט ער איהר אומגעקעהרט אַ קוש.

פיר פלאָרע׳ן איז דאָס געווען דער ענדליכער ריס אין האַר־צען: — זשאַק וועט שוין קיין מאָל ניט זיין איהרער. און איהר האָט זיך געדוכט, אַז ביי איהר אין הארצען רינט אויך דאָס בלוט פון אַן אינערליכער וואונד, וואָס קאָן זיך ניט פארהיילען. און אַז מ׳האָט זשאַק׳ן אוועקגעטראָגען, איז זי אוועקגעלאָפען. פאַרביי לויפענדיג זייער אָרימע שטוב, האָט זי אָבער אין פענ־סטער דערזעהען, דורך די שויבען, די טויטע אין צימער, און דעם בלאַסען פלעק שיין פון דעם ליכטעל, וואָס האָט נאָך אַלץ געברענט אין מיטען טאָג — לעבען איהר טויטע מאַמע. אין דער גאַנצער צייט, זייט דאָס אונגליק האָט פּאַסירט, איז די טויטע געבליבען איינע אַליין, דער קאָפּ עטוואָס ארויפגעבויגען, די אויגען אָפען, די ליפּען אויפגעהויבען, גלייך ווי זי האָט אויך צוגעזעהען דעם חורבן און דעם טויט פון דעם איהר אונבעקאַנטען עולם.

פלאָרע איז אוועק. גלייך ביים ווינקעל, וואו דער וועג נעמט זיך קיין דואַנוויל, האָט זי זיך אַ קירעווע געטהאָן, זיך גענומען לינקס, צו די קוסטיעס צו. דאָ איז איהר געווען בעקאַנט יעדער ווינקעלע, און זי מעג זיך גאַנץ גוט אויסלאַכען פון די זשאַנדאַ־רען, ווען זיי זאָל זיך פערוועלען איהר נאָכיאָגען אום זי צו אַרעסטירען. און דאָ איז זי שוין אַזוי ניט געלאָפען; זי האָט

גענומען געהן לאנגזאמער, און איז אוועק צו איהרען א פער־בארגענעם פלאץ, וואו זי האט ליעב געהאט צו פארווײלען איה־רע טרויעריגע טעג — דאס איז געווען א גרוב איבער'ן טונעל.

זי האט אויפגעהויבען דעם קאפ צום הימעל און ביי דער זון האט זי געוואוסט, אז ס'איז שוין מיטאג צייט. זי איז אריין אין גרוב, האט זיך אויסגעצויגען אויף דער הארטער ערד, מיט'ן פנים ארויף, מיט די הענט צוקאפענס, און האט זיך פארטראכט. און דא האט זי אין זיך ערשט דערפיהלט ווי שרעקליך פוסט ס'איז איהר אין הארצען, ווי דער טויט אליין פרירט איהר שוין לאנגזאם די גליעדער. אבער דאס איז ניט געווען קיין געוויי־סענסביסע, וואס זי האט אומזיסט אומגעבראכט אזוי פיעל מענשען; פארקעהרט, ס'איז איהר גאר שווערליך איינצוזעהען וואס דא איז דא אזוינס צו בעדויערען אדער צו פירכטען.

אין איינס איז זי אבער געווען זיכער: זשאק האט געזע־הען, ווי זי האלט איין די פערד, און זי האט אויך פערשטאנען אין זיין צוריקציהען זיך פון איהר, אז ער פיהלט צו איהר דעם האס און שרעק, וואס מען פיהלט צו א שד. ער וועט דאס קיין מאל ניט פערגעסען.

יא, איצט מוז זי זיין פארזיכטיגער; אז איהר האט זיך ניט איינגעגעבען זיי צו נעהמען דאס לעבען, מוז זי אויף זיך אליין שוין ניט מאכען קיין פעהלער. זי וועט מיט זיך באלד מאכען א סוף. קיין אנדער האפענונג האט זי ניט מעהר...

וואס מעהר זי איז געווען אין איהר גרוב און האט זיך בער־רוהיגט און בעקלעהרט, אלץ מעהר האט זי געדורשט נאך'ן טויט. און בלויז איהר מיעדקייט און וואס זי איז אזוי גענצליך געבליבען אהן כח האט איהר געשטערט זיך אויפצוהויבען גלייך אויף'ן ארט, געפינען עפעס א מיטעל צו שטארבען.

און דאך פון דער רעכטער טיפעניש פון די פערגליווערונג, וואס האט זי ארומגענומען, האט זיך נאך אלץ געלאזט הערען דער דורשט צו לעבען, די בעדירפניס צו זיין גליקליך. די לעצטע האפענונג, אז זי אליין קען נאך לעבען אין גליק, ווען זי זאל נור זיי, יענע צוויי, לאזען לעבען אין איינעם פריי און אין פריע־

דען. פארוואס טאקי ניט אויסווארטען ביז אויף דערנאכט, און דערנאך אוועקלויפען צו אזיל, וועלכער פארגעטערט זי און וועל־כער וועט שוין וויסען ווי זי צו בעשיצען?

איהרע געדאנקען זיינען געווארען רוהיגער, שטילער און אונדייטליכער, און זי איז איינגעשלאפען געווארען מיט א טיע־פען שלאף אהן חלומות.

— ווען פלארע האט זיך אויפגעכאפט איז שוין געווען טיעפע נאכט. פארוואונדערט, האט זי גענומען טאפען ארום זיך; דער־פיהלענדיג בלויז דעם נאקעטען הארטען שטיין, אויף וועלכען זי איז געלעגען, האט זי זיך מיט אמאל דערמאנט. ווי אין דער שיין פון א בליץ האט זי זאפארט דערזעהען זעהר קלאהר די גע־וואלדיגע בוויטיגקייט: — זי מוז שטארבען. ס'האט אויסגעזע־הען, ווי איהר פריהעריגער דורשט צו לעבען, איהר פריהערדיגער שרעקען־זיך האט זיך פון איהר מיט א מאל אבגעטהון צוזאמען מיט איהר מיעדקייט. ניין, ניין! נור דער טויט, — ניטא קיין בעסערס! אין דעם טייך בלוט, מיט איהר צושמעטערט הארץ, פאראכטעט פון דעם איינצעלנעם מענשען, וועלכען זי וויל און אן אנדערע האט, — האט זי ניט געקאנט לעבען. איצט, ווען זי האט צוריק איהרע כחות, — מוז זי שטארבען.

פלארע האט זיך אויפגעהויבען און האט פארלאזען איהר שטיינערנע הייל. זי איז געגאנגען ווי אויף א זיכערען וועג, ווייל זי האט מיט איהר אינסטינקט געפונען וואוהין זי דארף געהן. מיט איין בליק צום הימעל, האט זי ביי די שטערן געוואוסט, אז ס'איז שוין ניין א זייגער. ווען זי איז צוגעקומען צו דער ליניע פון דער אייזענבאהן, איז א צוג פארבייגעלאפען מיט א גע־וואלדיגע שנעלקייט, קומענדיג פון פאריז; דאס האט איהר דאכט זיך געמאכט א ביסעל פערגעניגען; הייסט עס, אז אלעס געהט גוט, אז דעם זייט וועג האט מען שוין אבגערייניגט, אבער דעם אנדערן נאך ניט, ווייל די צוגען געהען נאך ניט ווי תמיד.

פון דעם פונקט אן, איז זי געגאנגען מיט די פלויטען פון בוימלאך אין די איינדרוקספאלע איינזאמקייט פון דער וויסטער־

געגענד. איילען זיך האָט זי ניט געהאַט וואָס; קיין צוג דאַרף ניט פארביילויפען פאַר דעם עקספרעס פון פאריז, וועלכער קומט ערשט אָן ניין אוהר פינף־און־צוואַנציג. און זי איז זיך פאמעלאך געגאַנגען לעבען די פּלויטען, אין די געדיכטע פינסטערניש, זעהר רוהיג, גלייך ווי זי געהט עס איצט אויף איהר געוועהנליכען שפּאַציער איבער די פאַרלאָזענע סטעזשקעס. דאָך, פאַר'ן טונעל, איז זי אַריבערגעשפרונגען אַ פּלויט, און האָט זיך גענומען געהן מיט דער אייזענבאַהן ליניע אַליין, מיט איהרע לאַנגזאַמע טריט, און אַנטקעגען דעם ערוואַרטעטען שנעל־צוג. זי האָט זיך ווידער געמוזט בעהאַלטען, אַז דער וועכטער ביים טונעל זאָל זי ניט בעמערקען, — ווי זי פלעגט דאָס טהון אַלע מאָל, ווען זי פלעגט זיך געהן זעהן מיט אָזיל'ן, אויף דער אַנדער זייט.

אין טונעל איז זי זיך געגאַנגען, ווייטער און ווייטער. אָבער ניט ווי יעמאָלט, מיט מורא, טאָמער קעהרט זי זיך אום, וועט זי שוין מעהר ניט וויסען אויף זיכער וואו זי איז דאָ. די טונעל־שרעקעניש האָט איהר שוין מעהר ניט געהאַקט אין מוח, האָט איהר שוין מעהר ניט געטריבען דאָס בעוואוסטזיין פון רוים און צייט און דאָס געפיהל פון זאַכען צווישען דעם דונערנדען גע־פילדער פון די צוגען און אין דעם קראַכען פון דעם שטיינערנעם געוועלב. וואָס געהט דאָס איהר איצטער אָן! זי קלעהרט ניט, זי טראַכט ניט; זי האָט בלויז איין בעשטימטען בעשלוס, — געהן ווייטער, ווייטער, ביז זי וועט אָנקומען אויף אַ צוג, און דאַן ווידער געהן, גלייך אַנטקעגען דעם סיגנאַל־לאַנטערן, ווען זי דערזעהט נור זיין שיין אין דער פינסטערער נאַכט.

ענדליך האָט זיך פּלאָרע פערוואונדערט; איהר האָט זיך געדוכט, אַז זי געהט שוין אַזוי שטונדען לאַנג. ווי ווייט דער טויט איז עס! ווי לאַנג מ'דאַרף עס איהם זוכען! און אפשר וועט זי איהם גאָרניט געפינען! אפשר וועט זי אַזוי אָבגעהן ליעגעס און ליעגעס וווייט, און דער טויט וועט אַלץ ניט קומען! זי איז געוואָרען אויסער זיך. די פיס האָבען זיך איהר אונטערגעהאַקט; זי מוז זיך גאָר צוזעצען, וואַרטען; זיך אויסציהען אויף די רעל־סען. אָבער דאָס איז ביי איהר אויפגעקומען ווי אונווירדיג; זי

מוז געהן ביז'ן סוף: זי טאָר ניט שטארבען צולעגט; דאָס פאַר־דערט פון איהר איהר אינסטינקט פן פריילין און קריגערין.

און די ענערגיע האָט זיך אין איהר נאָך א מאָל ערוועקט, און זי האָט זיך וויעדער א לאָז געטהון פאָרווערטס. זי בעמערקט, זעהר ווייט דעם סיגנאַל־לאַנטערן פן דעם שנעל־צוג, ווי א קליין שטערענדיל, וואָס בלאַנקט איינער אליין אין א טינט־שווארצען הימעל. דער צוג איז אייגענטליך נאָך ניט געווען אין דעם טו־נעל; קיין רויש האָט זיך נאָך ניט געהערט; און עס זעהט זיך בלויז דאָס פייעריל, אזא לעבעדיגס, אזא פרעהליכס, וואָס ווערט אלץ גרעסער און גרעסער.

פלאָרע האָט זיך אויסגעצויגען אין איהר גאַנצען וואוקס; מיט איהר בויגיגע פיגור, מיט איהרע פעסטע טריט, איז זי איצט געגאַנגען עטוואָס שנעלער, אָבער ניט געלאָפען, ווי מען געהט, א שטייגער, ענטקעגען א פריינד, איהם צו פארשפאָרען א האלבען וועג.

און אָט קומט דער צוג אריין אין טונעל. דער געוואַלדיגער רויש ווערט נאָהענטער; עס פיהלט זיך דאָס דוכען פון דעם שטורם, און דאָס שטערענדעל ווערט א ריעזען־אויג, און ווערט אלץ גרעסער, גלייך ווי ער ווייזט זיך אלץ מעהר ארויס פון א פינסטערען קעלער. און פלאָרע, — אונטער דער ווירקונג פון אן אונערקלעהרליכען געפיהל, — פיליכט אוים דעם וואונש, אז גע־הרג'עט ווערען זאָל נור זי אליין, — ליידיגט זי אויס איהרע קעשענעס, אלץ פאַרטזעצענדיג איהר גאַנג מיט העלדישע עקשנות; זי האָט אויף דער זייט פון דער ליניע אוועקגעלעגט א גאַנץ בינטעל זאכען; דאָס טיכעלע, די שליסעל, א שנירעל, צוויי מעסערלאך; זי האָט פון זיך זאָגאר אראָבגענומען דאָס טיכעל פון האלז, און האָט זיך אויפגעשפילעט די ברוסט, איינ־רייסענדיג זיך דאָס קלייד.

און דאָס אויג פון דעם לאָקאָמאָטיוו איז שוין געוואָרען ווי א פלאַם פייער, ווי דאָס אָפענע מויל פון א קאלך־אויוועז, וואָס הויבט ארוים מיט פלאַמען; אָט פיהלט זיך שוין דער אָטהעם פון דער שרעקליכער בעשעפעניש, גליהענד און זודיג, און עס

רווישט דער דונער און הילכט אלץ העכער און העכער. אבער זי גערט אלץ פאָרווערטס, גלייך אויף דעם פּלאַס, כדי חלילה ניט אויסצומיידען דעם לאָקאָמאָטיוו, ווי א פליגעלע פון דער נאַכט, וואָס ציהט זיך צום פייער... און אין דעם מורא'דיגען זעץ, אין דעם לעצטען קוש פון טויט, גלייכט זי זיך נאָך אויס, גלייך ווי אין דעם לעצטען מאָמענט פון קאמפּף, ווייל זי נאָך ארומכאַפּען דעם ריעז און מיט איהם זיך ראַנגלען.

פלאָרע'ס קאָפּ האָט זיך אריינגעהאַקט אין דעם סיגנאַל־לאַנטערן און האָט איהם פערלאָשען.

און ניט מעהר ווי אין א שטונדע ארום האָט מען שוין געפונען איהר טויטען קערפּער. דער מאשיניסט ביים לאָקאָמאָטיוו האָט גאַנץ גוט געזעהען די הויכע בלאַסע פיגור געהן גלייך אנט־קעגען דעם צוג, ווי עפּעס א שרעקליכער גייסט אין דעם ווייסען שטראָהם שיין, וואָס האָט זיך אויף איהר געגאָסען; און אז דער לאַנטערן פון דעם לאָקאָמאָטיוו איז פּלוצים פערלאָשען גע־וואָרען, און דער צוג האָט זיך ווייטער געקייקעלט אין דער פינסטערניש, האָט דער מאשיניסט א ציטער געטהון: ער האָט דערפיהלט, אז דאָ שוועבט דער טויט. ביים ארויסגאַנג פון טונעל, האָט ער צום ווערטער א געשריי געטהון וועגען דעם אונ־גליק, און ערשט אויף דער סטאַנציע אין באַראַנטען האָט ער געקאָנט דערציילען, אז אימיצער האָט זיך געלאָזט איבערפאָה־רען אין טונעל; אז דאָס איז געווים געוועזען א פרוי; און אויפ'ן סיגנאַל־לאַנטערן האָט מען נאָך געפונען צוגעקלעפּטע האאר מיט שטיקלאָך שארבען. און אז די מענשען, וואָס מ'האָט ארויסגעשיקט אויפזוכען דעם קערפּער, זיינען צו צו דער גע'הרג'עטער, זיינען זיי ערשטוינט געוואָרען פון דער ווייסקייט פון איהר לייב, ווי ווייסער מאַרמעל־שטיין. דער קערפּער איז געלעגען אויף דער אנ־דערער ליניע; דער שרעקליכער זעץ האָט זי אָבגעשליידערט אן א זייט; דער קאָפּ איז געוועזען צושמעטערט; אָבער דער גאַנצער קערפּער, האלב אויפגעדעקט, איז אפילו ניט געריהרט געוואָרען אין זיינע שעהנע גליעדער, פיין און שטאַרק צום בעוואונדערען. מ'האָט זי דערקענט; קיינער האָט ניט גערעדט א וואָרט; מ'האָט

זי צוגעדעקט; די אומגליקליכע האָט זיך מסתמא גענומען דאָס לעבען, אום אויסצומיידען די שרעקליכע פעראַנטוואָרטליכקייט, וואָס איז איבער איהר געהאַנגען.

און אין דער אָרימער, נידריגער שטוב רוהט יעצט, אין מיטען דער נאַכט, לעבען דעם טויטען קערפּער פון איהר מוטער אויך דער קערפּער פון פלאָרע'ן. אויף דער ערד האָט מען אוועק־געלעגט אַ מאַטראַץ און אוועקגעשטעלט אַן אָנגעצונדענע ליכט צווישען די צוויי טויטע. פאַזיע, — דער קאָפּ אַלץ נאָך אביסעל פאַרריסען אַרויף, מיט דעם שרעקליכען שמייכעל אויף די פאַר־האַרטעוועטע ליפּען, — האָט איצט מיט איהרע אָפענע אויגען, דאַכט זיך, געקוקט אויף דער טאָכטער. און אין דער טיעפער שטילקייט פון דער איינזאַמקייט, האָט זיך פון אַלע זייטען גע־הערט די פערשטיקטע ארבייט פון דעם פערסאָפּעטען מיזאַר, וועלכער האָט ווייטער געגראָבען און געגראָבען. און די צוגען זיי־נען זיך געגאַנגען אין דער צייט, און זיך פאַרביי געלאָפען אויף די צוויי ליניעס פון דער אייזענבאַהן, אַהין און צוריק; דער וועג איז שוין געווען פאָלקאָמען פאַרריכט. און די צוגען זיינען זיך געלאָפען, אין זייער מעכאַנישער קראַפט, גלייכגילטיג און קאַלט, ניט וויסענדיג אפילו פון די אַלע דראַמעס און פאַרברעכענס. וועמען אַרט דאָס, וואָס אימיצער, אַן אונבעקאַנטער, פאַלט אויפ'ן וועג און ווערט צוריבען אונטער די רעדער! די טויטע האָט מען אַבגעראַמט, דאָס בלוט אָבגעוואַשען, און די צוגען פליהען ווייטער, אַ יעדער צו זיין שיקזאַל.

.11

אַ גרויס שלאָף־צימער אין קרוא־דע־מאַפּרא. ס'איז בעצויגען מיט רויט־זיידענס: די צוויי הויכע פענסטער געהען אַרויס אויף דער אייזענבאַהן ליניע, אייניגע מעטר ווייטער. ליגענדיג אויפ'ן בעט, — אַן אַלט־מאָדיש בעט מיט זיילען, — וואָס שטעהט פונקט ענטקעגען די פענסטער, קאָן מען זעהן די פאַרבייגעהענדע צוגען. יאָהרען לאַנג שוין האָט מען דאָ ניט געריהרט קיין זאַך, ניט איבערגערוקט קיין שטיקעל מעבעל.

סעווערינע האָט געהייסען אהער אַרויפטראָגען דעם פער־וואונדעטען, פאר׳חלש׳טען זשאַק׳ן, — און דעם אויבער־קאָנ־דוקטאָר דאָווערן האָט זי געהייסען לעגען אויף דעם ערשטען עטאַזש, אין אַן אַנדער צימער, א פיעל קלענערס. פיר זיך אַליין האָט זי גענומען א צימער לעבען זשאַק׳ס; בלויז א שטיקעל קאָרידאָר איז געווען צווישען די צוויי. אין צוויי שטונדען צייט איז שוין אַלעס געווען איינגעשטעלט גאַנץ בעקוועם: דאָס הויז איז דאָך געווען אין גאַנצען איסגעמעבלירט; און אין די שראַנ־קען איז זאָגאר געווען גענוג וועש. סעווערינע האָט זיך אָנגעטהון א פאַרטוך אויפ׳ן קלייד, און איז געוואָרען א וועכטערין ביים קראַנקען. זי האָט טעלעגראַפירט רובאָ׳ן, אַז ער דאַרף זי ניט ערוואַרטען, אַז זי וועט דאָ פערבלייבען אין קרוא־דע־מאָפראַ איי־ניגע טעג, אכטונג צו געבען אויף די פערוואונדעטע, וואָס ליע־גען איצט ביי זיי אין הויז.

דעם צווייטען טאָג איז געקומען א דאָקטאָר, און האָט פאַר־זיכערט, אַז ער נעמט זשאַק׳ן אויף זיך, אַז אין א וואָך, האָפט ער, וועט דער קראַנקער שוין זיין אויף די פיס, ווייל ווי עפּעס דורך א נס האָט ער זיך בלויז לייכט פערוואונדעט איגערליך. דער דאָקטאָר האָט געהייסען זיין זעהר פאָרזיכטיג און זשאַק׳ן אַב־סאָלוט ניט ריהרען פון אָרט.

און אַז דער קראַנקער האָט געעפענט די אויגען, האָט סע־ווערינע, וועלכע האָט איהם געהיט ווי אַן אייגען קינד, איהם געבעטען צו ליעגען שטיל און זי צו פאָלגען אין יעדעם פּיצעלע. און ער, זעהר שוואַך נאָך, האָט איהר צוגעזאָגט מיט א שאָקעל פון׳ם קאָפּ.

דער געדאַנק איז ביי איהם געווען קלאָהר; ער האָט גלייך דערקענט דאָס צימער לויט איהר בעשרייבונג אין דער נאַכט פון איהר מודה זיין זיך: דאָס רויטע צימער, אין וועלכען זי האָט זיך, א מיידעלע בלויז זעכצעהן און א האַלב יאָהר אַלט, אונטערגע־געבען צו די פערגוואַלדיגונג פון דעם הויפּט־ריכטער גראַנמאָרען. און פּאַסירט האָט עס טאַקי אויף דעם זעלבען בעט, וואו ער ליעגט איצט; און די פענסטער זיינען אויך די אייגענע, און ער

קאָן דורך זיי, אפילו ניט אויפהויבענדיג דעם קאָפּ, זעהען די פארבייגעהענדע צוגען, וואָס וואַרפען פלוצים דאָס גאַנצע הויז אריין אין א גוואַלדיגען ציטער. און דאָס הויז, פיהלט ער, איז אויך דאָס אייגענע הויז, וואָס ער האָט אַליין געזעהען יעדעס מאָל, וואָס ער פלעגט דאַ פאַרבייפאָהרען, אויף זיין שנעלען לאָקאָמאָ־טיוו. יעדעס מאָל פלעגט ער דאָס זעהען, א ביסעל אָן א זייט פון דעם וועג, פארלאָזען און אומעטיג, מיט די פאַרמאַכטע לאָדען; איצט איז עס נאָך פיעל טרויעריגער איבער די אַרויסגעשטעלטע גרויסע אויפשריפט, אַז ס'איז צום פאַרקויפען, — וואָס דאָס האָט נאָך מעהר פערוויסטעט דעם מיט דערנער פאַרוואַקסענעם גאָרטען, און זשאַק דערמאָנט זיך אָן דעם שרעקליכען אומעט, וואָס פלעגט איהם אימער בעפאַלען ביים פאַרבייפאָהרען דאָס הויז; עפּעס ווי דאָס האַרץ וואָלט איהם טרויעריג געזאָגט, אַז דאַ מוז איהם נאָך א מאָל טרעפען אַן אומגליק. און היינט, ליי־גענדיג אין דעם צימער, אַזאַ שוואַכער, האָט ער ווי פאַרשטאַנען, אַז דאָס האַרץ האָט איהם טאַקי ניט גענאַרט: אין דעם הויז וועט ער איצט פערליערען דאָס לעבען.

אַז סעווערינע האָט נור בעמערקט, אַז זשאַק קאָן זי הע־רען און פאַרשטעהן, האָט זי איהם גלייך גענומען בערוהיגען, אריינשעפּטשענדיג איהם אין אויער, בשעת זי האָט אויסגע־גלייכט די קאָלדרע:

— האָב קיין מורא ניט; איך האָב דיר אויסגעליידיגט די קעשענעס און האָב בעהאַלטען דאָס זייגערל.

ער האָט זי אָנגעקוקט מיט פאַרוואונדערטע אויגען, בעמי־העדיג זיך עפּעס צו דערמאָנען.

דאָס זייגערל?.... אַך, יאָ; דאָס זייגערל.

מ'האָט דיך דאָך אפשר געווען בעזוכט, איך האָב עס בע־האַלטען צווישען מיינע זאַכען. האָב קיין מורא ניט.

ער האָט איהר געדאַנקט מיט א דרוק פון דער האַנט. אומ־קעהרענדיג דעם קאָפּ האָט ער דערזעהען אויף טיש דאָס מעסער, וואָס ער האָט אויך געהאַט ביי זיך אין קעשענע. דאָס מעסער

איז נים נויטיג געווען צו בעהאלטען: — א מעסער ווי אלע מע־סער.

אבער אויף דעם צווייטען טאג שוין האט זיך זשאק גע־פיהלט שטארקער; און ער האט שוין געהאפט, אז ער וועט צוריק געזונט ווערען. און ס'האט איהם אמת הנאה געטהון צו זעהען לע־בען זיך קאביש'ן, ווי ער דרעהט זיך דא ארום איהם, בעמיהענ־דיג זיך נים אזוי צו קלאפען מיט זיינע שווערע טריט פון א ריעז.

זייט דעם אונגליק איז דער שטיין־ברעכער נים אפגע־טראטען פון סעווערינע'ן, גלייך ווי איהם וואלט אויף אנגע־כאפט א בענעהר זיך אויפצואפפערען; ער האט פערנאכלעסיגט זיין ארבייט און פלעגט קומען יעדען פריהמארגען איהר העלפען טהון די שווערע טהייל פון דער שטוב־ארבייט, פאלגענדיג זי ווי א טרייער הונט, קוקענדיג איהר אין די אויגען אריין. נאך זיין מיינונג נאך איז סעווערינע געווען א שטרענגע פרוי, נים קוקענדיג וואס זי איז אזא שוואכינקע. זי פארדיענט זיך געוויס מ'זאל איהר העלפען אז זי אליין העלפט אזוי פיעל יענעם. און די צוויי פארליעבטע האבען זיך צו איהם ביסלאכווייז צוגע־וואהנט, און האבען זיך געדוצט, און זאגאר געקושט, נים זשעני־רענדיג זיך אפילו וואס ער געהט דא ארום זעהר פארזיכטיג, ווי אם מעגליכסטען פארהוקענדיג זיך, מ'זאל נים ארויסזעהן זיין מעכטיגע פיגור.

דערוויל איז זשאק'ן געווארען קשה, וואס סעווערינע געהט אזוי אפט ארוים. דעם ערשטען טאג, לויט דער דאקטאר האט איהר אנגעזאגט, האט זי פון איהם פערבארגען, אז דער אויבער־קאנדוקטאר ליגט דא אויך אויף'ן ערשטען עטאזש, פיהלענדיג ווי אנגענעהם דאס וועט ווירקען אויף זשאק'ן, וואס זיי זיינען דא איינע אליין.

— מיר זיינען אליין, — ניין?

— יא, מיין טהייערער, אליין: טאקי איינע אליין... שלאף רוהיג.

און יאך געהט סעווערינע עפעס ארוים יעדע מינוט; און גלייך פון דעם צווייטען טאג אן הערט ער, אונטער איהם, אויף'ן

ערשטען גארן, געהט מען ארום אין דער שטיל און מען שושקעט זיך. און נאך א טאג שפעטער הערט ער, ווי מען לאכט עפעס שטיל, אבער דייטליך, — צוויי יונגע, פרישע שטימעס, וועלכע ווערען גאר ניט אנטשוויגען.

— וואס טהוט זיך דארט? ווער איז דאס?... מיר זיינען דאך דא ניט אליין?

— ניין! זעהסטו, מיין ליעבער, — פארשטעהסטו, דא אונטער אונז ליגט נאך א פערוואונדעטער, וועלכען מען האט געמוזט הייסען ברייגנען אהער.

— אזוי?... .ווער איז ער?

— האנרי, — ווייסט דאך, דער אויבער קאנדוקטאר.

— האנרי... אה!

— און היינט אין דער פריה זיינען געקומען צופאהרען זיינע שוועסטער. דאס האסטו זיי געהערט. זיי האלטען אין איין לאכען... אן אזוי ווי ער פיהלט זיך זעהר גוט, וועלען זיי נאך היינט אויף דער נאכט צוריק אהיים פאהרען צוליעב זייער פא־טער; דער אלטער קאן זיך אהן זיי ניט בעגעהן; און האנרי וועט דא בלייבען נאך אויף א צוויי דריי טעג, אום אין גאנצען צו קומען צו זיך... שטעל דיך פאר, ער איז אראפגעשפרונגען, און האט זיך אפילו קיין ביינדיל ניט צושעדיגט. ער איז בלויז גע־ווען פארטומעלט, ווי אן אידיאט; אבער ס'איז איהם שוין אי־בערגעגאנגען.

זשאק האט געשוויגען; ער האט זי בלויז אנגעקוקט מיט אזא לאנגען, לאנגען בליק, און זי האט נאך צוגעגעבען:

— פארשטעהסט? ווען ער וואלט מיט אונז דא ניט גע־ווען, וואלט מען אונז ביידע געווים בערעדט... און אז איך בין דא ניט מיט דיר אליין, האט מיין מאן ניט וואס צו רעדען, און איך האב א גוטען תירוץ לענגער דא צו פערבלייבען... פאר־שטעהסט?

— יא, יא, זעהר גוט.

און ביז אויף דערנאכט האט זשאק געהערט דאס לאכען פון די קליינע דאווערנס; און ער האט זיך דערמאנט, אז ער האט זיי

שוין אמאָל געהערט אין פּאַריז, און אויך פון אן אונטערשטען גאָרן אונטער דעם צימער, וואו סעווערינע האָט זיך איהם מודה געווען, אין זיינע אָרעמס. אָבער דערנאָך איז געוואָרען שטיל; און זשאַק האָט בלויז געהערט סעווערינע'ס טריט, ווי זי געהט אַרונטער פון איהם צו דעם צווייטען חולה. די טיהר אין דעם אונטערשטען צימער האָט זיך פאַרמאַכט, און אין הויז איז וויעדער געוואָרען טויט־שטיל. צוויי מאָל, שטאַרק וועלענדיג א טרונק, האָט ער געמוזט מיט'ן שטוהל אָנקלאַפּען אין דער פּאָדלאָגע, אַז זי זאָל אַרויפקומען. און אַז זי איז וויעדער אַריין אין צימער, האָט זי געשמייכעלט און אין איילעניש ערקלערט, אַז זי האָט זיך דאָרט פערזאַמט, ווייל זי האָט געמוזט האַנרי'ן האַלטען קאָמפּרעסען פון אייז וואַסער אויף'ן קאָפּ.

אויף דעם פיערטען טאָג האָט זשאַק שוין געקאָנט זיך אויפהויבען און געגען א צוויי שעה זיצען אין א וויי‌כען שטוהל ביים פענסטער. אַרויסבויגענדיג זיך אַביסעל, האָט ער געקאָנט זעהען דעם שמאָלען גאָרטען, וועלכען עס שניידט דורך די אייזענבאַהן־ליניע, און די נידעריגע וואַנט אלס א פּלויט, בענומען מיט שטעבעדיגע קווייטען מיט בלאַסע בלומען. און זשאַק האָט זיך דערמאָנט אָן יענע נאַכט, ווען ער האָט זיך אויפגעהויבען אויף די שפּיץ פינגער אַריבערצוקוקען איבער דער וואַנט; און ער זעהט פאַר זיך ווידער א מאָל דאָס גרויסע שטיק פּלאַץ פון יענער זייט הויז, פאַרצוימט בלויז מיט פאַרפּלאָנטערטע קוסטעס מיט בוימלאַך, — די בוימלאַך, איבער וועלכע ער איז אַריבערגעשפּרונגען און האָט דאָ געפונען פלאָרע'ן, זיצענדיג איינע אליין, אזוי שפּעט, ביי דער שוועל פון דעם פערלאָזענעם פּלאַנץ־הויז, מיט דער שער אין דער האַנט, שניידענדיג שטיקער גע'גנב'עטע שטריק. אָה, יענע פערפלוכטע נאַכט! פול מיט די שרעקענים פון זיין חולאת! און פלאָרע, אזוי הויך און בויגיג, די בלאָנדע קריזגערין, איהרע ברענענדע אויגען אריינקוקענדיג גלייך אין זיינע, — זי געהט איהם פון זינן ניט אַרויס, זייט ער איז געקומען צו זיך און דער זכרון האָט זיך צו איהם אומגעקעהרט.

פון אָנפאַנג האָט ער אפילו דאָס מויל ניט געעפענט צו־

פרעגען וועגען דעם באהן אומגליק; און קיינער האט איהם, אוים פארזיכטיגקייט, אויך גארניט דערצעהלט. אבער יעדע איינצעלהייט איז איהם צוריק געקומען אויף'ן זכרון, און ער האט דאס אלעס ווידער אמאל איבערגעלעבט. און ער האט געהאלטען אין איין טראכטען דערפון מיט אזא אנשטרענגונג, אז איצט, זיצענדיג ביים פענסטער, איז איהם קיין אנדער זאך ניט געלעגען אין קאפ ווי נור צו געפינען עפעס א צייכען פון דעם אונגליק, צו דערקאנען אימיצען, וואס איז געוועזען דערביי. פאר וואס זשע זעהט ער זי שוין ניט מעהר ביי איהר פאסטען, ביים שלאגבוים, מיט'ן פלאג אין דער האנד? ער האט ניט געוואגט אימעצען צו שטעלען די פראגע, און דאס האט איהם נאך מעהר געמאכט פיהלען שלעכט אין דעם טרויעריגען הויז, וואס איז, דוכט זיך איהם, בעזעצט מיט שדים.

איין מאל, אין דער פריה אבער, אין די אנוועזענהייט פון קאביש'ן, וועלכער האט עפעס ארויסגעהאלפען סעווערינע'ן, האט ער ניט אויסגעהאלטען:

— און וואס איז מיט פלארע'ן? — האט ער געפרעגט, — איז זי קראנק?

דער שטיין־ברעכער, ניט פערשטעהענדיג וואס סעווערינע מאכט עפעס צו איהם מיט דער האנט, האט געמיינט, אז זי הייסט איהם יא ענטפערן.

— ארימע פלארע, נעבאך! — זי איז שוין טויט!

זשאק האט זייביידען אנגעקוקט; ער האט א ציטער געטהון; אבער מ'האט איהם שוין געמוזט אלעס דערצעהלען. און זייביידע האבען איהם אויסדערצעהלט, ווי פלארע האט זיך געלאזט איבערפאהרען פון א צוג אין טונעל. און מ'האט פארהאלטען דער מאמע'ס לויה ביז אויף דער נאכט, ווען מען וועט מיט איהר צוזאמען שוין קאנען בעגראבען די טאכטער אויף און זיי ליעגען זיך ביידע, איינע לעבען דער אנדערער, אויף דעם קלייניקען בית־עולם אין דואנוויל, וואו עס רוהט אויך די דריטע, די איינגסטע, די שטילע, אומגליקליכע לואיזעט, וועלכע מ'האט אהין אויך פארשיקט דורך גוואלד, א פארבלוטיגטע און

אין שמוץ. דריי אונגליקליכע נשמות, — דריי, וואס זיינען געפאלען אויף’ן וועג, און זיינען דערקוועטשט געווארען, און זיינען שוין מעהר ניטאָ, גלייך ווי זיי וואלט אוועקגעטראגען דער שטורם־ווינד פון די צוגען וואס פליהען דאָ פארביי!

— טויט, מיין גאָט! — האט ער איבערגעזאגט זעהר שטיל, — די מומע פאזיע, נעבאך, און פלארע, און לואיזעט!

ביי דעם נאמען לואיזעט, האט קאביש, וועלכער האט סעווערינע’ן געהאלפען איבעררוקען דאס בעט, אינסטינקטיוו אויפגעהויבען דעם קאפּ צו סעווערינע’ן; איהם האט בעאונרוהיגט דער אנדענקען פון זיין אמאליגע ליעבע אין דער אנוועזענהייט פון זיין נייער ליידענשאפט, וועלכע האט איהם איצט פארכאפּט, אן אונבעשיצטען, א צערטליכען, ניט איבערגעשפּיטצטען און געטרייען, ווי א הונט, וואס גיט זיך איבער פאר דער ערשטער לאסקע. אבער די יונגע פרוי, וועלכע האט געוואוסט פון דער טראגישער ליעבע זיינע, איז געווען ערנסט און האט איהם צוגעווארפען א סימפּאטישען בליק; און דאס האט איהם זעהר געריהרט; און אז זיין האנט האט אונגערן אנגעריהרט איהר האנט, בשעת ער האט איהר דערלאנגט די קישען, האט ער, שטיקענדיג זיך און מיט א ציטערענדע שטימע עפּעס ארויסגעמורמעלט זשאק’ן אן ענטפער אויף זיין פראגע.

— מ’מיינט, אלזא, אז זי האט עס אנגעמאכט דעם אונגליק?

— אה! ניין, ניין... אבער ס’איז דאך געווען איהר שולד, פערשטעהט זיך.

אין געבראכענע זאצען, האט ער דערצעהלט, וואס ער האט געוואוסט. אליין האט ער גאר ניט געזעהען, ווייל ער איז דאן געווען אין שטוב, ווען די פערד האבען זיך א ריהר געטהון און האבען דעם וואגען א שלעפּ געטהון אויף די רעלסעם. און דאס וועט ער זיך קיין מאל ניט מוחל זיין, און די העררען ריכטער האבען איהם דערפאר שוין גענוג געגעבען; וואלט ער ניט איבערגעלאזט די פערד אליין, וואלט דער שרעקליכער אונגליק ניט פּאסירט; אזא זאך טהאר מען ניט טהון. און די אונטער־

זוכונג האָט בלויז ארויסגעבראכט פלאָרע'ס אַן איינפּאַכע נאכ־לעסיגקייט; און אזוי ווי זי האָט זיך אַליין בעשטראָפט, און דערצו נאָך אזוי גרויזאם, איז אַלעס געענדיגט; זאָגאר מיזאר'ן לאָזט מען אויף זיין שטעלע, ווייל ער, מיט זיין שטילינקען דרך ארץ, האָט זיך אויסגעדרעהט, ווארפענדיג די גאַנצע שלד אויף דער געהרג'עטער פלאָרע'ן: זי פלעגט שטענדיג טהון, וואָס איהר האָט זיך געוואָלט, און ער פלעגט, נעבאך, אָפט מוזען פארלאָזען זיין אייגענעם פּאָסטען און געהן פארמאכען דעם שלאג־בוים. פון דער קאָמפּאַניע אַליין האָט מען אויך אנערקענט, אַז יענעם טאָג איז ביי מיזאר'ן אַלעס געווען אין דער בעסטער אָרדנונג; און ביז ער וועט נאָך אַ מאָל חתונה האָבען, האָט מען איהם ערלויבט זיך צו נעהמען אַלס וועכטערין ביים שלאג־בוים די אַלטע דויקלאָ, אַ שכנה, וואָס איז אַ מאָל געווען אַ דיענסט אין אַ גאַסט־היז און וועלכע לעבט נאָך היינט אויף פון די ניט כשר'ע פארדיענסטען פון אַמאָל.

אַז קאַביש איז ארויס פון שטוב, האָט זשאַק מיט אַ בליק פארהאַלטען סעווערינע'ן. ער איז געווען זעהר בלאַס.

— ווייסטו, פלאָרע האָט דאָך דאָס אומיסטנע ארויפגע־פיהרט די פערד און מיט די שטיינער פארשטעלט דעם וועג.

און איצט איז סעווערינע געוואָרען בלאַס.

— מיין טהייערער, וואָס רעדסטו... דו האָסט היץ. לייג זיך בעסער צו.

— ניין, ניין; איך רעד ניט פון היץ... הער מיך אויס. כ'האָב זי געזעהען, ווי איך זעה איצט דיך. זי האָט איינגעהאַלטען די פערד, אָבגעשטעלט דעם וואָגען מיט איהר מעכטיגער האַנט.

און ווי מ'וואָלט איהר אונטערגעהאַקט די פיס, האָט זיך די יונגע פרוי ארונטערגעלאָזט אויף אַ שטוהל קעגען איהם.

— מיין גאָט, מיין גאָט! ס'איז דאָך שרעקליך... ס'איז טייוואָליש. ס'וועט מיך ניט לאָזען שלאָפען.

— דער טייוועל! — האָט ער פאָרטגעזעצט, — ס'איז דאָך אַזוי קלאָהר. זי האָט אונז געוואָלט הרג'ענען, מיך מיט דיר, אין דעם חורבן... זי איז געווען אין מיר פערליעבט פון לאַנג, און

זי איז געווען איפערזיכטיג. און דערצו נאך אזא פארדרעהטער קאפ, מיט אזוינע משוגענע געדאנקען... אזוי פיעל הרוגים מיט א מאל, אזוי פיעל מענשען אין בלוט! אך, די נידערטרעכטיגע!

די אויגען זיינען ביי איהם געווארען גרעסער; און די לי־פען האבען ביי איהם געציטערט נערוועז; ער איז אנטשוויגען געווארען; זיי האבען זיךביידע אנגעקוקט א גוטע מינוט. און זשאק, וועלענדיג זיך אוועקרייסען פון די עקעלהאפטע געדאנ־קען וואס זיי האבען זיך ביידע דערמאנט, האט געזאגט גאנץ שטיל:

— אך, זי איז טויט, — דערפאר קומט זי צו מיר יעדע מינוט! זינט ס'איז מיר בעסער געווארען, דאכט זיך מיר אויס, אז זי איז דא אין שטוב. ערשט היינט אין דער פריה נאך, האב איך זיך געמוזט אומקוקען, ווייל איך האב געמיינט, אז זי שטעהט מיר צוקאפענס... זי איז טויט, און מיר לעבען נאך. זי זאל אונז איצט נור ניט וועלען אבצאהלען...

סעווערינע האט א ציטער געטהון.

— שוויג, רעד ניט! איך וועל אראפ פון זינען.

און זי איז ארויסגעלאפען; זשאק האט געהערט, ווי זי געהט אראפ צו דעם אנדער חולה. אליין איז ער געבליבען שטעהן ביים פענסטער, און ער האט זיך ווידער פארטראכט, קוקענדיג אויף דער אייזענבאהן־ליניע, אויף דער ארימער שטוב פון דעם שלאג־בוים וועכטער, מיט דעם גרויסען ברונען, אויף דעם שטי־בעל פון דעם וועג־סיגנאליסט, — א ענגעס, פון ברעטער, וואו מיזאר איז, דאכט זיך, תמיד געווען פערשלאפען ביי זיין רע־געלמעסיגער און סקוטשנער ארבייט. און דאס אלעס האט איצט אינטערעסירט זשאק'ן שטונדען לאנג, גלייך ווי ער וואלט זיך עפעס געדרעהט דעם מוח מיט א רעטעניש, וואס ער האט ניט גע־קאנט טרעפען, און דאס איז איהם געגאנגען ווי אין לעבען.

ספעציעל מיט מיזאר'ן האט ער זיך גאר ניט געקאנט גע־בנג אנקוקען, — דער דארינקער, שטיליקער, בלאסינקער נפש'ל, וואס האלט אין איין הוסטען, האט פאר'סם'ט זיין פרוי און פון איהר, אזא מונטערע, געמאכט א סוף, ווי א ווערימיל גראבט

אונטער אַ בוים, — און אַלץ צוליעב זיין משוגעת. זיכער, האָט ער שוין יאָהרען לאַנג ניט געקאָנט האָבען קיין אַנדער געדאַנק אין קאָפּ בשעת די ענדלאָזע צוועלף שעה אַרבייט ביי טאָג אָדער דערנאָך ביי נאַכט... ביי יעדען קלינגען פון דעם עלעקטרישען סיג־נאַל־גלעקעל, אַז עס קומט אַ צוג, אַ בלאָז צו טהון אין טרומייטעל; דערנאָך אַז דער צוג לויפט פאַרביי, אַ דריק צו טהון איין קנעפּעל, כדי צו וויסען צו געבען פאָרוועדטס, אַז דער צוג קומט, און אַ קוועטש טהון אַן אַנדער קנעפּעל צו וויסען צו געבען צוריק צום ערשטען סיגנאַליסט, אַז דער צוג איז שוין אוועק און דער וועג איז פאַרמאַכט, — דאָס אַלעם איז דאָך געווען אַזוי איינפאַך, אַזוינע פּשוטע מעכאַנישע בעוועגונגען, וועלכע האָבען שוין געקאָנט ווערען איינגעוואָרצעלטע גע־וואָהנהייטען אין זיין נודנעם לעבען. אונוויסענד־נאַריש, האָט ער קיין מאָל ניט געלייענט, — ער פלעגט זיצען די הענט פאַר־לייגט, די אויגען פערלאָשען און געדאַנקענלאָז און פלעגט אַזוי קוקען אויף די סיגנאַל־אַפּאַראַטען. כמעט אימער זיצענדיג אין זיין וואַך־שטיבעלע, האָט דער מיזאַר קיין אַנדער צייט־פערטרייב ניט געהאַט, ווי צו עסען וואַרמעס זעהר לאַנג, און דערנאָך וויע־דער פערלעגט די הענט, דער קאָפּ איז פוסט, אָהן אַ שום אידעע, און דער שלאָף מאַטערט צום טויט... און מיזאַר דרעמעלט דאָך איין, — אָפט מיט אָפענע אויגען. אָבער ביי נאַכט, אום זיך איינצוהאַלטען פון דעם אונווידערשטענדליכען אָנגריף פון שלאָף, מוז ער אויפשטעהן, אַרומגעהען, פאַלענדיג פון די פיס, ווי אַ שכור.

און די ביטערע מלחמה מיט דער פרוי איבער די טויזענד פראַנק, די פאַרשטיקטע מלחמה, ווער וועמען עס וועט איבער־לעבען און ירש'ענען, — דאָס איז, מסתמא, מאָנאַטען און מאָ־נאַטען לאַנג געווען דער איינציגער געדאַנק אין דעם פוסטען קאָפּ פון דעם אַבגעזונדערטען מענשען. בלאָזענדיג אין זיין טרו־מייט, דריקענדיג די עלעקטרישע סיגנאַל־קנעפּלאַך, און ווי אַ גולם השגחה געבענדיג איבער אַזוי פיעל לעבענס, האָט ער אָבער געטראַכט בלויז פון סם. און אַז ער האָט געוואַרט אויף ווייטע־

רע סיגנאַלען, מיט פאַרלעגטע הענט, ווען די אויגען קלעפּען זיך פון שלאָף, האָט ער אַלץ געטראַכט פון סם און פון ווייטער גאָר ניט. ער וועט פאַר'סמ'ען די פרוי, דערנאָך וועט ער זוכען און ער וועט דאָך האָבען דאָס געלד.

זשאַק האָט זיך פאַרוואונדערט, וואָס מיזאר איז היינט, ווי אַמאָל: גע'סמ'ט דאָס ווייב און גאָר ניט; לעבט זיך ווי פריהער.

נאָך די פיעבערשע הייץ פון די ערשטע זוכעניש נאָך איהר טויט, איז זיך מיזאר ווידער אַמאָל געוואָרען די פאַרשלעפּערט, מאַכענדיג זיך פאַר אַ נעבאַכעל, וואָס האָט מורא פאַר אַ שאָדך. אין אמת'ן האָט ער דאָך אומזיסט ערמאָרדעט די פרוי; אפילו אין קבר פיהרט זי דאָך אַלץ אוים איהרס. און בעזיעגט איז ער; דאָס גאַנצע הויז האָט ער איבערגעקעהרט מיט'ן קאָפּ אַראָפּ, און האָט דאָך גאָר ניט געפונען, אפילו ניט אַ פרוטה; און בלויז זיי־נע בליקען, אונרוהיגע, פאַרשעמדע אויגען, און זיין פנים, שוואַרץ ווי די ערד, האָבען דערציילט פון וואָס ער טראַכט. און שטענדיג זעהט ער פאַר זיך די גרויסע אָפענע אויגען פון דער טויטער:

„זוך! זוך!“

און ער זוכט, און דער קאָפּ רוהט איצט ביי איהם אי איין מינוט ניט. אָהן אַן אויפהער זוכט ער און זוכט, און גראָבט צו געפינען דאָס אָרט, וואו עס ליעגט בעגראָבען דאָס געלד; און ער נעהמט אַוועק פון די שוין אויפגעגראָבענע ווינקעלאַך, און גראָבט אויף נייע מענליכע בעהאַלטונגס־פּלעצער, ווערענדיג אין איין פיעבער־הייץ פון דעם געדאַנק, אַז איצט אין דעם נייעם אָרט וועט ער עס שוין געוויס געפינען, און די אונגעדולד בריהט איהם אַזוי, אַז ער וואַרפט אַלעס אַוועק און פליהט אַהין — אָבער אומזיסט! און דאָס פּלאָגט איהם אונערטרעגליך און דער וועהטאָג איז שרעקליך, — אַ מין גרויזאַמע ראַכע — און דער קאָפּ אַרבייט און לאָזט ניט שלאָפען און צווינגט איהם עפּעס אידיאָטיש צו האַלטען אין איין טראַכטען דערפון, אַ שטייגער ווי דער זייגער האַלט אין איין קלאַפּען. און בשעת ער בלאָזט אין טרומייטעל, — איין בלאָז פאַר די צונגען פון פאַריז און צוויי בלאָז פאַר די צונגען קיין פאַריז, — זוכט ער; און בשעת ער

פאָלגט דעם עלעקטרישען סיגנאַל, אָדער ער קוועטשט אַליין צו דעם עלעקטרישען קנעפּעל, און מאַכט אויף אָדער ער פאַרמאַכט דעם וועג, — האַלט ער אין איין זוכען; אָהן איין אויפהער, זוכט ער און זוכט, און איז אויסער זיך; ער זוכט ביי טאָג, אין די לאַנגע שטונדען פון וואַרטעניש, מיט פאַרלעגטע הענד, שלעפעריג; און ער זוכט ביי נאַכט, ווען דער שלאָף מאַטערט איהם, ווי אַ פאַרשטיקטען אין די איינזאַמקייט פון די גרויסע שוואַרצע פעלדער, וואו ערגעץ אין עק וועלט. און דיוקלאַ, די פרוי, וואָס שטעהט איצט ביים שלאַג־בוים, ארבייט איצט מיט אַלע כחות, — ווייל זי וויל מיזאַר זאָל זי נעהמען — און זאָרגט זיך זעהר פאַר איהם, וואָס דער מאַן שלאָפט גאָר ניט.

איין מאָל ביי נאַכט, איז זשאַק, וועלכער האָט שוין אָנגעהויבען אויפצושטעהן פון דער קרענק און האָט שוין געקאָנט איבערגעהן די שטוב, צו צום פענסטער און האָט דערזעהען דאָס ליכט פון אַ לאַנטערן געהן הין און צוריק ביי מיזאַר'ן אין הויז. קלאָהר, — יענער זוכט אַלץ. אָבער אַז דער אויפקומענדער חולה האָט די צווייטע נאַכט ווידער אַרויסגעקוקט פון פענסטער, האָט ער מיט פערוואונדערונג גאָר דערזעהען קאַביש'ן, מיט זיין גרויסער פיגור, ווי אַ שאָטען אויף'ן וועג, אונטער'ן פענסטער פון דעם צווייטען צימער, וואו סעווערינע שלאָפט. און אנשטאַט דערפאַר בייז צו ווערען, איז ער גאָר, אַליין ניט וויסענדיג פאַר וואָס, געוואָרען טרויעריג און פול מיט מיטלייד: נאָך איין אונגליקליכער, הייסט עס, — אָט דער גרויסער פערד, וואָס שטעהט דאָרט, ווי אַ געטרייע, שטומע בהמה... דאָס הייסט, אַז די דאַרע סעווערינע, וועלכע איז זאָגאַר ניט איבריג שעהן, אַז מען קוקט זיך צו איהר גוט צו, האָט אין זיך דאָך אַזאַ בעצויבערונגס־קראַפט, מיט איהרע טינט־שוואַרצע האָאַר און איהרע לייכט־בלויע אויגען, אַז זאָגאַר די ווילדע אַליין, די נאַרישע ריעזען, ווערען אַזוי צוגעצויגען צו איהר, אַז זיי שטעהען אָב גאַנצע נעכט לעבען איהר טיהר, ציטערענדיג ווי קליינע אינגלאַך.

און זשאַק האָט זיך אָנגעהויבען דערמאָנען ווי עס איז אַלעס געשעהען: ווי דער שטיין־ברעכער איז אויפגעפאָדערט געוואָרען

מיטצוהעלפען ביים אונגליק און ווי ער האָט סעווערינע'ן גע־
פאָלגט מיט אזא איבערגעבענהייט. יאָ, ריכטיג: קאַביש וויל זי
און אז זשאַק האָט אויף מאָרגען אין דער פריה נאָכגעקוקט קאַ
ביש'ן, האָט ער בעמערקט, ווי דער שטיין־ברעכער האָט בשתיקה
אויפגעהויבען א האאר־נאָדעל, וואָס איז ארויסגעפאלען פון סע־
ווערינע'ס קאָפּ, בשעת זי האָט פארבעט די בעט, און ווי ער
האָט דאָס בעהאלטען אין דער האַנט אויף ניט אָבצוגעבען. או
זשאַק האָט זיך פארטראַכט פון זיינע אייגענע יסורים, וואָ
ער האָט געהאַט אויסצושטעהן פון דער ליעבע, און פון די צרות
און שרעק, וואָס קומען צו איהם צוריק מיט זיין געזונדהייט.

נאָך צוויי טאָג זיינען אוועק, און ס'איז געוואָרען א וואָך
און, ווי דער דאָקטאָר האָט פאָראויסגעזעהען, זיינען די צווי
קראַנקע שוין איס שטאַנד געוועזען צוריק צו געהן א יעדער צ
זיין בעשעפטיגונג. איין פריהמאָרגען, האָט דער מאַשיניסט, שטע
הענדיג ביים פענסטער, געזעהען זיין אלטען הייצער פּעקע פאר
בייפאָהרענדיג אויף גאָר א נייעם לאָקאָמאָטיוו און מאַכענדיג צ
איהם מיט דער האַנט, ווי רופענדיג איהם צו זיך. אָבער זשאַ
האָט זיך ניט געאיילט. די ליעבע האָט זיך אין איהם צוברענ
און איהם דאָ פערהאַלטען ווי אין אַנגסטליכע ערוואַרטונג צ
זעהען, וואָס דאָ וועט ווייטער זיין. דעם זעלבען טאָג האָט ע
ווידער א מאָל געהערט פון דעם אונטערשטען עטאַזש דאָס פרי
שע לעבעדיגע געלעכטער, די פרעהליכקייט פון די יונגע מיידלאָך
און דאָס טרויעריגע הויז איז מיט א מאָל געוואָרען פול מיט
דעם רויש פון א פּאַנסיאָן־שולע צווישען די לעקציאָנען. ער האָ
דערקאָנט די יונגע דאַוערנס. ער האָט סעווערינע'ן גאָרניט גע
זאָגט; אז זי איז דערצו נאָך דעם גאַנצען טאָג געווען אונטע
ניט קאָנענדיג איינזיטצען לעבען איהם קיין פינף מינוט דורכא
נאַנד. אין אבענד איז ווידער אמאָל געוואָרען שטיל, ווי אין
קבר. און סעווערינע, בלאַס און ערנסט, האָט זיך עפּעס פאר
ווילט אין זיין צימער. מיט א שאַרפען בליק אויף איהר, האָ
ער זי געפרעגט:

— ער איז, אלזא, שוין אוועקגעפאהרען. די שוועסטער זיי־נען געקומען נאך איהם?

און זי האט איהם געענטפערט קורץ:

— יא.

— און מיר זיינען איצט, אלזא, אליין, אבער טאקע, ענדליך, אליין?

— יא; ווירקליך אליין... מארגען מוזען מיר זיך שיידען; איך קעהר זיך אום קיין האוור. גענוג שוין אונז דא פארווייל'ען אין דער וויסטעניש.

און זשאק האט אויף איהר אלץ געקוקט מיט א שמייכעל, און ווי עפעס פארבארגענדיג. דאך האט ער זי פארט געפרעגט:

— דיר טהוט באנג, וואס ער איז אוועקגעפאהרען, אה?

ס'האט מיט איהר א טרייסעל געטהון; זי האט געוואלט פראטעסטירען, אבער ער האט איהר איבערגעשלאגען.

— איך וויל זיך מיט דיר ניט קריעגען. זעהסט אליין אז איך בין ניט איפערזיכטיג. איין מאל, געדענקסטו, האסטו מיר געזאגט, איך זאל דיך ערמארדען אויב דו ווערסט מיר אונטריי, און איך זעה, דאכט זיך, גאר ניט אויס ווי א פארליעבטער, וואס טראכט צו טויטען זיין געליעבטע, — ניין, אפשר?... אבער זאג אליין, — ביסט דאך אונטען אבגעזעסען ווי א צוגעבונדענע, — ניט צו דעררופען זיך, אז דו זאלסט לעבען מיר זיצען איין מי־נוט. און איך האב זיך דערמאנט, וואס דיין מאן האט אמאל גע־זאגט, אז דו וועסט איין שעהנעם אבענד זיין מיט דעם האנרי, ניט אויס פארגעניגען, נור בלויז אזוי, אבי אנצופאנגען עפעס נייעס.

אבער סעווערינע האט זיך מעהר ניט פערטהיידיגט, זי האט בלויז צוויי מאל לאנגזאם איבערגע'חזר'ט:

— עפעס נייעס, עפעס נייעס...

און פלוצים אין אן אויסברוך פון אונווידערשטעהליכע אפענהערציגקייט, האט זי גענומען רעדען:

— נו, גוט. הער מיך אויס; ס'איז אמת... מיר קאנען זיך איצט ארויסזאגען דעם גאנצען אמת, — מיר זיינען שוין גענוג פארבונדען צווישען זיך... מאנאטען לאנג שוין, ווי ער געהט

מיר נאָך, דער יונגער מאַן. ער האָט געוואוסט, אַז איך בין דיינע און ער האָט געמיינט, אַז מיר וועט זיין לייכט אמאָל צו ווערן זיינע אויך. און אַז ער איז דאָ געוועזן אין הויז, אונטען, האָט ער מיר ווידער אַ מאָל געזאָגט דאָס זעלבע, אַז ער ליעבט מיך צם שטאַרבען, און ער איז מיר געווען אַזוי דאַנקבאַר פאַר דאָס ביסעלע, וואָס איך האָב פאַר איהם געטהון און איז געוועזן אַזוי פיין און צערטליך, אַז, דעם אמת געזאָגט, האָב איך אַ טראַכט געטהון איהם צו ענטפערן מיט ליעבע, אָנצופאַנגען עפּעס נייעס, בעסערעס, רוהיגערעס... יאָ, עפּעס נייעס, אפילו אָהן פאַרגעני־גען, אָבער וואָס זאָל מיך בערוהיגען...

זי האָט זיך אָבגעשטעלט, ווי ניט ענטשלאָסען ווייטער צו רעדען.

— פאַר מיר און דיר, פאַרשטעהסטו מיך, איז דאָך איצט דער וועג פאַרשלאָסען, ווייטער געהען מיר ניט... אונזער האָ־פענונג אוועקצופאָהרען, אונזער חלום צו זיין אַמאָל רייך און גליקליך, דאָרט, אין אַמעריקאַ, — דיעזער גאַנצער גליק, וואָס איז דאָך ביי דיר אין די הענט, — דאָס אַלעס איז געוואָרען אונ־מעגליך, ווייל דו קאָנסט ניט... אָה, איך וואַרף דאָס דיר ניט אויף, — ס'איז זאָגאַר בעסער, וואָס דאָס איז ניט געשעהען; אָבער איך וויל דו זאָלסט פאַרשטעהן, אַז מיט דיר האָב איך שוין מעהר ניט אויף וואָס צו האָפען: דער מאָרגען וועט זיין ווי דער נעכטען, די זעלבע דאגות, די זעלבע ליידען.

זשאַק האָט זי געלאָזט רעדען און זי קיין זאַך ניט געפרעגט, ביז זי איז אַליין אַנטשוויגען געוואָרען.

— און דערפאַר, הייסט עס, האָסטו געלעבט מיט איהם?

זי האָט אַ פאַאַר שפּאַן געטהון איבער'ן צימער, און האָט זיך אומגעקעהרט, פאַרציהענדיג מיט די פּלייצעס.

— ניין, ד'האָב מיט איהם ניט געלעבט, און איך זאָג עס דיר גאַנץ איינפאַך, און דו גלויבסט מיר, בין איך זיכער, — ווייל צו וואָס זאָלען מיר איצט געהן נאַררען איינער דעם אַנדערן... ניין, איך האָב פּשוט ניט געקאָנט, ווי דו האָסט דאָן ניט געקאָנט,— ווייסט דאָך, אָה? דיך וואונדערט, אַז אַ פרוי זאָל פּשוט ניט

קאָנען זיך אָבגעבען צו אַ מאַנספּערזאָן, ווען זי בערעכענט זיך גוט און זעהט איין, אַז זי האָט דאָבײַ יאָ אַן אינטערעס. איך אַליין פּלעג זיך פריהער ווייניג וואָס קימערען דערפון, און מיר איז ניט שווער געווען נאָכצוגעבען זיך אײַך, — איך מיין, אָנצוטהון דעם פאַרגעניגען מיין מאַן און דיר, ווען איך האָב געזעהען, ווי שטאַרק איהר ליעבט מיך. אָבער אַזוי איז עס: דאָס מאָל האָב איך ניט געקאָנט. ער האָט מיר געקושט די הענט, — אפילו ניט די ליפּען, שווער איך דיר. און פון איצט אָן וועט ער אויף מיר וואַרטען אין פּאַריז, ווייל ער האָט אַזוי שטאַרק געליטען, אַז איך האָב קיין האַרץ ניט געהאַט איהם צו רויבען יעדע האָפענונג.

סעווערינע האָט ניט געהאַט קיין טעות; זשאַק האָט איהר געגלויבט; ער האָט געזעהען אַז זי זאָגט קיין ליגען ניט, און עס האָט איהם אָנגעכאַפּט אַן אַנגסט פון די שרעקענדע פערלעגענהייט פון זיין שטייגענדען בעגעהר, ווען ער איז איצט דאָ מיט איהר איינער אַליין אין אַ פערשלאָסען הויז, ווייט פון דער וועלט, פאַרצעהרט פון די פלאַמען פון זייער ליידענשאַפט. און ער האָט זיך געוואָלט ווי אויסניכטערן און דערפאַר האָט ער עס אויסגעשריען:

— נו, און יענער, דער צווייטער? דו האָסט דאָך נאָך אַ צווייטען, דעם קאַביש!

מיט אַ האַסטיגער בעוועגונג האָט זי זיך ווידער געשטעלט אַנטקעגען.

— אַה, דאָס האָסטו אויך בעמערקט, דאָס ווייסטו אויך... יאָ, דאָס איז אויך אמת. ס'איז נאָך דאָ אַ צווייטער... וואָס טהוט זיך דאָ מיט זיי, פאַרשטעה איך ניט. דער קאַביש האָט מיר קיין מאָל קיין איין וואָרט אפילו ניט געזאָגט. אָבער איך זעה שוין גאַנץ גוט, ווי ער ברעכט זיך די הענט, ווען מיר נעהמען זיך ארום, אַז ער הערט מיך דיר זאָגען „דו“, געהט ער אַוועק אין אַ ווינקעל און וויינט. און אַחוץ דעם בע'גנב'עט ער מיך פּשוט; ער נעהמט ביי מיר צו קליינינקייטען; עס ווערען ביי מיר פאַר־

פאַלען אַ הענטשקע, אַ טיכעלע, — ער טראָגט זיי זיך אַוועק אין זיין נאָרע אין וואַלד, ווי עפּעס רעכטס... אָבער, דו מיינסט דאָך ניט, אַז איך בין אים שטאַנד זיך אָבצוגעבען צ אַזאַ ווילדען. ער איז צו גראָביאַנסקי; איך האָב פאַר איהם מורא. און אַ חוץ דעם פאָדערט ער גאָר ניט... ניין, ניין די אַלע ווילדע חיות זיינען אָפּט אַזוינע שטילינקע, און זיי וועלען בעסער שטאַרבען פון ליעבע, איידער צושטעהן צו דיר. דו מעגסט מיך אויף אַ גאַנצען מאָנאַט איבערלאָזען אויף זיין השגחה, און ער וועט מיך ניט אָנריהרען אפילו מיט די שפּיץ פינגער, ווי ער האָט קיין מאָל ניט אָנגעריהרט די אָרימע לואיזעט, — בין איך דיר ערב.

ביי דיעזער עראינערונג, זיינען זיי אַנטשוויגען געוואָרען. זיי האָבען זיך אָנגעקוקט מיט אַ בליק, און די פערגאַנגענהייט האָט זיך זיי ווידער פאָרגעשטעלט: ווי זיי האָבען זיך צום ערש־טען מאָל געטראָפען ביים אונטערזוכונגס ריכטער אין רואַן; דער־נאָך זייער ערשטע רייזע קיין פאַריז, — אַזאַ מחיה׳דיגע; זייער ליעבע, זייער לעבען אין האוור, און אַלעס, אַלעס, אי דאָס גוטע אי דאָס שרעקליכע. און סעווערינע איז צו צו זשאַק׳ן, און אַזוי נאָהענט, אַז ער האָט דערפיהלט די וואַרעמקייט פון איהר אָטהעם.

— ניין, ניין! מיט דעם נאָך וועניגער ווי מיט יענעם. מיט קיינעם ניט, — הערסט, — ווייל איך קאָן ניט... ווילסט אפשר וויסען פאַר וואָס? אָה, ענדליך, פאַרשטעה איך עס שוין; איך בין זיכער, איך האָב ניט קיין טעות: — דאָס איז דערפאַר, וואָס דו האָסט מיך אין גאַנצען צוגענומען. קיין אַנדער וואָרט איז ניטאָ דאַפיר: — יאַ, צוגענומען, ווי מען נעמט עפּעס צו מיט ביידע הענט, און מ׳טראָגט עס אַוועק און מ׳בענוצט זיך דערמיט יעדע מינוט, ווי מיט עפּעס אַן אייגענע זאַך. פריהער, פאַר דיר, בין איך קיינעמ׳ס ניט געוועזן. און איצט בין איך דיינע, און וועל בלייבען דיינע, אפילו דו זאָלסט שוין אַליין ניט וועלען, אפילו איך זאָל שוין אַליין ניט וועלען.... איך קאָן דאָס דיר גאָרניט ער־קלערען! עפּעס האָבען מיר זיך אַזוי צוזאַמענגעטראָפען! מיט אַנדערע שרעקט דאָס מיך, עקעלט דאָס מיך זאָגאַר. אָבער מיט דיר... דו האָסט מיר געגעבען די וועלט צו זעהן, — אַ וואהרער

הימעלשער פארגעניגען... איך ליעב נור דיך; איך קאן שוין גאר קיין אנדערען, א חוץ דיר, ניט ליעבען!

זי האט אויסגעשטרעקט די ארמס אום איהם צוציהען, צו־דריקען צו זיך, אוועקצולעגען דעם קאפ ביי איהם אויפ׳ן אקסעל, מיט איהרע ליפען צו בעריהרען זיין מויל. אבער ער האט זי אנ־געכאפט פאר די הענט און זי אבגעהאלטען. ער איז געווען א צו־שראקענער, אויסער זיך, — זיין שרעקליכע חולאת איז איהם ווידער אריין אין הארצען, האט איהם, ווי דאס בלוט, געהאקט אין מח. ס'האט איהם געקלונגען ווי מיט האמערס, געשריען מיט קולות ווי פון טויזענדער מענשען, פונקט ווי אין די ערגסטע צייטען פון זיין קראנקהייט. שוין א צייט, זייט ער קאן זיך מיט איהר ניט צונויפקומען אין מיטען העלען טאג, אדער זאגאר ביים שיין פון א ליכט, אויס מורא ער זאל פון זינען ניט אראפ, קו־קענדיג אויף איהר. און אין שטוב האט איצט געברענט א לאמפ, וואס האט זיי ביידען גוט בעלויכטען. און ער האט עס געציטערט אזוי און איז אזוי געווארען אויסער זיך נור דערפאר, וואס ער האט דערזעהען איהר ווייסען קיילעכדיגען גארגעלע אונטער דעם צושפיעלטען קאלנער פון איהר הויז־קלייד.

בעטענד און ליידענשאפטליך האט זי פארטגעזעצט:

— אונז איז פארשפארט די וועלט, — וואס קאן מען טהון? פון דיר ערווארט איך שוין גאר ניט, קיין נייעס ניט, און איך וויים, אז דער מארגען וועט אונז מיטברענגען שטענדיג די זעלבע ליידען און שמערצען, — אבער וואס קאן איך טהון? מיר בלייבט נור איינס: — אזוי אויסצולעבען דאס לעבען, צו ליידען צו־זאמען מיט דיר. מיר וועלען זיך באלד אומקעהרען קיין האוור, — זאל זיך דאס לעבען געהען, ווי עס וויל זיך, אבי דו זאלסט זיין מיינער, אפילו ווען נור אויף איין שטונדע פון צייט צו צייט. דריי נעכט שוין ווי איך שלאף ניט. און איך פלאג זיך אין מיין צימער, אויף יענער זייט קארידארעל, און עס ציהט מיך צו דיר. און דו האסט אזוינע שמערצען, האסט מיר אויסגעזעהען עפים אזוי שטרענג, אז איך האב ניט געוואגט... אבער הער, זאל זיין היינט. דו וועסט זעהען ווי איך וועל זיין שטיל, איך

וועל זיך פאררוקען אין ווינקעלע אבי דיר ניט צו שטערען. און פארגעם אויך ניט, ס'איז דאך אונזער לעצטע נאכט... דא, אין דעם הויז, זיינען מיר ווי אויף עק וועלט. הער אליין, קיין לעבעדיגער נפש, קיין אטהעם; און קיינער וועט ניט קומען; מיר זיינען דא אליין, אזוי אבסאלוט אליין, אז קיין מענש וועט ניט וויסען, ווען מיר זאלען אפילו אויסגעהען איינער ביים אנדערען אין די ארמס.

אין דעם שרעקליכען הורשט זי צו האבען, אויסער זיך פון איהרע לאסקעס, האט שוין זשאק, ניט האבענדיג קיין אנדערע וואפע אונטער די הענד, זיך געהאט א לאז געטהון צו איהר זי צו דערווערגען פשוט מיט די הוילע פינגער; אבער זי האט זיך פלוצים, פון זיך אליין, בלויז אויס געוואהנהייט, א קעהר געטהון און האט אויסגעלאשען דעם לאמפ, און ער האט זי בלויז ארומגענומען און צוגעטראגען צום בעט. זיי זיינען געגאנגען שלאפען.

דאס איז געווען איינע פון די ליידענשאפטליכסטע מאמענטען פון זייער ליעבע, דער בעסטער, דער איינצעלנער מאמענט, ווען זיי האבען ווירקליך געפיהלט, אז זיי זיינען געווארען איינס, לייב און לעבען. און דאס גליק האט זיי ווי צערשיטערט, האט זיי אזוי אויסגעמאטערט, אז זיי האבען זיך אליין כמעט שוין מעהר ניט געפיהלט; זיי האבען פון דעסטוועגען ניט געקאנט איינשלאפען, און זיי האבען בלויז גערוהט זיך אומארמענדיג. און פונקט ווי יענע נאכט אין פאריז, ווען זי האט זיך איהם מודה געווען, ביי מומע וויקטאריע אין צימער, האט ער אויך איצט בלויז געהערט און געשוויגען, און זי, מיט'ן מויל לעבען זיין אויער, האט איהם זעהר שטיל געהאלטען אין איין דערצעהלען אהן אן ענד...

אפשר האט זי גאר היינט ביי נאכט, איידער זי האט אויסגעלאשען דעם לאמפ, דערפיהלט דעם מלאך־המות הינטער'ן רוקען? סעווערינע פלעגט תמיד זיין פרעהליך, און זארגלאז אין די ארמס פון איהר געליעבטען, אבוואהל איבער איהר איז געהאנגען דער טויט. אבער היינט האט זי עפעס א ציטער געטהון, זוי פון קעלט, און עפיס אן אונערקלערליכער שרעק האט זי גע־

צוואונגען זיך נאך מעהר צו צוטולען צו דער ברוסט פון דעם מאן, וואס זאל זי בעשיצען. און מיט איהר לייכטען אטהעם האט זי איהם פארטרויעט איהר נשמה.

— אה, מיין טהייערער, ווען דו וואלסט נור געקאנט, ווי גליקליך מיר וואלטען געוועזן, דארט אין אמעריקא !... ניין, ניין ! איך בעט דיך שוין מעהר ניט דאס צו טהון, וואס דו קאנסט ניט טהון ; בלויז ס'טהוט מיר נור אזוי באנג נאך אונזער זיסען חלום !... אך, איך האב מורא ! עפּיס שרעקט מיך איצט ! איך ווייס אליין ניט וואס, נור מיר דוכט זיך, אז עפּיס וויל מיר נעמען דאס לעבען. בלויז א קינדעריי, — גאנץ זיכער ; אבער יעדע ווײלע קוק איך זיך אום, גלייך ווי אימיצער שטעהט דא איבער מיר און וויל מיר דערלאנגען אין קאפּ... און א חוץ דיר, מיין ליעבער, האב איך קיינעם ניט, וואס זאל מיך פארטהיידיגען. מיין גאנצע פרייד איז איצט אין דיר ; נור צוליעב דיר וויל איך לעבען.

ניט ענטפערענדיג א ווארט, דריקט ער זי צו זיך נאך מעהר, ווי ער וואלט דערמיט געוואלט אויסזאגען אלעם דאס, וואס ער האט פארשוויגען : — זיינע געפיהלען, זיין אויפריכטיגע וואונש צו זיין גוט צו איהר, און די פייערדיגע ליעבע, וואס ער פיהלט נאך אימער צו איהר. און דאך ערשט דעם אבענד האט ער זי נאך געוואלט הרג'ענען ; וואלט זי זיך צום גליק ניט געוועזן א קעהר געטהון און פארלאשען דעם לאמפּ, וואלט ער זי געוועזן דערווארגען, — דאס איז שוין זיכער. ער וועט זיך שוין קיין מאל ניט אויסהיילען ; די קליפּה זיינע קומט איהם אן גאר אומ־ערווארטעט, און ער קאן ניט אויסגעפונען די אורזאכע, — ער קאן דאס ניט פארשטעהען. ווי, צום ביישפּיעל, הײנט, ווען עס האט זיך גאר ארויסגעוויזען, אז זי איז איהם טריי, און איהר ליעבע איז נאך הערצליכער, ליידענשאפטליכער. און אפשר טאקי וואס מעהר זי ליעבט איהם, אלץ מעהר וויל ער זי האבען, וויל ער זי עפּיס איינשלינגען, פארניכטען, אין די שרעקליכע פינסטערניש פון זיין מאנסבילשען עגאאיזמוס ? ער וויל זי, ווי די ערד וויל זי האבען, — א טויטע !

— זאָג מיר, מיין טהייערער, פאר וואָס האָב איך עפּיס אזוי מורא ? אפשר, ווייסטו פון עפּיס, וואָס בעט מיין טויט ?

— ניין, ניין ! זיי רוהיג. האָסט ניט פאר וואָס זיך צו שרעקען.

— אָבער עס ציטערט אין מיר יעדער אבר, מאַמענטענווייז. איבער מיר הענגט עפּיס א שטענדיגע סכנה ; איך זעה דאָס ניט, אָבער איך פיהל עס זעהט גוט... טאקי פאר וואָס האָב איך אזוי מורא ?

— ניין, ניין ! האָב קיין מורא ניט... איך ליעב דיך, איך וועל קיינעם ניט דערלאָזען דיר עפּיס שלעכטעס טהון... זעה, ווי גוט דאָס איז, — זיך ארומצונעהמען, אזוי, אזוי !

איין מאָמענט איז געווען שטיל, א מחיה.

— אַך, מיין געליעבטער, — האָט זי פאָרטגעזעצט מיט איהר לאַסטשענדען שטילען טאָן, — ווי פיעל נאָך און נאָך אזוינע נעכט וואָלטען מיר עס אזוי געקאָנט פארברענגען, ווי איין מענש... ווייסטו, מיר וואָלטען פארקויפט דאָס הויז, און וואָלטען אוועק מיט אונזער פארמעגען און וואָלטען צוגעשטאַנען צו דיין פריינד אין אמעריקא, וועלכער ווארט נאָך אַלץ אויף דיר... קיין טאָג געהט ניט אוועק, אז איך זאָל ניט טראַכטען דערפון. ווען איך לעג זיך נור צו... און אלע אבענדען וואָלטען געווען ווי דער אבענד היינט. דו וואָלסט מיך ארומגענומען, איך וואָלט געווען דיינס, און מיר וואָלטען זיך אזוי געשלאָפען איינער ביים אנדערען אין די ארמס... אָבער דו קאָנסט עס ניט, — איך וויים, איך וויים. און אז איך רעד דערפון, איז ניט ווייל איך וויל דיר פארשאפען שמערצען, נור ווייל דאָס קומט מיר פון׳ם האר־צען, גאָר אָהן מיין ווילען.

און פּלוצים האָט זשאק׳ן ווידער אָנגעכאפּט דער בעשלוס, וועלכען ער האָט זיך שוין אזוי אָפט געמאכט : — ער וועט הרג׳ענען רובא׳ן, כדי זי ניט צו הרג׳ענען. און אויך דאָס מאָל, ווי אלע מאָל, האָט ער באמת געמיינט, אז ער האָט דערצו גע־נוג ווילענס־קראפט, און איז פעסט.

— איך האָב ניט געקאָנט, — האָט ער אויסגעמורמעלט, — אָבער איך וויל קאָנען, האָב איך דיר דען ניט פארשפּראָכען?

זי האָט פּראָטעסטירט, אָבער שוואכליך.

— ניין; פארשפּרעך מיר בעסער ניט, כ׳בעט דיך... מיר ווערען דערנאָך קראַנק, ווען דיר פעהלט דער מוטה... און ס׳איז ווירקליך זעהר שרעקליך; מ׳דאַרף ניט; ניין, ניין! מען דאַרף ניט.

— אָך, דו ווייסט שוין גאָר גוט, אַז אין געגענטהייל, מ׳דאַרף יאָ. און טאַקי ווייל מ׳דאַרף, וועל איך געפינען דעם כח דערצו... כ׳האָב מיט דיר געוואָלט רעדען דערפון, און מיר וועלען טאַקי נאָך רעדען דערפון, ווייל מיר זיינען דאָ אַליין און קאָנען אין דער פינסטער זאָגאר אַליין ניט זעהען די ריכטיגע בעדייטונג פון אונזערע ווערטער.

און סעוועריגע האָט אָבגעזיפצט, און האָט, אפילו שוין מיט אַ שווער הארץ, זיך דאָך געלאָזט איבעררעדען, און דאָס הארץ האָט ביי איהר געקלאַפּט אַזוי שטאַרק, אַז ער האָט יעדען קלאַפּ געפיהלט אויף זיין אייגענע ברוסט.

— אָה! מיין גאָט! אַז ס׳האָט נאָך ניט געהאַלטען דאַביי, האָב איך דאָס אַזוי שטאַרק געווינשט... און איצט, אַז עס ווערט טאַקי ערנסט, געהט מיר אויס דער כח.

און זיי זיינען ווידער אַנשוויגען געוואָרען. און ס׳איז ווידער געוואָרען שטיל אונטער דעם שווערען דרוק פון זייער בעשלוס. ארום זיך האָבען זיי געפיהלט די פאַרוואָרפענקייט, די וויסטעניש פון דער ווילדער געגענד. ס׳איז זיי געוואָרען היים; זייערע קערפּערס, איינער איינגעוויקעלט אין דעם אַנדערען, זיינען געוועזן פייכט, ווי צוזאַמענגעשמאָלצען.

און ער האָט זי ווייטער געהאַלזט און געקושט; און אַז ער האָט איהר אַ קוש געטהון אין העלזעלע, האָט זי ווידער אַ מאָל גענומען רעדען מיט איהר שטיל קול׳כעל:

— ס׳וואָלט געוועזן גוט, אַז ער זאָל קומען אהער.... יאָ, איך קאָן איהם אָנשרייבען, ער זאָל קומען. כ׳וועל אויסטראַכטען צו וואָס. דערווייל ווייס איך נאָך אַליין ניט. דאָס וועלען

מיר שפעטער זעהן... און דו וועסט איהם אפוואַרטען ; דו וועסט זיך בעהאַלטען, אה ? און אַלעס קאַן דאָ נאָך צוגעהען ווי געוואונשען, — קיינער וועט דאָ ניט שטערען... אזוי וועט טאַקי זיין גוט, אה ?

אַלץ קושענדיג זי, פון'ם מויל ביז'ן גערגעלע, האָט ער זיך בעגנוגט בלויז צו ענטפערען שטיל :

— יא, יא.

אָבער זי, שטאַרק פאַרטראַכט, האָט איבערגעקלעהרט יעדעם פּיצעלע. און ווי דער פּלאַן האָט זיך פונאַנדערגעאַרבייט ביי איהר אין קאָפּ, האָט זי איבערגערעכענט יעדע איינצעלהייט און דאָס אויסגעבעסערט.

— און דאָך, מיין טהייערער, וואָלט עס געווען זעהר נאַריש פון אונז, זיך ניט צו פאַרזאָרגען אויף יעדען פאַל ; און אויב אונז דאַרף אויסקומען אַרעסטירט צ ווערען גלייך אויף מאָרגען, וויל איך שוין בעסער זיין ווי מיר זיינען איצט... ווייסטו, איך האָב ערגיץ געלעזען, כ'געדענק שוין ניט וואו, — מסתמא אין א ראָמאַן, — אז ס'איז בעסער, ווען עס זעהט אויס ווי זעלבסט־מאָרד... און ער זעהט אויס אזוי מאָדנע די לעצטע צייט, אזוי פאַרטראַכט און פאַרפינסטערט, אז קיינעם וועט דאָס ניט פאַר־וואונדערען, — מ'וועט באַלד פאַרשטעהן, אז ער איז אהער געקומען דאָ זיך נעמען דאָס לעבען... אָבער מ'דאַרף עס אזוי אויסאַרבייטען, אויסגעפינען עפּיס אזא וועג, אז אַלע זאָלען גלייך אננעמען די אידעע פון זעלבסט־מאָרד... ווי זאָגסטו ?

— געוויס ; זיכער.

און זי האָט ווייטער געטראַכט ; עס האָט זי געשטיקט, ווייל זשאַק, קושענדיג זי, האָט אין זיך אריינגעצויגען איהר גערגעלע.

— אה ? עפּיס אזוינס, וואָס זאָל ניט איבערלאָזען קיינע סימנים... שאַ, כ'האָב אַן אידעע ! אז, עס זאָל איהם, א שטייגער, טרעפען אין האַלז, וואָלט אונז ניט מעהר איבערגע־בליבען ווי איהם צו נעהמען און אַוועקלעגען אויף דער באַהן־ליניע, — פאַרשטעהסט ? מיר וועלען איהם אַוועקלעגען מיט'ן

האלז אויף דער רעלסע, אזוי אז דער ערשטער, אנקומענדער צוג האקט איהם אפ דעם קאפ. און דערנאך זאל מען זוכען, אז ער איז אין גאנצען צוקוועטשט, — קיין וואונד, גארנים !... גוט, אה ?

— יא, גוט ; זעהר גוט אזוי.

און זיי זיינען ביידע געווארען מונטערער, און זי איז געווא־רען כמעט פרעהליך און שטאלץ דארויף, וואס זי האט די ערשטע דאס אויסגעטראכט. זי האט אבער א ציטער געטהון ווען זשאק האט זי מיט נאך מעהר ליעבשאפט ארומגענומען.

— ניין, לאז מיך ; ווארט אוים אביסעל... ווייסטו, מיין טייערער, אז איך בעטראכט דאס גענויער, איז דאך דאס ניט אלץ ריכטיג. אז דו זאלסט דא מיט מיר ווייטער פארבלייבען, וועט דאך די זעלבסטמארד אידעע עפים ניט אזוי גוט אויסזעהען. דו מוזט אוועקפאהרען. הער מיך אוים. דו פאהרסט מארגען אוועק, אזוי אפען, אז דיך זאלען זעהען אי מיזאר, אי קאביש, אז מ׳זאל גוט וויסען, אז דו ביזט אוועקגעפאהרען. דו וועסט נעמען דעם צוג קיין באראנטען, און וועסט ארויפקריכען אין רואן, — וועסט שוין געפינען עפים אן אויסרעד. און דערנאך, אז ס׳וועט ווערען נאכט, וועסטו זיך אומקעהרען ; איך וועל דיר עפענען די הינ־טערשטע טיהר. ס׳איז בלויז א פיער ליעגעס ווייט, און דו קאנסט זיין צוריק אין ווייניגער, ווי אין דריי שטונדען... און איצט איז שוין דאבט זיך, אלעס ריכטיג. און ס׳קאן געטהון ווערען, אויב דו זאלסט נור וועלען.

— יא, כ׳וועל עס טהון, — וועסט זעהען.

און ער אליין האט איצט אויך נעקלעהרט ; ער האט זי שוין מעהר ניט געקושט, און איז געווען רוהיג.

און ס׳איז ווידער א מאל געווען שטיל ; און זיי זיינען זיך אזוי געלעגען, ארומגענומען, ניט ריהרענדיג זיך, ווי איינ־געטיעפט אין זייער פלאן וואס צו טהון, וועלכער איז שוין איצט געווען אבגעמאכט, בעשלאסען איין מאל פאר אלע מאל. ביס־לעכווייז זיינען זיי ווידער געקומען צו זיך פון זייער פארטראכט־

קייט, און זיי האָבען זיך ארומגענומען מיט אַלע שטייגענדע ליי־
דענשאפט ; פּלוצים איז סעווערינע געוואָרען אָבהענגטיג.

— הערסט ? און מיט וואָס פיר אַן אויסרעד קאָן איך איהם ארויסרופען אהער ? ער קאָן דאָך ערשט ארויספאָהרען נים פריהער ווי אכט א זייגער אין אבענד, נאָך דער ארבייט, און אַנקומען אהער קאָן ער ערשט ארום צעהן, — נאָך בעסער אזוי... שאַ, מיזאַר האָט מיר דערצעהלט וועגען א קונה פאַר'ן הויז, — ער דאַרף דאָ זיין איבערמאָרגען אין דער פריה ! זעהר גוט ! וועל איך, ווי איך שטעה נור אויף, טעלעגראַפירען מיין מאַן, אז ער מוז דאָ נויטווענדיג זיין. וועט ער קומען מאָרגען ביי נאכט. און דו פאָהרסט אוועק מאָרגען נאָך מיטאַג, און דו וועסט זיך קאָנען אומקעהרען איידער ער קומט אָן, ס'וועט זיין נאכט, קיין לבנה אויך ניט, און אונז וועט קיין זאַך ניט שטערען.. ס'וועט זיין ריכטיג אויף א האָאָר.

— יא, פאָלקאָמען ריכטיג.

און איצט האָבען זיי זיך געהאַלזט און געליעבט, שיער פאַרמאַטערט צו ווערען אויף טויט. און אז זיי זיינען ענדליך אנשלאָפען געוואָרען, אין דער שטילקייט, אומגעארמט, האָט שוין נענומען טאָגען, אָבוואָהל ס'איז נאָך ניט געוואָרען ליכטיג; אָבער די פינסטערקייט, וואָס האָט בעדעקט די פאַרליעבטע ווי מיט א שווארצען מאַנטעל, האָט שוין אָנגעהויבען ווייס צו ווערען.

ביז צעהן אין דער פריה איז ער געשלאָפען ווי א גע'הרג'ע־טער, ניט זעהענדיג קיין חלומות ; און אז ער האָט געעפענט די אויגען, איז ער שוין געוועזן איינער אליין : זי האָט זיך שוין גע־האַלטען אין אָנטהון אין איהר צימער פון יענער זייט קאָרידאָ־רעל. זיילען פון קלאָהרע זונענשיין זיינען אריין דורך'ן פענס־טער, האָבען ווי מיט פלאַמען בעגאָסען דעם רויטען פאָרהאַנג ביים בעט, דעם רויטען אנצוג אויף די ווענט, און דאָס גאנצע רויטע צימער ; און דאָס הויז האָט געציטערט אין דעם דונער פון א פאַרבייגעהענדען צוג. מסתמא האָט דאָס טאקי דער צוג איהם אויפגעוועקט. ווי פאַרבלענדעט האָט זשאק געקוקט אויף דער זון, אויף די רויטע שטראַהמען שיין, און ער האָט זיך דערמאָנט

ס'איז שוין בעשלאָסען; היינט ביי נאכט הרג'עט ער איהם, ווען די שעהנע זון וועט פארגעהען.

דעם טאָג איז אלעם צוגעגאנגען, ווי זשאק און סעווערינע האבען געפּלאנעוועט.

פאר פריהשטיק נאך האָט זי אוועקגעשיקט מיזאר'ן קיין באראנטען קלאפּען א דעפּעשע צו רובא'ן. און ארום דריי א זייגער האָט זשאק, ווען קאביש איז געוועזען דערביי, זיך גענומען אפּען פערטיג מאכען אין וועג אריין. און אז ער האָט זיך שוין אוועקגעלאָזט קיין באראנטען, וואו ער האָט געזאָלט נעמען דעם צוג פיער אוהר פיערצעהן, איז דער שטיין־ברעכער מיט איהם מיטגעגאנגען; טהון האָט ער ניט געהאט וואָס, און איהם האָט זיך עפּיס געגלוסט צו זיין נאָהענטער צו זשאק'ן, פיהלענדיג אז לעבען איהר געליעבטען איז ער זוי עפּיס נאָהענטער צו איהר אליין.

אין רואן איז זשאק אָנגעקומען צוואנציג מינוט פאר פינף; ער איז אראָפּגעקראָכען, און האָט זיך אָבגעשטעלט אין א גאסט־הויז, לעבען וואָקזאל, ביי זיינע א בעקאנטע, א פרוי מיט איהם פון איין פּראָווינץ. און ער האָט גלייך גענומען דערצעהלען, אז מאָרגען וויל ער דאָ פארברענגען מיט זיינע חברים, איידער ער פאָהרט ארוים קיין פאריז ווידער זיך נעמען צו דער ארבייט, אָבער דערווייל איז ער זעהר מיעד, — ער האָט א פּנים איבערשעצט זיינע כחות; און זעקס א זייגער איז ער אוועק זיך צולעגען אין זיין צימער, וואָס ער האָט זיך אָבגעקליבען אויפ'ן ערשטען עטאזש, מיט א פענסטערעל, וואָס געהט ארוים אין א קליין, וויסט געסעל.

צעהן מינוט נאך דעם איז ער שוין געווען אויפ'ן וועג קיין קרוא־דע־מאָפּרא. ער איז ארויסגעשפּרונגען פון פענסטער; קיינער האָט איהם ניט געזעהען; און ער האָט ניט פארגעסען גוט צו צומאכען דעם לאָדען, אזוי אז ער זאָל דערנאך קאָנען בשתיקה אריינקריכען צוריק.

און ס'איז ערשט געווען א פיערטעל אויף צעהן, ווען זשאק

איז צוגעקומען צו דעם איינזאמען הויז, וואס שטעהט אביסעל אן א זייט פון דער באהן־ליניע, פארלאזען און טרויעריג.

ס'איז געווען זעהר א פינסטערע נאכט; קיין שיין האט זיך ניט געמערקט אונטער די זארגפעלטיג צוגעמאכטע לאדען. און עס האט איהם ווידער א מאל פארקלעמט דאס הארץ מיט טרויער, גלייך ווי עס וואלט איהם געוואהרנט פון דעם אונגליק, וואס ווארט דא אויף איהם.

לויט ווי ער האט אבגעמאכט מיט סעווערינע'ן, האט ער דריי קליינע שטיינדעלאך ארויפגעווארפען צום לאדען פון דעם רויטען צימער; און באלד נאך דעם איז ער אוועק צום הינטער־גאנג פון דעם הויז, וואו עס האט זיך, ענדליך, זעהר שטיל גע־עפענט א טיהר, ער איז אריין; די טיהר האט ער צוגעמאכט הינטער זיך; און ער האט זיך מיט שטילע, פארזיכטיגע טריט געלאזט געהן נאך סעווערינע'ן אויף די טרעפ, אנטאפענדיג דעם וועג.

אין צימער, ביי דער שיין פון דעם גרויסען לאמפ, אויף'ן ברעג טיש, האט ער בעמערקט, אז דאס בעט איז שוין געווען צו־קנייטשט; סעווערינע איז שוין געווען אויסגעטהון, איהרע קליידער אויף א שטוהל, און זי אליין, אין נאכט־העמד, בארפוס, פארקעמט ווי פיר'ן שלאף, איהרע געדיכטע האאר פארצויגען ארויף, גאנץ הויך, ארויסשטעלענדיג איהר נאקעטען האלז. און ער איז געבליבען שטעהען פון פארוואונדערונג.

— ווי? ביזט גאר געגאנגען שלאפען?

— געוויס; אזוי איז פיעל בעסער... מיר איז דאס עבען אריין אין קאפ. אז ער, פארשטעהסטו, וועט אנקומען און איך וועל אזא פארשלעפערטע אראפגעהען איהם עפענען, וועט ער קיין שום חשד ניט קאנען האבען, איך וועל איהם זאגען, אז כ'האב שטארקע קאפשמערצען. מיזאר ווייסט שוין, אז איך לייד זעהר. און דערנאך, וועל איך קאנען זאגען, אז איך בין זאגאר פון דעם צימער ניט ארויסגעגאנגען, אז מען וועט איהם מארגען אין דער פריה געפינען, — דו ווייסט, — אויף דער־ליניע.

אָבער זשאַק האָט אַזש אַ ציטער געטאָן; דאָס האָט איהם אויפגערעגט.

— ניין, ניין! טהו זיך אָן... דו מוזט זיין אויף די פיס; דו טאָרסט אַזוי ניט ארומגעהען.

סעווערינע האָט זיך פארוואונדערט און האָט געשמייכעלט.

— אָבער פאַר וואָס, מיין טהייערער? דו דארפסט זיך ניט בעאונרוהיגען; איך פארזיכער דיך אַז ס'איז מיר גאַרניט קאַלט... נאַ, זעה, ווי היים איך בין!

און מיט אַ ליעבליכע בעוועגונג האָט זי זיך אַ לאָז געטהון איהם ארומצונעמען מיט איהרע נאַקעטע אָרמס, פארררייסענדיג ארויף איהר קיילעכדיגען האַלז, וואָס האָט זיך אויפגעדעקט, ווייל דאָס העמד האָט זיך איהר אראָפּגערוקט פון איין אַקסעל. אָבער ער האָט זיך צוריקגעצויגען, ווערענדיג נאָך מעהר אויפגערעגט, און סעווערינע האָט מילד צו איהם געזאָגט: —

— נו, בייזער זיך ניט; איך גראָב זיך גלייך איין אין בעט. זיי רוהיג, איך וועל זיך ניט פארקיהלען.

און, ווירקליך, אַז סעווערינע האָט זיך צוריק אריינגעלעגט אין בעט און האָט זיך די קאָלדערע ארויפגעשלעפּט ביז'ן האַלז, איז ער, דאכט זיך, טאַקי געוואָרען רוהיגער. דערצו נאָך, האָט זי ווייטער גערעדט אַלץ מיט איהר רוהיגען טאָן; זי האָט איהם ערקלעהרט, ווי זי האָט זיך דאָס אויסגעאַרבייט איהר פּלאַן אין קאָפּ.

— אַז ער וועט אָנקלאַפּען, וועל איך איהם געהען עפענען. פון אָנפאַנג האָב איך גערעכענט איך זאָל איהם ארויפפיהרען אהער, און דו וועסט אויף איהם וואַרטען; אָבער ס'וואָלט דאָך דערנאָך געווען שווער איהם אראָפּצוטראָגען צוריק אהער; און אין דעם צימער איז דאָ אַ פּאַרקעט, און דער אריינגאַנג איז געפלאַסטערט, און מיך וואָלט לייכט געווען אויסצו־וואַשען, אויב ס'וואָלט פארפלעקט געוואָרען מיט בלוט... און זאָגאַר, אַז איך האָב זיך נאָר וואָס אויסגעטהון, האָב איך זיך דערמאָנט אָן אַ ראָמאַן, וואָס איך האָב געלעזען פון אַ מאַן, וואָס האָט זיך אויס־

געטהון גאָר נאַקעט אום צו הרגענען אַן אַנדערען, — פאַר־שטעהסט ? מ׳וואַשט זיך דערנאָך אָרום, און מ׳האָט אויף זיך איין פאַרגליווערט טראָפּען בלוט ניט... נו, זאָלסט זיך אויך בעסער אויסטהון, מיר זאָלען ביידע פון זיך אַראָפּנעהמען די העמדער ?

מיט שרעק האָט זשאַק אויף איהר געקוקט. אָבער זי איז אויך געוועזען אַזוי שטיל, די אויגען קלאָהר ווי ביי אַ קליין מיי־דעלע, וואָס זאָרגט בלויז דאַפיר, אַז די זאַך זאָל אַזוי געטהון ווערען, אַז עס זאָל זיין דער בעסטער ערפאָלג. אַזוי האָט זי איהם אויסגעזעהען, און ביים געדאַנק, ווי זיי שטעהען עס ביידע אַזוי נאַקעט און ווערען בעשפּריצט מיט דעם בלוט פון דעם ער־מאָרדעטען, האָט איהם ביז׳ן מאַרך פון די ביינער אָנגעכאַפּט אַ ציטער, דער אַלטער עקעלהאַפטער ציטער.

— ניין, ניין !... ס׳איז דאָך טאַקי ווי ביי די ווילדע, לאָ־מיר איהם שוין פאַר איין וועג, אויפעסען ? דו האַסט דאָך איהם זאָגאָר אויף אַזוי פיעל ?

סעווערינע איז פּלוצים געוואָרען פינסטער אין פּנים. זשאַק׳ס פראַגע האָט זי מיט אַ מאָל אָוועקגעריסען פון די איינ־צעלהייטען פון דעם פּלאַן און האָט איהר געוויזען דעם שרעקלי־בען מאָרד אַליין, און די טרערען האָבען זיך איהר געשטעלט אין די אויגען.

— שוין עטליכע מאָנאַטען, אַז איך לייד פון איהם זעהר פיעל, — איך קאָן איהם מעהר ניט ליעבען. הונדערט מאָל האָב איך דאָס דיר שוין געזאָגט : — כ׳בין בערייט אויף אַלעס, איי־דער צו פערבלייבען מיט איהם נאָך אַ וואָך. אָבער ביזט גע־רעכט... ס׳איז שרעקליך צו דערגעהען אַזוי וויט !... אונזער בעגעהר צו זיין גליקליך אין איינעם דאַרף ווירקליך זיין שוין זעהר שטאַרק... בקיצור, מיר וועלען דאָס טהון אין דער פינס־טער ; דו וועסט שטעהען הינטער דער טיהר, און אַזוי ווי איך עפען איהם און ער קומט נור אַריין, וועסטו טהון ווי דו פאַר־שטעהסט... און איך וועל דיר דאַביי עפּיס קאָנען העלפען, אַז דו

זאלסט ניט דארפען אליין אלעם אויסשטעהען. איך וועל טהון וואס איך וועל אם בעסטען קאנען.

זשאק איז געשטאנען פאר'ן טיש; דא האט ער בעמערקט דאס מעסער, וואס רובא אליין האט שוין פריהער בענוצט, און וואס סעווערינע האט איצט דא אומיסטנע אוועקגעלעגט פאר זשאק'ן, אז ער זאל איהם איצט דערלאנגען. דאס אפענע קלינגעל האט געבליסטשעט אין דעם שיין פון'ם לאמפ. זשאק האט גענומען דאס מעסער, און עס בעטראכט. זי האט געשוויגען, אויך קוקענדיג אויף דעם קלינגעל. בשעת ער האט דאס נאך געהאט אין די הענד, איז קיין נוצען ניט געווען פון דעם צו רעדען. און זי האט ניט געזאגט אווארט, ביז ער האט ער צוריקאוועקגעלעגט אויף'ן טיש.

— ליעבינקער, זעהסט, איך איל דיך ניט; זאל זיין אן אנדערש מאל, אויב דו קאנסט ניט.

אבער זשאק האט געמאכט אן אונגעדולדיגע בעוועגונג; ער האט זיך איינגע'עקשן'ט.

— וואס מיינסטו בין איך דיר, — א פייגלינג? דאס מאל איז געענדיגט, שווער איך דיר!

אין דער מינוט, האט דאס הויז גענומען ציטערען אין דעם דונער פון א פארבייגעהענדען צוג, וועלכער איז פארביי ווי א בליץ, און אזוי נאהענט, אז ער איז, דאכט זיך, מיט דעם רויש פון די רעדער דורך געלאפען דאס צימער. זשאק האט צוגעגעבען:

— דאס איז זיין צוג. דירעקט פון פאריז. ער וועט אראפ אין בארענטען, און פון דארט אהער נעמט בלויז א האלבע שעה.

און ניט זשאק און ניט סעווערינע האט מעהר קיין ווארט ניט גערעדט; זיי האבען לאנג געשוויגען. און זיי האבען זיך פארגעשטעלט רובא'ן, ווי ער קומט צו זיי איבער די שמאלע סטעזשקעס, אין דער פינסטערער נאכט. און זשאק האט מעבאניש, אויך גענומען געהען איבער'ן צימער, גלייך ווי ער וואלט עפיס געוואלט אויף אזא'ן אופן נאכצעהלען יענעם'ס טריט, וואס ברענגען איהם ביסלאכווייז אלץ נאהענטער און נאהענטער.

נאָך א טריט, נאָך א טריט ; און ענדליך וועט ער, זשאק, זיך אוועקשטעלען הינטער דער טיהר אין דעם ארייגאנג, און גלייך ווי יענער עפענט נור די טיהר, שטעקט ער איהם אריין דאָס מעסער אין האלז.

סעווערינע, מיט דער קאָלדרע איבער די אקסעל, איז זיך אלץ געבליבען אין בעט, מיט'ן פנים ארויף, און האָט אויף איהם נאָכגעקוקט מיט איהרע גרויסע אויגען, ווי ער געהט זיך הין און צוריק, און דאָס האָט זי איינגעשלעפערט, — די רעגעלמעסיגקייט פון זיינע טריט, וואָס זיינען דאכט זיך, געווען, ווי דער אָבקלאַנג פון די טריט פון דעם אנדערען, דאָרט, אין דער ווייטענס. — א טריט נאָך א טריט, אָהן אן אויפהער, אָהן אן אָבשטעל. און אז ער וועט שוין ענדליך אָנקומען, וועט זי אראָפּשפּרינגען פון בעט און וועט איהם געהען עפענען די טיהר, באָרפיס, אָהן א ליכט. „דו ביסט עס מיין פריינד ? קום אריין ; איך האָב זיך שוין געלעגט". און ער וועט איהר אפילו קיין צייט ניט האָבען צו ענטפערן, — ער וועט ניעדערפאלען אין דער פינסטער מיט א צושניטענעם האלז.

און ווידער איז א צוג פארביי געלאָפען ; דער געהט שוין קיין פאריז, און בעגעגענט זיך מיט'ן ערשטען דירעקט ביי קרוא־דע־מאָפרא, בלויז א פינף מינוט רייזע פון דאנען, ערשט פינף מינוט, אלזאָ ! אך, ווי לאַנג דאָס וועט נעהמען צו ווארטען א גאנצע האלבע שעה. אין זשאק'ן האָט ווידער געקומען צו טרייבען זיין בעדירפניס צו געהען, און ער איז געגאנגען פון איין עק צימער צום צווייטען. און ער האָט שוין געהאלטען אין פרעגען זיך די בעאונרוהיגענדע פראגע, ווי אלע מענער, וואָס זייגען אָבגעשוואכט פון עפּיס א נערווען־קראנקהייט : — וועט ער דאָס זיין בכח ?

זשאק האָט זיך שוין אין דעם פונקט גוט געקענט, דאָס קומט שוין פאָר צום צעהנטען מאָל : . . צוערשט, די ענטשלאָסענהייט, די פאָלקאָמענע זיכערהייט, אז ער וועט הרג'ענען... דערנאָך, פארקלעמט דאָס הארץ, און עס נעמט איהם ווארפען העגד און פיס. און דערנאָך זיין אָבהענגיגקייט ; ער האָט קיין רעה

ניט איבער זיינע אייגענע מוסקולען, וועלכע ווערען מיט א מאל ווי ליימענע. און אום זיך ווידער א מאל אריינצוגעבען מעהר מוטה, נעמט ער זיך ווידער ברענגען די ראיות, וואס ער האט שוין אזוי פיעל מאל איבערגעקייט : אז זיין אינטערעס פא־דערט דעם טויט פון דעם מאן, אז איהם שטעהט פאר א גליק אין אמעריקא, אז ער וועט קאנען נעמען די פרוי, וואס ער ליעבט.

און דאס ערגסטע דאביי איז איצט דאס, וואס זי, סעווערי־נע, ליעגט דא פאר איהם א האלב־נאקעטע, און ער ווייסט שוין, אז ער וועט דאס מאל אויך ניט קאנען ; ווייל ער פיהלט, אז ער איז שוין ניט ביי זיך אין די הענד, .. זיין אלטע קליפה האלט איהם ווידער. דער נסיון איז צו גרויס, .. דאס אפענע מעסער, די פרוי... און געגען א מינוט שוין, ווי ער ראנגעלט זיך מיט זיך אליין. אבער ניין ; דאס מאל איז ער ענטשלאסען, ער וועט דאס טהון ; היינט וועט ער קאנען...

און זשאק ווארט אויף דעם מאן, שפאנענדיג איבער'ן צי־מער, פון דער טיהר צום פענסטער ; און ער געהט יעדעס מאל פארביי דאס בעט, און וויל אויף דעם אפילו א קוק ניט טהון.

סעווערינע ליעגט זיך אין בעט ; ווי זיי האבען זיך עס אביסעל געהאלזט און געליעבט אין די הייסע און פינסטערע שטונדען פון דער פערגאנגענער נאכט ! זי ליעגט און ריהרט זיך ניט. דער קאפ ריהרט זיך ניט אויף דעם קישען. בלויז מיט די אויגען קוקט זי איהם נאך הין און צוריק ; זי שרעקט זיך אויך ; זי האט אויך אנגסט, טאמער וועט ער היינט אויך ניט וואגען, .. היינטיגע נאכט אויך ניט... אך, צו מאכען אן ענד דערפון, אנצוהויבען פון דאס ניי, .. זי האט מעהר ווי דאס ניט געוואלט אין דער אונבעוואוסטזיניגקייט פון איהר הארצען, וואס קאן ליעבען, און זיך איבערגעבען נור דעם מאן, וואס זי ליעבט, און האט קיין רחמנות זאגאר ניט פאר יענעם מאן, וועלכען זי האט קיין מאל ניט געוואלט. אז ער שטערט זיי, דארף מען פון איהם פטור ווערען, .. וואס קאן זיין נאך נאטירליכער ? און זי, פארקעהרט, האט גאר בעדארפט זיך ברענגען ראיות, אז דער פארברעכען איז עקקעלהאפט ; און גלייך ווי דאס בילד פון בלוט

איז איהר נור ארויס פון קאָפּ, צוזאַמען מיט די שרעקליכע איינ־צעלהייטען, ווערט זי ווידער רוהיג, און שמייכעלט, און איהר פּנים איז אונשולדיג, צערטליך, שטיל.

סעווערינע האָט, דאכט זיך, גאַנץ גוט געקענט זשאַק'ן. דאָך האָט זי זיך איצט עפּיס פאַרוואונדערט. ער האָט געהאַט אַ שעהנעם, קיילעכדיגען קאָפּ, געקרייזעלטע האָאר, זעהר שווארצע וואָנסעם, שווארצע אויגען, מיט גאָלד־געלע פּינטעלאך ארום דעם שווארצאפּעל; אָבער זיין אונטערשטער באַק־ביין האָט ביי איהם ארויסגעשטארטשעט זעהר ווייט, ווי ביי א חיה, און דאָס האָט איהם זעהר ניט געפּאַסט, פאַרבייגעהענדיג לעבען בעט, האָט ער ווי געגען זיין איינענעם ווילען אויף איהר דאָך א קוק געטהון, און דער בליק אין זיינע אויגען האָט עפּיס א שיין געטהון ווי מיט עפּיס רויטעס, און ער איז מיט א מאָל מיט'ן גאַנצען קערפּער אָב־געשפּרונגען צוריק. פאַר וואָס מיידט ער זי אויס? איז דאָס אפשר דערפאַר, וואָס זיין מוטה פאַרלאַזט איהם אויך דאָס מאָל?

שוין א צייט, זייט סעווערינע פיהלט אין זיך עפּיס אַן אונ־ערקלעהרליכען אינסטינקטיווען שרעק; גיט האַבענדיג די מינ־דעסטע אידעע פון דעם געפאהר, וואָס הענגט איצט שטענדיג איי־בער איהר, מיינט זי, אז דאָס הארץ זאָגט איהר, אז זי וועט זיך מיט זשאַק'ן אין גיכען שיידען. און דאָ קומט איהר פּלוצים אַן די זיכערהייט, אז אויב ער וועט היינט אויך דעם מוטה ניט האָבען צו דערלאַנגען דעם קלאַפּ, וועט ער זי אוועקוואַרפען און וועט שוין מעהר צוריק ניט קומען, און זי בעשליעסט ביי זיך, אז ער מוז הרג'ענען, אז זי ווייסט שוין ווי איהם איינצוגעבען מוטה, אויב ער וועט אַליין ניט קאָנען.

און ווידער פליהט פאַרביי נאָך א צוג, .. אַן ענדלאָזער פראכט־צוג, און די וואַגאָנעס קייקלען זיך אַחן א ענד און אַחן א סוף אין די דריקענדע שטילקייט פון דעם צימער.

סעווערינע האָט זיך אָנגעלעהנט אויף אַן עלענבויגען און האָט געוואַרט אז דאָס קלאַפּעריי פון דעם שטורם־ווינט זאָל זיך שוין אָבטראָגען פון דאַנען ערגיץ וואו אין די פאַרשלאָפענע פעלדער.

.. נאָך איין פיערטעל שטונדע, .. האָט זשאק אדויסגע־רעדט אין דער הויך. .. ער איז שוין אריבער דעם וואלד אין בעקור, ער איז שוין האלב וועג. אך, ווי לאנג דאָס געדויערט!

אומקעהרענדיג זיך צוריק צום פענסטער, האָט זשאק, ביים בעט, דערזעהען סעווערינע׳ן אין איין העמד.

— אז מיר זאָלען אראָפּגעהען מיט׳ן לאָמפּ, — האָט זי ער־קלעהרט, וואָלסטו גוט געקענט בעקוקען דאָס פלאַץ, וואָלסט זיך אוועקגעשטעלט, און איך וועל דיר ווייזען, ווי איך עפען די טיהר, און ווי דו דארפסט דערלאַנגען דעם קלאַפּ.

ער איז אָבגעשפּרונגען, ציטערענדיג.

— ניין, ניין! קיין לאָמפּ.

— הער דאָך אויס: מיר וועלען גלייך פאַרשטעלען די שיין. מיר מוזען דאָך וויסען, וואו מיר זיינען דאָ.

— ניין, ניין! ליעג וואו דו ליעגסט!

אָבער זי האָט איהם דאָס מאָל ניט געפאָלגט; אין געגענ־טהייל, זי האָט זיך געלאָזט צוגעהען צו איהם מיט דעם אונווידער־שטעהנדליכען און רעספּעקטישען שמייכעל פון דער פרוי, וועלכע ווייסט איהר מאכט, וואָס די ליעבע שענקט איהר. אז זי וועט איהם נור ארומנעמען, וועט ער איהר נאָכגעבען, וועט ער טהון, ווי זי הייסט. און זי האָט ווייטער גערעדט, מיט א לאַסטשענדע שטימע, כדי איבער איהם צו געוועלטיגען.

— אך, מיין טהייערער, וואָס איז היינט מיט דיר? ס׳קומט אויס, ווי דו שרעקסט זיך פאַר מיר. אז איך וויל צוגעהען צו דיר, טרעטסטו אָפּ פון מיר. און דו זאָלסט וויסען, ווי איך נויטיג זיך איצט, אין דער מינוט, אַז דיר זיך אָנצושפּארען, דיך צו פיהלען לעבען מיר, אז מיר זיינען בעשטענדיג איינס, אויף אימער און אימער, — הערסט!

און זי האָט איהם ענדליך צוגעשפּאַרט צום טיש. און ער האָט זיך שוין ווייטער ניט געקאָנט אָבטראָגען פון איהר, און ער האָט אויף איהר געקוקט אין דעם העלען שיין פון לאָמפּ. קיין מאָל האָט ער זי פריהער נאָך ניט געזעהען אזא ווי יעצט, — דאָס אראָפּגעגליטשטע העמד, די האָאַר פאַרקאַמט ארויף זעהר הויך,

— אזוי אַז זי איז געווען כמעט נאַקעט, דער האַלז אין גאַנצען באַקעט, די ברוסט נאַקעט... זשאַק האָט זיך ווי געשטיקט, נאָך זיך ראַנגלענדיג מיט זיך; אָבער דער ציטער האָט איהם שוין אַרומגעכאַפּט; ער איז שוין ווי פאַרשיכור'ט פון דעם בלוט; ער קאָן זיך שוין ניט בעהערשען. ער דערמאָנט זיך, אַז דאָ ליעגט דאָס מעסער, אויף'ן טיש, הינטער זיינע פּלייצעס: ער פיהלט שוין דאָס מעסער; ער דאַרף בלויז אויסשטרעקען די האַנד.

אָבער ער שטרענגט זיך נאָך אָן און רעדט קוים אַרויס:

— לעג זיך צוריק, — איך בעט דיך!

אָבער זי פאַרשטעהט איהם ניט; זי מיינט גאָר, אַז ער ציטערט עס אזוי אויס שטאַרקע ליידענשאַפט צו איהר. און זי אַליין האָט דערמיט זאָגאַר ווי שטאָלצירט. און צו וואָס זאָל זי איהם איצט פאָלגען, אַז זי וויל, היינט אבענד זיין געליעבט שטאַרק, שטאַרק מיט אַלע כחות, — משוגע צו ווערען, און ווי א בייזע קעצלע, איז זי צו כאַהענטעה צו איהם, אַלץ נעהענטער.

— אָך, נעהם מיך אַרום... נעהם מיך אַרום שטאַרק, שטאַרק, ווען דו ליעבסט מיך, און דאָס וועט אונז גיעבען מוטה... יאָ, מוטה! אָך, ווי מיר דאַרפען מוטה. מיר דאַרפען זיך ליעבען אַנדערש ווי אַנדערע מענשען, שטאַרקער ווי אַנדערע, כדי מיר זאָלען קאָנען טהון, וואָס מיר ווילען טהון... נעהם מיך אַרום מיט'ן גאַנצען האַרצען, מיט דיין גאַנצער נשמה.

ווי א דערשטיקטער, האָט ער שוין מעהר ניט געקאָנט אָטהעמען. אין קאָפּ האָט ביי איהם אָנגעהויבען צו רוישען, ווי אין דעם טומעל פון א גאַנצען עולם, און ער האָט ניט געקאָנט הערען. הינטער די אויערען האָט איהם געברענט ווי מיט צוויי פייערדיגע שפּיזען, וואָס האָבען איהם געלעכערט דעם מח, איהם אָבגענומען הענד און פיס, אַרויסיאָגענדיג איהם פון זיך אַליין, מאַכענדיג פּלאַץ פאַר דער חיה אין איהם. שוין, אויס: די הענד זיינען ניט זיינע, און זיין בעזיצענהייט מיט דער נאַקעטער פרוי. איהרע הוילע בריסט דריקען זיך צו זיינע קליידער, דער נאַקעטער האַלז, — אזא ווייסינקער, אזא דעליקאַטער, — איז אויסגעשטרעקט. און עס ציהט איהם; ס'איז ניט

אויסצוהאלטען ; און דערווארעמער, שארפער, בעזויפענדער גערוך פון איהר ווארפט איהם אריין אין דעם לעצטען גראד היץ, דער קאפ דרעהט זיך, זיין בעוואוסטזיין געהט אוים ; און זיין ווילענסקראפט, — צערשטערט, פארניכטעט, — ווערט פאר־שווינדען.

— נעהם מיך ארום, מיין טהייערער ; מיר האבען נאך איין מינוט... ווייסט דאך, ער דארף גלייך אנקומען, און אויב ער איז געגאנגען שנעלער אביסעל קען ער דא באלד זיין, אנקלאפען יעדע סעקונדע... אויב דו ווילסט מאקי נים מיר זאלען ארונ־טערגעהען צו איהם, טא געדענק גוט... איך עפען די טיהר ; דו שטעהסט פון הינטען און — ווארט ניט, אח מאקי באלד, אה! באלד, אויף'ן ארט... אבי וואס שנעלער צו מאכען אן ענד... איך ליעב דיך אזוי, מיר וועלען זיין אזוי גליקליך ! און ער, — ער איז א שלעכטער מענש ; ער האט מיך געצוואונגען צו ליידען, אזוי פיעל ; ער איז די איינציגע שטערונג צו אונזער גליק !... אה, גיב מיר א קוש, אך ! שטארק, שטארק ! גיב מיר אזא קוש, גלייך ווי דו וואלסט מיך וועלען אויפעסען, ווי דו וואלסט מיך איינגעשלונגען !...

ניט אומקוקענדיג זיך, האט זשאק געטאפט פון הינטען מיט דער רעכטער האנד, און גענומען דעם מעסער. געגען א מינוט האט ער איהם געדריקט אין זיין פויסט. איז איהם ווירקליך צו־ריקגעקומען די דורשט ראכע צו נעמען פאר די פארצייטיגע בע־ליידיגונגען, וועלכע ער האט ניט אנגעהויבען צו געדענקען, — דיעזע אנגעזאמעלטע ביטערקייט פון זכר צו זכר, וואס איז גע־בארען געווארען פון דעם ערשטען געשלעבטס בעטרוג אין די טיעפעניש פון די פינסטערע הוילען ? ער האט אנגעשטעלט אויף סעווערינע'ן זיינע צומומעלטע אויגען, פיהלענדיג אין זיך די דורשט ארויפצוווארפען זי צו זיך אויף די פלייצעם א טויטע, — דעם קרבן, וואס ער האט ארויסגעריסען פון די אנדערע זכרים. עס האט זיך געעפענט די שרעקליכע טיהר צו דיעזען פינסטערען געשלעכט אבגרונד, — אוים ליעבע זאגאר צו טויטען, פערניכטען, אבי איינער אליין צו בעזיצען.

— גיב מיר א קוש, גיב מיר א קוש !...

סעווערינע האָט צוריקגעוואָרפען איהר מילדעס געזיכט, און מיט א מין בעטענדער צערטליכקייט האָט זי אויסגעשטרעקט איהר נאַקעטען, רייצענדען האלז...

ווען ער האָט נור דערזעהען דאָס ווייסע לייב, האָט ער מיט דער שנעלקייט פון א בליץ, א הויב געטהון דעם פויסט, וואָס איז געווען בעוואָפענט מיט'ן מעסער. זי האָט דערזעהען דאָס שיינענדע קלינגעל און האָט זיך געגעבען א וואָרף צוריק, דאָס מויל אָפּען פון איבערראַשונג און שרעק.

— זשאַק, זשאַק... מיך, גאָט, מיין גאָט! וואָרום? וואָרום?

מיט צוזאַמענגעדריקטע צייהנער, און ניט ענטפערענדיג א וואָרט, איז איהר זשאַק נאָכגעלאָפען, און נאָך א קורצען שטרייט מיט איהם, איז זי ווידער אויסגעקומען ביי'ם בעט. זי האָט אָבגעטרעטען א צואווילדעטע, אַן אונבעשיצטע; דאָס העמד איז אויף איהר געווען אין גאַנצען צוריסען.

— וואָרום? מיין גאָט! וואָרום?

זשאַק האָט אַרונטערגעלאָזט די האַנד און דאָס מעסער האָט איהר די פראַגע איבערגעהאַקט. אריינשטעכענדיג דאָס מעסער, האָט ער עס מיט א מין שרעקליכען תענוג איהר אין האלז אויסגעדרעהט. ער האָט איהר געגעבען דעם זעלבען שטאָך, ווי דער הויפּט־ריכטער גראַנמאָרען האָט געקראָגען; און אויף דעם זעלבען פּלאַץ; און מיט דער זעלבער רציחה... האָט זי צייט געהאַט א געשריי צו טהון? דאָס ווייסט ער ניט...

גראַדע אין דער מינוט איז דורכגעפלויגען דער עקספּרעסצוג פון פּאַריז מיט אַזאַ שטורם און אַזוי שנעל, אַז די ערד האָט אַזש געציטערט; סעווערינע איז געווען טויט גלייך ווי דער דונער פון דעם שטורם האָט זי דערשלאָגען.

איצט האָט זשאַק אונבעוועגליך געקוקט אויף סעווערינע'ן, וועלכע איז געלעגען ביי זיינע פיס, לעבען בעט. דער צוג האָט זיך נאָך געהערט פון דער ווייטען און זשאַק האָט געקוקט אויף איהר אין דער דריקענדער שטילקייט פון דעם רויטען צימער. און צווישען די מיט רויטען בעצויגענע ווענט און די רויטע פאָר־

האַנגען, איז סעווערינע געלעגען אויף דער ערד און האָט שטאַרק געבלוטעט ; דער רויטער שטראָם האָט איהר גערינען צווישען די ברוסטען, האָט זיך איהר צוגאָסען איבער׳ן בויך, איבער די ריפּען, און פון דאָרטען איז ער אַראָבגערונען אין גרויסע טראָפּען אויף׳ן פּאַרקעט. דאָס האַלב־צוריסענע העמד איז אין גאַנצען געווען איינגעווייקט אין בלוט. ער וואָלט קיין מאָל ניט געגלויבט אַז זי קאָן האָבען אַזוי פיעל בלוט. און וואָס האָט זשאַק׳ן שטאַרק צוגעצויגען, אַזוי אַז ער האָט ניט געקענט אַוועקנעהמען די אויגען, איז געווען די מאַסקע פון עקעלהאַפטען שרעק, וואָס דער טויט האָט איהר אָנגעטהון אויף׳ן פנים, — דאָס פנים פון דער שעהנענקער, אַנגענעהמער, מילדער פרוי. איהרע שוואַרצע האָאָר האָבען זיך אויפגעשטעלט, — אַ שלייער פון שרעק, פינסטער ווי די נאַכט. איהרע ברייט־געעפענטע, בלויע אויגען — צווילדעטע און צושראָקענע — האָבען נאָך אַלץ געקוקט מיט אַ פראַגע אין דער געהיימניס : — וואָרום, וואָרום האָט ער זי ערמאָרדעט ? און אַזוי איז זי צוטראָטען און אַוועקגעראַמט געוואָרען דורך דעם שלעכטען שיקזאַל, אַ צערטליכע און אַן אונשולדיגע, ניט וויסענדיג און ניט פערשטעהענדיג אַז דאָס לעבען איז פול מיט שמוץ און מיט בלוט.

זשאַק האָט זיך פערוואונדערט. ער האָט דערהערט דאָס וואָרטשען פון אַ בהמה, דאָס כרוקען פון אַ חזיר, דאָס רעווען פון אַ לייב ; אָבער באַלד האָט ער זיך בערוהיגט, ווייל דאָס האָט ער אַליין אַזוי געכראַפּעט. ענדליך, ענדליך ! ער האָט זיך בעפריעדיגט, ער האָט ערמאָרדעט ! יאַ, ער האָט עס ענדליך ערפילט ! אַ גרענצלאָזע פרייד ! אַן אונגעהייערער פערגעניגען האָט איהם אַרומגענומען אין דיעזער פולער בעפריעדיגונג פון זיין אייביגען וואונש. ער האָט געשפּירט ווי אַ מין שטאָלצע פערוואונדערונג, דאָס שטייגענדע געפיהל פון הערשונג פון דעם זכר, די נקבה האָט ער ערמאָרדעט, זי איז געווען זיינע אַליין, גראַדע ווי ער האָט דאָס שוין אַזוי לאַנג געוואָלט: זי זאָל זיין זיינע, אין גאַנצער, אפילו מיט׳ן רעכט זי צו פערניכטען. זי איז שוין ניטאָ, זי וועט שוין קיין מאָל צו קיינעם ניט געהערען...

מיט א שארפען וועהטאג האט ער זיך פלוצלינג דערמאנט אין א צווייטען מארד, אן דעם טויטען קערפער פון דעם הויפט־ריכטער גראנמארען, וועלכען ער האט געזעהען אין יענער שרעקליכער נאכט, געגען א פינף הונדערט מעטר פון דאנען. גראדע ווי פון יענעם, איז אויך פון דיעזען ווייסען מענשליכען קערפער, וואס איז בעגאסען מיט בלוט, געווארען ניט מעהר, ווי צוריסענע שטיקער, — א מין צובראכענע ליאלקע, א צופוילטע טראנטע; און דאס האט געמאכט פון דעם מענשען נור איין קלאפ פון'ם מעסער. יא, אזוי איז דאס טאקי געוועזן! ער האט ערמארדעט, און אט וואס ליעגט פאר איהם איצט אויף דער ערד. זי אויך, גראדע ווי יענער, האט געגעבען א פאל צוריק; אבער זי איז געפאלען אויפ'ן רוקען, די לינקע האנד אונטער דער זייט, די רעכטע איינגעבויגען און האלב אבגעריסען פון'ם אקסעל. אין יענער נאכט, קוקענדיג אויף דעם געשטאכענעם מאן, האט ער דען ניט געשווארען, מיט א שטארק קלאפענדעם הארץ, אז ער מוז אויך אמאל וואגען, ווען עס וועט איהם אנכאפען דער שטייגענדער דורשט צו הרג'ענען. אה! ניט צו זיין קיין פייגלינג, זיך בעפריעדיגען, און ארייכשטעכען דאס מעסער! אונבעוואוסטערהייט איז דאס געפיהל געוואקסען און זיך געשטארקט אין איהם; זייט א יאהר שוין, אז ס'איז ניט אוועקגעגאנגען קיין איינציגע שטונדע, וואס ער זאל זיך ניט ערנעהענטערן צו דעם אונפערמיידליכען. זאגאר אין די ארעמס פון דיעזער פרוי, אונטער איהר קושען, איז זיך די שטילע ארבייט געגאנגען פארווערטס; דיביידע מארדען זיינען צוזאמענגעשמאלצען געווארען אין איינעם, איז דען דער צווייטער ניט געוועזן די לאגישע פאלגע פון דעם ערשטען?

א פערטויבענדע קנאקעריי, דאס ציטערען פון דעם הויז האבען זשאק'ן געבראכט צו זיך; ער איז געשטאנען מיט'ן מויל אפען, שטארק פערטיעפט, לעבען דער טויטער. וואס איז דאס? האט אימיצער די טיהרען איינגעבראכען? זיינען דאס מענשען געקומען איהם ארעסטירען? ער האט זיך ארומגעקוקט און האט ארום זיך גאר ניט געפונען. אך, יא, דאס איז געוועזן ווידער

א מאל א צוג און רובא, וואס דארף באלד אנקלאפען, און וועלכען ער וויל הרג'נען ? אן איהם האט ער גאר פערגעסען. זשאק'ן האט דאס גאר ניט באנג געטהון, אבער ער האט געהאל־טען זיין טראט פאר נאריש. צו וואס ? וואס האט דא פאַ־סירט ? די פרוי, וואס ער האט געליעבט, און וואס האט איהם ליידענשאפטליך געליעבט, ליעגט איצט אויף'ן פארקעט מיט א צושניטענעם האלז ; אין דער צייט, וואס איהר מאן, — די הויפט־שטערונג צו זייער גליק, — לעבט. און אט קומט ער איצט אן, שריט ביי שריט, אלץ נעהענטער און נעהענטער, אין דער פינסטערניש. מאנאטען לאנג שוין ווי איהם רובא'ן, היטען אפ זשאק'ס ערציהונג און זיינע אידעען פון מענשליכקייט, לאנזאם ערווארבענע און גע'ירש'ענטע פון דור דורות. אט דעם מענשען האט ער ניט געקאנט אפווארטען ! און דא, אין געגענטהייל, זאגאר געגען זיין אייגענעם אינטערעס, לאזט ער זיך הינרייסען פון די דורשט נאך געוואלד, — אויך א גע'ירש'ענטע, — פון דער בעזיירפנים צו בעגעהען א מארד, וואס האט אין די פארצייטיגע ווילדער געצוואונגען איין חיה זיך צו ווארפען אויף דער צווייטער. און ווירקליך, הרג'ט מען דען מיט איבערלעגונג ? מען הרג'ט נור אונטער'ן אימפולס פון בלוט און נערווען, — אן איבערבלייבעניש פון די פארצייטיגע שטרייטען, די נויטיגקייט צו לעבען, און די פרייד זיך צו פיהלען דער שטארקערער.

זשאק האט שוין איצט געפיהלט נור די מיעדקייט פון דער בעפריעדיגונג, אבער ער איז ווי צוטומעלט : ער וויל דאס פער־שטעהען, אבער אין דער טיעפעניש פון זיין בעפריעדיגטער ליידענשאפט האט ער ניט מעהר געפונען, ווי די ערשטוינונג און דאס ביטערע, טרויעריגע בעוואוסטזיין, אז פארריכטען קאן מען שוין דאס ניט. דאס אויסזעהען פון דער אונגליקליכער מיט איהר דערשראקענעם, פראגענדען בליק איז איהם געווארען אונערטרעגליך. ער האט געוואלט אבקעהרען די אויגען, אבער ער האט דערפיהלט, אז עפעס אן אנדערע, ווייסע פיגור שטעהט ביים עק בעט... קומט שוין דער מת אזוי שנעל איהם זיך צו בעווייזען ? אבער ער דערקענט פלארע'ן. זי איז שוין אמאל געקומען, ווען

ער האָט געהאַט היץ נאָך'ן אונגליק. קיין צווייפעל, זי טריאומ־פירט איצט אין איהר ראַכע...

זשאַק ווערט פערגליווערט פון שרעק; ער האָט זיך געוואונ־דערט, וואָס מהוט ער דאָ? וואָס זאמט ער זיך דאָ אזוי לאַנג אין דיעזען צימער? ער האָט בעגאַנגען אַ מאָרד, ער איז אָנ־געזעטיגט, בעפריעדיגט און בעזויפט פון דעם שרעקליכען וויין פון פערברעכען...

און ער אנטלויפט. ער פארטשעפּעט זיך אָן מעסער אויף דער ערד; ער לויפט שנעל אראָפּ פון די טרעפּ און עפענט די פּאַ־ראַדנע טיהר, גלייך ווי די קליינע טיהר וואָלט ניט געווען גרויס גענוג, און פליהט ווי משוגע ארויס אין דרויסען, אין דער טינט־שווארצער נאַכט, און ווערט פערשוואונדען. ער האָט זיך אפילו קיין איין מאָל ניט אומגעקוקט. און דאָס פערשאָלטענע הויז, וואָס איז געשטאַנען מיט דער זייט ביים ברעג פון וועג, איז איבער געבליבען פון הינטען אין דער מאַכט פון טויט.

דיעזע נאַכט, גראַדע ווי אין די פריהערדיגע, איז קאַביש אריבערגעקראָכען דעם פּלויט, און האָט זיך ארומגעדרעהט אונ־טער סעווערינע'ס פענסטער. ער האָט גוט געוואוסט, אז מען וואַרט אויף רובאָ'ן און האָט זיך ניט געוואונדערט, וואָס ער האָט געזעהען די שיין דורך די שפּאַלטען פון'ם לאָדען. אָבער דיזער מאַן וואָס איז אראָבגעשפּרונגען פון דעם פּאַראַדנעם אריינ־גאַנג, און איז ווי אַ צו־ווילדעטער אוועקגעלאָפען איבער די פעל־דער, האָט איהם ווי צוגענגעלט פון פערוואונדערונג. עס איז שוין סאַי ווי סאַי געווען צו שפּעט נאַכצויאָגען זיך נאָך דעם אנטלאָפענעם. און דער דערשראָקענער און פערוואונדעטער שטייַן ברעכער איז געבליבען שטעהן פאַר דער אָפענער טיהר פון דעם אריינגאַנג, וועלכע האָט אויסגעזעהען ווי די עפענונג פון אַ פינ־סטערער הייל. ער האָט זיך געשלאָגען מיט דער דעה. וואָס האָט פּאַסירט? זאָל ער אפשר אריינגעהן? די טיעפע שטילקייט, די פּאָלקאָמענע אונבעוועגליכקייט און דער ברענענדער לאָמפּ, דאָרט אויבען, האָבען איהם געדריקט אויף'ן הארצען מיט אַ שטייגענדער אַנגסט.

ענדליך האָט זיך קאַביש בעשלאָסען און איז, אַנטאַפענדיג מיט די הענד, ארויסגעגאנגען. פאר דער אָפענער טיהר פון'ם צימער האָט ער זיך ווידער אָבגעשטעלט. אין דער שטילער ליכט פון'ם לאָמפּ, האָט זיך איהם פון דער ווייטען אויסגעוויזען, אז נעבען בעט ליעגט א גאנצער בארג קליידלאך. סעווערינע האָט זיך שוין, אָהנע צווייפעל, אויסגעטהון. מיט שרעקעניש און מיט א קלאַפענדען הארץ האָט ער זי שטיל א רוף געטהון. דאָ האָט ער פּלוצלונג דערזעהען דאָס בלוט, ער האָט אַלעס פערשטאַנען, האָט זיך געגעבען א לאָז מיט א שרעקליכען געשריי, וואָס האָט זיך ארויסגעריסען פון זיין צובראָכענעם הארצען. מיין גאָט! דאָס איז זי — אַן ערמאָרדעטע, און אַנידערגעשליידערט אין איהר אונגליקליכער נאַקעטקייט!.....

עס האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אז זי אָטהעמט נאָך, און איהם האָט אַנגענומען אזא פערצווייפלונג, אזא פיינליכע שאנדע זי צו זעהען גוססן'ן א נאַקעטע, אז ער האָט זי א כאַפּ געטהון, ווי א ברודער, אין זיינע אָרמס, האָט זי אויפגעהויבען, אוועקגעלעגט אויפ'ן בעט; ער האָט אויפגעהויבען דאָס ליילאך, זי צוצודעקען. אָבער מיט דיעזער אומארמונג, — די איינציגע ליעבליכקייט, וואָס ער האָט ווען עס איז פון איהר געהאט — האָט ער זיך מיט בלוט איינגעשמירט ביידע הענט און די ברוסט. איהר בלוט האָט פון איהם געקאַפּעט...

פּלוצלונג האָט ער דערזעהען רובאַ'ן און מיזאר'ן, וועלכע זיינען נאָר וואָס אריינגעגאנגען. זיי האָבען זיך אויך בעשלאָסען ארויפצוקומען, ווען זיי האָבען געפונען אַלע טיהרען אָפען. רובאָ איז אַנגעקומען אביסעל שפעטער, ווייל ער האָט זיך אָבגעשטעלט רעדען מיט מיזאר'ן, וועלכער האָט איהם דאן אביסעל באַגלייט, פאָרטזעצענדיג דעם געשפרעך. זיי האָבען ביידע פערוואונדערט געקוקט אויף קאַביש'ן, ביי וועמען די הענט זיינען געווען פארבלוטיגט, ווי ביי א קצב.

— דער זעלבער שטאָך, ווי ביים הויפּט־ריכטער, — האָט געזאָגט מיזאר, בעטראַכטענדיג די וואונד.

רובא האט געשאקעלט מיט'ן קאפ, ניט ענטפערענדיג און גיט זייענדיג אים שטאנדע אבצורייסען די אויגען פון סעוועדינע'ן, פון איהר פנים מיט'ן אויסדרוק פון העסליכען שרעק, מיט איהרע שווארצע האאר, אויפגעשטעלט איבער'ן שטערן, און מיט איהר ברייט אויפגעעפענטע בלויע אויגען, וואס האבען געפרעגט: ווארום?

.12

דריי מאנאט שפעטער, אין א ווארימער יוני נאכט, האט זשאק געפיהרט דעם עקספרעס קיין האוור, וואס איז ארוים פון פאריז האלב זיעבען. זיין נייע מאשין, נומער 608, וועלכע ער האט דער ערשטער גענומען צו דער ארבייט, איז ניט געווען געהארכזאם אדער ריההרעוודיג; זי איז געווען גראדע ווי די יונגע פערדלאך, וועלכע מען דארף לאנג צוגעוואהנען, איידער זיי לאזען זיך אנטהון דעם צוים. זעהר אפט האט ער זי געשאלטען מיט קללות און האט געביינקט נאך „ליזא'ן"; ער האט אויף איהר שטענדיג געמוזט אויפפאסען, און האט קיין מאל ניט געטארט אראבנעהמען די האנד פון דעם רעגוליער־רעדעל. אבער יענע נאכט איז דער הימעל געווען אזוי שעהן און אנגענעהם, אז איהם האט זיך פערגלוסט צו זיין עטוואס וועניגער שטרענג און איהר געבען אביסעל די פרייהייט צו לויפען לויט איהר פאנטאזיע; דאס איינאטהמען פון דער פרישער, פרייער לופט האט איהם זעהר צופרידען געמאכט. ער האט זיך נאך קיין מאל ניט געפיהלט אזוי גוט: קיינע געוויסענביסע, א בערוהיגטער און פול מיט גליקליכער צופרידענהייט.

זשאק, וועלכער האט אויפ'ן וועג קיין מאל ניט גערעדט, האט איצט געמאכט שפאס מיט פעקע'ן, וועלכען מען האט איהם ווידער געגעבען אלס הייצער.

— ווי קומט עס? עפים קוקט איהר מיט די אויגען אזוי גלייך ווי איהר וואלט א חוץ וואסער קיין מאל גאר ניט געטרונקען.

און ווירקליך, פעקע האט געגען זיין געוואהנהייט אויסגע־

זעהען ניכטער און זעהר טרויעריג. ער האָט געענטפערט מיט א שארפער שטימע:

— מען דארף עפענען די אויגען, ווען מען וויל זעהן קלאָהר.

זשאַק האָט מיט פערדאַכט אויף איהם א קוק געטהון, ווי א מענש ביי וועמען דאָס געוויסען איז ניט גאַנץ ריין.

א וואָך פאַר דעם האָט זשאַק ענדליך בעשלאָסען זיך צו־זאַמען קומען מיט דער געליעבטער פון זיין חבר, מיט דער שרעקליכער פילאָמענע'ן, וועלכע האָט זיך שוין פון א לאַנגער צייט געדרעהט ארום איהם ווי א מאָגערע פערליעבטע קאַץ. ביי זשאַק'ן האָט זיך דאָ ניט געהאַנדעלט וועגען דעם געשלעכט־ליכען געפיהל; ער האָט זיך נור נאָכגעגעבען דעם וואונש צו מאַכען א פּראָבע, צי ער איז שוין אין גאַנצען אויסגעהיילט, נאָך דעם ווען ער האָט שוין צופרידען געשטעלט זיין שרעקליכע בעדירפנים? קען ער, אָט מיט דיזער פרוי לעבען און איהר ניט ארייגשטעכען א מעסער אין האַלז אריין? שוין צוויי מאָל איז ער ביי איהר געווען, — און גאָר ניט: — קיין אונרוהע, קיין שרעק! זיין גרויסע פרייד, זיין רוהיגער פרעהליכער אויס־זעהען, האָט, קאָן זיין, אָבגעהאַנגען, אפילו אָהן זיין וויסען, פון דער צופרידענהייט, אז ער איז א מענש גלייך מיט אלע מענ־שען.

ווען פעקע האָט געעפענט דעם אויוועך פון לאָקאָמאָטיוו אריינצו־ווארפען קוילען, האָט איהם זשאַק אָבגעשטעלט:

— ניין, ניין! טרייבט זי ניט צו פיעל; די מאשין געהט גוט.

דער הייצער האָט אויסגעשאָסען מיט א שטראָם זידלעריי.

— גוט? אזא יאָהר אויף איהר.... אזא שמוציגע.... אזא בעסטיע.... אז איך דערמאָן זיך נור אז אויף יענע, די פריהעריגע, האָט מען זי יאָ געבלאָזען, אָבוואָהל זי איז געווען אזא שטי־לענקע!.... און די שלעפּערקע דאָ, — זי האָט אפילו ניט די־ווערטה צו קריעגען א בריק מיט'ן פוס אין הינטען.

אום זיך ניט צו צובייזערען, האָט זשאַק בעסער אין גאַנ־צען פארשוויגען. ער האָט אָבער אויך גאַנץ גוט געפיהלט, אז

זייער אמאליגער לעבען אין דרייען וועט שוין צוריק ניט קומען. מיט'ן טויט פון „ליזא'ן" איז אויך אבגעשטארבען די פריינד־שאפט צווישען איהם און פעקע'ן און דעם לאקאמאטיוו. איצט קריגען זיי זיך איבער א גארניט, איבער א שרייפעל, וואס איז צו פעסט פארשרויפט, איבער א לאפעטע קוילען, וואס איז ניט ריכטיג אונטערגעווארפען. און זשאק האט ביי זיך אבגעמאכט צו זיין פארזיכטיג מיט פילאמענען; ער האט ניט געוואלט ס'זאל ווערען אן אפענער קריעג צווישען זיי דא אין דעם ענגען ארט ביי דער מאשין, וואס טראגט זיי, איהם און זיין הייצער. כל זמן פעקע פיהלט, אז ער ווערט גוט בעהאנדעלט, אז ער קאן אב־שפארען פון די קוילען, און אויך אבעסען וואס זשאק לאזט איבער, און איז דערפאר געטריי ווי א הונט און פאלגט, און וואלט פאר זשאק'ן א יעדען ארויסגענומען די אויגען, קענען זיי לעבען ווי צוויי ברידער, אומגערעדט, אין זייער טעגליכע גע־פאהר, ניט נויטיגענדיג זיך אין פיעלע ווערטער אום זיך צו פארשטעהן. אבער אז מען הערט זיך אויף צו פארשטעהן, און מען מוז טאג־טעגליך שטעהן זייט ביי זייט, זיך טרייסלען צוזא־מען, און זיך דאביי איינער דעם אנדערען האלטען אין איין עסען, מוז דאס ווערען פשוט א גיהנם. ניט אומזיסט האט די קאמ־פאניע, ערשט יענע וואך, צושיידט דעם מאשיניסט און דעם הייצער פון דעם שערבורגער עקספרעס־צוג; ווייל עפיס איבער א פרוי, האט דער מאשיניסט איינפאך געגעסען דעם הייצער, און יענער ווידער האט ניט געוואלט פאלגען; און זיי האבען זיך געשלאגען און גע'הרג'עט, זאגאר אין גאנצען פארגעסענדיג אן די גאנצע מאססע פאסאזשירען וואס זיי פיהרען דא מיט די גרעסטע שנעלקייט.

צוויי מאל האט פעקע שוין נאך דעם ווידער געעפענט דעם אויוועז, ארייגווארפען קוילען, איינפאך אבי ניט צו פאלגען, אבי ס'זאל ווערען א קריעג; און זשאק האט זיך געמאכט ניט זע־הענדיג, שטארק פארטיעפט אין זיין ארבייט, בלויז אין זינען האבענדיג אלע ווייל'ע א דרעה צו טהון דאס רעדעל פון דעם אינזשעקטאר, וואס פארקלענערט דעם דרוק. און איז דרויסען

איז געווען אזוי שטיל, דאָס פרישע ווינטעל אויפ׳ן וועג איז גע־
ווען אזוי אנגענעהם אין דער ווארימער יוני נאכט!

עלף אוהר פינף, ווען דער צוג איז אריין אין האוור, האָבען
די צוויי מענער, ווי צוויי גוטע פריינד, זיך מתעסק געווען מיט
דער מאשין ווי אלע מאָל.

אָבער אין דער מינוט, ווען זיי האָבען שוין געזאָלט ארויס־
געהן פון דער סטאנציע צו געהען זיך לעגען אין דער גאס
פראנסוא־מאזעלין, האָט זיי אימיצער א רוף געטהון.

— וואָס אײלט איהר זיך אזוי? קומט אריין אויף א ווײלע.

דאָס איז געווען פילאָמענע, וועלכע האָט קענטיג אָבגעוואַרט
זשאַק׳ן ביי איהר ברודער׳ס שוועל. זי האָט האסטיג אָן אונ־
צופרידענעם מאַך געטהון ווען זי האָט דערזעהען פעקע׳ן; און
זי האָט זיך בעשלאָסען זיי ביידען צו רופען צוזאמען נור צוליעב
דעם פארגעניגען צו קענען רעדען א פּאָאר ווערטער מיט איהר
נייעם פריינד, ווען זי זאָל דערפאר מוזען אויסשטעהן די אנווע־
זענהייט פון איהר אלטען פעקע.

— לאָז אונז געמאַך, עה! — האָט פעקע ארויסגעבורטשעט.

— טשעפּע זיך אָפּ, מיר ווילען שלאָפען.

— ווי פריינדליך, ער איז אביסעל! — האָט פילאָמענע גע־
ענטפערט מיט א געלעכטער; — אָבער מ׳סיע זשאַק איז ניט
ווי דו; ער וועט אויסטרינקען מיט מיר א גלעזעלע.... ניט
וואהר, מ׳סיע זשאַק?

דער מאשיניסט האָט שוין בדעה געהאט, אוים פאָרזיכ־
טיגקייט, זיך צו ענטזאגען; נעמט פעקע און שטימט איין;
איהם איז אריין אָן אידעע אז ער וועט זיי ביידע גוט נאָכקוקען
און וועט זיך דאָ זיכער קאָנען איבערצייגען.

זיי זיינען אריין געגאנגען אין קיך, האָבען זיך אוועקגע־
זעצט ביים טיש, און זי האָט אוועקגעשטעלט א פלעשעל שנאפּס,
ערקלעהרענדיג אין א נידריגען טאָן:

— מ׳דארף זיך בעמיהען ניט צו מאכען צו פיעל לארם, וויל
מיין ברודער שלאָפט פון אויבען, און ער האָט ניט איבעריג ליעב
אז ביי מיר איז דאָ אן עולם.

און דערלאַנגענדיג די גלעזלאַך, האָט זי באַלד נאָך צו־געזעצט:

— שוין געהערט? מאַדאַם לעבלע האָט דאָך צוגעמאַכט אַן אויגעל, היינט אין דער פריה!... אָה, כ'האָב תמיד געזאָגט, אַז דאָס וועט זיין איהר טויט, איהר נייע דירה פון הינטען — אַן אמת'ער געפענגניס. זי האָט נאָך דאָ אָבגעמוטשעט זיך פיער מאָנאַט, און האָט זיך אויסגעגעסען דאָס האַרץ, וואָס מעהר ווי דעם צינערנעם דאָך זעהט זי ניט.... און וואָס, מיינט איהר, האָט איהר געמאַכט דעם סוף, ווען זי האָט שוין מעהר ניט גע־קאָנט אויפשטעהען פון איהר ווייכען שטוהל? זי האָט מעהר שוין ניט געקאָנט נאָכשפּיאָנירען מאַדמואזעל גישאַן און מ'סיע דאַבאַדיע, — און דאָס איז שוין געוואָרען ביי איהר אַזאַ גע־וואָהנהייט, גלויבט מיר, ס'האָט זי געקרענקט ביז'ן טויט אריין, וואָס זי קאָן זיי ניט כאַפּען, און זי איז טאַקי געשטאָרבען דערפון.

פּילאָמענע האָט זיך אָבגעשטעלט, פאַרזוכט אַ טראָפּען שנאַפּס, און האָט אַ לאַך געטהון.

— קיין פראַגע ניט, אַז זיי לעבען צוזאַמען. אָבער זיי זיינען אַזוי קלוג... מען זעהט זיי ניט, און מען הערט זיי ניט, און גאָר כאַפּ זיי... אָבער נאָך אַלעם דעם ווייס איך, אַז די קליינינקע מאַדאַם מולען האָט זיי יאָ אַמאָל געזעהען, אין אבענד. אָבער זי וועט ניט רעדען, מעגט איהר זיך פאַרלאָזען; זי איז צו אַ גרויסער נאַר, און אַ חוץ דעם, איז איהר מאַן, דער אָרויסהעל־פער...

און זי האָט זיך אַליין דאָ איבערגעשלאָגען די רעד.

— הערט, כ'בעט אייך, איבער אַכט טאָג, הויבט זיך דאָך אָן, אין רואַן, רובאָ'ס פאַרהער פאַר'ן געריכט.

ביז אַהער האָבען זשאַק און פּעקע געהערט, אַליין ניט אריינשטעלענדיג אַ וואָרט. פּעקע האָט פּשוט זי געהאַלטען פאַר אַ פּוסטע פּלאַפּערקע; מיט איהם פּלעגט זי אָבער קיין מאָל ניט רעדען אַזוי פיעל, און ער האָט איצט פון איהר די אויגען ניט אָראָפּגעלאָזט, ווייל ער האָט זיך ביסלעכווייז אַלץ מעהר

געקאָכט פון אייפערזוכט, וואָס זי שמייכעלט זיך דאָ אזוי צו זיין עלטסטען.

— יא, — האָט דער מאַשיניסט געענטפערט מיט פאַלקאָ־מענע רוהיגקייט, — מען רופט מיך ארויס צום געריכט.

פילאָמענע האָט זיך צו איהם צוגערוקט, שוין צופרידען מיט דעם אליין וואָס זי קאָן זיך אָן איהם אָנריהרען מיט'ן עלענ־בויגען.

— און מיך אויך, איך בין אויך אַן עדות... אָך, מ'סיע זשאַק, בשעת מ'האָט מיך גענומען אויספרעגען וועגען אייך, — איהר ווייסט דאָך, מ'האָט געוואָלט אויסגעפינען אויף ריכטיג אייערע פערהעלטניסע צו דער ערמאָרדעטע נעבאָך; — יא, אז מ'האָט מיך גענומען אויספרעגען, האָב איך דעם ריכטער גע־זאָגט: „אָבער, הערר ריכטער, ער האָט דאָך זי פארגעטערט, — אונמעגליך אַז ער זאָל איהר וועלען עפּיס שלעכטס טהון!“ ניין, אפשר! איך האָב אייך ביידע געזעהען צוזאמען, — איך האָב געקאָנט וויסען פון וואָס איך רעד.

— אָה, — האָט דער יונגער מאַן געענטפערט זעהר גלייכ־גילטיג, — איך האָב זיך ניט געזאָרגט: איך האָב זיי געקאָנט געבען אַ רעכנונג פון דער גאַנצער צייט, וואו איך בין געוועזן, שטונדע נאָך שטונדע.... און אז די קאָמפּאַניע האָט מיר ניט אָבגעזאָגט פון מיין שטעלע, איז דאָס טאַקי דערפאַר, וואָס מ'האָט גענען מיר ניט דאָס מינדעסטע.

ס'איז געוואָרען שטיל; זיי האָבען אלע דריי לאַנגזאם געטרונקען.

— ס'נעמט אַזש אָן אַ ציטער, — האָט פילאָמענע ווידער געזאָגט. — די בייזע חיה, דער קאַביש, וועלכען מ'האָט ארע־טירט, — אין גאַנצען איינגעטונקט אין די בלוט פון די אָרימע דאַמע! ס'אַ מין אידיאָטען אייניגע מענער זיינען! הערסט, געהן הרג'ענען אַ פרוי, ווייל מען וויל זי, — און אַז די פרוי איז שוין טויט, האָבען זיי עפּעס דערפון!... און ווייסט איהר, דאָס וועל איך אין מיין לעבען ניט פארגעסען, ווי מ'סיע קאָש האָט יעמאָלט ארעסטירט מ'סיע רובאָ, אויף דער פּלאַטפאָרמע פיר

די פּאסאזשירען. כ'בין אַליין געווען דערביי. איהר ווייסט דאָך, אז רובאַ'ן האָט מען ארעסטירט ערשט א וואָך נאָך דעם, — גלייך אויף מאָרגען נאָך דער לויה, ווען ער איז זיך גאנץ קאַלטבלוטיג געקומען אויפ'ן וואָקזאל. געהט צו איהם צו מ'סיע קאָש און קלאפּט איהם אָן אין פּלייצע, ערקלעהרענדיג דאביי, אז ער האָט בעקומען א בעפעהל איהם אָבצופיהרען אין גע־פענגניס. בערעכענט נור! איינער אָהן דעם אנדערן ניט א טריט, אין איינעם געשפּיעלט אין קאָרטען גאנצע נעכט! אָבער אז מ'איז אונטערזוכונגס־קאָמיסאַר, — וואָס קאָן מען טהון? פיהרט מען דעם טאַטען מיט דער מאַמען צו דער גיללאָטינע, — אז דאָס איז שוין אזא בעשעפטיגונג אזוינע. און ער נעהמט זיך וויניג וואָס צום הארצען, דער מ'סיע קאָש! כ'האָב איהם געזעהען אין די קאפע „די־קאָממערס", דאָ ניט לאנג, — האָט ער עם אביסעל געהאַקט אין קאָרטען; ער מאַכט זיך פון זיין פריינד ווי פון דעם טירקישען פּאשא.

פּעקע, די צייהנער פארקוועטשט, האָט א זעץ געטהון מיט'ן פויסט אין טיש.

צום טייוועל! ווען איך זאָל זיין אויף רובאַ'ס פּלאץ און דאָס ווייב וואָלט מיר צוגעשטעלט א פּאָאָר הערנער.... איהר לעבט מיט זיין ווייב, אַז אַנדערער הרג'עט זי אַוועק, און וועמען געהט מען משפּט'ען? איהם אליין.... איך זאָג אייך, מ'קאָן פּלאַצען פון אזא רציחה!

— אָבער, גרויסע בהמה, — האָט פּילאָמענע זיך אָבגע־רופען, — מען בעשולדיגט דאָך רובאַ'ן, אז ער האָט עס יענעם אונטערגעהעצט, אום זיך צו בעפרייען פון דער פרוי, צוליעב עפּיס געלד־זאַכען, ווי מען דערצעהלט. עס ווייזט זיך ארויס אז מען האָט ביי קאַביש'ן געפונען דאָס זייגערל פון דעם הויפּט־ריכטער גראַנמאָרען. — געדענקט איהר, דעם הערר, וואָס מ'האָט ערמאָרדעט אין וואַגאָן נאָך מיט א אַנדערהאַלבען יאָהר צוריק. נו, האָט מען יענעם מאָרד פארקניפּט מיט דער יעצטיגער גע־שיכטע און ס'איז געוואָרען א פינסטערע מישעניגע. איך קאָן

עס אייך ניט ערקלעהרען. ס'איז געווען אין צייטונג, אָנגע־שריבען א גאַנץ גרויס שטיק.

זשאק איז געוואָרען צוטראָגנען; ער האָט דאכט זיך גאָרניט געהערט; ער האָט געמורמעלט:

— וואָס דאַרפען מיר זיך דאָ דרעהען דעם קאָפּ? וואָס געהט דאָס אונז אָן?... אויב דאָס געריכט ווייסט ניט וואָס עס טהוט, פון וואַנען זאָלען מיר וויסען?

און ער האָט זיך ווי פאַרטראַכט, און דאָס פּנים איז איהם געוואָרען בלאַס, און ער האָט צוגעזעצט:

— ס'איז נור א רחמנות אויף דער אָרימער פרוי.... אָך, די אָרימע, אָרימע פרוי, נעבאָך!

— און איך, — האָט פּעקע אויסגעשריען מיט היץ, — איך האָב א פרוי, און אז אימיצער זאָל זיך ביי מיר דערוועגען זי אָנצוריהרען, וואָלט איך זיי ביידע דערוואָרגען, און דערנאָך זאָל מען מיר אָבהאַקען דעם קאָפּ, — אַרט מיך שוין ניט.

און ס'איז ווידער אַמאָל געוואָרען שטיל. פילאָמענע האָט צום צווייטען מאָל אָנגעגאָסען די קליינע גלעזלאך, האָט זיך גע־מאַכט כלומרשט לאַכענדיג און האָט א ציה געטהון מיט די פּלייצעס. אָבער אין האַרצען האָט זי זיך ריכטיג דערשראָקען, און האָט מיט אַן אויגעל געקוקט אויף פּעקע'ן. זייט מומע וויק־טאָריע איז קראַנק געוואָרען אויפ'ן פּוס, און האָט געמוזט אריין אין א שפּיטאָל, און געמוזט פאַרלאָזען איהר פּאָסטען ביי די וואַרט־זאַאלען, איז פּעקע ביי זיך געוואָרען אָבגעלאָזען, אונריין, און אָבגעריסען; נישטאָ שוין די גוטע, מוטערליכע וויקטאָריא, וואָס גליטשט איהם אריין אין דער האַנד א ווייסע מטבעה, און פאַרריכט איהם דאָס וועש, ווייל זי וויל ניט, אז די אַנדערע, אין האַוור, זאָל זי בעשולדיגען, אז זי גיט קיין השגחה ניט אויף זייער מאַן. און פילאָמענע, קוקענדיג אויף דעם פיינעם און אויסגעפּוצטען זשאַק, האָט זיך פאַרקרימט.

— דיין פּאַריזער ווייב ווילסטו דערשטיקען? — האָט זי איבערגעפרעגט איהם צו רייצען: — האָב קיין מורא ניט, מען וועט זי ביי דיר ניט צונעמען, די טהייערע מציאה.

— די פאריזער אדער אן אנדערע, — האט ער ארויס־געמורמעלט.

אבער זי האט שוין צו איהם געזאגט מיט שפאס:

— נו, לחיים! און ברענג מיר אהער דיין וועש, וועל איך עס געבען וואשען און עס אויספאררינכטען, ווייל, אויף עהרען ווארט, דו טהוסט אונזביידען אן קנאפע כבוד... לחיים, מ'סיע זשאק!

זשאק האט זיך א כאפ געטהון, ווי א פארטראכטער. קיינע געוויסען־ביססע האט ער ניט געהאט; ער האט זיך נאך גע־טרייסט, האט זיך זעהר גוט געפיהלט פיזיש די גאנצע צייט נאך דעם מארד. אבער סעווערינע קומט איהם אפט אויפ'ן זינן, און זשאק'ן — דעם באמת גוטען זשאק'ן פון דער נאטור, — כאפט אן א רחמנות אזש צום וויינען. און ער האט פילאמענע'ן אבגע־ענטפערט מיט א „לחיים!" און, צו בעהאלטען זיין אונרוהיגקייט, האט ער אין דער גיך געזאגט:

— שוין געהערט? ס'קאן נאך ווערען א מלחמה.

— אונמעגליך! — האט פילאמענע אויסגעשריען; — מיט וועמען, אה?

— ס'הייסט, — מיט די פרייסען.... יא, עפים זייערער א פרינץ וויל ווערען קעניג פון שפאניען. נעכטען האט מען אין דער דעפוטאטען־קאמער בלויז דערפון גערעדט.

און פילאמענע איז געווארען אויסער זיך.

— מעהר האבען מיר ניט בעדארפט! ניט גענוג נאך אונז פארדרעהט א מח מיט זייערע וואהלען, פלעביסציטען, שטימ־רעכט, און בונטען אין פאריז!... און אז מען געהט זיך שלאגען, וועט מען דאך מן הסתם פארנעמען אלע מאנסבילען.

— אה, מיר, — מיר האבען קיין מורא ניט: — דעם אייזענבאהן טאר מען גיט ריהרען... אבער מיר וועלען האבען גענוג צרות ביי דעם טראנספארט פון חיל און פראוויזיאן! און לאמיך אייך גאר זאגען, — אז ס'וועט האלטען דאבייי, מוז דאך יעדער טהון זיין פליכט.

ביי דיעזע ווערטער האט ער דערפיהלט, אז זי האט אונ־

טער'ן טיש איהם אנגעריהרט מיט איהר פוס זיין פוס, און אז פעקע האט עס אויך בעמערקט און איז געווארען אנגעצונדען, און האט שוין געמאכט א פאר פויסטען.

זשאק האט זיך אויפגעהויבען.

— לאמיר געהן זיך לעגען, שוין צייט.

— יא; טאקי בעסער אזוי, — האט דער הייצער ארויס־געמורמעלט.

ער האט אנגעכאפט פילאמענע'ס האנד און האט זי שיער ניט צובראכען דריקענדיג. זי האט זיך קוים איינגעהאלטען ניט צו שרייען פון וועהטאג, און האט דעם מאשיניסט דערוויילֿ א שעפּטשע געטהון אויפ'ן אויער, בשעת פעקע האט בייז געענדיגט זיין גלעזעל וויין:

— היט זיך פאר איהם; ער איז אן אמת'ע חיה, ווען ער טרינקט זיך אן.

אויף די טרעפּ האט מען דערהערט שווערע טריט, און פי־לאמענע האט זיך דערשראקען.

— מיין ברודער!... געהט אוועק שנעל, געהט אוועק שנעל!

די ביידע מענער זיינען נאך ניט אבגעגאנגען קיין צוואנציג שריט פון דעם הויז, ווי זיי האבען דערהערט פעטש און קוויט־שרייען. זי האט געקריגען א לעקציאן, ווי א קליינע מיידעלע, וועלכע מען פאקט מיט דער נאז אין א טאפּ איינגעמאכטס. דער מאשיניסט האט זיך אבגעשטעלט און איז שוין געווען פערטיג איהר געהען העלפען, אבער דער הייצער האט איהם איינגע־האלטען.

— וואס? וואס געהט עס אייך אן?... אך די פערפלוכטע, אויסגעלאסענע פרוי! ער זאל זי שוין ענדליך ווען ס'איז דער־הרג'ענען.

ווען זשאק און פעקע זיינען געקומען אין דער גאס פראנ־סוא־מאזעלין, האבען זיי זיך געלעגט שלאפען, ניט האבענדיג גערעדט קיין ווארט; זייערע ביידע בעטען האבען זיך כמעט אנגעריהרט, אין דיעזען שמאלען צימער; און לאנג זיינען זיי

געלעגען וואכענדיג, די אויגען אָפען, און האָבען געהערט איינער דעם אנדערן'ס אָטהמען.

מאָנטאַג האָט זיך געדאַרפט אָנפאַנגען רובאָ'ס פּראָצעס אין רואַן. דיעזער פּראָצעס איז געווען א מין טריאומף פיר דעם אונטערזוכונגס־ריכטער דעניזעי, ווייל אין די יוריסטישע קרייזען האָט מען ניט אויפגעהערט צו לויבען די קונסט, מיט וועלכער ער פיהרט דיעזען פערפּלאָנטערטען און דונקעלען פּראָצעס: דאָס איז אַ קונסט־שטיק פון דעם פיינסטען סאָרט, האָט מען געזאָגט, א לאָגישע צוזאַמענשטעלונג פון דער וואהרהייט— מיט איין וואָרט, די קונסט אַליין!

ווען מ'סיע דעניזעי איז עטליכע שטונדען נאָך סעווערינע'ס מאָרד געקומען אויף'ן פּלאַץ, קיין קרואַ־דע־מאָפראַ, האָט ער פריהער פאר אַלעמען געהייסען אַרעסטירען קאַביש'ן. אַלעס האָט געוויעזען אויף איהם: דאָס בלוט, וואָס איז אויף איהם געווען, די שווערע בעווייזע פון רובאָ'ן און מיזאַר'ן, וועלכע האָבען דערצעהלט, ווי זיי האָבען איהם געפונען אַליין מיט'ן קערפּער, אַ צוטראָגענעם. ווען מען האָט איהם געפרעגט, וואָרום און ווי אַזוי ער האָט זיך גראַדע געפונען אין דיעזען צימער, האָט דער שטיין־ברעכער אויסגעפּלאָפּעלט אַזאַ געשיכטע, אַז דער ריכטער האָט נור פאַרצויגען מיט די פּלייצעס, — אַזוי אומגעלומפּערט און גוט בעקאַנט איז געווען דער תירוץ זיינער. מ'סיע דעניזעי האָט שוין געהערט ניט איין מאָל אַזוינע געשיכטעס וועגען אַ ניט געשטויגענעם מערדער, אַן אויסגעטראַכטען פאַרברעכער, וועמען דער אמת'ער שולדיגער האָט כלומרשט געזעהען אַנטלויפען איבער די פינסטערע פעלדער, ווי אַ שד. „און פון כאַפּען איהם, איז דאָך קיין רעדע ניט; ער לויפט נאָך עד היום, אה?“ און אַז מען האָט ביי איהם געפרעגט, וואָס ער האָט דאָרט געטהון פאַר'ן הויז, אַזוי שפּעט, איז ער צומישט געוואָרען, האָט זיך אַנטזאָגט צו ענטפערן, און האָט ענדליך געזאָגט, אַז ער האָט זיך אַזוי סתם געשפּאַצירט. דאָס איז פּשוט קינדיש! ווי קאָן מען גלויבען אין אַזאַ מין געשיכטע פון אַ געהיימען אונבעקאַנטען, וואָס האָט גע'הרג'עט, איז אַנטלאָ־

פען, האט איבערגעלאזען אלע טיהרען אפען, און האט גאר ניט געריהרט, אפילו קיין נאז־טיכעל האט ער ניט גענומען. פון וואנען איז ער געקומען? צוליעב וואס האט ער גע'הרג'עט?

דער ריכטער, וועלכער האט געוואוסט פון די פערהעלטניסע צווישען דעם קרבן און זשאק'ן, האט פון'ם אנפאנג אן באלד געפרעגט, וואו ער האט פערבראכט זיין צייט. דער בעשולדיגטער קאביש אליין האט דערצעהלט, אז ער האט זשאק'ן בעגלייט קיין באראנטען, צום צוג פון פיער אוהר פיערצעהן, און די בעל־הבית'טע פון דעם גאסט־הויז אין רואן האט זיך געשווארען מיט טויטע קללות, אז דער יונגער מאן איז באלד נאך'ן מיטאג געגאנגען שלאפען, און איז ערשט ארויסגעקומען פון זיין צימער אויף מארגען, געגען זיעבען א זייגער אין דער פריה. אחוץ דעם, ווערט דאך א ליעבהאבער ניט נעהמען און שטעכען אהן א אורזאכע די געליעבטע, וואס ער פערגעטערט, און מיט וועלכער ער האט קיין סימן פון קיין קריעג ניט געהאט. דאס איז דאך פשוט אונזין. ניין! ניין! דא איז נור געווען איין איינציג מעגליכער מערדער, איין זיכערער פארברעכער, וואס איז שוין אמאל אפגעקומען זיין פסק פון דער גערעכטיגקייט, ווען מען האט געפאקט אויף'ן פלאץ מיט די הענט רויט פון בלוט, מיט'ן מעסער לעבען זיינע פיס, — דאס איז דיעזע ווילדע חיה, וואס האט דעם ריכטער אנדערצעהלט געשיכטעס פשוט צום לאכען.

דאך ווען דער ריכטער איז צוגעקומען צו דיעזען פונקט, האט ער דערפיהלט, אז דא איז פארט פאראן א שוועריגקייט, ניט קוקענדיג אויף זיין איבערצייגונג, ניט קוקענדיו אויף זיין פעהיגקייט באלד צו דערשמעקען עפעס אן עסק, — וואס דאס איז, פלעגט ער זאגען, פיעל וויכטיגער, ווי בעווייזע.

אז מען האט צום ערשטען מאל בעזוכט דעם בעשולדיגטענס שטיבעלע, טיעף אין דעם בעקורער וואלד, האט מען דארט אבסאלוט גאר ניט געפונען. און אז מען האט ניט געקאנט דערווייזען קיין גנבה, האט מען געמוזט זוכען איין אנדער אורזאכע פיר דעם פערברעכען.

דעם וואונק דערצו האָט צופעליגער ווייזע צוגעשטעלט מיזאר, וועלכער האָט אויף'ן פערהער ערקלעהרט, אז ער האָט אמאָל ביי נאכט געזעהען, ווי קאָביש האָט אַרויפגעקלעטערט אויף דער וואַנט פון דער געביידע און האָט דורכ'ן פענסטער פון דעם צימער געקוקט ווי מאַדאַם רובאַ האָט זיך געלעגט שלאָפען. און ווען מען האָט זשאַק'ן גענומען אויף'ן פערהער, האָט ער אויך אַלעם רוהיג דערצעהלט, וואָס ער האָט געוואוסט. ער האָט געזאָגט, אז דער שטיין־ברעכער האָט זי שטילערהייט פערגעטערט, און ער האָט אימער נאָכגעפאָלגט נאָך איהרע קליידער מיט אַ מין ליידענשאַפטליכען וואונש איהר צו דיענען. דאָ איז דאָך שוין אַלזאָ ניט געווען קיין ספק: זי איז געווען איינע אַליין, איהם האָט אָנגענומען אַ בעסטיאַלע ליידענשאַפט. איצט איז שוין אַלעם געוואָרען קלאָהר: דער מאַן איז אריין דורך דער טיהר, צו וועלכער ער האָט זאָגאַר געקענט האָבען אַ שליסעל, און האָט זי אין זיין צוטומעלטקייט געלאָזט אָפען. דאַן האָט זיך אָנגעפאַנגען דאָס ראַנגלען, וואָס האָט געבראַכט צום מאָרד. און ער האָט זי ניט פערגוואַלטעוועט, נור דערפאַר ווייל איהר מאַן איז פּלוצלונג אָנגעקומען.

אויך אין דעם איז נאָך אַלץ עפּעס ניט געווען גלאַט: עס איז אויסגעקומען מאָדנע, וואָס קאָביש האָט אויסגעקליבען גראָדע דיעזע שטונדע, ווימענדיג, אז איהר מאַן קאָן אָנקומען יעדע מינוט; דאָך אז מען האָט זיך גוט פערעכענט, האָט אפילו דאָס געדיענט געגען דעם בעשולדיגטען, עס האָט פערשטאַרקט די בעווייזע, צייגענדיג, אז ער האָט געמוזט האַנדלען אונטער די שרעקליכע אויפרעגונג פון דער ליידענשאַפט, ווי וואַהנזיניג פון'ם געדאַנק, אז אויב ער וועט זיך ניט צואיילען איצט, ווען סעווערינע איז נאָך אַליין, אין דיעזען לעערען הויז, וועט ער זי שוין קיין מאָל ניט קריגען, ווייל מאָרגען פאָהרט זי שוין אוועק. פון דיעזען מאָמענט אָן איז דעם ריכטער'ס איבערצייגונג געוואָרען פעסטשטעהענד, און פעסט.

אַן אויסגעמאַטערטער פון דעם פערהער און אריינגעפּלאָנטערט אין דער קינצליך אויסגעוועבטער נעץ פון פראַגעס און ניט

בעמערקענדיג די פאסטקעס, וואס מען האט ארום איהם ארומגעשטעלט, האט קאביש זיך געהאלטען אלץ ביי זיינע ערשטע ווערטער. ער איז דא פארביי געגאנגען ביים הויז, האט געשעפט די פרישע נאכט לופט, ווי פלוצלונג האט זיך עפעס איינער אן איהם אנגעשלאגען, לויפענדיג אין דער פינסטער אזוי שנעל, אז ער ווייסט אפילו ניט אין וועלכער זייט ער איז אוועק. דערנאך איז ער געווארען אונרוהיג, ווען ער האט א קוק געטהון אויף'ן הויז, און האט בעמערקט, אז די טיהר איז אין גאנצען אפען. ער האט זיך בעשלאסען ארויפצוגעהן, און ער האט געפונען די טויטע, נאך א ווארימע, וועלכע האט אויף איהם געקוקט מיט איהרע גרויסע אויגען. און דענקענדיג, אז זי לעבט נאך, האט ער זי ארויפגעלעגט אויף'ן בעט, און האט זיך אויף אזא אופן איינגעשמירט אין בלוט. מעהר האט ער ניט געוואוסט, און קיין אנדערעס האט ער ניט דערצעהלט; קיין מאל האט ער ניט געענדערט קיין ברעקעל, ווי איינער וואס דערצעהלט איבער אן אויסגעלערנטע מעשה. און אז מ'האט זיך געפרופט איהם צווינגען צו ענדערן זיינע ווערטער, איז ער גאר צוטומעלט געווארען און האט געשוויגען, ווי א פלאטשיגער קאפ, וואס קאן קיין סך ניט פערנעהמען.

דאס ערשטע מאל וואס מ'סיע דעניזעי האט איהם גענומען אויף'ן פערהער וועגען זיין ליידענשאפט, וואס האט אין איהם געברענט צו דער ערמארדעטער, איז ער געווארען זעהר רויט, ווי גאר א יונגער אינגעל, אז מען ווארפט איהם פאר זיין ערשטע ליעבע; און ער האט געלייקענט, ער האט זיך פערטיידיגט געגען די בעשולדיגונג, אז איהם האט זיך זאגאר געקענט חלומ'ען אזא זאך ווי מיט איהר צו וועלען לעבען, וואס דאס וואלט געוועזן צו ניעדריג, צו שענדליך; זיין ליעבע דארף ביי איהם בלייבען איינגעוויקעלט טיעף אין הארצען, ווי עטוואס געהיימניספולעס און דעליקאטעס, און ער טאר קיינעם דערפון ניט דערצעהלען. ניין, ניין! ער האט זי ניט געליעבט, ער האט זי ניט געוואלט, און מ'וועט איהם קיין מאל ניט צווינגען רעדען דערפון, וואס איז איצט ביי איהם א חלול השם, ווען

זי איז שוין טויט. אָבער די עקשנות צו לייקענען דאָס, וואָס איינציגע עדות האָבען בעשטעטיגט, איז באַלד פערטריבענט געוואָרען אַלס אַ בעווייז געגען איהם. און געוויס, לויט די בעשולדיגונג, האָט ער דאָך געהאַט אַן אינטערעס צו פאַרלייקענען זיין ווילדען בעגעהר צו דער אונגליקליכער, וועלכער ער האָט איבערגעשניטען דעם האַלז אום דערנאָך זיך צו בעפרידיגען, און אַז דער אונטערזוכונגס ריכטער האָט ענדליך צונויפגענומען אַלע בעווייזע און האָט ביי איהם געוואָלט אַרויסרייסען דעם אמת, דערלאַנגענדיג איהם דעם ענטשיידענדען האַק אין מח, דערמיט וואָס ער האָט איהם געשטאָכען די אויגען אַ מיט׳ן מאָרד, אַ מיט׳ן פערגוואַלטעוועו, איז קאַביש געוואָרען ווילד פון רציחה און פּראָטעסט! ער! ער וועט זי הרג׳ענען אום זי צו האָבען! ער, וואָס האָט פאַר איהר געהאַט דעם דרך־ארץ ווי פאַר אַ צדקת... מ׳האָט געמוזט אַריינרופען די זשאַנדאַרען, זיי זאָלען איהם צוהאַלטען די הענט, און ער האָט געשריען, ער מוז זיי אַלעמען אויסווערגען די גאַנצע לומפען־געזינדעל.

בקצור, אַ געפעהרליכער יונג פון די געפעהרליכסטע, און אַ ביטרער, וואָס קאָן אָבער דאָך ניט איינהאַלטען דעם כעס, וואָס דאָס גיט אַרויס די אַלע זיינע פאַרברעכענס, וועלכע ער פאַרלייקענט.

און אַזוי איז עס געבליבען. דער בעשולדיגטער שרייט, אַז דער מערדער איז אַן אַנדערער, דער אונבעקאַנטער, וואָס איז ענטלאָפען, און ער ווערט אויסער זיך יעדעס מאָל, וואָס מען דערמאָנט איהם דעם מאָרד. פּלוצים מאַכט מ׳סיע דעניזעי אַן ענטדעקונג, וואָס ענדערט דעם גאַנצען פּראָצעס און פאַרגרעסערט צעהן מאָל די וויכטיגקייט דערפון. ניט אומזיסט האָט ער אַליין געזאָגט, אַז ער שפּיערט דעם אמת. און ווי דאָס הארץ וואָלט איהם געזאָגט, האָט ער געחייסען פאַר זיינע אויגען גאָר פון דאָס נייע גוט זוכען ביי קאַביש׳ן אין שטיבעלע. און מען האָט געפונען, פּשוט הינטער אַ קלאָץ, אַ פאַרבעהאַלטען ווינקעלע, אָנגעפּאַקט מיט די טיכעלאך און די הענטשקעס פון דער פרוי; און צווישען די זאַכען איז געלעגען אַ גאָלדען זייגערל, וואָס דער

אונטערזוכונגס־ריכטער האט גלייך דערקענט, ווערענדיג מלא שמחה: דאס איז געווען דאס זייגערל פון דעם הויפט־ריכטער גראנמארען, וואס ער האט נאך יעמאלט אזוי לאנג געזוכט, — א גרויסער זייגער, מיט איבערגעפלאכטענע איניציאלען, און אינווענינג אויף׳ן דעקעל איז געווען דער פאבריק־נומער 2516.

און ווי א בליץ וואלט איהם א שיין געטהון, איז איהם מיט אמאל אלעס געווארען קלאהר, די פערגאנגענהייט האט זיך אנגענומען מיט דער געגענווארט, און די פאקטען, יעצט אזוי פיין צוזאמען געשטעלט, האבען איהם בעצויבערט מיט זייער לאגיק. די פולע בעדייטונג דערפון האט אבער געקענט פיהרען זעהר ווייט, און דערוייל, ניט דערמאנענדיג א ווארט וועגען דעם זייגערל, האט מ׳סיע דעניזעי גענומען אויספרעגען קאַביש׳ן בלויז וועגען די הענטשקעס און די טיכעלאך.

איין מינוט האט קאביש שוין געוואלט זיך אין גאנצען מודה זיין: אמת, ער האט זי פארגעטערט; אמת, ער איז נאך איהר אויסגעגאנגען, די זוים פון דעם קלייד וואס זי טראגט, וואלט ער געקושט; ער האט אויפגעהויבען וואס זי האט אראפ־געלאזט פון די הענט, און דאס ער האט זיך צוגע׳גנב׳עט שטיק־לאך בענדלאך, עקעלאך, שפילקעס. אבער ער האט זיך פאר־שעהמט; אן אויסערגעוועהנליכער געפיהל פון ריינליכקייט האט איהם פארמאכט דאס מויל. און אז דער אונטערזוכונגס־ריכטער האט זיך ענדליך בעשלאסען און האט איהם געוויזען דאס זיי־גערל, האט ער דאס אנגעקוקט זעהר דערשלאגען. קאביש האט זעהר גוט געדענקט, ווי ער האט איין מאל מיט ערשטוינונג גע־פונען דאס זייגערל פארבונדען אין א נאז־טיכעלע, וואס ער האט געפונען אונטער א קישען, און ער האט דאס אוועקגע־טראגען צו זיך אהיים; און אזוי איז דאס זייגערל ביי איהם געבליבען בשעת ער האט זיך געדרעהט דעם קאפ, ווי דאס איהר אבצוגעבען.

אבער צו וואס זאל ער דאס געהן דערצעהלען? ער וועט דאך דארפען אויסזאגען פון די אנדערע גנבות אויך, די אלער־ליי קליינינקייטען, דאס שטיקעל וועש, וואס שמעקט אזוי גוט,

און ער שעהמט זיך אָבער. מען גלויבט דאָך איהם סאַי ווי סאַי ניט וואָס ער זאָגט. א חוץ דעם איז ער שוין אין גאַנצען צו־טומעלט געוואָרען; לויט זיין פּשוט׳ען פאַרשטאַנד, איז דאָס ניט מעהר ווי אַזאַ שלעכטער חלום. און איהם האָט אַזש אויפ־געהערט צו ערגערן זאָגאַר די בעשולדיגונג אין מאָרד. ער איז געוועזען דערשלאָגען, און אויף אַלע פראַגעס האָט ער געהאַט איין ענטפער: איך ווייס ניט. וואָס מכּח די הענטשקעס און די טיכעלאַך, — כ׳ווייס ניט; און דאָס זייגערל, — כ׳ווייס ניט. מ׳האָט זיך איהם אַזוי אויך שוין גענוג צוגעגעסען; זאָל מען איהם בעסער לאָזען צורוה, און דערנאָך אפילו דעם קאָפּ אָפּהאַקען.

אויף דעם צווייטען טאָג האָט מ׳סיע דעניזעי געהייסען אַרעסטירען רובאָ׳ן. דעם בעפעהל אויף אַרעסט האָט ער אַרויס־געלאָזט אין א מאָמענט פון זעלבסט־בעוואונדערונג, ווען ער האָט גאָרניט געצווייפעלט אין זיין אייגענעם ווייטען בליק, אין האָט נאָך קיין שום בעווייזע ניט געהאַט געגען רובאָ׳ן, און האָט זיך בלויז געשטעלט אויף זיין אייגענע אַלמעכטיגקייט. ניט קו־קענדיג אויף די פיעלע טונקעלע פּונקטען, האָט ער דאָך גע־שפּיערט, אַז דאָ האָט ער פאַר זיך דעם שליסעל, דעם אָנהויב פון די דאָפּעלטע טראַגעדיע. און ער האָט פּשוט טריאומפירט, ווען ער האָט געקריגען דעם אָבמאַך צווישען סעווערינע׳ן און רובאָ׳ן אויף וועלכען זיי האָבען זיך א וואָך נאָך זייער איבער־נעהמען קרוא־דע־מאָפּרא ביידע צושריבען ביי דעם נאָטאַריוס, מייסטער קאָלען, פון האַוור, אַז זיי זאָלען זיך איינער דעם אַנ־דערן ירש׳ענען. און פון דעם מאָמענט אָן לעגט זיך איהם אויף׳ן שכל א גאַנצע געשיכטע; אַלעס איז אַזוי אמת לאָגיש און פול מיט אַזוינע שטאַרקע בעווייזע און די גאַנצע אָנגעקעטעלטע געביידע פון בעשולדיגונגען איז אַזוי קרעפטיג און אונאָנגרייפּ־באַר, אַז דער אמת אַליין מוז אויסזעהען ווייניגער אמת, ווייניגער לאָגיש און מעהר פאַרמישט מיט פאַנטאַזיעס.

רובאָ, הייסט עס, איז א פּייגלינג, און צוויי מאָל שוין, אַליין ניט וואַגענדיג צו בעגעהן דעם מאָרד, האָט ער אונטערגע־

רעדט די ווילדע בהמה, קאביש'ן. דאס ערשטע מאל, איילט ער זיך צו ירש'ענען דעם הויפט־ריכטער גראנמארען; דער אינ־האלט פון דער צוואה איז איהם גוט בעקאנט; דערצו ווייסט ער אויך וואס פאר א הארץ דער שטיינברעכער האט געגען דעם אל־טען; און ער דערלאנגט איהם אויף דער סטאנציע אין רואן דאס מעסער און שטופט איהם אריין צו יענעם אין קופע. און זיי האבען זיך צוטיילט מיט די צעהן טויזענד פראנק. און זיי וואלטען נאך דעם אפשר קיין מאל ניט צוזאמען געקומען; אבער איין פארברעכען פיהרט צום צווייטען. און אט דא שיינט ערשט ארויס די טיעפקייט פון דעם אונטערזוכונגס־ ריכטער'ס קוק אין די קרימינעלע פסיכאלאגיע, וואס אלע בעוואונדערען אין איהם אזוי! ער האט אליין איצט ערקלעהרט, אז ער האט אייגענטליך נאך פון יעמאלט אן ניט ארויסגעלאזט קאביש'ן פון'ם אויג, ווייל ער האט בעשיינפערליך געזעהען, אז דער ערש־טער מארד מוז, מאטעמאטיש אויסגערעכענט, פיהרען צו א צווייטען. דארויף איז אכטצעהן מאנאט צייט געוועזן גענוג. פון דעם פאמיליען לעבען פון די רובא'ס ווערט א תל; דער מאן פארשפיעלט אין קארטען די פינף טויזענד פראנק; דאס ווייב זוכט זיך אפ א געליעבטען, צו פארברענגען די צייט. זי האט געוויס זיך ענטזאגט צו פארקויפען קרוא־דע־מאפרא, אויס מורא ער זאל דאס אויך ניט פארשפיעלען אין קארטען: און ס'קאן אויך אודאי זיין, אז בשעת'ן קריעגען זיך האט זי מן הסתם געזאגט, אז זי וועט איהם מסר'ן, און יעדענפאלס האבען דאך פיעל עדות ריכטיג בעשטעטיגט, אז דאס פאאר פאלק זיינען געוועזן אויף מעסער; און דא קומט אריין דער לעצטער רע־זולטאט פון דעם ערשטען פארברעכען: קאביש בעוויזט זיך ווידער מיט זיין אפעטיט פון א בעסטיע, און רובא, אין א ווינקעלע, דערלאנגט איהם בשתיקה דאס מעסער, כדי זיך צו פערזיכערען, אז דאס פארפלוכטע הויז, וואס האט שוין גע־קאסט איין מענשליך לעבען, איז ענדליך זיינס.

און דאס איז דער אמת, דער איבערראשענדער אמת, און אויף איהם וויזען אן דאס געפונענע זייגערל ביי דעם שטיינ־

ברעכער, און ספּעציעל די צוויי טויטע קערפּערס מיט די זעלבע וואונדען אין האלז, געשטאָכען פון דער זעלבער האנט, מיט דער זעלבער וואפע, — דאָס זעלבע מעסער, אויפגעהויבען אין שטוב. אָבער, נאָך אַלעמען, איז די בעשולדיגונג אויף דעם פּונקט פון דעם מעסער ניט זעהר פעסט: די וואונד ביי דעם הויפּטריכטער איז, ווי עס זעהט אויס, געמאכט געוואָרען מיט א קלענער און שארפער קלינגעל.

פון אָנהויב האָט רובאָ, ווי א שווערער מענש, גענטפערט בלויז מיט א שלעפעריגען „יא" אָדער „ניין". זיין ארעסט האָט איהם, דאכט זיך, ניט פארוואונדערט; ער איז געוואָרען גלייכ־גילטיג צו אַלעמען; ער איז ביסלאכוויין געוואָרען אַלץ מעהר אוים מענש. אום איהם צו מאכען רעדעוודיגער, האָט מען איהם אריינגעשטעלט א היטער, מיט וועלכען ער האָט געשפּיעלט אין קאָרטען פון אין דערפריה ביז אויף דער נאכט; און ער איז געווען פאָלקאָמען גליקליך. דערצו נאָך איז ער געווען זי־כער, אז קאביש איז שולדיג: נור ער האָט עס געקענט זיין דער מערדער. אז מ'האָט איהם געפרעגט וועגען זשאק'ן, האָט ער נור פערצויגען מיט די פּלייצעס, מיט א שמייכעל; דאָס מיינט, אז ער האָט גאנץ גוט געוואוסט די שייכות פון דעם מאשיניסט צו סעווערינע'ן.

אָבער נאָך א צוויי דריי פּראָבעס, האָט מ'סיע דעניזעי גענומען פונאנדערלעגען זיין אייגענע סיסטעמע, און האָט איהם גענומען דריקען און בעווייזען, אז ער איז אויך שולדיג אין דעם מאָרד; ער האָט איהם אַלץ געשטאָכען די אויגען, אום איהם צו צווינגען זיך מודה צו זיין; דאָ איז שוין רובאָ געוואָ־רען פאָרזיכטיג. וואָס דרעהט ער איהם דעם מח? ניט ער האָט גאָר גע'הרג'עט גראנמאָרען, נור דער שטיינברעכער, וועלכער האָט גע'הרג'עט סעווערינע'ן אויך; און פון דעסטוועגען איז ער אַלץ דער שולדיגער, ווייל ער, הייסט עס, האָט עס ביידע מאָל יענעם אונטערגערעדט און אונטערגעשטעלט אנשטאט זיך. די גאנצע פערפּלאָנטערטע געשיכטע האָט איהם צוטומעלט, און ער האָט זיך גענומען שרעקען: דאָס שטעלט מען איהם אר־

מיסטנע אונטער א פיסעל, דא דערצעהלט מען איהם אומיסטנע ליגענס, כדי איהם צו צווינגען זיך מודה צו זיין אין זיין חלק מערדעריי, אין דעם ערשטען פערברעכען.

פון זיין ארעסט אן, האט רובא ערווארטעט, אז מ'וועט די אלטע געשיכטע ווידער אויספארשען. אז מ'האט איהם געשטעלט פנים לפנים מיט קאביש'ן, האט ער ערקלערט, אז ער קען איהם ניט. אבער, אזוי ווי ער האט דאביי ניט אויפגעהערט צו בעהויפטען, אז ער האט איהם געטראפען אויסגעשמירט אין בלוט, אין דעם מאמענט פון פערגוואלטיגען די אונגליקליכע, איז דער שטיין־ברעכער געווארען אויסער זיך, און ס'איז געווארען א שרעקליכע סצענע, אן אונגעהייערע מישעניגע, און די גאנצע געשיכטע איז נאך מעהר צודרעהט געווארען. דריי טעג נאכאנאנד האט דער אונטערזוכונגס־ריכטער זיי געהאלטען אין איין פרעגען און איבערפרעגען ; ער איז געווען זיכער, אז די צוויי מערדער האבען זיך נור אזוי אבגערעדט צו שפיעלען אזא קאמעדיע פון פיינדשאפט.

רובא, אן אויסגעמאטערטער, האט ביי זיך אבגעמאכט, אז ער וועט מעהר גאר ניט ענטפערן. אבער פלוצים, מיט א מאל, אין א מאמענט פון אונגעדולד צו מאכען א סוף דערפון, ענדליך אונטערגעבענדיג זיך אן אונקלאהרע בעדערפניס, וואס האט איהם שוין געצויגען מאנאטען לאנג, האט ער ארויסגעזאגט דעם אמת, דעם גאנצען אמת, און טאקי נור דעם אמת.

גראד יענעם טאג איז מ'סיע דעניזעי געזעסען אין זיין קאבינעט און זיך געשארפט דעם מח. זיינע אויגען זיינען געווען האלב־פערמאכט מיט די שווערע הויט־ברעמען, און די בעוועגליכע ליפען זיינע האבען זיך איינגעצויגען אין דער אנשטרענגונג פון גרויס חכמה. א גאנצע שעה שוין ווי ער מאטערט זיך ווי אזוי מיט א קלוג שפיצעלע צו דערטאפען דעם בעשולדיגטען, אזא דיקען, איינגעטונקטען אין געלע ניט־געזונטע שמאלץ, און וועלכער איז נאך דערצו דאך זעהר א ביטרער, ניט קוקענדיג וואס ער איז אזא שווערער מענש. מ'סיע דעניזעי האט שוין גערעכענט, אז ער האט רובא'ן אויסגעשפיערט פון טריט

צו טריט, האָט איהם אריינגענומען אין דער נעץ פון אַלע זייט־ מען, און האָט איהם שוין, ענדליך געפּאַקט; קומט גאָר רובאַ, און, ווי איינער וואָס וויל מאַכען פון אַלעמען אַ סוף, שרייט ער אויס, אַז דאָס האָט זיך איהם שוין גענוג דערעסען און ער וויל בעסער אַליין אַלעם אויסזאָגען, אַבי מען זאָל איהם שוין אויפ־ הערען אַזוי צו פּלאָגען. אַז מ'וויל איהם שוין יאָ אריינשלעפּען אין אַ מאָרד פאַרברעכען, טאָ זאָל מען איהם דאָך, אַם ווייניגס־ טען, בעשולדיגען אין דעם, וואָס ער האָט ווירקליך געטהון.

און ער האָט גענומען דערצעהלען די גאַנצע געשיכטע מיט זיין פרוי, וועלכע גראַנמאָרען האָט מאָראַליש רואינירט, ווען זי איז נאָך געווען כמעט אַ קינד, און ווי ער איז דערנאָך געוואָהר געוואָרען פון די אַלע לומפּערייען און איז געוואָרען ווילד פון אייפערזוכט, און ווי ער האָט איהם גע'הרג'עט און ביי איהם ארויסגענומען די צעהן טויזענד פראַנק. דער אונטערזוכונגס־ ריכטער האָט געעפענט אַ פּאאַר אויגען; ער האָט געצווייפעלט, ניט געגלויבט, — ניט געגלויבט פּראָפעסיאָנעל, פעסט, — און אַן איראָנישער שמייכעל האָט זיך בעוויזען אויף זיינע ליפּען. ער האָט זיך גאָר אין גאַנצען צולאַכט, ווען דער בעשולדיגטער איז אַנטשוויגען געוואָרען. דער יונג איז נאָך כיטרער, ווי מען קען זיך דענקען: זיך מודה זיין אין דעם ערשטען מאָרד, און איהם מאַכען בלויז אַ ליידענשאַפטס מאָרד, און דערמיט זיך אין גאַנצען ריין מאַכען פון'ם פערדאַכט פון גנבה, און איבער־ הויפּט פון זיין אַנטייל נעהמען אין סעווערינע'ס מאָרד, — דאָס איז, אָהנע צווייפעל, אַ גאַנץ געוואַגטער שריט, וועלכער צייגט אויף אינטעליגענץ און אויף אַן אונגעוועהנליך שטאַרקען ווילען. אָבער עס האָט ניט די ווערטה קיין פּרוטה.

— הערט זיך איין, רובאָ, איהר דאַרפט דאָך אונז ניט האַלטען פאַר קיין קינדער... איהר ווילט האָבען, אַז איהר זייט געווען אייפערזיכטיג, אַז איהר האָט גע'הרג'עט אין אַ מאָמענט פון שטאַרקער אייפערזוכט?

— געוויס!

— און נאָך איערע ווערטעו נאָך קומט אויס, אַז איהר

האָט געהייראַט אייער פרוי ניט וויסענדיג פון איהרע פערהעלט־ניסע מיט'ן הויפט ריכטער... איז דאָס מעגליך? גראַדע פאַר־קעהרט, אין דיזער געשיכטע צייגט אַלעס אָן אויף אַן אָנגע־באַטענעם, אַ גוט בעטראַכטען און דאַן אָנגענומענעם מסחר. מען גיט אייך אַ יונגע מיידעל, וועלכע איז ערצויגען ווי אַ פריילין, מען גיט איהר נדן, איהר בעשיצער ווערט אויך אייע־רער, און אייך איז גוט בעוואוסט אַז ער זאָגט אויף איהר אָב אַ זומער־הויז, און נאָך דעם אַלעמען מאַכט איהר זיך אַז איהר זייט גאָר ניט געווען פערדעכטיג, טאַקי גאָר ניט! געהט שוין, געהט! איהר האָט אַלעס געוואוסט, אויב ניט, איז אייער חתונה זיך גאַנץ שווער צו ערקלעהרען... אחוץ דעם, צייגט איין קליינער פאַקט אָן, אַז איהר זאָגט ניט דעם אמת. איהר זייט ניט אייפערזיכטיג; איהר קאָנט ניט זאָגען אַז איהר זייט אייפערזיכ־טיג.

— איך זאָג דעם אמת, איך בין בעגאַנגען דעם מאָרד אין אַן אָנפאַל פון אייפערזוכט.

— ווי באַלד אַזוי, אַז איהר האָט גע'הרג'עט דעם הויפט־ריכטער פאַר די אַלטע אונבעשטימטע פערהעלטניסע, וועלכע איהר האָט אַם מייסטען אַליין אויסגעטראַכט, ערקלערט זשע מיר, ווי האָט איהר געקענט דולדען אייער פרוי'ס געליעבטען, יאַ, דיזען זשאַק לאַנטיע, אַזאַ געזונטען יונג? פיעלע האָבען מיר דערצעהלט פון דיזער פערבינדונג, און איהר אַליין האָט דאָס אויך ניט אָבגעלייקענט, אַז איהר ווייסט דערפון... איהר האָט זיי געגעבען די פרייהייט זאָגאַר צו פאָהרען צוזאַמען; וואָס זאָגט איהר דערצו?

ווי אַ דערשלאָגענער, האָט רובאָ געקוקט מיט צומישטע אויגען און האָט ניט געפונען קיין ערקלעהרונג. ער האָט אויס־געשטאַמעלט:

— איך ווייס ניט... יענעם האָב איך גע'הרג'עט, און איהם ניט.

— דערצעהלט מיר ניט, אַז איהר זייט אַזוי אייפערזיכ־טיג, אַז איהר מוזט זיך נוקם זיין, און איך ראַטה אייך ניט צו

ווידערהאָלען דיעזע באָבע־מעשה צו די געשוואָרענע, ווייל זיי וועלען נור א ציה טהון מיט די פּלייצעס... גלויבט מיר, בייט אי־בער אייער פּלאַן פון פערטהיידיגונג, — נור דער אמת אליין קאָן אייך ראַטעווען.

און פון דעם מאָמענט אָן, וואָס מעהר רובא האָט ארויס־געוויעזען דעם אמת, אלץ מעהר איז דער ריכטער געווען אי־בערצייגט, אז דאָס איז א ליגען. אלעס איז אייגענטליך געווען געגען איהם, דער פונקט ביי דעם פריהעריגען פּראָצעס, וועל־כער וואָלט געדאַרפט אונטערשטיצען זיינע איצטיגע ווערטער, ווייל ער האָט דאַן עדות געזאָגט געגען קאַביש'ן, איז גאָר איצט געוואָרען א בעוויז, אז זיי ביידע האָבען געהאַט צווישען זיך א קינצליכען אָבמאַך. דער ריכטער האָט דורכגעשטודירט די פּסיכאָלאָגיע פון דיעזער אנגעלעגנהייט, סתם אוים ליעבע צו דער קונסט. נאָך קיין מאָל ניט, האָט ער געזאָגט, האָט ער זיך אריינגעלאָזט אזוי טיעף אין דער מענשליכער נאַטור; און מען האָט געקאָנט זאָגען, אז דאָס איז ניט געווען בלויז אן אויספאָר־שונג, נאָר א קוק גלייך אין דער נשמה אריין. ער האָט זיך בע־ריהמט, אז ער בעלאַנגט צו דעם סאָרט ריכטער, וואהרזאָגער און הערצען־קענער, וואָס זעהען א מענשען דורך און דורך מיט איין בליק. און ענדליך האָבען שוין קיין בעווייזע אויך ניט גע־פעהלט, ס'האָט זיך אָנגעקליבען גענוג. פון איצט אָן וועט די אונטערזוכונג שוין געהן אויף אן אייזערנער בריק, די זיכער־הייט האָט געלויכטען אין די אויגען ווי דאָס ליכט פון דער זון.

מ'סיע דעניזעי'ס גלאַנץ איז נאָך מעהר פערשטאַרקט גע־וואָרען, ווייל ער האָט מיט איין קלאַפּ צוגעשטעלט א דאָפּעלטע געשיכטע, וועלכע ער האָט געדולדיג דורכגעפאָרשט אין דער טיעפסטער געהיימנים. און איצט זייט דעם רוישענדען ערפאָלג פון דעם פּלעביסציט, איז דאָס גאַנצע לאַנד אריין אין א פיע־בער, פונקט ווי אין די נאַציאָנאַלע אויפרעגונגען, וואָס קומען פריהער און מעלדען אָן גרויסע קאַטאַסטראָפעס. ביים סוף פון דער אימפּעריע, האָט אין דער געזעלשאַפט, אין דער פּאָליטיק, און הויפּטזעכליך אין דער פּרעסע, געהערשט א בעשטענדיגע

אונרוהע, און אזא געהויבענע שטימונג, אז זאגאר אין די פריי־דען אליין האט זיך געפיהלט א שמערצליכע איבערטרייבונג. און אז נאך דער ערמארדונג פון דער פרוי אין דעם אבגעזונדער־טען הויז אין קרוא־דע־מאפרא, איז מען געוואהר געווארען מיט וואס פאר א געניאלען איינפאל דער אונטערזוכונגס־ריכטער פון רואן געהט איצט אויסגראבען די פארגעסענע טראגעדיע פון גראנמארען און זי צוזאמען בינדען מיט דעם נייעם פערברעכען, האבען אלע אפיציעלע צייטונגען ארויסגעפלאצט מיט א יובעל־געשריי. אמת, פון צייט צו צייט בעווייזען זיך נאך אלץ אין די אפאזיציאנעלע צייטונגען אלערליי וויצען מכח דעם לעגענ־דארען מערדער, וואס מען קאן ניט געפינען און וואס די פאליציי האט אומיסטנע אויסגעטראכט כדי צו פארדעקען די לומפערייען פון איינינע קאמפראמעטירטע הויכע פערזענליכקייטען. דערפאר אבער קומט דער ענטשיידענדער ענטפער: דער מערדער און זיין שותף זיינען ארעסטירט, און דער נאמען פון דעם הויפט־ריכטער גראנמארען וועט פון דער גאנצער געשיכטע ארויס אונ־בעפלעקט.

און ס'האט זיך ווידער צופלאקערט א דעבאטע, און די אויפרעגונג איז געשטיגען פון טאג צו טאג, אי אין רואן, אי אין פאריז. אחוץ דעם עקעלהאפטען ראמאן, וואס האט געברענט די מחות, האט מען זיך נאך געקאכט גלייך ווי דער ענדליך ענט־דעקטער, אונבעשטרייטבארער אמת אין דעם סקאנדאל קען שטארקער מאכען דעם שטאאט. א גאנצע וואך האט די פרעסע זיך בעשעפטיגט מיט די איינצעלהייטען.

ארויסגערופען קיין פאריז, איז מ'סיע דעניזעי גלייך אוועק אין דער גאס די־ראשע, אויף די פריוואט וואהנונג פון דעם מענערא סעקרעטאר, מ'סיע קאמי־לאמאטי. ער האט איהם געטראפען אין זיין שטרענגען קאבינעט, אויסגעמאגערט אויף'ן פנים, און אויסגעמאטערט, אבער טהעטיג. ער האט אויסגע־זעהען נידערגעשלאגען און טרויעריג אין זיין צווייפלען, גלייך ווי ער וואלט פאראויס געפיהלט, אין דעם גאנצען שיין פון טריאומף, די באלדיגע נידערלאגע פון דער רעגירונג, וועלכע

ער האָט געדיענט. צוויי טעג שוין ווי ביי איהם קומט פאָר אַן אינערליכער קאַמפף צו בעשליסען, וואָס ער זאָל איצט טהון מיט סעווערינג'ס צעטעלע, וואָס ער האָט בעהאַלטען ביי זיך,— דאָס צעטעלע, וואָס קאָן אין גאַנצען מאַכען אַ תל פון די בעהויפּ־טונגען פון דער בעשולדיגונג און אונטערהעלפען רובאַ'ן מיט אַן אונבעשטרייטבאַרען בעווייז.

קיין איין לעבעדיגער מענש ווייסט דערפון ניט; ער קאָן דאָס צעטעלע פאַרניכטען. אָבער נעכטען האָט איהם דער קייזער אליין געזאָגט, אַז דאָס מאָל ערוואַרטעט ער אַז די גערעכטיגקייט זאָל זיך אונגעשטערט טהון איהרס, ניט קוקענדיג אויף קיין זייטיגען איינפלוס, אפילו ווען די רעגיערונג זאָל דאַרפען דערפון ליידען, — אַן איינפאַכע פאָדערונג פון עהרליכקייט אָדער, אפשר איז דאָס גאָר געווען דער אבערגלויבען, אַז איצט, ביי דער פריידענספולער געהויבענער שטימונג אין לאַנד, קאָן נאָך איין אונעהרליכע טהאַט אומבייטען דאָס גאַנצע מזל. און אויב דער גענעראַל סעקרעטאַר האָט שוין פיר זיך אליין מעהר ניט געהאַט קיינע געוויסענסביסע און האָט די גאַנצע וועלט בעטראַכט מיט די אויגען פון פשוט'ער מעכאַניקע, האָט איהם אָבער בעאונרוהיגט דער קייזערליכער בעפעהל, און ער האָט זיך אליין געפרעגט די שאלה, צי מעג ער אוים ליעבע צו זיין האַר איהם ניט וועלען פאָלגען.

מ'סיע דעניזעי האָט גלייך גענומען זיך בעריהמען.

— וואָס האָב איך אייך געזאָגט: — כ'האָב ריכטיג דער־שמעקט; קאַביש איז פאַרט דער מערדער, וועלכער האָט צו גע'הרג'עט דעם הויפּט־ריכטער... איך גיב אייך אָבער צו, אַז אין דעם אַנדערן חשד איז אויך געווען אַ שטיקעל אמת, און איך האָב אליין געפיהלט אַז מיט רובאַ'ן איז דאָ עפּעס אויך ניט גלאַט... ענדליך, האָבען מיר זיי איצט ביידען.

מ'סיע קאַמי־לאַמאַט האָט אויף איהם אַ שאַרפען בליק געטהון מיט זיינע בלאַסע אויגען.

— הייסט עס, אַז אַלץ, וואָס ווערט געמעלדעט אין די פּראָטאָקאָלען, וואָס איהר האָט מיר צוגעשיקט, איז דערוויזען

געוואָרען, און איהר זייט פאַלקאָמען איבערצייגט?

— פאַלקאָמען, — ס'איז גאָר אונמעגליך צו צווייפלען... אז איינס פאַסט זיך אַזוי גוט צום אַנדערן; איך קאָן זיך גאָר ניט דערמאָנען פון אַן אַנדער פאַל אַזוינעם, וואו, ניט קוקענדיג אויף אַלע שיינבאַרע פלאָנטערס, זאָל זיך אַ פאַרברעכען ענט־וויקלען אַזוי לאָגיש, און עס זאָל אַזוי לייכט זיין אַלעם פאַראויס צו זעהן.

— אָבער רובאָ פּראָטעסטירט דאָך; ער נעמט דעם ערש־טען מאָרד אויף זיך אַליין, דערצעהלט אַ מעשה, זיין פרוי — געשענדעט, ער — אייפערזיכטיג, פון זינען, און בענעהט דעם מאָרד אין אַ מאָמענט פון בלינדע רציחה. די אָפּאָזיציאָנס צייַ־טונגען שרייבען דאָס אַלעס.

— אָה, די צייטונגען גיבען דאָך דאָס אַליין איבער בלויז ווי אַ געזאָגט־און־געערדט, וואָס זיי וואָגען אַליין ניט צו גלוי־בען. אייפערזיכטיג, — דער רובאָ, וועלכער האָט אַליין אונטער־געהאָלפען זיין ווייב זי זאָל זיך זעהען מיט איהר געליעבטען! אָך! ער וויל פאַר'ן געריכט פאַרברענגען די אַלע זאַכען, — זאָל ער: — דעם געווינשטען סקאַנדאַל וועט ער דאָך ניט קענען אויפהויבען!... ער זאָל עפּעס ברענגען נייע בעווייזע, נו... אָבער ער האָט דאָך קיינע ניט! אמת, ער דערצעהלט עפּעס וועגען אַ צעטעלע, וואָס ער האָט זיין פרוי געצוואונגען צו שרייבען צום הויפּט־ריכטער און וואָס דאַרף זיך געפינען צווישען די פּאַפּירען פון דעם ערמאָרדעטען... האָט איהר דאָך, מ'סיע גענעראַל־סעקרעטאַר, איבערגעקוקט זיינע פּאַפּירען, — איהר וואָלט דאָך דאָס געפינען, ניט וואָהר?

מ'סיע קאַמי־לאַמאָט האָט גאָרניט געענטפערט. אמת, לויט ווי ער האַלט זיך, וועט דער סקאַנדאַל ענדליך בעגראַ־בען ווערען. קיינער וועט דאָך רובאָ'ן ניט גלויבען, און דעם הויפּט־ריכטער'ס נאָמען וועט ריין־געוואַשען ווערען פון אַלע מיאוסע חשד'ען, און די אימפּעריאַלע רעגיערונג וועט פיעל געּ־ווינען דערפון, וואָס איינער פון איהרע קרעאַטורען וועט אַזוי גיעדער ריין ווערען. און אַ חוץ דעם, כל זמן רובאָ האָט זיך

אליין מודה געווען אין זיין שולד, וואס מאכט דאס אויס פאר די גערעכטיגקייט, ווי די מעשה איז געווען, אבי מ'וועט איהם פאראורטהיילען! אמת, קאביש איז דא אויך פארמישט; אבער צוגעגעבען, אז ער האט קיין אנטהייל אין דעם ערשטען מארד ניט גענומען, שיינט ער דאך ווירקליך צו זיין דער מערדער אין דעם צווייטען פאל. און, ענדליך, מיין גאט! גערעכטיגקייט, — אן אילוזיאן בלויז, און ניט מעהר. צו ווען זיין גערעכט, איז דאך ניט מעהר ווי א תירוץ, ווען דער אמת איז אזוי פארדרעהט אין א פלאנטער! אימער גלייכער צו זיין פארזיכטיג; מ'דארף בעסער אונטערשפארען מיט'ן אקסעל די געזעלשאפט, וואס האט שוין אבגעלעבט און האלט ביים פאלען.

— ניט וואהר? האט מ'סיע דעניזעי איבערגעפרעגט, — איהר האט דאס צעטעלע ניט געפונען?

און מ'סיע קאמיל־לאמאט האט ווידער א מאל אויפגעהויבען די אויגען צו איהם; און, גאנץ רוהיג, די גאנצע זאך־לאגע ביי איהם אין די הענט, האט ער אויף זיך גענומען די געוויסענס־ביסע, וואס פלאגען דעם אימפעראטאר, און האט געענטפערט:

— איך האב אבסאלוט גאר ניט געפונען.

און גלייך אויפ'ן ארט האט ער זיך גענומען זעהר פריינדליך און שמייכלענדיג בעזינגען דעם אונטערזוכונגס־ריכטער מיט א לויב־געזאנג. קוים־קוים האט א לייכטער קנייטשעלע ביי די ליפען אנגעדייטעט זיין אונווידערשטענדליכע איראניע. קיין מאל איז נאך קיין אונטערזוכונג ניט געפיהרט געווארען מיט אזא טיעפען בליק; און דארט, אין די הויכע ספערען, איז שוין פון לאנג בעשטימט געווארען, אז גלייך נאך די פרייע זומער־טעג קומט ער אן אין פאריז אלס מיטגליעד פון דעם ריכטער־קאמער. און דער גענעראל סעקרעטאר האט איהם זאגאר בעגלייט ביז דער טיהר.

— נור איהר אליין האט עס ריכטיג פערשטאנען, — ס'איז ווירקליך צו בעוואונדערן... און אז דער אמת נעמט שוין דאס ווארט, טאר קיין שום זאך איהם ניט אבשטעלען, — ניט אי־מעצעס א פערזענליכער אינטערעס, און זאגאר ניט קיין

שטאַאטס־צוועקען... געהט אייך אייער וועג, זאָל די אונטערזוכונג פּאַרטגעזעצט ווערען אונגעשטערט, מעג דערפון ארויסקומען וואָס עס וויל זיך.

— דאָס איז אייגענטליך די ריכטיגע פפליכט פון דער מאַגיסטראַטור, — האָט מ׳סיע דעניזעי געזאָגט צום סוף און האָט זיך פאַרנייגט און איז אוועק, אַ גליקליכער.

און מ׳סיע קאַמי־לאַמאָט איז געבליבען איינער אליין; צום אַלעם ערשטען האָט ער אָנגעצונדען אַ ליכט, און האָט פון דעם שיפלאַד, וואו ער האָט עס געהאַט בעהאַלטען, ארויסגענומען סעווערינע׳ס צעטעלע. דאָס ליכט האָט געברענט זעהר העלל; ער האָט פונאַנדערגעשפּרייט דאָס צעטעלע און האָט געוואָלט איבערלייענען די צוויי שורות, און ער האָט זיך פלוצים דערמאָנט אָן דער פיינער פערברעכערין מיט איהרע בלויע אויגען, ווי זי האָט ביי איהם אמאָל ארויסגערופען אזא סימפּאַטיע. איצט איז זי טויט, און מיט אזא טראַגישען טויט! ווער ווייס דעם סעקרעט וואָס זי האָט מיט זיך מיטגענומען. אמת... גערעכטיגקייט... אַך, בלויז אַן אילוזיאָן, געוויס.

וואָס איז איהם געבליבען פון דער אונבעקאַנטער שעהניקע פרוי? — בלויז אַ מאָמענטאַלער בעגעהר, וואָס זי האָט אין איהם אָנגעצונדען, און וועלכען ער האָט זאָגאַר ניט בעפרידיגט. און ער ריהרט צו דאָס צעטעלע צו דעם ליכט, און עס הויבט אָן צו ברענען; און איהם נעהמט אָן אַ גרויסע טרויעריגקייט, און דאָס הערץ זאָגט איהם עפּעס אָן אַן אונגליק: — צו וואָס דאַרף מען פארברענען די בעווייזע, צו וואָס דאָס אַלעס נעהמען זיך אויף זיין געוויסען, אז ס׳איז שוין אזוי באשערט, אז די אימפּעריע זאָל אָבגעראַמט ווערען פונקט ווי דאָס ביסעלע שווארצע אַש, וואָס איז איהם ארויף אויף די פינגער?

קיין וואָך איז נאָך ניט פאַראיבער, ווען מ׳סיע דעניזעי האָט געענדיגט די אונטערזוכונג. אין דער מערב־באַהן קאָמפּאַניע האָט ער געפונען אַ פאָלקאָמענעם וואונש איהם בעהילפיג צו זיין; מ׳האָט איהם צוגעשטעלט אַלע נויטיגע פּאַפּירען,

אלע ניצליכע בעוויזע. די קאמפאניע אליין האט אויך זעהר געוואלט עס זאל שוין ווערען אן ענד פון דער מיזעראבלער געשיכטע מיט איינעם פון איהרע אנגעשטעלטע, — א געשיכטע, וואס האט אלץ געשטייגט העכער און העכער איבער אלע פארפלאנטערטע רעדער פון דעם גרויסען מעכאניזם און האט אזש שיער ניט אנגעריהרט דעם פערוואלטונגס־ראטה פון דער אדמיניסטראציאן אליין. מ'דארף וואס אם שנעלסטען ארונטערשניידען דאס וואונד־פלייש. און ווידער זעהט מען אין דעם קאבינעט פון דעם אונטערזוכונגס־ריכטער דורכגעהן איינעם נאך דעם אנדערן די אנגעשטעלטע אויף דער סטאנציע אין האוור, — מ'סיע דאבאדיע, מ'סיע מולען, און אנדערע; און זיי האבען אלע עדות געזאגט געגען רובא'ן, ווי ער האט זיך זעהר שלעכט אויפגעפיהרט; און דערנאך קומט דער סטאנציאנס־מייסטער פון בארענטען, מ'סיע בעססיער, און אויך איינע אנגעשטעלטע אין רואן, וועלכע האבען ענטשיידענ־וויכטיגע עדות געזאגט וועגען דעם ערשטען מארד; און ענדליך קומט מ'סיע וואנדארפ, דער סטאנציאן־מייסטער פון פאריז און אויך דער וועג־סיגנאליסט מיזאר און דער אויבער־קאנדוקטאר האנרי דאווערן, — די לעצטע צוויי האבען גאנץ בעשטימט זיך אויסגעדריקט וועגען דעם, ווי דער בעשולדיגטער האט אזוי פיעל ערלויבט זיין פרוי. און האנרי האט זאגאר דערצעהלט, אז איין מאל ביי נאכט, אין קרוא־דע־מאפרא, וואו סעווערינע האט איהם בעדיענט אין זיין קראנקהייט, האט ער אליין, — אזוי דאכט זיך איהם, — געהערט ווי רובא און קאביש האבען זיך אונטער זיין פענסטער צונויפגערעדט, — וואס דאס האט פיעל ערקלעהרט און האט אין גאנצען צו'הרג'עט דעם אנשטעל פון די צוויי בעשולדיגטע, אז זיי האבען זיך קיין מאל ניט געקאנט. און אלע אנגעשטעלטע ביים באהן האבען אין איין קול פערדאמט די שולדיגע, און אלע האבען מיטלייד געהאט אויף די אונגליקליכע אפפער, — די אונגליקליכע יונגע פרוי, מעבאך, וועלכע מ'האט געמעגט פארגעבען איהרע פעהלערן, און דער עהרענהאפטער זקן, וועלכער איז שוין אין גאנצען

ריין־געוואַשען פון די אַלע שמוציגע געשיכטעס, וואָס מ'האָט אויף איהם אויסגעטראַכט.

אָבער מעהר פון אַלץ, האָט דער נייער פּראָצעס צורייצט די געפיהלען אין דער פאַמיליע פון גראַנמאָרענ'ען, און אָבוואָהל פון דעם צד, האָט מ'סיע דעניזעי געהאַט אַ גאַנץ גוטע אונטער־שטיצונג, האָט ער אָבער אויך געדאַרפט זיך גענוג אָנשטרענגען איינצוהאַלטען דעם צוזאַמענהאַנג פון זיין אונטערזוכונג. די לאַשענעים האָבען געטאַנצט פון פרייד, ווייל זיי האָבען דאָך די גאַנצע צייט געשריען, אַז שולדיג זיינען די רובאָ'ס, וועלכע ס'האָט אויפגערייצט די צואה מכח קרוא־דע־מאָפּראַ און אין וועלכע עס האָט געברענט די געלדזוכט. דערצו נאָך האָבען זיי אין דער נייער אונטערזוכונג ווידער אַמאָל דערזעהען אַ געלעגענ־הייט צו אָנגרייפען די צואה ; קיין אַנדער מיטעל זי פּסול צו מאַכען, האָבען זיי ניט געהאַט, ווי בלויז דאָס, אַז סעווערינע איז געוועזן שולדיג אין איהר אונדאַנקבאַרקייט ; דערפאַר האָ־בען די לאַשענעים טאַקי אָנגענומען אַ טהייל פון רובאָ'ס אויס־זאָגונגען ; און נעהמליך, דאָס די פרוי האָט טאַקי געהאָלפען איהר מאַן צו בעגעהן דעם מאָרד, — אָבער ניט אויס ראַכע פיר אַן אויסגעטראַכטע געמיינהייט געגען איהר, זאָנדערן פּשוט צו בערויבען דעם אַלטען. און דער אונטערזוכונגס ריכטער האָט זאָגאַר געמוזט זיך מיט זיי האַמפּערען, און ספּעציעל געגען בערטהאַ'ן, וועלכע איז געוועזן זעהר ביטער געגען סעווערינע'ן, איהר אַמאָליגע פריינדין, אויף וועלכע זי האָט ארויפגעוואָרפען העסליכע בעשולדיגונגען; און וועלכע ער, מ'סיע דעניזעי, האָט אָבער אַלץ געמוזט פאַרטהיידיגען: און עס האָט איהם זעהר גענער־גערט און זעהר דערצאָרענט, וואָס מען ריהרט זיך צו צו זיין מייס־טערווערק, אַזוי לאָגיש אויפגעבויט, אַזוי שעהן צוזאַמען גע־שטעלט, אַז ווען מען זאָל נאָר דערפון נור איין שטיין ארויסרייסען מוז עס זיך אין גאַנצען צופאַלען, — ווי ער אַליין האָט מיט שטאָלץ ערקלערט.

און דערפאַר איז טאַקי ביי איהם אין קאַבינעט פאָרגעקומען אַ לעבעדיגע סצענע צווישען די לאַשענעים און מאַדאַם באָנעהאָן.

זי האָט זיך אַמאָל געהאַלטען זעהר פריינדליך צו די רובאָ׳ם; אָבער איצט האָט זי זיך געמוזט צוריק האַלטען פון רובאָ׳ן; אָבער זי האָט נאָך, ווי פריהער, געהאַלטען פאַר סעוועריגע׳ן, אויס א צערטליכען מיטגעפיהל, וואָס פערצייהעט לייכט די פערליעבטע אין די שעהנינקע; מאַדאַם באַנגעהאַן איז באמת געריהרט פון דער ראָמאַנטישער טראַגעדיע, וואָס איז פאַרפאַרבט מיט בלוט. און זי האָט גערעדט אָפען און מיט פעראַכטונג געגען געלד. ווי שעהמט זיך עס ניט איהר פלימעניצע ווידער אַמאָל אויפצוהוי־בען די פראַגע פון דער צואה? אויב סעווערינע איז שולדיג, מוז מען דאָך רובאָ׳ם ווערטער אָננעהמען אין גאַנצען, און דאַן ווער־דעם הויפּט־ריכטער׳ס נאָמען ווידער אַמאָל בעשמוצט. און ווען דער אונטערזוכונגס־ריכטער וואָלט דורך זיין ווייטען בליק נאָך ניט אויסגעפונען דעם אמת, וואָלט מען אַזאַ אמת געדאַרפט אויסטראַכטען צו ראַטעווען דעם נאָמען פון דער פאַמיליע. און מאַדאַם באַננעהאַן האָט עטוואָס ביטערליך זיך אויסגעשפּראָכען געגען די גאַנצע געזעלשאַפט אין רואַן, וואו די געשיכטע האָט אַנגעמאַכט אַזאַ רושם, — א געזעלשאַפט, ביי וועלכע זי הערשט שוין ניט מעהר, ווען זי איז געקומען אויף דער עלטער און פער־לירט זאָגאַר איהר גרויסאַרטיגע שעהנקייט פון א בלאָנדער, גע־עלטערטער געטין. ערשט נעכטען זאָגאַר האָט מען ביי מאַדאַם לעבוק, די פרוי פון דעם שטאַאַטס־ראַטה, די פיינע ברונעטין וואָס האָט פאַרנומען איהר פלאַץ אויפ׳ן טהראָן, — יאָ, אַט ביי איהר האָט מען זיך אריינגעשושקעט איינער דעם אַנדערען עפּיס לייכט־זיניגע אַנעקדאָטען און מעשה׳לעך פון דעם הויפּט־ריכטער און לו־איזעט, און גערעדט אַלץ וואָס שלעכטע צינגער קאָנען אויס־טראַכטען.

און ביי די ווערטער האָט איהר מ׳סיע דעניזעי איבערגע־שלאָגען די רעד, אום איהר מיטצוטיילען, אז מ׳סיע לעבוק וועט זיין איינער פון די ריכטער אין דעם קומענדען טערמין פון גע־ריכט, און די לאַשענעים זיינען באַלד אנשוויגען געוואָרען, און בעאונרוהיגטע, האָבען זיי זיך כלומרשט אונטערגעגעבען. אָבער מאַדאַם באַננעהאַן האָט זיי בערוהיגט, און געזאָגט זיכערהייט

אַז דאָס געריכט וועט טהון זיין פּפליכט, ווייל דער הויפּט־ריכטער ביים פּאָרזיץ וועט זיין איהר אַלטער פריינד, מ׳סיע דעבאַזייל, וואָס קאָן איבער זיין רעוומאַטיזם זיך מעהר שוין ניט ערלויבען ווי בלויז די גוטע ערינערונגען; דער צווייטער ריכטער דאַרף זיי מ׳סיע שאָמעט, דער פאַטער פון אַ יונגען מיטהעלפער פון פּראָקוראָר, וועלכען זי זוכט בעהילפיג צו זיין. און דערפאַר קאָן זי זיין גאַנץ רוהיג; אָבער אויף איהרע ליפּען האָט זיך בעוויזען אַ טרויעריגער שמייכעל, בשעת ער האָט דערמאָנט מ׳סיע שאָמעט; און דאָס איז דערפאַר, וואָס זייט אַ שטיקעל צייט איז דער יונגער זוהן אַן אָפטער גאַסט ביי מאַדאַם לעבוק, וואוהין זי האָט איהם זאָגאר אַליין געמוזט שיקען אום איהם ניט צו שאַדען זיין צוקונפט.

און אַז דער בעריהמטער פּראָצעס איז ענדליך געקומען אין געריכט, האָט דער קלאַנג פון אַ נאָהענטע מלחמה און די אויפרעגונג, וואָס האָט פאַרכאַפּט גאַנץ פראַנקרייך, זעהר געשטערט אַז מען זאָל דערפון אַ סך רעדען. אָבער אין רואַן איז מען ניט וועניגער ווי דריי טעג געווען אין איין פיעבער: ביי די טיהרען פאַר׳ן געריכטס־זאַאַל האָט מען זיך געשטופּט דערקוועטשט צו ווערען; איבער די בילעטען אריינצוגעהן האָבען זיך די פּאָרנעמסטע דאַמען שיער ניט גע׳הרג׳עט. זייט דער אַלטער פּאַלאַץ פון די נאָרמאַנדער הערצאָגען איז געוואָרען אַ געריכטס־קאַמער, איז דאָ נאָך קיין מאָל ניט געווען אַזאַ גרויסאַרטיגער עולם.

ס׳איז געווען סוף יוני; ס׳איז געווען הייס; די זון האָט געברענט אין די שויבען פון די צעהן פענסטער פון דעם פּאַלאַץ און האָט בעגאָסען מיט איהר שיין די שניצעריי אויף די דעמבעהאָלץ, דאָס בילד פון דעם געקרייציגטען יעזוס אויף ווייסען שטיין, וואָס ווייסט זיך אַרויס אַזוי בולט אויף דעם פעלד פון רויטען שטאָף, בעשפּריצט מיט ביהנען, און די בעריהמטע סטעליע פון די צייטען פון לואי דעם צוועלפטען, געשניצט און געגילט, אין אַ זעהר דעליקאַטער שאַטירונג פון דער פאַרב פון אַלט גאָלד.

נאך איידער דער פערהער האט זיך אנגעפאנגען איז שוין געווען דערשטיקט צו ווערען. פרויען האבען זיך געשטעלט אויף די שפיץ פינגער צו זעהען די זאכליכע בעווייזע אויף דעם ריכטער טיש, — גראנמארען'ס זייגערעל, דאס מיט בלוט פערפלעקטע נאכט־העמד פון דער ערמארדעטער און דאס מעסער, וואס האט געניצט אין צוויי מארדען. דער פארטהיידיגער פון קאביש'ן, אן אדוואקאט וואס איז געקומען פון פאריז, האט אויך אויף זיך געצויגען אלע בליקען. אויף דער באנק פון די געשווארענע זיינען געזעסען צוועלף רואנער בירגער, פארשפילעט אין זייערע שווארצע רעק, דיקע און ערנסטע. און ווען די ריכטער זיינען אריינגעקומען, איז געווארען אזא שטופעניש צווישען דעם שטעהענדען פובליקום, אז דער הויפט־ריכטער האט זאפארט געמוזט אנשרייען, אז ער וועט הייסען אלעמען ארויספיהרען פון זאאל.

ענדליך האט זיך אנגעפאנגען דער פערהער; די צוועלף געשווארענע האט מען געגעבען די שבועה, און מ'האט גענומען אויסהערען די עדות; דא איז וויעדער געווארען אין פובליקום א קאך אוים נייגיעריגקייט; ביי די נעמען פון מאדאם באנגעהאן און מ'סיע דע־לאשאנעי, האבען אלע אויפגעהויבען די קעפ; אבער מעהר ווי מיט אלעמען, האבען זיך די דאמען פעראינטערעסירט מיט זשאק'ן, נאכקוקענדיג איהם מיט די אויגען, דערצו נאך, זייט מען האט אריינגעפיהרט די צוויי בעשולדיגטע, — יעדען איינעם צווישען צוויי זשאנדארען, — האט מען זיי גע־האלטען אין איין אנקוקען, און מ'האט זיך וועגען זיי איבערגע־ווארפען מיט מיינונגען. זיי זעהען אוים אזוי שרעקליך און גע־מיין, ריכטיגע צוויי באנדיטען. רובא, אין זיין קורצען רעקעל פון טונקעלען קאליר, און מיט א נאכלעסיג אנגעטהוענעם האלז־טוך, האט אלעמען איבערראשט מיט זיין געעלטערטען, נאדישען און מיט פעט פארגאסענעם פנים, און וואס אנבעלאנגט קאביש'ן, האט ער ווירקליך אויסגעזעהען, ווי מ'האט איהם געמאלט: אנגעטהון אין א לאנגע בלויע בלוזע, דער ריכטיגער טיפ פון א מערדער, מיט גרויסע פויסטען, מיט צייהנער ווי ביי א ווילדע

חיה, — בקיצור, איינער פון די חברה־לייט, וואס איז בעסער ניט צו בעגעגענען ערגיץ אין וואלד אין א ווינקעל.

און דער פערהער האט נאך פערגרעסערט דעם שלעכטען איינדרוק, און ביי איניגע אנטווארטען האט זיך אין זאאל גע־הערט א שטארקע שושקעריי. אויף דעם הויפט־ריכטער'ס אלע פראגען, האט קאביש געענטפערט, אז ער ווייס גארניט; ער ווייסט ניט פון וואנען עס קומט צו איהם דאס זייגערל; ער ווייסט נים, פאר וואס ער האט געלאזט ענטלויפען דעם אמת'ן מערדער: און ווייטער האט ער זיך געהאלטען ביי דאס זייניגע, ביי דעם געהיימניספולען אונבעקאנטען, וועלכען ער האט גע־הערט אנטלויפען אין דער פינסטער. און אז מ'האט איהם גע־נומען פאנאנדערפרעגען וועגען זיין בעסטיאלע ליעבע צו זיין אונגליקליכען קרבן, האט ער עפים געגומען דרעהען מיט דער צונג און איז מיט אמאל געווארען אזוי ווילד אין כעס, אז די זשאנדארען האבען איהם געמוזט כאפען פאר די הענד, — ניין, ניין! ער האט זי ניט געליעבט, זי ניט בעגעהרט; דאס איז אלעס בלויז ליגענס; ער וואלט דאך זי נור בעליידיגט מיט אזא חוצפה, זי — א דאמע און ער בלויז א ווילדער, וואס איז נאך דערצו געזעסען אין געפענגנים! און דערנאך, אז ער האט זיך שוין עטוואס בערוהיגט, האט ער זיך ווידער אנגענומען מיט כעס און האט געשוויגען, ענטפערענדיג בלויז מיט איינציגע ווערטער, גאר אין גאנצען גלייכגילטיג וואס מ'קאן איהם פאר־משפט'ען.

דאס גלייכען, רובא. ער האט זיך אויך געהאלטען ביי זיין פלאן, ווי די בעשולדיגונג האט דאס אנגערופען; ער האט אויסדערצעהלט ווי אזוי און פאר וואס ער האט ערמארדעט גראנמארענ'ען, און האט געלייקענט די מינדעסטע אנטהייל אין דעם מארד פון זיין פרוי; און דאס אלעס האט ער דערצעהלט אין אזוינע אבגעהאקטע זאצען, כמעט אהן א צוזאמענהאנג, פלוצים פערלירענדיג אלע מינוט דעם זכרון, און מיט אזא פאר־שטיקטען קול און מיט אזוינע אונקלאהרע אויגען, אז ס'האט זיך מינוטענווייז זאגאר געדוכט, אז ער טראכט דאס ערשט דא

אויס און בעקלעהרט ערשט איצט די איינצעלהייטען. דער הויפט־ריכטער האט איהם גענומען אויפ'ן פערהער, בעווייזענדיג איהם דעם אונזין פון זיין ערצעהלונג; דארויף האט רובא בלויז פארקוועטשט מיט די פלייצעס, און האט מעהר ניט גע־וואלט ענטפערען: — צו וואס זאל ער געהן דערצעהלען דעם אמת, אז דער ליעגען קומט אויס לאגיש. און אזא פערעכטליכע, חוצפה'דיגע האלטונג צום געריכט האט רובא'ן שטארק געשאדט.

מ'האט אויך געקאנט זיך מערקען ווי די צוויי בעשולדיגטע אינטערעסירען זיך וועניג־וואס איינער מיט דעם אנדערען. אבער דאס איז געווען נאך א בעווייז, אז זיי האבען זיך פריהער אבגע־רעדט, — אן אויסגעצייכענטער פלאן, דורכגעפיהרט מיט אן אונ־געוועהנליכע ווילענס־קראפט. דאס מאכען זיי זיך אזוי, אז זיי קענען זיך ניט; זיי בעשולדיגען זיך זאגאר איינער דעם אנ־דערען, — און אלץ אבי אבצונארען דאס געריכט. אז דער פער־הער פון די אנגעקלאגטע האט זיך געענדיגט, איז דער אורטייל איינענטליך שוין געווען פערטיג; דער הויפט־ריכטער האט דאס אלעס אזוי פיין געפיהרט, אז רובא און קאביש זיינען ריכטיג אריינגעפאלען איבער'ן קאפ, און האבען זיך ווי אליין איבערגע־געבען אין די הענט פון דער גערעכטיגקייט. דעם זעלבען טאג: האט מען נאך אויסגעהערט אייניגע עדות, ניט קיין וויכטיגע. ארום פינף א זייגער איז די היץ געווארען אונערטרעגליך, און צוויי דאמעס פון פובליקום האבען גע'חלש'ט.

אבער אויף דעם צווייטען טאג האבען אייניגע עדות אנ־געמאכט א גרויסען רושם. מאדאם באננעהאן האט זיך באמת אויסגעצייכענט מיט איהר האלטונג און טאקט. מ'האט מיט אינטערעס אויסגעהערט די אנגעשטעלטע פון דער קאמפאניע, מ'סיע וואנדארפ, בעססיער, דאבאדיע און ספעציעל מ'סיע קאש, וועלכער האט מיט אלע איינצעלהייטען דערצעהלט, ווי ער האט גוט געקענט רובא'ן, און האט מיט איהם זאגאר זעהר אפט גע־שפיעלט א פארטיע אין קארטען אין קאפע „די־קאממערס". האנרי דאווערן האט נאך אמאל איבערגע'חזר'ט זיינע שלאגענדע אויסזאגונגען, אז ער איז כמעט זיכער, אז ער האט אליין געהערט

אין שלאָף און אין פיעבער, ווי די צוויי בעשולדיגטע האָבען זיך מיט פערשטיקטע שטימעס צונויפגערעדט, און אז מ'האָט איהם גענומען אויפ'ן פארהער וועגען סעווערינע'ן, איז ער געוואָרען זעהר בעשיידען און האָט געגעבען צו פארשטעהן, אז געליעבט האָט ער זי טאקי, אָבער וויסענדיג, אז זי איז אָן אנדערן'ס, האָט ער זיך גאנץ עהרליך צוריק געצויגען.

און ענדליך, אז מ'האָט דעם אנדערען, זשאַק'ן לאַנטיע, אויפגערופען פאר'ן געריכט, איז אין עולם געוואָרען א שושקעריי, מ'האָט זיך אויפגעשטעלט איהם בעסער צו זעהען; זאָגאר צווישען די צוועלף געשוואָרענע האָט זיך געמערקט א שטאַרקע אָנשטרענגונג בעסער צו הערען. זשאַק האָט זיך גאנץ רוהיג אָנגעשפארט מיטביידע הענט אויף די פארענטשעס פון די אָבּצאַמונג, וואו עס שטעהען די פאָרגערופענע עדות, — גלייך ווי ער איז דאָ ביי זיין לאָקאָמאָטיוו אין דעם געוועהנליכען שטעל פון זיין פראָפעסיאָן.

דאָס אויפטרעטען פאר'ן געריכט, וואָס האָט אייגענטליך איהם געזאָלט שטאַרק בעאונרוהיגען, האָט איהם גאָר געפונען אין די בעסטע שטימונג, גלייך ווי איהם הויבט די גאנצע געשיכטע גאָר ניט אָן צו אַארען. ער האָט עדות געזאָגט, ווי א זייטיגער, אונשולדיגער מענש. זייט דעם פארברעכען, האָט ער אפילו א ציטער ניט געטהון; ער האָט דערפון אפילו ניט געטראַכט; ס'איז איהם גאָר אין גאנצען פון זכרון ארויס; אלע אבריס ארבייטען ביי איהם ריכטיג אויף א האָאָר, און ער איז פאָלקאָמען געזונט. און זאָגאר דאָ, פאר'ן געריכט, האָט ער ניט קיין געוויסענס-ביסע, ווייסט פון קיין עולה ניט, גלייך ווי ניט ער איז עס.

צו אלעם ערשטען, האָט ער א קוק געטהון אויף רובאָ'ן און קאַביש'ן, מיט זיינע קלאָהרע אויגען. דער ערשטער, האָט ער געוואוסט, איז שולדיג; ער האָט צו איהם א לייכטען נייג געטהון מיט'ן קאָפּ, א מין שטילע בעגריסונג, גאָרניט איבערטראַכטענדיג, אז ער ערשיינט דאָ היינט עפענטליך ווי דער געליעבטער פון יענעם'ס פרוי. און צו קאַביש'ן, דעם אונשולדיגען, וואָס ער אליין וואָלט אייגענטליך געדארפט אָנשטאָט איהם זיין

אויף דער באַנק פון די בעשולדיגטע, האָט ער אַ שמייכעל געטהון: דאָך נישט קשה'דיג פון אַ מענשעל אין תוך אריין, אָבוואָהל ער זעהט אויס ווי אַ באַנדיט; ער איז דאָך אַ בראַווער יונג, וואָס קאָן ארבייטען און וועמען מען מעג דריקען די האַנט.

און עדות האָט זשאַק געזאָגט מיט חשק, גענטפערט קלאָהר און קורץ אויף יעדע פראַגע פון דעם הויפּט־ריכטער, וועלכער האָט געוואָלט וויסען אַלע איינצעלהייטען פון זיינע פערהעלטניסע צו דער ערמאָרדעטע, און האָט איהם דערנאָך זיך געהייסען דער־צעהלען, ווען ער איז ארויסגעפאָהרען פון קרוא־דע־מאָפּרא, ווי פיעל שעה פאר דעם מאָרד, ווען האָט ער זיך אויפגעזעצט אין באַראַנטען און ווי האָט ער פאַרבראַכט די נאַכט אין רואַן.

קאַביש און רובאָ האָבען זיך ביידע צוגעהערט און האָבען מיט זייער האַלטונג, ווי בעשטעטיגט זיינע ווערטער. און אין דער זעלבער מינוט איז צווישען די דריי מענער געבאָרען געוואָרען אַ גרויסער טרויער. אין געריכטס־זאַאַל איז געוואָרען שטיל ווי אין אַ קבר. און עפּיס אַזאַ געפיהל האָט זיך גענומען, קיינער ווייסט ניט פון וואַנען, און האָט ביי די צוועלף געשוואָרענע ווי געשטעלט זיך אין האַלז: — דער אמת האָט דאָ פאַרביייגע־שוועבט, דער שטילער אמת...

און אַז דער הויפּט־ריכטער, דער פאָרזיצענדער, האָט זשאַק'ן ענדליך געפרעגט זיין מיינונג מכח דעם אונבעקאַנטען, וואָס איז פערשוואונדען אין דער פינסטער, פון וועלכען דער שטיין־האַקער האַלט אין איין רעדען, האָט זשאַק זיך בלויז בע־גניגט אַ מאַך צו טהון מיט'ן קאָפּ, גלייך ווי ער וויל דעם בעשול־דיגטען חלילה ניט שאַדען.

און דאָ האָט פּאַסירט נאָך אַ פּאַקט, וואָס האָט שוין אויפ־געררודערט אַלע אַנוועזענדע. טרערען האָבען זיך בעוויזען ביי זשאַק'ן אין די אויגען, זיינען אריבערגערונען, און זיינען איהם אַראָפּ אויף די באַקען. איהם האָט זיך ווידער אין געדאַנקען פאָרגעשטעלט די אונגליקליכע ערמאָרדעטע, דער אָנבליק פון וועלכע האָט זיך איינגעשניטען אין זכרון, מיט איהרע בלויע אויגען, גרויס גאָר אָהן אַ שיעור, איהרע שוואַרצע האָאָר, און

זיי האָבען זיך ביי איהם גלייך איבער'ן שטערען געשטעלט קאַפּויר, עפּיס ווי אַ קרוין פון שרעק. און זשאַק פאַרגעטערט זי נאָך איצט, און עס נעהמט איהם פאר'ן הארצען אַ גרויס רחמנות, און ער קלאָגט אויף איהר מיט הייסע טרערען, אונבעװאוסטזיניג פון זיין פארברעכען, פארגעסענדיג, אַז ער שטעהט דאָ פאר אַ גאנצען עולם.

און די פרויען האָט עס אויך גענומען פאר'ן הארצען, און זיי האָבען זיך צו־װיינט. אויסערגעװעהנליך ריהרענד איז געװען דאָס צו צוזעהען — דעם טרויער פון דעם פארליעבטען, אין דער צייט, וואָס ביים געזעצליכען מאַן זיינען די אויגען געװען טרוקען.

דער פּאָרזיצענדער האָט געפרעגט די פערטהיידיגונג צו וויל זי דעם עדות ניט שטעלען נאָך איינינע פראגען; אָבער די אַדװאָקאַטען האָבען געדאַנקט, און די בעשולדיגטע האָבען ווי צו־מישטע נאָכגעקוקט זשאַק'ן, ווי ער געהט זיך צוריק זעצען אויף זיין פּלאַץ צווישען דעם סימפּאטיזירענדען פּובליקום.

די דריטע זיצונג פון דעם געריכט איז אין גאַנצען אוועק מיט די בעשולדיגונגס־רעדע פון דעם פּראָקוראָר און די פערטיידיגונג פון די אַדװאָקאַטען. אָנגעפאַנגען האָט זיך עס מיט די איינלייטונגס־רעדע פון דעם הויפּט־ריכטער, וועלכער איז בלומרשט געװען זעהר אונפּארטייאיש, און האָט אָבער דאָך פארשטארקט די בעשולדיגונג. דערנאָך האָט גערעדט דער קייזערליכער פּראָקוראָר; ער האָט, דאכט זיך, ניט זעהר גוט אויסגענוצט זיינע בעווייזע; און יעדעס מאָל, וואָס ער האָט געבראכט די שטאַרקסטע ראיות, איז זיין רעדנער־קראַפט געװען אם שוואכסטען; דאָס האָט מען זיך ערקלעהרט דערמיט, וואָס ס'איז אַזאַ היץ, אַז מען קאָן ווירקליך אומקומען. אים געגענטהייל אָבער איז דעם פּע־טהיידיגער פון קאַביש'ן, דעם אדוואָקאט פון פּאריז, געװען זעהר אנגענעהם צו הערען, אָבער איבערצייגט האָט ער קיינעם ניט. און רובאָ'ס פּארטיידיגער, אַן אנגעזעהענער פּאָרשטעהער פון דער רואַנער אַדװאָקאַטור, האָט זיך אויך געלעגט אין דער לענג און אין דער ברייט ארויסצודראפּען זיך פון דעם

שלעכטען עסק. און דער אויסגעמאטערטער פּראָקוראָר האָט זאָגאָר ניט געוואָלט ענטפערען. און אז די געשוואָרענע זיינען זיך ענדליך אוועק אין זייער בעראטהונגס־צימער, איז ערשט געווען זעקס א זייגער, און דער שעהנער טאָג האָט זיך געשפּארט אין די צעהן פענסטער, און א לעצטער שטראהל האָט נאָך געשיינט אויף דעם געוועלב, וועלכער איז געווען בעציהרט מיט די הערבען פון די שטעדט פון נאָרמאַנדיע. א גרויסער גערויש פון קולות האָט זיך אויפגעהויבען ביז די געגילטע אלט־צייטיגע סטעליע, און די אונגעדולדיגע שטופּעניש פון דעם אויפגעשטאַנענעם עולם האָט זאָגאר אויפגעמאכט די טיהר פון די אבטיילענדע אייזערנע גראטעס.

אָבער אז דער געריכט און די געשוואָרענע האָבען זיך ווידער בעוויזען, איז ווידער געוואָרען שטיל ווי אין א טעמפּעל. דער פּסק האָט זאָגאר אנערקענט, אז עס זיינען געווען פארלייכטערענדע אומשטענדען, און דער געריכט האָט די בעשולדיגטע פערמשפּט בלויז צו לעבענסלענגליכע שווערע ארבייט, און אלע אנוועזענדע זיינען ערשטוינט געוואָרען; דער עולם האָט זיך גענומען טומלען ביים ארויסגעהן; מ'האָט זאָגאר א פּאָר מאָל אויסגעפייפט, ווי אין טהעאטער.

און דעם גאנצען אבענד נאָך דעם האָט גאנץ רואן געקאָכט מיט דעם אורטהייל אויף טויזענדערליי אופנים. לויט דער אלגעמיינער מיינונג, איז דאָס געווען א קלאַפּ פיר מאדאם באַננעהאָן און די לאשענעים, און נור א טויט־שטראָף, ווי עס שיינט, האָט געקאָנט בעפרידיגען די פאמיליע פון גראַנמאָרען; זיכער, שטעקט דאָ א פיינדליכע האנט. און מען האָט שוין גענומען אין דער שטיל דערמאָנען מאדאם לעבוק'ס נאָמען; צווישען די צוועלף געשוואָרענע זיינען פיער איהר געווען געטריי. אין דעם ווידער ווי איהר מאַן, אלס איינער פון דעם געריכט האָט זיך אויפגעפיהרט ביים פארהער, איז נאַטירליך ניט געווען וואָס אויסצוזעצען. און דאָך האָט מען, דאכט זיך, בעמערקט, אז ניט מ'סיע שאָמעט, דער צווייטער ריכטער, און זאָגאר אויך ניט דער פּאָרזיצענדער, דער הויפּט־ריכטער דעבאזייל אליין, האָבען

ניט געפיהרט דעם פארהער, ווי זיי וואָלט זיך עס באמת געוואָלט.

און אפשר האָבען גאָר די איינגעשוואָרענע, לויט זייער אייגענעם געוויסען, פשוט אליין אנערקענט פערלייכטערנדע אומשטענדען, ווייל זיי האָבען זיך געלאָזט בעאיינפלוסען פון יענעם צווייפעל, וואָס האָט אין מאָמענט אָנגענומען אלע אנוועזענדע אין זאאל, בשעת דער טרויעריגער אמת איז זיך שטיל פארבייגעפלויגען. יעדענפאלס איז דער פראָצעס געווען א זיעג פיר דעם אונטערזוכונגס־ריכטער, מ'סיע דעניזעי; זיין מייסטער־ווערק האָט מען איהם ניט געקאָנט צונעמען. זאָגאר די פאַמיליע פון גראַנמאָרען אליין האָט פיעל פערלאָרען, אז ס'איז ארויס דער קלאַנג, אז אום צוריק צו קריגען קרוא־דע־מאָפרא, האָט מ'סיע דע־לאַשענעי, להפך די גאנצע יוריספרודענץ, געוואָלט אָנהויבען א פראָצעס צו פסל'ען די צואה, ניט קוקענדיג דאָרויף וואָס דער מאַן איז שוין געשטאָרבען, — וואָס דאָס פאסט שוין גאָר ניט פיר איינעט, וואָס איז אליין א יוריסט.

ארויסגעהענדיג פון דעם געריכטס־זאאל, האָט זשאק זיך אָנגעטראָפען מיט פילאָמענע'ן, וועלכע איז דאָ אויך געווען אלס אַן עדות. און זי האָט איהם פון זיך שוין ניט אָבגעלאָזט, און געשלעפט מיט זיך, ער זאָל מיט איהר פארברענגען די נאכט אין רואן. צוריק אָנצוקומען צו דער ארבייט דארף ער דאָך ערשט מאָרגען, און זשאק האָט אודאי געוואָלט מיט איהר פארבלייבען עפים איבערכאפען אין דעם גאסט־הויז, נעבען דער סטאנציע, וואו ער האָט געזאָגט, אז ער האָט איבערגענעכטיגט יענע נאכט פון דעם פארברעכען; אָבער נעכטיגען דאָרטען וועט ער געוויס ניט, ווייל ער איז אבסאָלוט געצוואונגען אומצוקעהרען זיך קיין פאריז מיט דעם צוג צוועלף אוהר פופציג מינוט.

— וויסטו, — האָט פילאָמענע צו איהם געזאָגט, געהענדיג מיט איהם געארעמט צום גאסט־הויז, — מיר דאכט זיך אז איך האָב נור וואָס געזעהען פארבייגעהען אונזערען א בעקאנטען... און דוקא פעקע'ן, און ער האָט מיך ערשט די טעג פארזיכערט, אז זיין פוס וועט ניט אריינקומען אין רואן בייצו־וואָהנען דעם גרויסען פראָצעס.... איך האָב זיך בלויז א קעהר געטהון אויף

א רגע און א מאן, וואס איך האב נור געקאנט זעהען זיין פלייצע, האט זיך א שטופ געטהון צווישען דעם עולם...

דער מאשיניסט האט איהר איבערגעשלאגען די רעד, פאר־ציהענדיג מיט דער אקסעל.

— פעקע איז אין פאריז און אונטערהאלט זיך אביסעל, גאנץ צופרידען מיט דער פרייער צייט, וואס מיין אבוועזענהייט פון דער ארבייט לאזט איהם האבען.

— דאס איז מעגליך... אבער דאס מאכט ניט אויס; מיר מוזען זיך דאך היטען, ווייל ער איז ווירקליך דער שמוציגסטער לומפ, ווען ער איז נור גוט אין כעס.

און זי האט זיך צוגעטוליעט צו איהם, און ווייטער געזאגט, ווארפענדיג א בליק צוריק:

— און אט דער, וואס געהט אונז נאך, — קענסטו איהם ?

— יא; בערוהיג זיך... ער וויל מיך מן הסתם עפּיס פרעגען.

דאס איז געווען מיזאר; און, ווירקליך, ער איז זיי פון ווייד־טען נאכגעגאנגען פון דער גאס דעי־זשוויעף. ער האט אויך עדות געזאגט, ווי א פארשלאפענער; און ער איז דא געבליבען, ארומדרעהענדיג זיך ארום זשאק'ן, ניט וואגענדיג אבער איהם צו שטעלען די פראגע, וואס איז איהם, קענטיג, געווען אויפ'ן צונג. און אז דאס פּאארעל איז ענדליך אריין אין גאסט־הויז, איז מיזאר אויך אריינגעגאנגען און האט זיך געהייסען דערלאנגען א גלאז וויין.

— אך, דאס זייט איהר, מיזאר! — האט דער מאשיניסט אויסגעשריען, — און ווי געהט'ס אייך עפעס מיט אייער נייער פלונית'טע, אה?

— יא, יא, — האט דער וועג־סיגנאליסט ארויסגעבורט־שעט. — אך, די נידערטרעכטיגע! זי האט עס מיך אביסעל אריינגענארט! איך האב דאך אייך דאס דערצעהלט, ווען איך בין דא שוין געווען איין מאל.

זשאק'ן איז די געשיכטע זעהר שעהן געפעלען. די פרוי דיוקלו, די אלטע ניט זעהר כשר'ע דיענסט, וואס מיזאר האט

אנגעשטעלט צו היטען דעם שלאג־בוים, האט געזעהען ווי מיזאר זוכט אין אלע ווינקעלאך און האט זיך באלד אנגעשטויסען, אז ער זוכט דאס געלד, וואס די פערשטארבענע האט ערגיץ בע־האלטען; און איהר איז ארייגעפאלען די געניאלע אידעע, אז זי קאן צווינגען מיזאר'ן, ער זאל זי הייראטהען מאכענדיג דעם אנשטעל, מיט א געלעכטערל און א חן'דעלע, אז זי האט שוין דאס געלד געפונען. פון אנפאנג האט מיזאר זי שיער ניט דער־שטיקט: דערנאך אבער, בעדענקענדיג זיך, אז ער וועט דער־פון נאך אלץ ניט האבען די טויזענד פראנק, אויב ער וועט זי אב'פטר'ען ווי פאזיע'ן, איז ער געווארען זעהר פריינדליך, זעהר פיין; אבער זי האט איהם פון זיך אבגעשטויסען; זי האט אפילו ניט געוואלט, אז ער זאל זיך צו איהר צוריהרען; ניין, ניין; אז זי וועט ווערען זיין פרוי, וועט ער זי נעמען, — אי זי, אי דאס געלד.

און מיזאר האט מיט איהר חתונה געהאט; און זי האט נאך פון איהם חוזק געמאכט, וואס ער איז אזא בהמה און גלויבט אלעס, וואס מען דערצעהלט איהם. אבער דאס שעהנסטע איז דאס, וואס זי אליין, ווען זי האט ריכטיג פארשטאנען, אום וואס דא האנדעלט זיך, — האט זיך אויך אנגעצונדען מיט דעם פיעבער, און האט גענומען זוכען פונקט ווי ער, פונקט אזוי צוקאכט. אך, די טויזענד פראנק, וואס מען קאן זיי ניט גע־פינען, — זיי ווע‌לען זיי איין שעהנעם טאג דאך אמאל גע־פינען, — זיי זוכען דאך איצט אין צווייען! און זיי זוכען נאך, און זיי זוכען נאך.

— הייסט עס, נאך אלץ ניט געפונען? — האט זשאק גע־פרעגט, שפאטענד — העלפט זי אייך גארניט, די דיוקלו?

מיזאר האט אויף איהם א שטייפען בליק געטהון און האט ענדליך געזאגט:

— איהר ווייסט דאך יא, וואו דאס געלד איז; כ'בעט אייך, זאגט מיר.

אבער דער מאשיניסט איז געווארען בייז.

— איך וויים גארניט; די מומע פאזיע האט מיר גארניט

געגעבען, — צי איהר מיינט אפשר גאָר אז איך האָב דאָס צו־גע׳גנב׳עט?

— אָה, געגעבען האָט זי אייך עס ניט, — דאָס איז שוין זיכער..... זעהט, איך בין שוין דערפון קראַנק געוואָרען. אויב איהר ווייסט, וואו דאָס איז, זאָגט מיר אויס.

— אַך, פאַרדרעהט אייך אייער קאָפּ! זעהט בעסער, אז איך זאָל ניט ווערען אויסזאָגען צו פיעל.... זעהט בעסער אין זאַלץ־מעסטעל — אפשר דאָרט.

בלאַס, מיט ברענענדע אויגען, האָט איהם מיזאר אָנגעקוקט. פּלוצלונג, האָט ער ווי אויפגעלעבט.

— אין זאַלץ־מעסטעל, — אה? אודאי. איצט דערמאָן איך זיך; אין קעסטעל מיט זאַלץ איז דאָ אַ סעקרעטנע שאָב־טעלע, — און דאָרט האָב איך נאָך ניט געזוכט.

און אין איילעניש האָט ער בעצאָהלט פאַר זיין גלאָז ווײן, און איז אַוועקגעלאָפען צום באַהן, אפשר וועט ער נאָך דערוויסען דעם צוג פון זיעבען אוהר צעהן.

און אין דעם נידריגען שטיבעלע, אין דעם פאַרוואָרפענעם געגענד, זוכט ער נאָך עד־היום.

אויף דער נאַכט, נאָכ׳ן עסען, איידער עס געהט אָפּ דער צוג פון צוועלף אוהר פופציג, האָט פילאָמענע זיך געוואָלט דורכ־געהן מיט זשאַק׳ן אין די פינסטערע געסלאַך, ביז אונטער׳ן שטאָדט. ס׳איז געווען אַ הייסע, פינסטערע יולי נאַכט, אָהן אַ לבנה, און זעהר דושנע. און פילאָמענע האָט זיך קוים אָבגע־זיפצט, און האָט זיך כמעט ווי אָנגעהאנגען זשאַק׳ן אויפ׳ן האַלדז. צוויי מאָל שוין האָט זי געהערט טריט פון הינטען און האָט זיך אומגעקוקט, אָבער זי האָט קיינעם ניט געזעהען, ווייל ס׳איז געווען זעהר פינסטער.

זשאַק האָט זיך זעהר ניט גוט געפיהלט יענע נאַכט, ווי פאַר אַ שטורם: מיט זיין גאַנצע רוהיגע גלייכגעוויכט, און מיט זיין פאָלקאָמענע געזונדהייט זייט דעם מאָרד, האָט ער איצט אָבער פאָרט אַלץ געשפּיערט, זאָגאר נאָך זיצענדיג אין גאַסט־הויז ביים טיש, אז איהם קומט ווידער אָן זיין חולאת יעדעס

מאָל, וואָס די פרוי ריהרט איהם אָן מיט איהרע ציטערענד'ע הענד. ס'איז בלויז איבער דער היץ, אָהן צווייפעל; ער איז זעהר מיעד. און איצט האָט זיך אין איהם נאָך פערשטארקט דער אנגסטליכער בעגעהר, און אויך דער אונדרייסטליכער פחד, וואָס ער האַלט זי אזוי נאָהענט צו זיך. און דאָך האָט ער זיך שוין אויסגעהיילט; ער האָט זיך שוין אין דעם איבערצייגט, ער איז שוין, גאנץ געלאַסען, ביי איהר אומיסטנע געווען אום זיך אויסצופרופען.

אָבער איצט האָט ער זיך געפיהלט אזוי צוקאָכט, אז אויס מורא פאר זיין חולאת וואָלט ער זיך אויסגעריסען פון איהרע ארמס, ווען ניט די פינסטערניש, וואָס בערוהיגט איהם; ווייל קיין מאָל, זאָגאר אין די ערגסטע מאָמענטען פון זיין קרענק, וואָלט ער ניט גע'הרג'עט אין דער פינסטער. און מיט אמאָל, ווען זיי זיינען פארבייגעגאַנגען א בערגעלע מיט אויסגעטריקענטע גראָז, נעבען אַן איינזאמען וועג, וואו פילאָמענע האָט זיך צוגעלעגט און איהם גערופען צו זיך, האָט איהם די קליפה ווידער א נעהם געטהון, און די רציחה האָט אין איהם גענומען ברענען, און ער האָט געזוכט, אין גראָז, עפּיס א זאַך, א שטיין, מיט וואָס איהר צו שפּאַלטען דעם קאָפּ. מיט א ציטער און אויסער זיך איז ער אָפּגעשפּרונגען פון איהר און האָט גענומען לויפען.

פלוצים דערהערט ער דאָס קול פון א מאַנספּערזאָן, זידלעריי, — א גאַנצע שלאַכט.

— אה, דו אויסגעלאַסענע! כ'האָב געוואַרט ביז'ן סוף, געוואָלט זיין זיכער!

— ס'איז א ליגען! לאָז מיך אָפּ.

— א ליגען, אה? און ער איז ענטלאָפען, — ער וועט זיך ביי מיר ניט אויסדרעהען!... נו, דו שטראַסען-פרוי; וואָג מיך נאָך צו זאָגען, ס'איז א ליגען.

און זשאַק איז ווייטער געלאָפען אין דער פינסטער, — ניט אויס מורא פאַר פּעקען, וועלכען ער האָט אונטערדעסען דערקענט, נור אויס מורא פאַר זיך אַליין, אויסער זיך פון וועהטאָג. אַך, ווי? איין מאָרד איז ניט גענוג? ער האָט זיך ניט

אנגעזעטיגט מיט סעווערינע'ס בלוט, ווי ער האט ערשט היינט אין דער פריה נאך געגלויבט, און די קליפה קומט ווידער אמאל. הרג'ע נאך איינע, און דערנאך נאך איינע, און נאך, און נאך. ווי ער זעטיגט זיך נור אן אויף א פאר וואכען, ווען ער ווערט ווי פארגליווערט, כאפט זיך אין איהם באלד ווידער אויף זיין שרעקליכער הונגער, און אהן אן אויפהער וועט ער עס אלע בעגעהרען פרויען־בלוט צו בעפרידיגען זיין דורשט. און איצט דארף ער אפילו ניט זעהען דאס הוילע אויפרייצענדע לייב: — פאר איהם איז גענוג נור צו פיהלען אין זיינע ארמס די ווארימ־קייט פון דער פרוי, און ער מוז שוין מארדען, ווי א צו־ווילדעטער „ער" וואס צערייסט די „זי".

גענוג, צו וואס אזא לעבען? בלויז די טיעפע, פינסטערע נאכט שטעהט איהם פאר, א שרעק אהן א סוף, אן אייביגער לויפען.

איי ניגע טעג זיינען פארביי. זשאק האט זיך ווידער גענו־מען צו דער ארבייט; ער מיידעט אוים זיינע קאמעראדען; און איז ווידער ווילד איינזאם ווי אמאל.

ס'ווערט א סברה, נאך איי ניגע שטירמישע זיצונגען אין דעפוטאטען־קאמער, אז עס וועט דאך ערקלעהרט ווערען מלחמה; ס'איז שוין זאגאר געווען א שטיקעל געשלעג אויף א ווייטען פאסטען, — מיט ערפאלג, ווי עס הערט זיך. א גאנצע וואך שוין ווי די אייזענבאהן אנגעשטעלטע מאטערען זיך אויפ'ן טויט צו טראנספארטירען דאס חיל. די רעגעלמעסיגע צייט פון די צוגען איז צודרעהט געווארען; איבער די אונפאראויסגעזעהענע מיליטער צוגען, האלטען מען אין איין פארשפעטיגען זיך, און דערצו נאך האט מען די בעסטע מאשיניסטען צוגענומען פיר דעם שנעלערען טראנספארט פון דעם מיליטער.

און אויף אזא'ן אופן האט עס אמאל, אין אבענד פאסירט, אין האוור, אז זשאק, אנשטאט זיין אייגענעם געוועהנליכען עקספרעס, האט געמוזט פיהרען אן אונגעהייערען צוג פון אכט־צעהן וואגאנעס, בוכשטעבליך אנגעפאקט מיט סאלדאטען.

דעם אבענד איז פעקע געקומען אויף דער סטאנציע גוט

שכור. אויף מארגען נאך דעם, ווי ער האט געפאקט זשאק'ן מיט פילאמענע'ן, איז ער, אלס הייצער, געווען מיט זשאק'ן אויף דעם לאקאמאטיוו 608; אבער קיין ווארט האט ער פון דענסטמאל אן דערפון ניט דערמאנט: ער איז בלויז געווען אנגע'ברוגז'ט און האט זשאק'ן עפיס ניט געקוקט גלייך אין פנים. ער איז אבער געווארען אלץ מעהר און מעהר צוקאכט, האט ניט געוואלט פאל־גען, און האט יעדעס מאל געווארטשעט אין זיך, ווען זשאק האט איהם געהייסען עפיס טהון. דער סוף איז געווען, אז זיי האבען גאר אין גאנצען אויפגעהערט צו רעדען איינער צום אנדערען. דער שמאלענקער בריקעלע, דאס שטיקעלע פלאץ אויף דעם פלי־הענדען לאקאמאטיוו, וואס פלעגט זיי פריהעריגע צייטען אויף זיך טראגען אזוי פערייניגט, איז איצט געווארען בלויז א שמאל ברעטעל, און א געפעהרליכס, וואו עס שטופען זיך צוויי שונאים. און זייער האס איז געווארען אלץ גרעסער, און זיי וואלטען זיך איינער דעם אנדערען אויפגעגעסען לעבעדיגערהייט, שטעהענדיג אויף די עטליכע קוואדראט פוס, וואס טראגט זיי מיט געוואלדיגע שנעלקייט, און פון וואנען זיי קאנען אראפפאלען ביי דעם מינ־דעסטען שטופ.

און, דעם אויף־דער־נאכט, קוקענדיג אויף דעם שכור'ען פעקע'ן, איז זשאק געווארען אונרוהיג, ווייל ער האט גוט גע־וואוסט, אז דער הייצער איז צו ביטרע צו צוקאכען זיך, ווען ער איז ניכטער, און נור דער ווייו קען אין איהם צורייצען די בעסטיע.

דער צוג האט געזאגט אבגעהן ארום זעקס א זייגער; מ'האט זיך אבער פארשפעטיגט. ס'איז שוין געווען נאכט, און מ'האט די סאלדאטען אריינגעפאקט ווי שעפסען אין די וואגא־נעס פאר בהמות. מ'האט פשוט אנגעקלאפט ברעטער, אנשטאט בענק, צום זיצען, און מ'האט אנגעשטופט די וואגאנעס באנדעס־וויז, אזוי ווי נור מעגליך, — א קאפ אויף א קאפ; און מ'איז געזעסען איינער אויף'ן אנדערען; פיעלע זיינען געשטאנען, צונעדריקט אזוי, אז ס'איז ניט געווען ווי א ריהר צו טהון זיך. אין פאריז האט אויף זיי געווארט אן אנדער צוג זיי צו פיהרען

וויטער צום רהיין. די סאָלדאַטען זיינען שוין אויסגעמאַטערט און מיעד, פון דער שטופּעניש נאָך פאַר'ן ארויספאָהרען. אָבער מ'האָט זיי דערלאַנגט א שנעפּסעל א יעדען; פיעלע זיינען אויך געווען אין די אַרומיגע שענקען; זיינען זיי איצט געווען פרעה־ליך, אונטערגעוואַרעמט, און ברוטאַל, פאַרפלאַמט, מיט אויס־געסטאַרטשעטע אויגען. און אַז דער צוג האָט זיך ענדליך גע־ריהרט און גענומען ארויסגעהען פון דער סטאַנציע, האָבען זיי גענומען זינגען.

זשאַק האָט זאָפאַרט א קוק געטהון אויף'ן הימעל; די וואָלקענס פון א קומענדען שטורם האָבען פאַרשטעלט די שטערן. די נאַכט וועט זיין זעהר א פינסטערע, און קיין ווינטעלע האָט זיך ניט געפיהלט אין דער הייסער לופט; ואַגאר דאָס ווינטעל פון דעם פאָהרען, וואָס איז אימער אזוי פריש, איז היינט אויך געווען וואַרם, און אויף דעם ווייטען האָריזאָנט האָט זיך ניט געזעהען קיין אנדער ליכט, ווי נור די לעבעדיגע פייערלאָך פון די סיגנאַלען.

זשאַק האָט געהייסען אונטערגעבען מעהר פאַרע, כּדי בעס־סער צו קאָנען ארויפקריכען דעם בארג ארויף צווישען האַרפ־לער און סעינט־ראָמעין. ער האָט שוין איינינע וואָכען געשטו־דירט זיין נייע מאַשין 608, האָט ער זי נאָך אַלץ ניט געקענט: אַלע מאָל מיט א נייעם קאַפּריז, מיט איהרע משוגעת'ען פון דער ניי האָט זי איהם אָפט איבערראשט, און ספּעציעל היינט; ער האָט געפיהלט, אַז זי איז זעהר פאַרעקשן'ט, קאַפּריזנע, און בע־רייט צו שפּרינגען פון די כּליט, ווען זי קריגט נור אריין א פּאָאַר איבריגע שטיקלאָך קוילען. און דער מאַשיניסט, מיט דער האַנד אויף דעם רעגוליר־רעדעל, האָט דערפאַר קיין אויג ניט אַראָפּגע־לאָזט פון דעם אויוועז, און די אויפפיהרונג פון זיין הייצער האָט איהם אַלץ מעהר און מעהר בעאונרוהיגט. דאָס קליינע לעמפּעל, וואָס בעלויכט דעם וואַסער־גראַד, וואַרפט אויף די שטיקעל פּלאַטפאָרמע א האַלב־שאָטען; אָבער אַז מען עפענט די טיהרע פון דעם אויוועז, ווערט דאָס פאַרפאַרבט מיט א וויאָלעטווייס־רויטקייט. פעקע'ן האָט ער ניט געקאָנט זעהען גאַנץ דייטליך.

און צוויי מאָל האָט ער שוין געפיהלט, ווי מען ריהרט איהם אָן פאַר די פיס, גלייך ווי א פּרוּוּ צו טהון, צו קאָן מען איהם אויף אַזאַ אופן אָנכאַפּען. אָבער דאָס איז געווען ניט מעהר, ווי בלויז די ניט פלינקייט פון דעם שכור'ן פעקע, ווייל זשאַק האָט אין דעם גערודער פון דעם פאָהרען דאָך איהם דייטליך געהערט לאַכען זעהר הויך, און געוואַלדיג האַקען די קוילען מיט'ן האַמער, און וואַרפען מיט דער לאָפּעטע. יעדע מינוט עפענט ער דאָס טיהרעל, און וואַרפט אָן קוילען, וואָס מ'דאַרף גאָרניט אַזוי פיעל.

— געווג! האָט זשאַק א געשריי געטהון.

אָבער פעקע מאַכט זיך ניט הערענדיג, און וואַרפט ווייטער, א לאָפּעטע נאָך א לאָפּעטע; און אַז דער מאַשיניסט האָט איהם אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנד, האָט ער זיך צו איהם א קעהר געטהון מיט כעס, צו פריעדען וואָס ענדליך קומט עס שוין צו דעם געשלעג, וואָס ער האָט אַזוי געוואָלט אין די שטייגענדע רציחה פון זיין שכרות.

— נעהם צו די האַנד, אָדער דו קריעגסט ביי מיר!... איך וויל פאָהרען שנעל, — אַזוי וויל איך!

און דער צוג פליהט זיך דערווייל מיט אַלע כחות אויף דעם גראַדען וועג צווישען באַלבעק און מאָטעוויל. ביז פאַריז דאַרף ער זיך ניט אָבשטעלען, א חוץ אויף די בעקאַנטע פונקטען, וואו מען נעמט אָן וואַסער, די אונגעהייערע מאַסע, די אכטצעהן וואַגאָנעס, אָנגעפּאַקט ביז גאָר, ווי א סטאַדאָלע מיט מענשען, פליהט איבער די פינסטערע פעלדער, מיט אַן ענדלאָזער טראַסקערייא. און די מענשען, וואָס מען פיהרט זיי צו דער הריגה, זינגען, — זינגען אויף'ן קול, און פילדערען אַזוי הויך, אַז זיי פאַרשרייען אַפילו דעם געפילדער פון די רעדער.

מיט א זעץ פון דעם פוס האָקט זשאַק צו דאָס טיהרעל; ער עפענט דעם אינזשעקטאָר; ער האַלט נאָך קוים איין דעם כעס, און זאָגט:

— דאָס פייער איז צו גרויס!... לעגט זיך שלאָפען אויף איהר זייט אַזוי פול!

אבער פעקע עפענט זאפארט דאס טיהרעל און ווארפט וויי־טער קוילען, אפילו דער קעסעל זאל פלאצען.

דאס חייסט, אלזא, געבונטעוועט, ניט געפאלגט קיין בע־פעהלע, די רציחה צופלאקערט אזוי, אז איהם אארט שוין ניט מעהר דאס לעבען פון אזוי פיעל מענשען. און זשאק האט זיך אליין געמוזט אנבויגען אום מיט'ן שטענגעל צו פארקלאפען דעם בלאז־זאק, או עס זאל, אם ווענינסטען, אזוי ניט ציהען. פלו־צים כאפט איהם דער הייצער ארום אין זיינע הענד, און שטרענגט זיך אן מיט אלע כחות איהם אנידער צו־ווארפען, ארונטערצושליי־דערען ,אויף'ן וועג ארויף.

— אה, הו לומפ !... אט וואס דיר האט זיך פארוואלט !.. דערנאך וועסטו זאגען, אז איך בין אליין ארונטערגעפאלען, דו ביטערער לומפ איינער !

זשאק האט זיך אנגעכאפט ביים קויל־וואגען, און זיי האָ־בען זיך ביידע אויסגעגליטשט און זיי האבען זיך געראנגעלט איי־נער געגען דעם אנדערען אויף דעם קליינינקען אייזערנעם ברי־קעל, וואס האט זיך געוואלדיג געטרייסעלט. ניט ארויסרעדענדיג א ווארט, מיט פארקלעמטע צייהנער, האבען זיי זיך מיט אלע כחות געוואלט איינער דעם אנדערען אראפשטופען אין די שמא־לע עפענונג, וואס איז געווען פארשטעלט בלויז מיט איין איי־זערנע שטאנג. אבער דאס איז ווייט־ווייט ניט געווען אזוי לייכט צו טהון. און דער אבגעלאזטער לאקאמאטיוו פרעסט דעם וועג און ער פליהט ווייטער און ווייטער. שוין אריבער באראנטען, אריין אין דעם טונעל ביי מאלאנעי, און די צוויי ראנגלען זיך נאך, וואלגערען זיך אויף דר'ערד און די קוילען, האקען זיך מיט די קעפ אן די ריפען פון דעם וואסער־קעסעל, אבי ניט אן די רויטע טיהרעל פון דעם אויוועןן, וואס ברענט זיי די פיס יעדען מאל, ווען זיי ריהרען זיך גור צו.

זשאק האט א טראכט געטהון, אז איהם זאל זיך נור איינ־געבען אויפצוהויבען זיך בלויז אויף איין מאמענט, וואלט ער פארמאכט דעם רעגולאטאר, וואלט א רוף געטהון מען זאל איהם העלפען זיך בעפרייען פון דעם ווילדען משוגענעם, וואס ברענט

פון שכרות און איפערזוכט, אבער זשאק איז געווען דער קלע־גערער און דער שוואכערע, און ער פיהלט אז איהם פעהלט דער כח יענעם פון זיך אראפצו־וואַרפען; ער פערלירט די האפ־נונג; ער איז שוין בעזיעגט, די האאר שטעלען זיך איהם קע־פויער פון דעם שרעק, אז ער פאלט. און מיט אן אויסערגע־וועהנליכע אנשטרענגונג האט ער איהם געוואלט א כאפ טהון מיט דער האנד... פעקע האט אבער פארשטאנען, און האט איהם אנגעגריפען און מיט אלע כחות איהם אויפגעהויבען ווי עפיס א קליין קינד.

— אה, ווילסט'ם אבשטעלען... אה, מיינע ווילסטו צונע־מען... כ'וועל דיר ווייזען, גאה, גאה!

און דער לאקאמאטיוו יאגט זיך אלץ און יאגט זיך... ארוים פון דעם טונעל מיט א שרעקליכען גערויש, און פליהט ווייטער איבער די ברייטע שווארצע פעלדער. די סטאנציע מאלאנוי שוין אויך פאראיבער און מיט אזא מורא'דיגען אימפעט, אז דער סטאנציאן־מייסטער אויף דער פאסאזשיר פלאטפארמע האט אפילו ניט בעמערקט די צוויי ראנגלענדע, וואס ווילען איינער דעם אנדערען פארניכטען אויף דעם צו־ווילדעטען שטורם־ווינט, וואס טראגט זיי אוועק.

ענדליך, מיט'ן לעצטען הויב, געלינגט פעקע'ן אראפצו־ווארפען זשאק'ן; אבער דערפיהלענדיג אז ער איז אין דער לופט, אויסער זיך פון שרעק, כאפט איהם זשאק אן פאר'ן האלז, מיטביידע הענד, אזוי שטארק, אז ער שלעפט איהם נאך מיט זיך. צוויי שרעקליכע געשרייען, צוזאמען געמישט אין איינעם, און זיי זיינען באלד ביידע פארלארען. ביידע זיינען די צוויי מענ־שען ארונטערגעפאלען, צוזאמען איינער מיט'ן אנדערען, און ס'האט זיי ביידע, אין דער שנעלקייט פון דעם צוג, אריינגעצוי־גען צווישען די רעדער און זיי צושניטען און צוהאקט, בשעת זיי נעהמען זיך אלץ נאך אזוי שרעקליך ארום און האלזען זיך, ווי צוויי ברידער וואס האבען אזוי לאנג געלעבט צוזאמען...

מ'האט זיי דערנאך געפונען, — אהן קעפ, אהן פיס, צוויי

פארבלוטיגטע קערפער, וואס דריקען זיך איינער דעם אנדערען צום דערשטיקען.

און דער לאקאמאטיוו, פריי פון אירגענד וועלכע מענשליכע האנד, יאגט זיך און יאגט זיך אלץ ווייטער, ענדליך קאן די מאשין, די קאפריזנע, די פארעקשן'טע, זיך אין גאנצען פונאנדערלאזען אין איהר אונאיינגעצוימטע יוגענדליכע ווילדקייט, ווי א צו־ווילדעטער פערד, וואס רייסט זיך ארויס פון די הענד פון דעם קוטשער און פליהט איבער'ן פרייען פעלד. אין הייץ־קעסעל איז געוועזן גענוג וואסער, און די קוילען, וואס זיינען אריינגעפאקט געווארען אין אויווען, האבען זיך ערשט גוט צובערענט: און אין דער ערשטער האלבע שטונדע איז געווארען אלץ מעהר פארע, און ס'איז געווארען א שנעלקייט, א שרעק...

ניט אנדערש, ווי דער הויפט־קאנדוקטאר, טויט־מיעד, איז אניעדערגעפאלען און איז אנשלאפען געווארען. און די סאלדאטען, וואס זיינען פון די שטיקעניש און ענגשאפט נאך מעהר פארשכור'ט געווארען, זיינען מיט א מאל גאר בעגייסטערט געווארען פון אזא משוגענעם פליהען און זיי האבען זיך ערשט גוט צוזינגען אויף'ן קול.

מ'איז פארביי נאך א סטאנציע, מאראם, ווי א דונער.

שוין, אוים פייפעריי, וואס דארף זיך לאזען הערען צו קומענדיג צו די סיגנאל־פייערלאך אדער פארביילויפענדיג א סטאנציע...

פליהט גלייך, פארווערטס, ווי א צו־ווילדעטע חיה, וואס פארדרייסט די מארדע, און טראגט זיך איבער אלע שטערונגען.

און די רעדער יאגען זיך און יאגען זיך אהן אן עק, גלייך ווי דער לאקאמאטיוו שרעקט זיך אליין אלץ מעהר און מעהר פאר דעם הודזשען פון זיין זודיגען אטהעם.

אין רואן דארף מען אננעמען וואסער, דאס בלוט איז ביי יעדען אויף דער סטאנציע פארגליווערט געווארען פון שרעק, אז מ'האט דערזעהען אין א שטורם פון רויך און פלאם פארבייפליהען דעם צוג, א צו־ווילדעטען, אהן א מאשיניסט, אהן א הייצע, מיט די וואגאנעם פאר בהמות, אנגעפאקט מיט סאלדאטען!

וואס שרייען פאטריאטישע לידער. זיי איילען זיך עס צו דער מלחמה, ווי אם שנעלסטען אנצוקומען אהין, צו די ברעגעס פון דעם רהיין. די אנגעשטעלטע האבען געפעפעגט די מיילער, גע־מאכט מיט די הענד. אין א מאמענט האבען אלע גענומען שרייען : — דער צו־ווילדעטער צוג, אבגעלאזט איינער אליין, וועט קיין מאל בשלום ניט איבערפליהען די סטאנציע אין סאט־וויל, וואו דער וועג איז שטענדיג פארנומען מיט מאנעוורירענדע לאקאמאטיוען און איז אנגעשטעלט מיט וואגאנעס און מאשי־נען, ווי אויף יעדען גרויסען דעפא.

מ׳האט זיך א לאז געטהון צום טעלעגראף קלאפען א דעפע־שע, צו וויסען צו געבען : א פראכט־צוג איז אויף׳ן וועג, אפשר קאן מען איהם נאך אבפיהרען אן א זייט.

דערווייל איז דער צו־ווילדעטער שד אוועק, און דער געפיל־דער פון איהם הערט זיך שוין אין דערווייטענס. ער האט זיך אריינגעיאגט אין די צוויי טונעלען, הינטער רואן, און איז אב־געקומען מיט א משוגענע איילעניש, ווי אן איבערנאטירליכע קראפט, וואס קיינער קאן שוין ניט ענטגעגען שטעהען און קאן שוין מעהר ניט אבשטעלען. ער האט א בליץ געטהון פארביי סאטוויל, א זוך געטהון צווישען די אלע שטערונגען, וואס זיינען איהם געווען אין וועג, האט גארניט אנגעריהרט, און איז ווידער אריינגעשפרונגען אין די ווייטע פינסטערניש, וואו דער רעוועו זיינער איז ביסלאכווייז פארזינקען געווארען.

און איצט איז איבער דער גאנצער ליניע געווארען א קלינ־געריי פון די טעלעגראף־אפאראטען... און ביי מענשען האבען די הערצער געקלאפט פון דער ידיעה פון דעם צוג, דעם שד, וואס האט זיך בעוויזען אין רואן און אין סאטוויל. מ׳האט געציטערט פון שרעק : — אן עקספרעס איז אויף׳ן וועג פאראויס, — וועט עס איהם געוויס צערשמעטערען.

אבער דער צוג, דער צו־ווילדעטער קאבאן אין וואלד, פליהט, ווייטער, קוקט ניט אויף די רויטע פייערלאך, הערט ניט די סיג־נאל־טארפעדעס. אין אואסעל שלאגט ער זיך שיער ניט אן אן א לאקאמאטיוו, און אין פאן־דע־ל׳ארש יאגט ער אויף

אלעמען אַן אַ פּחד, — און די שנעלקייט זיינע וויל גאָרניט קלענער ווערען. און ער ווערט ווייטער פאַרשוואונדען און ער פליהט ווייטער און ווייטער, אהין, און מען ווייסט ניט וואוהין, אין דער פינסטערער נאַכט.

ווען מען אַרט דאָס וועגען די אונגליקליכע, וואָס די מאשין צעררייבט אויף'ן וועג! און זי אליין, — יאָגט זי זיך דען ניט צו דער צוקונפט, זיך ווייניג געקימערט וועגען דעם פאַרגאָסענעם בלוט! און אָהן אַ קאָנדוקטאָר, אין דער פינסטערניש, ווי אַ בלינדע, טויבע חיה, צו־ווילדעט אויף טויט, האָט ער זיך געיאָגט, און געיאָגט, דער צוג, פול געפּאַקט מיט קאַנאָנען־פלייש, מיט סאָלדאַטען, בעטויבטע פון מיעדקייט, פאַר'שכור'טע, און זינגענדע.

ע נ ד ע.